# פּ. שוואַרץ

# דאָס איז געווען דער אָנהייב

אַרויסגעגעבן פון
„פאַרלאַג אַרבעטער־רינג"
ביים בילדונגס־קאָמיטעט פון
אַרבעטער־רינג
ניו־יאָרק, נ. י.

דעם אָנדענק פֿון יענע אידישע שרײַבער, וואָס זײַנען אומגעבראַכט געוואָרן אַכזריותדיק דורכן מערדערלעכן שונא; אויסגעגאַנגען ערגעץ איינזאַם אין אַ תּפֿיסה־קאַמער; געפֿאַלן, ווי קעמפֿער, מיט געווער אין האַנט; אַוועק פֿון דער וועלט מיטן אייגענעם ווילן, נישט קענענדיק מער אויסהאַלטן די פּײַן; געשטאָרבן, אויסגעשעפּטע און פֿאַרמאַטערטע אינמיטן וואַנדער־וועג;

דעם אָנדענק פֿון די דאָזיקע אַלע פֿאַרפּײַניקטע און פֿאַרשניטענע אידישע פען־מענטשן, צווישן וועלכע עס געפֿינען זיך סײַ אַזעלכע, צו וועמען איך האָב אַרויפֿגעקוקט מײַן גאַנץ לעבן, ווי צו לערער, פֿירער און וועגווײַזער, און אויך אַזעלכע, מיט וועמען איך האָב מײַן גאַנץ לעבן געקעמפֿט, ווי מיט פּאָליטישע און אידייאישע קעגנער —

זייער אַלעמענס אָנדענק איז געווידמעט דאָס דאָזיקע טרויעריקע בוך.

# אַ וואָרט פֿון מחבר

דאָס בוך, וואָס מיר גיבן איצטער איבער דעם לעזער, איז אַ כראָניק. קיין שום זאַך, וואָס ווערט דאָ דערציילט, איז נישט אויסגעטראַכט, צוגעטראַכט אָדער צוגעפּוצט. עס איז אַ וואָרע כראָניק פֿון מענטשלעכע איבערלעבונגען אין חודש סעפּטעמבער 1939, ווען עס איז אויסגעבראָכן דער איצטיקער וועלט־קריג — אויסגעבראָכן און וויסט־געמאַכט אין משך פֿון עטלעכע וואָכן דאָס לאַנד, וועלכעס איז געווען דאָס ערשטע זיך קעגנצושטעלן היטלערן. אַלץ, וואָס איז געקומען שפּעטער און וואָס דויערט נאָך איצטער סײַ אין פּוילן און סײַ אין דער גאַנצער וועלט, איז אַ רעזולטאַט פֿון יענע טראַגישע 3—5 וואָכן אויף די שלאַכט־פֿעלדער פֿון פּוילן.

דער מחבר פֿון דאָזיקן בוך האָט איבערגעלעבט די ערשטע 5 טעג פֿון איצטיקן קריג אין דער פּוילישער הויפּט־שטאָט — אין וואַרשע. שפּעטער האָט ער זיך אַרומגעשלעפּט וואָכנלאַנג איבער פּוילן — ער און נאָך צענדליקער שרײַבער, וועלכע זײַנען געפֿאָרן צוזאַמען מיט אים אין אַ געמײַנזאַמער קאָמפּאַניע פֿון פּוילישע און אידישע צײַטונגסמענטשן פֿון וואַרשע.

זיי האָבן פֿאַרלאָזן די פּוילישע הויפּט־שטאָט, ווען היטלערס אַרמיי איז צוגעקומען צו אירע מויערן. זיי האָבן געמיינט, אַז דער קריג וועט נאָך לאַנג דויערן אין פּוילן, און אַז זיי וועלן נאָך קענען ברענגען נוצן הינטערן פֿראָנט דורך פֿירן די נויטיקע פּראָפּאַגאַנדע־אַרבעט צווישן דער אַרמיי און צווישן דער ציווילער באַפֿעלקערונג.

די אילוזיע האָט געפּלאַצט אין פֿאַרלויף פֿון געציילטע טעג. וואו געטאָגט נישט געגעכטיקט, געיאָגט דורך היטלערס אומאויפֿהערלעכע באָמבאַרדירונגען, זײַנען די צענדליקער שרײַבער אינגיכן געבליבן ווי שפּענער אויפֿן וואַסער — דער שטראָם האָט זיי געטראָגן איבער די שטורמישע כוואַליעס פֿון קריג און צום סוף זיי פֿאַרוואַנדלט אין היימלאָזע פּליטים מיט אַ צעבראָכענעם נעכטן, פֿינצטערן הײַנט און אומבאַשטימטן מאָרגן.

דאָס בוך איז די געשיכטע פֿון זייער וואַנדערונג. מיט זייערע אויגן האָבן זיי געזען דעם שוידער פֿון קריג אין פֿאַרשידענע געגנטן פֿון פּוילן. אין זייערע איבערלעבונגען שפּיגלט זיך אָפּ דאָס, וואָס עס האָבן דאָן איבערגעלעבט מיליאָנען.

פֿיל פֿון די „העלדן" פֿון דאָזיקן בוך — עס רעדט זיך וועגן די אידישע שרײַבער, וואָס האָבן געוואַנדערט צוזאַמען מיטן מחבר אָדער וועגן וועלכע עס קומט בכלל צו רייד אין דאָזיקן בוך — לעבן שוין נישט. פֿאַר זיי איז די געשיכטע שוין פֿאַרענדיקט. די אַנדערע, וואָס האָבן דורכגעהאַלטן ביז איצטער דעם פּײַנלעכן גלות, זײַנען צעזײַט און צעשפּרייט איבער פֿאַרשידענע לענדער און וועלט-טיילן. אין ליטע, סאָוויעט-רוסלאַנד, פּאַלעסטינע, קאַנאַדע, כינע, ענגלאַנד, פֿאַרייניקטע שטאַטן — אומעטום געפֿינען זיך איצטער אָפּגעבראָכענע צווײַגן פֿון דעם-אָקאָרשט אַזוי פֿונאַנדערגעבליטן בוים פֿון דער אידישער ליטע-ראַטור און זשורנאַליסטיק אין פּוילן. פֿאַר זיי — ווי פֿאַר דער גאַנצער געפּײַניקטער אידישער מאַסע אין אייראָפּע — איז עס נאָך ווײַט פֿונעם סוף.

זאָל דאָס בוך אויפֿגענומען ווערן דורך דעם לעזער נישט אַלס סתם „לעקטור", נאָר אַלס אַ דאָקומענט, ווײַל דאָס איז עס פֿאַקטיש: אַ דאָקומענט, אַ כראָניק.

אַזעלכע דאָקומענטן, אַזעלכע כראָניקעס דאַרפֿן געשריבן ווערן מערער און מערער. דער מחבר מיינט, אַז זײַן בוך איז אין דער דאָזיקער הינזיכט בלויז אַן התחלה.

פּ. שוואַרץ

# פאָרוואָרט

ווען איך האָב געלייענט פּנחס שוואַרצס בוך אין מאַנוסקריפּט, האָט עס אויף מיר געמאַכט אַ טיפֿן איינדרוק. עס איז פֿאַר מיינע אויגן דורכגעגאַנגען די גאַנצע טראַגעדיע פֿון פּוילן, ווען היטלערס חילות האָבן גענומען פֿאַרניכטן דאָס לאַנד.

פּנחס שוואַרצס בוך גיט אונדז אַ בילד — אַ שווער, אַ פּיינ־פֿול בילד — פֿון דעם אָנפֿאַנג פֿון אונדזער פֿאָלקס־טראַגעדיע. פּנחס שוואַרץ גיט דאָס איבער אַזוי בילדלעך, אַזוי צאַפּלדיק, אַז אייך דאַכט זיך, דאָס איר אַליין לעבט עס איצט איבער. אַזוי מאָלן אַזעלכע געשעענישן קען נאָר אַ מענטש, וואָס האָט טאַקע אַלץ אַליין דורכ־געטראָגן, דורכגעלעבט, דורכגעציטערט.

פּנחס שוואַרץ איז איינער פֿון די אָנגעזעענסטע אידישע זשור־נאַליסטן אין פּוילן. ער איז געווען וויצע־פּאָרזיצער פֿון וואַרשעווער אידישן זשורנאַליסטן־פֿאַריין, פּאָליטישער קאָרעספּאָנדענט פֿון דער וואַרשעווער „פֿאָלקסצייטונג”, אַן אַקטיווער טוער פֿון אידישן אַר־בעטער־בונד („בונד”) אין פּוילן. צענדליקער טויזנטער אידישע לעזער האָבן טעגלעך געלייענט זיינע פּאָליטישע אָפּהאַנדלונגען וועגן די פּאַסירונגען אין פּוילישן פּאַרלאַמענט („סיים”). מען האָט אים געקענט אין אַלע שטעט און שטעטלעך פֿון פּוילן אַלס שרייבער, אַלס לעקטאָר, אַלס פּאָליטישן און געזעלשאַפֿטלעכן טוער.

ווען וואַרשע האָט געהאַלטן ביים צוזאַמענברעכן און די פּוילישע רעגירונג און מיליטערישע פֿירער האָבן געהאַפֿט צו שאַפֿן ערגעצוואו אין פּוילן אַ ניַיעם פֿראָנט צו באַפֿעסטיקן זיך קעגן די היטלער־האָרדעס, האָט זי אַרויסגעפֿירט פֿון וואַרשע אַ גרופּע אָנגעזעענע פּוילישע און אידישע זשורנאַליסטן. צווישן זיי איז אויך געווען פּנחס שוואַרץ.

מען איז געפֿאָרן פֿון שטאָט צו שטאָט, פֿון איין עק פּוילן אין צווייטן — אַלץ האָפֿנדיק, אַז מען וועט קענען ערגעצוואו זיך באַ־פֿעסטיקן. אָבער דאָס איז ניט געלונגען. אויף די שווערע בלוטיקע וועגן, אויף וועלכע זיי זיינען געגאַנגען, האָט זיי נאָכגעיאָגט די אַכזריותדיקע האַנט פֿון היטלערן.

דאָס, וואָס זיי האָבן דאַן אַלע איבערגעלעבט, איז אַ גרויסער און וויכטיקער מענטשלעכער דאָקומענט. אָט דעם דאָקומענט גיט

אונדז פנחס שוואַרץ אין זיין בוך. ווען איך האָב עס געלייענט, בין איך געווען פֿאַרכאַפּט פֿון אַלץ וואָס שוואַרץ שילדערט.

דער בילדונגס־קאָמיטעט האָט באַשלאָסן צו העלפֿן שוואַרצן אַרויסגעבן דאָס בוך טאַקע דערפֿאַר, ווייל מיר האָבן געהאַלטן דעם מאַנוסקריפּט פֿאַר אַ וויכטיקן דאָקומענט, וואָס איז ראוי און דאַרף געבראַכט ווערן פֿאַר דער עפֿנטלעכקייט.

מיר רעקאָמענדירן דאָס בוך אונדזערע לייענער און מיר זיינען זיכער, אַז זיי וועלן דאַנקבאַר זיין דעם בילדונגס־קאָמיטעט פֿאַרן דאָזיקן בוך.

ביי דער געלעגנהייט וויל איך האַרציק דאַנקען אונדזער חבר ל. מ. שטיין פֿון שיקאַגאָ, וועלכער האָט אונדז אַ סך געהאָלפֿן, כּדי דער מאַנוסקריפּט זאָל דערזען די ליכטיקע וועלט.

ג. כאַנין

# א פּאַטאַלער טאָג

## 1

### עס איז געווען דער פֿינפֿטער טאָג פֿון קריג

לויטן קאַלענדאַר-בלעטל איז יענעם טאָג געווען דער פֿינפֿטער סעפּטעמבער 1939. אין לעבן פֿון פּוילן איז עס געווען דער פֿינפֿטער טאָג פֿון היטלערס אָנגריף אויף די גרענעצן פֿון דאָזיקן לאַנד.

וואַרשע האָט געלעבט אונטערן שווערן איינדרוק פֿון די ערשטע לופֿט-באָמבאַרדירונגען. די אַטמאָספֿער איז געווען אַ שווערע, אָבער — די שטאָט איז געווען באַהערשט. מיט שפּאַנונג האָט די מיליאָנען-שטאָט זיך צוגעהערט צו די ניַיעסן פֿון פֿראָנט.

מיַין רעדאַקציע אויף נאָוואָליפּיע 7 — די רעדאַקציע פֿון דער „פֿאָלקס-ציַיטונג" אין וואַרשע — האָט יענעם טאָג אָנגעשטרענגט געאַרבעט.

אינדרויסן איז גראָד פֿאָרגעקומען אַ לופֿט-אַלאַרם. די ציווילע בירגער-וואַך האָט געטריבן אַלעמען אין די קעלערן. מיר האָבן פֿונדעסטוועגן נישט איבערגעריסן אונדזער אַרבעט. מיר זיַינען שוין געווען צוגעוואוינט צו די באָמבאַרדירונגען. די ציַיטונגס-אַרבעט האָט וויַיטער געברענט אונטער די הענט.

איינער האָט געשריבן אַן אַרטיקל וועגן מאָביליזירן אַלע כוחות צום קאַמף קעגן היטלערן, אַ צווייטער האָט צוגעגרייט פֿאַר דער ציַיטונג די לעצטע רשימה באָמבאַרדירטע שטעט און ישובים, אַ דריטער האָט איבערזעצט פֿון פּויליש די לעצטע אויסלענדישע דעפּעשן וועגן די ערשטע קריגס-שריט פֿון פֿראַנקריַיך און ענגלאַנד. ווער האָט ציַיט געהאַט אַראָפּצוגיין אין קעלער?

מיטאַמאָל — עס קלינגט דער טעלעפֿאָן.

פֿאָרמעל איז זינט עטלעכע טעג געווען אַ רעגירונגס-פֿאַרבאָט צו באַנוצן דעם טעלעפֿאָן אין דער ציַיט פֿון אַ לופֿט-אָנגריף. אָבער מען האָט זיך דערמיט נישט גערעכנט און מען האָט דאָך טעלעפֿאָנירט.

דאָסמאָל איז געווען בײַם טעלעפֿאָן איינע פֿון די סעקרעטאַר-

שעם פון פּרעזידיום פון מיניסטאָרן־ראַט. זי האָט געמאָלדן דער רעדאַקציע, אַז איינס אַ זייגער קומט פאָר אין בנין פון מיניסטאָרן־ראַט אַ זייער דרינגענדיקע פּרעסע־קאָנפערענץ.

— זייער דרינגענדיק... כ׳בעט אומבאַדינגט קומען...

איך זע, אַזוי ווי עס וואָלט געווען איצט, דאָס פּנים פון ה ע נ ר י ק ע ר ל י ך, דעם פאַקטישן רעדאַקטאָר פון אונדזער צײַטונג, ביים אָפּנעמען די דאָזיקע טעלעפאָנישע מעלדונג. ער קוקט אויף מיר מיט זײַן מילדן שמייכל און זאָגט:

— נו, וואָס, מען דאַרף גיין?!

זינט עטלעכע וואָכן האָט עקזיסטירט ביים פּרעזידיום פון מיניסטאָרן־ראַט אַ שטענדיקע פּרעסע־קוואַרטיר, וועלכע איז באַשטאַנען פון די הויפּט־רעדאַקטאָרן פון אַלע צײַטונגען, אָדער זייערע דעלעגירטע. די דאָזיקע שטענדיקע פּרעסע־קערפּערשאַפט איז געווען אַ פאַרטרוילעכע.

פאָרשטייער פון אויסערן־מיניסטעריום און קריגס־מיניסטעריום פלעגן אויף די דאָזיקע פּרעסע־קאָנפערענצן געבן גענויע אויפקלערונגען וועגן דעם, וואָס עס פלעגט זיך אָפּט באַהאַלטן צווישן די שורות פון די אָפיציעלע קאָמוניקאַטן. דער אָפיציעלער קאָמוניקאַט, למשל, האָט דערציילט, אַז דער ענגלישער אַמבאַסאַדאָר אין בערלין איז הײַנט אויפגענומען געוואָרן דורך היטלערס אויסערן־מיניסטער, און אין אָוונט פלעגט מען אונדז אינפאָרמירן, וואָס די רעגירונג ווייסט וועגן אינהאַלט פון דער דאָזיקער קאָנפערענץ. דאָס זײַנען, פאַרשטייט זיך, געווען פאַרטרוילעכע ידיעות — נישט צום דרוקן. מען האָט עס אונדז דערציילט, כּדי מיר, די צײַטונגען, זאָלן זיך אָריענטירן אין די געשעענישן, און נישט דורכפאַלן מיט געוויסע אייגענע קאָמענטאַרן און באַלויכטונגען אין די אַרטיקלען. גלײַכצײַטיק זיינען די דאָזיקע קאָנפערענצן געווען אַ מין הנחה פון די אייפערזיכטיקע מאַכט־האָבער צו דער עפנטלעכער מײַנונג פון לאַנד און צו די פּאָליטישע פּאַרטייען פון דער אָפּאָזיציע, מיט וועלכע דער רעזשים האָט, ווילנדיק אָדער נישט ווילנדיק, איצט זיך שטאַרק געמוזט רעכענען...

נאָך פאַרן שאַפן פון דער דאָזיקער שטענדיקער פּרעסע־קוואַרטיר, זײַנען אין לויף פון גאַנצן יאָר 1939 פאָרגעקומען נאָרמאַלע קאָנפערענצן איינמאָל וועכנטלעך אין קאָנפערענץ־זאַל פון אויסערן־מיניסטעריום. דער אויסערן־מיניסטער בעק אַליין פלעגט זיך אין זיי באַטייליקן בלויז אין אויסערגעוויינלעכע פאַלן. אָפטער פלעגט צו זיי קומען דער וויצע־מיניסטער גראַף שעמבעק. אַלס שטענדיקער

רעפערענט פֿלעגט אין נאָמען פֿון אויסערן-מיניטעריום אַרויסטרעטן דער שעף פֿון פרעסע-אָפּטייל פֿון אויסערן-מיניסטעריום סקיווסקי, אַ באַקאַנטער פוילישער שריפֿטשטעלער.

נישט אַלע אידישע צײַטונגען זײַנען אין די ערשטע צײַטן אײַנגעלאַדן געוואָרן צו די דאָזיקע פּאַרטרוילעכע קאָנפֿערענצן. וואָס שײַך מײַן רעדאַקציע, האָט דאָס בײַ אונז קײַן שום ספּעציעלע פֿאַרביטערונג נישט אַרויסגערופֿן, ווײַל יענע אָ פּ י צ י ע ל ע פּרעסע-קאָנפערענצן פון אויסערן-מיניסטעריום, צו וועלכן מען האָט אונדז טיילמאָל יאָ אײַנגעלאַדן, פֿלעגן מיר אויך נישט באַזוכן...

און באמת: וואָס האָבן אונדז געקענט אינטערעסירן פּאַרטרוילעכע פרעסע-קאָנפֿערענצן פֿון אויסערן-מיניסטער בעק אין יענעם פּעריאָד, ווען ער איז באַקאַנט געווען אין דער ברייטער וועלט אַלס מוסאָלינים אַרויסהעלפֿער בײַם פֿאַרקנעכטן אַביסיניע אָדער אַלס היטלערס שותּף בײַם צערייבן טשעכיע?

דאָס הייסט: אינטערעסירט האָט עס אונדז יאָ און דווקא שטאַרק, אָבער ווערן שותּפֿים צו דער פֿאַרטרוילעכקייט פֿון די דאָזיקע קאָנפֿערענצן האָבן מיר נישט געהאַט דעם מינדעסטן חשק.

די לאַגע האָט זיך אָבער געביטן אין פֿרילינג 1939, ווען בעק איז אַרויסגערופֿן געוואָרן קיין בערכטעסגאַדן, און היטלער האָט אים דאָרטן געמאָלדן, אַז נאָך טשעכיע און עסטרײַך, קומט איצט די ריי אויף פוילן. היטלער האָט אַרויסגערוקט אַ רייע טעריטאָריעלע פֿאָדערונגען.

אונטערן דרוק פֿון די ברייטע פֿאָלקס-מאַסן, האָט די רעגירונג געמוזט דערקלערן, אַז זי וועט היטלערן נישט נאָכגעבן.

ווי פֿריִער, האָט די אָפּאָזיציע אויך איצט געפֿאָדערט, אַז די האַלב-פֿאַשיסטישע רעגירונג זאָל אָפּטרעטן און צולאָזן צום וואָרט אַ רעגירונג, וואָס זאָל פֿאַרטרעטן די אמתע פֿאַרטיידיקער פֿון לאַנד — די אַרבעטער און פויערים. אָבער בײַ דער נײַער לאַגע, ווען אַ קריג קעגן היטלערן איז געשטאַנען הינטער דער טיר, וואָלט געווען אַן אומזין צו שטיין אין אַ זײַט פֿון די קריגס-צוגרייטונגען קעגן היטלערן, ווילאַנג די אַלטע רעגירונג גיט זיך נישט אָן אין דעמיסיע. נישט שטיצן די באַוואָפֿנונגס-פּאָליטיק פֿון דער רעגירונג וואָלט אין יענעם מאָמענט געהייסן — העלפֿן היטלערן. אַלע אָפּאָזיציאָנעלע לינקע פּאַרטייען, אַפֿילו די קאָמוניסטישע פּאַרטיי, וועלכע איז אין פוילן געווען אַן אומלעגאַלע, האָבן דעריבער אין יענע טעג געשטיצט די קאַמפּאַניע פֿון דער רעגירונג צו פֿאַרשטאַרקן די באַוואָפֿענונג.

בײַ אַזעלכע אומשטענדן האָט שוין מער נישט געגאָלטן די פּריוו־ערדיקע גלײַכגילטיקע באַציאונג צו דעם, וואָס די רעגירונג רעדט אַרום מיט דער פּרעסע אויף אירע פּאַרטרווילעכע פּרעסע־קאָנפֿערענצן, וועלכע האָבן אָנגעהויבן, אַגב, פּאָרקומען אָפּטער (פֿריִער 2 מאָל אַ וואָך און אין די לעצטע טעג פֿון חודש אויגוסט — יעדן אָוונט). דער פֿאַרבאַנד פֿון די אידישע זשורנאַליסטן, וועלכער האָט עקזיסטירט אַלס אַן אויטאָנאָמע סעקציע בײַם אַלגעמיינעם זשורנאַליסטן־סינדיקאַט פֿון גאַנצן לאַנד, האָט אויפֿגעפֿאָדערט די רעגירונג צוצולאָזן צו די דאָזיקע קאָנפֿערענצן אַלע צײַטונגען אָן שום אויסנאַם. ווי אַ רעזולטאַט פֿון דער דאָזיקער אינטערווענץ זײַנען אַלע אידישע צײַטונגען אײַנגעלאַדן געוואָרן צו דעלעגירן זייערע פֿאָרשטייער אין דער דערמאָנטער פּרעסע־קוואַרטיר. איך האָב אָנגעהויבן באַזוכן די אָוונט־אַסיפֿות פֿון דער דאָזיקער פּרעסע־קוואַרטיר אַלס דעלעגאַט פֿון מײַן רעדאַקציע.

אין יענע טעג איז די דאָזיקע פּרעסע־קוואַרטיר באַשטאַנען פֿון אַ הונדערט פֿאָרשטייער פֿון אַלע וואַרשעווער און פּראָווינצער צײַטונגען און צײַטונגס־אַגענטורן. עס איז געווען אַ קריגס־קוואַרטיר אין עכטן זין פֿון וואָרט. די באַריכטן פֿון די פּרעסע־רעפֿערענטן פֿון אויסערן־מיניסטעריום און פֿון גענעראַל־שטאַב פֿלעגן זײַן קורצע און זאַכלעכע. דאָס זעלבע — די פֿראַגן פֿון די פֿאַרזאַמלטע זשורנאַליסטן. די קאָנפֿערענצן פֿלעגן פֿאָרקומען צווישן 8 און 10 אָוונט. דער פּאַלאַץ פֿון מיניסטאָרן־ראַט אויף קראַקעווער פֿאָרשטאָט, צווישן מיצקעוויטש־דענקמאָל און האָטעל „בריסטאָל״, איז אין דער שעה — ווי גאַנץ וואַרשע — געווען אײַנגעהילט אין אַ געדיכטער פֿינצטערניש.

דער בנין, צו וועלכן מען האָט אַמאָל געקענט צוקומען אומגעשטערט, איז יענע טעג געווען אַרומגעשטעלט מיט עטלעכע וואַכן: זעלנער, געהיים־אַגענטן און א פּרײַוויליקע סקויטן־וואַך פֿון אינע־ווייניק. פֿלעגסט אַליין נישט וויסן פֿון וואַנען, ווי עס פֿלעגט אין דער פֿינצטערניש זיך אָפּרופֿן עמעץ איבער דײַן אויער — שטרענג און דראָענדיק:

— וואוהין?

דער גאַנצער פּאַלאַץ מיט זײַנע גוט־מאַסקירטע פֿענצטער, פֿלעגט אויסזען פֿון דרויסן אין יענע אָוונטן ווי אַ שוואַרצער גע־שפּענסט. אָבער אינעווייניק פֿלעגט אין יענע ערשטע קריגס־אָוונטן זײַן נאָך ליכטיקער, ווי אין נאָרמאַלע צײַטן. אינעווייניק פֿלעגט דער מענטש, נאָך דער מצרים־פֿינצטערניש פֿון דרויסן, זיך דערפֿילן הימלעכער און זיכערער. סקויטן פֿלעגן שטרענג קאָנטראָלירן די לעגיטימאַציעס,

וועלכע מען האָט אַרויסגעגעבן אַלע אָנטײַלנעמער פֿון די דאָזיקע קאָנפֿערענצן, און בײַם אַרײַנקומען אין קאָנפֿערענץ-זאַל פֿלעגט מען נאָך מוזן זיך אונטערשרײַבן אײגנהענטיק. וויפֿל געהיים-אַגענטן עס זײַנען געווען פֿונאַנדערגעזעצט צווישן די זשורנאַ-ליסטן, איז מיר שווער געווען צו וויסן, ווײַל איך האָב ווײַט נישט אַלע פֿאַרזאַמלטע געקענט פֿון פֿריִער. אָבער איך האָב גע-וואוסט פֿון פּוילישע קאָלעגן, וועלכע האָבן געקענט די סודות פֿון דאָזיקן בנין, אַז אין זאַל זײַנען געווען פֿונאַנדערגעזעצט פֿיל וואַכ-זאַמע היטער פֿון ציווילן און מיליטערישן זיכערקייט-אַמט. דאָס איז אָגב דאַן געווען אַ נאַטירלעכע זאַך, ווײַל שוין פֿאַרן קריגס-אויס-ברוך האָט זיך אָנגעהויבן פֿאַרמערן אין פּוילן די צאָל טעראָר-אַקטן און דער סאַבאָטאַזש פֿון היטלערס אַגענטן.

דעם פֿאָרזיץ אויף די קאָנפֿערענצן פֿלעגט אין די קריגס-טעג פֿירן דער פּאָפּולערער מאַיאָר לעפּעצקי. יאָרנלאַנג איז ער געווען דער שאָטן פֿון מאַרשאַל פּילסודסקי — זײַן איבערגעגעבנסטער לײַב-אַדיוטאַנט. איצט, זינט עטלעכע חדשים, איז ער געווען שעף פֿון קאַבינעט פֿאַר ספּעציעלע ענינים בײַם מיניסטאָרן-ראַט. אַלס אַזעל-כער פֿלעגט ער טאַקע פֿירן דעם פֿאָרזיץ אויף די דאָזיקע קאָנפֿערענצן.

פֿון אָנגעזעענע פּוילישע זשורנאַליסטן זײַנען דאָ יעדן אָוונט געווען דער שעף פֿון דער רעגירונגס-אַגענטור „איסקראַ" פּאָל-קאָווניק סציעזשינסקי (גלײַכצײַטיקער פֿאָרזיצער פֿון פֿאַרבאַנד פֿון זשורנאַליסטן אין פּוילן), דער סעניאָר פֿון די סיים-זשורנאַליסטן באַזילעווסקי, דער מעסיקער ענדעקישער פּובליציסט און פּאָליטי-קער פּראָפֿעסאָר סטראָנסקי (שפּעטערדיקער פּראָפּאַגאַנדע-מיניסטער פֿון דער פּוילישער גלות-רעגירונג), דער פּיפּיקער וואַטיקאַן-פּובלי-ציסט און פֿירער פֿון דער קאַטוילישער נײַעס-אַגענטור גלח קאַ-טשינסקי (איצט — בילדונגס-מיניסטער פֿון דער פּוילישער גלות-רעגירונג) א. אַ.

פֿון די אידישע זשורנאַליסטן פֿלעגן זיך באַטייליקן אין די דאָזיקע קאָנפֿערענצן ד"ר גאָטליב און בן-ציון כילינאָוויטש פֿון „מאָמענט", נאַטאַן שוואַלבע פֿון דער אידיש-פּוילישער צײַטונג „נאַש פּשעג-לאָנד", משה אינדעלמאַן פֿון ציוניסטישן „הײַנט", ד. פֿלינקער פֿון אָרטאָדאָקסישן „טאָגבלאַט", מענדל מאָזעס פֿון דער אידישער טעלע-גראַפֿן-אַגענטור („איטאַ"), לאַזאַר קאַהאַן פֿון „עקספּרעס", דער שרײַ-בער פֿון די דאָזיקע שורות פֿון דער „פֿאָלקסצײַטונג" און דער פּאָפּולע-רער פּאָליטישער רעפּאָרטער פֿון עטלעכע אידישע און אידיש-פּוילישע צײַטונגען אין וואַרשע און אין דער פּראָווינץ בערנאַרד זינגער.

איצט, הייסט עס, דינסטאָג דעם 5טן סעפּטעמבער, דעם פֿינפֿטן טאָג פֿון קריג, רופֿט מען פּלוצלונג צוזאַמען אין מיטן טאָג און אין מיטן פֿון אַ לופֿט-אַלאַרם די דאָזיקע פּרעסע-קאָנפֿערענץ.

— עס האָט געמוזט געשען עפּעס אויסערגעוויינלעכעס — איז געווען אונדזער אַלעמענס איבערצײַגונג.

אָבער — וואָס? וואָס האָט געקענט געשען?

מיר האָבן געוואוסט אין יענעם מאָמענט, אַז די היטלער-אַרמיי איז אויף אַלע זײַטן אַריבער די פּוילישע גרענעץ און אײַנגענומען אַ ריי שטעט (טשענסטאָכאָוו, גרודזשאָנדז, מלאָווע), אָבער אונדזערע הערצער זײַנען געווען פֿול מיט האָפֿענונג, אַז דער העלדישער ווידער-שטאַנד פֿון גרויסע פּוילישע אַרמיי-טיילן אויפֿן האַלב-אינדזל העל, אויפֿן קליינטשיקן אינדזל וועסטערפּלאַטע בײַ דאַנציג און אין אַ ריי אַנדערע ערטער (בײַ טשעכאַנאָוו אין צפֿון, בײַ שעראַדז אין דער מערב-זײַט) וועט דויערן נאָך עטלעכע טעג און דאַן וועט בעסער ווערן, ווײַל — — — ווײַל עס וועט אונטערקומען דער אָנגריף פֿון פֿראַנקרײַך און ענגלאַנד אויף די מערב-גרענעצן פֿון דײַטשלאַנד...

איך בין אַוועק צו דער קאָנפֿערענץ מיט גרויס נײַגיר און מיט אומרו אין האַרצן. דער אופֿן ווי אַזוי די קאָנפֿערענץ איז גערופֿן געוואָרן איז געווען אַ גענוגנדיקע באַשטעטיקונג, אַז עס האָט געמוזט געשען עפּעס אויסערגעוויינלעכעס — אַזעלכעס, וואָס האָט גע-צוואונגען צו אַלאַרמירן די פּרעסע אין מיטן טאָג, נישט וואַרטנדיק ביז די אָוונט-שעהן, ווען די פּרעסע-קוואַרטיר בײַם מיניסטאָרן-קאַבינעט פֿלעגט אָפּהאַלטן אירע נאָרמאַלע אַסיפֿות.

וואָס זשע אַזוינס איז געשען?

## 2

## די שרעקלעכע נײַעס

עס איז שוין געווען שפּעט. אויב איך וואָלט אַפֿילו געקענט פֿאָרן מיט אַ טראַמווײַ, וואָלט איך אויך געמוזט קומען צו שפּעט.

ווי נאָר איך בין אַרויס אין גאַס, האָבן זיך דערהערט פֿון אַלע זײַטן סיגנאַלן פֿון פֿאַבריק-סירענעס. דער אַלאַרם, הייסט עס, איז אָפּגערופֿן געוואָרן. פֿון אַלע טויערן האָבן זיך אַרויסגעשאָטן טויזנטער מענטשן, וועלכע האָבן צוריק פֿאַרפֿולט די אָקאָרשט-ליידיקע גאַסן. אַ זייער גרויסער טייל פֿון די מענטשן האָט געטראָגן גאַז-מאַסקעס אין אַ ספּעציעלער טאָרבע. די גאַס איז געווען פֿול מיט מענער און

פֿרויען אין האַלב־מיליטערישער קליידונג: מיטגלידער פֿון פֿאַר־שידענע ציווילע הילפֿס־גרופּן אין אַלגעמיינעם קריגס־אַפּאַראַט.

אויף אַלעמענס פּנימער איז געווען צו זען אַ גרויסע זאָרג, אַ גרויסע ערנסטקייט. עס איז נישט געווען קיין פּאַניק. וואַרשע האָט זיך געהאַלטן ווירדיק. אָבער די מענטשן אויף די גאַסן זײַנען געווען עפּעס אַזוי ווי דערדריקט פֿון אַ שווערן אינערלעכן געפֿיל. זיי האָבן אויסגעזען — יעדער באַזונדער און אַלע צוזאַמען — ווי זיי וואָלטן געווען טרויעריק־פֿאַרטראַכט, טרויעריק־פֿאַרקוקט אין עפּעס אַ ווײַטן, ווײַטן פּונקט...

ווען קריגן אַ טעקסי איז אין יענע טעג נישט געווען וואָס צו טראַכטן, ווײַל אַלע אויטאָס זײַנען שוין זינט אַ צען טעג געווען מאָביליזירט פֿאַר קריגס־צוועקן. איך האָב זיך געלאָזן צו דער טראַמוויי־סטאַציע אויף לעשנאָ גאַס.

צום אומגליק האָבן זיך נישט געוויזן קיין טראַמווײַען. צווישן עולם, וואָס האָט געוואַרט צוזאַמען מיט מיר, האָט מען געמאַכט השערות, אַז מסתּמא האָט בעת דער איצטיקער באָמבאַרדירונג עפּעס אַ באָמבע אויפֿגעריסן די רעלסן אויף איינער פֿון די גאַסן, דורך וועלכע עס גייט אונדזער טראַמוויי, דער אין וואַרשע פּאָפּולערער נומער 9.

איך האָב זיך אַוועקגעלאָזן צופֿוס. איך בין ממש געלאָפֿן. די טראָטואַרן אויף ביעלאַנסקע, טעאַטער־פּלאַץ און קראָקעווער פֿאַר־שטאָט זײַנען געווען אַזוי געפּאַקט, אַז איך בין אַראָפּ פֿון טראָטואַר און געלאָפֿן איבערן אַספֿאַלטירטן מיטלסטן טײַל פֿון גאַס.

ווען איך בין אָנגעקומען צום פּאַלאַץ פֿון מיניסטאָרן־ראַט, איז שוין געווען אַרום האַלב נאָך איינס. דער קאָנפֿערענץ־זאַל איז געווען געפּאַקט און עס איז מיר קוים געלונגען צו געפֿינען אַ פּלאַץ בײַ איינעם פֿון די לאַנגע טישן, וואָס זײַנען געווען אויסגעשטעלט לענג־אויס די ווענט.

אויפֿן אָרט, וועלכעס עס פֿלעגט יעדן טאָג פֿאַרנעמען דער שוין דערמאָנטער מאַיאָר לעפּעצקי איז דאָסמאָל געזעסן אַ מענטש, וועלכער איז מיר געווען עפּעס קענטיק פֿון צײַטונגס־פֿאָטאָגראַפֿיעס, אָבער איך האָב בשום־אופֿן זיך נישט געקענט דערמאָנען ווער דאָס איז.

— דאָס איז דער שלעזישער וואָיעוואָדע גראַזשינסקי! — האָט מיר איינער פֿון די פּוילישע זשורנאַליסטן אײַנגערוימט אין אויער אַלס ענטפֿער אויף מײַן פֿראַגע — ער איז אָקאָרשט געקומען קיין וואַרשע. פֿון אויבערשלעזיע האָט אונדזער מיליטער זיך שוין צוריק־געצויגן. ער איז הײַנט נאָמינירט געוואָרן אַלס פּראָפּאַגאַנדע־מיניס־טער (ביז דאַן איז אין פּוילן אַזאַ אַמט נישט געווען).

איך האָב געקוקט אויף דעם נידעריקן, ברייט-פּלייציקן מאַן מיט ענערגישע באַוועגונגען און איך האָב זיך דערמאָנט די נעכטיקע ראַדיאָ-זידלערייען פֿון די היטלעריסטן אויף זײַן אַדרעס: זיי האָבן אים באַשולדיקט אין דער ראַדיאָ, אַז פֿאַרן פֿאַרלאָזן אויבערשלעזיע האָט ער אַראָפּגעטריבן עטלעכע הונדערט אויבערשלעזישע דײַטשן אין אַ קוילנגרובן און זיי דאָרטן פֿאַרטרונקען...

— וואָס איז דער ציל פֿון דער הײַנטיקער קאָנפֿערענץ? — האָב איך שטיל געפֿרעגט מײַן שכן

— ער האָט אין דער קורצער אײַנלײַטונג בלויז געזאָגט, אַז ער האָט אַזוי דרינגנדיק צונויפֿגערופֿן די פּרעסע, ווײַל נאָכן איבער־נעמען זײַן נײַעם אַמט הײַנט פֿרי, האָט ער געוואָלט וואָס־שנעלער זיך שטעלן אין דירעקטער פֿאַרבינדונג מיט אונדז, מיט די צײַטונגס־לײַט.

עס האָט שוין גערעדט נישט גראַזשינסקי, נאָר דער שטענדי־קער אינפֿאָרמאַטאָר פֿון גענעראַל־שטאַב פּאָלקאָווניק אומיאַסטאָווסקי. ער האָט גערעדט וועגן טאָג־טעגלעכע קלייניקייטן: כאַראַקטערים־טישע אָבסערוואַציעס פֿון קריגס־אָפּיצירן, אייניצלהייטן פֿון אַ גע־שפּרעך מיט געפֿאַנגענע היטלערישע פֿליִער א. אַ. וו.

מיטאַמאָל האָט ער גענומען מאַכן פֿאָרוואורפֿן דער פּרעסע, פֿאַרוואָס זי האָט די פֿאַרגאַנגענע טעג נישט באַוויזן איבערצו־צײַגן די באַפֿעלקערונג ווי וויכטיק עס איז געוועזן תּיכּף אַדורכצופֿירן אַ מאַסן־עוואַקואַציע פֿון פֿרויען און קינדער קיין טיף־פּוילן, צו דער סאָוועטישער גרענעץ...

און פּלוצלונג — ווי עס וואָלט אים עפּעס גענומען שטיקן — האָט ער אַרויסגעכראַפּעט: שווער, הייזעריקלעך, פֿאַרשטיקט, ווי די ווערטער וואָלטן זיך דורכגעשטויסן דורך זײַן האַלדז קעגן זײַן ווילן:

— ...און איצט איז שוין צו שפּעט! ...איצטער מוז מען, פֿאַר־קערט, וואַרפֿן אַ צווייטן לאָזונג: זיצן אינדערהיים, נישט פֿאַרנעמען די שאָסייען...

בײַ די טישן איז געוואָרן טויט־שטיל. איינער האָט געהערט דעם אָטעם פֿונעם צווייטן. אַלע האָבן געפֿילט, אַז אויף די ליפּן פֿון פּאָל־קאָווניק אומיאַסטאָווסקי הענגט אַ שרעקלעכע ידיעה, אַ שוואַרצע בשורה...

און ווירקלעך — באַלד איז זי געקומען.

ווי וועלנדיק אַראָפּוואַרפֿן פֿון זיך עפּעס אַ שרעקלעכע לאַסט, האָט פּאָלקאָווניק אומיאַסטאָווסקי עס אַרויסגערעדט אַזוי שטיל, ווי ער וואָלט געוועזן אויסערגעוויינלעך פֿאַרמאַטערט. אָבער זײַנע

שטילע ווערטער זײַנען געפֿאַלן, ווי די שאַרף פֿון אַ שפּיציקן חלף, וואָס טרעפֿט גלײַך אין האַרצן אַרײַן.

— מעגלעך — האָט ער קוים אַרויסגערעדט, האַלטנדיק די אויגן אײַנגעגראָבן אין גרינעם טישטוך — מעגלעך... מעגלעך... אַז עס וועט אונדז אויסקומען אינגיכן אָפּצוגעבן די הויפּט־שטאָט צום שונא...

איבער די טישן האָט זיך פֿאַרבײַגעטראָגן אַ מין קאָלעקטיווער קרעכץ, אַ שטילער רוף פֿון פֿאַרבלוטיקטע הערצער:

— אָ־אָ־אָ־אָ־אָ־!

פּאָלקאָווניק אומיאַסטאָווסקי האָט אַ ווײַלע געשוויגן. מענטשן זײַנען געזעסן מיט אַראָפּגעלאָזענע אויגן און זיך געשעמט זיי אויפֿצוהויבן. אויסערן אומגליק, וואָס עס האָט געבראַכט מיט זיך די דאַזיקע ידיעה, האָט זי געהאַט אין זיך עפּעס חרפּהדיקעס: אָפּגעבן די הויפּט־שטאָט? סך־הכל דעם פֿינפֿטן טאָג פֿון קריג? אָט אַזוי — פּראָסט־פּשוט אָפּגעבן און גאָרנישט?

פֿון אַלע זײַטן האָבן זיך מיטאַמאָל אַ שאָט געטאָן פֿראַגן. ווערטער, ווי הייסע פֿײַלן, האָבן זיך אַ ריס געטאָן צום אויבנאָן:

— ווי אַזוי קען עס האָבן דערגאַנגען דערצו?...

— וואָס איז אײַגנטלעך געשען?...

— אַזוי שלעכט האַלטן מיר שוין?...

גראַזשינסקי איז געזעסן אײַנגעבויגן איבערן טיש, אַז מען האָט אינגאַנצן נישט געזען זײַן פּנים. פּאָלקאָווניק אומיאַסטאָווסקי האָט זיך גענומען באַהערשן. ער האָט גענומען רעדן שנעל, שנעל. ער האָט געפּרוווט אויסנוצן זײַן גאַנצע רעדנער־קונסט און זײַן גאַנצן קריגס־וויסן אויף צו פֿאַרקלענערן דעם אײַנדרוק פֿון זײַנע אייגענע פֿריִערדיקע ווערטער.

— איר דאַרפֿט, מײַנע הערן, נישט פֿאַרגעסן — האָט ער אונדז אָנגעהויבן אײַנוויגן — אַז צוליב סטראַטעגישע טעמים איז אין אַ קריג אַלץ מעגלעך... ווייניק פֿאַלן געווען אין דער געשיכטע, ווען מען האָט אָפּגעגעבן דעם שונא די הויפּט־שטאָט אָן אַ שלאַכט, כדי זי שפּעטער צוריקצונעמען אַ נישט־צעשטערטע?... וויפֿל האָט דען געפֿעלט אין פֿריִערדיקן וועלט־קריג, אַז די דײַטשן זאָלן פֿאַרנעמען פּאַריז?... און מאַרשאַל פּילסודסקי האָט דען אין יאָר 1920 נישט געהאַלטן בײַם אָפּגעבן די באָלשעוויקעס וואַרשע, נישט ווענדיק, אַז די שלאַכטן זאָלן פֿאַרניכטן די הויפּטשטאָט?... מען דאַרף אויך איצטער זײַן צוגעגרייט צו אַזאַ געשעעניש... די פּרעסע דאַרף צוגרייטן צו דעם די באַפֿעלקערונג... מען דאַרף עס איר ווי

געהעריק אויסטײַטשן... די באַפֿעלקערונג דאַרף ווערן אויפֿגע־קלערט, אַז אָפּגעבן אַ הויפּט־שטאָט, הייסט נאָך ווײַט נישט, פֿאַר־שפּילן דעם קריג...

ווי דער רעדנער האָט נישט געמאכט אינערלעכע באַמיאונגען צו רעדן געלאַסן, איז עס אים נישט געלונגען. ער האָט זיך געשטיקט מיט די זאַצן. עס פֿלעגט אים אויספֿעלן אָטעם צום פֿאַרענדיקן אַ זאַץ...

— אַוודאי — האָט ער פֿאַרטגעזעצט — איז די לאַגע זייער און זייער ערנסט .. מיר פֿירן אַ פֿאַרביסענעם קריג און מיר זײַנען נישט אַליין אין דאָזיקן קריג... דער שונא האָט אונדז געוואָלט באַ־הערשן פֿון אינעווייניק; דער שונא האָט אונדז געוואָלט דעמאָראַ־ליזירן, צעווערעמען פֿון אינעווייניק... ער האָט געמיינט, אַז ער וועט אונדז צעמישן און דעזאָרגאַניזירן, אַרײַנטריפֿנדיק אין אונדזער מלוכה־אָרגאַניזם אַנטיסעמיטישן סם, וואָס דעמאָראַליזירט און ציט אָפּ די אויפֿמערקזאַמקייט אין אַן אַנדער ריכטונג... דאָס איז געווען אַ דיווערסיע קעגן אונדזער מלוכה, אָבער דאָס איז אים נישט גע־לונגען. מיט צופֿרידנקייט שטעלן מיר פֿעסט, אַז מיר האָבן באַצײַטנס זיך אָקעגנגעשטעלט דעם דאָזיקן שווינדל... שפּעטער האָט אונדז היטלער אָנגעוואָרפֿן אַ נערוון־קריג, וואָס האָט אויך געדויערט וואָכן און חדשים. מען האָט אונדז געוואָלט אויסשעפּן מיט דראָונגען. אָבער אויך דאָס האָט נישט געהאָלפֿן. איצט פּרוּווט היטלער זײַן מזל דורך אַ בלוטיקן בליץ־קריג. ער וואַרפֿט אַלע זײַנע כּוחות אויף אונדזער הויפּט־שטאָט, מיינענדיק אונדז אַזוי־אַרום צו צעברעכן און צו גע־ווינען דעם קריג... אָבער ער וועט נישט געווינען... עס איז נאָך נישט די לעצטע שלאַכט...

און אַזוי, אין גאַנג פֿון דער דאָזיקער פֿײַנלעכער רעדע, האָט דער פּאָלקאָווניק ענדלעך אָפּגעדעקט די געהיימנים, אַז די לעצטע נאַכט האָט זיך אײַנגעבראָכן דער פּוילישער פֿראָנט אויף עטלעכע ווידער־שטאַנד־פּונקטן: ביַי טשעכאַנאָוו־ראַזשאַן פֿון איין זײַט און אין דער געגנט פֿון שעראַדז־פּיעטרקאָוו־טאָמאַשאָוו פֿון דער צווייטער זײַט...

—...איצט גייען זיי דורך עטלעכע וועגן, וועלנדיק נעמען די הויפּט־שטאָט פֿון צוויי זײַטן — פֿון טשעכאַנאָוו גייען זיי דורך פּול־טוסק קיין מאָדלין און פֿון פּיעטרקאָוו־טאָמאַשאָוו שאַרן זיי זיך צו דער הויפּט־שטאָט דורך לאָדזש...

דער קאָפּ האָט מער נישט געקענט פֿאַר'נעמען די דאָזיקע אַלע איוב־בשורות! איין געדאַנק האָט באַהערשט דאָס האַרץ און דעם מוח: די דייטשן דערנענטערן זיך צו וואַרשע!...

פּאָלקאָווניק אומיאַסטאָווסקי האָט נישט געשטעלט דעם פּינטל אונטער די ווערטער. ער האָט נישט דערקלערט, אַז עס איז אַ פראַגע פון טעג, אָדער פון שעהן. אָבער פון זײַנע ווערטער איז געווען לײַכט זיך אַליין אָנצושטויסן, אַז עס איז אַ זאַך פון די נאָענטע טעג. אַגב, האָט מען בײַ די טישן גענומען פלוצלונג מורמלען, אַז עמעץ האָט געזען, ווי מען עוואַקואירט איצטער — איצטער, אַזוי ווי מיר זיצן דאָ! — דאָס פינאַנץ-מיניסטעריום.

די רעדע פון פּאָלקאָווניק אומיאַסטאָווסקי האָט אַנטהאַלטן אַזוי-פיל דראַמאַטישן שטאָף, אַז זי האָט ממש אויפגעריסן, ווי אַ פּולווער-פאַס. שוין זײַן דערקלערונג וועגן אַנטיסעמיטיזם איז געווען אַזוי סענסאַציאָנעל, אַז אין נאָרמאַלע צײַטן וואָלט דאָס געווען אין פּוילן אַ פּאָליטישע געשעעניש פון ערשטן ראַנג. נאָך די לעצטע יאָרן פון פאַרביסענעם רעגירונגס-אַנטיסעמיטיזם, זײַנען זײַנע רייד וועגן דער מיאוסער ראָל פון אַנטיסעמיטיזם געווען באמת אַ סיורפּריז. פאַראור-טיילנדיק דעם אַנטיסעמיטיזם אַלס היטלערס אַ דיווערסיע קעגן פּוילן, האָט פּאָלקאָווניק אומיאַסטאָווסקי געוואָלט פאַרשרײַען זײַן אייגן געוויסן, ווײַל ער האָט גוט געוואוסט, אַז זײַן דערקלערונג איז פאַקטיש אַ שווערער באַשולדיקונגס-אַקט קעגן רעזשים און אַפילו קעגן גענע-ראַל-שטאַב, וועלכע האָבן ווײַט נישט צו דער ריכטיקער צײַט זיך אַקעגנגעשטעלט דער אַנטיסעמיטישער דיווערסיע. פאַרקערט: ביז הארט פאַרן קריג האָבן זיי אַליין זיך באַטייליקט אין דער העצע — די רעגירונג און אויך דער גענעראַל-שטאַב.

ווי שווער עס איז געווען די שטימונג אין זאַל צוליב די איוב-בשורות פון פראָנט, זײַנען די ווערטער פון פאָרשטייער פון גענעראַל-שטאַב וועגן אַנטיסעמיטיזם דאָך נישט אַריבער אָן אַ שטאַרקן אײַנ-דרוק אויף די פאַרזאַמלטע. הונדערטע פּאָר אויגן האָבן געקוקט אויף די אידישע זשורנאַליסטן, וואָס זײַנען געווען פאַרזאַמלט אין זאַל: מען האָט געוואָלט וויסן וואָסער אײַנדרוק עס האָט געמאַכט אויף אונדז די דאָזיקע דערקלערונג וועגן אַנטיסעמיטיזם.

אָבער דער דאָזיקער טייל פון פּאָלקאָווניק אומיאַסטאָווסקיס רעדע האָט פונדעסטוועגן צוגעשמידט צו זיך אַלעמענס אויפמערק-זאַמקייט נאָר אויף איין אויגנבליק. די זשורנאַליסטן האָבן גענומען שטעלן פראַגן וועגן דעם, צי די רעדאַקציעס דאַרפן זיך עוואַקואירן, און ווי אַזוי דאָס דאַרף געמאַכט ווערן.

אויף די דאָזיקע פראַגן האָט פּאָלקאָווניק אומיאַסטאָווסקי גע-ענטפערט מער ווייניקער אַזוי:

—איך האָב אײַך געזאָגט דאָס אַלץ נישט נאָר צוליב דעם, כּדי איר זאָלט קענען צוגרייטן די באַפעלקערונג צו יעדער געשעעניש,

נאָר אויך צוליב דעם, כּדי איר זאָלט קענען צוגרייטן זיך אַליין. די פּרעסע שפּילט היינט אַן אומגעהייערע ראָל און איר אויפגאַבע אין לאַנד וועט זיין זייער גרויס. די פּרעסע מוז זיך תּיכּף איינטיילן אין צוויי דיוויזיעס: איין טייל פון יעדער רעדאַקציע דאַרף בלייבן אין וואַרשע און דאָ אַרויסגעבן די צייטונג ביז דער לעצטער מינוט, און אַ צווייטער טייל דאַרף באַצייטנס זיך עוואַקוּאירן טיף אין לאַנד אַריין, כּדי דאָרטן אויפצובויען אַ נייע רעדאַקציע צום אַרויסגעבן די צייטונג, ווען וואַרשע וועט פאַלן...

ווען מען האָט גענומען שטעלן פראַגן וויפל וואַגאָנעס די רעגי־רונג קען שטעלן צו דער דיספּאָזיציע פון די צייטונגען, כּדי זיי צו קענען עוואַקוּאירן צוזאַמען מיט די מאַשינען, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז נישט פּאָלקאָווניק אומיאַסטאָווסקי און נישט דער נייער פּראָ־פּאַגאַנדע־מיניסטער זיינען גרייט צו ענטפערן אויף דער פראַגע. עס האָט זיך אַפילו אַרויסגעוויזן, אַז זיי האָבן נישט קיין געוויסע פאָר־שטעלונג וועגן דעם וויפל פּלאַץ עס דאַרף פאַרנעמען אַ ראָטאַציע־מאַשין...

— אַזש צוויי וואַגאָנעס פאַר איין ראָטאַציע־מאַשין? — האָבן זיי געצויגן מיט די אַקסלען — וואָלט מען דאָך געדאַרפט האָבן נישט איין באַן, נאָר עטלעכע באַנען!

אַלע האָבן גערעדט צוזאַמען און צום סוף האָט איינער פון די צוויי רעגירונגס־פאָרשטייער געזאָגט (איך געדענק נישט וועלכער פון זיי ביידן):

— וועגן אַזאַ גרויסער צאָל וואַגאָנעס קען איצט קיין רייד נישט זיין! איך האָב נישט בדעה עמעצן עפּעס אָנצוואָרפן, אָדער עמעצן עפּעס אַרויפצווינגען; אָבער איך מיין, אַז ווען אין קאָן שטייט עפּעס מער ווי די אינטערעסן פון די באַזונדערע פּאַרטייען אָדער רעדאַקציעס, וואָלט געווען ריכטיק, ווען רעדאַקציעס, וואָס זיינען נאָענט צו זיך אידעאיש, זאָלן זיך צייטווייליק פאַרבינדן און אַרויס־פאָרן מיט אַ בשותּפותדיקער מאַשין און אַרויסגעבן אַ בשותּפות־דיקע צייטונג אין הינטערלאַנד. איינס איז קלאָר: אַז מיר וועלן פאַר אַלעמען נישט געפינען גענוג וואַגאָנעס...

די אונטערשטע שורה איז געווען:

— זאָלן די רעדאַקציעס מיט אונדז זיך פאַרשטענדיקן פאַרנאַכט, ווען מיר וועלן שוין וויסן עפּעס גענויערס... אין אַזאַ גרויסן קריזיס איז זיכער אוממעגלעך אַרומצורעדן אַזעלכע פּרטים...

דאָס איז געווען אַ קאַפּוליער אָנצוהערעניש, אַז די צייטונגען, וואָס האָבן נישט קיין „ברייטע פּלייצעס" אין די רעגירונגס־קאַנ־

צעלאַריעס וועלן נישט אַזוי לײַכט באַזאָרגט ווערן דורך דער רעגי־רונג מיט באַן־וואַגאָנעס.

— וואוהין וועלן מיר דאַרפֿן פֿאָרן? — האָט עמעץ געפֿרעגט.

— איך מיין — האָט געענטפֿערט פּאָלקאָווניק אומיאַסטאָווסקי, און פֿון זײַן ענטפֿער איז געווען קלאָר, אַז אייגנטלעך ווייסט ער נישט וואָס צו ענטפֿערן — איך מיין, אַז איר דאַרפֿט אײַנאָרדענען אײַערע רעדאַקציעס אין לובלין, קאָוועל אָדער לעמבערג...

— און פֿון וואַנען וועלן מיר וויסן ווען אַרויסצופֿאָרן? — האָט ווידער עמעץ געפֿרעגט.

— איר וועט גיין צוזאַמען מיט דער אַרמיי — איז געקומען אַ גענוג מטושטשער ענטפֿער — אַלע מיליטער־פּעאיקע מענער וועלן אַרויס צוזאַמען מיט דער אַרמיי... פֿריער וועט גיין די אַרמיי, שפּעטער וועט גיין די פּאָליציי, און איר, צוזאַמען מיט אַלע דערוואַקסענע מענער, וועט גיין די לעצטע...

און צו דעם איז געקומען אַ קאָמענטאַר:

— דאָס באַציט זיך צו יענע טיילן פֿון די רעדאַקציעס, וואָס וועלן בלײַבן אין וואַרשע, כּדי דאָ אַרויסצוגעבן די צײַטונג ביז דער לעצטער מינוט... פֿאָרן אַרויסגיין וועט מען אָבער דאַרפֿן געדענקען צו צע־שרויפֿן די געבליבענע צײַטונגס־מאַשינען אַזוי גרינטלעך, אַז דער שונא זאָל זיך מיט זיי נישט קענען שפּעטער באַנוצן...

עס איז געווען אַ מאָמענט, ווען עמעץ האָט דערמאָנט אַזאַ „פּרט", אַז דאָס פֿונאַנדערנעמען ראָטאַציע־מאַשינען, כּדי זיי צו קאָנען אַרויס־פֿירן פֿון וואַרשע, דאַרף דויערן עטלעכע טעג. די רעגירונגס־פֿאָר־שטייער האָבן זיך פֿיל־באַדײַטנדיק איבערגעקוקט און דער פּאָל־קאָווניק האָט געזאָגט:

— אויב אַזוי, בין איך מסופּק, צי מיר וועלן בכלל באַווײַזן...

צום סוף איז געבליבן, אַז די רעדאַקציעס זאָלן פֿאַרנאַכט זיך פֿאַרשטענדיקן מיט דער רעגירונג, כּדי אַלץ ענדגילטיק פֿעסטצו־שטעלן.

עמעץ האָט זיך אומגעקערט צו דער פֿראַגע וועגן די זשורנאַ־ליסטן, וואָס דאַרפֿן בלײַבן אין וואַרשע ביז דער לעצטער מינוט:

— צי קען זיך נישט אַרויסווײַזן שפּעטער, אַז עס וועט זײַן צו שפּעט? צי קען מען זיי איבערלאָזן ביז דער לעצטער מינוט?

— ציווילע דאַרפֿן גיין נאָכן מיליטער און פּאָליציי, כּדי נישט צו פֿאַרשפּאָרן דעם וועג! — איז געווען דער ענטפֿער — זיי וועלן גיין און זיך אָפּשיסן פֿון די נאָכקומענדיקע היטלעריסטן...

— יאָ — האָט געענטפֿערט סאַרקאַסטיש דער סאָציאַליסטישער זשורנאַליסט נאָוואַקאָווסקי — אָבער מיט הוילע הענט קען מען זיך נישט „אָפּשיסן"...

— אין דער ריכטיקער צײַט, וועט איר באַקומען געווער! — האָט אים דער פּאָלקאָווניק אָפּגעענטפֿערט אָן אינערלעכער איבערצײַגונג...

מען האָט גענומען שאַרן מיט די שטולן און טופּן מיט די פֿיס. עמעצער, אַ פּיפּיקער זשורנאַליסט, האָט כיטרע אַ פֿרעג געטאָן דעם פּראָפּאַגאַנדע־מיניסטער:

— צי וועט איר, הער מיניסטער, ווײַטער שטיין מיט אונדז אין באַרירונג?

מיניסטער גראַזשינסקי האָט פֿאַרשטאַנען דעם זין פֿון דער פֿראַגע און ער האָט געענטפֿערט אויסמײַדנדיק:

— איך — האָט ער געזאָגט — וואָלט עס זייער געוואָלט, אָבער דאָס איז אָפּהענגיק נישט נאָר פֿון מיר, נאָר פֿון די רעגירונגס־באַשלוסן...

עס איז נישט געווען וואָס מער צו פֿרעגן. עס איז געווען קלאָר: די רעגירונג האָט, זעט אויס, אַ באַשלוס תּיכּף צו פֿאַרלאָזן וואַרשע!...

# 3

## שעהן, וואָס ברעכן איבער דאָס מענטשלעכע לעבן

אינדרויסן, אין גאַס, האָט זיך גאָרנישט נישט געביטן. אָבער מיר האָט זיך כּסדר אויסגעוויזן — ווי נאָר איך בין אַרויסגעקומען אויף קראָקעווער פֿאָרשטאָט — אַז אַלע אַרום קוקן אויף מיר מיט פֿאַרדאַכט, און אַז אַלעמענס אויגן שפּיזן מיך דורך, ווי זיי וואָלטן געוועז זאָגן:

— זאָג אויס!... זאָג אויס!... זאָג וואָס דו ווייסט.

עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז די זון שײַנט איצט נישט אַזוי ווי פֿריִער, און אַז די לופֿט איז אָנגעפֿילט מיט עפּעס אַ שרעקלעכן ציטער...

אָבער פֿאַקטיש, ווי געזאָגט, האָט די שטאָט פֿאַר דער צײַט לחלוטין זיך נישט געביטן. דאָס האָט בלויז אומרואיק געקלאַפּט מײַן אייגן האַרץ. דאָס האָט זיך מיר בלויז אויסגעוויזן, אַז די זון האָט אויפֿגעהערט צו שײַנען.

די אידישע זשורנאַליסטן, וואָס האָבן זיך באַטייליקט אין דער טרויעריקער פּרעסע־אַסיפה, האָבן פאַרן אַרויסגיין אין גאַס אָפּגעהאַלטן אין ווינקל פון קאָנפערענץ־זאַל אַ שנעלע באַראַטונג. מיר האָבן באַשלאָסן תיכף צוזאַמענצורופן די פאַרוואַלטונג פון דער אידישער זשורנאַליסטן־אָרגאַניזאַציע, כדי צו אָרגאַניזירן די עוואַקו־אַציע פון דער אידישער פּרעסע.

מיר האָבן באַלד אויפן אָרט זיך צעטיילט מיט די ראָלן. דער פאַר־זיצער פון זשורנאַליסטן־סינדיקאַט משה אינדעלמאַן און איך האָבן גענומען זיך צו שאַפן די נויטיקע געלט־מיטלען. בערנאַרד זינגער, דער שטענדיקער פאָרשטייער פון די אידישע זשורנאַליסטן אין אַלגעמיינעם (פּוילישן) זשורנאַליסטן־פאַרבאַנד, האָט געזאָלט שטיין אין פאַרבינדונג מיט דער פאַרוואַלטונג פון דאָזיקן פאַרבאַנד, כדי מיר זאָלן זיין אינפאָרמירט וועגן אַלעם, וואָס די פּוילישע זשורנאַליסטן גרייטן זיך צו טאָן.

מען האָט געמוזט האַנדלען שנעל, איך מיט אינדעלמאַנען זיינען אַוועק אין לאָקאַל פון „דזשאָינט", כדי דאָרט אַרויסצובאַקומען אַ גרעסערע סומע געלט אויפן חשבון פון אונדזערע אייגענע צוואַנציק טויזנט זלאָטים, וואָס מיר האָבן געהאַט ליגן אין שערעשעווסקים באַקאַנטע וואַרשעווער באַנק. אויפן וועג איז אַנטשטאַנען ביי אונדז אַ פּלאַן צו שאַפן עטלעכע לאַסט־אויטאָס, כדי מיט זיי צו עוואַקו־אירן אונדזערע דרוק־מאַשינען — אַלע אָדער אַ טייל.

אין ביוראָ פון „דזשאָינט" אויף יאַסנע גאַס האָט מען פון גאָר־נישט נישט געוואוסט. באַאַמטע זיינען רואיק געזעסן ביי דער אַרבעט. עטלעכע פערזאָן האָבן זיך געפּאָרעט ביי די פענצטער. זיי האָבן פאַר־האַנגען די פענצטער מיט דיקע בויגנס שוואַרצן פּאַפּיר, וואָס זאָל אין די אָוונטן נישט אַדורכלאָזן אינדרויסן אַרויס דאָס עלעקטרישע ליכט.

— דאָס ביז־איצטיקע פּאַפּיר — האָבן זיי אונדז אויסגעטייטשט — האָט דורכגעלאָזן דאָס ליכט און ווער ווייס ווי לאַנג עס וועט אַזוי דויערן...

די דירעקטאָרן פון „דזשאָינט" זיינען גראָד געווען אין שטאָט. די באַאַמטע האָבן זיי טעלעפאָניש אויפגעזוכט. פון אונדזער האַלטונג און טאָן האָבן אַלע פאַרשטאַנען, אַז מיר קומען מיט עפּעס אויסער־געוויינלעכעס. די „דזשאָינט"־דירעקטאָרן האָבן צוגעזאָגט צו קומען וואָס שנעלער. מיר האָבן אויסגענוצט די צייט און זיך פאַרבונדן מיט דער קאַנצעלאַריע פון זשורנאַליסטן־סינדיקאַט, וואו עס האָבן אַמטירט ביידע סעקרעטאַרן אונדזערע: אלחנן צייטלין און בער י. ראָזען — צוויי באַקאַנטע וואַרשעווער זשורנאַליסטן.

מיר האָבן זיי געבעטן צוזאַמענצורופֿן אַ דרינגנדיקע זיצונג פֿון דער פֿאַרוואַלטונג אויף 4-5 פֿאַרנאַכט און גלייַכצייַטיק צו מאַכן באַמיאונגען אַרויסצובאַקומען פֿון באַנק אונדזער געלט.

— איך ווייסט דאָך, אַז דאָס איז אַן אומזיסטע טרחה — האָט אונדז געזאָגט ראָזען דורכן טעלעפֿאָן — די בענק האָבן דאָך די טעג באַקומען אַ פֿאַרבאָט אַרויסצוגעבן גרעסערע סומעס געלט!

— מען דאַרף מאַכן אַ פּרואוו!...

איך האָב זיך אויך פֿאַרבונדן מיט מייַן רעדאַקציע. בייַם טעלעפֿאָן איז געווען העניק ערליך.

— רופֿט אויף שנעל אַ זיצונג פֿון צ.ק. פֿון דער פּאַרטיי — האָב איך אים פֿאָרגעשלאָגן דורכן טעלעפֿאָן — איך האָב זייער וויכטיקע אינפֿאָרמאַציעס פֿון דעם מין, וואָס קענען נישט אָפּגעלייגט ווערן אויף קיין איין מינוט.

איך בין געווען ביז גאָר דערשטוינט, ווען עס האָט אין אַ צען מינוט אַרום זיך באַוויזן אין טיר פֿון דער „דזשאָינט"-קאַנצעלאַריע מייַן ברודער, וועלכער איז געווען אין וואַרשע סעקרעטאַר פֿון דער בונדישער אָרגאַניזאַציע „קולטור-ליגע". ווען איך האָב אים דערזען, האָב איך געמיינט, אַז ער איז געווען גראָד אין רעדאַקציע, ווען איך האָב טעלעפֿאָניש גערעדט מיט ערליכן, און ער האָט דעריבער באַשלאָסן אַרויפֿצוגיין צו מיר אין „דזשאָינט", כּדי זיך בייַ מיר צו דערוויסן עפּעס גענויערס.

אָבער עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מייַן ברודער איז דאָ אַרויפֿגעקומען גאַנץ צופֿעליק, נישט ווייסנדיק וועגן גאָרנישט: ער האָט, פּשוט, געהאַט עפּעס אַן ענין צו איינעם פֿון די „דזשאָינט"-דירעקטאָרן.

איך האָב אים אַרייַנגענומען אין אַ זייַטיקן צימער און אים קורץ איבערגעגעבן די טרויעריקע נייַעס. איך האָב געוואוסט, אַז ער האָט אַ מעגלעכקייט צו שאַפֿן אַן אויטאָמאָביל, און איך האָב אים פֿאָרגעשלאָגן, ער זאָל אַוועק אין שטאָט עס טאַקע באַזאָרגן, כּדי אַרויסצופֿירן פֿון שטאָט אונדזערע פֿאַמיליעס: אונדזערע ביידנס פֿרויען און מייַן זון. אויף די איבערגעבליבענע פּלעצער האָבן מיר גערעכנט מיטצונעמען עטלעכע עלטערע פּאַרטיי-חברים.

צוליב דעם, וואָס איך בין געווען פֿאַרהאַוועט מיטן אָרגאַניזירן די ענינים פֿון זשורנאַליסטן-פֿאַראיין, האָב איך געבעטן דעם ברודער ער זאָל אָנזאָגן מייַן פֿרוי, אַז זי דאַרף „זיך גרייטן אין וועג אַרייַן"...

דערווייל זייַנען אָנגעקומען די „דזשאָינט"-דירעקטאָרן. אויך זיי האָבן וועגן גאָרנישט נישט געוואוסט: אונדזער ידיעה האָט געמאַכט

אויף זיי אַזאַ אײַנדרוק, אַז עס איז שפּעטער שווער געווען מיט זיי צו רעדן.

מיר האָבן געפּאָדערט 20 טויזנט זלאָטים — אַזױפיל װיפל מיר האָבן געהאַט ליגן אין באַנק. צעמישטע, דענערווירטע, האָבן זיי אונדז צוגעזאָגט צו געבן אין אָוונט 10 טויזנט זלאָטים. לײדער האָבן מיר גאָרנישט נישט באַקומען. ווען נישט די ענערגיע פון איינעם פון אונדזערע סעקרעטאַרן, וואָלטן מיר יענעם שרעקלעכן טאָג געבליבן אָן אַ גראָשן!

אין אַ שעה־צוויי אַרום האָבן מיר געדאַרפט זײַן אויף דער זיצונג אין זשורנאַליסטן־סינדיקאַט. איך האָב אויסערדעם נאָך געדאַרפט זיך צוכאַפּן אין רעדאַקציע, וואו עס האָט זיך פאַרזאַמלט די באַראַטונג, וואָס איך האָב פאָרגעשלאָגן צו רופן.

פון יאַסנע, וואו עס האָט זיך דעמאָלט געפונען די וואַרשעווער ביוראָ פון „דזשאַינט”, בין איך שנעל אַרוים אויף מאַרשאַלקאָווסקע, כּדי פון דאָרט זיך אַרײַנצוכאַפּן מיט אַ טראַמוויי אין דער אידישער געגנט.

עס איז געווען עטלעכע מינוט נאָך דרײַ בײַטאָג. טויזנטער מענטשן האָבן אָנגעפילט די גאַסן און די טראַמווייען, גייענדיק און פאָרנדיק אַהיים פון דער אַרבעט: מאַרשאַלקאָווסקע גאַס איז די געגנט פון געשעפטן און ביוראָס, און 3 בײַטאָג פאָרן אַלע אַהיים אויף מיטאָג. די געפּאַקטע גאַסן און טראַמווייען זײַנען אין דער שעה אַן אַלטעגלעכע דערשײַנונג. בלויז די גאַז־מאַסקעס, וואָס פיל האָבן געטראָגן בײַ די זײַטן, און דער ערנסט אויף אַלעמענס פּנימער, האָבן דערמאָנט, אַז עס איז קריג.

ווידער אַ צופעליקע באַגעגעניש. עס איז מיר אַנטקעגנגעקומען מײַן פרוי, וועלכע האָט געאַרבעט אין אַ באַנק־אינסטיטוציע אין יענעם געגנט — אַנטקעגנגעקומען אַזוי אין סאַמע מיטן פון דער רוישנדיקער מאַרשאַלקאָווסקע.

— מען שליסט אונדזער באַנק! — האָט זי מיר געזאָגט — מען האָט אונדז הײַנט אַלעמען אָפּגעזאָגט!

איך האָב איר געפרעגט, צי מײַן ברודער האָט מיט איר שוין גערעדט אין טעלעפאָן.

— ניין — האָט זי געענטפערט — וואָס איז געשען?

איך האָב שטיל, מיט האַלבע ווערטער, איר איבערגעגעבן וועגן דער לאַגע. זי האָט געהערט מיט פאַרצויגענע ברעמען און געשוויגן...

מיר האָבן זיך אָפּגעשמועסט, אַז זי גייט גלײַך אַהיים און פּאַקט אײַן אין 2 וואַליזעס די נויטיקסטע זאַכן פאַר זיך און פאַרן קינד.

— זאָל אַלץ זײַן גרייט צום אָפּפֿאָרן — האָב איך איר געזאָגט — מסתּמא וועט אײַך אויסקומען צו פֿאָרן הײַנט בײַנאַכט... איך וועל נאָך דאָ בלײַבן אַ 2-3 טעג...

איך בין געגאַנגען אַ שטיקל וועג נעבן איר און געוואָלט טרעפֿן, וואָס עס טראַכט די דאָזיקע פֿרוי, וועלכע האָט אין איין־אײנציקן מאָמענט דערפֿילט, אַז עס ברעכט זיך איבער איר גאַנץ לעבן.

— עס איז קריג — האָב איך געזאָגט — און מען וועט עס דאַרפֿן דורכגיין נישט איין מאָל... מען מוז זיך שטאַרקן... פֿאַרלאָזן די היים איז נאָך נישט דאָס ערגסטע...

— איך בין שטאַרק! — האָט זי געענטפֿערט קורץ און איך האָב געוואוסט, אַז בײַ איר איז דאָס נישט קײַן פּוסט וואָרט.

איך בין אײַנגעשטיגן אין איין טראַמווײַ, זי אין אַ צווייטן.

— זײַ פֿאַרטיק צום אָפּפֿאָר! — האָב איך איר געזאָגט אין דער לעצטער מינוט.

איך בין אַוועק אויף נאָוואָליפּיע 7 — דאָס הויז, וואו עס האָבן יאָרנלאַנג זיך געפֿונען אין וואַרשע דער צענטראַלער פּאַרטיי־סעקרע־טאַריאַט פֿון „בונד” און דער פּאַרטיי־אָרגאַן, די „פֿאָלקסצײַטונג”.

איך וועל קיינמאָל נישט פֿאַרגעסן די פּנימער פֿון די חברים, וועלכע האָבן אומגעדולדיק זיך אַרומגעדרייט אין די צימערן, אין הויף און פֿאַרן טויער פֿון פּאַרטיי־סעקרעטאַריאַט. עפּעס האָבן זיי שוין גע־וואוסט, אָבער אומקלאָר. מען האָט געוואַרט אויף גענויע ידיעות.

— נו וואָס? — האָט מען מיך געגעסן מיט די אויגן — וואָס הערט זיך?

איך האָב פּלוצלונג דערפֿילט, אַז עפּעס פֿאַרקלעמט מיך, און עס וועט מיר שווער זײַן צו זאָגן דאָס, וואָס איך האָב געהאַט צו זאָגן. אָט די דאָזיקע פֿירער פֿון טויזנטער און צעדליקער טויזנטער וואַר־שעווער אידישע אַרבעטער זײַנען געקומען אַהער פֿון די לאָקאַלן פֿון זייערע פֿאַראיינען, וואו מען וואַרט אויף זיי, אויף זייער וואָרט — וואָס וועל איך זיי זאָגן? אַ שווײַגנדיקער בין איך אַרײַן אין דער געבײַדע.

אַ פֿאַרקלעמטער האָב איך געקוקט אויף די ווענט פֿון אונדזער פּאַרטיי־ביוראָ, אויף די פּאָרטרעטן פֿון די פֿאַרשטאָרבענע פֿירער, וועלכע האָבן ביזן לעצטן טאָג פֿון זייער לעבן פֿאַרבראַכט צווישן די דאָזיקע ווענט; פֿאַר מײַנע אויגן האָבן אין איין מינוט אַ שוועב געטאָן צענדליקער בילדער פֿון גרויסער קאַמפּס־פֿרייד און פֿון טרויעריקע טאָג, וואָס מיר אַלע האָבן דאָ איבערגעלעבט אין דאָזיקן הויז; אין זכּרון האָט אַ שוועב געטאָן דער סך־הכּל פֿון דעם

גאַנצן פּרעכטיקן 20־יאָריקן באַרג־אַרויף פון אידישן אַרבעטער־קלאַס אין פּוילן:

— און שוין? — האָט מיך עפּעס פאַרקלעמט און געשטיקט אין האַלדז און געפּרעסט אויפן מוח — און איצט נעמט צו דעם אַלעם אַ סוף?

עס איז געווען פאַרזאַמלט אַ גרויסער טייל מיטגלידער פון צ. ק. פון דער פּאַרטיי און פון דער רעדאַקציע. איך האָב זיך געשטאַרקט און טרוקן איבערגעגעבן דאָס, וואָס איז פאַרגעקומען אויף דער פּרעסע־קאָנפערענץ אין רעגירונגס־פּאַלאַץ. איך האָב אויך דערציילט וועגן די צוגרייטונגען, וואָס עס מאַכט אונדזער אָרגאַניזאַציע פון די אידישע זשורנאַליסטן אין פאַרשטענדיקונג מיטן אַלגעמיינעם פּוילישן זשורנאַליסטן־סינדיקאַט.

דער איינדרוק פון מיינע ידיעות איז געווען אַ שרעקלעכער. דאָס, וואָס עס האָט באַלד נאָך מיר דערציילט שלמה מענדעלסאָן, איינער פון די פירער פון „בונד", האָט בלויז נאָך בולטער אילוסטרירט די לאַגע.

— אַרום 11 פרי — האָט ער דערציילט — האָב איך געטראָפן אויפן פּזשעיאַזד־פּלאַץ אונדזער פּאַרטיי־חבר, דעם יונגען אידישן ליטעראַט צאַנין, וועלכער איז, ווי איר ווייסט, מאָביליזירט געוואָרן מיט עטלעכע טעג צוריק און אָפּגעשיקט געוואָרן אויפן פראָנט. דער מענטש האָט פאַר די פּאָר טעג זיך אַזוי געביטן, אַז עס איז געווען אוממעגלעך אים צו דערקענען. ער האָט געטראָגן אויף זיך די פולע באַוואָפענונג, דאָס פּנים און זיינע מלבושים זיינען געווען שוואַרץ, באַדעקט מיט פאַרטרוקנטער בלאָטע. „אונדזער אָפּטיילונג איז צע־שלאָגן — האָט ער געזאָגט — די דייטשן גייען מיט אַזאַ מאַכט פון פייער און אייזן, אַז אונדזער אַרמיי ווערט געפּערטלט... אַ פייער־האָגל גייט פון אונטן, פון אויבן און פון אַלע זייטן"...

ער, דער דאָזיקער יונגער ליטעראַט אין זעלנערישן מונדיר, האָט נישט געוואָלט אַרייַנגיין מיט מענדעלסאָנען אין אַ הויז אַריין, כּדי אויסצוטרינקען אַ גלאָז טיי און אויסצוגלייַכן אַ מינוט די ביינער. די געבליבענע סאָלדאַטן פון זיין אָפּטיילונג — עס איז געווען ערגעץ ביי סעראָצק (איינע פון די פאָדערשטע פּאָרטן פון דער מאָדלינער פעסטונג נישט ווייט פון וואַרשע) — האָבן באַקומען אַ באַפעל צו לויפן איינצלווייז קיין וואַרשע.

— נישט אָפּשטעלנדיק זיך אין קיין פּריוואַטע הייזער, דאַרפן מיר זיך גלייך מעלדן צו דער מיליטערישער מאַכט, כּדי אַרייַנגעזעצט צו ווערן אין נייע מיליטער־ אָפּטיילונגען! — האָט ער אויסגעטייטשט מענדעלסאָנען און אַוועק.

אונטערן איינדרוק פון מיינע אינפאָרמאַציעס איז אויפן אָרט נאָמינירט געוואָרן אַן עוואַקואַציע־קאָמיסיע, וועלכע האָט באַקומען דעם אויפטראַג אַרויסצושיקן קודם־כל פון וואַרשע די עלטסטע און אָנגעזעענסטע פּאַרטיי־טוער: אַלס ערשטע צו דער עוואַקואַציע זיינען דערמאָנט געוואָרן די חברים: נח, וולאַדימיר קאָסאָווסקי, חברטע שרה שוועבער, חברטע דינה, לייוויק האָדעס, שלמה מענ־דעלסאָן, הענריק ערליך מיט זיין פאַמיליע און אַ רייע פרויען פון פאַרשידענע אָנגעזעענע פּאַרטיי־טוער.

שלמה מענדעלסאָן האָט זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט צו זיין צווישן די ערשטע עוואַקואירטע. עס האָט נישט געהאָלפן, וואָס מען האָט אים איבערצייגט, אַז מיט זיין געזונט קען מען אים נישט איבער־לאָזן אויף דער לעצטער מינוט, ווען מען וועט שוין דאַרפן לויפן צופוס.

וולאַדימיר קאָסאָווסקי האָט בכלל געטענהט, אַז ער וויל נישט פאָרן.

— צו בלייבן אין וואַרשע, כדי אַריינצופאַלן אין די הענט פון היטלערן האָט דאָך אַוודאי נישט קיין זין! — האָט מען געפּרואווט אים איבערצייגן — קיין אומלעגאַלע פּאַרטיי־אַרבעט וועט סיי־ווי קיינער פון די באַקאַנטע טוער נישט קענען פירן!

— אָבער דאָס איז דאָך אוממעגלעך, אַז וואַרשע זאָל אָפּגעגעבן ווערן אָן אַ שלאַכט! — האָט זיך געבונטעוועט דער פלאַמיקער וויקטאָר אַלטער, וועלכער האָט מיט זיין גאַנצן כאַראַקטער שטאַרק דערמאָנט דעם בעסטן טיפּ פראַנצויזישע רעוואָלוציאָנערע פירער, וואָס האָבן פאַראייניקט אין זיך הויכן אינטעלעקטואַליזם, פלאַמיקן מוט און גרענעצלאָזן אידעאַליזם.

— און וואָס שייך וועגן שלאָגן זיך אויף יענער זייט בוג — האָט ער פאָרטגעזעצט זיינע געדאַנקן — וועלן מיר נאָך זען, וואָס די באָלשעוויקעס וועלן זאָגן... איך בין פעסט איבערצייגט, אַז זייער אָפּמאַך פון 23 אויגוסט מיט די היטלעריסטן רעדט וועגן אַ פערטער צעטיילונג פון פוילן!...

איך געדענק דעם אויסדרוק אויפן געזיכט פון ערליכן, ווען אַלטער — זיינער אַן אַלטער, גוטער פריינד — האָט אַרויסגעזאָגט די דאָזיקע נביאות. ערליך האָט זיך אינגאַנצן פאַרקרומט, הערנדיק אַלטערס ווערטער — אַזוי אומגלייבלעך איז געווען דאָס, וואָס אַלטער האָט פאָרויסגעזאָגט.

איך האָב געמאָלדן וועגן אויטאָ, מיט וועלכן מיין ברודער האָט בדעה צו אָרגאַניזירן דעם אָפּפאָר פון אונדזערע פאַמיליעס, און אַז עטלעכע פלעצער וועלן דאָרט אפשר זיין פריי. דאָס לעצטע, וואָס

עס איז געבליבן דעם צ. ק. צו טאָן, איז געווען: באַשליסן אין אַן ענגערן קרײַז ווי אַזוי איבערצובויען די אַרבעט אויפֿן פּעריאָד פֿון דער היטלער־אָקופּאַציע — צוזאַמענשטעלן אַן אַנטשפּרעכנדיקע אָנפֿירונג, וואָס זאָל פֿאַרנעמען דעם פּלאַץ פֿון דעם אַלטן צ. ק....

ווען איך בין אַרויפֿגעקומען אין קאַנצעלאַריע פֿון זשורנאַליסטן־סינדיקאַט, האָט דאָרטן געהערשט אַ שטימונג, ווי אויף אַ לוויה. אָקאָרשט איז אָנגעקומען אַ טעלעפֿאָנישע ידיעה פֿון אַלגעמיינעם (פּוילישן) זשורנאַליסטן־סינדיקאַט, אַז די זשורנאַליסטן, וואָס דאַרפֿן ווערן עוואַקואירט, מוזן אָפּפֿאָרן הײַנט בײַנאַכט און אַז מאָרגן וועט שוין נישט זײַן קיין באַן...

— וועגן עוואַקואירן מאַשינען קען שוין נישט זײַן קיין רייד... די לאַגע אויפֿן פֿראָנט ווערט קריטישער פֿון מינוט צו מינוט... די רעגירונג פֿאָרט הײַנט בײַנאַכט אַוועק... שטעלט תּיכּף צוזאַמען אַ ליסטע פֿון אײַערע מיטגלידער, וואָס איר ווילט עוואַקואירן, און קומט מיט איר אַרום 8 אָוונט אין פּרעזידיום פֿון מיניסטאָרן־ראַט...

דאָס זײַנען געווען די לעצטע ידיעות, די לעצטע אינסטרוקציעס.

מיר זײַנען געזעסן מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ: שטום, פֿאַרקלעמט, דערשלאָגן...

וואָס איז אונדז געבליבן צו טאָן? נישט מער, ווי צוזאַמענשטעלן די געפֿאָדערטע ליסטע, און מעלדן אַלעמען, אַז מען דאַרף תּיכּף זיך לאָזן אין וועג אַרײַן!

אונדזערע סעקרעטאָרן האָבן גענומען צוזאַמענרופֿן צענדליקער קאָלעגן דורכן טעלעפֿאָן. פֿיל פֿון זיי זײַנען געזעסן אין שטעק־שיך און נישט געוואוסט גאָרנישט, וואָס עס וואָרט אויף זיי אין די נאָ־ענטסטע שעהן. צוליבן קריגס־צושטאַנד האָבן די טעלעפֿאָנישע גע־שפּרעכן געדאַרפֿט זײַן קורצע — נישט אַלץ האָט מען געמעגט זאָגן אויפֿן טעלעפֿאָן. דער נוסח פֿון אונדזער טעלעפֿאָנישער מעלדונג איז געווען אַ קורצער:

— עס איז געשען עפּעס אויסערגעוויינלעכעס... פּאַקט אײַן אַ קליינע וואַליזע זאַכן און קומט אַרויף אין סינדיקאַט... פֿון דאַנען וועלן מיר אַוועקפֿאָרן הײַנט בײַנאַכט...

מענטשן האָבן נישט געוואָלט גלייבן וואָס מען זאָגט זיי.

— הײַנט זײַנען די צײַטן צו ערנסט אויף אַזעלכע וויצן! — האָט מען זיך געבייזערט אין טעלעפֿאָן.

אָבער אונדזער מעלדונג — איבערגעחזרט צום צווייטן מאָל און צום דריטן מאָל — האָט געגעבן צו פֿאַרשטיין, אַז דאָ גייט טאַקע נישט וועגן קיין וויצן. דער באַקאַנטער ייִדישער פּובליציסט נח פּרילוצקי,

װעלכער איז אויך אַ באַקאַנטער פֿילאָלאָג, האָט געלאָזן בײַ זיך אין קאַבינעט פֿונאַנדערגעלייגטע פּאַפּירן פֿון עפּעס אַ פֿילאָלאָגישער פֿאָרשונג, איבער װעלכער ער האָט גראָד יענע װאָכן געאַרבעט...

די ליסטע, װאָס מיר האָבן צוזאַמענגעשטעלט, האָט אַנטהאַלטן 34 נעמען. פֿון מײַן רעדאַקציע, װעלכע האָט סך־הכּל געציילט אַ 10־12 מיטאַרבעטער, האָט מען אָנערקענט פֿאַר דרינגענדיק אַרויפֿ־צושטעלן אויף דער ליסטע כּמעט אַלעמען, פֿאַרשטייענדיק, אַז יעדער איינער פֿון זיי געהערט צו די צומייסטן באַדראָטע מענטשן.

מיר האָבן אָפּגעהאַלטן אַ קורצע, דראַמאַטישע זיצונג. אַלע האָבן פֿאַרשטאַנען, אַז דאָס איז די שעה, װען זיי געזעגענען זיך מיט װאַרשע, מיט זייער גאַנץ ביז־איצטיק לעבן און — נישט נאָר מיט דעם...

דרײַ מענטשן זענען דעלעגירט געװאָרן אין פּרעזידיום פֿון מי־ניסטאָרן־ראַט, כּדי צו באַזאָרגן די ליסטע און צו נעמען די לעצטע אינסטרוקציעס. מיך האָט די פֿאַרװאַלטונג באַשטימט אַלס לייטער פֿון דער גאַנצער אַרויספֿאָרנדיקער גרופּע. אין מײַנע הענט האָט מען איבערגעגעבן העכער 4.000 זלאָטעס, בערך אַ פֿינפֿטל פֿון גאַנצן פֿאַרמעגן. דאָס איבעריקע געלט, װאָס י. ראָזען, איינער פֿון אונד־זערע סעקרעטאַרן, האָט באַװיזן אַרויסצוקריגן פֿון באַנק, האָט מען געלאָזן אין די הענט פֿון יענע פֿאַרװאַלטונג־מיטגלידער, װעלכע האָבן צוליב פֿאַרשידענע טעמים — עלטער, געזונט־צושטאַנד, פֿאַמיליע־אָנגעלעגנהייטן — זיך אָפּגעזאָגט צו פֿאָרן. דאָס דאָזיקע געלט האָט געזאָלט צעטיילט װערן צװישן די מיטגלידער פֿון סינדיקאַט, װאָס װעלן נישט פֿאַרלאָזן װאַרשע. בלויז אַדאַנק דער הויכמוטיקייט פֿון באַנקיר רפֿאל שערעשעװסקי, בײַ װעמען עס איז געלעגן אונדזער געלט, זענען מיר אין קריטישן מאָמענט נישט געבליבן אָן מיטלען. װען ראָזען איז צו אים געקומען און אים דערציילט װעגן װאָס עס גייט, האָט ער גענומען אויף זיך די פֿאַראַנטװאָרטלעכקייט, און אונדז אַרויסגעגעבן דאָס גאַנצע געלט...

עס האָט גענומען צופֿאַלן דער אָװנט — אַ הייסער, קלעפּיקער אָװנט פֿון סוף־זומער.

אין אונדזערע קאַנצעלעריעס איז געװען היים און מען האָט גע־האַלטן אָפֿן אַלע פֿענצטער. װעגן אָנצינדן אַ ליכט האָט נישט גע־קענט זײַן קיין רייד. בלויז בײַ יעדע טעלעפֿאָן־אַפּאַראַטן האָבן אַלע װײַלע אויפֿגעפֿינקלט בלויע עלעקטרישע פֿײַערלעך — עלעקטרישע טאַשן־לעמפּלעך צוגעדעקט מיט דין בלוי פּאַפּיר: דאָס זענען אונ־דזערע סעקרעטאַרן געזעסן בײַם טעלעפֿאָן און אַלע מאָל אַרײַנגע־

לויכטן מיט די בלויע פֿײַערלעך אין זייערע נאָטיצן, כּדי אויסצוגע־פֿינען, ווען זיי דאַרפֿן נאָך אָרויסרופֿן אויפֿן טעלעפֿאָן...

די טירן האָבן דערווײַל נישט גערוט קיין איין מינוט. מען איז געקומען פֿון אַלע עקן שטאָט. עס זײַנען געקומען מענטשן, וואָס האָבן זיך יאָ געגרייט צו פֿאָרן, און אַזעלכע, וואָס האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו פֿאַרלאָזן וואַרשע.

דער ערשטער וויצע־פּאָרזיצער פֿון אונדזער אָרגאַניזאַציע, בן־ציון כילינאָוויטש, אַ לאַנגיאָריקער מיטאַרבעטער פֿון „מאָמענט", האָט אונדז געמאָלדן, אַז ער פֿאָרט נישט. ער האָט נישט געוואָלט זיך שיידן מיט זײַן פֿרוי. ער איז, אויב איך האָב נישט קיין טעות, גע־קומען צו דער דערמאָנטער זיצונג פֿון אונדזער זשורנאַליסטן־אָרגאַ־ניזאַציע, און פֿון דאָרט אַוועק אַהיים, מעלדנדיק, אַז ער האָט באַ־שלאָסן צו בלײַבן אין וואַרשע. שפּעטער, ווען פֿיל פֿון אונדז זײַנען שוין געווען אין אויסלאַנד, האָבן מיר געהאַט פֿון אים גרוסן. מען האָט אונדז איבערגעגעבן, אַז ער באַמיט זיך צו לינדערן — ווי ווײַט מעגלעך — די נויט פֿון די אַרבעטלאָז־געוואָרענע זשורנאַליסטן און זייערע פֿאַמיליעס. מיר האָבן עטלעכע מאָל געפּרואווט צו אים שרײַבן פֿון אויסלאַנד. מיר האָבן אָנגעפֿרעגט וואָסער הילף מיר קענען באַזאָרגן פֿאַר די זשורנאַליסטן, וואָס זײַנען געבליבן אין די געטאָס. מיר האָבן אָבער נישט באַקומען פֿון אים קיין שום תּשובֿה. איצט געפֿינט זיך זײַן נאָמען אויף דער ליסטע פֿון די צענדליקער אידישע שרײַבער, זשורנאַליסטן און קינסטלער, וועלכע זײַנען אומגעבראַכט געוואָרן אין געטאָ...

שמואל הירשהאָרן, איינער פֿון די עלטסטע יידישע פּובליציסטן און שריפֿטשטעלער, האָט אונדז צוגעשיקט אַ מתּנה פֿון טויזנט זלאָטים — אַ צושטײַער צום רײַזע־פֿאָנד — אָבער אַליין האָט ער זיך אָפּגעזאָגט צו פֿאָרן.

— די פֿיס טראָגן מיך נישט — האָט ער געזאָגט בײַם געזעגענען זיך — און איך ווייס, אַז דאָס בעסטע, וואָס איך קען אויסקלייבן, איז — בלײַבן דאָ. אַזאַ נסיעה איז שוין נישט פֿאַר מיר.

ער איז געבליבן. מיר האָבן געהאַט גרוסן, אַז ער לעבט אין נויט (ער איז פֿריער געווען אַ פֿאַרמעגלעכער מענטש). איצט ווערט געמאָלדן, אַז שמואל הירשהאָרן לעבט שוין מער נישט. אויך זײַן נאָמען פֿיגורירט אויף דער ליסטע פֿון די געטאָ־קדושים, וואָס זײַנען אומגעקומען פֿון היטלעריסטישע הענט...

איך זע פֿאַר זיך די געשטאַלט פֿון „הײַנט"־מיטאַרבעטער אהרן איינהאָרן — אַ מענטש פֿון גרויסער פּובליציסטישער קראַפֿט, גרינט־לעכער בילדונג און קלאָרן געדאַנק. איך זע אים, ווי ער לויפֿט אַרום

איבער דער דער פֿינצטערער שכנותדיקער קאָנצעלאַריע פֿון ליטע־ראַטן־פֿאַריין — מיטן קאָפּ אַראָפּגעלאָזן אויף דער ברוסט, מיט די אויגן אײַנגעגראָבן אין די שפּיצן פֿון די אייגענע שיך און מיט עפּעס אַ נערוועזן מורמלען צו זיך אַליין. ער האָט זיך געוואָרפֿן ווי אין אַ שטײַג, זיך נישט געקענט אָנטשליסן: פֿאָרן — נישט פֿאָרן? פֿון איין זײַט האָט ער געוואוסט, אַז מיטן בלײַבן שטעלט ער זיך אויס אויף די גרעסטע סכּנות, און פֿון דער צווייטער זײַט האָט ער זיך געשראָקן פֿאַר דער מעגלעכער אויסגעוואָרצלטקייט, וועלכע ער האָט פֿאַרויסגעזען פֿאַר אונדז אַלעמען.

אין אַ געוויסן מאָמענט, האָט ער זיך טעלעפֿאָניש פֿאַרבונדן מיט אַ צווייטן באַקאַנטן וואַרשעווער ציוניסטישן פֿירער, דעם אָנגעזעענעם יידישן היסטאָריקער און פּאָליטיקער ד״ר שיפּער. דער טעלעפֿאָני־שער געשפּרעך האָט געדויערט זייער לאַנג. איך געדענק אונדזער אומצופֿרידנקייט, וואָס איינהאָרן פֿאַרנעמט אַזוי לאַנג דעם טעלע־פֿאָן, און וואָס ער רעדט בכלל אַזוי אויספֿירלעך וועגן דעם דורכן טעלעפֿאָן. ענדלעך האָט ער אַ פֿאַרמאַטערטער אָוועקגעלייגט דאָס טרייבל.

— איך פֿאָר נישט — האָט ער געזאָגט מאַט — שיפּער וועט אויך נישט פֿאַרלאָזן וואַרשע. דאָ ווייס איך איין זאַך: וואָס עס וועט מיט מיר געשען, בין איך בײַ זיך אינדערהיים...

ער האָט זיך מיט קיינעם נישט געזעגנט און איז אַוועק. ער איז טאַקע געבליבן אין וואַרשע. געבליבן אויף אייביק. אויב די ליסטע פֿון די אומגעבראַכטע שרײַבער און קינסטלער אין וואַרשע־ווער געטאָ איז הונדערטפּראָצענטיק ריכטיק, לעבט אויך אַהרן איינ־האָרן נישט מער. ער איז אומגעקומען על קידוש השם. ער, ד״ר שיפּער, בן־ציון כילינאָוויטש, שמואל הירשהאָרן, הלל צײַטלין, צבֿי פּרילוצקי...

— מיר זײַנען שוין צו אַלט — האָבן אונדז געמאָלדן די צוויי עלטסטע וואַרשעווער אידישע פּובליציסטן, צבֿי פּרילוצקי (נח פּרי־לוצקיס פֿאָטער) און הלל צײַטלין, דער פֿאָטער פֿון די צוויי אידישע שרײַפֿטשטעלער אהרן און אלחנן צײַטלין.

— וואָס עס וועט זײַן, זאָל זײַן! — האָט געזאָגט דער אַלטער הלל צייטלין אין טעלעפֿאָן — וואו וועל איך אויף דער עלטער נעמען פֿיזישע כּוחות צו ווערן אַ וואָגלער איבער דער ברייטער וועלט?

— איך האָב געשוואָלענע פֿיס, איך בין אַלט און קראַנק, איך וועל בלויז זיין אַ שטיין אויף אײַער האַלדז! — האָט געזאָגט דער זקן צבֿי פּרילוצקי, דער פֿיל־יאָריקער רעדאַקטאָר פֿון דער גרויסער טאָג־צײַטונג „מאָמענט״.

ענלעכע תּשובֿות האָבן געגעבן אַנדערע. עס איז געווען אַ שעה, ווען דאָס גאַנצע לעבן פֿון מענטש — דער נעכטן, דער הײַנט און דער מאָרגן — זײַנען געוואָרפֿן געוואָרן אויף דער וואָגשאָל פֿון שרעקלעכן גורל: באַשלים!

אין די צימערן פֿון זשורנאַליסטן־סינדיקאַט אויף גראַניטשנע 11 — עס איז געווען אַ שותּפֿות־לאָקאַל מיטן ליטעראַטן־פֿאַריין — האָט געהערשט אַ תּוהו־ובֿוהו. מען האָט געטראָגן וואַליזעס, מען האָט געפֿאָדערט אינפֿאָרמאַציעס, מען האָט זיך געריסן מיטגענומען צו ווערן צוגלײַך מיט יענע 34...

עס זײַנען געקומען מיטגלידער פֿון ליטעראַטן־פֿאַראיין, וועלכע האָבן נישט געאַרבעט אין קיין צײַטונגען און דעריבער נישט געהערט צום זשורנאַליסטן־סינדיקאַט. זיי האָבן געפֿאָדערט, מען זאָל זיי אויך אַרויפֿשטעלן אויף דער ליסטע; עס האָט נישט געהאָלפֿן אונדזער אויפֿקלערונג, אַז מיר האָבן נאָר אַ רעכט אַרויפֿצושטעלן אויף דער ליסטע צײַטונגס־לײַט. עס איז שווער געווען צו רעדן צו די דאָזיקע מענטשן. אַלע זײַנען געווען צעמישט און פֿאַרצווייפֿלט. נאָך איצט זע איך פֿאַר זיך דאָס פֿאַרצווייפֿלטע פּנים פֿון דער יונגער אידישער שרײַבערין רחל אויערבאַך — אַ ליבע פֿרוי און אינטעליגענטע שרײַבערין — ווי זי שטייט אינמיטן צימער און רעדט אין אונדז אַרײַן:

— ווי לאָזט איר מיך דאָ איבער?... ווי לאָזט איר מיך דאָ איבער?...

איר גייט וועגן אַרויסרײַסן זיך פֿון אָנקומענדיקן היטלער־בראַנד, און דאָ דערציילט מען איר, אַז עס פֿאָרן בלויז זשורנאַליסטן אונטער דער אַלגעמיינער אָנפֿירונג פֿון פּוילישן זשורנאַליסטן־סינדיקאַט!

עס איז געווען שרעקלעך צו קוקן אין די פּנימער פֿון יענע, וועלכע האָבן נישט געקאָנט אַרויפֿגעשטעלט ווערן אויף דער ליסטע.

איך האָב אָפּגעאָטעמט ערשט אין גאַס, ווען די דעלעגאַציע פֿון דרײַ — בערנאַרד זינגער, משה אינדעלמאַן און איך — איז אַוועק אַרום 8 אַזייגער אין אָוונט צום רעגירונגס־פּאַלאַץ, וואו מיר האָבן געדאַרפֿט איבערגעבן אונדזער עוואַקואַציע־ליסטע.

## 4

## דער לעצטער וויזיט אין רעגירונגס־פּאַלאַץ

די גאַסן זײַנען געווען האַלב־ליידיק, כאָטש דער אָוונט האָט אייגנטלעך זיך ערשט אָנגעהויבן. אין דער שטאָק־פֿינצטערניש האָבן זיך געשלעפּט פֿאַרטונקלטע טראַמווייען — זיך געשלעפּט פֿויל און פֿאַרזיכטיק — ווי פֿאַרשפּעטיקטע נאַכט־וואַנדערער אין אַ פֿינצטערן

וואַלד. די איינצלנע פֿאַרבײַגייער האָבן זיך געשאַרט בײַ די ווענט אײַליק און אומרואיק, ווי עס וואָלט זיי עמעץ פֿאַרפֿאָלגט. אַ שווערער קאָשמאַר איז אין יענעם אָוונט געלעגן איבער דער פֿאַראורטיילטער הויפּטשטאָט פֿון דער דרײַסיק-מיליאָניקער מלוכה.

מיר זײַנען געגאַנגען צופֿוס: גראַניטשנע, קרולעווסקע, קראַקע־ווער פֿאָרשטאָט. אָט איז שוין דער מיניסטאָרן-פּאַלאַץ. דער ריזיקער בנין איז איצט געלעגן אינמיטן פֿון דער פּרעכטיקער וואַרשעווער שפּאַציר-גאַס, ווי אַ שוואַרצער פֿלעק.

אינעווייניק האָבן אַ בלענד געטון ליכטער, און אין די ליכטער — אַן אומהיימלעכע ליידיקייט. אויפֿן סופֿיט און אויף די ווענט האָבן געברענט אַלע קאַנדעלאַבערס, אָבער די זאַלן אַרום האָבן מאָדנע געפּוסטעוועט אין בלענדנדיקן ליכט. אַזוי זעט אויס אַ גרויסער באַל־זאַל, ווען די הונדערטער פֿריילעכע געסט לויפֿן זיך פּלוצלונג פֿונאַנ־דער אין פּאַניק...

אין די ווינקלען, אויף שרײַב-טישן און פּאָטעלן, האָבן זיך גע־וואַלגערט פּאַקעטן און מאַנטלען. שופֿלאָדן זענען געווען אויפֿגע־פּראַלט, פּאַפּירן האָבן זיך געוואַלגערט אין אומאָרדענונג אויף גערוימע שרײַב-טישן: פּאַפּירן, פּאַקעטן און מלבושים אין איין געמיש.

איינצלנע העכערע באַאַמטע זײַנען פֿאַרבײַגעלאָפֿן דעם גרויסן האָל, אין וועלכן מיר האָבן אַ ווײַלע זיך פֿאַרהאַלטן — פֿאַרבײַגע־לאָפֿן מיט טומל אין די אויגן, געלאָפֿן פֿון איין צימער אין צווייטן, געלאָפֿן און צוריקגעלאָפֿן איבער די מאַרמאָרנע שטיגן און רחבות־דיקע דיוואַנען, זיך געשושקעט אינמיטן לויפֿן און טיילמאָל דענער־ווירט אַרויסגעקוקט דורך דעם פֿענצטער, אָפּבייגנדיק אַ שטיקל פֿון דיקן שוואַרצן פּאַפּירענעם פֿאָרהאַנג, ווי זיי וואָלטן אומרואיק געוואַרט אויף עמעצנס קומען...

פֿון עפּעס אַ זײַטיקן צימער האָט זיך באַוויזן אויגעניוש שרויט — אונדזערער אַ גוטער באַקאַנטער, אַ פּען-קאָלעגע, מיט וועלכן מיר פֿלעגן יאָרנלאַנג זיך טרעפֿן בעת דער זשורנאַליסטישער אַרבעט אין בנין פֿון פּוילישן פּאַרלאַמענט (סיים). ער האָט דאָרטן רעפּרעזענ־טירט דעם רעגירונגס-אָרגאַן „גאַזעטאַ פּאָלסקאַ". דאָס איז געווען אַ מענטש, וואָס איז געווען אַ קרוב למלכות און אַ באַגלייטער פֿון אוי־סערן-מיניסטער בעק אויף פֿיל פֿון זײַנע רײַזעס. אינטעליגענט און עלעגאַנט, האָט ער געטויגט פֿאַר דיפּלאָמאַטישע רייזעס. אַליין אַ איד — אַ געשמדטער, פֿאַרשטייט זיך — האָט ער אין באַצוג צו די אידישע קאָלעגן נישט אַרויסגעוויזן יענע משומדישע שפֿלות, וואָס איז אַן אויסדרוק פֿון פּחדנות: ער האָט זיך געפֿרײַנדעט מיט אידן,

ווי מיט נישט־אידן, נישט מורא האָבנדיק, אַז מען וועט אויף אים דערפֿאַר טײַטלען מיט די פֿינגער. ער האָט װאַרשײַנלעך געהאַלטן, אַז זײַן פּאָזיציע אין די זשורנאַליסטישע קרײַזן פֿון רעגירונגס־לאַגער איז גענוג פֿעסט.

אין קורצע ווערטער האָט ער אונדז דערציילט וואָס עס הערט זיך:

די אויסלענדישע זשורנאַליסטן זײַנען שוין אָוועקגעפֿאָרן מיט אַ צוויי שעה צוריק פֿון וואַרשע — אָפֿיציעל איז דער אָפּפֿאָר פֿון זייער צוג געווען באַשטימט אויף זיבן אָוונט. אונדזער באַן דאַרף אָפּפֿאָרן אין אַ דרײַ־פֿיר שעה אַרום און די פּרטים זײַנען שוין גענוי אַרומגע־רעדט געוואָרן מיט אַ דעלעגאַציע פֿון אַלגעמיינעם פּוילישן זשור־נאַליסטן־פֿאַרבאַנד, וועלכע איז דאָ אָקאָרשט געווען.

— זיי האָבן דאָ געוואַרט אויף אײַך — האָט אונדז שרויט דער־ציילט — אָבער זיי האָבן זיך נישט געקענט דערוואַרטן, ווייל איר האָט זיך פֿאַרשפּעטיקט. זיי האָבן געבעטן, איר זאָלט זיך מיט זיי פֿאַרבינדן טעלעפֿאָניש. זיי זיצן אין לאָקאַל פֿון דער רעדאַקציע „קוריער פּאָראַנני".

מיר האָבן באַשלאָסן פֿריִער צו רעדן מיט די רעגירונגס־לײַט און שפּעטער צו טעלעפֿאָנירן צו אונדזערע פּוילישע קאָלעגן. פֿון שרויטן האָבן מיר זיך דערוואוסט, אַז דער פּראָפּאַגאַנדע־מיניסטער גראַזשינסקי געפֿינט זיך דאָ ערגעץ אין איינעם פֿון די קאַבינעטן, אָבער ער האַלט דאָרטן אָפּ עפּעס אַ וויכטיקן געשפּרעך מיט עמעצן.

— עס וועט אײַך וואַרשײַנלעך אויפֿנעמען שציעזשינסקי! — האָט אונדז שרויט נביאות געזאָגט.

שציעזשינסקי — ווי איך האָב עס שוין דערציילט אין אַ פֿריִער־דיקן קאַפּיטל — איז געווען דער פֿירער פֿון די רעגירונגס־זשורנאַ־ליסטן און אַלס אַזעלכער איז ער די לעצטע יאָרן געשטאַנען בראָש פֿון אַ האַלב־אָפֿיציעלער נײַעס־אַגענטור „איסקראַ". גלײַכצײַטיק איז ער געווען פֿאָרזיצער פֿון אַלפּוילישן זשורנאַליסטן־פֿאַרבאַנד, צו וועלכן, ווי געזאָגט, עס האָבן אויך געהערט די אידישע זשורנאַליסטן, אָרגאַ־ניזירט אין אַן אויטאָנאָמער סעקציע.

אין משך פֿון טאָג האָבן מיר זיך געהאַט דערוואוסט, אַז צוזאַ־מען מיט גראַזשינסקין אַלס פּראָפּאַגאַנדע־מיניסטער איז שציעזשינסקי נאָמינירט געוואָרן אַלס זײַן וויצע. אונדזער פּען־קאָלעגע און פֿאָרזיצער פֿון זשורנאַליסטן־פֿאַרבאַנד שציעזשינסקי וועט אונדז, הייסט עס, אויפֿנעמען אַלס וויצע־מיניסטער.

אַזוי איז טאַקע געשען. ער האָט זיך פֿאַר אונדז באַוויזן אין מי־ליטערישע מלבושים — ער איז געווען אַ פּאַלקאָווניק אין רעזערוו — וועלכע זײַנען געלעגן גלאַט אויף אים, ווי אויסגעגאָסן. אָבער געפּאַסט

האָבן זיי זיך נישט צו שטאַרק צו זײַן אַביסל קורצער, דיקלעכער געשטאַלט פֿון אַ אידישן באַנקיר (פֿון אָפּשטאַם איז ער ווירקלעך געווען אַ איד, אַ סאַמבאָרער איד, און זײַן אמתער נאָמען איז גאָר געווען שטיגליץ).

מיר האָבן אים גראַטולירט אין צוזאַמענהאַנג מיט זײַן נאָמינאַציע.

— זײַט מיך נישט מקנא, — האָט ער אונדז געענטפֿערט — דער ערשטער טאָג פֿון מײַן אַמטירן קען נישט פֿאַררעכנט ווערן צו די גוטע טעג...

איינער פֿון די דינערס פֿון רעגירונגס־בנין האָט גענומען פֿון אים פֿאַראָרדענונגען, וואָס אַלץ אַרײַנצופּאַקן אין זײַן אויטאָ אַרײַן.

— איך האָב נאָך הײַנט נישט געגעסן! — האָט ער זיך פֿאַר אונדז געקלאָגט — ווען מען האָט מיך נאָמינירט אַלס וויצע־מיניס־טער פֿאַר פּראָפּאַגאַנדע, האָט מען מיך אַפֿילו נישט אינפֿאָרמירט פֿריִער, אַז עס האַלט בײַ אַזאַ נאָמינאַציע. מען האָט מיר פּשוט גע־מאָלדן אויפֿן טעלעפֿאָן, אַז איך זאָל תּיכּף זיך שטעלן אין פּאַלאַץ פֿון מיניסטאָרן־ראַט. „הער פּאָלקאָווניק — האָט מען מיר דערקלערט, ווען איך בין אַהער געקומען — איר זענט נאָמינירט געוואָרן אַלס וויצע־מיניסטער פֿון פּראָפּאַגאַנדע און איר דאַרפֿט תּיכּף איבערנעמען דעם אַמט!". איך האָב אַ קלאַפּ געטאָן מיט די אָפּצאַסן און אָפּגע־ענטפֿערט: „צום באַפֿעל!" איצטער אַמטיר איך. נישקשה, אַ פֿײַנער טאָג, נישטאָ וואָס צו זאָגן...

שציעזשינסקי איז געווען אַ מענטש מיט פֿיל ענערגיע און גוטן הומאָר. זײַנע זשעסטיקולאַציעס בעתן רעדן האָבן פֿאַרראַטן זײַן אידישן אָפּשטאַם.

— אַן אייגנאַרטיקע נאָמינאַציע — האָט ער זיך געוויצלט אַ ביסל אומעטיק — אינדערפֿרי האָב איך נישט אָנגעהויבן פֿון גאָרנישט צו וויסן, מיטאָגצײַט בין איך געוואָרן נאָמינירט אַלס וויצע־מיניס־טער, און איצט —

ער האָט נישט פֿאַרענדיקט דעם זאַץ. ער האָט בלויז אָנגעוויזן מיט דער האַנט אויפֿן דינער, וועלכער האָט זיך געפּאָרעט בײַ זײַנע זאַכן. עס האָט געדאַרפֿט הייסן מער־ווייניקער אַזוי: „...און איצטער מוז איך זיך פּאַקן אין וועג אַרײַן..."

ווען ער האָט זיך דערוואוסט, אַז מיר האָבן געבראַכט מיט זיך אַ צעטל פֿון 34 נעמען, האָט ער ברייט צעפֿירט די הענט:

—פּאַנאָוויע, קאָלעדזי, דאָס איז אוממעגלעך!

ער האָט אונדז פֿאַרזיכערט, אַז ווען נישט ער, וואָלט מען נאָך מער באַגרענעצט די צאָל באַן־פּלעצער פֿאַר די זשורנאַליסטן, נאָר

ער, אַלס פירער פון דער זשורנאַליסטן-אָרגאַניזאַציע, האָט אויס־געקעמפּט 60־70 פלעצער, פון וועלכע די אידישע זשורנאַליסטן קענען באַקומען מאַקסימום 15 פלעצער.

— איר וועט דאָך אַליין מסכים זײַן — האָט ער „אַפּעלירט" צו אונדז — אַז די אידישע פּרעסע קען נישט צונעמען אַ גאַנצע העלפט פון די 60־70 באַן־פּלעצער!

איך האָב זיך אָפּגערופן, אַז איך וואָלט געקענט האָבן אַ מאַשין פאַר מײַן פאַמיליע און פאַר עטלעכע פון מײַנע רעדאַקציע־קאָלעגן, אָבער איך וויל פון אים אַ צעטל אויף געווינג בענזין. פון אַ רייע פאַרנאַכטיקע טעלעפאָנישע געשפּרעכן מיט מײַנע פּאַרטיי־חברים האָב איך שוין געוואוסט, אַז נישט זיי און נישט מײַן ברודער האָבן באַוויזן צו קריגן אין שטאָט בענזין אויף צו טרײַבן אַן אויטאָ.

—אויב איר וועט מיר געבן אַ ביסל בענזין — האָב איך אים אויפגעקלערט —וועלן מיט מײַן מאַשין פאָרן עטלעכע מענטשן פון אונדזער ליסטע, און דאָס וועט אונדז לײַכטער מאַכן דאָס פּראָבלעם.

— גוט — האָט ער מיר אָפּגעענטפערט, ווי ער וואָלט אַ טייל פון מײַנע ווערטער פאַרהערט — איך וועל מאַכן מיט אײַך אַ געשעפט. איר האָט אַ מאַשין און איר האָט נישט קיין בענזין, און גניאַ שרויט האָט נישט קיין מאַשין, אָבער ער האָט אַ פּערמיט אויף בענזין. נעמט אים אַרײַן אין אײַער מאַשין און עס וועט זײַן פאַר אײַך אַ גוטע שותפות...

גניאַ שרויט — דאָס איז געווען אַ צערטלעכקייט־נאָמען פאַרן פריִער־דערמאָנטן רעגירונגס־זשורנאַליסט אויגעניוש שרויט, מיט וועלכן שציעזשינסקי איז געווען פּערזענלעך באַפרײַנדעט.

גוט, האָב איך געטראַכט, זעט עס אויס הײַנטיקע נאַכט אין רע־גירונגס־לאַגער, אויב מען האָט שוין נישט דאָרטן קיין פּלאַץ פאַר אַזאַ נאָענטן מענטשן, ווי שרויט, וועלכן מען וויל צואוואַרפן דער בידנער מאַשין, מיט וועלכער עס דאַרפן פאָרן עטלעכע אידישע זשורנאַליסטן.

פאַר אונדז איז דער פאָרשלאַג, פאַרשטייט זיך, נישט געווען אָנ־נעמבאַר, ווײַל מיר האָבן קודם־כל געמוזט זאָרגן וועגן שאַפן וואָס מער פּלעצער פאַר אידישע זשורנאַליסטן, און אויב עס זאָל פון ביסל רע־גירונגס־בענזין אונדז נישט אַרויסקומען קיין שום נוצן, לוינט זיך אונדז נישט דער גאַנצער עסק.

מיר זײַנען באַשטאַנען אויף אונדזער ליסטע:

—עטלעכע מענטשן קענען מיר אויסשטרײַכן — האָבן מיר דער־קלערט, געדענקנדיק וועגן די פּאָר מענטשן, וואָס האָבן אַליין גע־מאָלדן, אַז זיי וועלן נישט מיטפאָרן — אָבער נאָר עטלעכע, ווײַל מיר

האָבן שוין אַזוי אויך זיך געביסן די פֿינגער, נישט אַרויפֿשטעלנדיק אַלעמען, וואָס מיר וואָלטן געדאַרפֿט אַרויפֿשטעלן.

מיר האָבן געהאַלטן, אַז די רעגירונג, וועלכע האָט ערשט אינ־דערפֿרי דורכן מויל פֿון אירע פֿאַרשטייער געלאָזן פֿאַלן אַזוי פֿיל הייסע ווערטער וועגן דער נויטווענדיקייט פֿון זשורנאַליסטישע כּוחות אין הינטערלאַנד, דאַרף זען, אַז אַ באַן, וואָס פֿאָרט אָפּ, זאָל קענען מיטנעמען עפּעס מער ווי 60 זשורנאַליסטן.

— דער צוג — האָט אונדז שציעזשינסקי געענטפֿערט — איז לײדער איבערגעפּאַקט: עס פֿאָרן דאָרט נישט בלויז זשורנאַליסטן, נאָר אויך אַ רייע מיניסטעריומס.

מיר האָבן באַשלאָסן צו פֿאָדערן אַ געשפּרעך מיטן מיניסטער גראַזשינסקי אַליין. אונדזער פֿאָרזיצער האָט זיך געפֿילט פֿון דעם אַביסל באַליידיקט, אָבער ער האָט עס נישט געזאָגט אָפֿן.

— דער מיניסטער — האָט ער געזאָגט קאַלט — איז פֿאַרנומען אויף אַ זייער וויכטיקער קאָנפֿערענץ...

דאָס האָט געקלונגען אַזוי ווי אַן אָפּזאָג. מיר האָבן נישט געהאַט קיין ברירה און מיר האָבן זיך אַוועקגעזעצט אין אַ ווינקל, כּדי צו זען, וואָס מיר קענען טון מיט אונדזער ליסטע.

צום „גליק" זײַנען, ווי געזאָגט, עטלעכע פּערזאָן אַליין אָפּגעפֿאַלן צוליבן הויכן עלטער, שוואַכן געזונט־צושטאַנד אָדער אומענטשלאָסנ־קייט. מיר האָבן אָבער נאָך אַלץ געהאַט בערך 30 מענטשן.

צו וועלכן קאַנדידאַט מיר האָבן זיך צוגערירט, כּדי אים אויסצו־מעקן, האָט די האַנט אַ ציטער געטאָן. דאָך האָבן מיר זיך געמוזט אַנט־שליסן אויף עפּעס: מיר האָבן אויסגעשטראָכן נאָך עטלעכע מענטשן, רעדוצירנדיק אונדזער ליסטע ביז 24 פּערזאָן. פֿון מײַן רעדאַקציע — האָב איך זיך אַנטשלאָסן אַראָפּצונעמען פֿון דער ליסטע 2 פּערזאָן וולאַדימיר קאָסאָווסקי און נח — ווייסנדיק, אַז זיי זײַנען די ערשטע קאַנדידאַטן אויף דער פּאַרטיי־ליסטע צו ווערן עוואַקואירט פֿון וואַרשע. עס זײַנען נאָך אַלץ געבליבן אויף דער ליסטע אַ מאַן 6-7 פֿון מײַן רע־דאַקציע מיט הענריק ערליכן און וויקטאָר אַלטערן בראש. זיצנדיק אין מיניסטאָרן־פּאַלאַץ האָב איך לײדער נישט געקענט וויסן, אַז גראַד אין יענע שעהן איז אין מײַנע פּאַרטיי־אינסטאַנצן באַשלאָסן געוואָרן, אַז די דאָזיקע 2 פּערזאָנען בלײַבן דערווײַל אין וואַרשע...

— דאָס איז אונדזער ענדגילטיקער צעטל — האָבן מיר געמאָלדן דעם וויצע־מיניסטער — מער קענען מיר נישט שטרײַכן!

שציעזשינסקי איז אָבער געוועזן האַרט, ווי אַ שטיין:

— העכסטנס 15! מער קענען מיר נישט! אייערע פּוילישע קאָלעגן וועלן פּראָטעסטירן, ווײַל עס וואָלט געדאַרפֿט גיין אויף זייער חשבון!

איך האָב געהאַלטן, אַז מען דאַרף אָפּטרעטן און מען דאַרף אַוועקגיין דערמיט, אַז מיר וועלן ברענגען צו דער באַן די דערמאָנטע 24, און אויב מען וועט נישט אַרײַנלאָזן אַלע 24, וועלן מיר אַלע זיך אָפּזאָגן צו פֿאָרן.

די איבעריקע 2 מיטגלידער פֿון אונדזער דעלעגאַציע האָבן אָבער געהאַלטן, אַז מען דאַרף זיך נאָך פֿאַרבינדן מיט די פּוילישע זשורנאַליסטן, און אפֿשר וועט צוזאַמען מיט זיי געלינגען עפּעס אויפֿצוטאָן.

אין סאַמע מיטן פֿון אונדזער דינגעניש צווישן זיך, האָט זיך פּלוצלונג געעפֿנט די טיר פֿון זײַטיקן צימער, און אין דער טיר איז געבליבן שטיין דער מיניסטער גראַזשינסקי. מיר זײַנען אויפֿגעשפּרונגען. גראַזשינסקי האָט זיך אַרומגעקוקט, וואַרטנדיק וואָס מיר וועלן זאָגן. עס איז געקומען צו אַ זייער כאַראַקטעריסטישן געשפּרעך.

ווי נאָר מיר האָבן אָנגעהויבן רעדן וועגן ענין פֿון דער פֿאַרשטײַענדיקער עוואַקואַציע, האָט ער שטייענדיק מיט פֿאַרלייגטע הענט אַרונטער, אונדז איבערגעהאַקט די רייד:

— וואָס פֿאַר אַ פֿראַגע: איך האָב געדענקט וועגן אײַך... איך ווייס, ווי באַדראָט עס זײַנען די אידישע זשורנאַליסטן... זיי וועלן, אַגב, נאָך נויטיק זײַן צו דער אַרבעט אין דער ווײַטערדיקער פֿאַזע פֿון קריג... מיר רעזערווירן פֿאַר אײַך פּלעצער אין צוג הײַנט בײַנאַכט!...

און ווי ער וואָלט זיך עפּעס דערמאָנט, האָט ער אַ פֿרעג געטון:

— נישט פֿאַראַן צווישן אײַך קיינער פֿון דער אידישער סאָציאַליסטישער פּרעסע? זיי זײַנען דאָך איצט אַממײַסטן באַדראָט!

ביז הײַנט האָט זײַן רעגירונג געהאַט פֿאַר די סאָציאַליסטן נאָר איין מין „אויפֿמערקזאַמקייט" — רעפּרעסיעס. און דאָ — נאַדיר: מיטאַמאָל אַזאַ זאָרג פֿאַר אונדזערע קעפּ!...

ער האָט געבעטן מיר זאָלן אים באַקענען מיט עטלעכע ציפֿערן: וויפֿל אָרגאַניזירטע אידישע זשורנאַליסטן מיר האָבן אין אונדזער אָרגאַניזאַציע? וויפֿל מיר האָבן אויף אונדזער ליסטע? וויפֿל מיר האָבן אַליין אויסגעשטראָכן?

— גוט — האָט ער דערקלערט — איך וועל זיך באַמיען די זאַך צו דערלײדיקן...

מיר האָבן געפּרואווט אַרויסצובאַקומען עטלעכע אינפֿאָרמאַציעס וועגן דער לאַגע. ער האָט געשוויגן, ווי אַ ספֿינקס. ער האָט אונדז געלאָזט רעדן, ער האָט גערן געהערט אונדזערע אינפֿאָרמאַציעס וועגן דער פּאַניק אין שטאָט, אָבער אַליין האָט ער עקשנותדיק געשוויגן...

— פאַרט טאַקע די רעגירונג אָפּ היינט ביינאַכט? — האָט עמעץ פון אונדז אָפּן געפרעגט.
ער איז געשטאַנען מיט ברייט־פונאַנדערגעשטעלטע פיס און מיט די הענט פאַרלייגט הינטער זיך — אַ פעסטער, נידעריקער און ברייט־ביינערדיקער. ער האָט קאַלט אַריינגעשמייכלט אונדז אין פנים אַריין מיט אַ מעלאַנכאָלישן שמייכל...
— נו, וואָס, די רעגירונג פאַרט טאַקע היינט אָפּ? — האָט דער פרעגער (דאַכט זיך: בערנאַרד זינגער) איבערגעחזרט די פראַגע.
גראַזשינסקי האָט געשוויגן . . .
— און איר אַליין, הער מיניסטער? — איז געפאַלן אַ ווייטער־דיקע עקשנותדיקע פראַגע.
גראַזשינסקי האָט געשוויגן...
עס איז געבליבן איין זאַך: זיך געזעגענען.
דאָ איז ער ווידער געוואָרן זייער פריינטלעך:
— צום ווידערזען!...
— צום ווידערזען!
מיר האָבן זיך טאַקע מיט אים נאָך איין מאָל ווידער געזען, אָבער דאָס איז געווען מיט אַ וואָך שפּעטער און אין אַזעלכע משונה־דיקע אומשטענדן, אַז עס וועט ווערט זיין דאָס אויספירלעכער צו דערציילן.

# 5

## מיין לעצטער געשפּרעך מיט הענריק ערליכן

מיר זיינען אַרויס פון מיניסטאָרן־פּאַלאַץ אין דער איבערצייגונג, אַז אונדזער ענין איז דערליידיקט.
דורכן טעלעפאָן האָבן מיר זיך אָפּגעשמועסט מיט דער פאַר־וואַלטונג פון פוילישן זשורנאַליסטן־סינדיקאַט, אַז עמעצער פון אונדז קומט תיכּף אַרויף צו זיי, כּדי זיך צוזאַמענצורעדן וועגן אַלע נויטיקע זאַכן. גלייך פון מיניסטאָרן־פּאַלאַץ איז טאַקע אַוועק צו זיי בערנאַרד זינגער.
אינדעלמאַן איז אַ מידער און דערשלאָגענער אַוועק אַהיים. ער האָט ביי זיך געהאַט באַשלאָסן נישט צו פאָרן. עפּעס איז די זאַך אַראָפּ־געפאַלן אַזוי פּלוצלונג, אַז ער האָט זיך נישט געקענט אין איין אויגנ־בליק איבערברעכן. מיר האָבן זיך אַפילו נישט געזעגנט. אַלץ איז פאָרגעקומען אין אַזאַ שנעלן טעמפּאָ, אַז מיר זיינען זיך פונאַנדער־געגאַנגען אין צוויי זייטן, ווי נישט גלויבנדיק, אַז מען וועט זיך טאַקע מער נישט זען.

משה אינדעלמאַן איז דאָן געבליבן אין וואַרשע. עטלעכע וואָכן נאָכן פֿאַלן פֿון וואַרשע, האָבן די געסטאַפּאָ-לײַט אים אַרעסטירט און אַוועקגעפֿירט קיין בערלין. עטלעכע חדשים האָט מען אים דאָרטן געמאַטערט. אָבער צום גליק האָט ער אויסגעהאַלטן. זיי האָבן אים באַפֿרײַט. איצט איז ער אין פּאַלעסטינע.

יענעם אָוונט, ווען מיר זײַנען זיך צעגאַנגען אויף די פֿינצטערע וואַרשעווער גאַסן, בין איך נאָך נישט אַוועק אַהיים. פֿון קראָקעווער פֿאָרשטאָט בין איך נאָך אַוועק אויף גראַניטשנע 11 — אין לאָקאַל פֿון זשורנאַליסטן-סינדיקאַט.

דאָ האָט פֿאַר דער שעה צײַט זיך גאָרנישט געביטן. אַזוי ווי פֿריִער, האָט אין אַלע צימערן געהערשט אַ ווירוואַר און אַ טומל, ווי אין אַמאָליקע יאָרן בעת באַגלייטן פּריזיוויניקעס צום באַן. נאָר דאַסמאָל איז עס געווען פֿיל טרויעריקער, פֿיל טראַגישער...

אין קאַנצעלאַריע זײַנען געווען עטלעכע פֿאַרוואַלטונגס-מיטגלידער. זיי האָבן מיר איבערגעגעבן, אַז לאַזאַר קאַהאַן, אַ באַקאַנטער וואַרשעווער זשורנאַליסט און אונדזערער אַ פֿאַרוואַלטונגס-מיטגליד, איז אַוועק אין לאָקאַל פֿון „קוריער פּאָראַנני", כּדי דאָרטן צוזאַמען מיט בערנאַרד זינגערן אָפּצוהיטן די אינטערעסן פֿון אונדזער גרופּע.

ענדלעך בין איך אַוועק אַהיים. ניין, נישט אַהיים נאָר צו מײַן ברודער, וואו עס האָט גענעכטיקט מײַן 10-יאָריק יינגעלע. איך בין געגאַנגען אויף די פֿינסטערע שטיגן מיט אַ געפֿיל, ווי מען גייט אַרויף אויף די שטיגן פֿון אַ גיליאָטינע.

עס איז געווען אַרום האַלב עלף אָוונט. כּמעט אָן ווערטער, מיט מערדעריש-טרוקענע, האַלב-אָפּגעבראָכענע זאַצן, האָט מען זאַכלעך זיך אָפּגערעדט וועגן בריוו, וועגן היטן דאָס קינד, וועגן צוגרייטן אַנטשפּרעכנדיקע ענטפֿערס דער געסטאַפּאָ אין פֿאַל פֿון אַ רעוויזיע אין שטוב. אַ זײַטיקער מענטש, וואָס וואָלט נישט געוואוסט, וואָסער געזעגענונג עס קומט דאָ פֿאָר, וואָלט געקענט מיינען, אַז די מענטשן רעדן מיט זיך אַזוי, ווי זיי וואָלטן זיך געזעגנט נאָר אויף עטלעכע טעג, און נישט מער. אָבער אין תּוך איז די „געשעפֿטלעכקייט" פֿון גאַנצן געשפּרעך געווען בלויז אַ מיטל זיך צו ראַטעווען פֿון נישט נויטיקע „סצענעס".

אין מיטן פֿון דאָזיקן געשפּרעך מיט מײַן פֿרוי און ברודער האָט געקלונגען דער טעלעפֿאָן. מען האָט מיר געמאָלדן פֿון זשורנאַליסטן-סינדיקאַט, אַז בערנאַרד זינגער און לאַזאַר קאַהאַן האָבן אין „קוריער פּאָראַנני" זיך באַגעגנט מיט אַ זייער פֿאַרביסענער און אַנטשלאָסענער קעגנערשאַפֿט צו אונדזער ליסטע פֿון 24.

— עס האַלט דערבײַ, אַז עטלעכע מענטשן וועלן ווידער מוזן אַרויספאַלן! — האָט מיר ראָזען געזאָגט אין טעלעפאָן — איך אַליין האָב זיך שוין פּריוואַטוויליק אָפּגעזאָגט, כּדי עס זאָלן זײַן וואָס קלענערע שוועריקייטן.

איך בין געווען אויסער זיך. איך האָב געהאַלטן, ווי פריער, אַז ס׳דאַרף פאָרן אַלע 24, אָדער קיינער נישט!

איך האָב דאָס געזאָגט ראָזענען. איך האָב אים צוגערעדט נאָכאַמאָל טעלעפאָניש אָנצוזאָגן אַלעמען (יענע, וואָס זײַנען נישט געקומען אויף גראַניטשנע עלף, נאָר געוואַרט בײַ זיך אינדערהיים אויף אַ מעלדונג), אַז זיי זאָלן אײַנפּאַקן עטלעכע זאַכן און קומען צום אַלגעמיינעם זאַמלפּונקט.

ראָזען איז געווען מיד און אַפּאַטיש. ער האָט מיר דערקלערט, אַז ער וועט טעלעפאָניש זיך נאָכאַמאָל פאַרשטענדיקן מיט אונדזער דעלעגאַציע אין „קוריער פּאָראַנני" און האַנדלען אין הסכם מיט זיי.

— מעגלעך, אַז זיי האָבן גענומען אויף זיך געוויסע פאַרפליכטונגען! — האָט מיר ראָזען אויפמערקזאַם געמאַכט — איך קען זיי נישט שטעלן אין אַ פאַרלעגנהייט.

מיט אַ צען מינוט שפּעטער האָט מיר ראָזען ווידער טעלעפאָנירט. ער האָט מיר געמאָלדן, אַז אונטערן דרוק פון די פּוילישע קאָלעגן איז אונדזער דעלעגאַציע געווען געצוואונגען אַראָפּצונעמען 9 פּערזאָן פון אונדזער ליסטע, כּדי עס זאָל בלײַבן קײַלעכדיקע 15.

ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן האָט דערבײַ געליטן מײַן רעדאַקציע. אמת, נאָך איצט האָט די דעלעגאַציע געלאָזן אויף דער ליסטע 3 מיטאַרבעטער פון דער „פאָלקסצײַטונג", אָבער עס זײַנען אויסגעמעקט געוואָרן פון דער ליסטע אַזעלכע מענטשן, וועלכע מען האָט פון קיין שום שטאַנדפּונקט נישט געטאָרט אויסמעקן.

אויף דער ליסטע פון די 15 זײַנען געבליבן פאָלגנדיקע שרײַבער און פּובליציסטן: וויקטאָר אַלטער, ד"ר העשל גאָטליב, מיעטשיסלאַוו גרינבוים, שאול וואַגמאַן, בערנאַרד זינגער, מ. יוסטמאַן („יאושזאָן"), י. מ. נײַמאַן, ז. סעגאַלאָוויטש, ש. סטופּניצקי, ה. ערליך, דוד פלינקער, נח פּרילוצקי, לאַזאַר קאַהאַן, נאַטאַן שוואַלבע און איך.

אין סאַמע מיטן פון טעלעפאָנישן געשפּרעך מיטן זשורנאַליסטן־סינדיקאַט, זײַנען אומרואיק אַרײַנגעפאַלן צו מיר עטלעכע פרײַנט. זיי האָבן זיך דערוואוסט, אַז איך פאָר אַוועק, און זיי זײַנען געקומען זיך געזעגענען. איינער פון זיי, מײַנער אַ נאָענטער פרײַנט, האָט אין מײַן אָנוועזנהייט זיך אָפּגעשמועסט מיט מײַן ברודער, אַז זיי וועלן אויך פאַרלאָזן די שטאָט.

—מיט היטלערן — האָבן זיי ביידע איינגעשטימט צווישן זיך — וועלן מיר דאָ נישט בלייבן! מיר וועלן מאָרגן אַוועק פֿון שטאָט צוזאַמען מיטן מיליטער...

זיי זיינען דערביי געווען זיכער, אַז ווי נאָר זיי וועלן קומען אויף יענער זייט פֿון טייך בוג, וועט מען זיי מאָביליזירן פֿאַר דער אַרמיי.

—עס וואָלט געווען אַ חרפּה — האָבן זיי ביידע געטענהט — אַז מיר זאָלן דאָ בלייבן אונטער היטלערס שטיוול, בעת איר דאָרטן וועט זיך ווייטער שלאָגן...

דאָרטן — האָט געהייסן די ניי־געפּלאַנטע פֿראָנט־ליניע אויף יענער זייט פֿון טייך בוג...

עס איז געקומען דער מאָמענט פֿון געזעגענען זיך. איך האָב נאָך געדאַרפֿט גיין צו זיך אַהיים און איינפּאַקן עטלעכע זאַכן אין וועג אַריין. דער זאַמלפּונקט איז געווען ביים האָטעל בריסטאָל אויף קראָקעווער פֿאָרשטאָט האַלב נאָך 12 ביינאַכט.

מיין שוועגערין איז געזעסן, ווי פֿאַרגליווערט. אירע אַ שוועסטער איז געשטאַנען אין אַ ווינקל. מיין ברודער און מיינע פֿריינט האָבן געפּרוּווט מאַכן לייכטע וויצן, כּדי נישט צו דערלאָזן צו קיין „סצענעס".

מיין פֿרוי און איך זיינען אַריין אין צווייטן צימער, וואו עס איז געשלאָפֿן אונדזער יינגעלע.

רואיק, געלאַסן הערט זיך זיין קינדעריש אָטעמען. ער ווייסט נישט, אַז ביי זיין צוקאָפּנס שטייט איצט זיין טאַטע און איין געדאַנק — נאָר דער דאָזיקער איינציקער געדאַנק! — פּילט אוים זיין קאָפּ און זיין גאַנץ וועזן: „קינד מיינס — האָט אין מיר זיך געריסן אַ געשריי אָן ווערטער — וועל איך דיך נאָך ווען זען אין מיין לעבן"?

איך האָב האַסטיק אָנגעצונדן די עלעקטרישע ליכט און גענומען דאָס מאַכטלאָזע שלאָפֿנדיקע קערפּערל אויף די הענט.

פֿון מיינע קושן האָט דאָס קינד זיך אויפֿגעכאַפּט פֿון שלאָף. עס האָט געקוקט פֿאַרחידושט אַרום זיך: אויף מיר, אויף דער מאַמען, וואָס איז געשטאַנען דערנעבן מיט פֿאַרפּרעסטע ליפּן, אויף די עטלעכע קרובים און פֿריינט, וואָס זיינען געהאַט אַריינגעקומען פֿון צווייטן צימער.

—קינד, מיינס — האָב איך צו אים געזאָגט — קוק גוט אָן דעם טאַטן: וועסט לאַנג, לאַנג אים נישט זען!...

דאָס יינגעלע האָט פֿאַרמאַכט צוריק זיינע אויגן. איך האָב אים אַוועקגעלייגט צוריק אויף זיין בעטל און אויסגעלאָשן די ליכט.

—איצט — האָב איך געזאָגט — בין איך פֿאַרטיק צום גיין...

מײַן שוועגערין האָט געוויינט. איר שוועסטער האָט מיר גע־דריקט די האַנט און געוואונטשן אַ לײַכטן וועג. איך, מײַן פֿרוי, מײַן ברודער און מײַן פֿרײַנט זײַנען אַרויס אויף די פֿינצטערע שטיגן.

די גאַס איז איצט געווען אינגאַנצן ליידיק. אין משך פֿון 10 מינוט האָבן מיר אָנגעטראָפֿן אויף אונדזער וועג אפֿשר 6-5 פֿאַרבײַגייער. דערפֿאַר האָט זיך גראָד געמאַכט אַ ליידיקע דראָזשקע.

מײַן פֿרײַנט האָט זיך אַרײַנגעזעצט מיט אונדז און מיר זײַנען געפֿאָרן אַ שטיק וועג צוזאַמען. בײַם עק לעשנע און פּזשעיאַזד איז ער אַוועק צו זיך אַהיים. איין קורצער האַנט-דרוק, איין שטאַרקער האַנט-דרוק, און פֿרײַנט זײַנען זיך פֿונאַנדערגעגאַנגען.

— צי וועל איך אים נאָך ווען זען? — האָט איין און דער זעלבער געדאַנק מיך געמאַטערט ביז פּיזישן ווייטאָג.

אין מײַן וואוינונג בין איך אָנגעקומען אַרום האַלבע נאַכט. מיר זײַנען געווען זאַלבעדריט: איך, מײַן פֿרוי און מײַן ברודער. דעם וועג האָבן מיר אַדורכגעמאַכט אין אַבסאָלוטן שווײַגן.

איך האָב אַרײַנגעוואָרפֿן אַביסל וועש, זייף און דאָקומענטן אין אַ קליינער האַנט-וואַליזע. מײַן פֿרוי האָט מיך געוואָלט איבער־צײַגן, אַז איך זאָל מיטנעמען מיט זיך מײַן הערבסט-מאַנטל, אָבער איך האָב זיך קאַטעגאָריש אָפּגעזאָגט.

— צי קען איך פֿאָרויסזען — האָב איך פֿאָרויסגעזאָגט — וויפֿל קילאָמעטער עס וועט מיר אויסקומען זיך צו שלעפּן צופֿוס?

— אָבער אין צוויי וואָכן אַרום וועסטו שוין אָנהויבן ציטערן פֿאַר קעלט!

— ווער קען איצט אויסרעכענען, וואָס עס וועט זײַן אין 2 וואָכן אַרום? אפֿשר וועל איך שוין דאָן זײַן אין דער אַרמיי און במילא וועל איך שוין נישט פֿרירן...

איך האָב דעם מאַנטל נישט גענומען. איך האָב נאָר בלויז אײַליק נאָך צעריסן און אַרויסגעוואָרפֿן אין מיסט עטלעכע קאָמ־פּראָמיטירנדיקע ביכער, וועלכע וואָלטן געקענט באַלאַסטן מײַן פֿרוי אין פֿאַל פֿון אַ רעוויזיע פֿון דער געסטאַפּאָ. צווישן אַנדערן האָב איך צעריסן דעם עקזעמפּלאַר פֿון מיינער אַן אייגענער בראָשור אונטערן נאָמען „היטלער — דער פֿירער פֿון די ברוינע העמדלעך", וועלכע איז דערשינען אין וואַרשע אין יאָר 1931 אָדער 1932 אונטערן פּסעוודאָנים פּ. פֿראַנק.

און אָט שטיי איך שוין מיט דער וואַליזע אין האַנט. די אויגן בלאָנדזשען אומרואיק איבער די ווענט פֿון צימער, איבער מײַן איינציקן

מאַטעריעלן פֿאַרמעגן — מײַן ביסל ביכער אויף די פּאָליצעס — און אין קאָפּ שטעקט אַ ווייטאָג ביז שרײַען, ביז טופּן מיט די פֿיס:

— וועל איך דאָס נאָך אַמאָל זען?...

אָבער נישט איך האָב געשריגן און נישט איך האָב געטופּעט מיט די פֿיס. איך האָב זיך כּסדר אינערלעך געצווימט, כּדי נישט צו געבן קיין שלעכטן בײַשפּיל מײַנע נאָענטע.

אין דער לעצטער מינוט האָב איך באַשלאָסן נאָכצוקאָנטראָלירן, צי ערליך און אַלטער זײַנען שוין אַרויס פֿון שטוב. מיטן רעגנמאַנטל אין איין האַנט און מיט דער וואַליזע אין דער צווייטער האַנט בין איך צו צום טעלעפֿאָן. איך האָב אַוועקגעשטעלט אויף אַ ווײַלע די וואַליזע און אָנגעקלונגען צו ערליכן אין שטוב.

בײַם טעלעפֿאָן איז געווען ערליכס פֿרוי — די שריפֿטשטעלערין סאָפֿיע דובנאָוו-ערליך:

— הענריק — האָט זי מיר געזאָגט — פֿאָרט נישט... ער שטייט אין טויער אויף דער וואַך, ווײַל ער האָט הײַנט אַ נאַכט-דיזשור אַלס אָנפֿירער פֿון דער ציווילער לופֿט-שוץ פֿון זײַן הויז.

איך האָב נישט פֿאַרשטאַנען, וואָס דאָ קומט פֿאָר. איך האָב געבעטן אַרויפֿרופֿן ערליכן צום טעלעפֿאָן. מיט אַ מידער שטימע און אַביסל הייזעריקלעך האָט ער מיר קורץ דערציילט, וואָס עס איז זיך פֿאַרלאָפֿן אין משך פֿון אָוונט:

— אונדזער פּאַרטיי און די פּ. פּ. ס. האָבן הײַנט אויפֿגעפֿאָדערט דעם שטאָט-פּרעזידענט סטאַזשינסקי צו רופֿן אַ דרינגענדיקע זיצונג פֿון שטאָט-ראַט. איך און אַלטער מוזן דערווייל בלײַבן...

— אויב אַזוי — האָב איך זיך האַסטיק אַנטשלאָסן — פֿאָר איך אויך נישט! מיר פֿאָרן דאָך מאַכן אַ נײַע צײַטונג אויף יענער זײַט בוג און איך אַליין וועל עס נישט באַווײַזן.

איך האָב געהאַט צו ערליכן אַ טענה, פֿאַרוואָס מען האָט דאָס נישט געמאָלדן מיט 2 שעה צוריק אין זשורנאַליסטן-סינדיקאַט, ווײַל דאַן וואָלט מען כּאָטש אַרויפֿגעשטעלט אויף דער ליסטע אַנדערע 2 מיטאַרבעטער פֿון אונדזער רעדאַקציע.

— עס איז געטאָן געוואָרן — האָט מיך ערליך אַביסל באַרואיקט — איך אַליין האָב אָפּגעשמועסט מיט שעפֿנערן און שולמאַנען, אַז זיי זאָלן אַוועק צום זאַמלפּונקט. מסתּמא זײַנען זיי שוין אַרויס פֿון שטוב.

וויקטאָר שולמאַן, דער סעקרעטאַר פֿון דער רעדאַקציע „פֿאָלקס-צײַטונג", און ברוך שעפֿנער, אַ מיטגליד פֿון אונדזער רעדאַקציע-

קאָלעגיע, האָבן טאַקע באַקומען מעלדונגען, ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, אַז זיי זאָלן גיין צום באַן. איך האָב אָבער נישט געקענט פועלן ביי זיך אָפּצופאָרן אָן ערליכן און אַלטערן, וועלכע זײַנען געווען די אָנערקענטסטע 2 פירער פון די אידישע אַרבעטער־מאַסן אין פוילן. איך האָב געטראַכט, אַז דאָס בלײַבן שאַפט פאַר זייער לעבן און זיכערקייט אַ גרויסע סכּנה.

— אָן אײַך — האָב איך דערקלערט ערליכן אין טעלעפאָן — פאָר איך נישט! אויב איר קענט זיך דערלויבן צו בלײַבן, קען איך אויך בלײַבן...

אַזוי ווי עס וואָלט געווען איצט, געדענק איך גענוי דעם קרעכץ פון ערליכן אין טעלעפאָן:

— שמואלאַק — האָט ער מיך אָנגערופן מיט מײַן נאָמען, וועלכן ער פלעגט באַנוצן, ווען ער פלעגט וועלן אַרויסווײַזן צו מיר אַ באַזונדערע וואַרעמקייט — שמואלאַק, זײַט נישט קיין עקשן, מאַטערט מיך נישט! איך בין אַזוי מיד פון אַ גאַנצן טאָג, אַז עס איז מיר ממש שווער צו רעדן... איך היים אײַך אומבאַדינגט גיין צו דער באַן.

איך האָב זיך פאַרעקשנט. איך האָב זיך נישט געקענט אַנטשליסן גיין אָן אים צו דער באַן.

— און אַז נח וועט אײַך אָפיציעל באַפעלן אין נאָמען פון דער פּאַרטיי, וועט איר אויך אָפּזאָגן? — האָט ער געזאָגט מיט זײַן אייגנאַרטיקן טאָן פון אויפרעגונג, אין וועלכן עס איז תּמיד געווען מער פאָטערלעכער געבעט, ווי געבייזער.

ער האָט אַוועקגעלייגט דעם טעלעפאָן. איך האָב אויסגענוצט דעם מאָמענט און זיך טעלעפאָניש פאַרבונדן מיט שעפנערן, וועלכער איז נאָך טאַקע געווען אין שטוב. אויך ער האָט — נישט צונויפרעדנדיק זיך מיט מיר — רעאַגירט אַזוי ווי איך: אויך ער האָט זיך אָפּגעזאָגט צו גיין צום באַן אָן ערליכן און אַלטערן.

מיר האָבן זיך אָפּגעשמועסט, אַז דווקא ווײַל עס האַנדלט זיך וועגן דער „פאַלקסצײַטונג", האָבן מיר רעכט צו פאַרלאַנגען, אַז עס זאָל לכל־הפּחות איינער פון זיי ביידע — אָדער ערליך אָדער אַלטער — מיטפאָרן מיט אונדז. אָבער ווי נאָר מיר האָבן איבערגעריסן דעם טעלעפאָנישן געשפּרעך, האָט זיך אָפּגערופן אין מײַן שטוב דאָס טעלעפאָן־גלעקל. בײַם טעלעפאָן איז געווען ערליך:

— איך רעד צו אײַך אָפיציעל — האָט ער גערעדט באַפעלעריש — און דאָס זעלבע מעלד איך שעפנערן! איר האָט נישט קיין רעכט צו שטעלן די פראַגע אויפן פערזענלעכן באָדן, ווײַל דאָ האַנדלט זיך וועגן אַ וויכטיקער פּאַרטיי־שליחות: איר און שעפנער מיט שול־

מאַנען דאַרפֿט תּיכּף אָפּפֿאָרן, כּדי ערגעץ, אינדרויסן, אין לאַנד, אַרויסצוגעבן די „פֿאָלקסצײַטונג”, און איך מיט אַלטערן מוזן דערווײַל בלײַבן. איך פֿאָדער דאָס פֿון אײַך קאַטעגאָריש נישט אין מײַן פּער־זענלעכן נאָמען, נאָר אין נאָמען פֿון דער פּאַרטיי!... אַזוי האָב איך זיך אָפּגעשמועסט מיטן חבר נח!...

עס האָט מער נישט געקענט זײַן קיין שום דיסקוסיע: נחס וואָרט איז פֿאַר יעדן פֿון אונדז תּמיד געווען אַ באַפֿעל.

— איך פֿאָר... זײַט געזונט... — האָב איך שנעל געשלונגען די ווערטער, פֿילנדיק, אַז מײַן שטימע האָט צום ערשטן מאָל יענעם אָוונט אַ ציטער געטאָן — זײַט געזונט!... מיר זאָלן זיך זען אינ־גיכן!...

איך וועל אים שוין קיינמאָל נישט זען. ער איז אַרויס פֿון וואַר־שע פֿיל שפּעטער פֿון מיר און געהאַט אַ פֿיל ערגערן וועג. ער האָט מיט דעם גרעסטן טייל פֿון צ. ק. פֿון מײַן פּאַרטיי זיך געוואַלגערט איבער פֿיל שטעט און דערפֿער ביז ער האָט זיך אָפּגעשטעלט אין פּינסק. דאָ האָט ער פֿאַרבראַכט עטלעכע טעג אונטער דער באָלשעוויסטישער אָקופּאַציע און לסוף האָט ער דורך בריסק — לויט אַ באַשלוס פֿון צ. ק. — געדאַרפֿט אומלעגאַל זיך אַדורכרײַסן קיין לובלין, וועלכע האָט זיך געפֿונען אויף דער היטלעריסטישער זײַט. פֿון דאַנען, פֿון לובלין, האָט ער געדאַרפֿט זיך פֿאַרבינדן מיט אונדזערע אומלעגאַלע גרופּן אין לאַנד און פּרוּוון זיך שטעלן צוריק בראָש פֿון דער גאַנצער באַוועגונג. צוזאַמען מיט אים — עטלעכע טעג נאָך אים — האָבן געדאַרפֿט דורכמאַכן דעם זעלבן וועג נאָך עטלעכע מיטגלידער פֿון אונדזער צ. ק. עס איז אַפֿילו נישט געווען פֿון די אויסגערעכנטסטע און זיכערסטע זאַכן צוריקצוגיין פֿירן אַ נײַע רעוואָלוציאָנערע אַרבעט קעגן היטלערן אויף יענע געביטן, וואו קינד און קייט האָט די דאָזיקע מענטשן געקענט. אָבער וואָסער אויסוועג איז דען אייגנטלעך געבליבן נאָכן אַרײַנקומען פֿון די באָל־שעוויקעס קיין פּוילן? בלײַבן אונטער זייער הערשאַפֿט, ווען זיי האָבן זיך באַפֿרײַנדעט מיט היטלערן, האָט ערליך נישט געוואָלט...

אָבער ערליך איז ביז לובלין נישט דערפֿאָרן. אין בריסק האָט עפּעס אַ קאָמוניסטיש באַשעפֿענישל אָנגעוויזן אַ סאָוויעטישן וואַכ־מאַן, אַז ער זאָל אַרעסטירן דעם דאָזיקן „געפֿערלעכן פּאַרשוין”, און דער אָרעמער רויט־אַרמייער האָט אים געפֿאָלגט. צו דער אייבי־קער שאַנדע פֿון די באָלשעוויקעס וועט בלײַבן דער געשיכטלעכער פֿאַקט, אַז זיי האָבן אַרעסטירט ערליכן (און שפּעטער אים מער־דערלעך אומגעבראַכט), ווען ער איז געווען אינמיטן וועג איבער־

צונעמען די נײַע אָנפירונג פון דער אָנטשטייענדיקער אונטער־ער־דישער אַנטי־נאַצי־באַוועגונג אין פוילן.

שפּעטער, ווען היטלער איז באַפאַלן סאָוויעט־רוסלאַנד, האָט די סאָוויעטישע מאַכט באַפרײַט אַלע אַרעסטירטע פוילישע בירגער און אויך ערליכן, דעם פירער פון „בונד" (אַ רייע אַנדערע אַרעס־טירטע פירער פון „בונד" האָבן זיך נישט דערוואַרט אויף דער באַפרײַאונג און זיי זײַנען אומגעקומען אין די תפיסות און פאַר־שיקונגס־ערטער). באַלד נאָך זײַן באַפרײַאונג האָט ערליך אַרויס־געלאָזן אַ פּלאַמיקן אויפרוף צו די אידישע פּליטים־מאַסן פון פוילן אויף די סאָוויעטישע טעריטאָריעס, אַז זיי זאָלן זיך שטעלן צום קאַמף קעגן היטלערן — דעם געמיינזאַמען שונא פון די אידן, פון פוילן און פון סאָוויעט־רוסלאַנד. די אויסלענדישע רעפּרעזענטאַנץ פון „בונד", וועלכע געפינט זיך אין אַמעריקע, האָט באַשלאָסן דעלע־גירן ערליכן אין פוילישן גלות־פּאַרלאַמענט אין לאָנדאָן. דאַן האָבן די באָלשעוויקעס ערליכן (צוזאַמען מיט אַלטערן) ווידער אַרעסטירט. ציניש אַרעסטירט און ציניש אומגעבראַכט. קיין האָט געפונען זײַן פאַרקערפּערונג אין אונדזער יאָרהונדערט. קיין מאָרדעט ווײַטער זײַנע ברידער. אָבער קינס נאָמען וועט נישט אויפהערן צו זײַן אַ שאַנדע אין אַלע דורות, אין אַלע צײַטן...

נישט איינמאָל טראַכט איך: אפשר וואָלט ערליך לעבן־געבליבן, ווען ער וואָלט יענע נאַכט אַרויסגעפאָרן פון וואַרשע צוזאַמען מיט מיר?...

## 6

## אַדיע, ליבע היים...

עס איז געווען האַלב נאָך 12 בײַנאַכט. מײַן פרוי און מײַן ברודער האָבן מיך אָפּגעפירט צום האָטעל „בריסטאָל", וואו עס האָבן זיך געזאָלט פאַרזאַמלען אַלע אָנטייל־נעמער פון דער זשורנאַליסטישער עוואַקואַציע־גרופּע.

הויל, ווי פון פאַס אַרויס, האָבן אָפּגעהילכט איבער דער פינצ־טערער און ליידיקער גאַס אונדזערע טריט. מיר זײַנען געגאַנגען און געשוויגן. יעדער פון אונדז איז געווען אַ קנויל, וואָס האַלט זיך בלויז אַזוי־לאַנג, ווילאַנג מען רירט זיך צו אים נישט צו.

— ווי קומט מען שוין איבער? — האָב איך זיך אינערלעך גע־ערגערט — ווי קומט מען שוין איבער די לעצטע געזעגענונג!...

פון קראַשינסקי־פּלאַץ זײַנען מיר אַרײַן אין מיאָדאָווע. די איינ־ציקע 3 מענטשן, וועלכע מיר האָבן באַגעגנט אין גאַס, זײַנען געווען

עפּעס אַן אָנשטענדיק-געקליידעטער מאַנספּאַרשוין, וועלכן 2 פּאַ־ליציאַנטן האָבן געפֿירט אַ געקייטלטן. אַ שפּיאָן?

ענדלעך זיַינען מיר אויף קראָקעווער פּאָרשטאָט. וואָס נעענטער מיר זיַינען געקומען צום האָטעל „בריסטאָל”, אַלץ דיַיטלעכער האָט זיך אָנגעהויבן אויסשיילן פֿאַרן אויג אַ שוואַרצער באַוועגלעכער פֿלעק אויפֿן טראָטואַר נעבן האָטעל. דאָס איז געווען אונדזער זשור־נאַליסטן-גרופּע, וואָס איז געווען צוזאַמענגעפּרעסט ביַי די ווענט פֿון האָטעל און פֿון דער שכנותדיקער פּוילישער קאָנסערוואַטיווער ציַיטונג „קוריער וואַרשאַווסקי” (די גרעסטע און ריַיכסטע וואַרשע־ווער ציַיטונג).

דער ברודער האָט מיר אַרויסגענומען פֿון האַנט די וואַליזע.

— ווערסט נאָך האָבן גענוג ציַיט זי צו טראָגן! — האָט ער געזאָגט, אַבי איבערצורייסן די שטילקייט.

מיר זיַינען געקומען אַלץ נעענטער צום האָטעל.

— און אָט וועלן מיר זיך באַלד געזעגענען! — האָב איך געזאָגט אויך אַבי עפּעס צו זאָגן און איך האָב דערביַי אַ טראַכט געטאָן: „די שטימע קלינגט פֿעסט, זי וועט אויסהאַלטן ביזן סוף”...

צום גליק בין איך צוגעקומען צום געזעמל זשורנאַליסטן ביַים האָטעל אין יענעם מאָמענט, ווען דער עולם האָט זיך גענומען אויס־ציִען אין אַ לאַנגער קייט צום אַוועקגיין.

— אַ גליק — האָב איך געטראַכט אין זיך מיט ווייטאָג — אַ גליק, וואָס מען גייט שוין, און די געזעגענונג וועט נישט דויערן לאַנג.

די מענטשן-קייט האָט טאַקע שטיל און פּאַמעלעך זיך גענומען באַוועגן.

— אָט גייט מען שוין! — האָב איך אויסגערופֿן — מען דאַרף זיך געזעגענען!...

עס האָט געדויערט אַ סעקונדע. איך האָב מיט איין האַנט אַרומ־גענומען מיַין ברודער און מיט דער צווייטער האַנט די פֿרוי.

— זיַיט געזונט! — האָב איך אַרויסגעזופּט די ווערטער דורך די ציין, ווי איך וואָלט זיי נישט געוואָלט אַרויסלאָזן פֿון מויל — זיַיט געזונט!... זיַיט געזונט!...

איך האָב שנעל אַ כאַפּ געטון די וואַליזע פֿון ברודער און זיך אויסגעדרייט מיטן רוקן. איך האָב זיך אַ וואָרף געטאָן צו דער גע־דיכטער קייט מענטשלעכע שאָטנס — איך האָב קיינעם נישט אונ־טערשיידט אין דער פֿינצטער! — און זיך איַינגעגלידערט אין איר. נישט זעענדיק ווער עס גייט פֿאַר מיר און ווער — נאָך מיר.

ערשט פֿון דאַנען האָב איך זיך נאָכאַמאָל אומגעקוקט. אינמיטן גאַס זיַינען איינזאַם געשטאַנען 2 מענטשן און געפֿאָכעט צו מיר מיט

דער האַנט: מײַן ברודער און מײַן פֿרוי. איך האָב זיי אָפּגעענטפֿערט מיט דער האַנט און עפּעס אַ רחמנות־געפֿיל האָט מיך פּלוצלונג גענומען פּלאָגן:

— וואו לאָז איך זיי דאָ איבער? — האָט אַן אינערלעכע שטימע אין מיר געשריגן.

— און ווער ווייסט וואָס עס וועט זײַן מיט דיר אַליין? — האָט אַן אַנדערע אינערלעכע שטימע פֿאַרפֿירט אַ וויכוח מיט דער ערשטער.

עמעץ האָט מיך אין דער פֿינצטער אָנגעכאַפּט בײַ דער האַנט:

— שוואַרץ, שוואַרץ, לאָמיר זיך געזעגענען...

איך האָב מיך אומגעקוקט. די פֿרויען־שטימע, וואָס האָט געזאָגט די דאָזיקע ווערטער, איז מיר געווען באַקאַנט, אָבער איך האָב זיך נישט געקענט דערמאָנען אויגנבליקלעך ווער דאָס איז.

דאָס איז געווען די באַקאַנטע אידישע אַקטריסע שושנה — די פֿרוי פֿון לאַזאַר קאַהאַן. זי איז געקומען באַגלייטן איר מאַן. זי איז געגאַנגען נעבן אים, אַ צוויי טריט פֿאַר מיר. עס האָט געדויערט אַ ווײַלע און איך האָב זי דערקענט.

— זײַט געזונט! — האָב איך געדריקט איר האַנט און געהאַט מיטאַמאָל דאָס באַדערפֿעניש איר צו זאָגן דאָס אַלץ, וואָס איך האָב געוואָלט זאָגן מײַנע אייגענע, נאָר עס נישט געזאָגט אויס מורא, אַז איך וועל זיך נישט קענען קאָנטראָלירן...

— גייט געזונט! — האָט זי מיך אָנגעכאַפּט פֿאַרן עלנבויגן — מיר זאָלן זיך נאָך וועוען ווידער זען...

און זי האָט זיך אָפּגעריסן פֿון אונדזער קייט און געבליבן הינ־טערשטעליק.

— גייט געזונט! — האָט זי נאָכאַמאָל אַ געשריי געטאָן צו אונדז פֿונדערווײַטנס. דער דאָזיקער לעצטער געזעגענונגס־רוף האָט אָפּ־געקלונגען איבער דער ליידיקער גאַס ווי אַ יאָמער.

איך בין געגאַנגען נעבן לאַזאַר קאַהאַנען און מיר האָבן לאַנג ביידע געשוויגן. שפּעטער, ווען ער האָט אָנגעהויבן רעדן, האָב איך זיך פֿון אים דערוואוסט, אַז פֿון מײַן רעדאַקציע בין איך דאָ איינער אַליין, ווײַל שעפּנער און שולמאַן זײַנען נישט געקומען.

— מסתמא — האָט ער מיך געטרייסט — האָבן זיי באַקומען נישט געניוע אָנווײַזונגען און זיי זײַנען אַוועק גלײַך צו דער באַן!

וועגן שעפּנערן איז עס געווען ריכטיק — ער איז שפּעטער אונטערגעקומען. אָבער שולמאַן איז שוין געבליבן אין וואַרשע. מיט וואָכן שפּעטער האָבן מיר זיך דערוואוסט, אַז פּאָליציאַנטן האָבן אים פֿאַרהאַלטן אויפֿן וועג צום זאַמלפּונקט, ווײַל ער האָט מיט זײַן

וואָליזע זיי אויסגעזען פּאַרדעכטיק. זיי האָבן אים אָפּגעשטעלט און געוואָלט זען, צי ער טראָגט נישט אין דער וואַליזע באָמבעס — צי ער איז נישט איינער פון די צאָלרייַכע אַגענטן פון פינפטן קאָלום, וועלכע האָבן אין יענע טעג דורכגעפירט אין פאַרשידענע עקן לאַנד איין סאַבאָטאַזש-אַקט נאָכן צווייטן.

דער סוף איז געווען, אַז שולמאַן איז אָנגעקומען צום זאַמלפּונקט, ווען מיר זייַנען שוין געהאַט אַוועק פון דאָרטן. ער איז אַוועק צוריק אַהיים און ער האָט דורכגעמאַכט די גאַנצע שווידערלעכע באָמבאַר-דירונג פון וואַרשע. דערפאַר האָט ער געהאַט אַ גרויסע סאַטיספאַק-ציע: צו דער לאַנגער קייט פון רעוואָלוציאָנערע אַקציעס, אין וועלכע ער האָט זיך באַטייליקט אין משך פון די העכער 40 יאָר פון זייַן רעוואָלוציאָנערער פאַרגאַנגענהייט, איז צוגעקומען נאָך איין העלדי-שער בלאַט — דאָס רעדאַגירן די „פאָלקסצייַטונג" אין וואַרשע ביזן טאָג, ווען די העלדישע שטאָט איז געפאַלן.

שפּעטער האָט שולמאַן זיך באַטייליקט אין די ערשטע שריט פון דער אומלעגאַלער בונדישער באַוועגונג אונטער דער היטלער-אָקופּאַציע. ווי אַלע מענטשן, וואָס זייַנען צו לאַנג געווען אויף דער אויבערפלאַך פון פּאָליטישן און געזעלשאַפטלעכן לעבן, האָט ער נישט געקענט נוצן ברענגען דער אונטערערדישער באַוועגונג. פאַר-קערט: ער האָט יעדן טאָג אייַנגעשטעלט זיך אַליין און אַנדערע. ער איז דעריבער אַוועק דורך „גרינע גרענעצן" קיין ליטע, וועלכע איז דאַן געווען דער ערשטער צענטער פון דער נייַער בונדישער קריגס-עמיגראַציע. שפּעטער, צוזאַמען מיט אַנדערע אידישע אַרבעטער-טוער, איז ער אַראָפּגעבראַכט געוואָרן דורכן אַמעריקאַנער אידישן אַרבע-טער-קאָמיטעט קייַן אַמעריקע.

אין דער אונטערשטער שורה זייַנען אין דער דעמאָלטיקער זשורנאַליסטישער עוואַקואַציע-גרופּע געפאָרן בלויז 2 מיטאַרבע-טער פון דער „פאָלקסצייַטונג". דאַקעגן זייַנען פון אייגענער איניצי-אַטיוו געקומען צו דער באַן צוויי פון יענע קאָלעגן, וועלכע האָבן זיך געפונען אויף דער ליסטע פון 24, נאָר זיי זייַנען אין דער לעצטער מינוט צוזאַמען מיט נאָך אַנדערע אויסגעמעקט געוואָרן — שמואל וואָלקאָוויטש, דער מיטאַרבעטער פון אידיש-פּוילישן „נאַש פּשעג-לאָנד", און דער מיטאַרבעטער פון „עקספּרעס" מנחם פלאַקסער. די ענדגילטיקע ליסטע געקומענע צום באַן האָט במילא אויסגעזען אַזוי: ד"ר העשל גאָטליב, מיעטשיסלאַוו גרינבוים, שאול וואַגמאַן, שמואל וואָלקאָוויטש, בערנאַרד זינגער, מ. יוסטמאַן (יאושזאָן), י. מ. נייַמאַן, ז. סעגאַלאָוויטש, ש. סטופּניצקי, דוד פלינקער, נח פּרי-לוצקי, מנחם פלאַקסער, לאַזאַר קאַהאַן, ברוך שעפנער, נאַטאַן שוואַלבע

און איך — סך־הכּל 16 פּערזאָן. לויט אַ רעדאַקציע־שליסל זײַנען גע־פֿאָרן 5 מיטאַרבעטער פֿון דער אידיש־פּוילישער צײַטונג „נאַש פּשעגלאָנד״, 3 מיטאַרבעטער פֿון ציוניסטישן „הײַנט״, 3 מיט־אַרבעטער פֿון „עקספּרעס״, 2 מיטאַרבעטער פֿון דער בונדישער „פֿאָלקסצײַטונג״, 2 מיטאַרבעטער פֿון „מאָמענט״ און 1 מיטאַרבעטער פֿון אָרטאָדאָקסישן „טאָגבלאַט״.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ וואַנדער־וועג, וועלכער האָט פֿאַר אייניקע זיך געענדיקט מיט טויט, פֿאַר אַנדערע מיט תּפֿיסה און אינטערנירונג, פֿאַר דריטע מיט רעטונג אין אַמעריקע אָדער אין אַנדערע לענדער.

אָבער — נישט אַזוי לײַכט איז אָנגעקומען די רעטונג!

# מיטן וואַנדער־שטאָק אין האַנט

## 1

## פון וואָקזאַל צו וואָקזאַל

נאַכט. פֿינצטער. אַ דריקנדיקע דראַמאַטישע שטילקייט.

מיר דערנענטערן זיך צו דער גרויסער וואַרשעווער קערבעדזש־בריק.

די בריק ציט זיך איבער דער ווייַסל, ווי אַ שוואַרצע שלאַנג, און איבער דער ברייט פֿון דער בריק ליגט יעדע פּאָר צענדליק מעטער אַן איבערגעקערטער טראַמוויי־וואַגאָן, מיט וועלכן מען וויל, זעט אויס, פֿאַרבאַריקאַדירן היטלערן דעם אַרייַנגאַנג קיין וואַרשע...

טרויעריק, ווי עפּעס אַ פֿאַנטאַסטישער לעגיאָן פֿון פֿאַרטיליקטע, ציט זיך אונדזער לאַנגער שווייַגנדיקער צוג איבערן זייַטיקן טראָטואַר פֿון דער בריק. פֿון דאָרטן פֿאַרקערעווען מיר אויף רעכטס און מיר דערנענטערן זיך דורך עטלעכע זייַטיקע גאַסן צום מזרח־וואָקזאַל אין פּראַגע (אַ פֿאָרשטאָט פֿון וואַרשע).

הינטער מיר סאַפּעט שווער דער פֿריִערדיקער פֿאָרזיצער פֿון וואַרשעווער אידישן זשורנאַליסטן־סינדיקאַט, דער באַקאַנטער ציוניסטישער פּובליציסט און סיים־דעפּוטאַט ד"ר גאָטליב. זייַן הויכע מאַסיווע געשטאַלט זעט אויס אין דער פֿינצטערניש פֿון „בלעק־אַוט" נאָך מעכטיקער, ווי געוויינלעך. אין האַנט טראָגט ער אַ שווערע וואַליזע און ער הינקט צוליב איר אַביסל אונטער. מען זעט, אַז דער ווייַטער גאַנג צו דער באַן מאַטערט אים שטאַרק אויס. אָבער ער טראָגט די שווערע וואַליזע און שווייַגט. ער אָטעמט קורץ און שווער, ער סאַפּעט אַסטמאַטיש, ווי עפּעס וואָלט אין אים געפּייַפֿט.

דער אַלטער ש. י. סטופּניצקי טראָגט אַ קלענערע וואַליזע פֿונעם ד"ר גאָטליב, אָבער עס מאַכט דעם אייַנדרוק, ווי ער וואָלט געהאַלטן בייַם אומפֿאַלן צוזאַמען מיט זייַן קלומעק. ער שלעפּט זיך קוים אויף די פֿיס. נישט ער גייט, נאָר ער שאַרט מיט די פֿיס איבערן טראָטואַר, ווי מיט 2 פֿלעדער־ווישן. ער רעדט עפּעס צו זיך אונטער דער נאָז. אין אַ געוויסן מאָמענט דאַכט זיך מיר, אַז ער פּרעפּלט צו זיך אַליין:

— אוי, איך וועל עס נישט אויסהאַלטן... אוי, איך האָב נישט קיין כוח...

עמעצער פֿון די ייִנגערע אידישע זשורנאַליסטן דערנענטערט זיך צו אים און נעמט אָן די וואַליזע. דער זקן קוקט יענעם אָן מיט דאַנקבאַרקייט און שלעפּט די פֿיס איבערן טראָטואַר מיט אַ געוויסער דערלייַכטערונג. איצט הער איך דײַטלעך, ווי ער חזרט כּסדר אין דער שטיל, ווי ער וואָלט געוואָלט עס זיך גוט אַרײַנשלאָגן אין קאָפּ אַרײַן:

— איך ווייס נישט, צי איך האָב געדאַרפֿט זיך רירן — איך בין שוין צו אַלט פֿאַר אַזעלכע זאַכן...

דער וועג איז געווען אָן אויסמאַטערנדיקער נישט נאָר פֿאַר זקנים. מיר דאָס „יונגוואַרג" אַפֿילו, האָבן זיך היפּש געמאַטערט אין דער דומפּיקער לופֿט פֿון דער הייסער, שטיקנדיק־הייסער, זומער־נאַכט.

ענדלעך זײַנען מיר דורך אויסגעשטאָרבענע גאַסן אָנגעקומען צום וואָקזאַל. עס האָט נישט אויסגעזען, אַז פֿון דאָזיקן באַנהויף זאָל איצט אָפּגיין אַ צוג. אַלע טירן פֿון ריזיקן בנין זײַנען געווען אָפּגעשלאָסן, אין אַלע פֿענצטער — פֿינצטער. זאָל מען אין די רעגירונגס־קאַנצעלאַריעס אונדז האָבן שלעכט אינפֿאָרמירט? זאָל די צעפֿאָרנקייט שוין האָבן אַוועק אַזוי ווײַט?

מיט דער גאַנצער עקספּעדיציע האָט אָנגעפֿירט דער וויצע־פֿאָרזיצער פֿון זשורנאַליסטן־פֿאַרבאַנד סטעפֿאַן גראָסטערן, איינער פֿון די סימפּאַטישסטע פּוילישע זשורנאַליסטן אין וואַרשע. דאָס איז געווען אַ פֿײַנער אינטעלעקטואַליסט, אַ דזשענטלמען, אָן אמתער דעמאָקראַט און אַ גוטער קאָלעגע. אָבער כּדי אָנצופֿירן מיט אַזאַ גרויסער עקספּעדיציע אין אַזעלכע אומשטענדן דאַרף מען אויך האָבן פֿיל ענערגיע, אַנטשלאָסנקייט, איניציאַטיוו, און גראָד דאָס האָט דער פֿלעגמאַטישער, פּאַמעלעכער, שטילער גראָסטערן נישט פֿאַרמאָגט.

צום גליק האָבן זיך באַלד געיאַוועט אַרום אים עטלעכע פֿלינקע יונגעלײַט פֿון אונטערוואַקסנדיקן נײַעם מין זשורנאַליסטן און זיי האָבן אים אָנגעהויבן אַרויסהעלפֿן. זיי — הויפּטזעכלעך איינער פֿון זיי — האָבן אינגאַנצן איבערגענומען די איניציאַטיוו.

עמעץ האָט אויסגעפֿונען, אַז מען דאַרף אַרײַנגיין אין וואָקזאַל מיט אַ ווײַטן הינטערוועג. פֿאַרמאַטערטע און פֿאַרשוויצטע, האָט מען זיך געשלעפּט זייער ווײַט איבער אַ שלעכט־ברוקירטער פּראַגער גאַס ביז מען האָט זיך אַרײַנבאַקומען אין פֿינצטערן, אויסגעשטאָרבענעם באַנהויף.

אַזוי האָט אַ באַנהויף נאָך קיינמאָל נישט אויסגעזען!

אַרום איז געווען אַזוי שטיל, אַז עס האָט זיך געהערט יעדער אָטעם־צי פֿון די מענטשן אַרום דיר. אַלע רעלסן זײַנען געווען פֿאַרשטעלט מיט לאַנגע צוגן, אַזוי, אַז עס איז געווען אוממעגלעך צו שטעלן אַ טריט.

מיר זײַנען געשטאַנען פֿאַרלוירענע צווישן די אויסגעלאָשענע לאַנגע צוגן. מיר האָבן אויסגעקוקט אויף עמעצן, וועמען מען זאָל קענען פֿרעגן כאָטש איין וואָרט. עס האָט געמאַכט דעם אײַנדרוק, אַז דער בנין פֿון גרויסן וואָקזאַל איז שוין געבליבן אָן אַ באַלעבאָס. עס האָט אויסגעזען אין יענער מינוט — עס איז שוין געווען 2 בײַנאַכט — אַז מיר האָבן פֿאַרשפּעטיקט און אַז די לעצטע באַנען, וואָס האָבן געזאָלט אָפּגיין, זײַנען שוין אַוועק, מיטנעמענדיק מיט זיך די פֿאַראַנטוואָרטלעכע מענטשן פֿון באַנהויף. זאָל עס שוין טאַקע האַלטן אַזוי ווײַט?

אָבער ניין, איינער פֿון די רירעוודיקע מיטהעלפֿער פֿון אונדזער קאָמענדאַנט האָט מיטאַמאָל אויסגעשפּירט, אַז אויף יענער זײַט פֿון די אונטערערדישע טונעלן שטייען אַ רייע באַנען גרייט צום אַוועקגיין, און — האָט ער געטענהט — דאָרטן מוז, מסתּמא, זײַן אויך אונדזער באַן.

גייענדיק צו די טונעלן, האָט מען מיט איין האַנט געשלעפּט די וואַליזעס און מיט דער צווייטער זיך אָנגעהאַלטן פֿאַר דער פּאָלע פֿון דעם, וואָס איז געגאַנגען פֿאַר דיר — אַזוי חושך איז געווען פֿון אַלע זײַטן. בלויז גאָר פֿון פֿאָרנט האָט עמעץ פֿון אונדזערע רירעוודיקע פֿירער געלויכטן מיט אַ לעמפּל און אַזוי־אַרום אונדז דערשלעפּט צו די טונעלן.

מיטאַמאָל — אַ בלענדנדיקע ליכטיקייט און אַזאַ שאַרף־געביטענע „דעקאָראַציע”, אַז נישט איינעם פֿון אונדז — מיר יעדנפֿאַלס — האָט זיך גענומען מישן אין קאָפּ: צי איז דאָס אַלץ, וואָס קומט מיט מיר איצטער פֿאָר, אַ רעאַלע געשעעניש, צי גאָר אַ מיראַזש, אין וועלכן כ׳בין געהיימניספֿול פֿאַרפּלאָנטערט געוואָרן?

איך האָב זיך פּלוצלונג אָפּגעפֿונען אין אַ געדיכטן קנויל פֿון שטייענדיקע און ליגנדיקע מענטשלעכע וועזנס מיט אויסגעקרומטע, פֿאַרנעפּלטע, האַלב־וואַנזיניקע געזיכטער. אַרום מיר האָט פֿון אַלע זײַטן זיך געטראָגן אַ גערויש פֿון טויזנטער מענטשלעכע שטימען — געשטיקטע געשפּרעכן, געוויינען פֿון קליינע קינדער, קרעכצן פֿון קראַנקע, אַ ווילד געלעכטער פֿון עפּעס אַ משוגע־געוואָרענער פֿרוי. גאָט אין הימל — אַזוי זעט דאָך מסתּמא אויס דער גיהנום!

ניין, דאָס איז, פֿאַרשטייט זיך, נישט געווען דער גיהנום, נאָר אַ קליינער אויסשניט פֿון דער קריגס־ווירקלעכקייט. אין די העל־

באַלויכטענע טונעלן זײַנען געלעגן טויזנטער פּליטים פֿון פּאָמערן (די מערב־טייל פֿון פּוילן), וואו עס האָט שוין באַלעבאַטעוועט היטלער. זיי זײַנען דאָ געלעגן פֿאַרלאָזן פֿון גאָט, פֿון מענטשן און פֿון זייער אייגענער רעגירונג. די איינציקע וועזנס, וואָס האָבן זיך אַרומגעדרייט צווישן זיי, איינעם גלעטנדיק איבערן קאָפּ און גיבנדיק אַן אַנדערן אַ היים גלאָז טיי, זײַנען געווען אַ צוויי צענדליק בראַווע פּוילישע מיידלעך פֿון „רויטן קרייץ”. אָבער בײַ זייער גאַנצער וואונדערלעכער באַהערשטקייט האָבן זיי געהאַט אַזעלכע באַגרענעצטע מעגלעכקייטן, אַז דער גיהנום איז... געבליבן אַ גיהנום.

עמעץ האָט געשריגן פֿון אַ ווינקל מיט אַ פֿאַרכראָפּעטער שטים:

— אַ באַן זאָל זײַן, זאָג איך! מען האָט אונדז צוגעזאָגט אַוועקצופֿירן אין אַ זיכערן געגנט! וואו איז אונדזער וואָיעוואָדע? וואו?

אַ הײַפֿל מאַטראַסן איז געזעסן אין אַ ווינקל און אויף צוזאַמענגעלייגטע האַנט־וואַליזקעס געשפּילט אין קאָרטן, ווי זיי וואָלטן אַפֿילו נישט באַמערקט, וואָס עס טוט זיך אַרום זיי. אויף אַ דערנעבנדיק שטיגל זײַנען 2 קליינטשיקע מיידלעך געלעגן מיט די קעפּ אויפֿן שטיין און געשלאָפֿן. איבער זיי, מיט אַ שטיגל העכער, איז געזעסן אַ משוגענע פֿויערטע און זיך געפֿלאָכטן לאַנגע, האַלב־גרויע צעפּ, אוימברעכנדיק אַלע ווײַלע מיט אַ ווילד, וואַנזיניק געלעכטער. נישט ווײַט פֿון איר איז געלעגן אַ פֿרוי אין שטאָטישער נעטער קליידונג — אַפֿילו אַ דאַמען־קאַפּעלוש האָט זיך געוואַלגערט אויף אַ וואַליזע דערנעבן — און פֿון איר מויל האָט זיך געטראָגן מאַנאָטאָן און אומאויפֿהערלעך אַ מאַטע טויזנט־מאָל איבערגעחזרטע פֿראַזע:

— יעזו — האָט די פֿרוי געפּרעפּלט מיט אירע ליפּן — יעזו טײַערער, איך וועל באַלד שטאַרבן...

אָבער נישט נאָר יעזוס, נאָר אַפֿילו די מיידלעך פֿון רויטן קרייץ האָבן זיך אויף איר נישט אומגעקוקט. פּונקט אַזוי האָבן קיינעם נישט אינטערעסירט פֿאַרשידענע אַנדערע קרעכצערײַען, וואָס זײַנען געקומען פֿון אַנדערע ווינקלען פֿונם גרויסן טונעל.

די דאָזיקע אַלע אומגליקלעכע האָבן געוואַרט אויף באַנען, וואָס זאָלן זיי — לויט די פֿאַרזיכערונגען פֿון פֿאַר עטלעכע טעג צוריק — אָפּפֿירן „אין אַ זיכער אָרט”. זיי האָבן, נעבעך, גאָרנישט נישט געוואוסט, די דאָזיקע אומגליקלעכע, אַז מאָרגן פֿרי וועט וואַרשע אַליין זיך שוין געפֿינען אין דער לאַגע פֿון אַן איבערגעלאָזענער אויף הפֿקר...

אָבער אָט האָבן מיר ענדלעך — האַלטנדיק זיך איינער בײַם צווייטנס פּאָלעס — זיך דורכגעשטופּט דורכן טראַגישן מענטשן־קנויל צום אַרויסגאַנג.

ווידער דאָס פּריִערדיקע בילד: שטאָק־פינצטערניש און אויס־געלאָשענע באַנען פון אַלע זײַטן — אַ מין אויסשטעלונג פון לאַנגע באַן־צוגן מיט פאַרשידענע מינים וואַגאָנעם ביז פּרעכטיקע שלאָף־וואַגאָנעם אײַנשליסלעך.

אָבער — האַלט: דאַכט זיך, אַז הינטער איין פאַרהאַנגל בעוועגט זיך אַ מענטשלעכער שאָטן. יאָ, אינעווייניק זײַנען מענטשן. דאָס זײַנען פּוילישע מלוכה־באַאמטע פון פּויזן. זיי שטייען דאָ מיט זייערע פאַמיליעס פון אינדערפרי אָן. די קאָנדוקטאָרן זײַנען אוועק פון באַן און קיינער איז צו זיי אין משך פון טאָג נישט געקומען מיט קיין שום ידיעה. איצט ליגן זיי פאַרמאַטערטע און אויסגעשעפּטע אין האַלבן דרימל. זאָל געשען, וואָס עס וועט געשען — אַבי מען זאָל קענען אַרײַנכאַפּן ביז פרי כאָטש אַביסעלע שלאָף!

זיי ענטפערן אויף אונדזערע פראַגן מיט אַ גרויסן אומווילן. זיי קוקן אויף אונדז, ווי דאָס וואָלטן מיר און נישט עמעץ אַנדערש געווען זייער שונא.

אויף אַ ווײַלע איז מיר דורכגעלאָפן דורכן קאָפּ אַן אומרואיקער געדאַנק: וועלן מיר אַלע אויך אויסזען אַזוי אין עטלעכע טעג אַרום?

דערווײַלע האָט עמעץ געבראַכט אַ שוואַרצע בשורה, אַז מיר זײַנען שלעכט פאַרקראַכן — אַז אונדזער באַן גייט גאָר אָפּ פון דאַנ־ציקער באַנהויף, וועלכער ליגט אויפן צווייטן עק וואַרשע — אַ 6־7 קילאָמעטער פון דעם אָרט, וואו מיר האָבן זיך געפונען אין יענעם מאָמענט.

איך פאַרשפּאָר צו באַשרײַבן דעם אײַנדרוק, וואָס דאָס האָט געמאַכט אויף די מענטשן. פיל פון אונדז האָבן געטראַכט, אַז זיי וועלן פאָרן, ווי אויסדערוויילטע — די זשורנאַליסטן אין פּוילן האָבן אין נאָרמאַלע צײַטן גענאָסן פון היפּשע פּריווילעגיעס אין די באַנען — און דאָ פאַרזוכן זיי שוין דעם ביטערן טעם פון קריג נאָך איידער זיי זײַנען אַרײַן אין דער עוואַקואַציע־באַן.

אויסגעמאַטערטע, פאַרשוויצטע, מיט אָפּגעריבענע הענט פון שלעפּן די וואַליזעס, מיט אַ כאַאָס אין קאָפּ האָבן מיר זיך געלאָזן צוריק אין שטאָט אַרײַן. ווידער די קערבעדזש־בריק. ווידער די איבער־געקערטע טראַמוויי־וואַגאָנעס, ווידער די אויסגעהוילטע פינצטערע גאַסן.

ווען מיר זײַנען צוגעקומען מיט הינטער־וועגן צו די מוראַנאָווער פעלדער, אויף וועלכע עס ליגן צעוואָרפן די האַלב־דאָרפישע היל־

צערנע געביידעס פֿון דאַנציקער וואָקזאַל, האָט יעדער איינער געפֿילט, אַז ער שלעפּט זיך מיט די לעצטע כּוחות.

עס האָט שוין היפּש געגרויט, ווען מיר זײַנען צוגעקומען צום וואָקזאַל. קיינעם איז נישט אײַנגעפֿאַלן צו פֿרעגן, פֿאַרוואָס מען האָט אונדז געהייסן גיין קיין פּראַגע, אויב די באַן איז געשטאַנען אין שכנות מיט אונדזערע אַלעמענס וואוינונגען, אויף דער זײַט ווײַסל. מיר האָבן געדאַנקט אַלע הימלען, ווען מיר האָבן זיך דער־וואוסט, אַז דאַסמאָל ענדיקט זיך שוין טאַקע אונדזער וואַנדער־וועג און אַז אונדזער באַן שטייט דאָ, ערגעץ אין אַ זײַט, און וואַרט אויף די פֿאַרשפּעטיקטע פּאַסאַזשירן.

דער דאַנציקער באַנהויף האָט אויסגעזען אינגאַנצן אַנדערש, ווי מיר האָבן זיך גערעכנט. ער איז אינגאַנצן נישט געווען ענלעך צו יענעם שרעקלעכן באַנהויף, פֿון וועלכן מיר זײַנען אָקאָרשט גע־קומען. קיין נאָרמאַלן אויסזען האָט ער טאַקע נישט געהאַט, אָבער ער האָט געלעבט, ער האָט נישט געמאַכט אַזאַ דערדריקנדיקן אײַנ־דרוק. אַלץ אַרום האָט טאַקע געשמעקט מיט קריג, אָבער אויך מיט לעבן: דער זשאַנדאַרם בײַ דער טיר, די איינצלנע באַן־אַרבעטער אויפֿן פּעראָן און אַפֿילו דאָס ביסל צעפֿאָרנקייט פֿון די באַאַמטע. אַלץ בעסער פֿון דעם, וואָס מיר האָבן געטראָפֿן אויפֿן מזרח־באַנהויף אין פּראַגע!

ביז עמעץ פֿון אונדזערע אָנפֿירער האָט אויסגעפֿונען אין די צע־טומלטע קאַנצעלאַריעס, ווי אַזוי מיר דאַרפֿן גיין צו אונדזער באַן, האָבן מיר זיך צעזעצט אויף שמוציקע באַגאַזש־וועגעלעך, אויף קאַס־טנס מיט אַרויסשטאַרצנדיקע נעגל און אויף פֿאַרשטויבטע זעק. איך האָב געקוקט אויף דעם עלעגאַנט־געקליידעטן נאַטאַן שוואַלבע. צוליב זײַנע אָפֿטע רײַזעס צו די סעסיעס פֿון דער פֿעלקער־ליגע האָט ער זיך תּמיד געהאַלטן מעשה־דיפּלאָמאַט און אַפֿילו זיך געקליידעט „דיפּלאָמאַטיש". איצט האָב איך געקוקט אויף זײַן אויסגעקרומט, פֿאַרשוויצט געזיכט, וועלכעס האָט איצט אויסגעזען גאָרנישט־דיפּ־לאָמאַטיש. ער האָט זיך אַ וואָרף געטאָן אויף עפּעס אַ שמוציק וועגעלע — אַבי זיך צוצוזעצן! איך האָב געטראַכט, אַז עס איז אַפֿשר גוט געשען, וואָס מיר האָבן געהאַט אַזאַ שווערן „אַרײַנפֿאָר". דאָס — האָב איך געטראַכט — ברעכט איבער אין אונדז די אַלטע פּסיכאָ־לאָגיע, די צוגעוואוינטקייט צו באַקוועמלעכקייטן, פֿון וועלכע מען וועט דאַרפֿן, זעט אויס, גרינטלעך זיך אָפּזאָגן...

ענדלעך האָבן מיר זיך דערשלעפּט צו דער באַן. אייניקע צווישן אונדז זײַנען געווען זיכער, אַז עס וואַרטן אויף זיי שלאָף־וואַגאָנעס.

פֿאַקטיש האָט מען אונדז געגעבן אַפֿילו נישט קיין ווײַכע וואַגאָנעס, נאָר „דאָס לעצטע צווישן די לעצטע" — וואַגאָנעס פֿון דריטן קלאַס און דערצו נאָך פֿאַסקודנע וואַגאָנעס.

אָבער נאָך דער „נאַכט־לעקציע", וועלכע מיר האָבן אָקאָרשט געהאַט באַקומען, האָט כּמעט קיינער נישט גענומען די זאַך צום האַרצן. עפּעס האָבן עטלעכע מענטשן יאָ שטיל אַ מורמל געטאָן, אָבער לויט זייער מורמלען האָט זיך געפֿילט, אַז אין האַרצן זײַנען זיי צופֿרידן, וואָס זיי האָבן אַזאַ וואַגאָן יאָ געקריגן. עס האָט אונדז בלויז געאַרט, ווען מיר האָבן זיך דערוואוסט, אַז עס איז פֿאַראַן אין צוג איין וואַגאָן פֿון ערשטן קלאַס, וועלכן מען האָט אָוועקגע־געבן דער רעדאַקציע פֿון דער טאָג־צײַטונג „פּאָלסקאַ זבראָינאַ" (דער אָרגאַן פֿון קריגס־מיניסטעריום). מיוחסים, מ'שטיינס געזאָגט!

דאָס, וואָס עס האָט אונדז אַלעמען שוין גאָר שטאַרק פֿאַרדראָסן, איז געווען דער פֿאַקט, אַז די באַן איז געווען ליידיק און זי וואָלט געקענט מיטנעמען נאָך הונדערט און אפֿשר גאַנצע צווייהונדערט מענטשן — סײַ אונדזערע קאָלעגן, פֿאַר וועלכע מיר האָבן אַ גאַנצן אָוונט געפֿירט אַ קאַמף, און סײַ אונדזערע פֿאַמיליעס, וועלכע מיר האָבן צוליב דער שטרענגקייט פֿון דער אָוונט־פֿאַראָרדענונג נישט געוואַגט מיטצונעמען צום באַן.

אין צוג זײַנען געזעסן אַ 60־70 זשורנאַליסטן, עטלעכע צענדליק הויכע רעגירונגס־באַאַמטע און פֿאַמיליעס, ווי אויך אַ גרויסער טייל פֿון שטאַב פֿון מלוכהשן ראַדיאָ־פּערסאָנאַל.

עס איז שוין געווען אַרום פֿיר אַזייגער און איבער די אַרומיקע פֿעלדער האָט גענומען נישט אויף קיין קאַטאָוועס אויפֿגיין די זון. דאָס האַרץ האָט געקלעמט, ווי מען וואָלט עס אַרײַנגענומען צווישן צוויי צוואַנגען. אָט גייט אויף פֿאַר דײַנע אויגן צום לעצטן מאָל די זון איבער וואַרשע! ווען וועסטו ווידער זען אויפֿגיין די זון איבער דער דאָזיקער שטאָט?

דאָרט, איבער 2־3 גאַסן, שלאָפֿן פֿאַרטײַעטע די נאָענטסטע, וואָס דו האָסט געלאָזן הינטער זיך. דאַכט זיך: וועסט דאָ ערגעץ אויפֿזוכן אַ טעלעפֿאָן און אָנקלינגען אין שטוב אַרײַן, מען זאָל זיך שנעל אָנטאָן און קומען צו דער באַן. אָבער — געטאָן האָט מען עס נישט. די רעדאַקטאָרן פֿון דער „פּאָלסקאַ זבראָינאַ" („דאָס באַוואָפֿנטע פּוילן"), וועלכע זײַנען געקומען צום באַן אין מיליטערישע בגדים און זיך באַמיט צו מאַכן אויף אַלעמען דעם אײַנדרוק, ווי זיי וואָלטן געווען באַלעבאַטים פֿון אונדזער צוג, האָבן געהאַלטן אין איין סטראַשען, אַז קיינער זאָל נישט אַרויס פֿון די וואַגאָנעס, ווײַל אָט־אָט רירט די באַן.

אָבער מינוטן — ניין, נישט מינוטן, נאָר גאַנצע פערטל־שעהן — זײַנען געגאַנגען און דער צוג איז געשטאַנען אויף איין פּלאַץ. די זון איז שוין געשטאַנען הויך־הויך אויפן הימל און אונדזער צוג האָט נאָך אַלץ זיך נישט גערירט פון אָרט.

עמעץ האָט געמאַכט אַ וויץ:

— זעט אויס, אַז די באַן־פאַרוואַלטונג וויל אונדז נישט אַרויס־פירן פון שטאָט פאַרן אָנקומען פון היטלערס באָמבערס. און באמת: פאַרוואָס זאָלן מיר פאַרלירן אַזאַ „פאַרגעניגן"?

פון אַ וויץ איז באַלד געוואָרן אַ ווירקלעכקייט. דער זייגער איז מיט יעדער מינוט געקומען אַלץ נעענטער צו זעקס פאַרטאָג, און זעקס פאַרטאָג — אַזוי איז געווען 6 טעג נאָכאַנאַנד — פלעגן זיך באַווײַזן איבער וואַרשע היטלערס מאָרד־מאַשינען, באַמיענדיק זיך קודם־כּל צו טרעפן מיט זייערע באָמבעס אין די וואָקזאַלן...

אין אונדזערע וואַגאָנעס איז געוואָרן אַ טומל. מען האָט מיט־אַמאָל גענומען רעדן וועגן דער הערשנדיקער קאַפּלאַזיקייט און דע־זאָרגאַניזאַציע: דעמאָלט ווען באַנען דאַרפן גיין, האַלט מען זיי אויף אַ באַנהויף, כּדי דער שונא זאָל שפּעטער האָבן וועמען צו באָמ־באַרדירן!

— וואָס וואַרטן מיר? — האָט מען מיטאַמאָל גענומען שטורמען פון אַלע זײַטן.

אָבער עס איז נישט געווען בײַ וועמען צו פרעגן. דער פאַרדרוס איז געווען נאָך גרעסער דערפאַר, וואָס פאַר דער פאַרלוירענער צײַט האָט מען 20 מאָל געקענט ברענגען צו דער באַן נאָך אַ הונדערט מענטשן.

מען איז געלאָפן צום ווייכן וואַגאָן פון דער פּריוווילעגירטער רעדאַקציע, אָבער די עלעגאַנטע אָפיצירן פון דער „פּאָלסקאַ זבראָי־נאַ" האָבן דאָסמאָל אַראָפּגעלאָזן דעם טאָן. עס האָט זיך אַרויסגע־שטעלט, אַז זיי ווייסן פּונקט אַזויפיל, ווי מיר. דאָס האָבן זיי פריִער בלויז געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז זיי זײַנען „אינפאָרמירט".

— נו, יאָ, — האָבן זיי שוין מיטגעשריגן מיט אונדז אַלעמען — וואָס איז דאָס פאַר אַ וואַרטן?

איינער פון זיי — דאַכט זיך מיר, אַז דאָס איז געווען באַנאַשיאַק, נישט קיין שלעכטער בחור, וואָס האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אַ גוטן מענטשלעכן כאַראַקטער, אָבער נישט מיט איבערצײַגונגען — איז ענדלעך אַוועקגעלאָפן נאָך אינפאָרמאַציעס. און אָט וואָסער אינפאָרמאַציע ער האָט, צו אונדזער אַלעמענס שטוינונג, געבראַכט:

— דער נאַטשאַלניק פֿון באַנהויף זאָגט, אַז ער קען נישט באַגיין קיין פֿאַרברעכן... אַוועקשיקן בײַ הײַנטיקע אומשטענדן אַ האַלב־ליידיקע באַן, זאָגט ער, וואָלט געווען אַ קריגס־פֿאַרברעכן...

די דאָזיקע ווערטער האָבן געטראָפֿן אַלעמען, ווי אַ באָמבע. דאָס האָט שוין טאַקע איבערגעפֿילט די מאָס פֿון אונדזער געדולד. עס האָט זיך אַרויסגעריסן די גאַנצע אָנגעזאַמלטע פֿאַרביטערונג פֿון די לעצטע שעהן, דער פֿאַרדרוס צוליב די איבערגעלאָזענע מענטשן אין שטאָט — דערונטער די אייגענע פֿרויען און קינדער — וועלכע מען האָט אונדז נישט געלאָזן מיטנעמען צום באַן, ווײַל „דער צוג איז געפּאַקט". עמעץ איז אַוועקגעלאָפֿן מעלדן, אַז מיר זײַנען גרייט צו ברענגען נאָך מענטשן, נאָר דאָס דאַרף דויערן אַ צוויי שעה. מיט־אַמאָל האָט זיך דערהערט אין דער לופֿטן אַ גערויש פֿון פּראָפּעלערס. מיר האָבן דערזען שוין סאַמע איבער אונדזערע קעפּ עטלעכע דײַטשע באָמבערס, וועלכע האָבן לויט דער אָנגענומענער דײַטשער קריגס־טאַקטיק זיך האַסטיק גענומען אַראָפּלאָזן פֿון זייער פֿריִערדיקער הויכ־קייט דירעקט איבערן באַנהויף...

אין צוג איז אַנטשטאַנען אַ גרויסער גערודער. קיינער האָט אונדז נישט געהאַט געגעבן קיין אינסטרוקציע, ווי זיך אין אַזאַ פֿאַל צו האַלטן.

אין דער מהומה האָט יעדער געטאָן אַזוי, ווי עס האָט אים דיק־טירט זײַן שכל. עטלעכע דערפֿאַרענע מענטשן — די אָפֿיצירן פֿון דער „פּאָלסקאַ זבראָינאַ" און עטלעכע אַנדערע זשורנאַליסטן, וועלכע זײַנען געווען רעזערוו־אָפֿיצירן — האָבן גענומען שרײַען, אַז אַלע זאָלן זיצן שטיל אין די וואַגאָנעס, כּדי די פֿליִער זאָלן מיינען, אַז דאָס איז עפּעס אַ ליידיקער צוג אויף זײַטיקע שינעס.

אָבער עטלעכע צענדליק מענטשן האָבן נישט געפֿאָלגט. אין גרויס פֿאַרלוירנקייט האָבן זיי גענומען שפּרינגען פֿון די וואַגאָנעס. עס איז שוין נישט געווען קיין ברירה — אַלע האָבן געדאַרפֿט אַנט־לויפֿן פֿון צוג.

עטלעכע צענדליק מענטשן האָבן דאָך באַשלאָסן צו בלײַבן אין די וואַגאָנעס, ווײַל „מען קען קיינמאָל נישט זײַן קיין נביא און טרעפֿן, וואו עס וועט נישט פֿאַלן קיין באָמבע". די, וואָס זײַנען אויסגע־שטיגן האָבן ווידער נישט פֿאַרשטאַנען אַזאַ עלעמענטאַרע זאַך, אַז אויב מען איז שוין אַרויס פֿון דער באַן, האָט נישט קיין זין צו שטיין נעבן איר — דאַן דאַרף מען אָפּלויפֿן פֿון איר עטלעכע צענדליק מעטער. מיט איין וואָרט: די האַלטונג פֿון רוב מענטשן איז געווען אַזאַ, אַז דאָס האָט נאָך פֿאַרגרעסערט די געפֿאַר!

איך האָב געהערט צו יענער גרופּע, וואָס איז געבליבן זיצן אין די וואַגאָנעס. מיר האָבן מיט רעזיגנאַציע געזען דורך די פֿענצטער דעם טומל אַרום אונדזער באַן, דאָס לויפֿן פֿון אונדזערע זשורנאַליסטן אין אַלע זײַטן, און מיר זײַנען געווען צופֿרידן, אַז מיר זײַנען גע־בליבן אינעווייניק.

אין סאַמע מיטן אַרומשמײַען פֿון צענדליקער מענטשן אַרום אונדזער באַן, האָט זיך פּלוצלונג דערהערט אַן אויפֿרײַס. די באָמבע איז געפֿאַלן אויפֿן מוראַנאָווער פֿעלד קעגן דעם באַנהויף. פֿונדער־ווײַטנס האָט זיך געזען אַ קליינער רויך. צי די באָמבע האָט עמעצן געטראָפֿן, איז פֿון דעם אָרט אוממעגלעך געווען פֿעסטצושטעלן. אין אַ מינוט אַרום האָבן ערגעץ אין שכנות אויפֿגעריסן נאָך עטלעכע באָמבעס. קיין איינע האָט נישט געטראָפֿן אין אונדזער צוג. אין דער מהומה האָט מען כּסדר געוויזן מיטן פֿינגער „אָ־אָ!", אָבער איך האָב נישט געזען, אַז די באָמבע זאָל האָבן געפֿאַלן ערגעץ גאָר נאָ־ענט פֿון אונדז. סך־הכּל האָבן די עראָפּלאַנען „געמאַכט איבער אונדז אַ ברכה" און זיי זײַנען אָפּגעפֿלויגן, אָנוואָרפֿנדיק אויף אונדז מער פּחד, ווי די פּאָר געוואָרפֿענע באָמבעס זײַנען ווערט געווען.

נאָכן אָפּפֿליִען פֿון די דײַטשע באָמבערס איז ענדלעך עמעץ געקומען מיט דער ידיעה, אַז דער נאַטשאַלניק איז שוין מרוצה אָפּ־צושיקן די באַן אַזוי, ווי זי איז, און אַז טאַקע אין עטלעכע מינוט אַרום וועט מען זי לאָזן אין גאַנג.

מיט געמישטע געפֿילן האָבן מיר גענומען ציילן די מינוטן, אָבער עס איז נישט אַריבער קיין 5 מינוט, ווי עס האָט זיך ווידער דערטראָגן אַ געררויש פֿון אָנקומענדיקע עראָפּלאַנען. דער עולם האָט זיי דאָסמאָל אויפֿגענומען פֿיל רואיקער, הגם עס האָבן אויך איצט זיך געפֿונען עט־לעכע אומדיסציפּלינירטע מענטשן, וואָס האָבן גענומען שפּרינגען פֿון צוג. ווי פֿריִער האָבן זיך דערהערט עטלעכע אויפֿרײַסן און ווי פֿריִער האָט קיין באָמבע נישט געטראָפֿן אין אונדזער צוג. די עראָפּלאַנען זײַנען אַוועק אַזוי שנעל, ווי זיי זײַנען געקומען.

ענדלעך האָט די באַן גערירט פֿון אָרט. עס איז געווען נאָענט צו 7 פֿרי, ווען די באַן האָט מיט אַ טראָציקן פֿײַפֿן זיך גענומען טראָגן איבער דער באַן־בריק, וואָס פֿאַרייניקט וואַרשע מיט פּראַגע. עס האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז נישט די באַן, נאָר עפּעס אַ טײַוול פֿײַפֿט מיר איבערן אויער: „פֿיו־פֿיו! וועסט שוין מער נישט אַהער־קומען! פֿיו־פֿיו! וועסט שוין מער נישט אַהערקומען..."

אַז היטלער וועט אײַננעמען וואַרשע און פֿאַרשפּילן דעם קריג — דעריין בין איך דעמאָלט געווען אינגאַנצן זיכער. עס קען דויערן

אַ יאָר און עס קען דויערן פֿינף יאָר, אָבער מיר אַלע — אָדער יעדנ־פֿאַלס יענע פֿון צווישן אונדז, וואָס וועלן איבערלעבן דעם קריג — וועלן זיך אומקערן אַהער. דאָס איז געווען דער געדאַנק, מיט וועלכן איך האָב אונטערדרוקט אין זיך די שווערע רעיונות, וואָס האָבן געפּרעסט דעם מוח, ווען די באַן איז געלאָפֿן איבער די פֿעלדער פֿון פּראַגע. דער חשבון איז געווען אַ ריכטיקער און ער האָט געמונטערט און געהויבן דעם מוט. אַזוי האָבן מיר אַלע אין יענע טעג געפֿילט אין פּוילן. מיר האָבן געוואָלט זיך שלאָגן מיט היטלערן. די צענדליקער טויזנטער יונגעלײַט, וואָס האָבן אין די ווײַטערדיקע 3־4 טעג פֿאַר־לאָזן וואַרשע צופֿוס און אויף וועגעלעך, זײַנען געטריבן געוואָרן נישט פֿון פּראָסטן געפֿיל פֿון באַשעפֿעניש, וואָס ווילן אַנטלויפֿן פֿון אַ פֿײַער, נאָר פֿון דעם העלדן־גײַסט, וואָס האָט דאַן געלעבט כּמעט אין אַלעמען, און וואָס האָט זיי געהייסן גיין אַהין, וואו מען וועט זיי מאָרגן־איבערמאָרגן („אויף יענער זײַט בוג!”...) מאָביליזירן צום הייליקן קריג (דערווײַלע האָט די פּוילישע אַרמיי נישט צוגענומען קיין פֿרײַוויליקע, ווײַל אַנדערש וואָלט מען פֿון פֿרײַוויליקע אַליין געקאָנט אויסשטעלן אַ גאַנץ סאָלידע אַרמיי פֿון קעמפֿער קעגן היטלערן).

די ערשטע טעג פֿון קריג זײַנען געווען פּאַטעטישע טעג פֿון קאַמפֿסלוסט און דערהויבנקייט. פּאָליאַקן און אידן זײַנען געווען אייניק אינעם ווילן זיך צו שלאָגן קעגן אַרײַנדרינגער. לײדער! עס איז נישט געווען קיין וואָפֿן, עס איז נישט געווען קיין גוטע פּלענער, עס איז נישט געווען קיין ריכטיקע אַרמיי־אָנפֿירונג און — עס איז נישט געקומען די נויטיקע הילף פֿון אויסלאַנד.

היטלער האָט מאַרשירט פֿאָרויס!

## 2

## דער ערשטער מעת־לעת

עס וואָלט געווען אינטערעסאַנט צו וואַרפֿן אַ בליק אויף די פּאַסאַזשירן פֿון אונדזער זשורנאַליסטן־צוג און קודם־כּל — אויף די פּוילישע פּאַסאַזשירן פֿון דאָזיקן טרויעריקן צוג. וויפֿל געדאַנקען און בילדער שוועבן אין דײַן מוח, ווען דו גיסט אַ טראַכט ווער עס זיצט איצט מיט דיר אין צוג!

אָט זיצט אין שכנותדיקן וואַגאָן קלאַודיוש הראַביק, דער רע־דאַקטאָר פֿון דער רעגירונגס־צײַטונג „קוריער פּאָראַנני”. די לעצטע

פאַר יאָר האָט די דאָזיקע צײַטונג היפּש אונטערגעזינדיקט נישט נאָר מיט שרײַענדיקן אַנטיסעמיטיזם, נאָר אויך מיט קעמפערישן פּראָ־היטלעריזם. ער, דער לעמבערגער אַנטיסעמיטישער טומלער, איז אַראָפּגעקומען מיט עטלעכע יאָרן צוריק קיין וואַרשע פאַר־שפּרייטן דאָ „נייע אידעען” און ער האָט עס געטאָן זייער ענערגיש דורכן „קוריער פּאָראַנני”. איצט זיצט ער דאָ, אין טרויעריקן צוג, און ווער ווייסט וואָס ער טראַכט איצט. אפשר טראַכט ער: אָט ווי היטלער האָט מיר אָפּגעדאַנקט פאַר מײַן יאָרנלאַנגער פּראָ־היטלער־פּראָפּאַגאַנדע!...

נעבן אים זיצט די שוועגערין פון פילמאַליקן פוילישן פּרעמיער קאַשטשאַלקאָווסקי, די פרײַלין וואָלק — אַ ביאַליסטאָקער אידישע פרײַלין, אַ ברען. תּמיד מאַכט זי אויף מיר דעם אײַנדרוק, ווי זי וואָלט גערן געוואָלט פאַרגעסן, אַז זי שטאַמט פון אידן. ווען זי דער־זעט אַ אידישן זשורנאַליסט, דרייט זי אַוועק דעם קאָפּ, כּדי זי זאָל אים נישט דאַרפן ענטפערן „גוט מאָרגן”, ווײַל מען קען זי נאָך, חלילה, חושד זײַן, אַז עס ציט איר צו אידן...

זעט איר, קלאַודיוש הראַביק, דער רעדאַקטאָר פון דער אַנטי־סעמיטישער צײַטונג — אַ זייער פעאיקער זשורנאַליסט מיטן אויסזען פון אַ קצב — האָט גראָד נישט מורא פאַר אַזעלכע באַשולדיקונגען. מיט קענטיקן פאַרגעניגן פאַרברענגט ער מיט די „אידישע קאָלעגן”. ער פירט מיט זיי אין באַן לאַנגע געשפּרעכן וועגן דער „גרויסער פּאָ־ליטיק”. אַ באַזונדערן פאַרגעניגן האָט ער געהאַט צו שמועסן מיט דעם ציוניסט ד״ר העשל גאָטליב. עס האָט אויסגעזען, אַז אויך ד״ר גאָטליב האָט גרויס פאַרגעניגן פון דער אויפמערקזאַמקייט, וואָס יענער ווײַזט אים אַרויס. ד״ר גאָטליב האָט גערעדט פויליש נישט ווי אַמבעסטן, אָבער דער אַנטיסעמיט האָט אַרויסגעוויזן אין די גע־שפּרעכן אַסך טאַקט און געמאַכט דעם אײַנדרוק, אַז ער באַמערקט ניט די שפּראַכלעכע גרײַזן פון ד״ר גאָטליב און ער האָט בכלל אַרויסגעוויזן צו אים גרויס רעספּעקט.

אויך געניאַ שרויט איז געפאָרן מיט אונדזער צוג — ער און זײַן פרוי. דאָס אײַנציקע, וואָס זײַנע הויכע פּראָטעקטאָרן האָבן, זעט אויס, געקאָנט פאַר אים אויפטאָן, איז געווען — אַ דערלויבניש מיט־צונעמען די פרוי. ווי טרויעריק עס האָט געמוזט זײַן יענע נאַכט אין די רעגירונגס־קאַנצעלאַריעס, ווי גרויס האָט יענע נאַכט געמוזט זײַן די פּאַניק צווישן די רעגירונגס־לײַט, ווי צעטומלט זײַנען דעמאָלט געווען אַלע „ערשטע הענט” אין דער אָפיציעלער פוילישער פּאָלי־טיק, ווי בהלהדיק האָט געמוזט זײַן זייער אַנטלויפן פון וואַרשע, אַז

פֿאַר אַזעלכע געהילפֿן, ווי געניאַ שרויט, האָט שוין אויסגעפֿעלט פּלאַץ אין אַ רעגירונגס־אויטאָ.

אַליין איז אַפֿשר געניאַ שרויט נישט געווען קיין באַגײַסטערטער אָנהענגער פֿון מיניסטער בעקס פּראָ־היטלעריסטישער פּאָליטיק, ער איז אָבער געווען געגנוג פֿאַרזיכטיק און געשוויגן וועגן דעם — ער איז בכלל געווען אַ שווײַגער. אין סיים־קלוב פֿון די זשורנאַליסטן, וואו מיר פֿלעגן זיך אָפֿט טרעפֿן אין די נאָרמאַלע צײַטן כמעט טאָג־טעגלעך, פֿלעגט ער קיינמאָל נישט פֿירן קיין ערנסטע געשפּרעכן אויף פּאָליטישע טעמעס. ער פֿלעגט בלויז פֿאַרווײַלן זיך און אַנדערע מיט אַלערליי וויצן און רכילותלעך וועגן דעם און יענעם מיניסטער, צי וועגן דעם און יענעם אויסלענדישן דיפּלאָמאַט. געוואוסט האָבן מיר אַלע, אַז געניאַ שרויט איז זייער דיסקרעט און באַמיט זיך נישט צו האָבן קיין „אייגענע שטעלונג". מיט די דאָזיקע 2 מעלות — בײַ זײַן אינטעליגענץ און פֿײַנעם אויסזען פֿון אַ יונגן ענגלישן לאָרד — האָט ער געהאַט גוטע אויסזיכטן צו מאַכן אַ גרויסע קאַריערע. ווער־ווייס, אַפֿשר וואָלט ער דאַן אָנגעהויבן האָבן אַן אייגענע מיינונג!...

דער אָנפֿירער פֿון דער גאַנצער עקספּעדיציע סטעפֿאַן גראָסטערן האָט נישט געהערט צום רעגירונגס־לאַגער. פֿאַר זײַנע אַנטי־פֿאַשיס־טישע בליקן האָט ער פֿיל געליטן אין די פֿריִערדיקע יאָרן. דער גאַנצער דעמאָקראַטישער טייל פֿון דער פּוילישער זשורנאַליסטיק האָט געזען אין אים זײַן מאַרטירער. בײַ אַלעמען איז געווען פֿריש אין זכרון, ווי ברוטאַל ער איז באַזײַטיקט געוואָרן פֿון זײַן פּאָסטן אין דער אָפֿיציעלער מלוכהשער טעלעגראַפֿן־אַגענטור „פּאַט" פֿאַר פֿונאַנדער־שיקן איינמאָל בײַנאַכט צו די צײַטונגען אַ גרויסן און וואַרעמען באַריכט קעגן דער ברוטאַלקייט פֿון פֿראַנקאָס אַרמיי אין שפּאַניע (עס איז געווען אין דער צײַט פֿון דעם שפּאַנישן בירגער־קריג).

גראָסטערן איז געווען אַ זון פֿון אַ משומד. אָבער ער אַליין האָט נישט געהאַט אין זיך גאָרנישט פֿון אַ מענטש, וואָס שעמט זיך אָדער וויל אויסבאַהאַלטן זײַן אידישן אָפּשטאַם. מיט אידן האָט ער פֿאַרבראַכט זייער פֿרײַ און היימיש. מיט איינצלנע אידישע זשור־נאַליסטן איז ער געווען אינטים באַפֿרײַנדעט. וועגן זײַן אידישן אָפּשטאַם האָט ער ספּעציעל נישט גערעדט, אָבער געשעמט דערמיט האָט ער זיך אויך נישט. ער איז געווען אַ זייער ערנסטער מענטש און אַן אויפֿריכטיקער דעמאָקראַט. פֿאַר זײַן ערלעכקייט האָבן אים אַלע רעספּעקטירט. נישט געקוקט דערויף, וואָס עס האָט אים גע־פֿעלט ענערגיע אָנצופֿירן מיט אַזאַ גרופּע מענטשן אין אַזעלכע אוי־סערגעוויינלעכע אומשטענדן, זײַנען אַלע געווען צופֿרידן, וואָס ער און נישט עמעץ אַנדערש פֿירט אָן מיט אונדזער עקספּעדיציע.

עטלעכע רעדאַקציעס זײַנען געפֿאָרן אין גרויסע גרופּעס. אויסער דער רעדאַקציע פֿון דער אָפּיציעלער „פּאָלסקאַ זבראָינאַ", זײַנען געווען אין צוג באַזונדערס־גרויסע גרופּעס זשורנאַליסטן פֿון די 2 רעגירונגס־אָפּיציאָזן „גאַזעטאַ פּאָלסקאַ" און „קוריער פּאָראַנני", ווי אויך אַ גרעסערע טייל פֿון די מיטאַרבעטער פֿון דער גרויס־קאַפּיטאַליסטישער צײַטונג „קוריער פּאָלסקי". ווי איך האָב זיך דערוואוסט מיט וואָכן שפּעטער, זײַנען צומאָרגנס, נאָכן אָפּפֿאָרן פֿון אונדזער צוג, אָפּגעפֿאָרן פֿון וואַרשע נאָך עטלעכע צענדליק זשור־נאַליסטן, וועלכע האָבן נישט באַוויזן אַרויסצופֿאָרן מיט אונדזער צוג. זיי זײַנען געפֿאָרן אונטער דער אָנפֿירונג פֿון וויצע־פּאָרזיצער פֿון וואַרשעווער זשורנאַליסטן־סינדיקאַט נאָוואַקאָווסקי (אַ פּוילישער סאָציאַליסט) און סעקרעטאַר פֿון סינדיקאַט קזשעפּקאָווסקי. דער לעצטער איז געווען אַ זייער סימפּאַטישער אומפּאַרטייאישער זשורנאַליסט. זײַן ווײַב איז געווען אַ אידישע — אַ טאָכטער פֿון באַ־קאַנטן ציוניסטישן רעדאַקטאָר ש. י. יאַצקאַן. קיין אידן זײַנען מיטן דאָזיקן צוג נישט געפֿאָרן.

מיט אונדזער צוג איז, ווי געזאָגט, געפֿאָרן אַנדערהאַלב צענד־ליק אידן. איך און מײַן רעדאַקציע־קאָלעגע ברוך שעפֿנער האָבן זיך געהאַלטן צוזאַמען. אין איין קופּע מיט אונדז זײַנען געווען דער פּאָ־פּולערער ציוניסטישער פּובליציסט משה יוסטמאַן, וועלכער איז באַ־קאַנט געווען דעם לעזער־עולם אונטער די פּסעוודאָנימען „איטשעלע" און „ב. יאושזאָן", דער ציוניסטישער עסייאיסט און פּעליעטאָניסט י. מ. נײַמאַן און דער רעדאַקטאָר פֿון דער אָרטאָדאָקסישער וואַר־שעווער צײַטונג „דער אידישער טאָגבלאַט" דוד פֿלינקער. די 3 אויס־גערעכנטע שרײַבער פֿון דער אידישער בירגערלעכער פּרעסע איז זיכער מיט 4 וואָכן צוריק נישט אײַנגעפֿאַלן דער געדאַנק, אַז עס וועט זיי אויסקומען אַדורכצומאַכן צוזאַמען מיט 2 זייערע אַנטשי־דענע בונדיסטישע קעגנער אַזאַ בשותּפֿותדיקן וועג, ווי דער, וואָס זיי האָבן אָנגעהויבן אַדורכמאַכן יענעם טאָג!

מיט איינצלנע אויסנאַמען האָבן אַלע אידישע זשורנאַליסטן זיך געהאַלטן צוזאַמען. מיר זײַנען געווען צעטיילט אין עטלעכע קופּעך, אָבער אַלע זײַנען געווען אין איין וואַגאָן. צווישן איין אידישן קופּע און אַ צווייטן זײַנען געווען קופּעען מיט פּוילישע זשורנאַליסטן, אָבער אונדזער גאַנצע גרופּע איז געווען צווישן זיך אין אַ כּסדרדיקן קאָנ־טאַקט.

די ערשטע פּאָר מינוט נאָכן פֿאַרלאָזן וואַרשע, איז אין אונ־דזער וואַגאָן געווען שטיל ווי צווישן מענטשן, וואָס פֿאָרן צוריק

פֿון אַ לוויה. עס איז געווען אַ קילער האַרבסטיקער פֿרימאָרגן און יעדער האָט זיך געטוליעט אין זײַן דינעם האַרבסט־מאַנטל, נישט וויסנדיק פֿון וואָס עס איז אים מער קאַלט — פֿון דער קעלט אינדרויסן, צי פֿון דער קעלט אינעם אייגענעם האַרץ...

דער צוג איז געפֿאָרן פּאַמעלעך, ווי ער וואָלט זיך נאָך געוואַקלט, צי ער זאָל נישט בעסער פֿאַרקירעווען צוריק אַהיים. אויף די פֿעלדער און שאָסייען האָבן זיך שוין געזען איינצלנע מענטשן מיט פּעקלעך צופּוס אָדער אויף וואָגנס — די ערשטע שוואַלבן פֿון טראַגישן מאַסן־געלויף, וועלכער האָט אין ברייטן מאָסשטאַב זיך אָנגעהויבן, ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, עטלעכע שעה נאָך אונדזער אַרויס־פֿאָרן פֿון וואַרשע.

שלעפּעריק האָט דער צוג זיך דערשלעפּט ביזן באַקאַנטן הינטער־וואַרשעווער היילאָרט פֿאַר לונגן־קראַנקע—אָטוואָצק. די דאָזיקע רײַזע האָט געדויערט 3 מאָל לענגער, ווי נאָרמאַל. דער צוג האָט זיך אַלע מאָל אָפּגעשטעלט אינמיטן פֿעלד. מיר האָבן נישט פֿאַרשטאַנען, וואָס דער צוג שטעלט זיך אָפּ יעדע פּאָר קילאָמעטער. שפּעטער האָט מען אונדז אויפֿגעקלערט, אַז דער מאַשיניסט האָט אַלע ווײַלע געזען פֿונדערווײַטנס דײַטשע עראָפּלאַנען, און ער פֿלעגט דעריבער יע־דעם מאָל אָפּשטעלן דעם צוג, כּדי דער שונא זאָל מיינען, אַז די באַן שטייט סתּם אַזוי ליידיק אויף די רעלסן.

פֿאַרן אַרײַנפֿאָר קיין אָטוואָצק זײַנען מיר געשטאַנען זייער לאַנג — בערך אַ שעה צײַט. עפּעס אַ באַן־וועכטער איז אַרויס פֿון זײַן בײַדל און פֿאַרהאַלטן דעם צוג. מיר האָבן זיך אַ לאָז־געטאָן צום באַן־וועכטער:

— וואָס איז ווידער?

שווײַגנדיק האָט ער אונדז אָנגעוויזן אויף עטלעכע ווײַטע פּינ־טעלעך, וועלכע האָבן זיך שנעל באַוואויגן אויפֿן בלויען הימל.

— דײַטשע עראָפּלאַנען! — האָט ער געזאָגט נאָכלעסיק און אַפּאַטיש — אָטוואָצק טעלעפֿאָנירט, אַז איך זאָל איצט אויפֿהאַלטן אָנקומענדיקע באַנען, ווײַל עס קומט דאָרטן איצט פֿאָר אַ לופֿט־אַלאַרם.

מיר האָבן לאַנג געוואַרט און זיך אויפֿגערעגט. עס האָט אָבער נישט געהאָלפֿן.

— בעסער צו שטיין אין אָפֿענעם פֿעלד, איידער באָמבאַרדירט צו ווערן אויף דער אָטוואָצקער באַן־סטאַציע — האָט רואיק געזאָגט אונדזער מאַשיניסט, קוקנדיק מיט אַ רעזיגנירטן שמייכל אויף זײַנע צערודערטע פּאַסאַזשירן.

— אַזוי וועט עס אויסזען דעם גאַנצן וועג... — האָט דער באַן־מאַשיניסט אונדז אויפגעקלערט — דער דײַטש באָמבאַרדירט אַלע וועגן און אַלע בריקן אין לאַנד...

מיר האָבן דאָס געוואוסט אויך אָן אים, אָבער פּראַקטיש איז דאָס, זעט אויס, נישט דערגאַנגען ביז איצט צו אונדזער באַוואוסט־זײַן. עפּעס האָט זיך יעדן פון אונדז געפּלאָנטערט אין קאָפּ אַ זיסער חלום, אַז נאָכדעם ווי מיר האָבן זיך אַרויסגעריסן פון וואַרשע, וועט די באַן לויפן ווי געשמירט, און מאָרגן־איבערמאָרגן וועלן מיר שוין זײַן אויף די נײַע פּלעצער בײַ אונדזער אַרבעט — בײַם אויפשטעלן פלי־צײַטונגען צום ווײַטערדיקן קאַמף קעגן היטלערן.

— אין לובלין וועט איר זײַן — האָט געזאָגט דער מאַשיניסט, ווי ער וואָלט געטראָפן מײַנע געדאַנקען — נישט פריִער, ווי הײַנט בײַנאַכט...

די דאָזיקע ווערטער פון אונדזער מאַשיניסט האָבן זיך אויף אַלעמען געלייגט ווי אַ נײַער שיכט בלײַ. געוויינלעך דויערט דער וועג צווישן וואַרשע און לובלין 3 שעה צײַט און דאָ שטייט אונדז פאָר אַ רײַזע פון 12 שעה און אפשר מער בלויז ביז דעם נאָענטן לובלין.

— אַ פײַנע פּערספּעקטיוו! — האָבן די זשורנאַליסטן געמורמעלט פון אַלע זײַטן — ווער האָט זיך אויף דעם געקענט ריכטן?

באַזונדערס אויפגערעגט זײַנען געווען די זשורנאַליסטן פון רע־גירונגס־לאַגער. אָקאָרשט זײַנען זיי געווען אין פּוילן דאָס אויבערשטע פון שטייסל, אָקאָרשט פלעגט מען פון זיי אומעטום מאַכן אַזאַ צימעס, אַז מען פלעגט נישט וויסן וואו זיי אַוועקצוזעצן, און דאָ, נאַ־דיר: אויך זיי מוזן דאָ אויסשטיין „אַזעלכע זאַכן", ווי זיי וואָלטן געווען ווער־ווייס וואָסערע פּראָסטע מענטשן, און ווי די באַן וואָלט געווען ווער־ווייס וואָסער פּראָסטע באַן...

— דאָס איז דאָך אומדערהערט! — האָט זיך געהערט שטימען פון אַלע זײַטן.

בלויז די ניכטערערע און רואיקערע זײַנען געשטאַנען שטיל און גערופן אַנדערע זיך צו באַהערשן.

— פּאַנאָוויע — האָבן געטענהט די ניכטערערע — וואָס וועט אײַך אַרויסקומען פון אײַער אויפרעגן זיך? אויף וועמען בייזערט איר זיך? ווער איז אײַך שולדיק? קעגן וועמען ווענדט איר אײַער צאָרן? קריג איז נישט קיין שפּאַציר צווישן רויזן!...

אויף איינצלנע האָט דאָס געווירקט, אָבער נישט אויף אַלעמען. געווען אַזעלכע מיוחסים, וועלכע האָבן נישט געקענט בשום־אופן שלום מאַכן מיטן געדאַנק, אַז איבער זיי האָט אַ שליטה אַ וואָסער־

נישט איז העכערע קראַפֿט. עס האָבן גענומען פֿאַלן ביטערע שטעכ־ווערטלעך אויפֿן חשבון פֿון דער רעגירונג און אויפֿן חשבון פֿון איינ־צלנע רעגירונגס־לייַט. מיט אַ געפֿיל פֿון שטוינונג האָב איך זיך צוגעקוקט ווי גאַנץ חשובע רעגירונגס־פּובליציסטן זייַנען מיטאַמאָל געוואָרן הייסע קריטיקער פֿון דער רעגירונג. און דאָס אַלץ — אונטערן אייַנדרוק פֿון די ערשטע אומבאַקוועמלעכקייטן, וועלכע עס קומט זיי אויס פּערזענלעך אויסצושטיין אַלס רעזולטאַט פֿון קריג!

ענדלעך זייַנען מיר אָנגעקומען בשלום קיין אָטוואָצק. דער וואָק־זאַל איז געווען געפּאַקט מיט הונדערטער מענטשן, וועלכע האָבן זיך געוואָלט אַרייַנכאַפּן אין די וואַגאָנעס. אַרום 10 פֿרי זייַנען מיר אָפּגעפֿאָרן ווייַטער. צום גליק זייַנען מיר געפֿאָרן אַ צוויי שעה אינ־גאַנצן אומגעשטערט.

אַלע אין צוג האָבן אָפּגעאָטעמט: ענדלעך זייַנען מיר אויסער דער שלאַכט־ליניע און ענדלעך פֿאָרט די באַן נאָרמאַל!

אָבער מיר האָבן נישט באַוויזן זיך אָנצופֿרייען מיטן געדאַנק, אַז מיר פֿאָרן נאָרמאַל, ווי די באַן האָט זיך אָפּגעשטעלט און געשטאַנען אויף איין אָרט לאַנגע שעהן — ביז טיף אין אָוונט.

עס איז געווען אוממעגלעך צו דערגיין פֿאַרוואָס מיר שטייען. אָט האָט מען אונדז געזאָגט, אַז פֿאָרויס, אין געגנט פֿון דער פֿעסטונג דעמבלין, קומען פֿאָר גרויסע לופֿט־שלאַכטן, און אָט האָט מען אונדז געמאָלדן, אַז די דייַטשן האָבן באָמבאַרדירט די גרויסע באַן־בריק אויפֿן טייַך בוג און מיר מוזן וואַרטן ביז מען וועט זי צורעכט מאַכן. די געררייצטקייט אין צוג האָט די מענטשן זייער גיך אויסגעשעפּט און עס האָט זיך געפֿילט אַן אַלגעמיינע אַפּאַטיע. עס האָט אונדז אָנגעהויבן צו מאַטערן הונגער און דורשט. כּמעט קיינער האָט דאָך נישט מיטגענומען קיין עסנוואַרג, ווייַל מיר האָבן געטראַכט, אַז באַלד וועלן מיר זייַן אין לובלין.

די יונגערע צווישן אונדז האָבן זיך אַרויסגעלאָזן אויפֿזוכן פּויע־רישע הייַזקעס, אָבער קיין עסנוואַרג האָט מען אינערגעץ נישט גע־קענט באַקומען. אַ פּויערטע איז צוגעקומען מיט אַ קערבל פֿרוכטן, וועלכעס מיר האָבן אויסגעליידיקט אין איין אויגנבליק. עס האָט איר פֿאַרשמעקט דער גוטער פֿאַרדינסט (זי האָט בייַ אונדז גענומען 3-4 מאָל מער פֿון נאָרמאַלן פּרייַז) און זי איז אינגיכן געקומען מיט אַ צווייט און דריט קוישל. אין נישט־ווייַטן דאָרף האָט מען זיך, זעט אויס, דערוואוסט וועגן די גוטע קונים בייַם וועג, און עס האָט זיך באַוויזן בייַ דער באַן אַ גאַנצע כאָפּטע אָפּגעריסענע דאָרפֿישע קינדער מיט קוישלעך פֿרוכטן. מער ווי פֿרוכטן האָבן זיי נישט געהאַט.

אַזוי איז געגאַנגען אַ שעה נאָך אַ שעה. די זון האָט זיך גענומען זעצן ערגעץ אונטער אַ ווײַטן סטויג היי אויפֿן אָפּגעשניטענעם פֿעלד. שטיל איז געווען אין אונדזער באַן און אויפֿן פֿעלד. פֿיל פֿון אונדז האָבן זיך אויסגעלייגט אין גראָז און געקוקט אויפֿן זון־פֿאַרגאַנג.

— וואָס הערט זיך איצט אין וואַרשע? — האָבן מיר גערעדט צווישן זיך מיט ווייטאָג — אפֿשר גייען איצט שוין אַרײַן די דײַטשן?...

אַ פֿרומע שטילקייט האָט זיך געטראָגן פֿון די געשניטענע פֿעלדער, פֿון די געדיכט־אָנגעוואַקסענע גראָזן און פֿון שקיעה־בראַנד אויפֿן ווײַטן האָריזאָנט. דער ווייטאָג אין האַרצן איז געוואָרן אַלץ נאָגנ־דיקער און נאָגנדיקער. יעדער האָט זיך פֿאַרנורעט אין זיך און געשוויגן.

— מיר האָבן נישט געדאַרפֿט אָפּפֿאָרן פֿון וואַרשע! — האָט צו מיר געזאָגט מיט טיפֿער באַדויערונג דוד פֿלינקער.

איך האָב אים גענומען אויסרעדן, אַז ער זאָל פֿאַרטרײַבן פֿון זיך די שוואַרצע געדאַנקען.

— מיר זײַנען דאָך שוין אין וועג! — האָב איך אים געמוסרט — וואָס וועט אַרויסקומען פֿון גריבלען זיך?

אָבער איך האָב געפֿילט, אַז איך רעד מער צו זיך, ווי צו אים, ווײַל אויך אין מיר איז פֿון מינוט צו מינוט געוואַקסן עפּעס אַ פֿינצ־טערער אומרו, וואָס האָט מיך גענומען טאַטשען, ווי אַ וואָרעם.

— ווען וועלן מיר זען אונדזערע פֿאַמיליעס? — האָט דוד פֿלינ־קער גערעדט ווי צו זיך אַליין — און צי וועלן מיר בכלל דערלעבן זיי נאָכאַמאָל צו זען?

איך האָב אים געטרייסט, ווי איך האָב געקענט, אָבער איך האָב גוט געפֿילט, אַז מײַן שטימע קלינגט ווייניק איבערצײַגנדיק.

— איך האָב געלאָזן אַן אַלטן טאַטן — האָט זײַן שטימע אַ ציטער געטון — און עפּעס פֿיל איך, אַז איך וועל אים מער שוין קיינמאָל נישט זען...

ער האָט מיר גענומען דערציילן וועגן דעם, ווי אַזוי דער דאָזיקער אַלטער טאַטע זײַנער, אַ איד אַ למדן און אַ גרויסער געווער חסיד, האָט, געזעגנענדיק זיך מיט אים, אַרויסגעצויגן פֿון טאַש אַביסל געלט — אפֿשר דאָס לעצטע געלט — און עס אים גענומען שטופּן אין האַנט אַרײַן.

— ווען איך האָב עס נישט געוואָלט נעמען — האָט דוד פֿלינקער דערציילט — האָט ער מיך גענומען באַשווערן, אַז איך מוז עס נעמען צוליב זײַן רו־וועגן, און איך האָב אים צוליב־געטאָן... אָבער עס מאַ־

טערט מיך אַ שוואַרצער פּאַרגעפּיל, אַז איך וועל דעם מענטש מער נישט זען...

זיַין שטימע האָט זיך איַינגעבראָכן. ער האָט זיך שנעל אָפּגע־קערט פון מיר. מיט אַ צוויי הדשים שפּעטער האָב איך אים באַזוכט אין ווילנע, ווען ער איז געזעסן שבעה נאָך זיַין פאָטער.

— איר געדענקט אונדזער געשפּרעך אין באַן? — האָט ער מיך דערמאָנט — איר געדענקט מיַין דעמאָלטיקן פּאַרגעפּיל?

זיַין פאָטער און זיַינע שוועסטער זיַינען בעת דער שפּעטערדי־קער באָמבאַרדירונג פון וואַרשע פאַרשאָטן געוואָרן אין דעם הויז אויף טוואַרדע, וואו זיי האָבן געוואוינט. די שוועסטער האָט מען אויס־געגראָבן און אָפּגעראַטעוועט, אָבער דער פאָטער איז געבליבן עט־לעכע וואָכן אונטער די חורבות. ערשט שפּעטער, ווען די דיַיטשן זיַינען שוין געווען אין וואַרשע, און אידישע צוואַנגס־אַרבעטער האָבן גענומען אָפּרוימען די חורבות, זיַינען אויפגעגראָבן געוואָרן הונדער־טער און הונדערטער קערפּערס פון פאַרשאָטענע מענטשן; דעמאָלט איז אויך אויפגעגראָבן געוואָרן דער טויטער קערפּער פון דוד פלינ־קערס אַלטן טאַטן.

ווי איבערגעשראָקענע קינדער, נאָכדעם ווי עמעץ האָט זיי אַ גאַנצן אָוונט אָנדערציילט שרעקלעכע געשיכטעס וועגן רויבער, טיַיוו־לאָנים און בייזע גיַיסטער, זיַינען מיר געזעסן יענעם גאַנצן ערשטן אָוונט פון אונדזער ריַיזע אין די פינצטערע וואַגאָנעס, איַינשלאָפנדיק איינער אויפן אַקסל פון צווייטן — מידע און אויסגעשעפּטע פון אי־בערגעלעבטן טאָג.

מיר האָבן איַינגעדרימלט צווישן אָנגעוואָרפענע שטיקער פּאַפּיר, שאָלעכץ פון פרוכטן און ענלעכן אָפּפאַל. פאַר די 20 שעה, וואָס מיר האָבן פאַרבראַכט אין דער דאָזיקער באַן, איז אונדזער עמפּינדלעכ־קייט אַזוי וויַיט פאַרטעמפּט געוואָרן, אַז עס האָט אונדז אינגאַנצן נישט געאַרט דער שמוץ און די אומבאַקוועמלעכקייט. אין קאָפּ האָט זיך געהאַלטן נאָר איין־איינציקער געדאַנק, איין־איינציקער פאַרלאַנג: נישט שטיין אויף איין אָרט! פאָרן! פאָרן!

און ווירקלעך: אין אומרואיקן האַלבן דרימל האָב איך דערפילט, אַז די באַן באַוועגט זיך. פאַר די אויגן, וועלכע האָבן אַלע וויַילע זיך אויפגעריסן פון מאַטערנדיקן דרימל, האָבן געשוועבט אין דער פינצטערניש פאַרביַילויפנדיקע שאָטנס פון איינצלנע ביימער, טע־לעגראַף־סלופּעס, דאָרפישע היַיזער.

עס האָט זיך געשלעפּט אַ שווערע נאַכט. די אויגן האָבן זיך גע־קלעפּט, מען האָט זיך געדרייט אויף די האַרטע בענק. אויב מען איז שוין אַנדרימלט געוואָרן אויף אַ פערטל שעה, האָט מען זיך דערנאָך

אויפֿגעכאַפּט מיט אַ שווערן קאָפּ און ווייטער געגלאָצט מיט אָפֿענע אויגן צום פֿענצטער, צום אומהיימלעכן דרויסן. עפּעס האָט זיך מיר עטלעכע מאָל אויסגעדאַכט — אַזוי ווי דאָס געשעט אָפֿט אין קרענק־לעכע נאַכט־זעאונגען — אַז די אויסגעמיטענע ביימער און איינזאַמע הײַזער קוקן אַריין צו אונדז אין באַן מיט פֿאַרוואורף און אויסרייד, ווי זיי וואָלטן געהאַט אַ טענה:

— און אונדז לאָזט איר אַזוי איבער?

אומענדלעכער טרויער האָט אַרײַנגעטריפֿט דורך די פֿינצטערע פֿענצטער פֿון דרויסן, און אומענדלעך טרויעריק איז געווען אויפֿן האַרצן. די באַן איז געפֿאָרן און זיך געשטעלט, לאַנג געשטאַנען און ווידער אַ פּאָר מינוט געפֿאָרן. ווען וועלן מיר קומען צו עפּעס אַ ציל?

איך האָב זיך אויפֿגעשטעלט און געמאַכט אַ שפּאַציר צווישן די וואַגאָנעס. עטלעכע קריסטלעכע זשורנאַליסטן אין דערנעבנדיקן וואַגאָן זײַנען געזעסן און שטיל געשמועסט צווישן זיך.

— וויפֿל איז איצט דער זייגער? — האָב איך זיי געפֿרעגט.

עס איז געווען אַרום 2 בײַנאַכט.

— מיר וואָלטן שוין לאַנג געדאַרפֿט זײַן אין לובלין — האָב איך געזאָגט — אפֿשר זײַנען מיר שוין פֿאַרבײַגעפֿאָרן לובלין?

— מיר פֿאָרן צוריק! — האָט מיר פֿלעגמאַטיש געענטפֿערט איי־נער פֿון די פּוילישע זשורנאַליסטן.

שפּעט אין אָוונט — ווי עס ווײַזט זיך אַרויס — האָט מען געמאָלדן אונדזער באַן־מאַשיניסט, אַז דער וועג קיין לובלין איז חרוב, און אַז עס דאַרף אונטער געוויינטלעכע אומשטענדן דויערן עטלעכע טעג, מען זאָל קענען צוריקשטעלן אַ נאָרמאַלן פֿאַרקער. אַ גאַנצן טאָג האָבן די דײַטשן אימהדיק באָמבאַרדירט די גרויסע באַן־בריק בײַ דער פֿעסטונג דעמבלין, וואָס ליגט אויפֿן וועג קיין לובלין, און זיי האָבן טאַקע ענד־גילטיק די בריק אויפֿגעריסן. אונדזער באַן האָט שוין געהאַט זיך דער־נעענטערט צו דעמבלין. עטלעכע פּוילישע זשורנאַליסטן האָבן מיר שפּעטער דערציילט, אַז זיי האָבן פֿון דער באַן געזען די שׂרפֿות אין דעמבלין.

— וואו אַהין זשע פֿאָרן מיר איצט?

— מיר פֿאָרן צוריק... די מאַנשאַפֿט פֿון דער באַן זאָגט, אַז זי וועט מאַכן אַן אומוועג, אָבער אַז זי וועט אונדז פֿאַר יעדן פּרײַז ברענ־גען קיין לובלין...

אינדרויסן האָט אָנגעהויבן טאָגן.

## 3
## אין באָמבאַרדירטן לוקאָוו

אינדרויסן האָט די זון געשיַינט, אָבער אונדזער באַן האָט נאָך געהאַלטן אין איין „פֿאָרן". מאָמענטנווייַז איז דער מענטש געווען באַהערשט פֿון עפּעס אַן איראַציאָנעלער שרעק, אַז די באַן־מאַשיניסטן ווילן נישט אויסזאָגן דעם סוד פֿון אונדזער אַרומשלעפּן זיך איבער אומ־ענדלעכע פֿעלדער — אַז נישט אַנדערש, ווי זיי זיַינען עפּעס „אַראָפּ פֿון וועג" און בלאָנדזשען אין פֿרעמדע וויַיטן, און אַז ווער ווייס וואוהין אַזאַ באַן קאָן נאָך פֿאַרפֿאָרן...

אָבער אין דער ווירקלעכקייט האָבן די באַן־מאַשיניסטן געהאָ־רעוועט שווער און געוויסנהאַפֿט, כּדי אונדז צו דערפֿירן צו עפּעס אַ ציל. זיי האָבן שעהן־לאַנג, פֿאַרטאָג און אַ גאַנצן פֿרימאָרגן, מאַנעוו־רירט אויף פֿאַרשידענע זיַיטיקע באַן־וועגן, ביז זיי האָבן זיך מיט אונדז אַרויסגעשלאָגן אויף דער באַן־ליניע, וואָס פֿירט קיין לוקאָוו.

— פֿון דאַנען — האָט איינער פֿון די באַן־מאַשיניסטן אונדז אויס־געטיַיטשט — וועט זיַין לייַכטער צוצוקומען קיין לובלין. עס איז טאַקע אַ גרויסער אומוועג, אָבער דער איצטיקער וועג האָט אַ גרויסע מעלה: מען דאַרף נישט פֿאָרן איבער טיַיכן, און עס איז דעריבער נישטאָ קיין סכּנה, אַז מען וועט אונדז ערגעץ־וואו אונטער דער נאָז אויפֿריַיסן די בריק.

עס איז געווען זייער לאָגיש, כאָטש צווישן אונדז האָט זיך נישט געפֿונען קיין איין מענטש, וואָס זאָל שוין איינמאָל אין זיַין לעבן האָבן געפֿאָרן מיט אַזאַ משונהדיקן וועג פֿון וואַרשע קיין לובלין.

— אויב עס וועט נישט ווידער זיַין קיין מניעה — האָט דער באַן־מאַשיניסט צוגעגעבן — וועלן מיר אין עטלעכע שעה אַרום זיַין אין לובלין.

מיר האָבן אויסגענוצט דעם פֿאַקט, וואָס די באַן איז געשטאַנען אויף עפּעס אַ קליינער סטאַציע, און מיר האָבן זיך גענומען אַרומוואַשן פֿון ביַינאַכטיקן שמוץ. זעלנעריש־מעסיק האָט מען אַראָפּגעוואָרפֿן פֿון זיך די אויבער־מלבושים און די העמדער און זיך געוואָרפֿן מיט זייף און האַנטיכער צו דעם באַן־ברונעם. דאָס קאַלטע וואַסער פֿון ברונעם האָט אָפּגעפֿרישט און אין מענטש איז אַריַין עפּעס אַ מין מונטער־קייט. די זון האָט אַזוי ליכטיק געשיַינט, דאָס קאַלטע וואַסער האָט געווירקט אַזוי דערקוויקנדיק, אַז די נאַכט־קאָשמאַרן זיַינען ערגעץ־וואו פֿאַרשוואונדן, און עס האָט זיך גענומען דעם מענטש אויסדאַכטן, אַז אָט־אָט וועט געשען עפּעס אַזעלכעס, וואָס וועט אינגאַנצן ענדערן

אונדזער לאַגע: היטלער וועט אָנהויבן קריגן אַזעלכע קלעפּ, אַז עס וועלן ממש נישט זיין געווּג באַנען און אויטאָס אים נאָכצוּוויאָגן — אַזוי וועט ער אַנטלויפן...

אָפּגעוואַשן, זיך אָפּראַזירט — היים וואַסער האָבן מיר אַרויס־געצאַפּט פון לאָקאָמאָטיוו — האָט זיך אַלעמען געוואָלט עסן. אָבער וואו נעמט מען עסן? מיר האָבן דעריבער זיך געטרייסט מיטן געדאַנק, אַז אין עטלעכע שעה אַרום וועלן מיר... זיין אין לובלין.

אַרום עלף פרי האָט דער צוג זיך אָפּגעשטעלט ביי אַ קליין היַיזל פון אַ באַן־וועכטער. פונדערווייטנס האָט מען געזען אַ 2־3 פאַבריק־קוימענס און עפּעס אַ גרויסע באַן־סטאַציע.

— דאָס איז לוקאָוו! — האָט אונדז אויפגעקלערט דער באַן־וועכטער — איך האָב אַ באַפעל צו פאַרהאַלטן די באַנען, ווייל די לוקאָווער באַן־סטאַציע איז אָקאָרשט געוואָרן באָמבאַרדירט.

דער באַן־וועכטער האָט אונדז אויסגעטייַטשט.

— די עראָפּלאַנען קומען גרופּנווייַז: איין גרופּע גייט אַוועק און די אַנדערע קומט. זיי אָפּערירן אַזוי אויפן גאַנצן שטח צווישן שעדלעץ און לוקאָוו. אַזוי איז געווען נעכטן און דאָס זעלבע איז היַינט. אויב איר זאָלט אַרייַנפאָרן אין שטאָט אַריין, וועט אייַער באַן אויפגעריסן ווערן אויף דער סטאַציע...

— און וואָס הערט זיך עפּעס אין וואַרשע? צי נעמט איר אויף די וואַרשעווער ראַדיאָ־סטאַציע? צי רעדט זי נאָך, די וואַרשעווער ראַדיאָ־סטאַציע?

— יאָ, זי רעדט די גאַנצע צייַט!

מיר האָבן אָפּגעאָטעמט. ווי עמעץ אַ נאָענטער וואָלט אונדז אָפּ־געגעבן אַ גרוס פון אונדזערע ליבסטע און טייַערסטע.

— און וואָס זאָגט זי, די וואַרשעווער ראַדיאָ־סטאַציע?

— אַ־נאָ, וואָס זאָל זי זאָגן? אַז מען וועט זיך פאַרטיידיקן קעגן די „שוואַבעס”, די כאָליערעס, און נאָך אַזוי!

דער באַן־וועכטער איז געווען זייער אַ פּראָסטער מענטש און ער האָט נישט געקענט דייַטלעך פאָרמולירן דאָס, וואָס וואַרשע האָט היַינט געזאָגט. מיר האָבן גענומען קאָמענטירן זייַן קאַרגע פראַזע, אַז „מען וועט זיך פאַרטיידיקן”, אָבער דאָס זייַנען געווען הוילע בויך־סברות. אייניקע האָבן געהאַלטן, אַז דאָס מיינט גאָרנישט, ווייַל עס האָט זיך גערעדט מסתמא וועגן פּוילן, וועלכע וועט זיך, פאַרשטייט זיך, פאַרטיידיקן און נישט וועגן וואַרשע אַלס אַזעלכער. אַנדערע — און איך צווישן זיי — האָבן געהאַלטן, אַז דאָס, וואָס די וואַרשעווער ראַדיאָ־סטאַציע רעדט נאָך, איז שוין אַ באַווייַז, אַז עפּעס האָט זיך געענדערט אין די פּאָרויסזעאונגען פון דער רעגירונג, וועלכע האָט

דאָך אייערנעכטן איינאָוונט געהאַלטן, אַז דאָס אָנקומען פֿון די דײַטשן — אויב מען זאָל וואַרשע אָפּגעבן אָן אַ שלאַכט — איז אַ פֿראַגע פֿון עטלעכע צענטליק שעהן.

— צי זאָל נישט דאָרט עפּעס האָבן געשען אונטערן דרוק פֿון פּ. פּ. ס. און „בונד“, וועלכע האָבן געשטעלט די פֿאָדערונג, אַז וואַרשע מוז פֿאַרטיידיקט ווערן? — האָב איך געטראַכט מיט ציטער אין האַרצן.

מײַן רעדאַקציע־חבר ב. שעפֿנער איז אויך געווען גענייגט אַזוי צו טראַכטן. עס האָט אונדז געמאַטערט דער געדאַנק, אַז מיר ווייסן גאָרנישט. דערווײַל אָבער האָבן זיך אונטערגערוקט אַנדערע, דירעקטערע זאָרגן: איבער אונדזער באַן האָבן זיך באַוויזן עראָפּלאַנען!

פֿריער זײַנען זיי געפֿלויגן איבער לוקאָוו, איבער די באַן־געביידעס און איבער די עטלעכע פֿאַבריק־קוימענס, וואָס האָבן זיך אָנגעזען פֿונדערווײַטנס. מיר האָבן געזען די אַראָפּפֿאַלנדיקע באָמבעס, מיר האָבן געהערט די אויפֿרײַסן און — מיר האָבן דערזען, ווי איין עראָפּלאַן רײַסט זיך אָפּ פֿון דער גאַנצער אָפּטיילונג און פֿאַרנעמט זיך אין דער ריכטונג פֿון אונדזער באַן.

אין צוג איז אַנטשטאַנען אַ מוראדיקע סומאַטאָכע. עס האָט זיך איבערגעחזרט דאָס זעלבע, וואָס עס איז געשען אין ענלעכע אומשטענדן אויפֿן דאַנציקער באַנהויף אין וואַרשע ערב אונדזער אַרויספֿאָר: אייניקע זײַנען אַרויסגעשפּרונגען פֿון באַן און אַנטלאָפֿן אין וואַלד אַרײַן, אַנדערע זײַנען אַרויסגעשפּרונגען פֿון באַן און געבליבן ליגן אין די גראָזן נעבן די רעלסן און נאָך אַנדערע זײַנען געבליבן אין באַן.

ווען דער עראָפּלאַן איז שוין געווען האַרט איבער אונדז, בין איך געווען צוזאַמען מיט נאָך פֿיל מענטשן פֿון אונדזער צוג אינעווייניק, אין דער באַן. עס איז געווען אינטערעסאַנט צו אָבסערווירן, ווי אַזוי פֿאַרשידענע מענטשן רעאַגירן אין מאָמענט פֿון לעבנס־סכּנה. בײַ איינעם זײַנען די נערוון אויפֿגעשרויפֿט ביז אַזאַ גראַד, אַז ער לאָזט צו זיך נישט רעדן, ווײַל יעדעס וואָרט שרויפֿט נאָך מער אויף זײַנע נערוון. אַנדערע ווײַזן אַרויס אַן איבערגעטריבענע, נישט־נאַטירלעכע פֿריילעכקייט. נאָך אַנדערע ווייסן בכלל נישט, וואָס מיט זיי טוט זיך: זיי ציטערן אינגאַנצן, דאָס בלוט פֿליסט אָפּ פֿון זייער פּנים, און יעדע האַלבע מינוט טוען זיי עפּעס אַנדערש — אָט זעצן זיי זיך, אָט שטייען זיי אויף און אין סאַמע געפֿערלעכסטן מאָמענט קענען זיי זיך גאָר אויפֿהויבן און נעמען בלינד לויפֿן פֿאַר זיך אין שרעקלעכער פּאַניק...

איך בין געזעסן אין באַן און באַטראַכט מײַנע קאָלעגן אין וואַגאָן און אינדרויסן. אָבער אינגאַנצן אומגעריכט פֿאַר אַלעמען איז געשען עפּעס אַזוינס, וואָס האָט אונדז אַלעמען געמאַכט פֿריילעך:

אינמיטן פֿעלד, אַ מעטער צען פֿון אונדזער צוג, האָט זיך באַוויזן פֿאַר די וואַגאָנען עפּעס אַ פּאַרשוין, געקליידט האַלב־מיליטעריש, און ער האָט גענומען האַלטן אַ רעדע, ווי אַזוי מען דאַרף זיך אויפֿפֿירן, ווען עס דערנענטערט זיך דער שונא.

פֿון אונדזער צוג האָבן זיך דערהערט שטימען פֿון שפּאָט. עטלעכע זשורנאַליסטן אין אָפֿיצירן־מלבושים, מיטאַרבעטער פֿון דער מיליטערישער „פּאָלסקאַ זבראָינאַ״, האָבן צו אים אַרויסגעשריגן, אַז ער זאָל זיך באַהאַלטן. עמעץ אַנדערש האָט צו אים גענומען שרײַען, אַז ער זאָל זיך אָפּטראָגן, ווײַל קיינער האָט אים נישט געגעבן קיין רעכט צו ווערן אַן אינסטרוקטאָר און צו געבן נאַרישע לעקציעס. אַנדערע האָבן סתם געחוזקט.

אָבער דער פּאַרשוין האָט געמאַכט דעם אײַנדרוק, ווי ער וואָלט געווען אַבסאָלוט טויב. אויף די אַלע צורופֿן האָט ער אינגאַנצן נישט רעאַגירט, ווי ער וואָלט זיי אינגאַנצן נישט געהערט. אין עפּעס אַ טראַנס, האָט ער זיך געשאַרט איבערן פֿעלד פֿון וואַגאָן צו וואַגאָן און מאַנאָטאָן געחזרט זײַן רעדע. נאָר איין מאָמענט איז געווען, ווען ער האָט זיך אָפּגעריסן פֿון זײַן אויטאָמאַטישער פּרעדיקערײַ. עפּעס איינער פֿון די אידישע זשורנאַליסטן האָט אַן איבערגעשראָקענער גענומען אַנטלויפֿן פֿון דעם אָרט, וואו ער איז געלעגן באַהאַלטן אין גראָז. זעענדיק דעם לויפֿנדיקן איד, האָט דער פּאַרשוין איבערגעריסן זײַן רעדע און זיך גענומען זידלען:

— ווידער זשידקעס? ... אומעטום זשידקעס! ... קורץ דאַרף מען מיט זיי מאַכן, די פּהדנים — קורץ, אַז זיי זאָלן קיין פּיפּס נישט טון! ...

עס איז געוואָרן אַזוי פֿײַנלעך, אַז די פּוילישע זשורנאַליסטן האָבן זיך געשעמט צו קוקן אונדז אין די אויגן אַרײַן. עס האָבן זיך דערהערט אויף זײַן אַדרעס נאָך עטלעכע וויצן און ענדלעך איז ער פֿאַרשוואונדן. שפּעטער האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז הינטער אונדז פֿאָרט שוין אַ שטיק צײַט אַ צוג מיט פּליטים פֿון פּאָמערנער געגנט. דער דאָזיקער פּאַרשוין איז עס געקומען פֿון יענעם צוג.

דער עראָפּלאַן האָט דערווײַל געמאַכט אַן אויסשפּיר־קרײַז איבער אונדזער באַן און איבער דער פּאָמערנער באַן הינטער אונדז. דאַן איז ער אַוועקגעפֿלויגן צוריק אין דער ריכטונג פֿון דער באַן־סטאַציע.

אָבער עס האָט נישט געדויערט קיין פֿינף מינוט — דער עולם האָט קוים באַוויזן זיך צוזאַמענצולויפֿן צום צוג — ווי דער זעלבער עראָפּלאַן האָט זיך באַוויזן צום צווייטן מאָל אין באַגלייטונג פֿון נאָך צוויי עראָפּלאַנען.

דאָסמאָל איז די מהומה געוואָרן נאָך גרעסער. ניין צענטל פּאַסאַזשירן פֿוןביידע באַנען זיינען אין גרויס פּאַניק אַנטלאָפֿן אין וואַלד אַריין. פֿיל פֿון אונדז האָבן זיך אויסבאַהאַלטן אין וואַלד אין אַ טיפֿן פֿירקאַנטיקן גרוב, וואָס דער באַן־וועכטער פֿון דערנעבנדיקן הייזל האָט געהאַט אויסגעבויט זייער טיף און זייער גרינטלעך על־כּל־צרה שלא תּבוא. די פּאַניק איז דאָסמאָל ביי טייל מענטשן גע־ווען אַזוי גרויס, אַז שוין זיצנדיק אין גרוב האָבן זיי זיך גענומען מישב זיין, אַז „דאָ איז אויך שלעכט״, ווייל אין וואַרשע האָט מען די ערשטע טעג דערציילט וועגן מענטשן, וואָס זיינען אומגעקומען גראָד אין אַ באַשיצונגס־גרוב...

אויך די דריי עראָפּלאַנען האָבן געמאַכט אַן אומקריי איבער אונדזער צוג און אַוועקגעפֿלויגן, נישט וואַרפֿנדיק קיין באָמבע. מיר זיינען געזעסן אין וואַלד און אין די גריבער, וואַרטנדיק מיט האַרצקלאַפּעניש אויפֿן ערשטן אויפֿריים. עס זיינען אָבער אַריבער בלויז עטלעכע מינוטן — אַן אַנדער זאַך, אַז פֿאַר אונדז האָט עס אויסגעזען, ווי עס וואָלט געדויערט אפֿשר אַ שעה! — און מען האָט גענומען צו אונדז שרייען פֿון דרויסן, אַז מיר קענען אַרויסגיין, ווייל די סכּנה איז אַריבער.

אָבער אַריינפֿאָרן קיין לוקאָוו האָבן די באַן־מאַשיניסטן זיך אָפּ־געזאָגט:

— צו דער באַן־סטאַציע — האָבן זיי געטענהט — איז זייער נאָ־ענט, אפֿשר אַ קילאָמעטער, און אפֿשר דאָס אויך נישט. עס וועט בעסער זיין, אַז איר וועט אַריינגיין אין שטאָט אַריין צופֿוס, און מיר וועלן אין עטלעכע שעה אַרום זיך טרעפֿן אויפֿן באַנהויף, כּדי ווייטער צו פֿאָרן. מיר וועלן יעדנפֿאַלס אַריינקומען אין שטאָט ערשט, ווען מיר וועלן זיך האָבן איבערצייגט, אַז די באָמבאַרדירונג איז שוין טאַקע אויף אַן אמת אַריבער.

עס איז געווען גאַנץ לאָגיש, אָבער אויך — זייער אומבאַקוועם. יעדער האָט געהאַט אַ האַנט־פּעקל און גיי שלעפּ זיך איצטער אין אַ גרויסער היץ איבער פֿעלדער מיטן באַגאַזש אין האַנט! אַנדערע האָבן נאָך געהאַט מיט זיך צו זייער אומגליק נישט קיין קליין האַנט־פּעקל, נאָר אַ גאַנץ היפּשע וואַליזע, אַ ווינטער־מאַנטל און אַנדערע זאַכן. מיט אַ שווער געמיט האָבן מיר זיך גענומען שלעפּן אין שטאָט אַריין מיט דעם באַגאַזש אין די הענט. בלויז איינצלנע פֿון אונדז

האָבן געלאָזן דעם באַגאַזש אין וואַגאָן. דער רוב האָט אָבער אויסגע־רעכנט, אַז די באַן קען פֿאַר דער צײַט אויפֿגעריסן ווערן, און דאַן וועלן אַוועקקומען אונדזערע זאַכן. וואָס וועט טאָן אַ לעבעדיקער מענטש אָן אַ ריין העמד צו איבערטאָן?

מיר זײַנען שוין געווען נאָענט פֿון דער שטאָט, ווען עס האָט זיך ווידער אָנגעהויבן אַ באָמבאַרדירונג. מיר האָבן זיך צעשאָטן איבער די פֿעלדער. ליגנדיק אַזוי צוביסלעך צווישן די קאַרטאָפֿל־בייטן און לויפֿנדיק צוביסלעך איבער די פֿעלדער, האָבן מיר זיך צוגעשאַרט שוין גאָר נאָענט צום לוקאָווער באַנהויף.

איך זע נאָך איצט פֿאַר זיך די הויכע, שלאַנקע געשטאַלט פֿון דיכטער ז. סעגאַלאָוויטש, ווי ער שלעפּט זיך מיט זײַנע עלעגאַנטע געלע שיך און שיינעם זומער־אַנצוג איבער די זאַמדן, באַדויערנדיק, וואָס ער האָט בכלל פֿאַרלאָזן וואַרשע.

— ווען איך וואָלט געוואוסט, אַז עס וועט זײַן אַזאַ שרעקלעכער וועג! — האָט ער נישט אויפֿגעהערט צו מורמלען צו זיך און צו אַלע אַרום — וועמען האָט עס געקענט אײַנפֿאַלן?

נעבן מיר האָט זיך געשלעפּט מיט די לעצטע כּוחות יוסטמאַן־יאושזאָן. זײַן קראַנק האַרץ איז טאַקע אויך נישט געווען פֿאַר אַזאַ רײַזע. דערצו האָט ער נאָך געטראָגן אויף דער האַנט אַ זייער שווערן מאַנטל, וועלכער האָט מיט עטלעכע וואָכן שפּעטער אים טאַקע גע־ראַטעוועט פֿון קעלט, אָבער אין יענעם מאָמענט האָט עס אויסגעזען, אַז דער מענטש וועט פֿאַלן אונטער דער דאָזיקער שווערער לאַסט.

— איך וועל נישט אויסהאַלטן! — האָט יוסטמאַן זיך אומגע־הויער געמאַטערט — איך זאָג אײַך, אַז איך וועל נישט דערגיין...

דער טײַוול האָט געוואָלט, אַז גראַד אין דעם מאָמענט, ווען מיר האָבן זיך שוין אינגאַנצן געהאַט דערנענטערט צו דער שטאָט, האָט זיך אָנגעהויבן אַ נײַע באָמבאַרדירונג. מיר האָבן שנעל אויסגעמיטן דעם צוויי־שטאָקיקן בנין פֿון אַ פֿאָלקס־שול, וואָס איז דורך אַ באָמבע איבערגעשניטן געוואָרן אויף צוויי העלפֿטן. בײדע שטאָקן האָבן אַרויסגעסטאַרטשעט מיט האַלב־אָפּגעדעקטע צימערן, אין וועלכע עס זײַנען נאָך געשטאַנען אין פֿולער אָרדענונג די שול־בענק. פֿון די גאַנץ געבליבענע ווענט האָבן משונהדיק־רואיק אַראָפּגעקוקט די פּאָרטרעטן פֿון געשטאָרבענעם מאַרשאַל פּילסודסקי און פֿון מלוכה־פּרעזידענט מאָשטשיצקי. דער וואָקזאַל איז געווען ליידיק, אַז עס איז נישט געווען מיט וועמען צו רעדן אַ וואָרט. דער הונגער און דורשט האָט אונדז אַזוי געמאַטערט, אַז מיר האָבן נישט געוואָלט

הערן, וואָס עס טוט זיך אינדרויסן: מיר האָבן געזוכט אַ ביסן ברויט, אַ געוויינלעך ביסל וואַסער!

אָבער אומזיסט — נישטאָ!

געטריבן פֿון דער אינעווייניקסטער אומהיימלעכקייט, זײַנען מיר אַרויס אין שטאָט.

— דאָס ערשטע, וואָס איך וויל טאָן — האָט געזאָגט דער אידיש־פּוילישער פּובליציסט נאַטאַן שוואַלבע — איז אויפֿזוכן מײַן אַלטע מוטער, וועלכע וואוינט הי... עס איז נישט אויסגעשלאָסן, אַז איך זאָל דאָ בלײַבן... זאָל זײַן, וואָס עס וויל!... נישטאָ קיין פּוחות זיך אַזוי אַרומצושלעפּן!...

און ער איז צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע מענטשן פֿאַרשוואונדן.

איך מיט נאָך אַ גרופּע מענטשן זײַנען אויך אַוועק אין דער ריכ־טונג פֿון שטאָט. אָבער מיר האָבן נישט באַוויזן איבערצושנײַדן דאָס גראָזיקע פֿעלד, וואָס טיילט אָפּ דעם וואָקזאַל פֿון די ערשטע הײַזער, ווי עס האָבן ווידער זיך באַוויזן איבער דער שטאָט עראָ־פּלאַנען, ווידער געוואָרפֿן באָמבעס און ווידער געוואָרן באַשאָסן.

אפֿשר באַנוץ איך אַ צו שטאַרקן אויסדרוק, ווען איך זאָג, אַז זיי זײַנען געוואָרן באַשאָסן. סך־הכּל זײַנען דאָ געווען צוויי אָרעמע קוילן־וואַרפֿער אויפֿן דאַך פֿון וואָקזאַל, באַדינט דורך עטלעכע העלדישע פּוילישע זעלנער.

טראַגיש איז געווען דאָס הייזעריקע שטעפּן פֿון די 2 קוילן־וואַרפֿער אויפֿן דאַך פֿון וואָקזאַל, ווען אין דער לופֿטן האָבן זיך געטראָגן שווע־רע דײַטשע באָמבערס. זיי האָבן זיך אַזוי ווייניק געשראָקן פֿאַר די קוילן־וואַרפֿערס, אַז זיי האָבן נישט געווענדעט אויף זיי די מינ־דעסטע אויפֿמערקזאַמקייט.

עס איז געווען געפֿערלעך צו בלײַבן אין שכנות פֿון וואָקזאַל. מיר האָבן גענומען לויפֿן צו די הײַזער פֿון דער נאָענטסטער גאַס. יוסט־מאַן, וועלכער איז נישט געווען קיין איבעריקער גיבור, האָט גענומען אָפּשטיין פֿון אונדז. אין סאַמע מיטן פֿון אָפֿענעם פֿלעצל פֿאַרן באַנהויף האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און אַ געשריי געטאָן צו אונדז:

— איך קען נישט ווײַטער לויפֿן... איך וועל שוין דאָ בלײַבן...

און ער האָט זיך אַוועקגעלייגט אויף די שטיינער אַ פֿאַרמאַ־טערטער, קוים אָפּציִענדיק דעם אָטעם.

איך האָב זיך אומגעקוקט. דערזעענדיק יוסטמאַנס געזיכט, האָב איך נישט געקענט פּועלן בײַ זיך צו לאָזן אים אַליין. איך האָב זיך אויסגעצויגן נעבן אים און געבעטן דוד פֿלינקערן, ער זאָל נאָכטאָן

מײַן בײַשפּיל. איך בין געווען זיכער, אַז אונדזער ליגן געבן אים וועט אים שטאַרקן און ווירקן אויפֿמונטערנדיק. דאָס אָרט איז געווען צו געפֿערלעך, ער זאָל דאָרט קענען לענגער בלײַבן. זײַן געזיכט איז געווען עפּעס מאָדנע אויסגעקרומט — ווי ס'וואָלט געלעגן אויף אים דער שטעמפּל פֿון טויט. מיר האָבן מיט פֿלינקערן דעמאָלט שטיל גערעדט צווישן זיך וועגן דעם, אַז פֿון יוסטמאַנס אויגן קוקט אַרויס דער טויט. איצט איז שוין יוסטמאַן ווירקלעך נישטאָ צווישן די לעבעדיקע. ער האָט זיך דערשלעפּט ביז פּאַלעסטינע און דאָרט איז ער געשטאָרבן אַן אײַנזאַמער.

אַ ווײַלע זײַנען מיר דעמאָלט טאַקע אַזוי געלעגן זאַלבעדריט. איבער אונדז איז געגאַנגען אַ שיסערײַ און אַ באָמבע־וואַרפֿערײַ. איך האָב זיך דערמאָנט, אַז איך טראָג בײַ זיך דאָס געלט, וואָס מיר האָבן מיטגענומען מיט זיך אין וועג אַרײַן. עס איז מיר געקו־מען אין קאָפּ אַרײַן אַ געדאַנק, אַז אויב איך וועל דאָ געטראָפֿן ווערן פֿון אַ באָמבע, קענען מײַנע קאָלעגן פֿאַרגעסן אַרויסצונעמען פֿון מײַ־נע טאַשן דאָס געלט, וואָס וועט זיי שפּעטער נויטיק זײַן אויף ברויט.

— פֿלינקער — האָב איך געזאָגט צו מײַן שכן, וועלכער איז אויך געווען אַ מיטגליד פֿון דער פֿאַרוואַלטונג פֿון זשורנאַליסטן־סינדיקאַט — אויב איך וועל געהרגעט ווערן, זאָלט איר נישט פֿאַרגעסן אַרויס־צונעמען בײַ מיר דאָס געלט פֿון טאַש.

— און אויב איך וועל געהרגעט ווערן — האָט פֿלינקער מיר גע־ענטפֿערט קאַלטבלוטיק — פֿאַרגעסט נישט, אַז איך האָב אין טאַש ליגן עטלעכע הונדערט זלאָטים אייגן געלט...

מען האָט טאַקע יעדע מינוט זיך געקענט ריכטן אויפֿן טויט. אין מאָמענטן פֿון סכּנת־נפֿשות ווערט דער מענטש אַזוי צוגעוואוינט צום געדאַנק פֿון טויט, אַז מען רעדט שוין וועגן דעם, ווי וועגן עפּעס אַ טאָג־טעגלעכער קלייניקייט.

אונדזער אָנוועזנהייט האָט טאַקע יוסטמאַנען געשטאַרקט. ער האָט אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם און זיך צוריק אויפֿגעהויבן. דאַן האָבן מיר זאַלבעדריט זיך געלאָזן לויפֿן צו דער נאָענטסטער גאַס, צו די שכנותדיקער הײַזער.

די גאַס איז געווען ליידיק, פֿולשטענדיק ליידיק. מען האָט געמוזט אַריבערשפּרינגען איבער גריבער, וואָס האָבן זיך געצויגן איבער דער ברייט פֿון דער גאַס. יעדעס צווייטע הויז איז געווען חרוב. מאָדנע האָבן אויסגעזען די פּלעצער, וואו עס זײַנען פֿאַר דעם געשטאַנען הײַזער: אָפּטמאָל האָט מען דערקענט, אַז אַמאָל איז דאָ געשטאַנען אַ הויז נאָר לויט דעם, וואָס אין אַ ווינקל פֿון ליידיקן פּלאַץ איז גע־

שטאַנען אַ נישט-גערירטער ווײַסער קאַכל-אויוון, וועלכער איז געווען דער איינציקער גאַנץ-געבליבענער טייל פֿונעם אַמאָליקן הויז.

דער ערשטער אײַנדרוק איז געווען, אַז אין שטאָט איז נישטאָ קיין לעבעדיקער מענטש. איין העלפֿט הײַזער איז געווען צעשטערט, די צווייטע העלפֿט איז געווען פֿאַרריגלט און פֿאַרהאַמערט פֿון אַלע זײַטן. די זון האָט געשײַנט איבער אונדזערע קעפּ — עס איז געווען מיטאָגצײַט — און די ליידיקע שטאָט האָט אין גלאַנץ פֿון העלן זו־ניקן טאָג אויסגעזען באַזונדערס אומהיימלעך.

ענדלעך האָט אונדז אָפּגעגליקט צו טרעפֿן אַ לעבעדיקן מענטשן — עפּעס אַ קריסטלעך מיידל איז געשטאַנען פֿאַר אַ פֿאַרהאַמערט קרעמל און געקוקט אויף אונדז מיט נײַגיר.

— אפֿשר ווייסט איר — האָבן מיר געפֿרעגט — וואו מען קען קריגן עפּעס עסן?

זי האָט געעפֿנט די טיר פֿונעם קרעמל. אינעווייניק איז געווען אַ געוועלבל מיט שפּײַז אד"גל. אין געוועלבל האָט זיך אַרײַנגעשטופּט אַ מאַן 10 פֿון אונדזער צוג — קריסטן און אידן. מען האָט אונדז פֿאַ־נאַנדערגעזעצט אין געוועלבל און אין דער פּריוואַטער וואוינונג פֿון קרעמער. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מיר קענען דאָ קריגן וואָס מיר ווילן: ברויט, פּוטער, אייער, וואורשט. מיר האָבן זיך צו־געכאַפּט צו די מאכלים און פֿאַרצוקט אַלץ, וואָס מען האָט אונדז דערלאַנגט. אויף פֿאַרבײַסן האָבן מיר נאָך אָנגעקויפֿט גאַנצע בערג עפּל און זיך מיט זיי אויסגעלייגט אין גערטנדל הינטערן קרעמל.

עס איז געווען אַ פּרעכטיקער טאָג. די עראָפּלאַנען זײַנען געהאַט ערגעץ-וואו פֿאַרשוואונדן. מיר האָבן זיך אויסגעזעצט און אויסגעצ־לייגט ווי איינער האָט געוואָלט. קריסטלעכע מיידלעך האָבן אונדז געבראַכט שיסלען וואַסער און מיר האָבן זיך אַרומגעוואַשן. שפּעטער זײַנען מיר געלעגן מיטן פּנים צום הימל און געגלאָצט צום הימל־בלוי, וועלנדיק פֿאַרגעסן דאָס, וואָס עס איז פֿאָרגעקומען ביז איצט, און וואָס עס קען נאָך געשען אין אַ שעה אַרום: די וועלט איז אַזוי שיין, אַזוי שיין!

— פֿאַרוואָס באַשיסט מען אַזוי שטאַרק לוקאָוו? — האָט עמעץ פֿון אונדז געפֿרעגט איינע פֿון די מיידלעך, וואָס האָבן אונדז באַדינט.

זי האָט זיך אָנגעבויגן צו אונדז און געזאָגט שטיל, פֿאַרטרוילעך, ווי זי וואָלט מורא געהאַט, אַז עמעץ זאָל נישט אונטערהערן:

— אין די וועלדער צווישן לוקאָוו און שעדלעץ איז אַ באַזע פֿון די ענגלישע באָמבערס, וואָס זײַנען געקומען אַרויסהעלפֿן אונדז אין קריג...

אַזאַ לעגענדע האָט דעם פערטן און פינפטן טאָג פון קריג אַרויס־געלאָזן דער פוילישער ראַדיאָ, וועלכער האָט געוואָלט הייבן דעם מוט פון דער באַפעלקערונג. 200 ענגלישע באָמבערס — איז געווען דער אָפיציעלער נוסח פון אָפיציעלן קאָמוניקאַט — זײַנען אַריבער־געפלויגן דעם אַטלאַנטיק און געקומען קיין פוילן. פאַקטיש איז דאָס געווען אַ הוילער פראָפּאַגאַנדיסטישער טריק. אָבער אין די ערשטע טעג פון קריג האָט מען הייליק געגלויבט, אַז מיר האָבן טאַקע באַ־קומען אַזאַ הילף און אַז אונדזער קאַמף וועט צוליב דער דאָזיקער הילף ווערן פון טאָג צו טאָג אַלץ שטאַרקער און ווירקזאַמער...

דאָס מיידל האָט אונדז אויך אָנגעוויזן אויף אַ קרעמל אין שכנות, וואו עס האָט אַמטירט דער רויטער קרייץ. מיר זײַנען אַהין אַוועק נאָך אינפאָרמאַציעס. די 3-2 טיכטיקע מיידלעך, וואָס האָבן זיך דאָרטן געפונען, האָבן אונדז גאָרנישט נישט געקענט ענטפערן.

— וואָס קענען מיר וויסן? — האָבן זיי געזאָגט מיט אַ טרויעריקן שמייכל — באָמבעס, באָמבעס און באָמבעס! ראַדיאָ? מיר הערן נישט קיין ראַדיאָ! מענטשן אין שטאָט פאַלן ווי פליגן. אַפילו איצט, מיט אַ שעה צוריק, זײַנען אומגעקומען פיל מענטשן. מען קלייבט איצט צונויף אין שטאָט די קרבנות...

זיי האָבן אונדז בלויז געגעבן פאָסט־קאַרטן מיט צייכנס פון רויטן קרייץ און מיר זײַנען אַוועק צוריק אין גערטעלע אַרײַן אָנשרײַבן אַ פּאָר ווערטער צו אונדזערע קרובים קיין וואַרשע. מיר האָבן גע־שריבן אָן גלויבן, אַז די פּאָר ווערטער וועלן אַמאָל דערגיין, אָבער אונדזער אײַנשטעלונג איז געווען צו שרײַבן בײַ יעדער מעגלעכער געלעגנהייט. עס האָט זיך געוואָלט כאָטש דורך אַ פּאָר אָנגעשריבענע ווערטער זיך פילן אַ ווײַלע פאַרבונדן מיט אונדזערע נאָענטע אין וואַרשע.

— מיר קענען אײַך נאָר פאַרזיכערן — האָבן די טיכטיקע מייד־לעך געזאָגט מיט מיטגעפיל — אַז מיר וועלן זיך באַמיען עס אָפּ־צושיקן...

אַ שטיקל צײַט זײַנען מיר נאָך געלעגן אויפן גראָז און זיך אויס־געגלײַכט די צעבראָכענע ביינער. עס איז געווען אַ מאָמענט, ווען איך האָב געטראַכט: און אפשר זיך טאַקע נישט אויפהויבן? און אפשר טאַקע ווײַטער נישט פאָרן?

אָבער איך האָב זיך אויפגעהויבן און ווײַטער געפאָרן. אַלע האָבן זיך אויפגעהויבן, כּדי ווײַטער צו פאָרן.

ווידער איז איבערן שטעטל געווען שטיל, ווי אין עפּעס אַ צויבער־פּלאַץ. די היטלערישע עראָפּלאַנען זײַנען ערגעץ פאַרשוואונדן. די גאַסן זײַנען געווען ליידיק, ווי אין אַ בנעימותדיקן שבת נאָכן עסן.

אַ טייל פֿון אונדז האָט גענומען דעם וועג צוריק צו דער באַן. אַנדערע זײַנען זיך פֿונאַנדערגעקראָכן איבערן שטעטל. ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, האָט אין די ווײַטערדיקע גאַסן פֿון שטעטל גע־הערשט אַזאַ חורבן, אַז עס האָט אָפּגענומען דעם מענטשלעכן לשון.

די ערשטע פּאָר טעג פֿון די באָמבאַרדירונגען האָבן די שכנים פֿון דער באַן-גאַס פֿאַרלאָזן זייערע וואוינונגען און זיך אַריבער־געצויגן אין די ווײַטערדיקע גאַסן. אָבער די לעצטע 2 טעג האָט די באָמבאַרדירונג זיך אויסגעשפּרייט אויך אויף די ווײַטערדיקע גאַסן. מענטשן זײַנען געפֿאַלן ווי פֿליגן און הײַזער — ווי קאָרטן־הײַזלעך. אין יענע גאַסן איז איצט געווען ווײַט נישט אַזוי אידיליש, ווי אין אונדזער באַן-גאַס. הײַזער האָבן זיך נאָך געררויכערט, מתים זײַנען נאָך געלעגן אינמיטן גאַס, און אַ גלח מיט אַ ווײַסן קאָפּ האָר האָט זיך אַרומגעדרייט מיט אַ גלעקל איבער די גאַסן און געזאָגט ווידוי מיט שטאַרבנדיקע קרבנות פֿון דער באָמבאַרדירונג.

— פּאָטערל... פּאָטערל... — האָט אים עפּעס אַ באָרוויס קריסטלעך יִינגעלע גערופֿן צו זיך אין הויף — דאָ... דאָ...

און דער גלח אין דעם ווײַסן גלחישן אויבערהעמדל מיטן קרייץ אין דער האַנט איז אַרײַן אין אָנגעוויזענעם הויף.

דאָס שטעטל איז דאָ פֿול געווען מיט געוואַלדן און יללות. איין גרויסער יאָמער האָט זיך צונויפֿגעקנוילט אין דער לופֿטן. דער געוויין פֿון אָפּגעברענטע, דאָס קרעכצן פֿון פֿאַרוואונדעטע און דער יאָמער פֿון פֿאַריתומטע האָבן זיך צונויפֿגעמישט מיט ווילדע געשרייען פֿון משוגע-געוואָרענע.

אַן אַלטע אידישע פֿרוי מיט צעפּאַטלטע גרויע האָר איז געזעסן אונטער אַ בוים און געמאַכט ווילדע העוויות. זי איז געווען משוגע. דער גלח, וואָס איז פֿריִער אַרײַנגערופֿן געוואָרן אין אַ הויף צו אַ שטאַרבנדיקן, האָט אַ ווײַלע זיך אָפּגעשטעלט בײַם בוים און גע־שאָקלט טרויעריק מיטן קאָפּ. נאָכדעם איז ער צוגעגאַנגען צו דער אומגליקלעכער זקנה און גענומען זי גלעטן איבערן קאָפּ:

— האָב נישט קיין עגמת-נפֿש, קינד מײַנס — האָט ער גערעדט צו איר וואַרעמע רייד — עס וועט נאָך זײַן גוט... עס וועט נאָך זײַן גוט...

מיט וואָכן שפּעטער האָב איך זיך דערוואוסט, אַז בעת איינער פֿון די שרעקלעכע באָמבאַרדירונגען אין יענע טעג אין לוקאָוו — מעגלעך, אַז דאָס איז גראָד געשען דעמאָלט, ווען איך בין געווען אין שטאָט? — איז דאָרטן אויף אַ טראַגישן אופֿן אומגעקומען די פֿרוי פֿון מײַן וואַרשעווער חבר און פֿרײַנט י. גראָספּאַטער, וועלכער איז לאַנגע יאָרן געווען פֿאַראַנטוואָרטלעכער רעדאַקטאָר פֿון אונדזער

„פֿאָלקסצײַטונג" און איינער פֿון די וויכטיקע טוער פֿון פֿאַריין פֿון די אידישע האַנדל־אָנגעשטעלטע.

ווען עס איז אויסגעבראָכן דער קריג, האָט ער נאָך באַוויזן אַרויסצושיקן זײַן פֿרוי און זײַן קליין יִינגעלע פֿון וואַרשע. ער האָט זיי געשיקט קיין לוקאָוו צו קרובים. עס איז אין די ערשטע שעהן פֿון קריג קיינעם נישט אײַנגעפֿאַלן, אַז אַפֿילו אַזעלכע קליינע ערטער וועלן אַזוי שווידערלעך באָמבאַרדירט ווערן. אָבער ווען דער טעות איז פֿעסטגעשטעלט געוואָרן, איז שוין געווען צו שפּעט די זאַך צו ענדערן. בעת איינער פֿון די באָמבאַרדירונגען איז די מוטער מיטן קינד אַוועקגעלאָפֿן צום מאַרק, וואו עס איז געווען אײַנגעאָרדנט, אין הויז פֿון אַפּטייקער, אַ ריזיקער פֿעסט־געמויערטער קעלער, וועלכער האָט אַרײַנגענומען בערך 150 מענטשן. דער קעלער איז שוין געווען אַזוי געפּאַקט, אַז פֿאַר איר מיטן קינד איז נישט געבליבן קיין בעסערער פּלאַץ, ווי אויף דער שוועל פֿונעם קעלער. דערבײַ האָט דאָס קינד, אַ נײַגיריקס, זיך אַלעמאָל געריסן פֿון דער מוטערס הענט, כּדי צו זען, ווי עס פֿליען די עראָפּלאַנען. אָבער מיטאַמאָל האָט אַ גרויסע אויפֿרײַס־באָמבע געטראָפֿן דאָס הויז און פֿאַרשאָטן דעם קעלער, פֿון וועלכן מען האָט נאָכדעם אַרויסגעצויגן צענדליקער געהרגעטע און פֿאַרוואונדעטע. צווישן די אומגעקומענע איז אויך געווען די מוטער פֿון דאָזיקן יִינגעלע. דאָס יִינגעלע אַליין איז געבליבן לעבן. די באָמבע האָט געטראָפֿן אין הויז גראַד אין אַזאַ מאָמענט, ווען דאָס יִינגעלע האָט זיך געהאַט אַרויסגעריסן פֿון דער מוטערס הענט און אַרויסגעלאָפֿן אינמיטן גאַס, כּדי אַ קוק צו טאָן אויף די דײַטשע עראָפּלאַנען...

דער פֿאָטער פֿון דאָזיקן קינד איז שפּעטער געווען צוזאַמען מיט מיר אין ליטע. דאָ האָט ער זיך דערוואוסט וועגן טראַגישן גורל פֿון זײַן פֿרוי. ער וואַלגערט זיך ביז הײַנט אַרום, ווי פֿיל אַנדערע אידן פֿון פּוילן, אויף דער ברייטער וועלט, נישט קענענדיק געפֿינען קיין מקום־מנוחה. פֿון ליטע איז אים געלונגען צו קומען דורך סאָוויעט־רוסלאַנד קיין יאַפּאַן. אָבער פֿון דאַנען איז אים שוין נישט געלונגען זיך אַרויסצורײַסן. די יאַפּאַנישע רעגירונג האָט אים צוזאַמען מיט הונדערטער אַנדערע אידישע פּליטים פֿון פּוילן פֿאַרשיקט קיין שאַנ־כאַי. דאָרט געפֿינט ער זיך ביזן הײַנטיקן טאָג.

און דאָס אָפּגעראַטעוועטע קינד?

מיט צוויי יאָר צוריק איז דאָס אָפּגעראַטעוועטע קינד געווען בײַ קרובים אין וואַרשע.

# 4
# אַ נאַכט אין לובלין

עס איז געווען אַרום 3 בייטאָג, ווען מיר זיינען צוריקגעקומען צום חרובן לוקאָווער וואָקזאַל און גענומען זוכן אונדזערע וואַגאָנעס. קוים מיט צרות האָבן מיר דורך בערג אייזן און דורך אויפגעריסענע, משונהדיק־אויסגעבויגענע שינעס זיך דערשלאָגן צו אונדזער צוג, וועלכער איז געווען אַוועקגעשטעלט עטלעכע הונדערט טריט אין אַ זייט פון וואָקזאַל.

ביי דער באַן האָבן מיר זיך דערוואוסט, אַז „מיר האָבן געהאַט מזל". דער צוג מיט פּליטים, וואָס איז געפאָרן הינטער אונדזער צוג, איז געטראָפן געוואָרן פון אַ באָמבע, און עס זיינען געווען קרבנות: עפּעס אַ פרוי, עפּעס אַ קינד — גענוי האָבן מיר נישט געקענט די זאַך פעסטשטעלן, ווייל אונדזער צוג האָט גענומען ווייטער פאָרן.

אינמיטן פאָרן האָבן מיר זיך דערוואוסט, אַז ערגעץ אויפן וועג, מסתמא בעת דער אַרומשלעפּעניש אויף פאַרשידענע זייטיקע באַן־וועגן בייגאַכט, האָט מען אונדז צוגעטשעפּעט פון הינטן עטלעכע וואַגאָנעס מיט געווער און אַמוניציע.

— איצטער — האָט מען געמורמעלט אין אַלע וואַגאָנעס — באַגלייטן זיי אונדז ווייטער... אַ גוטע סגולה אויפגעריסן צו ווערן אינדערלופטן...

די באַן איז ווידער געפאָרן אַ 2-3 שעה אָן מניעות און ווידער זיינען מיר געווען געצוואונגען זיך אָפּצושטעלן אויף אַ שעה אַנדער־האַלבן. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ערגעץ נישט ווייט פאַר אונדז מאַכט מען צורעכט די שינעס נאָך אַ באָמבאַרדירונג. אויף אַ קליינער דאָרפישער סטאַציע דערנעבן האָט מען אונדז געפּאַשעט מיט גע־קאָכטע אייער און קוואַס. ברויט האָבן מיר געהאַט מיט זיך, ווייל מיר האָבן געהאַט איינגעקויפט ברויט אין לוקאָוו.

עס איז שוין געווען פינצטערלעך, ווען אונדזער באַן איז פאַר־פאָרן צום שטעטל וולאָדאַווע. אונדזער באַן האָט געמאַכט אויף דער סטאַציע אַ רושם — עס האָט אויסגעזען ווי מיר וואָלטן געווען די ערשטע באַן פון דעם מין, וואָס האָט זיך באַוויזן אויף דער דאָזיקער סטאַציע. מען האָט אונדז געבראַכט עמערס מיט וואַסער און געקוקט אויף אונדז מיט אַזאַ מיטלייד, אַז ווען אַפילו מיר אַליין וואָלטן גע־האַט פאַרגעסן וועגן אונדזער מצב, וואָלטן די פאַרטרערטע אויגן פון די ווייבער אויף דער סטאַציע אונדז אויפסניי געקענט וועגן דעם דערמאָנען...

קיין לובלין זײַנען מיר אָנגעקומען, ווען עס איז שוין געווען פֿולשטענדיק פֿינצטער. און נאָך ווי פֿינצטער! איינער דעם צווייטן האָט קוים געקענט אונטערשיידן אין דער פֿינצטער!

עס איז געווען אַרום האַלב צען אין אָוונט, ווען מיר האָבן טויט־מידע זיך געשלעפּט איבער די אויסגעשטאָרבענע גאַסן פֿון שטאָט. עפּעס אימהדיקס איז געהאַנגען אין חלל פֿון די אַלטע לובלינער גאַסן. די פֿינצטערניש האָט זיך געלייגט אויפֿן געמיט, ווי אַן אײַזערנע רייף. די פּנימער פֿון די איינצלנע, זעלטענע פֿאַרבײַגייער האָבן געקוקט אויף אונדז מיט חשד און אומצוטרוי.

— די שטאָט ווערט כּסדר שטאַרק באָמבאַרדירט! — האָט מען אונדז געענטפֿערט אויף אונדזערע פֿראַגן.

מיר האָבן זיך צעטיילט אין 2 גרופּן. שמואל וואָלקאָוויטש, דער מיטאַרבעטער פֿון דער פּויליש־אידישער צײַטונג „נאַש פּזשעגלאָנד", און דער רעדאַקטאָר פֿון וואַרשעווער אידישן „אונדזער עקספּרעס" לאַזאַר קאַהאַן האָבן גענומען איין טייל פֿון אונדזער קאָמפּאַניע און אַוועק מיט זיי צו אַן אָנגעזעענעם אידישן אינזשיניער, אַ באַקאַנטן כּלל־טוער פֿון שטאָט, מיט וועלכן זיי זײַנען געווען גוט באַקאַנט פֿון זייער אַמאָליקער אָנגעהעריקייט צו דער פֿאָלקס־פּאַרטיי, און איך מיט מײַן חבר שעפֿנער האָבן גענומען מיט זיך אַן אַנדערע גרופּע קאָלעגן און זײַנען אַוועק אין פּריײַנטלעכן הויז פֿון אונדזערע גוטע באַקאַנטע, די פֿירער פֿון דער בונדישער באַוועגונג אין לובלין בעלאַ שאַפּיראָ און איר מאַן.

ענדלעך זײַנען מיר נאָך 2 מעת־לעת פֿאָרן געזעסן אין אַ מענטש־לעכער שטוב, אין שײַן פֿון אַן עלעקטרישן לאָמפּ, און געטרונקען אַ מענטשלעך ביסל טיי אין אַ מענטשלעך־ריינעם גלאָז.

די נײַעס איז געווען אַ טרויעריקע. די מאַכט־אָרגאַנען גרייטן זיך אָפּצופֿאָרן. די שטאָט ווערט אומאויפֿהערלעך באָמבאַרדירט. עס איז כאָטש אַ שטיקעלע נס, וואָס ווייניק באָמבעס פֿאַלן אין צענטער פֿון שטאָט. דער גאַנצער צאָרן פֿון די באָמבערס איז יעדן טאָג קאָנ־צענטרירט אויף דעם גרויסן לובלינער וואָקזאַל און אויף דער גרויסער עראָפּלאַנען־פֿאַבריק „פּלאַגע און לאַשקעוויטש". די פֿאַבריק איז באַלד דעם ערשטן טאָג פֿון קריג געוואָרן אַזוי צעשטערט, אַז זי איז שוין נישט פֿעאיק עפּעס צו פּראָדוצירן...

— וואָס זאָלן מיר טאָן? — האָבן די אָרטיקע חברים זיך געפֿרעגט בײַ אונדז אַן עצה.

— און מיר האָבן געהאָפּט — האָבן מיר געזאָגט — צו הערן אַן עצה פֿון אײַך...

מיר האָבן דערציילט אונדזערע חברים וועגן אונדזער וואַרשעווער פּלאַן און וועגן אַלגעמיינעם ציל פֿון אונדזער רייַזע.

— טוט דאָס זעלבע, וואָס אַלע וועלן טאָן — האָבן די חברים אונדז געענטפֿערט — אויב אַלע זשורנאַליסטן וועלן ווייַטער פֿאָרן, טאָ פֿאָרט אויך ווייַטער. אויב לובלין איז הייַנט אַ גוטער פּלאַץ אויף אַ פּאַרטיי־צייַטונג, איז דאָך קאָוועל, לוצק אָדער ראָוונע נאָך בעסער, ווייַל זיי זייַנען דאָך ווייַטער צו מזרח.

איך האָב פֿאָרגעשלאָגן די חברים צו רופֿן אַ זיצונג פֿון פּאַרטיי־קאָמיטעט, כּדי געמייַנזאַם זיך צו באַראַטן וועגן דעם, וואָס מען דאַרף טון. עס איז באַשלאָסן געוואָרן צו רופֿן אַזאַ זיצונג אויף מאָרגן מיטאָג־צייַט. מיר זייַנען אייַנגעשלאָפֿן אויף אויסגעבעטע סאָפֿעס מיט אַ געפֿיל פֿון באַפֿרידיקונג, אַז איבער אונדזערע קעפּ הענגט אַ דאַך און אונטער אונדז ליגט אַ קלאָר־וויַיס לייַלעך, ווי אין די „אַמאָליקע" צייַטן...

קיינעם פֿון אונדז איז קיינמאָל אין לעבן נישט אייַנגעפֿאַלן, אַז עס וועט אַמאָל קומען אַזאַ טאָג, ווען עס וועלן אונטערן דאָזיקן בונדישן דאַך געפֿינען אַ בשותּפֿותדיקע רו נישט נאָר צוויי פֿאַרוואָגלטע און היימלאָזע פּאַרטיי־חברים פֿון וואַרשע, נאָר אויך זייערע פּאַרטיי־קעגנער, ווי דער ציוניסטיש־אָרטאָדאָקסישער פּאָליטיקאַנט יאָושזאָן־יוסטמאַן און דער אָרטאָדאָקסישער שרייבער דוד פֿלינקער!

דער גורל האָט אונדז צונויפֿגעבראַכט אין איין קאָמפּאַניע, און ווי געיאָגטע הינט האָבן מיר זיך געהאַלטן צוזאַמען: אין באַן־קופּע, בעת באָמבאַרדירונגען, אין גאַסטפֿרייַנטלעכע פֿרעמדע שטובן און ביי פֿיל שפּעטערדיקע טרויעריקע איבערלעבונגען.

מיט אונדז איז נאָך געווען דער אידישער שריפֿטשטעלער י. מ. ניימאַן, איינער פֿון די רעדאַקטאָרן פֿון „הייַנט". נישט אַלע זייַנען מיר געשלאָפֿן אין הויז פֿון מייַנע בונדישע חברים. ד. פֿלינקערן האָבן זיי אייַנגעאָרדנט אויף בייַנאַכט אין שטוב פֿון זייערן אַ שכן.

ווי נאָר מיר זייַנען אייַנגעשלאָפֿן, האָט מען גענומען האַסטיק קלאַפּן אין טיר און קלינגען. מיר האָבן זיך אויפֿגעכאַפּט איבערגע־שראָקענע. די באַלעבאַטים האָבן אָנגעצונדן ליכט און געעפֿנט די טיר. אויף דער שוועל האָט זיך באַוויזן דער וואַרשעווער זשורנאַליסט משה עלבוים, אַ מיטאַרבעטער פֿון שוין־דערמאָנטן „אונזער עקספרעס". זייַן דערשייַנען איז פֿאַר אונדז געווען אַן אומגעריכטע זאַך, ווייַל מיר האָבן געוואוסט, אַז ער איז געבליבן אין וואַרשע.

מען האָט אין שטוב אויפֿסנייַ „געמאַכט טאָג" און עלבוים האָט גענומען דערציילן נייַעס פֿון וואַרשע און פֿון זייַן וועג אַהער, קיין

לובלין. דאָס, וואָס ער האָט אונדז דערציילט, איז געווען אין פולער סתירה מיט דעם, וואָס עס האָבן אונדז דערציילט אונדזערע באַלעבאַטים מיט אַ צוויי שעה צוריק. ערשט מיט וואָכן שפּעטער, ווען עס איז אונדז געלונגען אויפֿן גרונט פֿון אינפֿאָרמאַציעס פֿון פֿאַרשידענע קוועלן זיך אויסצומאָלן אַ פֿול בילד פֿון די וואַרשעווער געשעענישן אין יענע דראַמאַטישע טעג, האָבן מיר זיך איבערגעצייַגט, אַז עס איז געווען ריכטיק, וואָס ביידע צדדים האָבן אונדז דערציילט.

די דערציילונג פֿון עלבוימען איז געווען אַזאַ:

צומאָרגנס נאָך אונדזער אַרויספֿאָרן האָט וואַרשע געהאַט צוויי „נאָרמאַלע" באַמבאַרדירונגען, ווי אין די פֿריִערדיקע טעג. פֿון פֿאַרטאָג אָן איז געווען אַן אומגעהייערע באַוועגונג אויף אַלע גאַסן: טויזנטער און טויזנטער מענטשן האָבן געצויגן דורך די בריקן קיין פּראַגע און ווייַטער. זעלטן־ווער עס איז געפֿאָרן מיט אַן אויטאָ אָדער וואָגן. 90 פּראָצענט מענטשן האָבן זיך וואַקואירט צופֿוס — מיט אַ זאַק אויף דער פּלייצע אָדער אַ וואַליזע אין האַנט. צווישן די אַנטלויפֿנדיקע האָט מען אויך געזען גאַנצע פֿאַמיליעס מיט קליינע קינדער בייַ דער האַנט און אָפֿטמאָל זויג־קינדער — אויף דער האַנט. ווי נאָר עס איז זיך פֿונאַנדערגעגאַנגען איבער שטאָט די ידיעה, אַז די רעגירונג האָט פֿאַרלאָזן די הויפּטשטאָט, האָט די באַפֿעלקערונג אין גרויס פּאַניק גענומען נאָכטאָן איר ביישפּיל.

— און וועגן דער קאָנפֿערענץ פֿון די פּאָליטישע פּאַרטייען אין ראָטהויז האָט איר גאָרנישט געהערט? — האָבן מיר אים געפֿרעגט מיט גרויס אינטערעס, ווייַל אונדזערע באַלעבאַטים האָבן פֿאַרזיכערט, אַז מיט עטלעכע שעה פֿריער האָבן זיי געהערט אין וואַרשעווער ראַדיאָ, אַז וואַרשע וועט זיך פֿאַרטיידיקן ביזן לעצטן טראָפּן בלוט.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער האָט עפּעס געהערט, אָבער וואָס דאָרט איז פֿאָרגעקומען ווייסט ער נישט, ווייַל —

אַרום 10 אָזייגער — עס האַנדלט זיך וועגן מיטוואָך, דעם 6טן דעצעמבער 1939 — אין דער זעלבער צייַט, ווען די פּאַרטייען האָבן אויפֿן פֿאַרלאַנג פֿון דער אַרבעטערשאַפֿט אָפּגעהאַלטן אין ראָטהויז אַן אַסיפֿה וועגן דער לאַגע, האָט די מיליטערישע אָנפֿירונג פֿון דער שטאָט אָנגעהויבן אַנאָנסירן אַן אָפֿיציעלן קאָמוניקאַט, אַז צוליב דעם וואָס דער שונא דערנענטערט זיך צו דער הויפּטשטאָט, ווערן אַלע מענער אין מיליטערישן עלטער אויפֿגעפֿאָדערט צו פֿאַרלאָזן וואַרשע און צו גיין צוזאַמען מיטן מיליטער אין דער מזרח־ריכטונג פֿון לאַנד.

שפּעטער, אַרום איינס בייַנאַכט, האָט מען פּלוצלונג גענומען שרייַען דורכן ראַדיאָ, אַז אַלע מענער זאָלן אויפֿשטיין פֿון די בעטן, און גרופּעסווייַז, אָרגאַניזירט לויט שכנותשאַפֿטן, אַוועקגיין צו די וויכ־

טיקסטע פלעצער פֿון שטאָט צו בויען גריבער איבער דער ברייט פֿון די גאַסן, כּדי די היטלער־אַרמיי זאָל נישט קענען אַרײַנקומען אין שטאָט.

אַ קאַלטער ציטער איז מיר אַריבער איבערן לײַב, ווען עלבוים האָט מיר געשילדערט דאָס בילד פֿון די ערשטע גרויסע שׂרפֿות, וואָס האָבן יענע נאַכט געפֿלאַקערט איבער וואַרשע אַלס רעזולטאַט פֿון היטלערס ערשטע באָמבאַרדירונגען מיט צינד־באָמבעס.

ווען ער, עלבוים, איז אַראָפּ אין גאַס מיט זײַנע שכנים, איז די שטאָט געווען באַלעבט, ווי עס וואָלט זיך ערשט אָנגעהויבן דער אָוונט. מענטשן זײַנען געגאַנגען מיט פּעק אויף די פּלייצעס, כּדי צו פֿאַרלאָזן די שטאָט, און אַנדערע — מיט רידלעס אין די הענט צום גראָבן גריבער קעגן שונא.

— בײַם פֿײַער פֿון די שׂרפֿות — האָט עלבוים פֿאַרענדיקט זײַן טרויעריקן ראַפּאָרט — האָט מען יענע נאַכט, ווי בײַם שײַן פֿון ריזיק־פֿאַנטאַסטישע שטורקאַצן, געגראָבן גריבער. אָבער דער כאַאָס איז געווען אומגעהייער גרויס. אינערגעץ זײַנען נישט געווען קיין מענטשן, וואָס זאָלן אָנפֿירן מיט דער אַרבעט. מענטשן האָבן זיך געפּלאָנטערט איינער דעם צווייטן אונטער די פֿיס. צום סוף האָט מען זיך גענומען פֿונאַנדערקריכן: ווער אַהיים און ווער — אַרויס פֿון דער שטאָט.

ער, עלבוים, האָט געהערט צו יענע, וואָס האָבן פֿאַרלאָזן די שטאָט. ער האָט גערעדט מיט זײַן פֿרוי טעלעפֿאָניש און זי האָט זיך געבעטן בײַ אים, ער זאָל נישט אַהיימקומען, נאָר תּיכּף פֿאַרלאָזן וואַרשע. אָן אַ היטל, אָן אַ העמד צום איבערבײַטן האָט ער פֿאַרקערעוועט צו דער פּאָניאַטאָווסקי־בריק און איז אַרויס פֿון דער שטאָט. אויפֿן וועג איז אים עטלעכע מאָל געלונגען זיך מיטצוכאַפּן מיט ציווילע און מיליטערישע אויטאָס און — אָט איז ער דאָ!

עס האָט שוין געמוזט זײַן 2 בײַנאַכט, ווען מיר האָבן ווידער אויס־געלאָשן דאָס ליכט און זיך צוגעלייגט אויף אונדזערע געלעגערס. ווי פֿאַרמאַטערט איך בין געווען מיט צוויי שעה פֿריִער — פֿאַרמאַטערט און שלעפֿעריק — אַזוי האָבן די אויגן איצטער אינגאַנצן זיך נישט געקלעפּט צום שלאָף. דאָס האַרץ האָט אומרואיק געקלאַפּט, און אין מוח האָבן געזשומערט פּײַנלעכע פֿראַגע־צייכנס:

— און וואָס הערט זיך איצט אין אונדזער וואַרשע?

— צי ברענען איצטער ווידער די הײַזער, ווי נעכטן?

— וואָס מאַכן די נאָענטסטע — צי האָבן זיי בשלום איבערגע־טראָגן דעם הײַנטיקן טאָג?

— וואו זײַנען זיי אַלע איצט — די משפּחה, די פּאַרטיי, די פֿרײַנט? האָבן זיי פֿאַרלאָזן די שטאָט? זײַנען זיי דאָרטן געבליבן?

עס איז שווער געווען איַינצושלאָפֿן אונטער דער לאַסט פֿון די אַלע אומרואיקע פֿראַגע־צייכנס. די נאַכט איז שוין געווען געפּטרט. נישטמער, כאָטש נישט קענענדיק איַינשלאָפֿן, האָב איך זיך געקוויקט מיט דער וויַיסקייט פֿון ליַילעך, אויף וועלכן כ׳בין געלעגן.

איך האָב געעפֿנט דאָס שוואַרץ־מאַסקירטע פֿענצטער און אַרויס־געקוקט אין גאַס. אינדרויסן איז געווען שטיל, ווי אין אַ גרוב. אַלט־לובלין האָט געגליווערט אין דערוואַרטונג פֿון שרעקלעכע טעג.

# 5

## באָמבעס פֿון אַלע זיַיטן

צומאָרגנס, פֿרייטאָג, איז געווען אין לובלין אַ שטאַרקע באָמבאַר־דירונג.

די שטאָט איז געווען געפּאַקט מיט מיליטער און פּליטים. טויזנ־טער מיליטערליַיט האָבן זיך אַרומגעשלעפּט איבער די גאַסן מיט צע־טומלטע, אומרואיקע אויגן — זיי האָבן געמאַכט דעם איַינדרוק פֿון זעלנער, וואָס האָבן פֿאַרלוירן דעם קאָנטאַקט מיט זייערע אָפּטיילונגען.

די געשעפֿטן אויף די הויפּט־גאַסן זיַינען געווען אָפֿן. אָבער וואָס נאָר מען האָט געוואָלט קויפֿן, האָט „גראָד אויסגעפֿעלט״. מיט צרות איז מיר, צום ביישפּיל, אָנגעקומען צו קריגן אַזאַ קלייניקייט, ווי אַ שטרויענע אונטערלאַגע פֿאַר מיַינע שיך. בעת אונדזער לויפֿן איבער די פֿעלדער און גאַסן פֿון לוקאָוו האָט עפּעס אַ נאָגל זיך מיר אַרויס־גערוקט אין שוך, צעלעכערנדיק מיר גאַנץ וואַזשנע דעם פֿוס. ווען איך האָב אויסגעטאָן דעם שוך אין לובלין, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז איך האָב אויף דעם פֿוס אַן אייטערדיקע וואונד. די שטרויענע אונטער־לאַגע האָט מיך אַ ביסל געראַטעוועט. אָבער — איך האָב היפּש אונ־טערגעלאָמט און געפֿילט אַ שטאַרקן ווייטאָג.

אַרומשלעפּנדיק זיך איבער די קראָמען, האָב איך דערזען אין גאַס צוויי באַקאַנטע פּנימער. דאָס האַרץ האָט גענומען ביַי מיר קלאַפּן, ווי איך וואָלט וועַר־ווייס ווי לאַנג געהאַט געווען אין אַ מדבר און קיין מענטש נישט געזען.

די צוויי באַגעגנטע באַקאַנטע זיַינען געווען צוויי וויכטיקע פּוי־לישע סאָציאַליסטישע פֿירער פֿון וואַרשע.ביידע זיַינען געווען מיט־גלידער פֿון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי (פּ.פּ.ס.). איינער פֿון זיי איז געווען דער פֿירער פֿון אַ גרויסן פּראָפֿעסיאָנעלן פֿאַראיין פֿון שטאָטישע אַרבעטער; דער צווייטער איז געווען אַ צענטראַלע

פֿיגור אין דער פּוילישער אַרבעטער־באַוועגונג, דער דעפּוטאַט פֿון פּוילישן פּאַרלאַמענט און באַקאַנטער סאָציאַליסטישער פּאָליטיקער זיגמונט פּיאָטראָווסקי. דער ערשטער, וועלכער איז געפֿאָרן מיט אים, האָט געהייסן נויבאַוער.

פֿאַרשטויבטע און פֿאַרמאַטערטע, האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט מיט אַ מאָטאָציקל פֿאַרן בנין פֿון לובלינער ראָטהויז. איינער פֿון זיי — דאָס איז געווען נויבאַוער — איז פֿאַרשוואונדן איידער איך האָב באַוויזן אַריבערצולויפֿן איבער דער געפּאַקטער גאַס. איך האָב געזען פֿונדער־ווײַטנס, ווי ער איז אַרײַן אין עפּעס אַ געשעפֿט, וואו מען פֿאַרקויפֿט טיילן פֿון אויטאָס און מאָטאָציקלס. דער צווייטער — דער באַקאַנ־טער אַרבעטער־דעפּוטאַט זיגמונט פּיאָטראָווסקי, (אַן אַמאָליקער פֿירער פֿון די פּוילישע סאָציאַליסטן אין אַמעריקע) — איז געבליבן זיצן אין קויש פֿון מאָטאָציקל. ער האָט אויסגעזען טויט־מיד, ווי ער וואָלט שוין געווען אַ לאַנגע צײַט אונטערוועגס.

— דערציילט מיר, חבר פּיאָטראָווסקי, עפּעס נײַעס פֿון וואַרשע! — בין איך צו אים צוגעלאָפֿן אין איין אָטעם — זאָגט מיר, וואָס עס הערט זיך? ווי זעט עס אויס אויף די פֿראָנטן? וואָס ווייסט איר פֿון די חברים אין וואַרשע?

איך האָב אים פֿאַרשאָטן מיט פֿראַגן. איך האָב געוואוסט, אַז ער דאַרף האָבן גוטע אינפֿאָרמאַציעס. עס איז מיר נישט אײַנגעפֿאַלן, אַז ער פֿאָרט נישט פֿון וואַרשע.

ער האָט געקוקט אויף מיר מיט אַזאַ טיפֿן טרויער אין די אויגן, אַז איך האָב זיך געריכט אויף דעם ערגסטן.

— איך פֿאָר איצט פֿון גאַליציע — האָט ער געזאָגט מיט אַ מאַטער שטימע — איך בין אַהער געקומען מיט אַ וויכטיקער שליחות און איך פֿאָר צוריק. דערווײַלע קענען מיר זיך נישט רירן. עס איז אונדז עפּעס קאַליע געוואָרן אין מאָטאָציקל און מיר קענען עס נישט פֿאַר־ריכטן.

ער האָט זיך אָפּגערוט אַ ווײַלע און מיך אָנגעקוקט אַ דער־שלאָגענער:

— וואָס ווייסט א י ר עפּעס נײַעס?

איך האָב אים דערציילט וואָס איך האָב געוואוסט. דאַן האָט ער צו מיר געזאָגט:

— עס איז שלעכט... מיר טרעטן אומעטום אָפּ... עס איז אוי־מעגלעך אײַנצוהאַלטן היטלערס פֿאָראויסמאַרש... עס ווערן נאָך גע־מאַכט באַמיאונגען, אָבער ווער ווייסט... ווער ווייסט!...

נויבאַוער איז אַרויסגעקומען פֿון געשעפֿט. ער האָט שנעל צורעכט־געמאַכט דעם מאָטאָציקל. פּיאָטראָווסקי האָט זיך אײַנגעהילט אין זײַן גרויסער שוואַרצער פּעלערינע און זיי זײַנען אָפּגעפֿאָרן. מיט וואָכן שפּעטער האָב איך געהערט, אַז די באָלשעוויקעס האָבן אים אַרעס־טירט נאָך זייער אַרײַנדרינגען אין פּוילן. שפּעטער, נאָכן שליסן דעם פּויליש־סאָוויעטישן אָפּמאַך קעגן היטלערן, האָב איך געזען זײַן נאָמען אויף דער ערשטער אָפֿיציעלער ליסטע פֿון באַפֿרײַטע פּוילישע בירגער. אָבער צום באַדויערן האָט די דאָזיקע ידיעה זיך נישט באַ־שטעטיקט. ביז הײַנט האָט זיגמונט פּיאָטראָווסקי זיך נישט אָפּ־געזוכט...

שטייענדיק פֿאַרן לובלינער ראָטהויז, האָט מען יענעט טאָג דאָרט געקענט זען „האַלב וואַרשע": לובלין איז יענעם טאָג געווען געפּאַקט מיט די ערשטע שטראָמען וואַרשעווער פּליטים, וועלכע האָבן געהאַט גענוג געלט, אויטאָס און „פֿאַרבינדונגען" צו קענען לויפֿן שנעל.

הונדערטער וואַרשעווער נגידים מיט ווײַב און קינד און מיט גע־פּאַקטע טײַסטערס האָבן זיך יענעם פֿרימאָרגן געדרייט אין זומערדיקע ספּאָרט־מלבושים איבער די לובלינער גאַסן. אויף זיי האָט מען נאָך נישט געזען די גרויסע דערשלאָגנקייט. דער רוב פֿון צווישן זיי האָט נאָך נישט אָנגעהויבן צו פֿאַרשטיין, ווי עס זעט אויס אויף אַן אמת. דאָס פֿאַרלאָזן וואַרשע איז אויך פֿאַר זיי בלי ספֿק געווען אַ שווערער קלאַפּ, אָבער — דעם וועג האָבן זיי דורכגעמאַכט פֿאַרהעלטנישמעסיק לײַכט, און דאָס האָט זיי געהאַלטן אין אַ נישט שלעכטער שטימונג. זיי האָבן אָנגעפֿילט די קאַפֿעען און רעסטאָראַנען. זיי האָבן זיך נאָך גע־האַלטן מיט דער נעכטיקער און אייערנעכטיקער פֿאַרריסנקייט, מיי־נענדיק, אַז געלט און „פֿאַרבינדונגען" וועלן אומאויפֿהערלעך זיי ביי־שטיין אין אַלע פֿאַרשטייענדיקע שוועריקייטן.

אַרום עלף אַזייגער האָב איך צופֿעליק באַגעגנט אין גאַס עטלעכע קאָלעגן פֿון אונדזער וואַרשעווער זשורנאַליסטן־קאָמפּאַניע. זיי זײַנען געלאָפֿן מיט זייערע פּעקלעך צו דער באַן.

— שוין! שוין! — האָבן זיי געלאָזן פֿאַלן הינטער זיך עטלעכע ווערטער און ווײַטער געלאָפֿן — כאַפּט די זאַכן און לויפֿט צו דער באַן, ווײַל די רעגירונג האָט געהייסן תּיכּף ווײַטער פֿאָרן...

מײַן רעדאַקציע־קאָלעגע שעפּנער — אַ גלענצנדער קאָמפּאַניאָן אויף אַ רײַזע — האָט, זעענדיק ווי איך הינק אונטער אויף איין פֿוס, מיך נישט געלאָזן גיין נאָך די זאַכן, נאָר ער איז אַליין נאָך זיי אוועק. שפּעטער האָבן מיר זיך געלאָזן צום וואָקזאַל צוזאַמען מיט נאָך עט־לעכע קאָלעגן.

מיר זײַנען קוים געהאַט אָפּגעגאַנגען עטלעכע טריט, ווי מיר האָבן דערהערט, אַז מען רופט אונדז בײַ די נעמען. מיר האָבן זיך אומגעקוקט און דערזען, אַז עס דערנענטערט זיך צו אונדז עפּעס אַן אָפיציר. ערשט ווען ער איז שוין געווען זייער נאָענט, האָבן מיר אים דערקענט. דאָס איז געווען דער באַקאַנטער ציוניסטישער טוער און מיט־רעדאַקטאָר פון װאַרשעווער ציוניסטישן „הײַנט" ד"ר קליינבוים.

— פון וואַנען נעמט איר זיך דאָ? — האָבן מיר אים געפרעגט מיט גרויס פאַרוואונדערונג.

מיר האָבן געוואוסט, אַז בײַם אויסברוך פון פויליש־דײַטשן קריג איז ער גראָד געווען אויפן ציוניסטישן קאָנגרעס אין דער שווייץ, און נאָך אין וואַרשע האָט מען גערעדט, אַז קיינער פון די ציוניסטישע דעלעגאַטן און זשורנאַליסטן האָט נישט באַוויזן צוריקצוקומען אַהיים.

ער האָט אונדז דערציילט, אַז ער איז פון די געציילטע, וואָס זײַנען יאָ צוריקגעקומען. ער איז געקומען מיט פאַרשידענע אומוועגן, אָבער פיל זײַנען טאַקע געבליבן (פון זשורנאַליסטן האָט ער צווישן אַנדערע דערמאָנט יאַקאָב אַפּענשלאַק און חיים פינקעלשטיין — הײַנט געפינען זיי זיך אין אַמעריקע). באַלד נאָכן אָנקומען קיין וואַרשע, איז ער מאָביליזירט געוואָרן אַלס מיליטערישער דאָקטער. ער האָט אַפילו נישט באַוויזן אויפצופאַקן די וואַליזעס.

מיר זײַנען געלאָפן מיט אונדזערע וואַליזעס צו דער באַן און ער איז געלאָפן נעבן אונדז, אויספרעגנדיק זיך אויף וואַרשע און אויף באַקאַנטע.

ער האָט גאָרנישט געוואוסט וועגן די וואַרשעווער געשעענישן. די ידיעות וועגן דער שנעלער און בהלהדיקער עוואַקואַציע פון וואַרשע האָבן אויף אים געמאַכט אַ דערשיטערנדיקן אײַנדרוק.

— אין מיליטער ווייסט מען גאָרנישט וועגן דעם אַלעם! — האָט ער אונדז געזאָגט — עס איז נאָך אַ נס, ווײַל די מהומה וואָלט דאָרטן געווען אַן אומבאַשרײַבלעכע!

— און וואָס הערט זיך אין דער אַרמיי? — האָבן מיר געפרעגט.

— איך קען אײַך בלויז ענטפערן וועגן זיך און מײַן סביבה. מיר זײַנען אַ פעלד־לאַזאַרעט, וואָס דאַרף אַמטירן הינטערן פראָנט. מיר האָבן אָבער נאָך נישט באַוויזן עפּעס צו טאָן, נישט דערפאַר, ווײַל עס פעלן פאַרוואונדעטע. ניין, נישט דאָס איז עס. מיר האַלטן, ליידער אין איין לויפן. יעדעס מאָל, ווען מיר נעמען זיך פונאַנדערפאַקן די הייל־אינסטרומענטן, קריגן מיר אַ נײַעם באַפעל איבערצוטראָגן דעם לאַזאַרעט טיפער אין לאַנד...

— ווילאַנג זענט איר שוין אין לובלין?

— פֿון נעכטן אָן. עס זעט אָבער אויס, אַז נאָך היינט וועלן מיר ווידער פֿאָרן ווײַטער... דאַכט זיך ערגעץ אין דער געגנט פֿון בריסק ...

זייַנע רייד זייַנען איבערגעריסן געוואָרן דורכן שאַלן פֿון סירענעס. אימהדיק האָבן זיי זיך צעוואָיעט פֿון אַלע זייַטן: לופֿט־אָנגריף! לופֿט־אָנגריף! ראַטעוועט אייַך!

די גאַסן אַרום זייַנען געוואָרן ליידיק. פֿאַר די טויערן זייַנען בלויז געבליבן די ציווילע וואַכן, וואָס דאַרפֿן זיך פֿאַרנעמען מיט לעשן שרפֿות און ראַטעווען פֿאַרוואונדעטע.

ד״ר קליינבוים האָט זיך מיט אונדז געזעגנט און מיר זייַנען אַוועק אין פֿאַרשידענע זייַטן. ערשט מיט וואָכן שפּעטער האָבן מיר אים ווי־דער געטראָפֿן. דאָס איז געווען אין ווילנע. דאַסמאָל האָט ער שוין גע־טראָגן ציווילע קליידער און ער איז געווען אַרומגעוואַקסן מיט אַ היפּ־שער בלאָנדער באָרד: אין ווילנע האָבן צייַטווייַליק רעגירט די באָל־שעוויקעס און אַלס אַ געוועזענער פּוילישער אָפֿיציר האָט ער לייַכט געקענט אַרעסטירט ווערן...

באַלד ווי ד״ר קליינבוים איז פֿון אונדז אַוועק האָבן זיך באַוויזן עראָפּלאַנען. מיר האָבן מיט שנעלע טריט זיך געשאַרט בייַ די ווענט. ערגעץ גאַר נאָענט האָט אויפֿגעריסן אַ באָמבע. דער אויפֿרייַס איז געווען אַ געוואַלטיקער. אָבער אַרום אונדז איז נישט געווען צו זען קיין איינגעפֿאַלן הויז, קיין שרפֿה אָדער עפּעס ענלעכעס. מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט אַ ווייַלע און באַלד ווייַטער גענומען זיך שאַרן בייַ די ווענט. דערווייַלע האָבן זיך דערהערט נאָך עטלעכע אויפֿרייַסן. די עראָפּלאַנען האָבן זיך פֿאַרקירעוועט ערגעץ אין אַ זייַט — באַלד האָבן מיר זיי שוין געזען ערגעץ אויפֿן האָריזאָנט. אָבער די אויפֿרייַסן זייַנען אַלץ געווען שטאַרקע. עס האָבן אויך געדונערט אַנטי־עראָ־פּלאַן־אַרמאַטן.

מיר זייַנען בשלום צוגעקומען צום וואָקזאַל. אָבער ווי נאָר מיר זייַנען אַרייַן אין בנין פֿון באַנהויף, האָבן מיר פֿאַרשטאַנען, אַז עס איז געווען אַ פֿעלער, וואָס מיר זיינען בכלל אַהערגעקומען

— שוין אַ האַלבע שעה — האָט מען אונדז דאָ אויפֿגעקלערט — באָמבאַרדירן די דייַטשן דעם וואָקזאַל און יעדע מינוט קען אַהער אַרייַנפֿאַלן אַ באָמבע.

אַ ווייַלע זייַנען מיר געווען אומענטשלאָסן. אויף די פּנימער פֿון די פֿיל הונדערטער מענטשן, וואָס האָבן אויסגעפֿילט דעם וואָקזאַל, האָט זיך געמאָלן אַזאַ אומרו און זאָרג, אַז דער ערשטער געדאַנק איז געווען: צוריקלויפֿן אין שטאָט אַרייַן!

אָבער — ביַי דער טיר האָט מען אונדז געוואָרנט, אַז אינדרוויסן איז איצטער נישט בעסער, וויַיל עס ווערט אויך באָמבאַרדירט די גרויסע פֿאַבריק־געגנט אַרום וואָקזאַל.

—וואו וועט איר גיין? — האָבן אונדז מענטשן פֿאַרהאַלטן — דאָ איז נישט גוט, אָבער דאָרטן איז נישט בעסער... קען מען דען איצט וויסן, וואו עס וואַרט אויף דיר דער טויט?...

מיר זיַינען צוריק אַריַין אין באַנהויף. אינעווייניק איז געווען געפּאַקט, אָבער אַ מאָדנע שטילקייט האָט געהערשט צווישן די מענטשן. יעדער איז געווען פֿאַרטאָן אין זיך. פֿיל מענטשן האָבן אויסגעזען אַזוי ערנסט און פֿאַרטיפֿט אין זיך, ווי זיי וואָלטן דורכ־געפֿירט מיט זיך אַליין דעם לעצטן לעבנס־חשבון.

אינדרוויסן האָבן געדרוישט עראָפּלאַנען — אַט שטאַרקער און אַט שוואַכער. די אַרמאַטן האָבן געשאָסן סעריעסוויַיז און זייער אָפּט.

איך האָב אַרויסגעקוקט דורכן פֿענצטער. אויפֿן פּעראָן האָבן זיך געפֿונען אַ גרופּע מענטשן מיט פֿאַריסענע קעפּ צום הימל. איינצלנע פֿון זיי האָבן אַפֿילו געשמייכלט — אַזוי צופֿרידן, זעט אויס, זיַינען זיי געווען פֿון דעם, וואָס זיי האָבן געזען אינדערלופֿטן.

איך האָב נישט געקענט ביַישטיין דעם נסיון און זיך אויך אַרויס־געגנבעט אינדרוויסן. דאָ זיַינען געשטאַנען יונגעליַיט און געקליבן נחת פֿונעם ספּעקטאַקל, וואָס די דיַיטשע עראָפּלאַנען האָבן געגעבן אין די הימלען.

זעקס איז געווען זייער צאָל (איך רעד וועגן די דיַיטשע עראָ־פּלאַנען) און געפֿלויגן זיַינען זיי איבערן לובלינער באַנהויף אין צוויי גרופּן צו דריַי מאַשינען אין יעדער גרופּע. צוויי דריַיעקן האָבן זיי געבילדעט אין פֿליִען. איין דריַיעק פֿון צווייטן איז געווען אָפּגערוקט זייער וויַיט. די ביידע דריַיעקן זיַינען כּסדר געפֿלויגן אין אַ גרויסן קריַיז איבערן באַנהויף. זיי האָבן געמאַכט איין קריַיז, אַ צווייטן, אַ דריטן און אַ פֿערטן. די אַנטי־לופֿט־אַרמאַטן, וואָס זיַינען געווען איַינגעאָרדנט ערגעץ אין יענער געגנט, האָבן יעדעס מאָל גענומען די עראָפּלאַנען אויפֿן ציל, אָבער זיי האָבן ליַידער קיין איין מאָל נישט געטראָפֿן. מען האָט געזען ווי די שראַפּנעלן ריַיסן אויף אין דער לופֿטן, אָבער — די עראָפּלאַנען האָבן אומאויפֿהערלעך גע־קריַיזט איבער דער שטאָט און געוואָרפֿן באָמבעס. זיי זיַינען געפֿלויגן איבערן וואָקזאַל, ווי פֿאַרכּישופֿטע: געקומען, געוואָרפֿן באָמבעס און אַוועק, כּדי אין אַ פֿערטל שעה אַרום זיך נאָכאַמאָל צו באַוויַיזן.

עס האָט אַזוי געדויערט אַ 2-3 שעה. ענדלעך האָט די באָמבאַר־דירונג אויפֿגעהערט — די עראָפּלאַנען זיַינען פֿאַרשוואונדן.

מיר זײַנען געווען זיכער, אַז דאָס איז די בעסטע צײַט צום פֿאָרן. אָבער די באַן־פֿאַרוואַלטונג האָט אונדז געמאָלדן, אַז אונדזער צוג וועט אַוועקגיין ערשט 7 אָוונט — ווען עס וועט צופֿאַלן די נאַכט.

— צו וואָס־זשע האָט מען אונדז אַהערגעשלעפּט איצט? — האָבן אַלע געצויגן מיט די אַקסלען.

— ווײַל די רעגירונג האָט אונדז באַפֿוילן — האָט אויפֿגעקלערט דער פֿירער פֿון אונדזער זשורנאַליסטן־עקספּעדיציע סטעפֿאַן גראָס־טערן — אַז מיר זאָלן תּיכּף פֿאָרן קיין קאָוועל, אָדער נאָך ווײַטער...

איך האָב זיך דערמאָנט, אַז אויך אינדערפֿרי האָב איך שוין איינמאָל געהערט פֿון עמעצן דעם שפּרוך וועגן אַ באַפֿעל פֿון דער רעגירונג צו אונדזער גרופּע. איך האָב זיך פֿאַראינטערעסירט גע־נויער מיט דער דאָזיקער פֿראַגע.

דער באַקאַנטער אידיש־פּוילישער זשורנאַליסט בערנאַרד זינגער האָט מיר דאַן מיט בײַסיקן הומאָר דערציילט אַ טרויעריקע געשיכטע, וועלכע וואָלט געקענט אָנגערופֿן ווערן: טראַגי־קאָמישע באַגעגעניש צווישן לויפֿנדיקע רעגירונגס־לײַט און לויפֿנדיקע זשורנאַליסטן. די פּרטים פֿון דער דאָזיקער באַגעגעניש האָבן געוואָרפֿן נאָך איין טרויע־ריקן פּאַס ליכט אויף דער אמתער לאַגע, אין וועלכער דאָס לאַנד געפֿינט זיך.

די פּוילישע קאָלעגן זײַנען כּמעט אַ גאַנצע נאַכט נישט געשלאָפֿן. עס איז זיי נישט אײַנגעפֿאַלן צו זוכן פּריוואַטע נאַכט־לעגערס. זיי האָבן זיך פֿאַרלאָזן דערויף, אַז מען וועט זיי שוין אײַנאָרדענען. דער סוף איז געווען, אַז זיי זײַנען נישט געשלאָפֿן. מען האָט זיי אַוועק־געפֿירט אין אַ לאָקאַל פֿון עפּעס אַ שול. די בענק זײַנען דאָרט געווען פֿון דעם מין, אַז וועגן אויסציִען זיך אויף זיי האָט נישט געקענט זײַן קיין רייד צוליב זייער משופּעדיקייט. אָבער אויך זיצן איז פֿאַר אַ דערוואַקסענעם געווען נישט לײַכט אויף די דאָזיקע קינדערישע בענק. אַרום 5-6 פֿאַרנאַכט האָט מען זיי גאָר אינגאַנצן אַרויסגע־טריבן פֿון דאָרטן, דערקלערנדיק זיי, אַז „מען מוז שוין האָבן דעם לאָקאַל“...

אָבער נישטאָ אַזאַ בייז, וואָס זאָל נישט אַרויס צום גוטן. צוליב דעם, וואָס דער עולם האָט פֿאַרטאָג זיך אַרויסגעשאָטן אין גאַס, האָבן זיי אַנטדעקט דעם סוד, אַז אין הויף פֿון הויפּט־האָטעל פֿון שטאָט שטייען עטלעכע אויטאָס פֿון פּרעזידיום פֿון מיניסטאָרן־ראַט.

קיינער פֿון דער האָטעל־דינערשאַפֿט האָט אָבער נישט געוואָלט באַשטעטיקן, אַז אין האָטעל נעכטיקן מיניסטאָרן. אָבער איינער פֿון די זשורנאַליסטן האָט געזען אַרײַנגיין אין האָטעל אַ פֿרײַלין, וואָס אַרבעט אין סעקרעטאַריאַט פֿון מיניסטאָרן־ראַט אין וואַרשע.

דורכן דאָזיקן מיידל האָט מען גענומען פֿאָדערן, אַז איינער פֿון די מיניסטאָרן זאָל אָפּהאַלטן מיט די זשורנאַליסטן אַ באַראַטונג.

— עס איז געווען קלאָר — האָט מיך פֿאַרזיכערט בערנאַרד זינגער, וועלכער האָט מיטגעמאַכט דעם דאָזיקן אָנגריף אויף די מיניסטאָרן — אַז זיי האָבן נישט געהאַט קיין גרויס חשק מיט אונדז צו רעדן. איך ווייס אַפּילו נישט ווער עס האָט דאָרט געגעכטיקט. ווער פֿון זיי עס האָט געקענט, האָט זיך אַרויסגעגנבעט דורך אַ הינטער־טיר. אָבער מיר האָבן זיך שפּעטער אַוועקגעשטעלט אין הויף און געהיט די אויטאָס. סקלאַדקאָווסקין (דער פּוילישער פּרעמיער־מי־ניסטער) איז געלונגען צו אַנטלויפֿן איידער מיר זײַנען אַרײַן אין הויף. אָבער אונדזער שציעזשינסקין האָט שוין נישט געפּאַסט זיך אַרויסצונאַרן. ער איז צום סוף אַרויסגעקומען צו אונדז אויפֿן הויף (עס האַנדלט זיך וועגן נײַ־נאָמינירטן וויצע־מיניסטער פֿאַר פּראָ־פּאַגאַנדע־ענינים, וועגן וועלכן עס רעדט זיך אין די ערשטע קאַ־פּיטלעך). דער געשפּרעך מיט אים איז ווערט געווען סטענאָגראַ־פֿירט צו ווערן. מיר האָבן אים געפֿרעגט, וואָס מיר זאָלן איצטער טאָן, און ער האָט געענטפֿערט, אַז... עס איז אים שווער אונדז צו געבן אַן עצה. האָבן מיר אים געפֿרעגט קאָנקרעטער, צי מיר זאָלן בלײַבן אין לובלין אָדער ווײַטער פֿאָרן, האָט ער געענטפֿערט, אַז... ס'איז שווער הײַנטיקע צײַטן צו געבן גוטע עצות. וועגן דער לאַגע אויף די פֿראָנטן האָט ער אַוודאי נישט געוואָלט רעדן און וועגן וואַרשע האָט ער אויך געשוויגן. דאָס איינציקע, וואָס אונדז איז גע־לונגען פֿון אים אַרויסצוקריגן איז געווען די פֿראַזע, אַז „פֿאַר אײַער אַרבעט איז לובלין נישט קיין זיכערער פּונקט, ווײַל לאַנג וועט די שטאָט זיך אין אונדזערע הענט נישט האַלטן". דאַן האָבן מיר פֿון אים געפֿאָדערט אַ בריוו צו די מאַכט־אָרגאַנען, אַז זיי זאָלן אונדז באַהילפֿיק זײַן מיט וואָס נאָר זיי וועלן קענען, און אַ בריוו צו דער באַן־מאַכט, מען זאָל אונדז געבן אַ ווײַטערדיקע באַן...

— וואָס־זשע — האָב איך געפֿרעגט — רעדט מען אַ גאַנצן טאָג וועגן עפּעס אַ פֿאַראָרדענונג פֿון דער רעגירונג?

— די פֿאַראָרדענונג איז באַשטאַנען דערין — האָט בערנאַרד זינגער זיך צעלאַכט — וואָס שציעזשינסקי האָט אונדז געזאָגט: „אויב מיר פֿאָרן, מוזט איר תּיכּף לויפֿן צו דער באַן, ווײַל לויט מײַנע אינפֿאָרמאַציעס, וועט די באַן־פֿאַרוואַלטונג נישט זײַן בכּוח אײַך צו געבן אינאָוונט אַ באַן"...

צום סוף האָט נאָך בערנאַרד זינגער דערציילט, ווי נעבעכדיק עס האָט אויסגעזען די אָפּיציעלע פּראָצעדור פֿון אויסשרײַבן דעם רעגירונגס־בריוו פֿאַר אונדזער עקספּעדיציע: מען האָט עס אויס־

געשריבן אויפֿן האָטעל־הויף בײַ די אויטאָס, און די קאַנצעלאַריע־פֿרײַלין האָט עס אָפּגעשטעמפּלט מיט אַ שטעמפּל, וועלכן מען האָט אַרויסגענומען פֿון אַ וואַליזע...

— אוים! — האָט בערנאַרד זינגער פֿאַרענדיקט זײַן טרויעריקע דערציילונג — מען מוז אָננעמען, אַז די רעגירונג צעשוואומט זיך!...

מיט אַ צעבראָכן געמיט בין איך מיט שעפֿנערן אַוועק אין שטאָט, כּדי אָפּצוהאַלטן אַ זיצונג מיט אונדזער לובלינער בונדישן פּאַרטײַ־קאָמיטעט. מיר האָבן אַפֿילו געצווייפֿלט, צי די זיצונג וועט צושטאַנד־קומען נאָך דער אָקאָרשט־פֿאַרענדיקטער גרויסער באָמבאַרדירונג, אָבער מיר זײַנען געוועזן אָפּגעשמועסט פֿון אינדערפֿרי אָן, און מיר זײַנען דעריבער אַוועק אין שטאָט.

ווי נאָר מיר זײַנען אַרויס פֿון וואָקזאַל, האָבן מיר זיך אָנגעשטויסן אויף די ערשטע סמנים פֿון חורבן, וואָס די באָמבאַרדירונג האָט אָנגעמאַכט אַרום דעם וואָקזאַל. אַ מעטער הונדערט פֿון וואָקזאַל איז געווען צעשטערט אַ פֿאַבריק, וועלכע מיר האָבן נאָר־וואָס געהאַט געזען אַ גאַנצע, ווען מיר זײַנען פֿאַרבײַגעגאַנגען נעבן איר אויפֿן וועג צו דער באַן. אַ שווידער איז אַריבער איבערן לײַב, קוקנדיק אויף די אײַנגעפֿאַלענע ווענט, אויסגעקרומטע אײַזערנע שטאַנגען און קופּעס ציגל, קאַלך און גלאָז.

דער פֿאַבריק־בנין איז געווען אַרומגעצוימט מיט אַ שטריק און אינעווייניק איז געגאַנגען אַ רעטונגס־אַרבעט. מיר האָבן נישט גע־האַט קיין צײַט זיך אָפּצושטעלן און מיר זײַנען אַוועק ווײַטער. ווען מיר וואָלטן געגאַנגען צו דער באַן אַ צען מינוט שפּעטער, ווי מיר זײַנען געגאַנגען, וואָלטן מיר שוין איצט אפֿשר געלעגן אונטער די חורבות פֿון דער דאָזיקער אײַנגעפֿאַלענער פֿאַבריק...

ווי אַלס ענטפֿער אויף מײַנע געדאַנקען, האָט זיך פּלוצלונג ווידער געמאַכט אַ געלויף אַרום אונדז. אינגאַנצן אומגעריכט האָבן זיך ווידער גענומען טראָגן איבער אונדזערע קעפּ דײַטשע עראָפּלאַנען. די אומ־געריכטקייט פֿון נײַעם דײַטשן אָנגריף האָט אַרויסגערופֿן אַ פּאַניק. די דײַטשע עראָפּלאַנען האָבן זיך אַראָפּגעלאָזן פֿון די הימלען גלײַך איבער די גאַסן פֿון דער שטאָט. מענטשן זײַנען געלאָפֿן איבער די גאַסן אומגעהייער־דערשראָקענע. אַנדערע האָבן סתּם זיך אויס־געצויגן אינמיטן גאַס און אַזוי געוואָלט איבערליגן דעם נײַעם דײַטשן אָנגריף.

איך און נאָך עטלעכע זשורנאַליסטן פֿון אונדזער קאָמפּאַניע זײַנען אַרײַן אין אַ זײַטיק געסל. פֿונדערווײַטנס האָט אַרויסגעקוקט פֿון דאָזיקן געסל עפּעס אַ שטיק גרין פֿעלד און עפּעס אַ טײַכל,

אַרומגערינגלט מיט בוימער. מיר האָבן זיך געלאָזן לויפֿן אַהין. עס איז אַ אייגנטלעך געווען נאָך ווייניקער ווי אַ געסל — עס איז געווען אַ שמאָל זאַמדיק סטעזשקעלע צווישן אַ ריזיקן פֿאַבריק־בנין פֿון איין זײַט און אַ לאַנגען הילצערנעם פּאַרקן פֿון דער צווייטער זײַט.

ווי נאָר מיר האָבן זיך אַרײַנגעלאָזן אין דאָזיקן געסל, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ערשטנס איז צום טײַך אַ היפּשער מהלך און צווייטנס — גייט איין עראָפּלאַן כּסדר אַרום איבער אונדזער פֿאַבריק־בנין, ווי ער וואָלט צו להכעיס דווקא געוואָלט איצט אויפֿרײַסן דעם בנין — דווקא איצט, ווען מיר לויפֿן איבער דעם דאָזיקן ענגן געסל, פֿון וועלכן עס איז נישטאָ קיין שום זײַטיקער אויסגאַנג.

עס זײַנען געווען עטלעכע מינוטן פֿון גרויס אָנשטרענגונג. יעדעס־מאָל, ווען די כּוחות האָבן מיך שוין פֿאַרלאָזן און איך האָב זיך געמוזט אָפּשטעלן, כּדי איבערצוכאַפּן דעם אָטעם, האָב איך פֿעסטגעשטעלט, אַז איבערן שמאָלן פּאַס הימל טראָגט זיך נאָך אַלץ דער בלײַערנער מחבל. אָן אָטעם האָבן מיר זיך דערשלעפּט צום משופּעדיקן ברעג פֿון טײַכל. מיר האָבן זיך דאָרטן אַרײַנגעוואָרפֿן אין די גראָזן — אַ פּאָר צענטליק מעטער ווײַט פֿון גרויסן פֿאַבריקס־בנין. 2 יונגע קריסטלעכע בחורים זײַנען דאָרט געזעסן און געלאַסן זיך געגרייט צום באָדן, ווי קיינמאָל גאָרנישט.

— זיי גייען שוין אַוועק! — האָט איינער פֿון זיי מיר אָנגעוויזן, ווי די עראָפּלאַנען קירעווען ווירקלעך זיך אַוועק אין אַ זײַט.

— פֿאַרמאַטערט? — האָט אונדז געפֿרעגט דער צווייטער, צו־געבנדיק אין אַ ווײַלע אַרום אַ פֿראַגע, צי מיר זײַנען לובלינער.

— און איר? — האָב איך אויפֿן עכט־אידישן שטייגער אָפּגע־ענטפֿערט מיט אַ פֿראַגע.

— מיר? — האָבן ביידע יונגעלײַט געענטפֿערט מיט אַ טענה אין זייער שטימע — מיר זײַנען אַהערגעקומען פֿון אַ דערנעבנדיקן שטעטל, כּדי זיך צו פֿאַרשרײַבן אַלס פֿרײַוויליקע אין דער אַרמיי, אָבער מען וויל אונדז נישט אָננעמען. זיי האָבן, זאָגן זיי, דערווײַל גענוג זעלנער!

דער יונגער בחור פֿון דערבײַאיקן שטעטל האָט מיט אַ בייזער אַראָפּגעצויגן די תּחתּונים, דאָס העמד און די זאָקן און זיך אַ וואָרף געטאָן אין וואַסער. מיך האָט געבריט אין קאָפּ אַ ווייטאָגלעכער געדאַנק:

— אַזוי פֿיל יונגע מענטשן גרייט צו קעמפֿן, און דאָך אַזאַ בי־טערער צושטאַנד אויפֿן פֿראָנט קוים נאָך 8 טעג קריג!

ערשט מיט וואָכן און חדשים שפּעטער איז מעגלעך געווען צו מאַכן אַ סך־הכּל און פֿעסטשטעלן, אַז נישט געקוקט אויף די

פֿריִערדיקע גרויסע פּאָליטישע פֿאַרברעכנס פֿון רעזשים (לאַנגיאָריקע פֿרײַנטשאַפֿט און נאָכשלעפּערײַ נאָך היטלערן) האָט די פּוילישע אַרמיי — בײַ איר קליינער באַוואָפֿענונג און הינטערשטעליקער אָנפֿירונג — באַוויזן צו שטעלן היטלערן אַ פֿיל שטאַרקערן ווידערשטאַנד, ווי אַנדערע שטאַרקערע אַרמייען האָבן שפּעטער באַוויזן נאָך לענגערע צוגרייטונגען און בײַ אַ בעסערער באַוואָפֿענונג.

נאָך הײַנט טראַכט איך מיט שטאָלץ וועגן יענע מיליאָנען פּוילישע און אידישע יונגעלײַט, וועלכע האָבן מיט ווירדע און איבער זייערע כּוחות די ערשטע געגעבן דער וועלט אַ מוסטער פֿון העלדישקייט און ווידערשטאַנד אין די פֿלאַמענדיקע אַרסענאַלן פֿון וועסטערפּלאַטע בײַ דאַנציג, אין דער בלוטיקער אַכט־טאָגיקער גיגאַנטישער שלאַכט בײַם טײַך בזורא, בײַ די טויערן פֿון וואַרשע, אויף די פֿעלדער אַרום לעמבערג.

# 6

## סטופּניצקי פֿאַרלאָזט אונדז

די זיצונג פֿון לובלינער קאָמיטעט פֿון „בונד" האָט געדאַרפֿט פֿאָרקומען אין איינעם פֿון די אידישע אַרבעטער־לאָקאַלן אין שטאָט — אין סאַמע האַרץ פֿון אידישן געגנט. הינקענדיק אויף איין פֿוס, האָב איך זיך קוים דערשלעפּט אַהין צוזאַמען מיט ב. שעפֿנערן.

נישט געקוקט אויף די געדיכטע באָמבאַרדירונגען, איז די זיצונג געווען גוט באַזוכט. עס האָט כּמעט קיינער נישט געפֿעלט. עס איז געווען נישט סתּם אַ זיצונג, נאָר אַ ברייטערע באַראַטונג. עס זײַנען געקומען אַלע חברים, וועלכע האָבן זיך נאָר דערוואוסט, אַז אַזאַ זיצונג קומט פֿאָר: די מיטגלידער פֿון קאָמיטעט פֿון „בונד", די מיטגלידער פֿון קאָמיטעט פֿון יוגנט־בונד „צוקונפֿט", די בונדישע מיטגלידער פֿון דער שטאָט־פֿאַרוואַלטונג און אַזאַ"וו.

עס איז געווען אַן ערנסטע און שווערע זיצונג. די בונדישע מיטגלידער פֿון דער שטאָט־פֿאַרוואַלטונג האָבן איבערגעגעבן, אַז די רעגירונגס־לײַט זײַנען נאָך אַפֿילו אין די איצטיקע טרויעריקע גורל־טעג נישט אינגאַנצן פֿרײַ פֿון די אַלטע אַנטיסעמיטישע געוואוינהייטן. אָט האָט מען אין לובלין אויפֿגעשטעלט אַ ציווילע בירגערוואַך, האָט מען געזאָרגט דערפֿאַר, אַז זי זאָל זײַן אידן־ריין...

— פֿאַרפֿוילט און פֿאַרשפּילט זײַנען די רעגירער פֿון אַ לאַנד, בײַ וועלכע די באַפֿעלקערונג מוז אַרויסרײַסן דאָס רעכט צו באַשיצן דאָס לאַנד! — האָט געזאָגט דער באַריכט־אָפּגעבער אין זײַן וואָרט.

ער האָט דערציילט וועגן שאַרפֿן קאָנפֿליקט צווישן סטאַראָסטע (קרייַז־שעף) און דער דעלעגאַציע פֿון „בונד". די דעלעגאַציע האָט נאָכדעם געפּועלט, אַז מען זאָל אַרייַננעמען אין דער מיליץ אויך אידן...

נאָכן דאָזיקן באַריכט איז מען אַריבער צו דער וויכטיקסטער פֿראַגע: וואָס טוט מען, אויב די שטאָט וועט אָפּגעגעבן ווערן היטלערן?

אַלע אויף דער זיצונג זייַנען געווען איינשטימיק, אַז די אָנגעזעענע בונדישע טוער דאַרפֿן פֿאַרלאָזן די שטאָט. מען האָט אויסגערעכנט אַ רייַע מענטשן, וואָס וועלן דאַרפֿן אַוועק, כּדי נישט אַרייַנצופֿאַלן אין היטלערס הענט. מען האָט אויך גערעדט וועגן אויסבילדן אַנטשפּרעכנדיקע אינסטאַנצן פֿון דער אונטערערדישער באַוועגונג. עס איז געווען אַ שטאָלץ בייַצוזייַן די דאָזיקע זיצונג, צו הערן די מוטיקע רייד פֿון די אָרטיקע אַרבעטער־טוער און צו זען זייער אַנטשלאָסנקייט אין אָנבליק פֿון די אָנקומענדיקע שווידערלעכע טעג.

— און וואָס וועט זייַן מיט אונדזערע רויטע פֿענער? — האָט געזאָגט פֿאַרזאָרגט איינער פֿון די „געשוואוירענע בונדיסטן", אַן אַלטער איבערגעגעבענער בונדישער טוער.

— מיר קאָנען דאָך נישט דערלויבן, אַז די דאָזיקע הינט זאָלן צורייבן און פֿאַרשוועכן אונדזערע רויטע פֿענער! — האָט אים אונטערגעהאַלטן אַ יונגער חבר, אַ טוער פֿון דער בונדישער יוגנט.

— מיר מוזן זיי אַזוי אײַנאָרדענען, אַז מיר זאָלן זיי אַמאָל קענען האָבן צוריק — אַמאָל, ווען די לאַגע וועט זיך ענדערן און היטלער וועט געבראָכן ווערן!... — האָט געזאָגט אַ דריטער חבר.

עס איז נאָך נישט געקומען די צייַט צו דערציילן אויספֿירלעכער, ווי אַזוי די זאַך איז באַזאָרגט געוואָרן. צוליב פֿאָרזיכטיקייט איז די זאַך דערליידיקט געוואָרן אַזוי קאָנספּיראַטיוו, אַז אַפֿילו לובלינער בונדישע טוער האָבן נישט געהאַט קיין ידיעה וועגן דעם, ווי אַזוי די פֿענער זייַנען באַזאָרגט געוואָרן. די זאַך איז איבערגעגעבן געוואָרן 2-3 מענטשן, וועלכע האָבן מיר מיט שעפֿנערן פֿאַרטרויט זייער פּלאַן — אַ גוטער פּלאַן.

— און וואָס הערט זיך עפּעס וועגן מאַטעריעלע מיטלען פֿאַר די חברים, וואָס וועלן דאַרפֿן פֿאַרלאָזן די שטאָט? — האָב איך געפֿרעגט די פֿאַרזאַמלטע — און וואָס הערט זיך וועגן מאַטעריעלע מיטלען פֿאַר יענע חברים, וואָס וועלן בלייַבן?

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז וועגן אַלץ האָבן די לאָקאַלע טוער געדענקט, אָבער וועגן זיך אַליין האָבן זיי פֿאַרגעסן. איינס־צוויי איז

אונדז קלאָר געוואָרן, אַז נאָר 2־3 מענטשן פֿון די 8־10 פֿאַרזאַמלטע און פֿון די 20־30 בונדישע טוער, וועגן וועלכע מען האָט געמוזט טראַכטן אין דער ערשטער רייע, זײַנען ווי נישט איז פֿאַרזאָרגט אויף די ערשטע 2 וואָכן. אַלע איבעריקע זײַנען געווען אַזעלכע ביטערע אָרעמעלײַט, אַז זיי האָבן נישט געהאַט קיין גראָשן בײַ דער נשמה — נישט פֿאַר זיך און נישט פֿאַר זייערע משפּחות.

עס איז געווען אַ ווייטאָג און אַ פֿאַרדרוס עס צו הערן, אָבער אויך אַ שטאָלץ, אַ גרויסער שטאָלץ. יענע מענטשן, וועלכע האָבן צוויי צענדליק יאָרן גלענצנדיק אָנגעפֿירט מיט דער גרויסער לובלינער מאַסע, האָבן פּערזענלעך געשלאָסן דאָס דאָזיקע קאַפּיטל פֿון תּמיד־ברוייזנדיקן בונדישן לובלין אין פּולשטענדיקער מאַטעריעלער אָרעמ־קייט. ראַטמענער פֿון שטאָט־ראַט, אָנגעזעענע טוער פֿון דער אידי־שער קהילה, פֿירער פֿון טויזנט־קעפּיקע פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַריינען, פֿאַרזאָרגער פֿון טויזנטער אָרעמעלײַט, אַרבעטלאָזע און דאַכלאָזע, פֿאַרוואַלטערס פֿון גרויסע עפֿנטלעכע רײַכטימער האָבן זיך איצט געגרייט צו פֿאַרלאָזן די שטאָט אָן די ערשטע 100 זלאָטים אויף אַ נאַכט־לעגער און אויף אַ ביסן ברויט אין מויל אַרײַן...

מיר האָבן פֿריִער נישט פֿאַרלאָזן די זיצונג — איך רעד וועגן זיך און שעפֿנערן — ביז וואַנען עס איז נישט אויסגעאַרבעט געוואָרן אַ גענויער פּראָיעקט צו שאַפֿן אַ געוויסע באַשיידענע סומע געלט אויף די דערמאָנטע געברויכן פֿון דער אָרגאַניזאַציע. איך ווייס נישט אויף וויפֿל דער דאָזיקער פּראָיעקט איז אין די עטלעכע שפּעטערדיקע טעג געוואָרן רעאַליזירט, אָבער ווען ער וואָלט אַפֿילו יאָ געוואָרן רעאַליזירט אויף אַלע הונדערט פּראָצענט, וואָלט נאָך אַלץ די אָר־גאַניזאַציע נישט געהאַט קיין דריטל פֿון דעם, וואָס זי וואָלט יענע זואָך געדאַרפֿט האָבן בײַ די באַשיידנסטע אויסרעכענונגען אַפֿילו!

— פֿאָרט געזונט! — האָבן די חברים אונדז געדריקט די הענט — מיר זאָלן זיך ווידער זען און אין אַ בעסערער מינוט!

— זײַט געזונט, חברים! — האָבן מיר זיך געזעגנט און געפֿילט, ווי עפּעס רײַסט זיך אָפּ אינעם האַרצן...

איך האָב שפּעטער אין מײַנע וואָגל־טעג פֿיל געהערט וועגן די לובלינער חברים, אָבער עס איז נישט נאָך געקומען די צײַט דאָס אַלץ איבערצודערציילן. איך וועל נאָר דאָ זאָגן, אַז שפּעטער — דאַכט זיך, אַ טאָג נאָך אונדזער אָפּפֿאָר — איז געקומען אין שטאָט חבר וויקטאָר אַלטער מיט אַ גרופּע יונגע בונדיסטן. שפּעטער זײַנען זיי אויך אַוועק און נאָך שפּעטער זײַנען אויך אַוועק אַ רײַע אָרטיקע טוער. זיי האָבן נאָך אָבער באַוויזן אַרויסצוגעבן אַ פֿלאַמיקן נומער

פֿון דער „לובלינער שטימע". די נשמה פֿון דער אויסגאַבע איז געווען וויקטאָר אַלטער.

וועגן די וויכטיקסטע טוער, וועלכע האָבן לויטן דערמאָנטן באַ־שלוס פֿון קאָמיטעט שפּעטער פֿאַרלאָזן די שטאָט, האָב איך אין אַ צײַט אַרום געהאַט גרוסן פֿון יענע ערטער, וואו זיי האָבן אַרומ־געבלאָנקעט, הונגעריקע און אַרבעטלאָזע, אונטער דער סאָוויעטישער אָקופּאַציע. אין קיינעם פֿון זיי איז נישט געבראָכן געוואָרן דער מוט. איינע האָבן נישט נאָר זיך נישט געלאָזן ברעכן, נאָר זיי האָבן נאָך אָפֿן דעמאָנסטרירט זייער אָנגעהעריקייט צום „בונד" און זייער שטאָלץ מיט דעם. עטלעכע פֿון זיי איז שפּעטער געלונגען צוריקצוקומען קיין לובלין און זיך באַטייליקן אין אונטערערדישן קאַמף. נאָך אַנדערע האָבן עפֿנטלעך געזוכט צו לינדערן דעם גורל פֿון די מאַסן אויף אַ „לעגאַלן" וועג. איצטער — איצטער איז ליידיק דאָס געטאָ פֿון לובלין...

מיט לובלין איז אַגב פֿאַרבונדן אַ טראַגי־קאָמישע געשיכטע מיט וואָכנלאַנגע „פּעסטע ידיעות", וואָס זײַנען דערגאַנגען קיין וואַרשע, אַז ברוך שעפֿנער און איך זײַנען אומגעקומען בעת איינער פֿון די דאָרטיקע באָמבאַרדירונגען. מען האָט אונדז וואָכנלאַנג טאָקע געהאַלטן אין וואַרשע פֿאַר טויטע.

פֿון וואַנען דער דאָזיקער קלאַנג האָט זיך גענומען איז שווער צו וויסן.

אַ וואַרשעווער פּאַרטיי־חבר מײַנער, וועלכער האָט זיך מיט מיר באַגעגנט מיט עטלעכע וואָכן שפּעטער אין ראָוונע, האָט מיר דער־ציילט, אַז גראָד יענעם פֿרײַטאָג פֿאַרנאַכט איז ער געקומען קיין לובלין, און דאָרטן איבערגעלעבט עטלעכע באָמבאַרדירונגען. די שרעק־לעכסטע באָמבאַרדירונג איז געווען שבת, ווען הײַזער אין צענטער פֿון אידישן קוואַרטאַל זײַנען געפֿאַלן אונטערן האָגל פֿון באָמבעס אויף טריט און שריט. פֿרײַטאָג פֿאַרנאַכט אָדער שבת בײַטאָג זאָל אויך האָבן אײַנגעפֿאַלן דאָס הויז, אין וועלכן שעפֿנער און איך האָבן געוווינט. עס איז נישט אויסגעשלאָסן, אַז מענטשן, וועלכע האָבן אונדז יענעם פֿרײַטאָג פֿרי געזען אין יענעם הויז, זאָלן האָבן געמיינט, אַז מיר זײַנען פֿאַרשאָטן געוואָרן אונטער זײַנע חורבות.

אויסער דעם משונהדיקן קלאַנג, אַז מיר זײַנען געהרגעט גע־וואָרן בעת אַ באָמבאַרדירונג אין לובלין, האָט נאָך עמעצער דערציילט, אַז מען האָט אונדז ביידן געזען ליגן פֿאַרוואונדעטע פֿון אַ באָמבע אויפֿן שאָסיי צווישן לובלין און כעלם, און אַז נעבן אונדז איז געלעגן מיט אַ פֿאַרוואונדעטער האַנט דער באַקאַנטער וואַרשעווער שריפֿט־שטעלער לעאָ פֿינקעלשטיין. און שטעלט אײַך פֿאָר: די מעשה מיט

לעאָ פֿינקעלשטיין איז גראָד נישט אויסגעטראַכט — ער האָט ווירק־לעך געהאַט אַ פּאָרפֿאַל מיט דער האַנט אויף יענעם שאָסיי, אָבער מיר האָבן זיך מיט אים אין ערגעץ נישט געטראָפֿן אויפֿן גאַנצן וועג (איצט איז ער אין סאָוויעט־רוסלאַנד).

גאַנץ וואַרשע האָט נאָכן אַרײַנקומען פֿון די היטלעריסטן גע־רעדט וועגן אונדזער „טראַגישן טויט”. די ידיעה האָבן מיט זיך געבראַכט פּליטים, וועלכע זײַנען אין די ערשטע טעג נאָכן פּויליש־היטלערישן וואָפֿנשטילשטאַנד צוריקגעלאָפֿן אַהיים. עס האָט זיך אַפֿילו געפֿונען עמעץ — איך ווייס ווער דאָס איז — וועלכער האָט גענוי איבערדערציילט אין וואַרשע די מכּלומרשטע פּרטים פֿון אונדזער לוויה, וועלכע ער זאָל האָבן בײַגעוואוינט...

אונדזערע פֿאַמיליעס האָבן דאַן זיך נאָך געפֿונען אין וואַרשע, אָבער די באַקאַנטע און פֿרײַנט, די געבליבענע אין וואַרשע, האָבן נישט דערלאָזן צו זיי די ידיעה. מײַן פֿרוי האָט זיך דערוואוסט וועגן מײַן „טויט” גאַנץ צופֿעליק. עמעץ אַ באַקאַנטער האָט — טרעפֿנדיק זי אין גאַס און מיינענדיק, אַז „זי ווייסט שוין אַלץ” — איר אויס־געדריקט זײַן מיטגעפֿיל. נאָך פֿריִער פֿון מײַן פֿרוי האָט אויפֿן זעלבן אופֿן זיך וועגן דעם דערוואוסט שעפֿנערס פֿאַמיליע. צוזאַמען האָבן זיי געמאַכט אַ רײַזע באַמיאונגען זיך צו דערוויסן עפּעס גענויערס. שעפֿנערס טאָכטער איז אַ געוויסן טאָג געקומען מיט אַ פֿאָרשלאַג, אַז מײַן פֿרוי זאָל צוזאַמען מיט איר זיך אַרויסלאָזן קיין לובלין זוכן אונדזער קבר. אָבער מער־וויינִיקער אין דער צײַט, איז מײַן פֿרוי אַרויסגערופֿן געוואָרן צו דער אידישער שריפֿטשטעלערין פּאַולאַ ר. (נח פּרילוצקים פֿרוי), וועלכע האָט איר פֿאַרזיכערט, אַז זי האָט באַקומען דעם ערשטן גרוס פֿון איר מאַן און גלײַכצײַטיק אַ זיכערע ידיעה, אַז איך לעב.

אַ פֿאַקט איז, אַז יענע באָמבאַרדירונג פֿרײַטאָג פֿאַרנאַכט אין לובלין איז געווען די שטאַרקסטע פֿון אַלע באָמבאַרדירונגען, וואָס איך האָב איבערגעלעבט אין לובלין. איך האָב דאַן באַוויזן אַרײַנ־צופֿאַלן אין עפּעס אַ שענק אויפֿן מאַרק־פּלאַץ צווישן ראָטהויז און דער לובאַרטאָווסקע גאַס. די באָמבאַרדירונג איז געווען אַזאַ שטאַרקע, אַז אַלע הײַזער אַרום האָבן זיך געטרייסלט. אין אַ געוויסן מאָמענט האָט מען אין גאַס גענומען שרײַען — די דרײַסטערע, וועלכע זײַנען שוין אַזוי געווען צוגעוואוינט צו די באָמבאַרדירונגען, אַז זיי פֿלעגן בלײַבן אין גאַס! — אַז אָט־אָט האָט מען אַראָפּגעשאָסן אַ דײַטשן עראָפּלאַן און אַז אָט־אָט איז ער אַראָפּגעפֿאַלן אין פֿלאַמען אויף דער צווייטער אָדער דריטער גאַס.

די דאָזיקע באַמבאַרדירונג איז פֿאָרגעקומען קורץ נאָכדעם, ווי איך האָב פֿאַרלאָזן די אָקאָרשט-באַשריבענע באַראַטונג פֿון די בונדישע טוער.

ווען איך בין געקומען צו דער באַן, איז די שטאָט שוין געווען איינגעהילט אין פֿינצטערניש. עס איז געווען אַרום 8 אָוונט. קיין באַזונדערן צוג האָט מען אונדז דאָסמאָל שוין נישט געגעבן. מען האָט אונדז אויסגעטיילט 2 וואַגאָנעס און אונדז פֿאַרזיכערט, אַז דאָס איז אויסשליסלעך פֿאַר אונדז. אָבער מיר האָבן נישט באַוויזן אַרייַנצוגיין אין די וואַגאָנעס, ווי מען האָט זיי גענומען שטורמען פֿון אַלע זייַטן: עפֿנט! עפֿנט! מיר ווילן אויך פֿאָרן!

מיר האָבן נישט געזען די מענטשן, וואָס האָבן זיך געריסן צו אונדז אין די וואַגאָנעס. אינדרויסן איז געווען פֿולשטענדיק פֿינצטער — ווי אין א זאק. מיר האָבן בלויז געהערט פֿאַרביטערטע שטימען, און פֿון צייַט צו צייַט — אַ קללה.

אינעווייניק, אין אונדזערע וואַגאָנעס, האָט זיך דערווייַל אָפּגעשפּילט אַ דראַמאַטישע סצענע מיטן אַלטן אידישן פובליציסט ש. י. סטופּניצקי — אַ איד פֿון קנאַפּע זיבעציק יאָר. ער איז געפֿאָרן מיט אונדז צוזאַמען פֿון וואַרשע אָן. ער האָט זיך געמאַטערט, לויפֿנדיק אין וואַרשע פֿון איין וואָקזאַל צום צווייטן; נישט ווייניקער שווער האָט אויף אים געווירקט די צווייטאָגיקע רייַזע קיין לובלין. איצט האָט ער פֿאַרבראַכט אַ טאָג בייַ זייַן טאָכטער אין לובלין. ער האָט זיך שטיל אַוועקגעזעצט אין אונדזער קופּע און געשוויגן. עמעץ האָט גראָד זיך דערלויבט צו פֿאַררויכערן אַ פּאַפּיראָס און בייַם ליכט פֿון אָנגעצונדענעם שוועבעלע האָט מען געקענט זען סטופּניצקים פּנים — קאָנצענטריט, ליידנדיק און צעווייטאָגט.

מיטאַמאָל האָט ער זיך האַסטיק אויפֿגעשטעלט און אַראָפּגענומען פֿון דער פּאָליצע זייַן שטעקן. ער האָט גענומען רעדן אָפּגעריסענע האַלבע ווערטער:

— וואו פֿאָרן מיר?... וואָס וועט זייַן מיט אונדז?... וואו נעמט מען כוחות זיך אַרומצושלעפּן אויף דער עלטער?.. מייַנע פֿיס טראָגן מיך נישט... איך קען נישט מער... נאָך וואָס האָב איך זיך גערירט פֿון אָרט? איז דאָס פֿאַר מייַנע פֿיס?.. האָב איך פֿיס צו דעם?...

ווענדנדיק זיך צו אונדז, די יינגערע פֿון אים, האָט ער ווי געוואָלט זיך פֿאַרענטפֿערן, פֿאַרוואָס ער קלייבט זיך אונדז צו פֿאַרלאָזן:

— איר... אפֿשר קענט איר... איר זענט דאָך יינגער פֿון מיר. עס איז פֿרייַטאָג-צו-נאַכט... איך בין געשלאָפֿן אַביסל, געדרימלט... אַ ליכטיקע שטוב... אַ לעפֿל וואַרעמס — איך קען נישט... נישטאָ

אין מיר קיין כּוחות... זאָל זײַן וואָס עס וויל — איך בלײַב דאָ... איך גיי צוריק...

און ער האָט זיך מיטאַמאָל צעוויינט:

— אידן — האָט ער געגומען כליפּן ווי אַ קינד — אידן .. זײַט מיר מוחל, פאָרט געזונט... מיר זאָלן זיך נאָך באַגעגענען...

זײַנע הענט האָבן געציטערט. ער האָט אינגאַנצן געפיבערט. אים האָט זיך געדאַכט, אַז ער האַנדלט נישט עטיש, וואָס ער לאָזט אונדז איבער אַליין אין וואַגאָן.

—זײַט געזונט, אידן — האָט ער זיך נישט געקענט באַהערשן — מיר זאָלן זיך נאָך באַגעגענען!...

ער האָט שנעל אַראָפּגעכאַפּט פון דער פּאָליצע אַ פלאַש לימאָנאַד, וואָס ער האָט מיטגעבראַכט מיט זיך פון שטאָט, און עס אַרײַנ־געשטופּט איינעם פון אונדזער גרופּע, דאַכט זיך י. מ. נײַמאַנען:

— נאַט... נאַט... נעמט עס מיט — עס וועט אײַך צונוץ קומען... איר וועט זײַן דורשטיק...

אַזוי איז ער אַרויס פון וואַגאָן קרעכצנדיק און כליפּנדיק:

— איי, איי! וואָס מען האָט דערלעבט... זײַט געזונט, אידן... זײַט געזונט...

ער איז פאַרשוואונדן אין דער פינצטערניש פון וואָקזאַל.

אונדזער צוג האָט אין עטלעכע מינוט אַרום געדירט.

מער האָבן מיר אים שוין נישט געזען. זײַן נאָמען געפינט זיך אין דער רשימה פון די וואַרשעווער אידישע ליטעראַטן, וואָס זײַנען אומגעקומען אין די געטאָס פון פוילן.

# 7

## אויך ד״ר גאָטליב רײַסט זיך אָפּ

איצט איז אונדזער גרופּע באַשטאַנען פון 17 פּערזאָן.

אויסער די פריערדיקע 15 פּערזאָן (דער זעכצנטער איז געבליבן אין לובלין — ש. י. סטופּניצקי), זײַנען מיט אונדז געפאָרן נאָך צוויי זשורנאַליסטן: דער שוין־דערמאָנטער עלבוים און דער מיטאַרבעטער פון דער אידיש־פּוילישער צײַטונג „נאַש פּזשעגלאָנד” ד״ר פינ־טשעוסקי...

די געשיכטע פון ערשטן פון די ביידע האָב איך שוין דערציילט. דער צווייטער, ד״ר פינטשעווסקי, איז געקומען קיין לובלין מיטן אויטאָ פון זײַנע פּריוואַטע באַקאַנטע. דאָ, אין לובלין, האָט ער אונדז אויפגעזוכט, און — געבליבן מיט אונדז.

קיינער האָט נישט געוואוסט וואו מען פירט אונדז. מיר אַלע — סײַ די אידישע און סײַ די פוילישע זשורנאַליסטן — האָבן געפּלאַנט זיך אַרײַנצוקריגן קיין לעמבערג. אָבער שפּעטער האָבן די פּלענער פיל מאָל זיך געביטן.

פאַרוואָס עפּעס גראָד קיין לעמבערג?

אונדזער פּלאַן איז געווען אַזאַ:

לעמבערג איז די גרעסטע שטאָט, וואָס ליגט אין צענטער פון יענעם שטיק לאַנד, וועלכעס וועט, לויט די קלאַנגען, דאַרפן זײַן די באַזע פאַר דער צווייטער פוילישער פאַרטיידיקונגס־ליניע הינטער די טײַכן בוג און סאַן. לעמבערג פאַרמאָגט אַ גוטע צײַטונגס־טעכניק — לינאָטיפּן, ראָטאַציע־מאַשינען, גרויסע פּאַפּיר־לאַגערן — וואָס די אַנדערע אַרומיקע שטעט אין גאַליציע און וואָלין פאַרמאָגן נישט. אמת, לעמבערג ליגט אַביסל נענטער צו דער נײַער מעגלעכער פאַר־טיידיקונגס־ליניע. אין דער הינזיכט זײַנען ראָוונע און לוצק געווען פאַר אונדז פיל באַקוועמער, ווײַל זיי זײַנען געלעגן טיפער צו מזרח־צו — ווײַטער פון מעגלעכן נײַעם פראָנט. אָבער די לעמבערגער גוטע טעכנישע באַדינגונגען אַרויסצוגעבן אַ צײַטונג האָבן דעצי־דירט בײַ דער מערהייט פון אונדז. מיט איין וואָרט: מיר האָבן זיך אָריענטירט אויף לעמבערג. קאָוועל האָבן מיר לכתחילה נישט גע־נומען אין חשבון, ווײַל געאָגראַפיש איז קאָוועל געלעגן נישט בעסער פון לעמבערג, און קיין טעכנישע אײַנריכטונגען, ווי לעמבערג, האָט קאָוועל דאָך נישט געהאַט.

די באַן־מאַשיניסטן האָבן בײַם סאַמע אַרויספאָר אונדז געלאָזן וויסן, אַז וועגן אַ דירעקטן וועג קיין לעמבערג קען נישט זײַן קיין רייד, ווײַל דער דירעקטער באַן־וועג לובלין־לעמבערג איז פאַרנומען מיט מיליטערישע טראַנספּאָרטן.

— ברענגען קיין לעמבערג וועלן מיר אײַך — האָבן זיי אונדז פאַרזיכערט — אָבער מיר קענען אײַך נישט זאָגן אין פאָרויס ווי לאַנג דאָס וועט דויערן...

געוויינלעך וואָלט די באַן געדאַרפט זיך אַראָפּלאָזן קיין דרום־פוילן, אָבער — מיר זײַנען גאָר אַוועק צפונדיק. צומאָרגנס 12 בײַטאָג זײַנען מיר אַרײַנגעפאָרן אין דער היפּש־רואינירטער גרויסער פעסטונגס־שטאָט ברעסט־ליטאָווסק, כּדי ערשט פון דאַנען צוריק זיך צו פאַר־נעמען צו דרום־פוילן, קיין גאַליציע.

די נאַכט איז אַריבער „נאָרמאַל”. מען האָט צוביסלעך געדרימלט, אָנגעשפּאַרט אויפן אַקסל פון שכן, צוביסלעך האָט מען געפירט צווישן זיך געשפּרעכן וועגן וואַרשע און וועגן די אויסזיכטן צו שטעלן

היטלערן אַ ווידערשטאַנד ביז ענגלאַנד און פֿראַנקרײַך וועלן באַווײַזן אונטערצוקומען מיט ממשותדיקער הילף.

אין משך פֿון דער נאַכט און פֿון דעם שבתדיקן פֿרימאָרגן האָבן די רעדאַקטאָרן פֿון דער פּוילישער מיליטערישער טאָג־צײַטונג „פּאָלסקאַ זבראָינאַ", וועלכע זײַנען געפֿאָרן מיט אונדז, עטלעכע מאָל געביטן זייערע פּלענער. אינאָוונט, ווען מיר זײַנען אָפּגעפֿאָרן פֿון לובלין, זײַנען זיי געווען נוטה צו פֿאָרן צוזאַמען מיט אַלעמען קיין לעמבערג. אָבער פֿאַרטאָג, ווען מיר זײַנען געשטאַנען הינטער בריסק, וואַרטנדיק, אַז דאָרטן זאָל זיך ענדיקן איינער פֿון די אָפּטע לופֿט־אַלאַרמען, האָבן זיי געהאַט זיך אַריבערגעוואָרפֿן אויף קאָוועל. אַלע איבעריקע זשורנאַליסטן האָבן צוליב דעם אויך זיך אַ וואַקל געטאָן. אונדזער אַלעמענס נאַאיווער חשבון איז געווען, אַז אַמבעסטן אָריענ־טירן זיך אין דער לאַגע די זשורנאַליסטן פֿון דער אַרמיי־צײַטונג, און דערפֿאַר דאַרפֿן מיר נאָכטאָן זייער ביישפּיל.

ווען דער צוג האָט זיך גענומען אַרײַנשאַרן אין ריזיקן בריסקער באַנהויף, האָבן מיר דערזען פֿון אַלע זײַטן די סמנים פֿון די אָפּטע באָמבאַרדירונגען, וואָס בריסק האָט אַלס פֿעסטונג געהאַט אויס־צושטיין: אײַנגעפֿאַלענע הײַזער, אויפֿגעריסענע באַן־שינעס, גריבער אינמיטן גאַס אד"גל.

דער באַנהויף האָט אויסגעזען, ווי אַ ריזיקער קריגס־לאַגער. אַרום זײַנען געשטאַנען עטלעכע באַנען מיט פּליטים און מיליטער. פֿאַרמאַטערטע, שמוציקע און אויסגעהונגערטע, האָבן זיך אַלע גע־וואָרפֿן צו די גרויסע טישן פֿון „רויטן קרייץ", וואָס זײַנען געווען אויסגעשטעלט אונטערן פֿרײַען הימל. אַלע האָבן אָנגעהויבן כאַפּן די טעפּלעך קאַווע און הייסע זופּ, וואָס פֿרויען פֿון פֿאַרשידענע האַלב־מיליטערישע אָרגאַניזאַציעס האָבן געטיילט צווישן די זעלנער און פּליטים.

מיר זײַנען אין דער ערשטער מינוט געווען נישט דרײַסט. אָבער איינע פֿון די פֿרויען, וואָס האָבן טיכטיק באַדינט די אויסגעהונגערטע מאַסע פּליטים און זעלנער, האָט צו אונדז געזאָגט מיט אַ טרויעריקן שמייכל:

— פֿאַר געלט וועט איר אין שטאָט נישט באַקומען, וואָס מיר גיבן אײַך דאָ אומזיסט... עס איז קריג, פּאַנאָוויע... מען מוז זיך צוגעוואוינען... אַן אַלגעמיין אומגליק... נעמט זופּ, אַ גוטע זופּ — איר וועט זיך מוזן צוגעוואוינען...

עטלעכע פֿון אונדז, די דרייסטערע, האָבן זיך אַ וואָרף געטון צו דער זופּ און זי גענומען שלינגען מיט אַזאַ גיריקייט, ווי זיי וואָלטן קיינמאָל אין זייער לעבן נישט געגעסן קיין שום בעסערע זאַך. מיר,

די איבעריקע, זײַנען געשטאַנען אינדערזײַט אומאַנטשלאָסן — הונ־געריק און אומאַנטשלאָסן.

— עסט! — האָבן אונדז די ערשטע אונטערגעוואָרעמט — אַ גוטע זופּ...

עס איז מיר געווען זייער שווער אויסצושטרעקן די האַנט נאָכן שיסעלע זופּ. אין יענעם מאָמענט האָב איך זיך צום ערשטן מאָל דערפילט אַלס אַ קריגס־פּליט אין ווירקלעכן זין פון וואָרט. עס איז מיר שווער געווען זיך איבערצוברעכן. נישט נאָר מיר. איך בין נישט געווען דער איינציקער, וואָס האָט אַזוי געפילט. די פרויען, וואָס האָבן באַדינט די קיך, האָבן עס, זעט אויס, אַראָפּגעלייענט פון אונדזערע געזיכטער, און זיי האָבן מיט פריינטלעכע רייד געוואָלט אונדז פאַרזיסן די ערשטע געשאָנקענע זופּ:

— קלעמט אײַך נישט און עסט געזונטערהייט — האָבן זיי גערעדט צו אונדז, ווי מאַמעס — הײַנט איז עס נישט קיין שאַנדע! איר הײַנט, מיר — מאָרגן...

מיט נאַסע אויגן האָבן זיי געקוקט אויף אונדז, ווי מיר שטייען מיט די שיסעלעך זופּ. מיינענדיק, אַז מיר זעען עס נישט, האָבן זיי געווישט די אויגן מיט די ברייטע פאַרטיכער און געזיפצט:

— מאַי באָזשע... מאַי באָזשע...*)

איינצלנע פון אונדז — שוין גאָר גרויסע מפונקים — האָבן אַ שמעק געטאָן צו דער זופּ און זי אַוועקגעשטעלט:

— אוממעגלעך צו עסן!

פאַקטיש איז עס געווען נישט קיין שלעכטע זופּ. פיל פון אונדז האָבן אויפגעגעסן איין שיסעלע און אַ צווייטעס. די פרויען פון דער קיך, שטאָטישע דאַמעס, האָבן כסדר אָנגעגאָסן פרישע שיסעלעך און צוגעוואונטשן:

— געזונטערהייט!... געזונטערהייט!...

מען האָט יעדן פון אונדז נאָך צוגעגעבן אַ ברויט און פלעשער קאַווע — אַזויפיל וויפל פלעשער מיר האָבן באַוויזן צוזאַמענצושלעפּן.

בײַ עטלעכע פון אונדז איז די שטימונג צוליב דעם געשאָנקענעם מאָלצײַט געווען אַזאַ שלעכטע, אַז זיי זײַנען ממש אַרײַנגעפאַלן אין אַ מעלאַנכאָליע. פון פאַרשידענע זײַטן האָט מען גענומען רעדן וועגן נאָכטאָן סטופּניצקים בײַשפּיל און בלײַבן ערגעץ אין דער ערשטער־בעסטער שטאָט.

— איר זעט דאָך — האָבן עטלעכע פון צווישן אונדז גערעדט — אַז דאָס גאַנצע לאַנד איז חרוב און אומעטום איז דאָס זעלבע!

*) „מײַן גאָט... מײַן גאָט"...

וואו מען קומט איז דאָס זעלבע: חורבות, פּאַניק און כאַאָס! וואו־זשע װעלן מיר זיך אַרומשלעפּן? וואָס װעלן מיר אויפטאָן?

ד״ר העשל גאָטליב האָט געגומען רעדן וועגן פּינסק. ער אַליין איז אַ פּינסקער און זײַן פֿרוי האָט דאָרטן אַפֿילו אַ שטיקל אייגנס — פֿאַרוואָס נישט אַרײַנפֿאָרן קיין פּינסק?

ער איז געוועזן זיכער, אַז פּינסק — דער פֿאַרוואָרפֿנסטער ווינקל פֿון דער פּוילישער מלוכה — איז אַ זיכערער פּלאַץ דורכצוהאַלטן דעם קריג. דער פּאָעט ז. סעגאַלאָוויטש, אַן עסטעטיקער און אינדי־ווידואַליסט, איז געוועזן בייז אויף זיך אַליין פֿאַר לאָזן זיך אין דאָזיקן אומזיכערן און שווערן וועג. ער האָט גענומען רעדן וועגן פֿאַרשידענע פֿריינט, וועלכע וואַלטן אים האַרציק אויפֿגענומען אין די שטעט, דורך וועלכע מיר פֿאָרן פֿאַרבײַ. און דאָס זעלבע נאַטאַן שוואַלבע, דאָס זעלבע נאָך אַנדערע — — —

איינער פֿון אונדזער גרופּע, מנחם פֿלאַקסער, האָט זיך אַרײַנ־געכאַפּט אין שטאָט אַרײַן. ער איז צוריקגעקומען פֿון דאָרטן מיט גרוסן און נײַעס.

צום ערשטן מאָל האָבן מיר דאָ געהערט אין אַן אַנטשלאָסענער פֿאָרם די ידיעה, אַז וואַרשע האָט באַשלאָסן זיך צו פֿאַרטיידיקן און אַז עס פֿאָרמירן זיך פֿרײַוויליקע אַרבעטער־באַטאַליאָנען. דאָ, אין בריסק, האָבן מיר אויך צום ערשטן מאָל געהערט, אַז אין שפּיץ פֿון דער פֿאַרטיידיקונג פֿון וואַרשע האָט זיך געשטעלט דער שטאָט־פּרעזידענט סטעפֿאַן סטאַזשינסקי, וועלכער איז כמעט דער איינ־ציקער מענטש פֿון רעגירונגס־לאַגער, וואָס איז געבליבן אין שטאָט. צוגלײַך מיט דעם אַלעם איז געקומען די ווײַטערדיקע ידיעה, אַז וואַרשע בויט פֿיבערהאַפֿט באַריקאַדן, און אַז וואַרשע וועט פֿאַר־טיידיקן יעדן מעטער ערד, יעדן שטיין אויף דער גאַס.

די ידיעות האָבן אונדז אויפֿגערודערט ביזן טיפֿסטן. מיט יעדן געדאַנק, מיט יעדן נערוו איז יעדער פֿון אונדז איצטער געווען אין אונדזער ליבער העלדישער וואַרשע.

מנחם פֿלאַקסער האָט אויך געבראַכט אַ גרוס פֿון דעם אידישן וויצע־פּרעזידענט פֿון דער שטאָט, יחיאל מאַסטבוים, וועלכער איז אונדז אַלעמען געווען גוט באַקאַנט — ווען פֿון דער גוטער און ווען פֿון דער שלעכטער זײַט. דאָס איז געווען אַ איד, וואָס איז אין די יונגע יאָרן אַוועק דינען אין פּילסודסקיס לעגיאָנען. שפּעטער, אין אומאָפּהענגיקן פּוילן, האָט ער זיך געדרייט אין די אידישע לי־טעראַרישע קרײַזן און ער פֿלעגט זײַן אַ שטאָם־גאַסט בײַ אַלע שאַך־טישלעך אין ליטעראַטן־פֿאַריין אויף טלאָמאַצקע 13. קיינעם וואָלט

קיינמאָל נישט איַינגעפֿאַלן, אַז דער דאָזיקער איד וועט אַמאָל ווערן אַ פּאָליטיקער פֿון דער פֿאַרהאַסטער סאַנאַציע (אָפֿיציעלע הערשנ־דיקע פּאַרטיי אין פּוילן). אָבער אין אַ העלן מיטוואָך האָט זיך אַרויס־געוויזן, אַז מאַסטבוים איז צוזאַמען מיטן פֿירער פֿון דער „אַגודה" אליהו קירשברוין און מיטן סוחרים־פֿירער וואַצלאַווווישליצקי (ביידע לעבן שוין נישט) געוואָרן אַן אַגיטאַטאָר פֿון הערשנדיקן רעזשים. די לעצטע 2 זיַינען דערפֿאַר באַשטימט געוואָרן דורכן רעזשים אַלס די אידישע דעפּוטאַטן פֿון רעגירונגס־לאַגער. איס, מאַסטבוימען, האָבן זיי ביידע געמאַכט פֿאַר זייער סעקרעטאַר. נאָך שפּעטער איז ער באַשטימט געוואָרן אויפֿן אַמט פֿון וויצע־פּרעזידענט פֿון דער שטאָט בריסק.

אָט־אָ פֿון דאָזיקן מאַסטבוים האָט עס מנהם פֿלאַקסער געבראַכט אַ גרוס:

— ער האָט מיך איַינגעלאַדן צו זיך אין הויז און מכבד געווען מיט שבתדיקע פֿיש... ער האָט געהאַט טענות, פֿאַרוואָס מיר אַלע זיַינען נישט אַריַין אין שטאָט...

און ווענדנדיק זיך צו ד"ר גאָטליב האָט פֿלאַקסער צוגעגעבן:

— ער האָט זיך שטאַרק נאָכגעפֿרעגט ספּעציעל אויף איַיך!

אין וואַרשע פֿלעגט ד"ר גאָטליב טיַילמאָל אַריַינכאַפּן אַ שאָך־פּאַרטיע מיט יחיאל מאַסטבוימען. איצט, הערנדיק, אַז ד"ר גאָטליב איז צווישן אונדז, האָט מאַסטבוים זייער געוואָלט, ער זאָל בליַיבן ביַי אים אין בריסק.

ד"ר גאָטליב האָט זיך אַלץ מער געבויגן אונטער דער לאַסט פֿון דער שווערער ריַיזע — ער האָט זיך אַלץ מער גענאַרט מיט דער אילוזיע פֿון אַ פֿאַרשטייענדיקן אָפּרו, עס האָט אים אַלץ מער געצויגן אויסצושטיַיגן און צו מאַכן באַמיאונגען זיך אַריַינצוקריגן קיין פּינסק. סוף־כּל־סוף האָט ער זיך טאַקע מיט אונדז געזעגנט און אַוועק אין שטאָט אַריַין.

מער האָבן מיר אים נישט געזען. נאָך וואָכן און חדשים וואַנ־דערונגען, ווען מיר האָב זיך שוין געפֿונען אין דער ליטע, וואו דער רעזשים האָט זיך שוין צוויי מאָל געהאַט געביטן, איז אָנהייב 1940 דערגאַנגען צו אונדז דורך אומוועגן זיַינער אַ וויי־געשריי, אַז ער וויל קומען צו אונדז קיין ליטע. אָבער ווי נאָר מען האָט גענומען אַראַנזשירן פֿאַר אים די טעכנישע הילף, איז דערגאַנגען צו אונדז אַ ידיעה, אַז ער האָט געפּרוּווט אַליין גיין איבער דער גרענעץ פֿון סאָוויעטיש־באַזעצטן פּוילן קיין ליטע, און עס איז אים נישט געלונגען. מענטשן, וואָס האָבן יאָ באַוויזן אַריבערצוגיין די גרענעץ,

האָבן אונדז דערציילט, אַז ער איז אַ פֿאַרצווייפֿלטער צוריק אַוועק קיין פינסק. זומער 1940 האָט מען אונדז געבראַכט די ידיעה, אַז ער איז אַרעסטירט געוואָרן אין פינסק דורך די באָלשעוויקעס, וועלכע האָבן אים אַרויסגעשיקט קיין טיף־רוסלאַנד. די לעצטע ידיעה, וואָס איז דערגאַנגען, איז געווען, אַז ער איז געשטאָרבן ערגעץ אין פֿאַר־שיקונג.

אויב איך מאַך נישט קיין טעות, איז די דאָזיקע ידיעה אויך געווען אין דער אַמעריקאַנער פּרעסע.

## 8

## אונדזער קאָמפּאַניע ווערט אַלץ קלענער

עס האָט געמוזט זײַן אַרום 4־3 בײַטאָג, ווען אונדזער צוג האָט זיך גענומען אַרויסשאַרן פֿון בריסק. איצט האָבן מיר ענדלעך גענומען זיך אַראָפּלאָזן צו דרום. דער נאָענטסטער וועג האָט געפֿירט דורך קאָוועל.

דער צוג האָט זיך געשלעפּט זייער פּאַמעלעך, אָבער קיין ספּעציעלע מניעות האָבן מיר אויפֿן וועג נישט געהאַט. קיין קאָוועל זײַנען מיר אָנגעקומען זייער שפּעט אינאָוונט — עס האָט געמוזט זײַן אַרום 12 בײַנאַכט. מיר אַלע האָבן טויט־מידע געדרימלט אין שמוץ פֿון וואַגאָן, וועלכער איז אַ מעת־לעת צײַט נישט געווען געראַמט. איך האָב, ווי דורך אַ וואָלקן, געזען עפּעס אַ באַוועגונג אין אונדזער וואַגאָן, געהערט דאָס שטילע חזרן דאָס וואָרט „קאָוועל", און איך האָב אַפֿילו אַ פֿאַרשלאָפֿענער, ווי איך געדענק, אַרויסגעקוקט דורכן וואַגאָן־פֿענצטער, אָבער מער פֿון שוואַרצער פֿינצטערניש נישט געזען. אַזוי האָבן מיר אויסגעמיטן דאָס פֿיל־דיסקוטירטע קאָוועל. דאָ איז אונדזער באַן געשטאַנען גראָד נישט לאַנג: אפֿשר 15 מינוט.

שפּעטער זײַנען מיר ווידער געפֿאָרן דורך פֿינצטערע פֿעלדער און דערפֿער. אַלץ אַרום האָט געמאַכט דעם אײַנדרוק פֿון אַ געגנט, וואָס איז אויסגעליידיקט געוואָרן פֿון מענטשן. ביזן לעצטן און ווײַטסטן ווינקל איז פּוילן אין יענע טעג געווען פּאַרטאַיעט אין די נעכט, ווי מען וואָלט מורא געהאַט הויך צו אָטעמען. אַפֿילו מיר אין באַן האָבן צווישן זיך גערעדט אין די נעכט, שעפּטשנדיק אויפֿן אויער...

די נאַכט איז געווען אַ קילע. מיר האָבן גערעכנט, אַז מיר וועלן פֿאַרבײַפֿאָרן לוצק, אָבער דער מאַשיניסט האָט פֿון קאָוועל זיך פֿאַר־נומען דורך ראַזשישטש און קיווערץ, אויסמײַדנדיק לוצק. עס האָט זיך געשלעפּט אַ לאַנגע נאַכט פֿון פֿאָרן און דאָך האָט זיך עפּעס נישט

געוויזן קיין שום שטאָט. עס איז געווען אַזוי פֿינצטער, אַז מיר האָבן נישט באַמערקט ווי מיר פֿאָרן פֿאַרבײַ ראָוונע.

אינדרויסן האָט שוין געגרויט. כּמעט קיינער אין די וואַגאָנען איז שוין נישט געשלאָפֿן. מען האָט גערעדט צווישן זיך שטיל, אויפֿן אויער. צום הונדערטסטן מאָל די זעלבע טעמעס: וואַרשע, ווידער־שטאַנד בײַם טײַך בוג, הילף פֿון ענגלאַנד און פֿראַנקרײַך אאַז"וו.

אין צווייטן קופּע נעבן מײַנעם האָט דער דיכטער סעגאַלאָוויטש אײַנגעטענהט מיט עטלעכע פּוילישע קאָלעגן וועגן דער אידישער ליטעראַטור. זיי האָבן אים אויפֿמערקזאַם אויסגעהערט. ער האָט זיי פֿאַרטײַטשט מיט האַרץ, אַז אידיש איז נישט קיין זשאַרגאָן, און אַז יעדע מאַמע איז אַ מאַמע...

— איך האָב ליב אידיש, ווי אַ מאַמע — האָט געקלונגען דורך דער וואַנט סעגאַלאָוויטשעס כאַראַקטעריסטישע שטימע — און ווען איך וועל האַלטן בײַם אויסהויכן מײַן נשמה, וועט מײַן לעצט וואָרט זײַן אויף אידיש: „מאַמע"!

איך געדענק ווי הײַנט סעגאַלאָוויטשעס שטימע, זײַן עכט־אידישע אויסשפּראַך פֿון וואָרט „מאַמע" (ער האָט עס אַרויסגעזאָגט אויף אידיש) און דעם אײַפֿער, מיט וועלכן ער האָט געוואָלט געווינען די פּאָר יונגע פּוילישע קאָלעגן פֿאַר אונדזער אידישן לשון.

אַלע אין וואַגאָן האָבן זיך אַרומגעדרייט מיט אויפֿגעשטעלטע קעלנער. עס איז געווען אַזוי קיל, אַז אַ צאָן אויף אַ צאָן האָט געקלאַפּט. אַלע האָבן זיך געפֿרעגט, וואו מיר האַלטן עפּעס אין דער וועלט מיט אונדזער רײַזע. קיינער האָט נישט געוואוסט, אַז מיר זײַנען שוין פֿאַרבײַגעפֿאָרן ראָוונע.

דער שמוץ אין וואַגאָן איז ווירקלעך געווען אומדערטרעגלעך. וועגן וואַסער צום טרינקען אָדער צום וואַשן, האָט מען בלויז געקענט טרוימען. אַלע זײַנען געווען צעשויבערט, ווי נאָך אַ געשלעג. יעדער פֿון אונדז האָט געפֿילט עפּעס אַן עקל צו זיך אַליין!

אַ קליינער, אַ טראַגי־קאָמישער פּרט: עס האָבן אויסגעפֿעלט אין וואַגאָן אַלטע צײַטונגען, וועלכע מיר פֿלעגן באַנוצן ווי אשר־יצר־פּאַפּיר.

— אפֿשר קענט איר מיר געבן אַ שטיקל „נויע ציריכער צײַטונג"?

— אונטערן דאָזיקן שפּרוך האָט אין אונדזער שנעל־געשאַפֿענעם זשאַר־גאָן דאָ איינער און דאָ אַ צווייטער געזוכט אַן אַלט שטיקל אשר־יצר־פּאַפּיר.

פֿאַרוואָס עפּעס „נויע ציריכער צײַטונג"?

ווײַל נאַטאַן שוואַלבע האָט די ערשטע פּאָר שעה פֿון דער רײַזע געפֿונען בײַ זיך אין טאַש איינעם פֿון די לעצטע, קיין וואַרשע אָנגע־

קומענע נומערן פֿון דער שווייצאַרישער גוט־אינפֿאָרמירטער „נויע ציריכער צײַטונג". פֿריִער האָבן אַלע זי געלייענט ביזן לעצטן אות. צום סוף האָט זיך עמעץ דערמאָנט, אַז די צײַטונג קען צונוץ־קומען אויך אויף עפּעס אנדערש — אויף אשר־יצרלעך, ווײַל עפּעס בעסערס און ריינערס פֿון דעם איז נישט געווען. היות דאָס איז געווען דער איינ־ציקער אוצר פֿאַר די דאָזיקע צוועקן, האָט מען באַשלאָסן צו טיילן שטיקלעך צײַטונג זייער קמצניש. שפּעטער, ווען די צײַטונג האָט זיך אויסגעלאָזן, האָט מען אויסגעפֿונען נאָך עפּעס אַ שמוציקערע צײַטונג, אָבער דער נאָמען איז שוין געבליבן: ווען עמעץ האָט געוואָלט קריגן עפּעס אַ שטיקל פּאַפּיר, האָט ער שוין באַנוצט דעם באַקאַנטן אויסדרוק:

— אפֿשר עפּעס אַ שטיקל „נויע ציריכער צײַטונג"?...

זינקנדיק אַזוי אין שמוץ, אין שלעכטער שטימונג און אין אומגע־דולד, זײַנען מיר פּלוצים אין אַ ראָזן, קילן פֿאַרטאָג פֿאַרפֿאָרן צו אַ גרויסער, שיינער און ריינער באַן־סטאַציע.

מיר האָבן נישט געגלויבט אונדזערע אייגענע אויגן: זדאָלבונאָוואָ! די לעצטע פּוילישע באַן־סטאַציע! נאָך עטלעכע מײַל פֿון דאַנען איז דער ראַטן־פֿאַרבאַנד!

— צו וואָס האָט מען אונדז געבראַכט אַהער? — האָבן אַלע גע־צויגן מיט די אַקסלען.

— וואָס הייסט צוליב וואָס? פֿון דאַנען האָבן מיר אַ גלײַכן וועג קיין לעמבערג! דער וועג איז אַזוי נאָענט צו דער סאָוויעטישער גרע־נעץ, אַז ער ווערט וואַרשײַנלעך נישט באָמבאַרדירט דורך די דײַטשן!

פֿון זדאָלבונאָוואָ פֿירט טאַקע אַ דירעקטער באַן־וועג קיין לעמ־בערג. דאָס איז געווען איינע פֿון יענע סטראַטעגישע באַן־ליניעס, וואָס די פּוילישע רעגירונגען האָבן געבויט פֿאַר די מעגלעכע קריגס־באַדערפֿענישן. אין פֿאַל פֿון אַ פּויליש־סאָוויעטישן קריג וואָלט אַזאַ באַן געשפּילט אַ זייער וויכטיקע ראָלע.

זייער גיך האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מיר האָבן אַ שטאַרקן גרונט צו זײַן צופֿרידן פֿון אונדזער וויזיט אין זדאָלבונאָוואָ. דאָ איז געווען אַזוי שטיל און אַזוי רואיק, אַז מען האָט אַ ווײַלע — צום ערשטן מאָל זינט דעם אויסברוך פֿון קריג — געקענט פֿאַרגעסן וועגן קריג. דער וואָקזאַל און אַרום דעם וואָקזאַל איז געווען ציכטיק און ריין, ווי צו אַ יום־טוב. קיין שום סימנים פֿון באָמבעס זײַנען נישט געווען. גרינע צווײַגן פֿון ווילדן ווײַן האָבן באַשײַנט און באַחנט די ריינע הײַזלעך פֿונם באַנהויף. אַ חוץ אונדז איז כּמעט קיינער אין יענעם מאָמענט

נישט געווען אויפֿן וואָקזאַל. דער בופֿעט איז געווען אָפֿן. מען האָט דאָרט געקענט קריגן ברויט און וואורשט און געקאָכטע אייער און ביער און הייסע טיי און עפּל — אַ גן־עדן!

נאָכמער: דער פֿריזירער אין אַ ווייַסן פֿאַרטוך האָט געאַרבעט מיט זייַן געהילף, און דער וואַש־צימער מיט גרויסע וואַסער־קראַנען איז אויך געשטעלט געוואָרן צו אונדזער דינסט. מיר האָבן זיך אויס־געטאָן און לאַנג זיך געריבן מיט קאַלט וואַסער און זייף. מיר זייַנען אַרוים פֿון אונטער די קראַנען, ווי נייַ־געבוירן. שפּעטער האָבן מיר זיך רחבותדיק צעלייגט אויף די ראַזיר־שטולן און געפֿילט דעם נחת פֿון אַ גרויסער פּאָרציע ראַזיר־זייף און פֿון אַ גלאַטער און פֿלינקער פֿרי־זירער־האַנט אויפֿן פּנים. איך האָב זיך געפֿילט ממש אייַנגעוויגט אויף דעם ראַזיר־שטול. די אויגן האָבן זיך גענומען קלעפּן צום שלאָף...

עפּעס האָט מען דאָ יאָ געוואוסט וועגן קריג, אָבער נישט פֿיל. פֿאַר אונדז האָבן שוין אַהער געהאַט פֿאַרבלאָנדזשעט אַ צוויי צוגן פּליטים. דער פֿריזירער, זייַן געהילף און די פֿאַרקויפֿערס בייַם בופֿעט האָבן אויסגעהערט אונדזערע דערציילונגען, געשאָקלט מיטן קאָפּ, גע־זיפֿצט און געקוקט אויף אונדז, ווי אויף אומגליקלעכע, וואָס זייַנען אַראָפּגעפֿאַלן פֿון עפּעס אַ צעטרייסלטן פּלאַנעט.

דעם בופֿעט האָבן מיר אויסגעכאַפּט אין משך פֿון 15 מינוט. איך זע נאָך איצט די אַרומיקע פּנימער, די ציטערדיקע הענט, וואָס שטופּן געלט און כאַפּן, וואָס דאָס אויג זעט...

— אפֿשר דאָס?...

— און אפֿשר דאָס???...

בייַ מייַנע מיטפֿאָרער און אויך בייַ מיר איז יעדע מינוט צוגע־וואַקסן נאָך עפּעס אַ פּאַקעטל: נאָך אַ שטיקל וואורשט, נאָך אַ פּיצל שאָקאָלאַד, נאָך אַ פֿלאַש ביער!

אינמיטן פֿון דער בופֿעט־מהומה האָב איך דערזען פֿאַר זיך סע־גאַלאָוויטשן — אַ קאַלטן, אַ גלייַכגילטיקן און אָפּהענטיקן. אין אַלע אַרומיקע האָט דער ליכטיקער פֿאַרטאָג, די ריינקייט און שטילקייט פֿון וואָקזאַל, דאָס קאַלטע וואַסער פֿון קראַן, דער געשיקטער פֿריזירער אין שניי־ווייַסן פֿאַרטוך און דער זעטנדיקער בופֿעט ווידער אַביסל פֿאַרבעסערט דעם הומאָר. סעגאַלאָוויטש אָבער איז געשטאַנען אַ דער־שלאָגענער, מיט אַ ליידנדיק געזיכט:

— איך קען נישט מער... איך פֿאָר נישט ווייַטער...

איך האָב אים אָנגעקוקט, ווי ער וואָלט גערעדט פֿון היץ.

— וואָס הייסט, איר פֿאָרט נישט ווייַטער?

— איך קען נישט מער...

— וואָס זשע רעכנט איר צו טאָן?

— איך ווייס נאָך נישט!... אפשר וועל איך דאָ בלייַבן, אפשר וועל איך זיך אַוועקלאָזן צופוס קיין ראָוונע... אַלץ, נאָר נישט דער וואַגאָן!... אויב איך וועל זיך ווייַטער אַרייַנזעצן אין דאָזיקן שמוציקן וואַגאָן, וועל איך עס נישט אויסהאַלטן!...

איך האָב אים געוויזן, ווי די קאַלעגן שטייען גראָד אויף די שוועלן פון די וואַגאָנעס און רייניקן זיי און לופטערן זיי און ווישן זיי אַרום מיט בעזעמער, שמאַטעס און מיט וואָס עס לאָזט זיך. איך האָב אים געפּרואווט איבערצייַגן, אַז אַליין וועט אים זייַן נאָך ערגער, ווי מיט אונדז צוזאַמען. איך האָב געפּרואווט אויף אים ווירקן, איך האָב אים געבעטן, ער זאָל נישט בלייַבן אַליין — קיין שום זאַך האָט נישט געהאָלפן. ער האָט זיך פאַרעקשנט און איז טאַקע געבליבן.

גראָד האָט זיך געיאַוועט פון עפּעס אַ געסל נעבן דער באַן דער באַקאַנטער וואַרשעווער קונסט־מאָלער יאַנוש טרעפּלער, וועלכער האָט אים צוגעזאָגט צו גיין צוזאַמען מיט אים קיין ראָוונע. דאָס האָט ענד־גילטיק באַשטימט — סעגאַלאָוויטש האָט אונדז פאַרלאָזן!

מיט עטלעכע וואָכן שפּעטער האָבן מיר זיך מיט אים ווידער גע־טראָפן. נאָך אַ פאַנטאַסטישן וואַנדער־וועג ביז דער רומענישער גרע־נעץ, זייַנען מיר דאַן געפאָרן צוריק פון גאַליציע (עס זייַנען געוועזן די ערשטע צוויי וואָכן פון באָלשעוויסטישן רעזשים אין יענע אַלע מקומות). אונדזער וועג האָט ווידער געפירט דורך ראָוונע. דאָ האָבן מיר געטראָפן סעגאַלאָוויטשן אַ האַלב־קראַנקן, אַ פאַרוויייטאָגטן, אַ פאַרבענקטן, אַן איינזאַמען. אמת, ער האָט אָפּגעשניטן פיל בעסער ווי טויזנטער אַנדערע פּליטים, וואָס האָבן זיך דעמאָלט ממש געוואַל־גערט אין גאַס: אים האָבן אַרייַנגענומען צו זיך ראָוונער אָנגעזעענע מענטשן און געטאָן פאַר אים, וואָס נאָר עס האָט זיך געלאָזן, כּדי צו לינדערן זייַן גורל. אָבער ווען ער האָט אונדז דערזען, האָט ער זיך דערפרייט ווי אַ קליין קינד. די לאַסט פון די איבערלעבונגען האָט זיך געלייגט אויף אים שווערער, ווי אויף אונדז אַלעמען. דאָס, וואָס ער האָט דאַן און אויך שפּעטער געפילט, האָט ער אויסגעדריקט אין זייער געלונגענע סטראָפן פון אַ גאַנצער סעריע שטימונג־לידער, וואָס ער האָט אָפּגעדרוקט אין יאָר 1940 אין ווילנע און שפּעטער אין אַמעריקע.

פון ראָוונע איז סעגאַלאָוויטש מיטגעפאָרן מיט אונדז קיין ווילנע און דאָ פאַרבראַכט צוזאַמען מיט אונדז ביז הערבסט 1940. אין הערבסט 1940 און אין ווינטער 1941 זייַנען מיר זיך פונאַנדערגעפאָרן קיין פּאַלעסטינע און אַמעריקע. די לעצטע וואָכן פון אונדזער צעשיידונג איז ער געווען זייער פאַרביטערט, ווייַל זייַן פּאַלעסטינער וויזע האָט

זיך עפּעס געמאַכט נישט אַזוי שנעל, און אַ וויזע נאָך אַמעריקע האָט ער נישט געהאַט. אָבער סוף־כּל־סוף איז עס אַראָפּ גלאַטיק און ער איז אַוועק קיין פּאַלעסטינע. איצט שרײַבט ער דאָרטן לירישע פּאָע־מעס, אין וועלכע ער ברענגט צום אויסדרוק זײַן בענקשאַפֿט צו פּוילן, זײַן ווייי־געשריי איבערן אימהדיקן גורל פֿון די אידן אין די געטאָס — אונדזער אַלעמענס בענקשאַפֿט, אונדזער אַלעמענס בלוטיקן ווייי־געשריי.

# דאס פייער יאָגט אונז נאָך

## 1

### אַ פּוילישע מאַמע

פֿון זדאָלבונאָוו זײַנען מיר אָפּגעפֿאָרן אַרום 9 פֿרי. עס איז געווען זונטאָג, דעם 10טן סעפּטעמבער.

אַ שיינער זוניקער טאָג איז געשטאַנען איבער די וואָלינער און פּאָדאָליער פֿעלדער און גערטנער יענעם טאָג. אָפּגעוואַשענע, אַרומ־ראַזירטע און אָנגעקאָרמעטע, זײַנען מיר ווידער געווען אויפֿגעלייגט. גאַנץ באַזונדערס האָט געווירקט אויף אונדזער מוט דער פֿאַקט, וואָס אונדזער וואָגלעניש האָט אין אונדזער איבערצײַגונג ענדגילטיק געהאַלטן בײַם סוף. הײַנט אָוונט — האָבן מיר גערעכנט — פֿאָרן מיר אַרײַן קיין לעמבערג. אַ סוף — דאָ בלײַבן מיר און מיר נעמען זיך עפּעס טאָן.

עטלעכע שעה איז די באַן געפֿאָרן אינגאַנצן נאָרמאַל — אָן שום שטערונג. מיר האָבן געלאָזן הינטער זיך אָזיעראַני, קאַמיעניצאַ און ראַדזיווילאָוו. אונדזער צוג האָט געהאַט אויף זיך אַלע סמנים פֿון אַן אויסטערלישן צוג. די אײַנוואוינער פֿון די הײַזלעך נעבן די סטאַצ־יעס האָבן געקוקט אויף אונדז מיט חידוש, אונדז אויסגעפֿרעגט, געשאָקלט מיטן קאָפּ און שטיל געשעפּטשעט, ווי פֿאַרטראַכט:

— יאָ, יאָ, עס פֿליִען דאָ פֿאַרבײַ עראָפּלאַנען... מסתּמא דײַטשע...

אינמיטן טאָג — עס האָט געמוזט זײַן אַרום 2 בײַטאָג — זײַנען מיר פֿאַרפֿאָרן צו דער אַלטער שטאָט בראָד, וועלכע ליגט סך־הכּל אַן 80 קילאָמעטער פֿון לעמבערג.

דאָ האָט אונדזער באַן זיך אָפּגעשטעלט. מיר זײַנען דאָ זייער לאַנג געשטאַנען, נישט וויסנדיק פֿאַרוואָס. ענדלעך האָט דער שעף פֿון וואָקזאַל אונדז אויפֿגעקלערט דעם סוד: לעמבערג ווערט הײַנט שווידערלעך באָמבאַרדירט און ער האָט אַ באַפֿעל צו פֿאַרהאַלטן אַלע צוגן, וואָס פֿאָרן איצט קיין לעמבערג. און באמת: צו וואָס זיך רײַסן אונטער די באָמבעס אַרונטער?

אויפֿן גרויסן, אַלטן וואָקזאַל איז געווען פֿולשטענדיק ליידיק. איינצלנע באַן־אַרבעטער זײַנען געווען פֿאַרנומען מיט פֿאַרשידענע קליינע אַרבעטן. פֿון צײַט צו צײַט פֿלעגן זיי פֿאַרריַיסן דעם קאָפּ צום הימל און זשמורן די אויגן:

— מען זעט?

ווי עס האָט זיך אַרויסגעוויזן פֿון זייערע רייד, איז אין בראָד נאָך נישט געווען קיין איין באָמבאַרדירונג, אָבער לופֿט־אַלאַרמען האָבן זיי עטלעכע מאָל אין טאָג. ווען עס ווערט דערקלערט אַ לופֿט־אַלאַרם אין לעמבערג, באַציט זיך דאָס שוין גלײַכצײַטיק אויך צו בראָד: אויף יעדנפֿאַל...

— פֿריִער ווערט דער סיגנאַל געגעבן דורכן ראַדיאָ, וועלכער אַנאָנסירט, אַז דער אַלאַרם ווערט פּראָקלאַמירט פֿאַר לעמבערג, בראָד, גראָדעק און נאָך אַרומיקע שטעט. דאַן רופֿן זיך אָפּ בײַ אונדז די אָרטיקע סיגנאַלן: פֿײַפֿלעך פֿון אַלע לאָקאָמאָטיוון, וואָס שטייען אויפֿן באַנהויף, און די קלויסטער־גלאָקן...

לויט דער אויסרעכנונג פֿון שעף פֿון בראָדער באַנהויף איז אויס־געקומען, אַז מיר וועלן זיך זיכער נישט פֿריִער קענען רירן פֿון אָרט, ווי פֿאַרנאַכט:

— לעמבערג איז הײַנט פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ גיהנום — האָט ער אונדז אינפֿאָרמירט — די גאַנצע שטאָט שטייט אין פֿלאַמען, און איך בין זיכער, אַז לעמבערג וועט ווערן פֿאַרוואַנדלט אין אַ חורבה...

ער און אַנדערע באַן־באַאַמטע האָבן אונדז אַגיטירט:

— וואָס וועט איר פֿאָרן קיין לעמבערג? וואָס דאַרפֿט איר זיך שטויסן אין פֿײַער אַרײַן? בײַ אונדז איז רואיק — בלײַבט בײַ אונדז!

אויך אין די אינעווייניקסטע זאַלן פֿון גרויסן וואָקזאַל, וועלכער איז אַמאָל, מיט 20 יאָר צוריק, געווען אַ וויכטיקער גרענעץ־פּונקט צווישן אַמאָליקן עסטרײַך פֿון קייזער פֿראַנץ־יאָזעף און דעם רוס־לאַנד פֿון צאַר ניקאָלאַי דעם צווייטן, איז געווען ליידיק.

— שוין עטלעכע טעג — האָט מען אונדז אויסגעטײַטשט — ווי עס גייען נישט קיין שום באַנען פֿאַרן פּריוואַטן געברויך...

בלויז אין איינעם פֿון די זאַלן האָבן עטלעכע קריסטלעכע פֿרויען זיך געפּאָרעט בײַ עטלעכע טשײַניקעס טיי און פּוטער־ברויטן מיט וואורשט. ווען זיי האָבן אונדז דערזען אויף דער שוועל פֿון זאַל, האָבן זיי אונדז אַרײַנגעבעטן מיט גרויס פֿריינטלעכקייט און אונדז מכבד געווען מיט טיי, ברויט און וואורשט:

— עסט, עסט, עסט געזונטערהייט! — זײַנען זיי געשטאַנען איבער אונדז און געשאָקלט מיט די קעפּ אַזוי ווי די בריסקער וואויל־

טעטיקע דאַמען מיט אַ טאָג פֿריִער — עס איז פֿאַר אײַך!... פֿאַר אײַך!... געזונטערהייט!... עס איז פֿאַר אײַך, פֿאַר אונדזערע אומגליקלעכע פּליטים!...

מיר האָבן זיך אויסגעזעצט בײַ לאַנגע, הילצערנע טישן און געגעסן. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זיי האָבן אויך ביער, אָבער פֿאַרן ביער דאַרף מען שוין באַצאָלן. מיר האָבן גענומען עטלעכע פֿלאַשן ביער און געטרונקען.

— אונדזער פּוילן, אונדזער ליב פּוילן — האָבן די דאַמען זיך געווישט די אויגן מיט ווײַסע טיכלעך, קוקנדיק אויף אונדז — אָט ווי אונדזער פּוילן זעט איצטער אויס!

איינע פֿון די דאַמען, אַ הויכע גרויע פֿרוי פֿון אַ יאָר זעכציק, איז געשטאַנען איבער מיר און עקשנותדיק אַרײַנגערעדט אין מיר:

— אפֿשר ווייסט איר, וואָס עס הערט זיך אויפֿן האַלב־אינדזל העל?... אפֿשר ווייסט איר עפּעס?... אפֿשר האָט איר עפּעס געהערט?... איר דאַרפֿט דאָך וויסן... איר זענט דאָך זשורנאַליסטן!...

— ליידער — האָב איך איר געענטפֿערט — ווייסן מיר הײַנט נישט מער פֿון אײַך...

— אָבער דאָך... ווי איז עס דען מעגלעך, איר זאָלט נישט וויסן עפּעס מער?..

— זיי שלאָגן זיך! — האָב איך איר געזאָגט דאָס, וואָס מיר האָבן געוואוסט פֿון אויפֿגעכאַפּטע איינצלנע ווערטער אויף פֿאַרשידענע סטאַציעס — זיי שלאָגן זיך, ווי העלדן! העל איז עפּעס אַ וואונדער־אינדזל פֿון מוט און העלדישקייט!...

— יאָ — האָט זי געזאָגט שטיל און אירע אויגן האָבן געקוקט ווײַט אַוועק — דאָרטן האָב איך אַ זון...

איך האָב פֿאַרביסן די ליפּן און געשוויגן. וואָס האָב איך געקענט זאָגן דער דאַזיקער פּוילישער מוטער, וועלכע שטייט אויפֿן וואָקזאַל פֿון איר היים־שטאָט און קאָרמעט פֿרעמדע מענטשן, פּליטים, זוכנדיק מיט די אויגן עפּעס אַ סימן צווישן הימל און ערד, צי עס לעבט נאָך איר זון, איינער פֿון די העלדן, וואָס פֿאַרטיידיקן דאָס לאַנד קעגן דער שרעקלעכער איבערמאַכט פֿון אַ ווילדער מערדער־באַנדע?

— אַ זון האָב איך דאָרטן צווישן אונדזערע העלדן — האָט זי איבערגעחזרט שטיל.

זי האָט זיך מילד צעשמייכלט ערגעץ אין דער ווײַטקייט אַרײַן — דאָס האָט זי געשמייכלט צו איר זון מיט אַ שמייכל, וואָס נאָר מאַמעס און טאַטעס קענען פֿאַרשטיין.

— עס איז מײַן מיטעלער זון — האָט זי מיר אויסגעטײַטשט — אַן אינזשיניער. פֿאַרן קריג האָט מען אים גערופֿן און אים גלײַך אַוועקגעשיקט קיין העל... „מאַמע”, האָט ער פֿון דאָרטן מיר געשריבן, „מעגסט אַלעמען דאָרטן זאָגן, אַז די שוואַבן וועלן דאָ נישט אַדורכגיין — כיבע, איבערן לעצטן טויטן קערפּער פֿון די פּאָליאַקן”...

זי האָט עס געזאָגט מיט שטאָלץ און מיט ווייטאָג:

— „... כיבע איבערן לעצטן טויטן קערפּער פֿון די פּאָליאַקן!...”

זי האָט זיך אָפּגעקערט פֿון מיר, געשטאַנען אַ ווײַלע אויסגעדרייט צו מיר מיט דער פּלייצע, און לויט די באַוועגונגען פֿון אירע הענט, האָב איך פֿאַרשטאַנען, אַז זי פּאָרעט זיך עפּעס דיסקרעט בײַ איר דעקאָלטע.

ווען זי האָט זיך צוריק אויסגעדרייט צו מיר, האָט זי געהאַלטן אין האַנט אַ פֿאָטאָגראַפֿיע פֿון אַ גאָר יונגיטשקן פּוילישן אָפֿיציר. דאָס אָפֿיצירן־היטל איז בײַ אים געווען וואוילעריש־עלעגאַנט פֿאַררוקט אין אַ זײַט. דאָס גאַנצע פּנים האָט געשמייכלט פֿרײַ און זאָרגלאָז.

— איר זעט? — האָט זי אינגאַנצן אָנגעקוואָלן — אַ יִינגל, ווי אַ חלום!... מײַן זון... מײַן זון... גאָרנישט לאַנג צוריק, באַלד נאָך דער פּראָמאָציע פֿון דער אָפֿיצירען־שול... ער האָט געענדיקט די שול פֿון קאַוואַלעריע־אָפֿיצירן אין גרודזשאָנדז... פֿון דאָרטן איז ער באַלד אַוועק צו דער גרענעץ!...

— אַלס קאַוואַלעריע־אָפֿיציר? — האָב איך זיך געוואונדערט — מען האָט געשיקט קאַוואַלעריע אויפֿן האַלב־אינדזול העל?

— אָ, ניין! — האָט די שטאָלצע מאַמע זיך צעשמייכלט — איר מיינט, זעט אויס, אַז דאָס איז דער זון, וועגן וועלכן מיר האָבן גערעדט פֿריִער? ניין, ניין! דאָס איז אַ צווייטער! דאָס איז מײַן מיזיניק... ער דינט אין דער קאַוואַלעריע...

זי האָט מיר אַרויסגענומען דאָס בילד פֿון דער האַנט און עס געהאַלטן פֿאַר זיך אויפֿן שטח פֿון אַן אויסגעצויגענעם אָרעם, ווי זי וואָלט געוואָלט זען דעם מיזיניק אין דער פּערספּעקטיוו...

— אַ שיין יִינגל, אמת? — האָט זי גערעדט צו מיר און געקוקט אויף דער פֿאָטאָגראַפֿיע — אַ וואויל קינד... אין פֿאָמערן איז ער די לעצטע חדשים געשטאַנען מיטן גאַנצן פּאָלק. יעדעס מאָל האָט ער געשריבן אין זײַנע בריוו, אַז ער וואַרט שוין אויף דער מינוט, ווען ער וועט קענען געבן היטלערן צו שמעקן דעם ריח פֿון אַ פּוילישער פֿערדישער קאָפּעטע... „דעם פּוילישן קאָרידאָר וועלן מיר פֿאַרטיידיקן” — האָט ער יעדעס מאָל געשריבן... אָבער איצט איז שוין אַ צוויי וואָכן ווי איך דערהאַלט נישט קיין בריוו...

מיט דרך־ארץ האָב איך געקוקט אויף דער דאָזיקער פּוילישער דאַמע, וואָס האָט מיט אַזאַ אויסערלעכער רו און ווירדע גערעדט וועגן אירע צוויי זין, וועלכע האָבן, לעבעדיקע אָדער טויטע, זיך איצט געפֿונען אויף יענע פֿלעצער פֿון בלוטיקן פֿראָנט, וואו עס האָבן זיך אָפּגעשפּילט די ערשטע דראַמאַטישע שלאַכטן פֿאַר דער אומאָפּהענגיקייט פֿון פּוילישן לאַנד. ווי שטאַרק האָב איך איצט געוואָלט אַרויסבאַקומען פֿון מיר פֿאַר דער דאָזיקער פּוילישער מאַמע אַ וואָרט פֿון טרייסט, אַ וואָרט פֿון האָפֿנונג. אָבער זי, די פּוילישע מאַמע, איז געשטאַנען פֿאַר מיר הויך, שלאַנק, אַריסטאָקראַטיש. איך האָב געפֿילט, אַז יעדעס וואָרט, וואָס איך קען איר זאָגן, וועט זײַן קלענער און שוואַכער פֿון איר אייגענער האַלטונג.

— ווער ווייסט וואו דאָס ייִנגל געפֿינט זיך איצטער? — האָט זי צוגעגעבן מיט אַ טיפֿער זאָרג — אפֿשר קאָרמעט אים אין דער מינוט עפּעס אַ פֿרעמדע מאַמע, ווי איך קאָרמע דאָ אײַך?...

אַז איר ייִנגל לעבט שוין אפֿשר נישט — דאָס איז דער דאָזיקער מאַמע נישט אײַנגעפֿאַלן צו טראַכטן. מיט טיפֿן גלויבן אין זײַן ליכ־טיקן שטערן האָט זי געוואָלט אויסכּישופֿן אין זיך די טיפֿע איבער־צײַגונג, אַז ער לעבט.

— נו, יאָ! — האָב איך אונטערגעהאַלטן אין איר דעם גלויבן — נישט עס ליגט איצט ווען אין קאָפּ צו שרײַבן בריוו און נישט די פּאָסט קען דערגיין פֿון דאָרט אַהער...

זי האָט מיך אָנגעקוקט אַביסל אַ באַליידיקטע:

— דאָס זאָלט איר נישט זאָגן — האָט זי מיר אויפֿגעקלערט — מײַן ייִנגל וואָלט קיין מיטאָג נישט געגעסן, כּדי צו קענען אָנשרײַבן אַ בריוו צו זײַן מאַמע...

און זי האָט ווי דערגענצט איר געדאַנק

— גיכער איז, ווי איר זאָגט, די פּאָסט... די נישט־רעגולערע פּאָסט . . .

און זי האָט זיך איבערגעצלמט.

— אין נאָמען פֿון פֿאָטער און זון און הייליקן גײַסט, אָמען!...

— האָט זי פֿרום, עקסטאַטיש גענומען פּרעפּלען אַ תּפֿילה — מוטערל, הייליקע!... אַלערהייליקסטע פֿרײַלין מאַריע!... פֿיר מײַנע קינדער מיטן וועג פֿון מלאָכים, אַז קיין שום בייז זאָל זיי נישט דערגרייכן!.. אַז קיין שום קויל זאָל זיי נישט באַרירן!... אַז דעם שונאס שווערד זאָל זיך איבער זיי צעברעכן!... אַז די האַנט פֿון דעם גערמאַנישן געצנדינער זאָל פֿאַרשטײַפֿט ווערן איבער זייער קאָפּ, אָמען!...

— אַמען! — האָב איך איר נאָכגעזאָגט, אפֿשר צום ערשטן מאָל אין מײַן באַוואוסטזיניקן לעבן, מיטגעריסן מיטן עקסטאַטישן גלויבן פֿון דער דאָזיקער וואונדערלעכער פּוילישער מאַמען.

— דרײַ זין און אַלע דרײַ זײַנען אין פֿײַער! — האָט די מאַ־יעסטעטישע דאַמע גערעדט, ווי צו זיך אַליין — איצט בין איך אַליין... איינע אַליין...

— דרײַ?

— יאָ, דרײַ! איך האָב נאָך אַ דריטן אויך... אויך אַוועק אין קריג...

אָבער ווי זי וואָלט זיך געכאַפּט, אַז זי פֿאַרנעמט מײַן אויפֿ־מערקזאַמקייט מיט נישט־וויכטיקע זאַכן, האָט זי גענומען אָנגיסן גלעזער טיי, שטופּנדיק זיי יעדן פֿון אונדז אונטער דער נאָז:

— טרינקט, פּאַנאָוויע! טרינקט, פּאַנאָוויע!...

— נוצט אויס די געלעגנהייט, פּאַנאָוויע! נעמט נאָך אַ גלעזל טיי, פּאַנאָוויע! איר האָט זיך גענוג אויסגעמאַטערט!...

זי האָט זיך געפּאָרעט אַרום אונדז מיט אַזאַ ערנסטער געשעפֿט־לעכקייט, ווי מיר וואָלטן געווען איר גרעסטע זאָרג. איך האָב גע־קוקט אויף איר פּנים און געוואָלט דורכדרינגען איר גאַנצע פּסיכיק, אירע געדאַנקען, איר האַרץ.

— וואָס קוקט איר אַזוי אויף מיר? — האָט זי זיך אָנגעבויגן צו מיר איבערן טיש מיט אַ מילדן שמייכל.

— איך האָב דרך־ארץ פֿאַר אײַך! — האָב איך זיך נישט געקענט אײַנהאַלטן נישט אויסצודריקן איר מײַן באַוואונדערונג.

— אָ, עס איז אַ קלייניקייט! — האָט זי מיך נישט פֿאַרשטאַנען — מײַן אַרבעט דאָ איז פֿאַר מיר אַ דערלײַכטערונג אין מײַן איצ־טיקער איינזאַמקייט... איך בין צופֿרידן, ווען איך קען אָנזעטיקן עמעצן פֿון די פֿאַרבײַפֿאָרנדיקע... איר אַלע זענט דאָך זין פֿון פּוי־לישע מאַמעס!..

— איך בין אַ איד! — האָב איך איר פֿאַרבעסערט...

— דאָס ווייס איך! דאָס זעט מען פֿון אײַער פּנים! — האָט זי מיר געגעבן צו פֿאַרשטיין, אַז זי האָט די גאַנצע צײַט געוואוסט צו וועמען זי רעדט — אָבער איר זענט דאָך נישט נאָר אַן איז־ראַעליט, נאָר אויך אַ פּאָליאַק!... פֿון אײַערע רייד זעט מען, אַז די פּוילישע ערד איז אײַך אַזוי טײַער, ווי אונדז אַלעמען...

— דאָס איז מײַן פֿאָטערלאַנד! — האָב איך איר געענטפֿערט.

— און איין און דער זעלבער גאָט היט אונדז אין די הימלען! — האָט זי צוגעגעבן מיט אַ פֿרום פּנים.

איך האָב זיך נישט געקענט אָפּרײַסן פֿון דער באַנק, אויף וועלכער איך בין געזעסן. עס האָט זיך מיר געוואָלט רעדן מיט דער דאָזיקער פֿרוי נאָך און נאָך. אַזעלכע פֿרויען טרעפֿט מען שוין הײַנט ווייניק אין די גרויסע שטעט. דאָס זײַנען פּאַטריאַרכאַלע טיפּן, ווי אויס־געקריצט אין שטיין. אין דער פּראָווינץ טרעפֿט מען נאָך אַזעלכע מענטשן. איך האָב זיך געפֿילט דערהויבן פֿון דער באַגעגעניש.

— גאָט זאָל אײַך פֿירן! — האָט זי געזאָגט בײַם געזעגענען — עס זאָל אײַך זײַן באַשערט צוריקצוקומען גאַנץ און פֿריש אין אײַער היים!...

— און אײַך זאָל זײַן באַשערט — האָב איך איר געוואונטשן פֿון גאַנצן האַרצן — זיך צו פֿרייען מיט אײַערע זין לאַנגע, לאַנגע יאָרן אין אַ פֿרײַען פּוילן!...

מיט דרך־ארץ און באַוואונדערונג האָב איך געקושט די האַנט פֿון דער דאָזיקער מאַיעסטעטישער דאַמע און צוריק אַרויס אויף דער פּלאַטפֿאָרמע.

איך האָב דערציילט מײַנע קאָלעגן וועגן מײַן געשפּרעך מיט דער דאַמע און אַלע זײַנען אַרײַנגעלאָפֿן נאָכאַמאָל אין זאָל זי אָנקוקן און באַוואונדערן — די איינזאַמע, העלדישע מוטער פֿון דרײַ זין, וואָס שלאָגן זיך אויפֿן פֿראָנט.

— וואָסער ווערט האָבן אונדזערע לײַדן אַנטקעגן די לײַדן און דעם קרבן פֿון דער דאָזיקער מוטער? — האָב איך געטראַכט.

נישט איינמאָל אין שפּעטערדיקע טעג, ווען עס איז נייטיק געווען אויפֿצוזאַמלען אין זיך די לעצטע רעזערוון פֿון מוט און קראַפֿט אין אָנבליק פֿון שווערע נסיונות, פֿלעג איך אַרויסרופֿן פֿאַר מײַנע אויגן דאָס בילד פֿון דער דאָזיקער פֿרוי און די באַגעגעניש מיט איר. דאָס פֿלעגט מיך קרעפֿטיקן און שטאַרקן:

— לערן זיך מוט! — פֿלעג איך אין יענע מינוטן רעדן צו זיך אַליין, זעענדיק פֿאַר מײַנע אויגן דאָס בילד פֿון דער דאָזיקער פֿרוי.

## 2

## מיר בלײַבן אין בראָד

אינדרויסן, אויפֿן פּעראָן פֿון וואָקזאַל, האָט געוואַרט אויף מיר אַ נישט־אָנגענעמע נײַעס:

— די רעגירונג האָט באַשלאָסן אונדז צו לאָזן אין בראָד! — האָבן מיר די קאָלעגן דערציילט די נײַעס — עס וועט צו אונדז

באַלד אַרויסקומען דער סטאַראָסטע פֿון בראָדער פּאָוויאַט, כּדי מיט אונדז די זאַך אַרומצורעדן...

די ידיעה האָט מיך געטראָפֿן, ווי אַ דונער. איך האָב נישט גענוג קלאָר פֿאַרשטאַנען די גאַנצע נײַעס: פֿון וואַנען נעמט זיך דאָ פּלוצלונג די רעגירונג? און וואָס וועט שוין זײַן דער תּכלית פֿון אונדזער בלײַבן אין בראָד? און וואו וועלן מיר זיך אַהינטאָן?

אין פֿאַרלויף פֿון די לעצטע עטלעכע שעה איז געשען אָט־וואָס:

סטעפֿאַן גראָסטערן, דער קאָמענדאַנט פֿון אונדזער עקספּע־דיציע, און עטלעכע זשורנאַליסטן פֿון רעגירונגס־לאַגער האָבן פֿאַר דער צײַט זיך באַוויזן צו פֿאַרבינדן מיט לעמבערג און צו וויסן צו געבן דעם דאָרטיקן זשורנאַליסטן־סינדיקאַט, אַז מיר שטייען אין בראָד און בעטן צוזוגרייטן פֿאַר אונדז קוואַרטירן, ווײַל מיר וועלן בײַ־נאַכט אַרײַנקומען קיין לעמבערג. די טוער פֿון לעמבערגער זשור־נאַליסטן־סינדיקאַט האָבן זיך אָנגעכאַפּט פֿאַרן קאָפּ, הערנדיק אַז עס פֿאָרט אַ כמאַרע פֿון אַרום 70 וואַרשעווער זשורנאַליסטן. זיי האָבן געהאַלטן — און אונדז שטאַרק אַגיטירט דורכן טעלעפֿאָן — אַז מיר דאַרפֿן בלײַבן אין בראַד, ווײַל דער גורל פֿון לעמבערג איז אומ־באַשטימט און די שטאָט ברענט פֿון אַלע זײַטן.

שפּעטער האָט דער קאָמענדאַנט פֿון אונדזער עקספּעדיציע, סטעפֿאַן גראָסטערן, געפּרוווט זיך פֿאַרבינדן מיט עפּעס אַ רע־גירונגס־אינסטיטוציע, כּדי אויסצוגעפֿינען די טעלעפֿאָן־נומערן פֿון די מיניסטאָרן, וואָס געפֿינען זיך אין לעמבערג. אָבער קיין שום לעמבערגער מלוכה־אַמט האָט נישט געוואָלט אָדער נישט געקענט אונדז אָנגעבן אַ וואָסער נישט איז טעלעפֿאָן. זעט אָבער אויס, אַז די מיניסטאָרן האָבן וועגן אונדז יאָ באַקומען אינפֿאָרמאַציעס. אַ סימן: דער בראָדער סטאַראָסטע האָט באַקומען פֿון לעמבערג טעלע־פֿאָנישע אינסטרוקציעס אונדז צו פֿאַרהאַלטן בײַ זיך אין שטאָט, ווײַל אונדזער איצטיק קומען קיין לעמבערג וואָלט געווען אַן אומזין...

די באַן־פֿאַרוואַלטונג האָט אונדז געהייסן אויסליידיקן די וואַ־גאָנעס און זיך אַריבערגעטראָגן אין וואָקזאַל־בנין. קלאַודיוש הראַביק, דער רעדאַקטאָר פֿון דער אַנטיסעמיטישער רעגירונגס־צײַטונג „קור־יער פּאָראַנני”, האָט זיך שטאַרק געקאָכט. ער אַליין איז אַ לעמבערגער און אין וואַרשע איז ער געווען בלויז עטלעכע יאָר. ער האָט די לעצטע יאָרן געטרייסלט מיט וואַרשע, געווען דאָס אויבערשטע פֿון שטויסל. און דאָ פֿאַרבאָט מען אים אַרײַנצופֿאָרן אין „זײַן” לעמבערג?

עס האָבן זיך געשאַפֿן גרופּקעס, מען האָט זיך געשושקעט, מען איז געלאָפֿן צו לעמבערגער טעלעפֿאָנען און מען האָט זיך געער־

גערט. צום סוף איז דער פֿירער פֿון אונדזער גאַנצער עקספּעדיציע סטעפֿאַן גראָסטערן אַוועק אין שטאָט אַרײַן.

גלײַכצײַטיק איז אַוועק אין שטאָט אַרײַן דער אידישער זשור־נאַליסט בערנאַרד זינגער. ער האָט זיך דערמאָנט, אַז בײַ אים אין וואַרשע האָט געוואוינט אין אַ צימער אַ פֿרײַלין פֿון בראָד, דעם בראָדער אַפּטייקערס טאָכטער. ער איז אַוועק צום אַפּטייקער אים אָפּגעבן אַ גרוס און פֿאַראײַנוועגס זיך אַרומקוקן אין שטאָט.

גראָסטערן איז צוריקגעקומען אַן אָפּגעקאָכטער. ער האָט אויפֿ־געזוכט אין שטאָט דעם סטאַראָסטע, אָבער — יענער איז בייז, אויפֿ־גערעגט, נישט־גאַסטפֿרײַנטלעך, און עס איז בכלל שווער מיט אים צו רעדן.

— איר זענט איצט פּליטים! — האָט ער געזאָגט גראָסטערנען — מיט אַלע פּליטים גלײַך! שלאָגט אײַך אַרום פֿון קאָפּ די אײַנרע־דעניש, אַז עס וואַרט אויף אײַך ווער־ווייס וואָסער וויכטיקע ארבעט... קיין שום אַרבעט וואַרט נישט אויף אײַך! עס איז אַ שווערער קריג... איר וועט זיך באַזעצן אין די דערפֿער אַרום בראָד און עס וועט זײַן מיט אײַך דאָס זעלבע, וואָס מיט אַלע פּליטים!... מער גאָרנישט!...

מיר זײַנען געשטאַנען מיט אָפֿענע מויל און אויערן. עס האָט זיך אויפֿגעהויבן אַ שטורם פֿון פּראָטעסטן. אַלע האָבן געשריגן אין איין קול, אַז זיי פֿײַפֿן אויפֿן סטאַראָסטע.

— ווער פֿרעגט אים? — האָט געשריגן אַ יונגער פּוילישער זשורנאַליסט פֿון דער רעגירונגס־פּרעסע — מיר וועלן דאָ נישט בלײַבן און מיר פֿאָרן ווײַטער!

— אַז מען וועט אײַך לאָזן, וועט איר פֿאָרן! — האָט גראָסטערן געענטפֿערט אַ דערשלאָגענער.

— וואָס הייסט?...

— עס הייסט, אַז איר האָט נישט קיין באַן! ביז לעמבערג איז נאָך פֿונדעסטוועגן אַ היפּשער מהלך...

דערווײַל איז אונטערגעקומען פֿון שטאָט בערנאַרד זינגער. צו־זאַמען מיט אים איז געקומען עפּעס אַ יונגע פֿרײַלין און אַ יונגערמאַן. די פֿרײַלין איז טאַקע געווען דעם אַפּטייקערס אַ צווייטע טאָכטער און דער יונגערמאַן איז געווען אַ שטאָטישער אידישער אינטעליגענט.

— אויב איר וועט בלײַבן אין שטאָט, וועלן מיר אײַך אײַנאָר־דענען אין פֿאַרשידענע אידישע הײַזער! — האָבן זיי אונדז געזאָגט.

ווען מיר האָבן דאָס איבערגעגעבן גראָסטערנען, האָט ער אונדז דערקלערט, אַז דאָס איז אוממעגלעך — מיר מוזן אַלע פֿאָרן אין דאָרף אַרײַן: אַזוי האָט בפֿירוש דערקלערט דער סטאַראָסטע.

— ער האָט געזאָגט — האָט גראָסטערן אונדז אויסגעטײַטשט — אַז ער קען אונדז נישט איבערלאָזן אין שטאָט, ווײַל די קוואַרטירן אין שטאָט זײַנען שוין זינט אַ וואָך צײַט באַשטימט פֿאַר עטלעכע טויזנט פּליטים פֿון פּאָמערן. זיי דאַרפֿן אָנקומען אַ ליאדע טאָג — זיי האָבן שוין לאַנג געדאַרפֿט זײַן!...

דערווײַל איז צוגעפֿאַלן די פֿינצטערניש. מיר האָבן נאָך אַלץ געוואַרט אויפֿן משונהדיקן פּאַן סטאַראָסטע. קלאַודיוש הראַביק מיט נאָך עטלעכע רעגירונגס־זשורנאַליסטן האָבן נישט אויפֿגעהערט געהיימניספֿול צו לויפֿן איבער די באַן־קאַנצעלאַריעס און רעדן טע־לעפֿאָניש מיט לעמבערג. צווישן די קאָלעגן — אויך די פּוילישע — האָט זיך אָנגעפֿאַנגען אַ מורמלעניש, אַז הראַביק מיט נאָך עטלעכע רעגירונגס־זשורנאַליסטן האָבן זיך אָפּגעטיילט פֿון דער גאַנצער קאָמ־פּאַניע און מאַכן באַמיאונגען, אַז מען זאָל זיי יאָ לאָזן פֿאָרן ווײַטער.

— אָבער ווי אַזוי וועלן זיי פֿאָרן, אַז אונדזער באַן איז שוין אַראָפּגענומען געוואָרן פֿון וואָקזאַל? — האָבן מיר זיך געחידושט.

גראָסטערן איז געווען דערשלאָגן פֿון דער גאַנצער מעשה.

— די קאָלעגן — האָט ער דערקלערט — מאַכן די באַמיאונגען אויף אייגענער האַנט! איך קען זיך זיי נישט אַנטקעגנשטעלן — עס איז זייער זאַך. אויב זיי פֿאַרשטייען, אַז זיי האַנדלען ריכטיק, קען איך דערויף גאָרנישט העלפֿן!... פֿאַר זיך דערקלער איך אײַך, אַז איך בלײַב דאָ, וואו עס וועט זײַן די מערהייט פֿון אונדזער גאַנצער גרופּע!...

עס איז שוין געווען פֿינצטער, ווען עס האָט זיך פּלוצלונג באַוויזן פֿאַרן וואָקזאַל עפּעס אַ קליין לאָקאָמאָטיוול מיט אַ צוגעטשעפּעטן פֿינצטערן וואַגאָן. הראַביק און נאָך אַ צען פּוילישע רעגירונגס־זשור־נאַליסטן זײַנען אַרויס פֿון צווישן אונדז, ווי פֿרעמדע — ווי זיי וואָלטן אונדז קיינמאָל נישט געקענט און קיינמאָל מיט אונדז קיין וואָרט נישט גערעדט. עס איז געווען אין דעם אי אַ געפֿיל פֿון בושה פֿאַר זייער אומלאָיאַליטעט צו קאָלעגן, אי אַ מין געפֿיל פֿון העכערקייט: נאַט, זעט ווער איר זײַט און ווער מיר זײַנען!...

מיר זײַנען פֿון דעם אַלעם געווען אַזוי געפּלעפֿט און אַנטמוטיקט, אַז מיר האָבן נישט פּראָטעסטירט און אַפֿילו נישט געמאַכט קיינעם פֿון די אָפּפֿאָרנדיקע קיין פֿאָרוואורפֿן. מיר האָבן זיך געמאַכט, ווי מיר ווייסן גאָרנישט און זעען גאָרנישט. נאָר איינצלנע פֿון אונדז זײַנען אַרויסגעגאַנגען אָנקוקן די „ספּעציעלע באַן".

דאָס לאָקאָמאָטיוול איז סוף־כּל־סוף אָפּגעפֿאָרן. מיט אַ קורצער צײַט שפּעטער איז אַרויסגעקומען צום באַנהויף עפּעס אַ מיטליאָריקער

הער, וועלכער האָט אונדז אויפֿגעזאַמלט און גענומען אַרויסגעבן אינסטרוקציעס וואָס מיר דאַרפֿן טאָן.

— דאָס איז דער סטאַראָסטע? — האָבן מיר זיך געפֿרעגט בײַ גראָסטערנען.

עס האָט זיך אַרויסגעשטעלט, אַז דאָס איז נישט דער סטאַראָסטע אַליין, נאָר זײַנער אַ באַאַמטער.

— דער פֿאַן סטאַראָסטאַ — האָט ער אויפֿגעקלערט — האָט מיך באַפֿולמעכטיקט זיך מיט אײַך צו פֿאַרנעמען. הײַנט וועט איר אַוועק אין אײַערע קוואַרטירן און מאָרגן וועל איך זיך אַדורכרעדן מיט אײַערע פֿאָרשטייער, ווי אַזוי פֿאַר אײַך צו באַזאָרגן געוויסע זאַכן, וואָס וועלן זיך לאָזן באַזאָרגן.

די קוואַרטירן — דאָס זײַנען געווען פּויערישע הײַזקעס 4 קילאָ־מעטער הינטער דער שטאָט.

— דער סאָלטיס פֿון דאָרף — האָט דער באַאַמטער אונדז גע־טרייסט — ווייסט שוין וועגן אַלעם. ער וועט אײַך אײַנאָרדענען ווי אַמבעסטן. ער איז אַן אויפֿגעקלערטער מענטש און מען קען מיט אים רעדן...

איך און נאָך עטלעכע האָבן געפּרוּווט מאַכן אַ דרוק אויף גראָס־טערנען, ער זאָל שטעלן אַ שאַרפֿן ווידערשטאַנד דער דאָזיקער אַדמיניסטראַטיווער ווילקיר. מיר האָבן געפֿאָדערט פֿון גראָסטערנען, ער זאָל שאַרף פּראָטעסטירן און דערקלערן, אַז מיר וועלן זיך אַליין באַזאָרגן מיט דירות. אָבער ער איז געווען אינגאַנצן אַנטמוטיקט און געשוויגן.

דער סוף איז געווען, אַז מיר, די גרופּע אידישע זשורנאַליסטן, האָבן דערקלערט גראָסטערנען, דאָס מיר וועלן בלײַבן אין שטאָט קעגן ווילקירלעכן באַפֿעל פֿון סטאַראָסטע. אדרבא, זאָל דער סטאַ־ראָסטע אונדז פּרוּוון עפּעס טאָן פֿאַרן דאָזיקן „פֿאַרברעכן".

— מיר זײַנען אַוועק פֿון וואַרשע, נישט וועלנדיק אַרײַנפֿאַלן צו היטלערן, און דאָ וועט קומען עפּעס אַ פּראָווינצער סטאַראָסטע און אונדז פֿאַרשיקן אין אַ דאָרף!

גראָד זײַנען געהאַט אַרויסגעקומען צום וואָקזאַל עטלעכע אי־דישע יונגעלײַט, וואָס האָבן שוין געהאַט צוגעגרייט פֿאַר אונדז דירות אין שטאָט.

— איר וועט וואוינען — האָבן זיי געזאָגט — בײַ דער אידישער אינטעליגענץ פֿון דער שטאָט! אַלע זײַנען אין שטאָט פֿאַרזאַמלט אויף איין אָרט און מען וואַרט דאָרט, כּדי אײַך אַהיימצונעמען צו זיך!

מיר זײַנען געווען גערירט פֿון דער דאָזיקער מעלדונג. שטיל, פֿול מיט טרויעריקע געדאַנקען, האָבן מיר זיך געשלעפּט איבער די פֿינצטערע גאַסן פֿון בראָד. די באַפֿעלקערונג פֿון די אידישע געסלעך איז געזעסן פֿאַר די שוועלן און געכאַפּט לופֿט. קיין ליכט האָט מען טאַקע נישט געטאָרט אָנצינדן, אָבער אין שטאָט האָט, זעט אויס, זיך נישט געפֿילט יענער אָטעם פֿון שרעקלעכן קריג, וועלכן מיר האָבן ערשט אַרײַנגעבראַכט מיט זיך.

— פֿליכטלינגע, נעבעך! — האָבן אידענעס זיך געווישט די אויגן — אונדזערע אידן, נעבעך...

דאָס בילד פֿון די אידן און אידענעס, וואָס שטייען אויף די שוועלן פֿון די אײַנגעבויגענע הײַזלעך און שאָקלען מיט די קעפּ איבער אונדזער גורל, האָט אונדז ערשט אויף אַן אמת קלאָר געמאַכט אונדזער לאַגע. אין קאָפּ זײַנען געקומען געדאַנקען וועגן די איבערגעלאָזטע היימען, וועגן אומבאַקאַנטן גורל פֿון די נאָענטסטע, וועגן אייגענעם אומבאַקאַנטן גורל...

— פּליטים, פּליטים זענט איר! — האָט געפּויקט אין די שלייפֿן די פֿראַזע פֿון בייזן סטאַראָסטע — שלאָגט אײַך אַרויס פֿון קאָפּ אַלע אײַנרעדענישן און פֿאַרטיק!

מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט בײַ עפּעס אַ גערטעלע, פֿון וועלכן עס האָט זיך אָפּגערופֿן אַ גאַנצער „כאָר" הינט. צווישן די ביימער האָבן זיך אויך געהערט שטימען פֿון מענטשן. מען האָט גערעדט פּויליש מיט דער טיפּישער זינגעוודיקייט פֿון דער מזרח־גאַליציאַנער פּוילישער אויסשפּראַך.

— איך נעם צוויי!

— איך קען נעמען דרײַ!

— איך וואָלט אויך געקאָנט נעמען דרײַ, נאָר בעטגעוואַנט האָב נישט אַזויפֿיל!

— און איך האָב פּלאַץ פֿאַר איין מענטש!

— און איינעם שיקט צו — איך האָב נישט דערהערט דעם נאָמען — ער האָט געבעטן, מען זאָל אויך אים עמעצן צושיקן...

מען האָט זיך מיט אונדז געטיילט, זיך איבער אונדז געדונגען, געוואָלט אונדז אײַנאָרדענען וואָס־באַקוועמער, און פֿון דעם אַלעם איז אין קאָפּ געבליבן נאָר איין־איינציקער קלאָרער רעיון:

— אַ פּליט... ביסט אַ פּליט... היימלאָזע פּליטים, אויף וועלכע מען האָט רחמנות, אויף וועלכע מען שאָקלט מיטן קאָפּ... וועלכע מען וויל טרייסטן מיט אַ גוט וואָרט...

אָ, וויפֿל מאָל דאָס איז מיר זינט יענעם טאָג אויסגעקומען צו הערן אין פֿאַרלויף פֿון וואָכן און חדשים!

# 3

## די שטימע פֿון קעמפֿנדיקן װאַרשע

שעפֿנער און איך זײַנען אַװעק מיט עפּעס אַ הויכער, דיקער עלטערער דאַמע. זי האָט אונדז געפֿירט צו זיך אַהיים. נעבן איר איז געגאַנגען איר זון — אַ יונגער, הויכער בלאָנדער בהור מיט אַן אינטעליגענטן אויסזען. ער האָט אונדז געהאָלפֿן טראָגן די װאַליזעס.

מיר האָבן אינמיטן װעג געשטעלט אַ פֿראַגע, צי זיי האָבן אין שטוב אַ ראַדיאָ.

— אַװדאי האָבן מיר! — איז געװען דער ענטפֿער — איר װעט זיך נאָר אַרומװאַשן אין אײַער צימער, װעט איר קענען הערן אונדזער ראַדיאָ.

— און איר הערט עפּעס דעם ראַדיאָ? פֿאַראַן עפּעס נײַעס? װי האַלט עס מיט היטלערס אַרמיי?

דער יונגערמאַן — זײַן מוטער האָט אים כּסדר געררופֿן מונדעק — האָט אונדז אָנגעהויבן צו דערציילן אויספֿירלעך װעגן די לעצטע ראַדיאָ־קאָמוניקאַטן פֿון לעמבערג, װעגן די פּאַטעטישע רופֿן צו פֿאַרטיידיקן די שטאָט, צו בויען באַריקאַדן און צו קעמפֿן ביזן לעצטן טראָפּן בלוט.

— װאָס װייסט איר װעגן װאַרשע? — האָבן מיר געװאָלט װיסן — אין ראַדיאָ האָט מען גאָרנישט גערעדט װעגן װאַרשע?

— יאָ! — האָט דער יונגערמאַן געענטפֿערט — מיר הערן װאַרשע אויך! װאַרשע איז אַרומגערינגלט דורך די דײַטשן, אָבער װאַרשע האַלט זיך און װאַרשע װעט פֿאַרטיידיקט װערן, אַזוי װי לעמבערג, ביזן לעצטן טראָפּן בלוט!... פּונקט װי לעמבערג!...

— הייסט עס, איז עס אמת! װאַרשע פֿאַרטיידיקט זיך?

— אָט באַלד װעט איר הערן די װאַרשעװער ראַדיאָ־סטאַציע. יעדן אָװנט אין דער צײַט רעדט אין װאַרשעװער ראַדיאָ דער שטאָט־פּרעזידענט סטאַזשינסקי. די שטאָט איז אַרומגערינגלט, אָבער מען בויט אין אַלע גאַסן באַריקאַדן. יעדן טאָג דערקלערט װאַרשע דורך ראַדיאָ, אַז יעדער שטיין און יעדער װינקל פֿון יעדער גאַס װעט זײַן אַ פֿעסטונג, הינטער װעלכער מען װעט זיך שלאָגן!

מיר האָבן געהערט די דאָזיקע דערציילונג פֿון סימפּאַטישן בלאָנדן יונגענמאַן מיט אַ געמישטן געפֿיל פֿון װייטאָג און פֿרייד. װאַרשע שלאָגט זיך! דאָס שטאָלצע, פּראָלעטאַרישע װאַרשע!

פֿאַר אונדז איז גאָר קיין ספֿק נישט געװען, אַז מיטן װידערשטאַנד פֿון װאַרשע פֿירט אָן דער װאַרשעװער פּוילישער און אידישער

אַרבעטער־קלאַס. אָבער ווי קומט אַהער דער שטאָט־פּרעזידענט סטאַזשינסקי, וועלכער געהערט צו די אָנגעזעענסטע מענטשן פֿון רעגירונגס־לאַגער? איז ער געבליבן אין שטאָט פֿון זײַן אייגענעם ווילן? האָט די רעגירונג אים געהייסן בלײַבן? ווי אַזוי האָט בכלל אַלץ זיך געענדערט נאָך אונדזער אָפּפֿאָר פֿון שטאָט?

אויף געוויסע פֿראַגן האָבן מיר באַקומען אַן ענטפֿער, אויף אַנדערע — נישט. פֿון די ענטפֿערס האָט זיך באַקומען עפּעס אַ מטושטש בילד פֿון דעם, וואָס עס קומט פֿאָר אין וואַרשע: עפּעס איז דאָרט אַנטשטאַנען אַ צײַטווײַליקע רעגירונג אויפֿן אָרט פֿון דער אַנטלאָפֿענער רעגירונג, עפּעס אָרגאַניזירן זיך דאָרטן אַרבעטער־באַטאַליאָנען, עפּעס...

די מידקייט איז אינגאַנצן ווי פֿאַרשוואונדן פֿון אונדזערע ביינער. אַ נערוועזע נײַגיריקייט האָט אויסגעפֿילט דאָס גאַנצע וועזן. עס האָט זיך געוואָלט זײַן וואָס שנעלער בײַ אַ ראַדיאָ־אַפּאַראַט און הערן מיט די אייגענע אויערן — הערן אַ „גרוס פֿון יענער וועלט”, אַ גרוס פֿון טײַערן, העלדישן וואַרשע!...

מיר זײַנען איצט געווען אין די שענערע גאַסן פֿון שטאָט. הויכע, געמויערטע הײַזער, ברייטע גאַסן און אַ גרויסער, גערוימער שטאָטישער סקווער.

מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט פֿאַר אַ שיינעם צוויי־שטאָקיקן בנין מיט ריזיקע פֿענסטער און אַ ברייטן אַרײַנגאַנג.

— אָט איז אונדזער הויז! — האָט צו אונדז געזאָגט די דאַמע.

— און אָט איז קעגנאיבער דער בנין פֿון קרײַז־געריכט! — האָט צוגעגעבן איר זון.

— מיר וואוינען דאָ אונטן — האָט די דאַמע אונדז אויסגעטײַטשט — און אײַך וועלן מיר געבן אַ צימער אויפֿן שטאָק. אָבער — פֿאַרברענגען קאָנט איר אין אונדזער וואוינונג. דאָרט איז דאָ דער ראַדיאָ־אַפּאַראַט, דאָרט זײַנען דאָ ביכער!

די פֿרוי און איר זון האָבן מיט זאַכלעכער פֿרײַנטלעכקייט זיך געפּאָרעט אַרום אונדז, אונדז אויסגעבעט געלעגערס און אונדז אַרויפֿגעבראַכט וואַסער צום וואַשן.

— בכלל גענומען — האָט די דאַמע געזאָגט פֿרײַנטלעך — וועט איר זיך יעדן טאָג קענען וואַשן בײַ אונדז אונטן אין וואַש־צימער, אָבער הײַנט, דאָס ערשטע מאָל, דערלאַנג איך אײַך וואַסער אין צימער אַרײַן.

מיר האָבן זיך אײַליק אַרומגעוואַשן און גענומען פֿונאַנדערפּאַקן דאָס ביסל שפּײַז, וואָס מיר האָבן מיט זיך געבראַכט פֿון זדאָלבונאָוו. בשעת מעשה האָבן מיר היציק דיסקוטירט צווישן זיך די

ידיעות וועגן וואַרשע. מיר האָבן געמאַכט אַלערליי מעגלעכע השער־רות וועגן דעם ווי אַזוי עס איז געקומען צו דער דאָזיקער וויכטיקער ווענדונג אין דער האַלטונג פֿון דער הויפּט־שטאָט.

דער בלאָנדער יונגערמאַן האָט אָנגעקלאַפּט אין טיר און אונדז אַראָפּגערופֿן אונטן:

— איר וועט שוין דאָרט עסן! — האָט ער אײַנגעלאַדן מיט האַרציקער פֿרײַנטלעכקייט.

ער האָט אונדז אַרײַנגעפֿירט אין אַ קאַבינעט, וועגן וועלכן עס האָט נישט געקענט זײַן קיין ספֿק, אַז עס איז אַן אַדוואָקאַטישע קאַנצעלאַריע.

— דאָס איז מײַן מונדעקס צימער — האָט די דאַמע אונדז אויפֿגעקלערט — מונדעק איז אַ יוריסט, ער אַרבעט אין קעגנאַיבערדיקן קרײַז־געריכט. דאָ, אין זײַן צימער, וועט איר, האָף איך, זיך פֿילן היימיש.

מיר האָבן געזוכט מיט די אויגן דעם ראַדיאָ־אַפּאַראַט. מונדעק האָט פֿאַרשטאַנען וואָס מיר זוכן.

— דאָרטן, אין ווײַטערדיקן צימער — האָט ער דערקלערט — איז אונדזער ראַדיאָ! אפֿשר וועט איר פֿריִער אָפּעסן?

שעפֿנער האָט זיך שנעל אַרײַנגעכאַפּט צום ראַדיאָ. אינגיכן איז ער צוריקגעקומען מיט פֿאַרשידענע נײַעס פֿון לעמבערג און פֿון דער גאַנצער וועלט, אָבער נישט פֿון וואַרשע.

— וואַרשע — האָט ער געזאָגט אַ באַליידיקטער — רופֿט זיך דערווײַל נישט אָפּ!

— זי וועט זיך נאָך אָפּרופֿן! — האָט אונדז מונדעק געטרייסט
— איר וועט זי נאָך הײַנט הערן!

מען האָט אונדז מכבד געווען מיט מאכלים, וועלכע מיר האָבן שוין כּמעט אַ וואָך נישט געהאַט אין מויל. דאָס וויכטיקסטע — מיר זײַנען ווידער געווען אין אַ שטילער, רואיקער און ריינער שטוב: טיפֿע פֿאָטעלן, בילדער אויף די ווענט, ביכער אויף די טישן און אין די שאַפֿעס.

— ווי מיט אַ וואָך צוריק בײַ זיך אין דער היים! — האָט זיך שעפֿנערן אַרויסגעריסן אַ זיפֿץ.

— עס וועט דויערן נישט לאַנג און איר וועט ווידער זײַן אין אײַערע היימען! — האָט די פֿײַנע דאַמע, די באַלעבאָסטע פֿון הויז, אונדז געפּרואווט טרייסטן...

— וואַרשע!... וואַרשע רעדט!.. — האָט מיטאַמאָל געגומען מונדעק אונדז רופֿן אין צווייטן צימער אַרײַן.

מיר זײַנען אַרײַנגעפֿאַלן אין צווייטן צימער, ווי אַ גאַנצער פֿאָלק זעלנער וואָלט אונדז געיאָגט. אײַנגראָבנדיק די אויגן אין ראַדיאָ־קאַסטן, ווי דאָס וואָלט געווען אַ סגולה אויף בעסער צו הערן, האָבן מיר זיך פֿאַרוואַנדלט אין איין שטיק געהער. איך האָב צוגעמאַכט די אויגן און איבער אַלע אברים האָט זיך צעגאָסן אַ נאָגנדיקער ווייטאָג, געמישט מיט עפּעס אַ געפֿיל פֿון גרויסער דאַנקבאַרקייט:

— וואַרשע!... וואַרשע!... וואַרשע!...

עס האָט אין מיר אַזוי ווי עפּעס געזונגען. אין דער זעלבער צײַט האָט אַזוי ווי עפּעס געשניטן מיט פֿאַרסמטע מעסערס...

— וואַרשע!... אונדזער וואַרשע!... די קעמפֿנדיקע וואַרשע!...

איך האָב דערקענט די שטימע. איך האָב זי געהערט מיט פֿאַר־מאַכטע אויגן. דער מענטש, צו וועמען עס האָט געהערט די שטימע, איז יאָרנלאַנג געווען אונדזער פּאָליטישער שונא, איינער פֿון אונדזערע פֿאַרביסנסטע שונאים. אָבער איך האָב אים איצטער געהערט מיט אַ געוויסן געפֿיל פֿון ברודערשאַפֿט און וואַרעמקייט. די ווערטער, וואָס זײַנען איצטער געטראָגן געוואָרן איבער די לופֿט־כוואַליעס, זײַנען מיר געווען נאָענט, ליב און טײַער.

— וואַרשע!... אונדזער וואַרשע!... די קעמפֿנדיקע וואַרשע!...

אין ראַדיאָ האָט גערעדט דער וואַרשעווער שטאָט־פּרעזידענט סטאַזשינסקי. זײַן שטימע האָב איך גוט געקענט. איך האָב אַלס זשורנאַליסט אָפֿט געהאַט מיט אים צו טאָן און איך וואָלט זײַן שטימע דערקענט אין אַלע אומשטענדן. איצט האָט ער אין ראַדיאָ נישט גערעדט, נאָר געוואָרפֿן איינצלנע, אָפּגעריסענע פֿראַזן. ער איז געווען אַזוי הייזעריק, אַז זײַן רעדן איז געווען ענלעכער צו אַ מין כריפּן, ווי צו אַ נאָרמאַלן מענטשלעכן לשון. די ווערטער, וואָס ער האָט באַנוצט, און דער פּאַטאָס, מיט וועלכן ער האָט אַרויסגערעדט יעדן זאַץ, זײַנען געווען ווערטער און פּאַטאָס, וואָס ווערן נישט באַנוצט דורך מענטשן אין נאָרמאַלע אומשטענדן. אין זײַן שטימע, אין זײַנע ווערטער, אין זײַן זאַצן־בוי האָט זיך געפֿילט אַזאַ טעמפּעראַטור, וואָס איז אַבסאָלוט אויסגעשלאָסן בײַ נאָרמאַלע מענטשן. די וואַר־שעווער מענטשן — און אויך פּרעזידענט סטאַזשינסקי — האָבן אין יענע טעג געפֿלאַקערט מיט אַ הייליקן פֿײַער פֿון ליבע און האַס, פֿון אָפּפֿערווויליקייט און העלדישקייט, פֿון שטאָלץ און קאַמפֿסלוסט!

איך געדענק כּמעט וואָרטלעך די רעדע פֿון סטאַזשינסקין פֿון יענעם אָוונט. זי האָט זיך אײַנגעשניטן אין מײַן זכּרון אויף אייביק. אייביק וועט זי קלינגען אין מײַנע אויערן, ווי אַ העלדן־ליד. אָט דער מענטש האָט זיך אין די לעצטע חדשים פֿון זײַן לעבן דערהויבן אין

אַלעמענס אויגן — און אויך אין די אויגן פֿון זײַנע פּאָליטישע שונאים!
— צו דער מדרגה פֿון אַ פֿאָלקס־העלד.

— העלדישע וואַרשע! — האָט סטאַזשינסקי גערופֿן יענעם אָוונט צו די אײַנוואוינער פֿון וואַרשע — ליבע זין און טעכטער פֿון אונדזער טײַערער וואַרשע! דער שונא האָט אונדז ווידער באָמבאַרדירט, ווידער חרוב געמאַכט הײַזער און גאַסן, ווידער געמאָרדעט פֿרויען און קינדער. אָבער וואַרשע וועט קעמפֿן! וואַרשע וועט זיך נישט אונטערגעבן! וואַרשע וועט נישט לייגן דאָס געווער! מאַן און פֿרוי, יונג און אַלט — אַלע וועלן קעמפֿן מיטן אוממענטשלעכן אָנפֿאַלער, וואָס מאַכט חרוב אונדזער לאַנד, צעשטערט אונדזערע שטעט, מאָרדעט די בעסטע זין און טעכטער פֿון אונדזער פֿאָלק!... מיר שווערן נישט אַוועקצולייגן דאָס געווער אַזוי לאַנג, ביז אונדזער שונא וועט נישט באַזיגט ווערן!... מיר שווערן נישט אַרויסצולאָזן דאָס וואָפֿן פֿון האַנט, ווילאַנג כאָטש איין־איינציקער היטלער־יונג וועט נאָך שענדן מיט זײַן ברוטאַלן שטיוול אונדזער ערד!... צום וואָפֿן!... העלדיש פֿאָלק פֿון וואַרשע, צום וואָפֿן!...

מען האָט געהערט דאָס כריפּן פֿון זײַן שטימע. מען האָט דײַטלעך געהערט, ווי שווער ער האָט אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם, כּדי צו קענען ווײַטער רעדן:

— ...טײַערע וואַרשעווער קינדער!... העלדישע וואַרשעווער יִנגלעך!... 600 פֿרײַוויליקע האָב איך נעכטן גערופֿן זיך צו מעלדן, און געמאָלדן ביז איצט האָבן זיך שוין עטלעכע טויזנט!... געשלאָגן האָט מען זיך איבער דער בכורה צו זײַן צווישן די 600!... אין דער מינוט, ווי איך רעד איצט צו אײַך, זײַנען זיי אַלע פֿאַרזאַמלט אויפֿן פּזשעיאַזד, פֿאַרן פּאַלאַץ מאָסטאָווסקיך, וואו זיי וואַרטן אויף קליידונג און אַמוניציע!... באַלד ווערן זיי אָפּגעשיקט ווערן צו די פֿאָדערשטע ליניעס הינטער וואַרשע!... באַלד ווען זיי אַוועקגיין קיין ביעלאַן!* אַ פֿרייד הערשט איצט אויפֿן פּזשעיאַזד־פּלאַץ, אַ פֿרייד פֿון באַגײַסטערטע קעמפֿער, וואָס זײַנען גרייט זיך צו שלאָגן און אַוועקצוגעבן זייער לעבן פֿאַר דער הייליקער ערד פֿון זייער פֿאָטערלאַנד!... טײַערע, העלדישע וואַרשעווער קינדער!.. טײַערע העלדישע וואַרשעווער יִנגלעך!...

מיט פֿאַרמאַכטע אויגן האָב איך געהערט די דאָזיקע רעדע. איך האָב געציטערט מיטן גאַנצן לײַב, ווי אין פֿיבער. איך האָב זיך אײַנגעקלאַמערט מיט ביידע הענט אין שעפֿנערס אָרעם, ווי איך וואָלט געזוכט אַן אָנשפּאַר אין מײַן גרויסער, גרויסער פֿרייד...

---

* אַ פֿאָרשטאָט פֿון וואַרשע, נישט ווײַט פֿון דער באַרימטער וואַרשעווער ציטאַדעל.

מיט פֿאַרמאַכטע אויגן האָב איך איצט געזען דעם פּושעיאַזד־פּלאַץ — 20 טריט פֿון מײַן רעדאַקציע — אַ פֿאַרפֿולטן מיט יונגע מענער, וואָס גרייטן זיך צו קעמפֿן און צו שטאַרבן אין דער הייליקער שלאַכט קעגן דער היטלער־בעסטיע. וויפֿל זײַנען דאָרט פֿאַראַן מײַנע חברים? וויפֿל זײַנען דאָרטן פֿאַראַן אידישע אַרבעטער?

נאָך אַ צוויי שעה האָט יענעם אָוונט זיך געצויגן די וואַרשעווער ראַדיאָ־אוידיציע, וועלכע האָט אונדז געהאַלטן צוגעשמידט צו זיך, ווי מיט אײַזערנע שטאַנגען. דער ראַדיאָ־ספּיקער האָט אָנגערופֿן באָמבאַרדירטע הײַזער און גאַסן — נאָענטע נעמען, נאָענטע ערטער. מיר זײַנען געזעסן צוגעטוליעט צו זיך — שעפֿנער און איך — ווי צוויי איינזאַמע יתומים צווישן פֿרעמדע מענטשן.

און נאָך לאַנג אין דער נאַכט אַרײַן — כאָטש מיר זײַנען אַזוי געוועזן אויסגעבענקט נאָך אַ ווײַס געלעגער און נאָך אַביסעלע שלאָף — האָבן מיר מיט שעפֿנערן גערעדט און איבערגערעדט דאָס געהערטע אין ראַדיאָ.

— ווען מיר וואָלטן איצטער געווען אין וואַרשע! — האָבן אונדזערע ליפּן נישט אויפֿגעהערט איבערצוחזרן.

— פֿאַרוואָס זײַנען מיר אַרויסגעפֿאָרן? — האָבן מיר זיך נישט געקענט שענקען דאָס, וואָס מיר זײַנען נישט דאָרטן צוזאַמען מיט אַלעמען, אין דער העלדישער, באַלאַגערטער שטאָט.

עס איז אונדז לסוף באַפֿאַלן אַ שווערער, מאַטערנדיקער שלאָף און שווערע, מאַטערנדיקע חלומות. מיר זײַנען אויפֿגעשטאַנען צו־מאָרגנס פֿרי מיט שווערע קעפּ און נאָך שווערערע געדאַנקען:

— לעבן זיי דאָרטן, אונדזערע נאָענטע? איז זיי דאָרט גאָרנישט נישט געשען?

אינדרויסן האָט געשײַנט די זון און געשפּרייט ליכט און פֿרייד אַרום זיך. בראָד האָט אין יענעם פֿרימאָרגן נאָך געלעבט אַ נאָרמאַלן לעבן, געקוקט צו דער זון מיט האָפֿנדיקע אויגן, זיך גענאַרט, אַז זיי, זייער שטאָט, וועט אויף עפּעס אַן אויסערגעוויינלעכן אופֿן אויסמײַדן דאָס אַלגעמיינע אומגליק.

אָבער — דאָס אומגליק איז שוין געשטאַנען אויף דער שוועל. מיט עטלעכע שעה שפּעטער האָט די שטאָט שוין געענדערט איר פּנים.

# 4

## מיר גיבן אַרויס אַ צײַטונג

עס איז געווען מאָנטאָג, דער עלפֿטער סעפּטעמבער 1939.

אונדזער יונגער באַלעבאָס האָט נאָכן אָנבײַסן אונדז אַוועקגעפֿירט אין הויז פֿון דער שענסטער און רײַכסטער אידישער געזעלשאַפֿט אין בראָד — אין הויז פֿון דער בראָדער אידישער מוזיק־געזעלשאַפֿט.

— ווילאַנג עס וועט אײַך אויסקומען צו זײַן בײַ אונדז אין שטאָט, וועט איר קענען באַנוצן אונדזער קלוב אַלס אײַער זאַמלפּונקט — האָט אונדז געזאָגט אויפֿן וועג אונדזער סימפּאַטישער יונגער באַלעבאָס — מיר האָבן עס נעכטן אויך געמאָלדן אײַערע קריסטלעכע קאָלעגן.

דער קלוב האָט פֿאַרנומען אַ גרויס איינשטאָקיק הויז. אַרום עלף פֿרי זײַנען שוין דאָרט געווען פֿאַרזאַמלט אַלע פּוילישע און אידישע זשורנאַליסטן פֿון אונדזער קאָמפּאַניע. אונדזערע פּוילישע זשורנאַליסטן האָבן זיך נישט אַזוי געקלאָגט אויף די פּויערישע כאַלופּעס, וואָס מען האָט זיי צוגעטיילט, ווי אויפֿן מהלך, וואָס זיי האָבן אין שטאָט אַרײַן.

— די וואוינונגען אַליין זײַנען ציכטיקע פּויערישע וואוינונגען — האָבן זיי אונדז דערציילט — און די פּויערן האָבן אונדז אויפֿגענומען זייער האַרציק. אָבער — צי האָט מען אונדז נישט געקענט געבן קיין דירות אין שטאָט?

פֿאַרדריסלעך איז געווען דאָס, וואָס די פּוילישע באַפֿעלקערונג פֿון שטאָט האָט כּמעט אינגאַנצן נישט אַרויסגעוויזן קיין אינטערעס צו די אָנגעקומענע פּוילישע שרײַבער — קיינער האָט זיי נישט געלאַדן צו זיך, קיינער האָט זיי נישט פֿאַרגעשלאָגן קיין דירה בײַ זיך אַאַז״וו.

אַזוי אַרום איז דער קלוב פֿון דער אידישער מוזיק־געזעלשאַפֿט געוואָרן פֿון דער ערשטער מינוט אָן דער זאַמל־פּונקט פֿאַר אַלע פּוילישע און אידישע זשורנאַליסטן. דער בופֿעט פֿון קלוב איז געווען אָפֿן צוליב אונדז אַ גאַנצן טאָג. די האַרציקע באַציאונג פֿון דער בראָדער אידישער אינטעליגענץ צו אונדז אַלעמען וועט אייביק בלײַבן אין אונדזערע הערצער, ווי דער אָפּגלאַנץ פֿון אַ ליכטיקן זונען־שטראַל אין אַ קאַלטן שטורם־טאָג.

יענעם מאָנטאָג פֿרי, בײַ וועלכן מיר האַלטן איצט, האָבן מיר אָפּגעהאַלטן אין גרויסן טעאַטער־זאַל פֿון דער בראָדער אידישער מוזיק־געזעלשאַפֿט אַן אַסיפֿה, און מיר האָבן באַשלאָסן אויב שוין יאָ בלײַבן שטעקן אין בראָד, טאָ זאָלן מיר שוין כאָטש עפּעס טאָן!

לויט דער פֿאַרגרעסערטער באַוועגונג פֿון מיליטער, איז געווען קלאָר, אַז די אַרמיי ציט זיך צוריק פֿון הינטער לעמבערג. דער בראָדער מאַרק, אַלע גאַסן און דער הויפּט־פּלאַץ פֿון שטאָט זײַנען געווען געפּראָפּט מיט טויזנטער און טויזנטער פֿאַרבײַפֿאָרנדיקע סאָלדאַטן, מיט הונדערטער און הונדערטער אָפֿיצירן. אַרום דעם מי־ליטערישן שטאַב און אַרום דעם בנין פֿון דער סטאַראָסטווע איז פֿאָרגעקומען אַ פֿיבערדיקע באַוועגונג. קיין צײַטונגען פֿון לעמבערג זײַנען נישט אָנגעקומען. צווישן דער באַפֿעלקערונג האָבן זיך גענומען טראָגן פֿאַרשידענע אַלאַרמירנדיקע קלאַנגען.

אויף אונדזער אַסיפֿה איז אָנגענומען געוואָרן אַ באַשלוס, אַז מיר זאָלן צוטרעטן אַרויסצוגעבן אין בראָד אַ טעגלעכע צײַטונג פֿאַר דער אָרטיקער באַפֿעלקערונג און פֿאַרן מיליטער, וואָס קומט אָן מאַסנווײַז אין שטאָט. אַלע 60 אָנוועזנדיקע זשורנאַליסטן פֿון כּמעט אַלע וואַרשעווער צײַטונגען זײַנען דערקלערט געוואָרן אַלס מיטאַרבעטער פֿון דער דאָזיקער צײַטונג. אַלס דירעקטע אויספֿירער פֿון דער טעכנישער אַרבעט איז נאָמינירט געוואָרן אַ גרופּע פֿון 10 מענטשן מיט סטעפֿאַן גראָסטערנען אַלס רעדאַקטאָר. פֿון די אידישע זשורנאַליסטן האָבן מיר דעלעגירט אין דאָזיקן ענגן קאָמיטעט דעם שוין דערמאָנטן משה עלבוים. ער איז געוואָרן דער נײַעס־צושטעלער פֿון דער צײַטונג. זײַן זאַך איז געווען זיך צו פֿאַרבינדן מיט די ציווילע און מיליטערישע מאַכט־אָרגאַנען און אַרויסבאַקומען פֿון זיי נײַעס פֿאַר דער צײַטונג. עס איז דערבײַ באַשלאָסן געוואָרן אינגאַנצן נישט צו דערציילן אין דער צײַטונג וועגן אונדזער עקספּעדיציע פֿון אַרום 60 וואַרשעווער זשורנאַליסטן, וואָס געפֿינט זיך איצט אין בראָד, כּדי נישט צו ציען אויף בראָד די „אויפֿמערקזאַמקייט" פֿון היטלערס באָמבערס.

גלײַכצײַטיק איז באַשלאָסן געוואָרן צו מאַכן באַמיאונגען וועגן פֿאָרן ווײַטער. אמת: וואוהין? דער נעכטיקער גלויבן, אַז לעמבערג קען זײַן דער פּונקט, צו וועלכן מיר דאַרפֿן צילן, איז שוין געווען צערונען. איצט האָט עס אויסגעזען אַזוי, אַז בראָד איז ווירקלעך אַ זיכערער אָרט אַרויסצוגעבן אַ צײַטונג, ווי לעמבערג. אָבער גלײַכ־צײַטיק האָבן מיר געפֿילט, אַז דאָס פֿײַער גייט אונדז נאָך און ברענט אונדזערע טריט. אָט האָט נאָך הײַנט פֿרי די שטאָט געאָטעמט נאָרמאַל. אָבער שוין בײַט זיך דאָ אַלץ פֿאַר אונדזערע אויגן. מיט

יעדער שעה פֿילט זיך שוין אַלץ מער אויך אין בראָד דער סמאַ־ליענדיקער ריח פֿון שלאַכט־פֿעלד. מיר האָבן אַליין נישט געוואוסט וואוהין איצט ווײַטער צו פֿאָרן.

עס איז ווידער אַוועק אַ דעלעגאַציע צום סטאַראָסטע. דער בייזער סטאַראָסטע איז אָבער געווען אַזוי צעטומלט און נישט־באַהערשט, אַז ער האָט קוים געהערט, וואָס מען רעדט צו אים. ער האָט דער־קלערט נאָכאַמאָל, אַז מיר דאַרפֿן בלײַבן אין בראָד. ווען עמעץ פֿון דער דעלעגאַציע — עס איז, דאַכט זיך, געווען בערנאַרד זינגער — האָט צום סוף געזאָגט, אַז דער סטאַראָסטע האָט נישט קיין רעכט אונדז דאָ צו פֿאַרהאַלטן, ווײַל מיר פֿאָרן מיט רעגירונגס־דערלויבנישן אין טאַש, האָט ער זיך צעשריגן היסטעריש:

— נישטאָ הײַנט קיין רעגירונג!... איצט בין איך די רעגירונג!... קיין שום מיניסטער קען מיר הײַנט קיין דעה נישט זאָגן!...

אין שטאָט, פֿאַרן מיליטערישן שטאַב, איז געוואָרן אַלץ טומלדי־קער. די שטאָט איז געוואָרן געפּאַקט מיט מיליטער. דער לעמבערגער ראַדיאָ האָט גערעדט מיט אַזאַ טרויעריקן טאָן, אַז מען האָט געפֿילט, ווי ביטער עס האַלט דאָרט אין דער באַלאַגערטער שטאָט.

צוליב דעם, וואָס מיר זײַנען פֿון מינוט צו מינוט געוואָרן אַלץ מער דעזאָריענטירט, האָט די דעלעגאַציע געבעטן דעם סטאַראָסטע, ער זאָל אונדז כאָטש פֿאַרבינדן מיט די מיניסטאָרן, וואָס געפֿינען זיך אין לעמבערג, כּדי פֿון זיי צו הערן, וואָס מיר דאַרפֿן טון ווײַטער. אָבער אויך דאָס האָט דער סטאַראָסטע אָפּגעזאָגט. מיר האָבן דע־ריבער באַשלאָסן אַוועקצוגיין אין מיליטערישן שטאַב און בעטן דאָרט אַ דערלויבניש צו רעדן אויפֿן טעלעפֿאָן מיט לעמבערג.

די מיליטערישע מאַכט איז טאַקע געווען פֿיל באַהערשטער און אָנשטענדיקער פֿון סטאַראָסטע. זי האָט אַבסאָלוט מסכּים געווען מיט אונדז, אַז מיר דאַרפֿן זיך שטעלן אין קאָנטאַקט מיט דער רע־גירונג. אָבער זי האָט, לײדער, נישט געהאַט קיין טעלעפֿאָנישע פֿאַרבינדונג מיט קיין שום רעגירונגס־אַמט, נאָר בלויז מיטן מיליטע־רישן שטאַב, און דעם מיליטערישן שטאַב האָבן מיר נישט געדאַרפֿט.

אין משך פֿון טאָג איז די שטאָט פֿול געוואָרן מיט פּליטים פֿון די צענטראַלע שטעט פֿון פּוילן. דער זעלבער מין פּליטים, וועלכן מיר האָבן שוין געזען אין לובלין: די רײַכסטע מענטשן פֿון לאַנד. זיי האָבן אַהער דערגרייכט די ערשטע מיט זייערע אייגענע אויטאָס. זיי האָבן אויסגעפֿילט אין יענעם נאָכמיטאָג אַלע רעסטאָראַנען, אָפּגעגעסן אײַליק אַ מיטאָג, און זיך גענומען צוריק ארײַנפּאַקן אין זייערע אויטאָס, כּדי צו פֿאָרן ווײַטער.

— וואוהין פֿאָרט איר? — האָבן מיר געפֿרעגט די וואַרשעווער און לאָדזשער אינדוסטריעלער, באַנק־דירעקטאָרן, האַנדלס־מאַגנאַטן און סתּם־גבירים.

— קיין רומעניע, צו דער רומענישער גרענעץ! — איז געווען דער ענטפֿער.

— די רעגירונג איז שוין אויך אַנטלאָפֿן! — האָט כּמעט יעדער פֿון זיי צוגעגעבן שטיל, אויפֿן אויער.

איבערן שאָסיי, וואָס פֿירט אַראָפּ טיפֿער קיין גאַליציע, צו דער רומענישער גרענעץ צו, האָט זיך אין יענעם נאָכמיטאָג גענומען ציִען אַ לאַנגע קייט פּריוואַטע אויטאָס, אָנגעלאָדן מיט רײַכע לײַט און מיט קאָסטבאַרע וואַליזעס. זעלטן־ווער פֿון די פֿאַרבײַפֿאָרנדיקע האָט זיך אָפּגעשטעלט אין בראָד אויף איבערנאַכט.

צווישן די פֿיל גאַלאָפּירנדיקע אויטאָס, וואָס זײַנען געפֿלויגן דעם עלפֿטן סעפּטעמבער 1939 צו דער רומענישער גרענעץ, זײַנען געווען אָן אַ שיעור אויטאָס פֿון פֿאַרשידענע הויכע רעגירונגס־באַאַמטע פֿון פֿאַרשידענע עקן לאַנד. לײַדער, עס האָט נישט געפֿעלט יענעם טאָג אויפֿן בראָדער שאָסיי קיין מיליטערישע אויטאָס, וואָס האָבן גאַלאָפּירט צו דער רומענישער גרענעץ. אינעווייניק האָבן זיך געפֿונען גלאַט־ראַזירטע, פֿײַן־אָנגעטוענע אָפֿיצירן פֿון פֿאַרשידענעם ראַנג צוזאַמען מיט ווײַבער און קעפּס־ווײַבער, מיט שווערן באַגאַזש און אַפֿילו — מיט אויסגעכאַליעטע הינטלעך און קעצלעך אויף די קניען

פֿאַרנאַכט זײַנען מיר, אַ גרופּע זשורנאַליסטן, געזעסן אין דער איינציקער קאַפֿע פֿון בראָד, אויף דער הויפּט־גאַס, און געטרונקען קאַווע און געהערט דעם לעמבערגער ראַדיאָ.

— אפֿשר קענט איר פּרוּוון אָנשטעלן דעם ראַדיאָ אויף וואַרשע?

— האָבן עטלעכע פֿון אונדז זיך גענומען בעטן בײַ די אוקראַינישע מיידלעך, וואָס האָבן דערלאַנגט קאַווע (דער אייגנטימער און די מיידלעך זײַנען אַלע געווען אוקראַינער).

— איך האָב געפּרוּווט עס הײַנט טאָן — האָט דער אייגנטימער געזאָגט מיט אַ קאַלטער שטימע — אָבער וואַרשע ענטפֿערט הײַנט נישט...

זאָל עס הייסן, אַז די דײַטשן איז געלונגען צו באַשעדיקן די וואַרשעווער ראַדיאָ־סטאַציע? האָבן מיר דאָך נעכטן געהערט מיט אונדזערע אייגענע אויערן דעם וואַרשעווער. שטאָט־פּרעזידענט רעדן צו דער באַפֿעלקערונג פֿון דער שטאָט!

מיטאַמאָל האָט די לעמבערגער ראַדיאָ־ספּיקערין גענומען איבער־געבן קריגס־נײַעס: אויפֿן האַלב־אינדזל העל האַלטן זיך פּוילישע מיליטערישע קרעפֿטן זייער העלדיש, כאָטש זיי זײַנען כּמעט אינ־גאַנצן אָפּגעשניטן פֿון יעדער מעגלעכער הילף; די פּוילישע באַפֿעס־טיקטע געווער־לאַגערן אויף דעם קליינעם אינדזעלע וועסטערפּלאַטע נעבן דאַנציג פֿירן שוין עלף טעג אַ העלדישן פֿאַרטיידיקונגס־קאַמף, כאָטש די צאָל זעלנער און אָפֿיצירן אינעווייניק איז זייער אַ קליינע און זיי ווערן עטלעכע מאָל טעגלעך באָמבאַרדירט סײַ פֿון דער יבשה און סײַ פֿון דער מעכטיקער דײַטשער קריגס־שיף „שלעזוויג־האָל־שטיין"; וואַרשע האַלט אויס די באָמבאַרדירונגען זייער העלדיש און לאָזט נישט צו צו זיך די דײַטשע חיילות, וואָס גייען אויף איר פֿון דרײַ זײַטן.

—די וואַרשעווער ראַדיאָ־סטאַציע — האָט ווײַטער גערעדט די לעמבערגער ראַדיאָ־ספּיקערין — איז היינט אַנטשוויגן געוואָרן, ווײַל זי איז צעשטערט געוואָרן פֿון דײַטשע באָמבעס, אָבער די דײַטשן האָבן זיך אַריבערגעוואָרפֿן אויף די כוואַליעס פֿון דער וואַרשעווער סטאַציע און זיי רעדן שוין עטלעכע שעה צו דער באַ־פֿעלקערונג פֿון וואַרשע אויף פּויליש און דײַטש, ווען שטענדיק דערמיט צעטומלען די באַפֿעלקערונג פֿון שטאָט — אײַנרעדן איר, אַז דאָס בויען באַריקאַדן אין שטאָט איז שוין נישט נויטיק, ווײַל „די דײַטשן זײַנען שוין סײַ־ווי אין שטאָט"...

מיר האָבן זיך אַלע אַ וואָרף געטון צום בופֿעט, בעטנדיק נאָכ־אַמאָל אָנצושטעלן דעם ראַדיאָ אויף וואַרשע. דער יונגער אוקראַינער וואָס האָט באַלעבאַטעוועט אויף יענער זײַט בופֿעט, האָט מיט אַ קוים־באַמערקבאַרער איראָניע דערפֿילט אונדזער וואונש.

מיט פֿאַרכאַפּטן אָטעם האָבן מיר זיך צוגעהערט צום הייזעריקן כריפּן פֿון די פּוסטע ראַדיאָ־כוואַליעס: שטיל! קיינער רעדט נישט!

מיטאַמאָל האָט אין אַפּאַראַט עפּעס אַזוי ווי אַ צאַפּל געטאָן — דאָס האָבן די כוואַליעס גענומען וויברירן, ווי פֿון מענטשלעכן אָטעם.

—עמעץ גייט רעדן... עמעץ גייט רעדן... — איז געוואָרן צווישן אונדז אַ שושקערײַ

און ווירקלעך: פֿון ראַדיאָ־קאַסטן האָט זיך דערהערט אַ מענטש־לעכע שטימע. האַרט, גלאַסן, ברוטאַל. ווי עס וואָלטן געווען נישט אַ שטימע פֿון אַ מענטש, נאָר אַ בלאַנק־אָנגעשאַרפֿטער קלינג פֿון עפּעס אַ שרעקלעכער שנײַד־מאַשין.

מען האָט גערעדט דײַטש. יעדעס וואָרט האָט זיך אַרײַנגעשניטן אין אונדז, ווי מעסערס.

— דער שעף פֿון דער העכסטער דײַטשער אַרמײ־פֿירונג גענעראַל פֿאָן בראוכיטש — האָט געקלונגען די דײַטשע שטים אין ראַדיאָ — וואָרנט די פּוילישע באַפֿעלקערונג נישט צו פֿאָלגן די אומפֿאַראַנטוואָרטלעכע רופֿן פֿון די פּוילישע גענעראַלן צו בויען באַריקאַדן קעגן דער זיגרײַכער דײַטשער אַרמײ און צו באַנוצן גוואַלט־טאַטן קעגן די זיגרײַכע דײַטשע סאָלדאַטן. דער שעף פֿון דער העכסטער דײַטשער אַרמײ־פֿירונג גענעראַל פֿאָן בראוכיטש וואָרנט די פּוילישע באַפֿעלקערונג, אַז די האַנט פֿון דער זיגרײַכער דײַטשער אַרמײ דערגרייכט אומעטום, און אַז יעדער גוואַלט־טאַט קעגן דער ציווילער דײַטשער באַפֿעלקערונג וועט באַשטראָפֿט ווערן מיט דער גאַנצער ריקזיכטלאָזיקייט פֿון די קריגס־געזעצן!

שפּעטער — איך דערמאָן זיך נישט דעם גענויען אינהאַלט — איז נאָך עפּעס געזאָגט געוואָרן אויפֿן אַדרעס פֿון דער אוממאָראַלישקייט פֿון דער פּוילישער רעגירונג און אַרמײ־אָנפֿירונג, וועלכע איז פּחדנותדיק אַנטלאָפֿן קיין אויסלאַנד.

איך דערמאָן זיך נישט איצט גענוי, צי עס איז געווען דערמאָנט, אַז די רעגירונג איז אַנטלאָפֿן קיין רומעניע, צי עס איז בלויז פֿאַרמולירט געוואָרן די פֿאָרזיכטיקערע פֿראַזע וועגן אויסלאַנד. אַ פֿאַקט איז — אָבער דאָס איז מיר געלונגען פֿעסטצושטעלן ערשט מיט חדשים שפּעטער — אַז די רעגירונג און דער גענעראַל־שטאַב האָבן זיך נאָך דעמאָלט געפֿונען אין פּוילן. עס האָבן זיך דאַן בלויז געפֿירט געשפּרעכן מיט דער רומענישער רעגירונג וועגן אַרײַנלאָזן אַהין די פּוילישע רעגירונג אין פֿאַל פֿון אַן ענדגילטיקער קריגס־מפּלה פֿון פּוילן. די צרה איז אָבער געווען, וואָס נאָך זײַענדיק אין לאַנד, איז די רעגירונג שוין אויך געווען כּמעט ווי אַן אַנטלאָפֿענע, ווײַל זינט זי האָט פֿאַרלאָזן וואַרשע, האָט זי נישט אַרויסגעוויזן כּמעט קיין שום סימן פֿון לעבן.

דער דײַטשער קאָמוניקאַט איז עטלעכע מאָל נאָכאַנאַנד איבערגעחזרט געוואָרן אין ראַדיאָ אין דײַטש. דאַן האָט אַ מאַן מיט אַ טיפּישער אויסשפּראַך פֿון אַ דײַטש עטלעכע מאָל איבערגעחזרט דעם קאָמוניקאַט אין אַ געבראָכענעם פּויליש. מיר זײַנען געווען דערשלאָגן מער ווי ווען־נישט־איז ביז איצט.

דערווײַל איז געוואָרן פֿאַרנאַכט. אויף די גאַסן האָבן זיך באַוויזן די ערשטע עקזעמפּלאַרן פֿון אונדזער צײַטונג מיט אַ רײַע דערמוטיקנדיקע ידיעות וועגן דער העלדישער האַלטונג פֿון די פּוילישע גאַרניזאָנען אין העל, וועסטערפּלאַטע און וואַרשע. די צײַטונג איז געכאַפּט געוואָרן פֿון די הענט. די ציווילע באַפֿעלקערונג, סאָלדאַטן אָפֿיצירן, מענטשן פֿון די אומאויפֿהערלעך־פֿאַרבײַפֿאָרנדיקע אויטאָס

— אַלע האָבן זיך געיאָגט נאָך דער צײַטונג. דער אָרטיקער בוך־דרוקער, וועלכער האָט גענומען אויף זיך די ראָל פֿון אַ פֿאַרלעגער, האָט דעם טאָג געמאַכט גוטע געשעפֿטן (אונדזערע קאָלעגן האָבן פֿאַר זייער אַרבעט גאָרנישט נישט גענומען).

איך בין געשטאַנען אין טומלדיקן פֿאַרנאַכט אויפֿן ראָג פֿון אַ בראָדער גאַס און געקוקט אויף די מענטשן, וועלכע האָבן געגעסן מיט זייערע אויגן אונדזער צוויי־זײַטיקע צײַטונג. נישט איינער פֿון זיי האָט זיכער אַליין געהערט די דײַטשע קאָמוניקאַטן וועגן דער אַנטלאָפֿענער פּוילישער רעגירונג, נישט איינער פֿון זיי האָט געזען, וואָס עס קומט פֿאָר אַרום. אָבער ווען ער האָט איצט געהאַלטן אין האַנט די צײַטונג, פֿון וועלכער עס האָט זיך געטראָגן דער שטאַרקער ריח פֿון פֿרישער פֿאַרב, און אין זײַן שפּראַך, אין זײַן היימישער שפּראַך, האָבן אַראָפּגעשריגן צו אים פֿון דער ערשטער זײַט ריזיקע אויפֿשריפֿטן וועגן העלדישן ווידערשטאַנד, וועגן באַרי־קאַדן־קאַמפֿן, וועגן עפּאָכע־מאַכנדיקע שלאַכטן, וועגן אָנקומענדיקע 200 ענגלישע באָמבערס (זיי זײַנען קיינמאָל נישט אַרויסגעשיקט געוואָרן) און וועגן ענגלישע קריגס־שיפֿן, וואָס ציִען זיך צו די פּוילישע ברעגעס (זיי האָבן קיינמאָל נישט געפּרואווט אַרויספֿאָרן אַהין) — האָט זײַן פּנים אויפֿגעלויכטן מיט עפּעס אַ שטיקל האָפֿנונג, אַז „נאָך איז פּוילן נישט פֿאַרלוירן"...

איך האָב געקוקט אויף די הונדערטער מענטשן אינמיטן גאַס און זיי מקנא געווען. זיי — האָב איך געטראַכט — וועלן הײַנטיקע נאַכט נאָך אפֿשר רואיק שלאָפֿן. אָבער — איך?

## 5

## איוב־בשורות

דעם אָוונט האָבן מיר ווידער פֿאַרבראַכט בײַם טיש פֿון אונ־דזערע באַלעבאַטים.

דער אָוונט איז שוין געווען אַ נערוועזער —. אינגאַנצן אַנדערש, ווי דער פֿריִערדיקער אָוונט. נעכטן אין דער צײַט איז די גאַנצע פֿאַמיליע געזעסן אַרום טיש און אונדז געטרייסט; הײַנט האָבן זיי זיך שוין געפֿונען אין אַזאַ צושטאַנד, אַז מען האָט זיי געמוזט טרייסטן...

— דאָ וועלן די דײַטשן נישט אַרײַנקומען! — האָט זיך אָפּגע־רופֿן דעם יונגן אַדוואָקאַטס פֿאָטער, אַ קראַנקער מענטש, וואָס פֿלעגט מער ליגן ווי אַרומגיין צוליב זײַן שווערער האַרץ־קראַנקייט.

— מיר זײַנען — האָט ער אויסגעטײַטשט זײַנע געדאַנקען — זייער נאָענט פֿון דער סאָוויעטישער גרענעץ. די באָלשעוויקעס קענען נישט מסכּים זײַן, אַז די דײַטשן זאָלן צוקומען צו נאָענט צו דער סאָוויעטישער גרענעץ.

דער דאָזיקער מענטש — אַן אַלטער אַסימילירטער אַדוואָקאַט, וואָס שטאַמט פֿון גרויסן גאַליציאַנער רבנישן יחוס — האָט געטראַכט לאָגיש. עס איז בלויז געבליבן אָפֿן די פֿראַגע, וואָס די באָלשעוויקעס וועלן טאָן, ווען די דײַטשן וועלן־יאָ צוקומען נאָענט צו דער סאָוויעטישער גרענעץ.

— זיי וועלן פֿאָדערן די דײַטשן זאָלן לאָזן אַ פֿרײַען פּאַס לאַנד — איז אַרויסגעזאָגט געוואָרן בײַם טיש איין השערה.

— זיי וועלן אַליין פֿאַרנעמען דעם דאָזיקן פּאַס לאַנד! — האָט עמעץ אַרויסגעזאָגט אַ צווייטע השערה.

— זיי וועלן אַרויס אין קריג קעגן היטלערן! — האָט געפּרוּווט טרעפֿן דעם באַלעבאָס יִנגערער ברודער, אַ פּאַלעסטינער דאָקטער, וועלכער איז מיט עטלעכע וואָכן צוריק געהאַט געקומען צוזאַמען מיט זײַן פֿרוי אויף אַ וויזיט קיין בראָד און זיי זײַנען דאָ געבליבן שטעקן.

די מענטשן, מיט וועלכע מיר האָבן פֿאַרבראַכט שוין דעם צווייטן אָוונט, האָבן פֿאָרגעשטעלט מיט זיך אַן אויסערגעוויינלעך אינטערעסאַנטע און אָריגינעלע טיפּן־גאַלעריע. עס איז איינע פֿון די זעלטענע פֿאַמיליעס אין אידישן גאַליציע, וועלכע פֿאַראייניקן אין זיך גרויסן אַלט־אידישן יחוס („דער זיידע אונדזערער רעב זײַנוועלע”), ווינער אייראָפּעישקייט („אַך, ווי נעמט מען יענע ווינער יאָרן”...), אַסימילאַטאָרישן אַריסטאָקראַטיזם („מיר, איזראַעליטן, פּראָשע פּאַנאַ”) און מער פֿון אַלעם — טיפֿע פֿאַרוואָרצלטקייט („אונדזערע פּאָדאָליער פֿעלדער, אונדזערע פּאָדאָליער לאָנקעס”...).

אַממײַסטן האָט די דאָזיקע פֿאַרוואָרצלטקייט זיך אָנגעזען גראָד אין דעם פּאַלעסטינער דאָקטער. פֿאַר די צוואַנציק פּאַלעסטינער לעבנס־יאָרן זײַנע האָט ער שוין באַוויזן צו ווערן אַ דאָרטיקער בירגער, אַ באַקאַנטער דאָקטער און ער האָט אַפֿילו באַוויזן אָנצוזאַמלען אַ היפּשן פֿאַרמעגן. אַוודאי איז פּאַלעסטינע שוין געווען זײַן היים און דער ציוניזם — זײַן אידעאַל (דער עלטערער ברודער, דער בראָדער אַסימילירטער אַדוואָקאַט, האָט פֿון ציוניזם נישט געהאַלטן, און מונדעק, דער יונגער אַדוואָקאַט, אויך נישט; אין זייער אייגנאַרטיקער אַסימילאַטאָרישקייט האָבן זיי כּסדר אונטערגעשטראָכן, אַז זיי באַהאַלטן זיך נישט מיט זייער אידישקייט, אָבער ווען זיך האָבן

זיי גערעדט, ווי וועגן פּאָליאַקן, ווײַל ווער עס וואוינט אין פּוילן, דאַרף זײַן אַ פּאָליאַק מיט אַלע פּיבערן פֿון זײַן נשמה). אָבער נישט געקוקט אויף זײַן ציוניסטישקייט האָט אויך דער פּאַלעסטינער דאָק־טער נישט געפּרואווט פֿאַרבאַהאַלטן, אַז פּוילן, אָדער בעסער געזאָגט, די אַרומיקע פּאָדאָליער ערד, האַלט ער פֿאַר זײַן אמתן פֿאָטערלאַנד, וועלכעס וועט אים קיינמאָל נישט אַרויס פֿון בלוט און פֿון די ביינער.

אַ הויכער, אַ מגושמדיקער און פֿולבלוטיקער, איז דער פּאַלעס־טינער דאָקטער געווען אין פֿולן קאָנטראַסט צו זײַן עלטערן ברודער, וועלכער איז געווען דאַר און נידעריק, מיט אַ לאַנגן אַסקעטישן גע־זיכט און גלאַנציקן, הוילן, אַ ביסל שפּיציקן מוח־קאַסטן. דער אַדוואָ־קאָט איז געווען אַ טיפּ פֿון אַ פּאַטריציער אין פֿולן זין פֿון וואָרט: רואיקע, אויסגערעכנטע באַוועגונגען, שטילע אַריסטאָקראַטישע און עלעגאַנטע אויסדרוקן, געלאַסענע און איידעלע מאַניערן, ריטערלעכע און אַפֿילו אַלטפֿרענקישע באַנעמונג מיט פֿרויען. זײַן ברודער, דער פּאַלעסטינער דאָקטער, איז געווען דער היפּוך פֿון דעם — נישט ווייניקער סימפּאַטיש, כאָטש אינגאַנצן אַנדערש. דער דאָקטער איז געווען אַ טיפּ פֿון אַ געזונטן אידישן פֿאָלקס־מענטש, וואָס איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פֿאַר יענע קאַנטן: עס האָט געשמעקט פֿון אים, פֿון זײַן באַנעמונג, פֿון זײַנע רייד און פֿון זײַנע „זאַפּטיקע" וויצן מיט טעמפּעראַמענט, מיט רויער פּאָדאָליער ערד, מיט פֿאָלקסטימ־לעכקייט, מיט שטייגער פֿון הונדערטער יאָרן. וועגן די פּאָליאַקן האָט ער גערעדט מיט אומווילן. אַפֿילו אין זײַן פֿאָרן קיין פּאַלעסטינע, זײַנען זיי געווען שולדיק. ער האָט געמוזט אַנטלויפֿן אין יאָר 1919 קיין אויסלאַנד, ווײַל עס האָט אים געדראָט אַ שווערער פּראָצעס, צוליב זײַנער אַ רעדע אין בית־המדרש, אין וועלכער ער האָט געזאָגט, אַז דעם דעמאָלטיקן לעמבערגער פּאָגראָם האָבן אָרגאַניזירט די אָפֿיציעלע פּוילישע לעמבערגער קרײַזן. נישט געקוקט אויף דעם אַלעם האָט ער גערעדט מיט אַן אייגנאַרטיקער, אַביסל מיט ציניזם דורכגעפֿלאָכטענער ליבשאַפֿט צו דעם געבוירנלאַנד. באַזונדערס גרויס איז געווען זײַן סענטימענט צו דער אָרטיקער פּויערישער באַ־פֿעלקערונג, וועלכע איז באַשטאַנען פֿון אוקראַאינער.

— אַז דאָ איז יעדער בוים מיר באַקאַנט! — האָט ער זיך פֿאַר אונדז אַזוי ווי פֿאַרענטפֿערט — דאָ האָבן מיר זיך געהאָדעוועט! וויפֿל, מיינט איר, געזונטע אוקראַאינער שיקסעס האָב איך דאָ אויס־געקנײַפּט?

דאָס איז געזאָגט געוואָרן אין דער אָנוועזנהײַט פֿון די דאַמען — זײַן פֿרוי, זײַן שוועגערין און זײַן מוטער. זיי האָבן פֿרום אַראָפּגע־לאָזט די קעפּ. אָבער דער מילדער שמייכל אויף זייערע פּנימער האָט

עדות־געזאָגט, אַז זיי האָבן עס שוין איינמאָל געהערט, און אַז אין זײַן מויל קלינגען פֿאַר זיי די דאָזיקע ווערטער עפּעס נישט אַזוי גראָב...

פֿאַר מיר מיט שעפֿנערן האָט זיך יענעם אָוונט אַנטפּלעקט אַ פֿאַרביק בילד פֿון דער דאָזיקער אייגנאַרטיקער אידישער פֿאַמיליע. גענוג געווען צו הערן די שטאָלצע דערציילונג פֿון דער מוטער, ווי אַזוי איר צווייטער זון, אַ יִנגערער פֿון מונדעקן, האָט זיך דועלירט מיט עטלעכע יאָר צוריק מיט אַ יונגן פּוילישן אָפֿיציר, כּדי צו באַקומען אַ שטיקעלע באַגריף וועגן דער אייגנאַרטיקער אַטמאָספֿער, וואָס האָט געהערשט אין דאָזיקן הויז.

— זײַן אידישקייט, פּראָשע פּאַנאַ,' האָט דער אָפֿיציר פֿאַרטשעפּעט! — האָט די ערנווירדיקע אידישע דאַמע דערציילט בײַם טיש די געשיכטע פֿון איר צווייטן זון, וועלכער איז שוין געווען אַ ציוניסט — נו, ווי־זשע האָט עס מײַן יִנגל געקענט פֿאַרשווײַגן? און ווייסט איר, וואָס דער סוף איז געווען? מײַן יִנגל האָט יענעם אַ שטיקל אויער אָפּגעהאַקט! מיט שווערדן, פּראָשע פּאַנאַ, מיט שווערדן האָבן זיי זיך דועלירט! מענטשן, וואָס האָבן עס געזען — עס איז פֿאָרגעקומען אין אַ לעמבערגער גימנאַסטישן זאַל — האָבן געזאָגט, אַז ווען מײַן יִנגל וואָלט נישט געווען גענוג פֿאַרזיכטיק, וואָלט יענער ווער־ווייסט ווי אָפּגעשניטן.

— נאַ־דיר גאָר — האָט שעפֿנער געמאַכט אַ וויץ — אַ אידישער שווערדן־מײַסטער!

— וואָס מיינט איר? — האָט די מוטער זיך באַליידיקט — מײַן יִנגל איז געווען דער בעסטער פֿעכט־מײַסטער פֿון גאַנצן לעמבערגער און בראָדער ראַיאָן! ער האָט גענומען דעם ערשטן פּלאַץ אין אַלע מײַסטערשאַפֿטן!

אַ ווײַלע איז זי געזעסן ווי באַליידיקט, וואָס שעפֿנער וואַגט צו צווייפֿלען אין דער מײַסטערשאַפֿט פֿון איר זון. שפּעטער האָט זי זיך צעשמייכלט צו אירע אייגענע געדאַנקען.

— שטעלט אײַך פֿאָר, פּראָשע פּאַנאַ — האָט זי גענומען רעדן — דאָס האַרץ פֿון דער מאַמען, וואָס מוז זיצן בײַם טעלעפֿאָן און וואַרטן אויף אַ ידיעה, ווי אַזוי איר יִנגל איז אַרויס פֿון אַ דועל. אַ גאַנצע וואָך האָט בראָד גערעדט, אַז דער אָפֿיציר וועט דערהרגענען מײַן יִנגל, אַז ער איבט זיך די גאַנצע וואָך אונטער דער לײַטונג פֿון אַן אינסטרוקטאָר אאַז"וו. און טאָמער האָט מײַן יִנגל געזען, אַז איך בין טרויעריק, האָט ער געשריגן, אַז איך קאָמפּראָמיטיר אים, אַז עס פּאַסט נישט. ווען ער האָט געוואַרט אויף די סעקונדאַנטן, האָט די מאַמע, פּראָשע פּאַנאַ, געמוזט אָנטון אַ שוואַרץ קלייד, און זיצן

אין שטוב, און וואַרטן, און קיין זיפֿץ, חלילה, נישט אַרויסלאָזן: „עס פּאַסט נישט, מאַטענקאָ, עס פּאַסט נישט"...

עפּעס פֿאַנטאַסטישעס איז געווען אין די דערציילונגען פֿון דער דאָזיקער פּאַטריציער־פֿאַמיליע, וועלכע האָט אונדז געמאַכט אין בראָד פֿאַר זייערע געסט. מיר וואָלטן אַזוי אָפּגעזעסן מיט זיי אַ גאַנצע נאַכט.

— איר זעט די וואָגנס? — האָט אונדז דער יונגער אַדוואָקאַט צוגעפֿירט צום פֿענסטער און געוויזן מיט דער האַנט אויף אַ לאַנגע רײַע וואָגנס, וואָס זײַנען געשטאַנען פֿאַרן קעגנאיבערדיקן געריכטס־בנין — דאָס איז צוגעגרייט צום עוואַקואירן דאָס געריכט. וואַרשײַנ־לעך וועט עס פֿאָרקומען מאָרגן... דער פּרעזעס פֿון געריכט האָט מיר צוגעזאָגט מיך מיטצונעמען מיט זיך... טאָמער עס וועט בײַנאַכט פֿאָרקומען אַ פּלוצלונגדיקע עוואַקואַציע, וועלן זיי מיך אויפֿוועקן...

מיר זײַנען אַוועק שלאָפֿן, אָבער — עס האָט זיך נישט געשלאָפֿן. ביז טיף אין דער נאַכט אַרײַן האָבן מיר מיט שעפֿנערן געשמועסט וועגן טויזנטערליי זאַכן. שפּעטער זײַנען מיר אײַנגעשלאָפֿן. מיט־אַמאָל בין איך אויפֿגעקומען. עס האָט מיך אויפֿגעוועקט אַ גערודער, אַ געקלעפּער פֿון רעדער אינמיטן דער נאַכט.

איך בין אַראָפּגעשפּרונגען פֿון בעט און צוגעלאָפֿן צום אָפֿענעם פֿענצטער אינדרויסן איז געווען אַ שטילע לבנה־נאַכט. שטיל איז געווען אַרום. נאָר פֿון עפּעס אַ ווײַטער גאַס האָט זיך געטראָגן דער געקלעפּער פֿון אָפּפֿאָרנדיקע וועגענער. קעגנאיבער, בײַם בנין פֿון קרײַז־געריכט, איז געווען ליידיק. די וועגענער פֿון נעכטן אָוונט זײַנען ערגעץ־וואו פֿאַרשוואונדן. געבליבן איז נאָך זיי בלויז אַ זכר: פֿערדיש מיסט און שטיקלעך שטרוי, וואָס האָבן זיך איצט געוואַלגערט אויף דער ערד.

זאָל דאָס הייסן, אַז דער קרײַז־געריכט האָט זיך עוואַקואירט אינמיטן דער נאַכט?

איך האָב אויפֿגעוועקט שעפֿנערן און מיר האָבן צוזאַמען זיך אַוועקגעשטעלט בײַם אָפֿענעם פֿענסטער. געהיימנספֿול און רוישלאָז האָבן זיך געוויגט די געדיכטע בלעטער־קרוינען פֿון די קעגנאיבער־דיקע אַלטע, דיק־שטאַמיקע ביימער.

מיר האָבן נישט געוואוסט וואָס צו טאָן: צי זיך אָנטאָן און אויפֿ־וועקן די קאָלעגן, כּדי זיך צו באַראַטן, און אפֿשר טאַקע פֿאַרלאָזן באַלד די שטאָט, אָדער — וואַרטן ביז פֿרי. איך האָב זיך געשראָקן, אַז עס קען ווערן צו שפּעט. אָבער ווי גייט מען עס וועקן בײַנאַכט צוויי צענדליק מענטשן אין פֿרעמדע הײַזער? און ווי קומט מען צו צו

די פּוילישע קאָלעגן, וועלכע געפינען זיך אין אַ דאָרף 4 קילאָמעטער פון דאַנען?

עס איז געבליבן צו וואַרטן ביז פרי. מיר האָבן זיך געלייגט אין די בעטן און געוואַרט אויפן פרימאָרגן.

ווען אונדזער גאַנצער עולם האָט זיך פאַרזאַמלט צומאָרגן אין דער מוזיק-געזעלשאַפט, האָבן מיר ווידער אָפּגעהאַלטן אַ לאַנגע אַסיפה. די ידיעות, וואָס מיר האָבן געהאַט אין יענעם מאָמענט, זײַנען געווען זייער טרויעריקע. וואַרשע פאַרטיידיקט זיך, אָבער די דײַטשע מאַכט האָט געשטעלט דער באַפעלקערונג אַן אולטימאַטום אָפּצוגעבן די שטאָט אָן אַ שלאַכט אין משך פון 24 שעה — אין קעגנפאַל וועט די שטאָט אויסגעגליכן ווערן מיט דער ערד. וואָס שײַך לעמבערג, הערשט דאָרט זינט פאַרטאָג אַ שרעקלעכע מהומה. אַפילו די ראַדיאָ-סטאַציע אַרבעט שוין נישט רעגולער. נאָך ערגער האָבן געקלונגען די ידיעות וועגן די שלאַכטן אין דרום-גאַליציע. די לעצטע ידיעות פון דאָרט זײַנען געווען, אַז אַ דײַטשע אַרמיי, וואָס האָט אײַנגענומען סטרי, איז אַוועק ווײַטער און איז אַריבער אָן שטערונגען דעם טײַך דניעסטר, מאַרשירנדיק ווײַטער צו מזרח, כדי אײַנצונעמען טאַרנאָ-פּאָל און אָפּשנײַדן אַזוי אַרום דעם פּוילישן מיליטער די מעגלעכ-קייט זיך צו ראַטעווען קיין רומעניע.

מיר זײַנען געשטאַנען איבער אַ מאַפּע און געפּרוווט זיך קלאָר מאַכן, וואָס מיר דאַרפן איצט טאָן, כדי זיך אַרויסצורײַסן פון דער קלעם. די מערהייט האָט געהאַלטן, אַז מען דאַרף פּרובירן גליק, און שנעל זיך אַוועקלאָזן צו דער רומענישער גרענעץ. די זעלבע דעלעגאַציע, וואָס מיט אַ טאָג פריִער (סטעפאַן גראָסטערן און בערנאַרד זינגער), איז ווידער אַוועק צום סטאַראָסטע נאָך אַ דערלויבניש אָפּצופאָרן. עס האָט זייער לאַנג געדויערט ביז זיי האָבן געכאַפּט דעם סטאַ-ראָסטע, אָבער ער האָט אויך דאָסמאָל זיי אָפּגעזאָגט מיט גרויס געבייזער. דאָסמאָל איז דער מאָטיוו געווען: ציווילע טאָרן נישט פאַרנעמען די שאָסייען...

אָבער עס רעדט זיך גאָר אַזוי, אַז ציווילע טאָרן נישט פאַרנעמען די שאָסייען. אויב מיר האָבן נעכטן באַוואונדערט די ערשטע קייט ציווילע אויטאָס, וואָס האָבן זיך פראַנק און פרײַ געצויגן איבער דער שטאָט צו די דרומדיקע שאָסייען, האָבן מיר שוין הײַנט גע-האַט צו טון מיט אַ כמאַרע פון פאַרשידענע אויטאָס, וואָס האָט געצויגן צו דער רומענישער גרענעץ. יעדע מינוט האָבן מיר געטראָפן אין שטאָט אַן אַנדער באַקאַנט פּנים. הײַנט האָבן אָפיצירן שוין נישט אויסבאַהאַלטן, אַז זיי האַלטן זיך פרײַ פון יעטוועדער פליכט און באַפעל. אין דער צײַט, ווען פאַר דער מיליטערישער קאָמענדאַנטור

זײַנען געשטאַנען װײַסע פֿון שטויב לאַסט־אויטאָס מיט טויט־פֿאַר־מאַטערטע זעלנער, װאָס זײַנען אָקאָרשט אַװעק פֿון דער שלאַכט בײַ לעמבערג, האָבן הונדערטער מיליטערישע אויטאָס געפֿירט אָפֿי־צירן מיט זייערע פֿאַמיליעס — און אָפֿטמאָל, װי געזאָגט, מיט די ליבע פֿאַמיליע־הינטלעך אַפֿילו — אַראָפּ־אַראָפּ צו דער רומענישער גרענעץ...

אָט רעדן מיר מיטן באַקאַנטן װאַרשעװער אַקטיאָר קאָנראַד טאָם. ביז אַהער איז ער געפֿאָרן מיט פֿאַרשידענע נגידישע אויטאָס — ער האָט זיך מיטגעכאַפּט. אָבער דאָ איז ער געבליבן אַליין און ער זוכט בעלנים, װאָס זאָלן אים װעלן מיטנעמען װײַטער.

אָט רעדן מיר מיט אַ באַקאַנטן װאַרשעװער אַדװאָקאַט, מיט אַ גרויסן װאַרשעװער אינדוסטריעלער. פֿון אַלעמענס מויל הערט מען נאָר איין־איינציקע פֿראַזע:

— אַלץ איז פֿאַרלוירן... אַלץ איז פֿאַרלוירן...

אונדזער גרופּע האָט נישט פֿאַרלוירן די דיסציפּלין. נאָכן דורכ־פֿאַל בײַם סטאַראָסטע, האָבן מיר באַשלאָסן נאָכאַמאָל פּרואװן גליק מיט זוכן טעלעפֿאָניש די רעגירונג. אין דער זעלבער צײַט זײַנען מיר אַװעק צו אַן אָרטיקן נאָטאַר און אים געמאַכט אַן אָריגינעלן פֿאָרשלאַג: ער זאָל יעדן פֿון אונדז געבן אַן אָפֿיציעלע באַשטע־טיקונג, אַז ער, דער נאָטאַר, האָט געזען מיט זײַנע אויגן דאָס פּאַפּיר פֿון פּרעזידיום פֿון פּוילישן מיניסטאָרן־ראַט מיט אַלע אונדזערע נעמען, אַז די רעגירונג עװאַקואירט אונדז פֿון װאַרשע אַלס מענטשן, װעלכע זײַנען איר נייטיק אין דער קריגס־פּראָפּאַגאַנדע קעגן היטלערן. מיר האָבן באַשלאָסן צו מאַכן אַזעלכע קאָפּיעס פֿאַר יעדן איינעם. מיר האָבן פֿאַרשטאַנען, אַז אין דער פֿאַרשטייענדיקער נײַער װאַנ־דערונג קען איינער זייער לײַכט אָפּפֿאַלן פֿון דער קאָמפּאַניע און בלײַבן ערגעץ אין דער פֿרעמד אָן שום דאָקומענט. זאָל, הייסט עס, כאָטש יעדער איינער האָבן בײַ זיך אַ קאָפּיע פֿון אונדזער רעגירונגס־טשאַרטער, װעלכן עס האָט געהאַלטן בײַ זיך סטעפֿאַן גראָסטערן פֿאַר דער גאַנצער גרופּע. מיר האָבן גאַנץ גוט פֿאַרשטאַנען, אַז אַזאַ אָפֿיציעלער אַקט פֿון אַ רעגירונגס־דאָקומענט איז אַ היפּש ביסל נישט־נאַטירלעך, אָבער װאָס האָבן מיר געהאַט בעסערס אויסצוקלייבן פֿאַר זיך? אַז מיט דער רעגירונג איז נישט געװען קיין מעגלעכקייט זיך צוזאַמענצורעדן און דער סטאַראָסטע האָט נישט געװאָלט הערן פֿון גאָרנישט!

אין משך פֿון עטלעכע שעה האָט זיך אַרויסגעװיזן, אַז װעגן פֿאָרן קען נישט זײַן קיין רייד — העכסטנס װעלן מיר קענען גיין צופֿוס. די פֿורמאַנעס פֿון שטעטל האָבן מיט אונדז נישט געװאָלט

פֿאָרן פֿאַר קיין שום געלט. ערשטנס דערפֿאַר, ווײַל עס איז געווען ערב ראש-השנה, און צווייטנס, ווײַל ווער ווערט זיי גאַראַנטירן אין אַזעלכע אומרואיקע טעג, אַז זיי וועלן נאָך באַווײַזן צוריקצוקומען בשלום אין זייערע היימען?

איך האָב געפֿירט מיט זיך אַ קליינע וואַליזע, וואָס אַפֿילו בײַם גיין וואָלט זי פֿאַר מיר קיין גרויסע שטערונג נישט געווען. כמעט אַלע מיטאַרבעטער פֿון דער פּויליש-אידישער צײַטונג „נאַש פּשעג-לאָנד" און נאָך עטלעכע פֿון אונדז זײַנען באַלד פֿון וואַרשע אַרויס נישט מיט וואַליזעס, נאָר מיט ערשטקלאַסיקע, קאָמפּאָרטאַבלע טו-ריסטן-זעק צו טראָגן אויף דער פּלייצע. איצט זײַנען די דאָזיקע זעק שטאַרק צונוץ-געקומען. אַנדערע פֿון אונדזער קאָמפּאַניע האָבן זיך אַרויסגעלאָזן אין שטאָט אַרײַן אײַנצוהאַנדלען עטלעכע רוקן-זעק, כּדי אַרײַנצולייגן אַהין די זאַכן פֿון זייערע וואַליזעס.

אָבער בלויז עטלעכע האָבן זוכה געווען צו קריגן רוקן-זעק מיט לעדערנע רימענס צו פֿאַרהענגען אויף די פּלייצעס. שעפֿנער, צום בײַשפּיל, איז שוין געקומען צו שפּעט. מער ווי אַ געוויינלעכן ראַגאָזשע-זאַק האָט ער נישט געקריגן. בלית-ברירה האָט ער גע-קויפֿט דעם זאַק. די וואַליזע פֿון עלעגאַנטן באָקס-לעדער אין ווערט פֿון הונדערט האָלענדישע גולדן (ער האָט אַמאָל געקריגן די וואַליזע במתּנה אין האָלאַנד)האָט ער געלאָזן בײַ די באַלעבאַטים אונדזערע:

— אַז עס וועט זײַן באַשערט, וועל איך עס אַמאָל בײַ אײַך אָפּ-נעמען, און אויב נישט — געניסט עס געזונטערהייט...

עס איז געווען באַשלאָסן אַרויסצוגיין אין אָוונט און צו גיין אַ גאַנצע נאַכט. אין וועג, האָבן מיר גערעכנט, וועט זיך מאַכן אַ דאָרף, וואו מיר וועלן אפֿשר קריגן פֿורלעך. יעדנפֿאַלס איז בעסער צו גיין בײַנאַכט. ערשטנס, ווייל עס איז נישט אַזוי הייס, און צווייטנס, ווײַל בײַטאָג איז מען נישט באַוואָרנט פֿון באָמבן-אָנפֿאַל אויף די שאָסייען.

דערווײַלע אָבער זײַנען אונדזערע קאָלעגן געווען פֿאַרנומען מיט אַרויסגעבן אַ צווייטן נומער פֿון אונדזער צײַטונג. פֿאַרנאַכט איז טאַקע דער דאָזיקער נומער דערשינען און ער איז ווידער צעכאַפּט געוואָרן. מיר האָבן געפֿירט מיט זיך כּמעט יעדער איינער בײדע נומערן פֿון דער דאָזיקער מערקווירדיקער צײַטונג. אָבער מיט אַ שטיקל צײַט שפּעטער האָבן מיר געהאַלטן פֿאַר זיכערער עס צו פֿאַרניכטן. ווער-ווייס צי עס וועט זיך ערגעץ אַמאָל אָפּזוכן כאָטש איין עקזעמפּלאַר פֿון דאָזיקן מערקווירדיקן פּרעסע-דאָקומענט!

אַ גרופּע קאָלעגן איז גלײַכצײַטיק אַוועק צום דערמאָנטן נאָטאַר אים מיטצוהעלפֿן אין דער טעכנישער אַרבעט אַרום אונדזערע דאָ-

קומענטן. דאָס איבערשרײַבן אַזעלכע 60 דאָקומענטן אין איין טאָג האָט געקענט צושטאַנדקומען נאָר אין דעם פֿאַל, ווען עס זאָלן אַרבעטן דערבײַ אַ צען מענטשן (פֿאַר יעדן דאָקומענט האָט דער נאָטאַר גענומען 5 זלאָטים).

אין אַ געוויסן מאָמענט איז עמעץ געקומען צו לויפֿן מיט אַ ידיעה, אַז די לעמבערגער ראַדיאָ־ספּיקערין האָט מיט אַ געוויין זיך געזעגנט מיט די צוהערער, דערקלערנדיק, אַז פֿון איצט אָן וועלן די פּאָליאַקן מער נישט רעדן דורך דעם לעמבערגער ראַדיאָ. נאָך איין איוב־בשורה, הייסט עס, אין אַלגעמיינעם סך־הכּל פֿון אומגליקן, וואָס האָבן אונדז דערנענטערט יענע טעג צום טרויעריקן „סוף פֿון שפּיל"...

לויפֿנדיק פֿון איין אָרט צום צווייטן איז בערנאַרד זינגער אַרײַנגעפֿאַלן צום נאָטאַר. איך בין גראָד געזעסן אין שטאָטישן גערטעלע קעגנאיבער דעם נאָטאַרס הויז און געשמועסט מיט אַ פֿאַרבײַפֿאָרנדיקן פֿילם־אָפּעראַטאָר פֿון דער אָפֿיציעלער פּוילישער נײַעס־אַגענטור „פּאַט". ער איז געפֿאָרן מיט אַ גרעסערער קאָמפּאַניע צו דער גרענעץ. אָפּרוענדיק זיך דאָ, אין בראָדער גערטעלע, האָט ער מיר דערווײַל דערציילט די געשיכטע פֿון די ערשטע פּויליש־דײַטשע שלאַכטן מיט אַ וואָך צוריק בײַ טשעכאַנאָוו־מלאַווע, וואו די דײַטשן האָבן מיט אַ האָגל פֿון אײַזן און פֿײַער דורכגעבראָכן די פּוילישע ליניעס און זיך אָנגעהויבן דערנענטערן צו וואַרשע.

— אָ — האָט זינגער אויסגערופֿן — איך האָב פֿאַר אײַך טרויעריקע נײַעס... נאָך נעכטן האָב איך עס געהערט אין ראַדיאָ... אינגאַנצן פֿאַרגעסן עס אײַך הײַנט פֿרי צו דערציילן!

דאָס האָט ער געמיינט מיך. נעכטן שפּעט בײַנאַכט האָט ער געהערט אַ דײַטשע ראַדיאָ־מעלדונג וועגן דעם, ווי אַזוי אַ דײַטשע טאַנקן־אָפּטיילונג האָט געשטורעמט די וואַרשעווער אַרבעטער־פֿאָרשטאָט וואָליע. פֿון פֿענצטער, דעכער און באַריקאַדן האָט מען געוואָרפֿן אויף די דײַטשע זעלנער פֿלעשער בענזין, זידיק וואַסער, געשלײַדערט שטיינער און ציגל — די דײַטשן אַליין האָבן עס דערציילט דורך דער ראַדיאָ!

— יאָ, טרויעריק! — האָב איך זיך אָפּגערופֿן — אַ טאָג פֿון שוואַרצע בשורות...

בערנאַרד זינגער איז געבליבן שטיין, ווי אין אַ פֿאַרלעגנהייט. עס איז געווען קלאָר, אַז ער האָט מיר נאָך נישט אַלץ געזאָגט.

— איר ווייסט נאָך עפּעס? — האָב איך אים אַ פֿרעג געטון.

— יאָ — האָט ער זיך שוין נישט געקענט צוריקציען — שפּעטער איז געזאָגט געוואָרן אין ראַדיאָ, אַז דאָס אַרײַנגייענדיקע מילי־

טער האָט געפּונען אויף די וואָליער באַריקאַדעס פּיל געהרגעטע, דערונטער דעם פּירער פֿון פּ. פּ. ס. (פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַר־טיי) דיבוא און די פּירער פֿון „בונד" אַלטער און... דאָ האָבן זיי אָנגערופֿן נאָך עפּעס אַ נאָמען, וועלכן איך האָב אָבער נישט דער־הערט... איך האָב דײַטלעך געהערט בלויז די ענדונג פֿון נאָמען — עס איז געווען אַ נאָמען, וואָס האָט זיך געענדיקט מיט „סקי". ווער קען עס זײַן?

— איר האָט עס אַליין געהערט? — בין איך געווען איבעראַשט פֿון זײַן דערציילונג.

— מיט מײַנע אייגענע אויערן! וואָס פֿרעגט איר עפּעס?

ווער קען עס טאַקע זײַן? אַ פּירער פֿון „בונד", וואָס דער נאָמען ענדיקט זיך מיט „סקי"? איך האָב זיך דערטראַכט צו... קאָסאָווסקין. אָבער קאָסאָווסקי איז דאָך אַ זקן — ווי קומט ער צו באַריקאַדעס? און אַלטער? ווי האָט די פּאַרטיי — האָב איך געטראַכט — געקענט דערלאָזן, אַז אַזעלכע וויכטיקע פּירער ווי אַלטער זאָלן בלײַבן אין אַרומגערינגלטן וואַרשע, כּדי אַרײַנצופּאַלן אין היטלערס הענט?

אָבער: האָט דאָך זינגער געהערט מיט זײַנע אייגענע אויערן דעם דײַטשן קאָמוניקאַט!

איך האָב געגלויבט און — נישט געגלויבט.

## 6

## געכאַפּט אַ מיניסטער בײַ דער פּאָלע...

דערווײַל האָט פּאַסירט עפּעס אַזוינס, וואָס האָט אונדז היפּש אויפֿגערודערט און צעטרייסלט.

אָנגעהויבן האָט עס זיך פֿון אַ מערקווירדיקער באַגעגעניש צווישן ב. שעפֿנערן מיט זײַן פֿרײַנדין, דער אידישער דיכטערין פֿון גאַליציע רחל ה. קאָרן. עפּעס אַזוי אינגאַנצן אומגעריכט, אינמיטן העלן טאָג אין בראָד, אויף איינער פֿון די הויפּט־געסלעך פֿון שטאָט, רופֿט זיך אָפּ צו מיר שעפֿנער:

—ווײ איז צו מיר: ווער ווייס וואָס עס טוט זיך איצטער מיט רחל קאָרן!

אין יענע טעג זײַנען געהאַט דערגאַנגען צו אונדז די ערשטע שוידערלעכע ידיעות וועגן דער שרעקלעכער אידן־שחיטה, וואָס די היטלעריסטן האָבן אַדורכגעפֿירט אין דער אײַנגענומענער שטאָט פּשעמישל, וואו רחל קאָרן האָט שטענדיק געוואוינט. מסתּמא האָבן

די ידיעות וועגן פּשעמישל אַרויפֿגעפֿירט שעפֿנערן אויפֿן געדאַנק וועגן רחל קאָרן.

איך האָב אים געוואָלט ענטפֿערן, אַז רחל קאָרן איז זיכער נישט געבליבן אין פּשעמישל און אַז זי וואָלגערט זיך ערגעץ וואַרשײַנלעך, אַזוי ווי מיר, אין איינער פֿון יענע גאַליציאַנער שטעט, וואָס זײַנען נאָך דערוווײַלע פֿרײַ פֿון היטלערן. אָבער איך האָב נישט באַוויזן צו עפֿענען מײַן מויל, כּדי עפּעס צו זאָגן, ווי מיר האָבן דערהערט הינטער זיך אַן איבעראַשטע פֿרויען־שטימע:

— שעפֿנער!... שעפֿנער!...

הינטער אונדז איז געשטאַנען רחל קאָרן מיט איר מאַן און טעכטערל. אונדזער שטוינונג איז געווען זייער גרויס. ווען מיר האָבן איר דערציילט וועגן שעפֿנערס ווערטער אַ מינוט איידער זי איז צו אונדז צוגעקומען, האָט זי ממש נישט געוואָלט גלייבן, אַז מיר נאַרן זי נישט.

די גאַנצע צײַט פֿון אונדזער זײַן אין בראָד האָט זי זיך שוין געהאַלטן צוזאַמען מיט אונדז. שפּעטער איז זי מיט פּשעמישלער באַקאַנטע אָפּגעפֿאָרן אין איין זײַט, מיר — אין אַ צווייטער. איצט איז זי אין סאָוויעטן־פֿאַרבאַנד, וואו זי פֿאַרעפֿנטלעכט פֿון צײַט צו צײַט לידער.

אין יענעם מאָמענט, בײַ וועלכן מיר האַלטן איצט — עס איז געווען דינסטאָג, דעם 12טן סעפּטעמבער אַרום 3 בײַטאָג — זײַנען מיר זאַלבעפֿינפֿט אַוועק עסן מיטאָג (רחל קאָרן מיט איר מאַן און טעכטערל, שעפֿנער און איך).

דאָס רעסטאָראַנדל, וואו מיר האָבן מיט אַ טאָג פֿריִער געגעסן מיטאָג, איז געווען אַזוי געפּאַקט, אַז עס איז געווען אוממעגלעך אַרײַנצוגיין אַהין. עמעץ פֿון די באַלעבאַטים איז געשטאַנען אויף דער שוועל און אַלעמען אָפּגעשיקט אין אַ זײַטיק געסל, אין לאָקאַל פֿון אָרטיקן „ברית תּרומפּלדור״ (זשאַבאָטינסקים אַנהענגער):

— דאָרט וועט איר האָבן באַקוועם, דאָרטן גיבן מיר הײַנט אַרויס מיטאָגן.

דער רעסטאָראַן־אייגנטימער האָט פּשוט אָפּגעדונגען אויף עט־לעכע טעג דעם לאָקאַל, כּדי דאָרט צו קענען באַדינען די הונדערטער דורכפֿאָרנדיקע, וועלכע האָבן זיך געשטויסן אין זײַן קליין רעסטאָ־ראַנדל, וואו ער האָט נישט געקאָנט באַדינען מער ווי אַ צען מענטשן.

מיר זײַנען אַוועק אויפֿן אָנגעוויזענעם אַדרעס.

אַ טיפּיש קליינשטעטלדיק אידיליש געסל, און אין דאָזיקן געסל — אַ טיפּיש קליינשטעטלדיק אידיליש שטיבעלע, וואָס האָט זיך גע־בויגן צו דער ערד.

מיר זייַנען אַרייַן אין אַ קליין ציכטיק הייפֿל. דאָס גאַנצע הייפֿל איז געווען פֿאַרנומען מיט אַ גרויסן עלעגאַנטן אויטאָ, וואָס האָט אַפֿילו טיילווייַז פֿאַרשטעלט דעם צוגאַנג צום גאַניקל.

— לאָמיר אַרייַנגיין אין דער הייַזקע — האָט עמעץ פֿון אונדז אַ זאָג געטון — אַז מען האָט אונדז געגעבן דעם דאָזיקן אַדרעס, איז עס מסתמא דאָ. דער אויטאָ מוז געהערן צו עמעצן, וואָס איז פֿאַרפֿאָרן אַהער עסן מיטאָג.

און מיר זייַנען טאַקע אַרייַן.

אונטער אַ צענטליק פּאָרטרעטן פֿון ציוניסטישע פֿירער, מיט וועלכע עס זייַנען געווען אויסגעפּוצט די ווענט, זייַנען געווען אויס־געזעצט בייַ עטלעכע פּראָוויזאָרישע טישן עטלעכע צענטליק מענטשן, וועלכע האָבן טומלדיק געגעסן מיטאָג.

מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט אינמיטן זאַל און גענומען זוכן מיט די אויגן אַ פֿרייַען טיש. אָבער אַלע פּלעצער זייַנען געווען פֿאַרנומען. מיר זייַנען אַזוי געבליבן שטיין אינמיטן צימער, וואַרטנדיק אויף אַ פֿרייַען פּלאַץ.

מיטאַמאָל האָט צוגעצויגן מייַן אויפֿמערקזאַמקייט אַ מיטל־יאָריקער מאַן, וועלכער איז געזעסן בייַ איינעם פֿון די גרויסע טישן. נעבן אים איז געלעגן אויפֿן טיש אַן אַלט היטל פֿון דעם מין, וואָס אָרעמע אַרבעטער טראָגן אין אַ וואָכנטאָג. בלויז פֿון צייַט צו צייַט האָט ער אויפֿגעהויבן זייַנע אויגן פֿון טעלער און זיך געווענדט מיט עפּעס צו אַ צווייטן מאַן, וואָס איז געזעסן נעבן אים פּונקט אַזוי אָנגעכמורעט ווי ער, און געגעסן צוגלייַך מיט אים.

וואו האָב איך געזען דעם דאָזיקן מאַן? פֿון ערשטן אויגנבליק אָן האָב איך געפֿילט, אַז איך קען אים. אָבער עס איז מיר געווען שווער זיך צו דערמאָנען ווער דאָס איז. איין זאַך האָט מיך נאָך מער פֿאַראינטריגירט: די ביידע מענער האָבן געהאַט דאָס אויסזען פֿון קריסטן, און עס איז מיר געווען אַ שטיקל חידוש, וואָס זיי האָבן זיך פֿאַרקליבן אַהער, אין „ברית טרומפּלדור", צווישן לויטער אידן פֿון אַלע עקן פּוילן.

מיטאַמאָל האָט מיר עפּעס אויפֿגעלויכטן אין קאָפּ. איך האָב זיך דערזען אין זיצונגס־זאַל פֿון רעגירונגס־פּאַלאַץ אין וואַרשע צווישן הונדערט זשורנאַליסטן, וועלכע זיצן געשפּאַנטע און צעווייטאָגטע, הערנדיק דעם טרויעריקן ראַפּאָרט פֿון די רעגירונגס־פֿאָרשטייער, אַז היטלער מיט זייַנע חיילות דערנענטערט זיך צו די טויערן פֿון וואַרשע. דאָס פּנים פֿון דעם פֿאַרכמורעטן מאַן, וואָס עסט איצט

מיטאָג איז פֿאַרוואָרפֿענעם בראָדער אידישן געסל אונטערן פֿאַר־טרעט פֿון טעאַדאָר הערצל, איז דאָס פּנים פֿון מאַן, וועלכער האָט אויף יענער קאָנפֿערענץ געפֿירט דעם פֿאָרזיץ.

איך בין געווען איבערראַשט פֿון דער באַגעגעניש. איך האָב לײַכט שעפֿנערן אַ שטוים געטון בײַם עלנבויגן:

— שעפֿנער — האָב איך אים אײַנגערוימט — שטעלט אײַך פֿאָר, אַז דער פּראָפּאַגאַנדע־מיניסטער גראַזשינסקי, וועלכן מיר זוכן שוין דעם דריטן טאָג אויף אַלע מעגלעכע טעלעפֿאָנען, זיצט אָט־אָ־דאָ בײַ יענעם טיש און עסט מיטאָג.

שעפֿנער האָט גראַזשינסקין קיינמאָל נישט געהאַט געזען. מײַן מעלדונג האָט אים אַזוי איבערראַשט, אַז ער האָט פּשוט נישט גע־גלויבט מײַנע רייד.

— איר האָט זיכער אַ טעות! — האָט ער געפּרואווט מיך איבער־צײַגן — עס דאַכט זיך אײַך!

אָבער עס האָט זיך מיר נישט געדאַכט! דאָס איז געווען דער מיניסטער גראַזשינסקי!

נאָך אַלץ איבערראַשט פֿון דער באַגעגעניש, בין איך געשטאַנען און זיך באַרעכנט, ווי אַזוי צו האַנדלען. צוגיין צו אים איצט, ווען ער זיצט בײַם גרויסן טיש צווישן פֿרעמדע מענטשן, האָב איך נישט געוואָלט. מיר איז געווען קלאָר, אַז ער איז פֿאַרפֿאָרן אַהער און נישט אין ערשטקלאַסיקן רעסטאָראַן אין שטאָט, ווײַל ער וויל נישט זיך לאָזן דערקענען. דאָרטן, אין גרויסן רעסטאָראַן, צווישן די הונדערטער אָפֿיצירן, וועלכע עסן איצט דאָרט, וואָלטן זיך זיכער געפֿונען מענטשן, וואָס וואָלטן אים דערקענט. איך האָב דעריבער בײַ זיך אָפּגעמאַכט, אַז איך וועל איבערוואַרטן ביז ער וועט אָפּעסן, און איך וועל אים פֿאַר־טשעפּן בײַם אַרויסגאַנג. עס האָט אַלץ אין מיר געזידט. איך האָב געפֿילט, אַז איך וועל אים אַרײַנזאָגן מער, ווי אַ געוויינלעכער בשר־ודם נעמט זיך געוויינלעך רעכט צו זאָגן אַ מיניסטער.

שעפֿנער האָט נאָך אַלץ געהאַלטן, אַז איך בין אין טעות. ער האָט מיר כּסדר אָפּגעראַטן אַפֿילו צוצוגיין צו יענעם, ווײַל יענער וועט מיך אָנקוקן ווי אַ משוגענעם. און באמת: די באַגעגעניש איז געווען אַזוי משונהדיק און אומדערוואַרטעט, אַז זי האָט טאַקע גע־קענט אויסזען אינגאַנצן אומוואַרשײַנלעך.

ענדלעך האָט זיך יענער מאַן גענומען צו דער קעשענע. ער האָט באַצאָלט און זיך אויפֿגעשטעלט. צוזאַמען מיט אים האָט זיך אויפֿ־געשטעלט זײַן באַגלייטער. דורך־אַרצדיק איז יענער נאָכגעגאַנגען דעם מיניסטער פֿון הינטן. אַזוי גייט אַ מיניסטער מיט זײַן סעקרעטאַר.

ווען זיי ביידע זײַנען שוין געהאַט אַרויס אין לאַנגן, שמאָלן קאָרידאָר, האָב איך זיך אַ לאָז געטון נאָך זיי. צום גליק איז אין קאָרידאָר קיינער אויסער זיי נישט געווען. זיי זײַנען שוין געווען נאָענט פֿון דער אַרויסגאַנג־טיר. איך האָב זיך אָפּגערופֿן צו זיי אין רוקן אַרײַן:

— מיניסטער גראַזשינסקי, דאַכט זיך?

גראַזשינסקי האָט זיך אויסגעדרייט און צוזאַמען מיט אים — זײַן סעקרעטאַר. זיי האָבן מיך ביידע פֿאַרדעכטיק אָנגעקוקט. אָבער אין גראַזשינסקיס בליק האָב איך דערקענט, אַז ער הייבט זיך אָן צו דערמאָנען מײַן פּנים.

— מיט אַ וואָך צוריק — האָב איך זיך אים פֿאָרגעשטעלט — בין איך געווען בײַ אײַך אין פּרעזידיום פֿון מיניסטאָרן־ראַט... איך ווייס נישט, צי איר דערמאָנט זיך ווער איך בין, ווײַל מיר האָבן קיינמאָל פֿריִער זיך נישט געהאַט באַגעגנט.

ער האָט מיך אָנגעקוקט אַלץ דורכדרינגלעכער, ווי ער וואָלט זיך געוואָלט דערמאָנען אונדזער באַגעגעניש מיט אַ וואָך צוריק. דאָס איז געווען אַ גרינגע זאַך, ווײַל אין פּרעזידיום פֿון מיניסטאָרן־ראַט האָט ער אַמטירט סך־הכּל איין טאָג — טאַקע יענעם טאָג, וועלכן איך האָב אים איצטער דערמאָנט.

נאָך איידער איך האָב באַוויזן אים אָנצוגעבן ווײַטערדיקע סימנים, האָט ער אַליין זיך דערמאָנט:

— אינאָווּנט, דאַכט זיך — האָט ער אויסגעשטרעקט צו מיר די האַנט — זענט איר געווען בײַ מיר יענעם טאָג מיט אַ דעלעגאַציע פֿון אידישע זשורנאַליסטן?

— יאָ! — האָב איך אים געענטפֿערט — הײַנט זײַנען מיר אַלע דאָ: די פּוילישע און די אידישע זשורנאַליסטן, וועלכע איר האָט אַרויסגעשיקט פֿון וואַרשע, כּדי ווײַטער אָנצופֿירן די צײַטונגס־אַרבעט אין הינטערלאַנד! דערווײַלע האָבן מיר באַוויזן אַרויס־צוגעבן דאָ, אין בראָד, צוויי נומערן פֿון אַ צײַטונג פֿאַרן מיליטער און פֿאַר דער אָרטיקער באַפֿעלקערונג, און איצט וואַרטן מיר אויפֿן גענאַד פֿון פֿאַן סטאַראָסטע, וועלכער האָט אונדז אַלעמען פֿאַר־וואַנדלט אין זײַנע אַרעסטאַנטן...

— איר זענט בײַסיק — האָט דער מיניסטער זיך אָפּגערופֿן, אָנ־קוקנדיק מיך מיט זײַנע דורכדרינגלעכע אויגן — אָבער איך פֿאַר־שטיי נישט, וואָס איר מיינט מיט אייערע ווערטער!

— אַזוי פּראָסט, ווי איר הערט! דער היגער סטאַראָסטע האָט אונדז ביז איצט נישט געוואָלט דערלויבן אָפּצוהאַלטן אַ טעלע־פֿאָנישן געשפּרעך מיט עמעצן פֿון דער רעגירונג. אויף אַלע אונדזערע

טענות לאַכט ער זיך אויס, ענטפֿערנדיק כּסדר זײַן באַליבטע פֿראַזע, אַז איצט איז ער די רעגירונג און קיין שום מיניסטער קען אים איצט נישט זאָגן קיין דעה. ער דערלויבט אונדז נישט אַוועקצופֿאָרן פֿון דאַנען און ער דערלויבט אונדז נישט צו וואוינען אין שטאָט.

גראַזשינסקי האָט זיך צעלאַכט. די מעשה איז אים געפֿעלן געוואָרן.

— וואָס איז ער — האָט ער זיך צו מיר געווענדעט מיט אַ פֿראַגע — אַ משוגענער?

— איך ווייס נישט! — האָב איך אים געענטפֿערט — איך ווייס נאָר, אַז דעם ערשטן טאָג האָט ער זיך פֿאַררופֿן אויף אַן אינסטרוקציע פֿון דער רעגירונג, וועלכע זאָל האָבן געהייסן אונדז פֿאַרהאַלטן אין בראָד. צווישן די קלאָגן הערשט אַזאַ אויפֿרעגונג אויף דער רעגירונג, אַז עס איז אפֿשר בעסער, וואָס זיי האָבן אײַך נישט באַגעגנט...

דער מיניסטער האָט זיך צעשמייכלט.

— איר זענט אויפֿגערעגט! — האָט ער מיך מילד אײַנגענומען — לאָמיר אַרויסגיין אויפֿן הויף, וועלן מיר שמועסן.

ער האָט זיך געלאָזן צום אַרויסגאַנג און איך בין אים נאָכגעגאַנגען. מיר האָבן אינדרויסן זיך אָפּגעשטעלט בײַ דעם קאָמפֿאָרטאַבלען אויטאָ.

— אָט דאָ — האָט ער זיך אָפּגערופֿן — קענען מיר רעדן אַביסעלע פֿרײַער.

ער האָט פֿאַרלאַנגט איך זאָל אים דערציילן וועגן אונדזערע איבערלעבונגען אין משך פֿון דער וואָך. ער האָט מיט קיין איין וואָרט נישט באַשטעטיקט און נישט אָפּגעלייקנט מײַנע שאַרפֿע פֿאָרוואורפֿן, אַז עס איז געווען אַ לײַכטזין דאָס אַרויספֿירן אונדז אויף אַזאַ אופֿן אין לאַנד אַרײַן. ער האָט נישט פּראָטעסטירט, ווען איך האָב אים פֿאָרגעוואָרפֿן, אַז אין לובלין האָבן מיניסטאָרן זיך אויסבאַהאַלטן פֿון אונדז און אונדז איבערגעלאָזן אויף גאָטס באַראָט. ער האָט נישט אָפּגעלייקנט מײַן אַרויסגעזאָגטע השערה, אַז ער אַליין האָט גוט געוואוסט וועגן אונדזער זײַן אין בראָד.

ער האָט געענוי און אויפֿמערקזאַם אויסגעהערט אַלץ, וואָס איך האָב אים דערציילט וועגן אונדזער מאָדנעם מצב, און ער האָט געשוויגן. ער איז געשטאַנען נעבן זײַן אויטאָ און, בײַסנדיק מיט די צײַן עפּעס אַ שטרוי, האָט ער עטלעכע מאָל איבערגעחזרט:

— יאָ, יאָ, ווער וואָלט זיך עס געקאָנט ריכטן!...

איך האָב געפּרוווט אַרויסבאַקומען פֿון אים עפּעס אַ פֿאַראַנטוואָרטלעכע ידיעה וועגן דער לאַגע אין לאַנד און אויף די שלאַכט־

פֿעלדער, וועגן די אויסזיכטן און וועגן די פּלענער פֿון דער רעגירונג. אָבער גראַזשינסקי האָט געהיימניספֿול געשוויגן. ער האָט מיך בפֿירוש פֿאַררעדט, ווען איך האָב אַ פֿרעג־געטאָן, וויפֿל אמת עס איז פֿאַראַן אין די דײַטשע ראַדיאָ־מעלדונגען, אַז דער פּרעזידענט, דער מאַרשאַל רידז־שמיגלי און די רעגירונג געפֿינען זיך שוין אין רומעניע.

ער האָט געגעבן אויסמײַדנדיקע ענטפֿערס.

— יאָ, יאָ, פֿאַר דער דאָזיקער וואָך האָט זיך פֿיל געענדערט — האָט ער געמורמלט.

דאָס איז געווען די איינציקע „ידיעה", וואָס איך האָב באַוויזן פֿון אים אַרויסצובאַקומען. טרויער, נידערגעשלאָגנקייט און אומ־אַנטשלאָסנקייט האָבן אַראָפּגעקוקט פֿון זײַן געזיכט.

— מיר גרייטן זיך אַוועקצופֿאָרן! — האָב איך אים דער־ציילט — אויב אַלץ איז פֿאַרלוירן, האָט דאָך נישט קיין זין אונדזער זיצן אין בראָד. קאָלעגן האָבן הי געפּרוּווט זיך פֿאַרשרײַבן אַלס פֿרײַוויליקע אין דער אַרמיי, אָבער מען האָט זיי נישט געוואָלט אָננעמען, ווײַל עס פֿעלט נישט — האָט מען זיי געענטפֿערט — קיין סאָלדאַטן. קיינער, הייסט עס, דאַרף אונדז שוין נישט. דאָס איינציקע וואָס מיר פֿאַרלאַנגען איצט פֿון אײַך — און צוליב דעם זוכן מיר אײַך אַרום, נישט ווויסנדיק וואו איר קענט זײַן — איר זאָלט אונדז אַרויסגעבן אַ פּאַפּיר, אַז מיר זאָלן זיך קענען פֿרײַ דערשלאָגן צו דער רומענישער גרענעץ, ווײַל עס גייען קלאַנגען, אַז אין דרום־גאַליציע שטייען וואַכן אויף אַלע שאָסייען און לאָזן נישט אַדורך.

ער האָט נישט געפּרוּווט מיך איבערצײַגן, אַז עס איז צו פֿרי זיך צו קלייבן צו דער רומענישער גרענעץ. ער האָט בלויז מיר אָנ־געוויזן דערויף, אַז דאָ, אויפֿן אָרט, קען ער אונדז קיין שום פּאַפּיר נישט אַרויסגעבן, ווײַל ער האָט נישט בײַ זיך קיין שטעמפּלען.

— איך קען אײַך אָנשרײַבן אָן אייגנהענטיקן פּאַפּיר — האָט ער געזאָגט — אָבער דאָס פּאַפּיר וועט דאָך אָן אַ שטעמפּל נישט האָבן דעם מינדעסטן ווערט.

— וואָס־זשע וועט זײַן? — האָב איך געפֿרעגט.

ער האָט אַ ווײַלע געטראַכט און דאַן זיך אָפּגערופֿן:

— אין עטלעכע שעה אַרום וועל איך זײַן בײַם ציל פֿון מײַן רײַזע און דאַן וועל איך קענען דערליידיקן אײַער ענין פֿאָרמעל.

— וואָס הייסט דאָס? — האָב איך אים איבערגעפֿרעגט.

ער האָט ווידער זיך פֿאַרטראַכט. דאַן האָט ער מיר אויפֿגע־קלערט וואָס ער מיינט צו זאָגן:

— פֿון אַן אַמטלעכן טעלעפֿאָן וועל איך באַפֿעלן דעם סטאַ־ראָסטע אײַך אַרויסצוגעבן פּאַפּירן, אַז איר זאָלט זיך קענען באַ־וועגן, ווי נאָר איר וועט וועלן.

— איר פֿאָרט איצט וואַרשאַוועלעך — האָב איך געפּרוּווט טרעפֿן — קיין קרעמעניץ אָדער פֿון קרעמעניץ קיין לעמבערג, און אינאָווענט וועט איר וואַרשיינלעך זײַן אויפֿן אָרט. דאָס הייסט, אַז הײַנט וועט איר מיט אונדזער סטאַראָסטע שוין זיכער נישט קענען רעדן.

— מאָרגן אַמשפּעטסטנס אַרום 12 בײַטאָג וועט אײַער ענין זײַן דערליידיקט! — האָט ער מיר אָפּגעענטפֿערט, נישט באַשטע־טיקנדיק און נישט אָפּלייקענענדיק מײַנע ווערטער וועגן קרעמעניץ אָדער לעמבערג.

— אַרום 12 בײַטאָג וועלן מיר מאָרגן זײַן בײַם סטאַראָסטע!

— האָב איך אים דערקלערט — איך וויל האָפֿן, אַז דאָסמאָל וועט דער ענין זײַן דערליידיקט.

— איך וועל אים זיכער דערליידיקן! — האָט ער מיר געדריקט די האַנט — באַרואיקט אַלע קאָלעגן אין מײַן נאָמען און קלערט זיי אויף, אַז די אַלע פֿאַרוויקלענישן זײַנען אין קריגס־צײַט אומפֿאַר־מײַדלעך...

ער האָט געעפֿנט דאָס טירל פֿון אויטאָ צום אײַנשטײַגן, אַרײַנ־געוואָרפֿן אַהין דאָס צעקנייטשטע היטעלע און, נישט קוקנדיק מער אין מײַן זײַט, האָט ער אַ זאָג געטון אויף געזעגענונג:

— צום ווידערזען! צום ווידערזען אין בעסערע אומשטענדן פֿאַר פּוילן!

ער איז אײַנגעשטיגן אין אויטאָ און אַרויסגעפֿאָרן פֿון הויף. איך בין געשטאַנען אַ ווײַלע אויפֿן גאַניקל, צווישן די דיקע געוועבן פֿון ווילדן ווײַן, וואָס האָבן באַדעקט די סלופּעס פֿון גאַניקל ביזן דעכל, און איך האָב זיך געפֿילט, ווי אין עפּעס אַ מיראַזש. די גאַנצע באַגעגעניש מיט איר צופֿעליקייט, מיט דער מאָדנער דערשלאָגענ־קייט פֿון מיניסטער, מיט זײַן געהיימניספֿולן שווײַגן, מיט זײַן גלײַכ־גילטיקייט צו דער דערקלערונג וועגן אונדזערע צוגרייטונגען אָפּ־צופֿאָרן קיין רומעניע, מיט זײַן אויסבאַהאַלטן זיך אין דעם אידישן רעסטאָראַנדל — אַלץ, אַלץ איז געווען אַזוי פֿאַנטאַסטיש, אַז אַ מינוט נאָך גראַזשינסקיס אַרויספֿאָרן פֿון הויף האָט זיך מיר אויס־געוויזן, אַז די גאַנצע באַגעגעניש איז געווען אַ חלום.

ווען איך האָב שפּעטער איבערגעגעבן אַלעמען אין קלוב פֿון דער אידישער מוזיק־געזעלשאַפֿט וועגן דער באַגעגעניש מיט גראַ־

זשינסקין, האָט די נײַעס, פֿאַרשטייט זיך, אַרויסגערופֿן אַ סענסאַציע. סײַ־ווי וואָלטן מיר דעם אָוונט נישט געקענט אַרויס פֿון שטאָט, ווײַל אַלע פּוילישע קאָלעגן זײַנען נאָך פֿאַרנאַכט אַוועק צו זיך אין דאָרף טויט־מידע. עס איז דעריבער געבליבן, אַז מיר נעכטיקן נאָך איבער אין בראָד. גלײַכצײַטיק וועט שוין זײַן מעגלעך מאָרגן מיטאָג־צײַט אָפּצונעמען פֿון סטאַראָסטע די פּאַפּירן, וואָס דער מיניסטער גראַזשינסקי האָט צוגעזאָגט צו דערליידיקן.*)

## 7

## בראָד ווערט באָמבאַרדירט

צומאָרגנס איז געווען ערב ראש־השנה.

אין שטאָט האָט פֿון סאַמע פֿרי אָן געהערשט אַ מוראדיקע פּאַניק. עס האָבן נישט געפֿעלט קיין סמנים, אַז „דאָס שפּיל" דערנענטערט זיך צום סוף.

צווישן אונדז האָבן זיך באַוויזן מײַנונגס־פֿאַרשידנהייטן. עס האָט זיך פֿאָרמירט אַ גרופּע פּוילישע זשורנאַליסטן, וועלכע האָט אַרויסגערוקט דעם געדאַנק, אַז מיר דאַרפֿן אַלע אַוועק קיין קרעמעניץ.

פֿאַרוואָס עפּעס קרעמעניץ? ווײַל זינט עטלעכע טעג זײַנען געגאַנגען קלאַנגען, אַז דאָרט געפֿינט זיך דער פּוילישער אויסערן־מיניסטער בעק און די אויסלענדישע דיפּלאָמאַטן. די קאָלעגן, וועלכע האָבן געהאַלטן, אַז מיר דאַרפֿן גיין קיין קרעמעניץ, זײַנען געווען זיכער, אַז זײַענדיק נאָענט פֿון רעגירונגס־מענטשן, וועט אונדז לײַכטער זײַן צו באַקומען קאָמוניקאַציע־מיטלען, כּדי צו פֿאָרן ווײַטער — צו עפּעס אַ גרענעץ.

די מערהייט פֿון דער גרופּע אידישע זשורנאַליסטן האָט נישט מסכּים געווען מיטן דאָזיקן פּלאַן. איך ווייס נישט גענוי די מאָטיוון פֿון

*) יוני 1943 איז גראַזשינסקיס נאָמען אַרויסגעשוואומען אויף די שפּאַלטן פֿון דער אַמעריקאַנער פּרעסע. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער געפֿינט זיך איצטער אין אַמעריקע, אין דער אַמעריקאַנער רעגירונגס־שול אין שאַרלאָטסוויל, ווירדזשיניאַ. מען לערנט דאָרט אַמעריקאַנער מיליטער־לײַט און אַ געוויסע צאָל דעלעגירטע פֿון די פֿאַראייניקטע רעגירונגען אָנצופֿירן מיט די אייראָפּעאישע לענדער נאָכדעם, ווי די אַרמייען פֿון די פֿאַראייניקטע פֿעלקער וועלן האָבן באַזיגט היטלערן און מוסאָלינין. גראַזשינסקי לערנט זיך אין דער דאָזיקער שול אַלס דעלעגאַט פֿון דער פּוילישער גלות־רעגירונג אין לאָנדאָן. אין אַמעריקע איז אויפֿגעהויבן געוואָרן אַ קאַמפּאַניע קעגן האַלטן גראַזשינסקין אין דער דאָזיקער שול. די וויכטיקסטע טענות, וואָס ווערן אַרויסגערוקט קעגן אים, זײַנען: זײַן רעפּרעסיווע פּאָליטיק אַלס שלעזישער וואָיעוואָדע קעגן די דעמאָקראַטישע פּוילישע פּאַרטייען, קעגן דער פּוילישער אַרבעטערשאַפֿט און קעגן אידן.

יעדן איינעם, אָבער מײַן פּערזענלעכער געדאַנקן־גאַנג איז געווען אַזאַ, אַז פֿון דער רעגירונג האָבן מיר נישט וואָס צו דערוואַרטן.

אויך פֿיל פּוילישע קאָלעגן האָבן מסכּים געווען מיט אונדז. מיר האָבן אַזוי זיך געשפּאַרט ביזן מיטן טאָג. אונדזער שטענדיקע דעלעגאַציע איז אַוועק צום סטאַראָסטע. אפֿשר וועט מען פֿון אים פּאַרט עפּעס אַרויסקריגן אַ זיכערע אינפֿאָרמאַציע, אָדער די פּאַפּירן וואָס גראַזשינסקי האָט צוגעזאָגט. אָבער דער בנין פֿון דער סטאַראָסטווע איז געווען אָפּגעשלאָסן. אין גאַס האָט מען זיך געשושקעט, אַז אויבן, אין דער סטאַראָסטווע, ברענט מען שוין פֿאַרשידענע פּאַפּירן.

עס האָט געדויערט אַ צײַט און אונדזער דעלעגאַציע האָט זיך דאָך אַרײַנבאַקומען צום סטאַראָסטע. ער איז געווען זייער צעטומלט. ער האָט זיך מודה־געווען, אַז ער ווייסט נישט וואָס עס קומט פֿאָר אַרום בראָד. מיניסטער גראַזשינסקי — האָט ער געמאָלדן — האָט צו אים וועגן אונדז נישט געקלונגען.

עס איז נישט אַריבער קיין שעה צײַט און עס איז אַראָפּגעפֿאַלן אויף אונדז די ידיעה, אַז מען האָט געעפֿנט אין סטאַראָסטווע אַ פֿענצטער אין גאַס אַרויס און דאָרט גיט מען אַרויס דערלויבענישן צו פֿאָרן צו דער רומענישער גרענעץ.

בלית־ברירה האָבן פֿיל פֿון אונדז זיך אַרײַנגעשטעלט אין דער רײַע און גענומען געדולדיק וואַרטן ביז מען וועט זיך דערשלאָגן צום פֿענצטער. אָבער נאָכן אַרויסגעבן עטלעכע צענטליק אַזעלכע רײַזע־דערלויבענישן, האָט דאָס פֿענצטער זיך צוריק פֿאַרקלאַפּט. ווען מען האָט גענומען שטורמען די טירן פֿון דער סטאַראָסטווע האָט מען אַרויסגעשריגן פֿון דאָרטן, אַז דאָס שטיין איז אומזיסט, ווײַל קיין שום רײַזע־דערלויבענישן וועלן נישט אַרויסגעגעבן ווערן. קיינער האָט נישט געקענט פֿאַרשטיין וואָס דאָ קומט פֿאָר.

שפּעטער האָט זיך אַלץ אויפֿגעקלערט. מיטאַמאָל האָט זיך צוריק אָפּגערופֿן דער לעמבערגער ראַדיאָ. עס האָט גערעדט דער לעמבערגער וואָיעוואָדע ביליק בכבודו ובעצמו. ער האָט גערעדט זייער אַנטשלאָסן און האַרב. ער האָט שאַרף פֿאַראורטיילט די לײַטונג פֿון לעמבערגער ראַדיאָ, וועלכע איז — ווי עס ווייזט זיך אַרויס — נעכטן אַרײַנגעפֿאַלן אין אַזאַ פּאַניק, אַז זי האָט אויף אייגענער האַנט באַשלאָסן אָפּצושטעלן די ראַדיאָ־סטאַציע, אַרויסרופֿנדיק דערמיט אין גאַנץ גאַליציע די באַרעכטיקטע השערה, אַז לעמבערג גיט זיך אונטער. נאָך שאַרפֿער האָט דער וואָיעוואָדע פֿאַראורטיילט יענע אַלע רעגירונגס־באַאַמטע, ריכטער, פּאָליצײַ־קאָמי־

סאַרן און סטאַראָסטעס, וועלכע האָבן נעכטן אָדער אין משך פֿון דער נאַכט פֿאַרלאָזן זייער אַמט.

אָנרופֿנדיק דרײַ סטאַראָסטעס בײַם נאָמען (אויף וויפֿל איך דער־מאָן זיך איצטער, זײַנען 2 פֿון זיי געווען דער סטאַראָסטע פֿון ראַוואַ־רוסקאָ און דער סטאַראָסטע פֿון זלאָטשעוו), האָט דער וואָיעוואָדע דערקלערט ווערטלעך:

— יעדער פּאָליציאַנט אָדער מיליטערישע וואַך, וואָס וועט אָנטרעפֿן אין לאַנד איינעם פֿון די דאָזיקע דעזערטירן, האָט אַ פֿליכט תיכּף זיי צו אַרעסטירן! ...

דער דאָזיקער קאָמוניקאַט, וועלכער איז ביז אָוונט פֿיל מאָל איבערגעחזרט געוואָרן דורכן „ספּיקער“ פֿון לעמבערגער ראַדיאָ, האָט געווירקט — זעט אויס — אויך אויף אונדזער צעטומלטן סטאַראָסטע, אַז ער זאָל פֿלוצלונג צוריק אָפּשטעלן דאָס אַרויסגעבן רייזע־דערלויבענישן. גלײַכצײַטיק איז געמאָלדן געוואָרן דורכן זעלבן לעמבערגער ראַדיאָ, אַז די שטאָט פֿאַרטיידיקט זיך לויטן מוסטער פֿון וואַרשע און אַז עס האָט זיך אַפֿילו אָנגעהויבן אַ קעגן־אָנגריף פֿון דער פּוילישער אַרמיי. דער פֿאַקט, וואָס צווישן איין קאָמוניקאַט און דעם צווייטן האָט מען אַפֿילו געשפּילט לײַכטע מוזיק, האָט נאָך מער באַרואיקט די געמיטער. אין דער אונטערשטער שורה האָט די פּאַניק זיך אַביסל אײַנגעשטילט.

אונטערן אײַנדרוק פֿון דער דאָזיקער געענדערטער לאַגע, האָבן עטלעכע פֿון די אידישע זשורנאַליסטן — רעליגיעזע און טראַדיציאָ־נעלע מענטשן — גענומען זיך בעטן, מיר זאָלן אָפּלייגן אונדזער אַרויסמאַרש ביז מיטוואָך פֿאַרטאָג, ווײַל זיי האָבן געוואָלט פֿאַר־ברענגען דעם ערשטן ראש־השנה־אָוונט — ווי זיי האָבן זיך אויס־געדרוקט — „צוזאַמען מיט אַלע אידן“, ד. ה. בײַם דאַווענען. מיר האָבן זיי צוליב געטאָן.

— מיר זײַנען זיך פֿונאַנדערגעגאַנגען דערמיט, אַז מאָרגן פֿרי — דעם ערשטן טאָג ראש־השנה — פֿאַרלאָזן מיר ענדגילטיק בראָד. עטלעכע פֿון אונדזער עולם זײַנען אַוועק אין שול. מען האָט זיי דאָרט צוגעטיילט כּבוד. די גאַנצע שול צוזאַמען מיט זיי האָט יענעם אָוונט ביטער געוויינט. ענלעכע סצענעס האָבן זיך איבערגעחזרט אין עטלעכע אידישע הײַזער, וואו אונדזערע פֿרומערע קאָלעגן האָבן געהאַט זייער קוואַרטיר. אַז עס איז געקומען צו קידוש, האָבן זיי, ווי לעבעדיק, דערזען פֿאַר זיך זייערע פֿאַרלוירענע הײַזער און פֿאַר־לאָזענע פֿאַמיליעס, און דער קידוש האָט אין יענע שטובן יענעם אָוונט זיך פֿאַרוואַנדלט אין אַ פֿײַנלעכער איבערלעבונג — סײַ פֿאַר

די באַלעבאַטים און סײַ פֿאַר די געסט. דער אָוונט איז אַריבער אין אַ זייער געדריקטער שטימונג.

איך מיט שעפֿנערן האָבן אויך דעם דאָזיקן אָוונט פֿאַרבראַכט בײַם גאַסטפֿריינטלעכן טיש פֿון אונדזערע בראָדער אַריסטאָקראַטן. מען האָט יענעם אָוונט פֿיל גערעדט וועגן דעם שפּיאָנען־פּסיכאָז, וואָס האָט גענומען באַהערשן די באַפֿעלקערונג. ווי אין אַלע שטעט, וועלכע מיר האָבן פֿריִער באַזוכט, איז אונדז יענעם אָוונט אויסגעקומען צו הערן אויך אין בראָד געשיכטעס מיט אַרעסטירטע שפּיאָנען, וואָס זײַנען געווען אָנגעטון אין גלחישע מלבושים, געשיכטעס וועגן עפּעס אַ זקנה מיט שפּיגל־סיגנאַלן א. ד. גל. באַזונדערס האָט אונדז אינטערעסירט דער קלאַנג, אַז דער פּוילישער פּרעמיער־מיניסטער, דער גענעראַל סלאַוואָי־סקלאַדקאָווסקי, איז אָנגעקומען דעם טאָג קיין בראָד, און דאָרט פֿאַרברענגט אין עפּעס אַ הויז, וואָס קיינער ווייסט נישט וואו...

שפּעט אינאָוונט האָבן מיר זיך הייס אָפּגעזעגנט מיט אונדזערע בעלי־בתים און מיר זײַנען אַוועק זיך אויסשלאָפֿן צום לעצטן מאָל אויף אַ לײַטישן געלעגער. מיר האָבן לײַכט געקענט פֿאָרויסזען, אַז מיר האָבן פֿאַר זיך אַ שווערן און שרעקלעכן וועג.

פֿאַרטאָג האָט אונדז אויפֿגעוועקט איינער פֿון די שטאָטישע אידישע אינטעליגענטן. ער איז געקומען אונדז זאָגן, אַז מיר האָבן אַ גוטע געלעגנהייט צו קריגן פֿורלעך. בײַם גרויסן שטאָטישן שפּײַכלער זײַנען ווירקלעך געשטאַנען עטלעכע צענדליק קליינע פּויערישע פֿורלעך, מיט וועלכע מען האָט געבראַכט תּבואה פֿאַר דער מיליטערישער מאַכט. פּשוט: די אַרמיי האָט מיט עטלעכע טעג צוריק רעקווירירט אין אומגעגנט די תּבואה און באַפֿוילן די פּויערים זי צוצושטעלן קיין בראָד.

אָט מיט די דאָזיקע פּויערים האָבן מיר זיך אַרײַנגעלאָזן אין אונטערהאַנדלונגען. זיי האָבן דערשמעקט אַ פֿעטן ביסן און זיי האָבן אַרויסגעשטעלט פֿאָדערונגען: 2 אָדער הויך 3 מענטשן זאָלן פֿאָרן אויף איין וועגעלע און דער אָפּצאָל פֿאַר דער רײַזע זאָל זיך זיי לוינען. דערבײַ האָבן זיי זיך אויסגענומען, אַז ווײַטער ווי קיין פּאָטשאַיעוו וועלן זיי אונדז נישט פֿירן.

פּאָטשאַיעוו ליגט נישט ווײַט פֿון בראָד. אין אַמאָליקן צאַריש־פּראַוואָסלאַוונעם רוסלאַנד האָט פּאָטשאַיעוו געהאַט אַ גרויסן נאָמען. דאָרט געפֿינט זיך איינער פֿון די גרעסטע פּראַוואָסלאַוונע קלויסטערס — די אַזוי־גערופֿענע „פּאָטשאַיעווסקאַיאַ לאַווראַ”. אין די פּוילישע צײַטן איז די „לאַווראַ” געבליבן אין די הענט פֿון די פּראַ־

וואָסלאַוונע פּאָפּן, אָבער די מאַכט און דער גלאַנץ פֿון דאָזיקן קלויסטער זײַנען, פֿאַרשטייט זיך, שוין פֿאַרשוואונדן. דאָך קלינגט נאָך היינט ווײַט און ברייט צווישן דער אוקראַינישער און ווײַסרוסישער באַפֿעלקערונג דער נאָמען פֿון דער דאָזיקער „לאַווראַ".

אָט־אַהין — נישט מער ווי אַ 20 קילאָמעטער — האָבן די אוקראַינישע פּויערים, די אייגנטימער פֿון די וועגעלעך, מסכּים געווען אונדז אָפּצופֿירן. ווײַטער האָבן זיי בשום־אופֿן נישט געוואָלט פֿאָרן, נישט געקוקט אויף די גרויסע סומען געלט, וואָס מיר האָבן זיי פֿאָרגעשלאָגן. זיי האָבן פּשוט מורא־געהאַט צו ווײַט זיך צו דערווײַטערן פֿון דער היים.

מיר זײַנען אַוועקגעלאָפֿן נאָך אונדזערע פּעקלעך. גלײַכצײַטיק האָבן מיר אַוועקגעשיקט איינעם פֿון אונדזער גרופּע אין דאָרף רופֿן די פּוילישע קאָלעגן. אונדזער שליח איז שנעל צוריקגעקומען מיט דער ידיעה, אַז ער האָט קיינעם אין דאָרף נישט געטראָפֿן און אַז די פּויערים האָבן געזען אַלעמען אַוועקגיין צופֿוס אין דער ריכטונג פֿון קרעמעניץ.

די האַנדלונג פֿון אונדזערע קריסטלעכע קאָלעגן — דאָס אַוועקגיין פֿון אונדז אָן אַ „זיי־געזונט" — האָט אונדז שטאַרק ווי געטאָן. אָבער עס איז נישט געווען קיין צייט פֿיל וועגן דעם צו טראַכטן. עס האָט זיך פֿאַרקאָכט מיט די פּויערים אַ שרעקלעכע קאַשע. גערעדט האָבן מיר מיט זיי וועגן וועגעלעך פֿאַר צענטליקער מענטשן און דאָ לאָזט זיך אויס, אַז עס פֿאָרט בלויז אַ קליינע קאָמפּאַניע פֿון אַנדערהאַלבן צענדליק מענטשן. די פּויערים האָבן געטענהט — און געהאַלטן האָבן זיי זיך זייער סאָלידאַר — אַז מיר זײַנען מחויב אַלעמען צו באַצאָלן, ווײַל מיר האָבן זיי אויפֿגעהאַלטן אין שטאָט. אַביסל אַ גערעכטע טענה איז עס טאַקע געווען. מיר האָבן בלית ברירה זיי געגעבן עפּעס אַנטשעדיקונג און מיט אונדז זײַנען געבליבן אַ 6־7 וועגעלעך פֿאַר אונדזער אידישער גרופּע.

ווען מיר זײַנען שוין געשטאַנען בײַ די וועגעלעך, האָבן זיך באַוויזן איבער דער שטאָט 2 אויסשפּיר־עראָפּלאַנען. זיי זײַנען געפֿלויגן זייער הויך און פֿאַרדעכטיק. מיר, די דערפֿאַרענע, האָבן געפֿילט, אַז עס גרייט זיך אַ באָמבאַרדירונג. אָבער אויך די פּויערים האָבן אינסטינקטיוו דערפֿילט די סכּנה און אונדז גענומען אונטערטרײַבן. לײַדער, האָבן מיר נאָך געמוזט וואַרטן, ווײַל איינער פֿון אונדזער קאָמפּאַניע, בערנאַרד זינגער, איז נישט געווען פֿאַרטיק צו דער רײַזע. עס איז געשען מיט אים אַ קאָמישע געשיכטע: בײַם אָנקומען אין שטאָט, האָט ער אָפּגעגעבן זײַן פּאָרטפֿעל מיט אַלע זײַנע דאָקומענטן דעם שטאָטישן אַפּטייקער, בײַ וועלכן ער האָט געוואוינט.

אָבער גראָד האָט דער אַפּטייקער יענעם פֿרימאָרגן פֿאַרלאָזן אינ־דערפֿרי די וואוינונג, און מען האָט אים נישט געקענט אין ערגעץ אויפֿזוכן!

דעם אַפּטייקערס טאָכטער, עטלעכע אַנדערע אָרטיקע פּרײַנט און בערנאַרד זינגער אַליין זײַנען אַרומגעלאָפֿן איבער דער שטאָט, אָבער מען האָט נישט געקאָנט געפֿינען דעם אַפּטייקער. די פּויע־רים האָבן אונדז יעדע ווײַלע געגעבן אַן אולטימאַטום, אַז אויב מיר פֿאָרן נישט אין עטלעכע מינוט אַרום, פֿאָרן זיי אַרויס פֿון שטאָט אָן אונדז.

דערווײַל איז געשען אַ זייער פֿאַרדריסלעכער אינצידענט, וואָס האָט אונדז אינגאַנצן אויפֿגערודערט. עפּעס אַ גרופּע היים־בלוטיקע אַנטיסעמיטישע גימנאַזיסטלעך איז געשטאַנען אַ שטיקל צײַט נעבן אונדזערע וועגעלעך און אין אַ געוויסן מאָמענט האָבן זיי אָנגעהויבן טײַטלען אויף אונדז מיט די פֿינגער:

— אָט, זעט, ווער עס מאַכט אָן אַ פּאַניק! אָט זעט, ווער עס זײַנען אונדזערע דיווערסאַנטן!

עס איז אַנטשטאַנען אַ גרויסע מחלוקת צווישן די אַנטיסעמיטישע גימנאַזיסטלעך און עטלעכע אונדזערע אָרטיקע פּרײַנט. עס האָבן זיך געטראָגן איבערן גאַס געוואַלטן. קריסטלעכע פֿאַרבײַגייער האָבן זיך אָפּגעשטעלט און זיך גענומען אַרײַנמישן. איינצלנע פֿון די היציקע אַנטיילנעמער אין דער מחלוקת זײַנען אַרײַן אין אַזאַ פֿײַער, אַז זיי האָבן זיך גענומען פֿאַרמעסטן מיט די פֿויסטן. מען האָט געמוזט זיך אַרײַנמישן, אַז עס זאָל נישט קומען צו קיין געשלעג.

מיר האָבן נישט געוואָלט איבערלאָזן ביי קיין איין מענטש אין שטאָט דעם איינדרוק, אַז מיר פֿאַרלאָזן די שטאָט אומגעזעצלעך. מיר האָבן גענומען אויפֿקלערן די יינגלעך, ווי די זאַך זעט אויס אין דער ווירקלעכקייט — אַז די מיליטערישע מאַכט אין שטאָט איז אינפֿאָר־מירט וועגן אונדזער אָפּפֿאָר.

אָבער די גימנאַזיסטלעך איז נישט אַזוי געגאַנגען וועגן די פֿאַקטן, ווי וועגן דער העצע. מיר האָבן זיך דעריבער קורץ בעראָטן און עס איז געבליבן אַוועקצוגיין אין דער קאָמענדאַנטור מעלדן וועגן די ווילדע טומלערײַען, וואָס די דאָזיקע יינגלעך מאַכן אונדז בײַם אַוועקפֿאָרן. אין דער מיליטערישער קאָמענדאַנטור איז מען ווירקלעך די גאַנצע צייט געווען אינפֿאָרמירט וועגן אונדזערע אַלע שריט און עס איז בײַ דער מיליטערישער מאַכט פֿון שטאָט אויף קיין איין מינוט נישט גע־ווען קיין צווייפֿל, אַז מיר האָבן רעכט צו פֿאַרלאָזן די שטאָט, ווייל מיר זײַנען סײַ־ווי נישט קיין אָרטיקע מענטשן.

ווען מיר האָבן געמאָלדן די יִינגלעך, אַז מיר גייען אַוועק זיי פֿאַר־קלאָגן פֿאַר דער מיליטערישער מאַכט, האָט איינער פֿון זיי טראָציק אויסגעשריגן:

— איך וועל דאָרטן זײַן פֿאַר אײַך! מיר וועלן אײַך אָנלערנען!

און ער איז ווירקלעך אַוועקגעלאָפֿן אין דער ריכטונג פֿון דער מיליטערישער קאָמענדאַנטור.

עס האָט טאַקע נישט געדויערט קיין 5 מינוט און ער איז שוין געווען צוריק אין דער באַגלייטונג פֿון עפּעס אַן אָפֿיציר, אין וועלכן ער און די איבעריקע יִינגלעך האָבן גענומען היציק אַרײַנשרײַען:

— דיוווערסאַנטן, פּראָשע פּאַנאַ פּאָרוטשניקאַ!

— דעזערטירן זענען דאָס!

— זיי רופֿן אַרויס אַ פּאַניק אין שטאָט!

דער אָפֿיציר האָט זיך קוים פֿון זיי באַפֿרײַט. ער איז צוגעגאַנגען צו אונדז. איינער פֿון די גימנאַזיסטן — דער זעלבער, וואָס האָט אים גע־בראַכט — האָט אים נישט געוואָלט אָפּלאָזן אויף קיין איין מינוט, און אין אים כּסדר אַרײַנגעשריגן, אַ צעיאַכמערטער. דער אָפֿיציר האָט גענומען שטעלן אונדז פֿראַגן, אָבער דער צעיאַכמערטער אַנ־טיסעמיטישער יונג האָט אונדז נישט געלאָזן קומען צום וואָרט, און כּסדר „געענטפֿערט" פֿאַר אונדז.

ענדלעך האָט בײַ אונדז געפּלאַצט די געדולד און מיר האָבן זיך געוואָרפֿן אויף דעם יאַט אין די אויגן פֿון דעם אָפֿיציר.

— איך בין דער פֿירער פֿון דער גרופּע — האָב איך זיך געווענ־דעט צום אָפֿיציר — מיר זײַנען זשורנאַליסטן פֿון וואַרשע און מיר פֿאָרן מיט פּאַפּירן פֿון מיניסטאָרן־ראַט. אונדזערע פּאַפּירן זײַנען באַקאַנט דער היגער מיליטערישער קאָמענדאַנטור, ווײַל מיר האָבן זיי דאָרט באַוויזן. אונטערן מאַנטל פֿון פּאַטריאָטישע געוואַלדן, וויל פֿאַקטיש דער דאָזיקער יונגערמאַן אויפֿהייבן אין שטאָט אַן אַנטי־סעמיטישע העצע. באַוואוסטזיניק אָדער אומבאַוואוסטזיניק פֿירט ער דערמיט אויס אין דער ווירקלעכקייט אַ דיוווערסיע, וועלכע קען נוצן ברענגען בלויז היטלערן. אַט ער און זײַנע חברים זײַנען עס טאַקע ווירקלעכע דיוווערסאַנטן!

ווי נאָר איך האָב געזאָגט דעם אָפֿיציר, אַז מיר זײַנען פֿון דער זשורנאַליסטן־גרופּע, האָט ער געוואָרפֿן אויף דעם טומלדיקן העצער אַזאַ בייזן קוק, אַז יענער איז באַלד אַנטשוויגן געוואָרן.

— ווער איז דאָ באַלעבאָס? — האָט דער אָפֿיציר גענומען שרײַען — מיט וועלכע רעכט און אין וועמענס אינטערעסן רופֿט איר אַרויס אַ טומל אין שטאָט? אַזעלכע דיווערסאַנטישע שטיק וועל איך אײַך נישט פֿאַרשווײַגן!

אַ רויטער פֿון אויפֿרעגונג, האָט דער אָפֿיציר געכאַפּט פֿאַרן קאָלנער דעם בחורעץ, וועלכער האָט אים געבראַכט אַהער, און אים גענומען טרייסלען:

— איך וועל אײַך אָנלערנען, אַז איר וועט פֿאַרזאָגן אַ צענטן! דערשיסן וועלן מיר אַזעלכע! ווי די הינט וועלן מיר אײַך דערשיסן! עס איז קריג — צי פֿאַרשטייט איר עס?

מיר האָבן גענומען בעטן דעם אָפֿיציר, ער זאָל עס נישט נעמען אַזוי טראַגיש. מיר האָבן אים אויפֿגעקלערט, אַז מיר ווילן נישט אַוועקפֿאָרן פֿון שטאָט אונטערן אײַנדרוק פֿון די יִינגעלשע טומלע־רײַען, אָבער מיר ווילן אויך נישט, אַז די דאָזיקע לײַכטזיניקע יִינגלעך זאָלן עפּעס לײַדן.

דער אָפֿיציר האָט נישט געוואָלט פֿון גאָרנישט הערן. טרייסלענ־דיק דעם פֿאַרהאַלטענעם בחור און שטויסנדיק אים פֿאַר זיך, האָט ער צו אונדז בלויז אויסגעדרייט דעם קאָפּ, און, אַלץ נאָך אַ רויטער פֿון כּעס, געשריגן:

— איר, פּאַנאָוויע, קענט אײַך פֿרײַ פֿאָרן, אָבער קיין דעות וועגן אַזעלכע פֿאַרשוינען זאָלט איר אונדז נישט זאָגן!

— אָבער... אָבער, פּאַניע פּאָרוטשניקו... איך האָב דאָך נאָר געוואָלט... איך... — האָט דער בחורעץ געשטאַמלט ווייס ווי די וואַנט.

— דאָס וועלן מיר שוין זען, וואָס דו האָסט געוואָלט! — האָט דער אָפֿיציר אים געשטויסן פֿאַר זיך און פֿאַרשוואונדן מיט אים הינ־טער דער מויער.

מיר זײַנען געבליבן אויפֿגערעגטע און באַטריבטע פֿון גאַנצן אינצידענט. כאָטש מיר האָבן „געוואונען", איז אונדז דער גאַנצער אינצידענט מיט פֿאַרהאַלטן דעם דאָזיקן לײַכטזיניקן יונגעמאַן נישט געווען ניחא. מילא, קיין ברירה האָבן מיר נישט געהאַט און שולדיק איז ער זיך אַליין געווען. זײַנע איבעריקע חברים האָבן זיך באַצײַטנס אַרויסגעשאַרט פֿון געסל — ווי נאָר זיי האָבן דערזען, אַז דער אָפֿיציר נעמט זיך צו זייער קאָלעגע.

בערנאַרד זינגער איז דערווײַל נאָך אַלץ נישט געווען. ער האָט בלויז צוגעשיקט דעם אַפּטייקערס טאָכטער מיט אַ שליחות, אַז ער בעט אונדז מיר זאָלן פֿאָרן אָן אים, ווײַל ער פֿאַרשטייט, אַז צוליב אים איינעם דאַרפֿן מיר נישט פֿאַרלירן די פֿורלעך.

עס האָט, פֿאַרשטייט זיך, נישט געקענט זײַן קיין רייד וועגן איבערלאָזן אים. איך האָב זיך אָפּגעשמועסט מיט אונדזער גאַנצער

קאָמפּאַניע, אַז זיי זאָלן דערווײַל אַרויספֿאָרן פֿון שטאָט, וואַרטן אויף אונדז בײַם פֿינפֿטן קילאָמעטער ביז מיר וועלן אונטערקומען.

מיר — האָט אין דעם פֿאַל געהייסן: זינגער און איך. די וועגע־לעך מיט אונדזער גאַנצער קאָמפּאַניע זײַנען אַרויס פֿון שטאָט און איך בין מיט איין וועגעלע פֿאַרבליבן וואַרטן אויף זינגערן.

אין דער אַפּטייק איז זינגער נישט געווען. ער איז אַרומגעלאָפֿן איבער דער שטאָט און אַלץ נאָך געזוכט דעם אַפּטייקער. ער איז צום סוף געקומען צולויפֿן אַ דערשלאָגענער און מיך ווידער גענומען אַגיטירן, איך זאָל אַוועקפֿאָרן אָן אים.

דערווײַלע האָבן זיך ווידער באַוויזן איבער דער שטאָט עטלעכע עראָפּלאַנען. דער פֿויער, דער אייגנטימער פֿון אונדזער וועגעלע, האָט זיך אַ שאַר געטאָן הינטער אַ מויער און גענומען שרײַען, אַז דאָס לעבן איז אים ליבער, ווי דער פֿאַרדינסט: אויב איך בין נישט מסכּים שוין צו פֿאַרלאָזן די שטאָט, וועט ער אַוועק אַליין.

איך וואָלט זיך קיינמאָל נישט פֿאָרגעשטעלט, אַז אַ פֿאַרהאַר־טעוועטער פֿויער זאָל אַרויסווײַזן אַזאַ פּחדנות אין אָנבליק פֿון אַ סכּנה. ער האָט זיך אינגאַנצן געוואָרפֿן. עס האָט געמאַכט דעם אײַנ־דרוק, אַז די פֿליענדיקע עראָפּלאַנען וואַרפֿן אויף אים אָן אַזאַ אימה נישט אַזוי ווײַט צוליב דער סכּנה, וואָס זיי ברענגען מיט זיך, ווי מיט זייער געהיימנישפֿולקייט, וועלכע צעטרייסלט אים אינגאַנצן.

אַזוי, צי אַזוי: איך האָב געדאַרפֿט באַשליסן. וועגן בלײַבן מיט זינגערן האָט נישט געקענט זײַן קיין רייד. צווישן אַנדערן האָב איך בײַ זיך געהאַלטן די קאַסע פֿון אונדזער גאַנצער קאָמפּאַניע — בערך דריטהאַלבן טויזנט זלאָטעס.

אָבער ווי אַזוי לאָזט מען איבער זינגערן?

איך האָב זיך ענדלעך אָפּגעשמועסט מיט זינגערן, אַז איך וועל איצט נאָכפֿאָרן דער גאַנצער קאָמפּאַניע ביזן פֿינפֿטן קילאָמעטער, און מיר וועלן אַלע דאָרטן וואַרטן אויף זײַן קומען. עס איז דאָך געווען קלאָר, אַז דער אַפּטייקער וועט זיך פֿונדעסטוועגן אינגיכן אָפּזוכן.

דער פֿויער האָט גענומען שמײַסן דאָס פֿערדל מיט אַזאַ רציחה, אַז דאָס פֿערדל איז נישט געלאָפֿן, נאָר געפֿלויגן. מיר זײַנען נאָך נישט געהאַט אַרויסגעפֿאָרן פֿון צווישן די לעצטע הינטערשטאָטישע הײַזלעך, ווי די לופֿט איז געוואָרן אויפֿגעציטערט פֿון אַ מעכטיקן אויפֿרײַס. איך האָב קוים באַוויזן זיך אומצוקוקן, ווי עס האָט זיך דערהערט אַ צווייטער אויפֿרײַס. איבער בראָד האָבן זיך געוויקלט צוויי געדיכטע, ריזיקע וואָלקנס רויך...

דער פּויער האָט געטריבן דאָס פֿערדל אַלץ שטאַרקער און שטאַרקער. איך בין געזעסן אויסגעדרייט מיטן פּנים צו דער שטאָט און זיך געקאָרטשעט פֿון ווייטאָג:

— ווער ווייס וואו די באָמבעס האָבן איצטער געטראָפֿן! ווער ווייס, צי עס האָט נישט געליטן עמעצער פֿון אונדזערע בראָדער פֿריינט!

— אָבער איך האָב געוואוסט וואָס עס גרייט זיך! — האָט גע־מורמלט דער פּויער — איר האָט זיך מיט מיר געשפּאַרט! איך קען זיך אויף אַזעלכע זאַכן! איך בין געווען אין יענעם קריג!...

איבער בראָד זײַנען איצטער געפֿלויגן עראָפּלאַנען אין אַלע ריכ־טונגען. ווידער האָבן זיך געהערט אויפֿרײַסן. צוויי עראָפּלאַנען, וואָס זײַנען געפֿלויגן נישט העכער ווי אַרום 50 מעטער איבער דער ערד — זיי האָבן באַרירט כּמעט די שפּיצן פֿון די ביימער! — האָבן מיט גערויש און אימפּעט זיך געטראָגן פֿון דער שטאָט דירעקט צו אונ־דזער שאָסיי.

— מסתּמא פּוילישע! — האָב איך אויסגעדריקט מײַן השערה.

„ווי קען דען זײַן אַנדערש, האָב איך געטראַכט אין יענעם מאָ־מענט, זיי פֿליען אַזוי נידעריק, ווײַל זיי האָבן זיך אָפּגעריסן אָקאָרשט פֿון דער ערד, כּדי צו פֿאַרפֿירן אַ קאַמף מיט די דײַטשע באָמבערס!"...

ערשט ווען די עראָפּלאַנען זײַנען אַריבערגעפֿלויגן איבער אונ־דזערע קעפּ, האָבן מיר דערזען די האַקנקרײַצן, מיט וועלכע זיי זײַנען געווען באַמאָלן...

בראָד האָט געהאַט אַ ביטערן ראש־השנה!

# מען דאַרף זיך ראַטעווען!

## 1

### צווישן פאָלקסמענטשן אין פּאַטשאַיעוו

ביים פינפטן קילאָמעטער האָבן די איבעריקע פורלעך געוואַרט אויף מיר. שפּעטער האָבן מיר לאַנג געוואַרט אויף זינגערן, אָבער קיין שום וואָגן אָדער דראָזשקע האָט מען נישט געזען. די פויערים האָבן ווידער גענומען זיך בונטעווען. אויב מיר פאָרן נישט — האָבן זיי געטענהט — לאָזן זיי אונדז איבער, ווייל זיי האָבן שוין פאַרלוירן צוליב אונדז אַ גאַנצן טאָג, און ביז זיי וועלן קומען צוריק אין דאָרף אַריין, אויף יענער זייט בראָד, וועט דויערן אַ מעת-לעת.

מיר האָבן זיך אַנטשלאָסן צו פאָרן ווייטער אָן זינגערן. מיר האָבן געטראַכט, אַז ער וועט אונדז אָניאָגן אין פּאָטשאַיעוו.

צוליב זיכערקייט מצד עראָפּלאַנען, האָבן די פויערים זיך פאַרנומען אויף זייטיקע, זאַמדיקע וועגן:

— עס איז אַפילו — האָבן זיי געטענהט — אַביסל ווייטער, אָבער עס איז זיכערער צו פאָרן.

מיר זיינען געפאָרן אין געדיכטע טומאַנען שטויב פון ביידע זייטן. דער שטויב איז געווען אַזוי געדיכט, אַז איין וועגעלע האָט נישט געזען דאָס אַנדערע. ערשט עטלעכע קילאָמעטער פאַר פּאָ-טשאַיעוו זיינען מיר צוריק אַרויף אויף אַ ריינערן וועג. ווען איך האָב אַ קוק געטון אויף די וועגעלעך פאַר מיר, האָב איך בוכשטעב-לעך זיך נישט געכאַפּט וואָס דאָ איז פאָרגעקומען: פאַר מיר זיינען געזעסן מענטשן מיט קאָמישע געלע שטויב-מאַסקעס אויף די געזיכ-טער. זייערע פּנימער זיינען געווען אַזוי געענדערט, אַז ווען איך וואָלט נישט געוואוסט, וועמען איך האָב פאַר זיך, וואָלט איך זיי נישט דערקענט!

ווי נאָר מיר זיינען אַרויסגעפאָרן אויף אַביסל אַ בעסערן וועג און דער שטויב האָט אויפגעהערט, האָט זיך אַנטפּלעקט פאַר אונ-דזערע אויגן אַ וואונדערבאַרע פּאַנאָראַמע: פאָרויס, ווייט פאַר אונדז — קילאָמעטערס ווייט! — האָבן זיך געהויבן פאַר אונדזערע

אויגן לאַנגע און ברייטע מויערן, וואָס האָבן געקיניגט מאַיעסטעטיש איבער דער גאַנצער געגנט, ווי עפּעס אַ לעגענדאַרער פּאַלאַץ פון די קינדער־מעשהלעך.

— אָט איז זי, די פּאָטשאַיעווסקאַיאַ לאַוראַ! — האָבן די פויערים געזאָגט מיט שטאָלץ!

אַ פײַערדיקע זון — אַ גרויסע, אַ צעפּלאַמטע, אַ צעגאָסענע — איז געשטאַנען איבער די דעכער פון דער מעכטיק־געבויטער פיר־קאַנטיקער „לאַוורא". פונדערווײַטנס איז זי געווען ענלעכער צו אַ מיטל־אַלטערלעכער פירשטלעכער פעסטונג, ווי צו אַ קלויסטער.

דער הערלעכער אָפּגלאַנץ פון דער צעפּײַערטער זון איבער די מעש־באַשלאָגענע דעכער פון דער „לאַוראַ" האָט געבלענדט אין די אויגן. וואָס נעענטער מיר זײַנען געקומען צו דער „לאַוראַ", אַלץ נידעריקער און צעברענטער האָט זיך די זון געזעצט איבער די מע־שענע דעכער, אַלץ צעגליטער איז געווען דער בלענדנדיקער אָפּשײַן פון דאָזיקן הערלעכן זון־אונטערגאַנג.

דאָס קלאַפּן פון רעדער אויפן שטיינערדיקן ברוק פון שטעטל האָט מיך אַרויסגעריסן פון דער זיסער פאַרגעסנקייט. אונדזערע ווע־געלעך האָבן זיך געטרייסלט אויפן ברוק פון די פּאָטשאַיעווער געס־לעך. איינצלנע ראש־השנהדיק־פײַערלעכע אידישע פאַרבײַגייער האָבן מיט אויפגעריסענע אויגן נאָכגעקוקט דער משונהדיקער עקספּעדיציע פון 6־7 פויערישע וועגעלעך מיט אַן אַנדערהאַלבן צענטליק פאַר־שטויבטע — און נאָך ווי פאַרשטויבטע — פרעמדע אידן.

די פויערים טרײַבן אַרײַן זייערע וועגעלעך אין גרויסן אָפענעם טויער פון דער „לאַוראַ".

— דאָ וועט איר קענען — זאָגן זיי — איבערנעכטיקן! דאָ גיט מען אַרויס צימערן איבערצונעכטיקן!

איך בין ווײַט נישט געווען צופרידן פונם וואָרט „איבערנעכטיקן". מײַן לאָזונג איז געווען: בסדר פאָרן ווײַטער, כסדר פאָרן ווײַטער! אָבער עס איז געווען געוווג בלויז אָנצוקוקן מײַנע קאָלעגן, כּדי צו זען, אַז עס קען איצט נישט זײַן קיין רייד וועגן ווײַטער פאָרן הײַנ־טיקע נאַכט.

עמעץ האָט מיר צוגעטראָגן צום פּנים אַ שפּיגעלע און דער ערשטער געפיל מײַנער איז געווען — שרעק. בוכשטעבלעך: איך האָב זיך דערשראָקן פאַר זיך אַליין. פון שפּיגעלע האָט געקוקט אויף מיר נישט קיין מענטש, נאָר עפּעס אַ משונהדיקע פוטוריסטישע מאַסקע!

איך האָב נאָכגעטאָן דעם בײַשפּיל פון די אַנדערע קאָלעגן, זיך אויסגעטאָן נאַקעט ביז דער העלפט און, פריער אויסבערשטלענדיק

די האָר, האָב איך זיך גענומען וואַשן און רײַבן אונטער אַ מחיהדיקן ברונעם, ביז איך האָב זיך דערפֿילט אָפּגעפֿרישט און ריין.

שפּעטער האָבן מיר לאַנג-לאַנג גערייניקט די מלבושים. איינער האָט געפּוצט דעם צווייטן. אַזויאַרום איז אונדז אַביסל געלונגען אַרויסצוציִין פֿון שטויב.

אַרום אונדז האָבן זיך געדרייט פּראַוואָסלאַוונע דיאַקלעך, יונגע מאַנאַכן מיט ציגענע בערד און לאַנגע האָר. שווײַגנדיק, אָבער העפֿלעך, האָבן זיי אונדז באַדינט, צוגעזאָגט צימערן צום איבערנעכטיקן, און מיט איינצלנע, קאַרגע ווערטער געענטפֿערט אויף אונדזערע כאַאָטישע פֿראַגן וועגן דער „לאַווראַ", וועגן איר אַמאָליקער גרויסקייט, וועגן דער באַציִאונג צווישן דער „לאַווראַ" און די פּוילישע מאַכט-אָרגאַנען אד"גל.

דערווײַל האָבן פּאַרטיזאַנער זיך גענומען אַרײַנשאַרן אין הויף איינצלנע אידן פֿון שטעטל. עפּעס האָבן זיי אין איין אויגנבליק שוין געוואוסט ווער מיר זײַנען. איך האָב נישט באַוויזן צו אָריענטירן זיך אין דעם, וואָס עס קומט פֿאָר, ווי איך בין שוין, אַ געשטויסענער פֿון פֿרעמדע, אָבער האַרציקע אידישע פֿאָלקסמענטשן, געגאַנגען צוזאַמען מיט אַלע אַנדערע מײַנע קאָלעגן איבערן בערגל, אויף וועלכן עס שטייט די „לאַווראַ", אַראָפּ צום אידישן שטעטל.

— אָבער וואוהין פֿירט איר אונדז? — האָבן מיר געפֿרעגט די אידן אַרום אונדז.

עס איז אונדז אַלעמען וואַרעמער געוואָרן פֿון די דאָזיקע פּאָר אידן, וואָס האָבן אונדז היימישלעך געשטופּט און געשטויסן, געריסן פֿון אונדזערע הענט די זעקלעך און וואַליזעס, אומאויפֿהערלעך מור-מעלנדיק, פֿאַרשעמטע און באַגליקטע:

— אַ כּבוד פֿאַר אונדז... אַ כּבוד — אידישע שרײַבער... אַזוי פֿיל אידישע שרײַבער מיטאַמאָל... אַלץ דער צורר היטלער, ימח שמו... אַ גרויסער כּבוד... אַ גרויסער כּבוד...

ווער פֿון אײַך, לעזער, קען נישט די דאָזיקע היימישע קליינ-שטעטלדיק-באַלעבאַטישע אידישע שטובן מיט אַביסל-אײַנגעבויגענע ווענט, מיט מאָנטעפֿיאָרעס פּאָרטרעט אויף דער וואַנט, מיט אַלט-פֿרענקישע בענטש-לײַכטערס אויף אַ זײַטיק טישל און מיט שאָטנדיקע קירשנביימער, וואָס קוקן אַרײַן דורכן אָפֿענעם פֿענצטערל?

אין איינער אַזאַ שטוב האָט מען אונדז אַרײַנגעפֿירט.

מיר האָבן זיך נאָכאַמאָל גענומען וואַשן. אין טומל פֿון דער-לאַנגען שיסלען, אינמיטן פֿון וואַסער-פּליוסקעניש, אינמיטן פֿון דער רײַבערײַ מיט האַנטיכער, האָבן מיר — ווידער האַלב-אויסגעטועטע

— געמוזט ענטפֿערן אויף צענטליקער פֿראַגן פֿון די מענער און פֿרויען, וואָס האָבן אונדז באַדינט:
— ווי ווייַט זייַנען זיי, די דייַטשן?
— צי זייַנען טאַקע אָנגעקומען קיין פּוילן ענגלישע פֿליִער?
— צי איז אמת, אַז די דייַטשן פֿירן אַדורך שחיטות צווישן די אידן אומעטום, וואו זיי קומען אַרייַן?

אַזעלכע און נאָך ענלעכע פֿראַגן האָבן זיך אין די צענדליקער געשאָטן אויף אונדז פֿון אַלע זייַטן. מער פֿון אַלעם האָט מען געהערט פֿון יעדן איינעם די תחנונימדיקע פֿראַגע:

— וואָס וועט עס זייַן? וואָס וועט עס זייַן?

אין יענער מינוט האָב איך געהאַט רחמנות אויף די דאָזיקע מענטשן. איך האָב זיך דאַן געטראַכט: אונדז איז גוט, מיר האָבן זיך שוין אייַנגעלעבט אין אונדזער נייַער ראָל פֿון מענטשן, וואָס וואָגלען אָן אַ היים! אָבער ווער ווייס וואָס עס וואַרט נאָך די דאָזיקע מענטשן!

אין אַלגעמיין איז די פּסיכיק פֿון די דאָזיקע מענטשן געווען מאָדנע ענלעך צו דער פּסיכיק פֿון די בראָדער אייַנוואוינער אין יענעם זונטאָג אויפֿדערנאַכט, ווען מיר זייַנען אָנגעקומען אַהין. עפּעס האָט זיך געפֿילט אין דער פּסיכיק פֿון דער דאָזיקער גרופּע מענטשן אַן אויפֿטרייסלונג, אָבער עס האָט זיך נישט געפֿילט דער באַוואוסטזייַן פֿון דירעקטער געפֿאַר פֿאַר זיי, פֿאַר זייערע היימען, פֿאַר זייערע פֿאַמיליעס.

זיי האָבן אונדז דערציילט וועגן אַ שרעקלעכער באָמבאַרדירונג, וואָס עס איז נעכטן אויסגעשטאַנען קרעמעניץ. אָבער דאָך האָט זיך נישט געפֿילט אין זייערע רייד די דירעקטע מורא, אַז זיי קענען טרעפֿן בוכשטעבלעך דאָס זעלביקע. אַזאַ איז שוין, זעט אויס, די מענטשלעכע פּסיכיק, אַז עס איז שווער דעם מענטשן רעאַל זיך פֿאָרצושטעלן זיך אַליין אין דער זעלבער שרעקלעכער מערכה, וועלכע ער זעט בייַ זייַנעם אַ נאָענטן. עפּעס גלויבט מען אַלץ, אַז דורך וואונדערלעכע וועגן וועט מיר אַליין געלינגען אויסצומייַדן דאָס אָנקומענדיקע אומגליק.

אַ גאַנצן אָוונט האָבן מיר פֿאַרבראַכט אין דער שטוב, צו וועלכער מען האָט אונדז אַלעמען געבראַכט. אויפֿן טיש האָבן זיך באַוויזן גרויסע שיסלען מיט פֿאַרשידענע פֿרוכטן, חלות, פּוטער, גלעזער טיי. מיר האָבן אַלץ געשלונגען מיט גרויס אַפּעטיט. יעדע מינוט האָט זיך באַוויזן אין טיר עמעץ אַנדערש פֿון שטעטל מיט אַ גרויסן קויש שפּייַז און פֿרוכטן פֿאַר די געסט: אפֿשר וועט אויספֿעלן.

די פֿרויען און מיידלעך זייַנען געשטאַנען בייַ די ווענט און גע־שלונגען טרערן. דער פֿרייַנטלעכער באַלעבאָס — אַן אָרטיקער ציו־

ניסטישער טוער — און די איבעריקע מאַנסלײַט, וואָס האָבן פֿאַרפֿולט דעם צימער, האָבן נישט אויפֿגעהערט צו שטעלן פֿראַגן וועגן יע־דערנס יחוס:

— לאָמיר כאָטש האָבן דאָס פֿאַרגעניגן צו וויסן ווער עס זײַנען געוועזן אונדזערע געסט...

בײַ יעדן נאָמען איז דער צימער פֿול געוואָרן מיט אַן „אָ־אָ־אָ!" און מיט אַ דרך־ארצדיק שושקעניש:

— אָ, נאַטאַן שוואַלבע!

— אָ, דאָס איז יאושזאָן!

— אָ, דוד פֿלינקער!

— אָ, נח פּרילוצקי!

— אָ, לאַזאַר קאַהאַן!

אַז עס איז געקומען צו שעפֿנערן, האָט ער, אַנווײַזנדיק מיט דער האַנט אויף מיר, זיך אַ וויצל־געטאָן:

— ווען איר וואָלט פֿריִער געוואוסט ווער מיר ביידע זײַנען, וואָלט איר אונדז זיכער נישט אַזוי היים אַרײַנגעבעטן צו זיך!

דער באַלעבאָס איז געוואָרן אַביסל מבולבל און נישט געוואוסט וואָס צו ענטפֿערן. עפּעס אַ צווייטער איד נעבן האָט אים האָט אַ טרעף געטאָן:

— מסתּמא פֿון דער בונדיסטישער „פֿאָלקסצײַטונג"?

ווען דער באַלעבאָס האָט זיך דערוואוסט, ווער מיר זײַנען, האָט ער זיך אָפּגערופֿן צו שעפֿנערן אַ באַליידיקטער (ער האָט געמיינט, אַז שעפֿנער האָט עס געזאָגט ערנסט):

— ווי האָט איר עס געקענט גאָר טראַכטן אַזוי? איר זענט אונדז די זעלבע ליבע געסט, ווי די ציוניסטישע שרײַבער! וואָס מיינט איר עפּעס?

עס איז אונדז קוים געלונגען אים צו איבערצײַגן, אַז שעפֿנער האָט עס נישט געמיינט ערנסט.

ווען מיר האָבן געפּרואווט אַ טענה טאָן, אַז מען דאַרף אונדז העלפֿן אויפֿזוכן פֿערד אויף מאָרגן פֿאַרטאָג, האָבן די אידן זיך צעלאַכט:

— פֿאַר וואָס האַלט איר אונדז? פֿאַר בטלנים? פֿערד זײַנען שוין פֿאַר אײַך באַשטעלט! איר דאַרפֿט שוין גאָר מער נישט זאָרגן.

פֿאַרטאָג זײַנען עטלעכע פֿון אונדזערע פֿרײַנט געגאַנגען אי־בער די הײַזער, וואו מען האָט אונדז געהאַט אײַנגעאָרדנט אויף נאַכטלעגער, כּדי אונדז אויפֿצוואַועקן. די פֿורלעך האָבן שוין געוואַרט.

מיר האָבן זיך האַרציק געזעגנט מיט די נײַע קליינשטעטלדיקע פֿרײַנט אונדזערע און אין אַ ווײַלע אַרום איז שוין אויך פּאָטשאַיעוו

מיט אירע האַרציקע אידן געבליבן הינטער אונדז. וואָס מער איך דערוויַיטער זיך פֿון יענעם פּאָטשאַיעווער פֿאַרנאַכט, אַלץ וואָרע־מער ווערט מיר אין האַרצן פֿון דער דאָזיקער דעראינערונג. וואָס מאַכט איר, וואו זענט איר איצט ליבע, האַרציקע פּאָטשאַיעווער אידן? צי האָט איַיך נישט צעטרעטן דער ברוטאַלער שטיוול פֿון מענטשנפֿרעסערישן אָקופּאַנט? צי האָט איר אין זיך געפונען כּוח אי־בערצוהאַלטן די אוממענטשלעכע פּיַין?

## 2

## אַ וויזיט ביַי דער פּאָליציי

פֿאַרן פֿאַרלאָזן פּאָטשאַיעוו, האָבן אונדז די אָרטיקע אידן דער־ציילט, אַז ביַינאַכט זיַינען אָנגעקומען אין שטעטל אַריַין פּליטים פֿון בראָד און פֿון קרעמעניץ, וועלכע זיַינען נעכטן און אייערנעכטן באָמבאַרדירט געוואָרן. די קרעמעניצער דערציילן, אַז אין זייער שטעטל האָבן זיך די גאַנצע ציַיט געפֿונען פּוילישע מיניסטאָרן און אויסלענדישע אַמבאַסאַדאָרן, און דערפֿאַר איז מסתּמא די שטאָט באָמבאַרדירט געוואָרן. די בראָדער האָבן דערציילט, אַז די שטאָט איז באָמבאַרדירט געוואָרן, וויַיל דאָרט האָט זיך גראָד געפֿונען דער פּרע־מיער סקלאַדקאָווסקי.

צי דער פּרעמיער סקלאַדקאָווסקי איז ווירקלעך געווען אין יענער שעה אין בראָד, איז מיר ביז היַינט נישט געלונגען פֿעסטצושטעלן. אָבער גאַנץ בראָד האָט וועגן דעם גערעדט מיט פֿולשטענדיקער זיכערקייט.

אין נאָמען פֿון די בראָדער פּליטים האָט מען אונדז איבערגע־געבן אַ פֿאַנטאַסטישע געשיכטע, אַז דער פּרעמיער איז עטלעכע מינוט פֿאַר דער באָמבאַרדירונג אַריַין אין דער אוקראַינישער קאַפֿע אויף דער הויפּט-גאַס (די זעלבע, וואו מיר פֿלעגן זיצן און הערן ראַדיאָ). באַלד דערנאָך זאָל זיך האָבן אָנגעהויבן די באָמבאַרדירונג, בעת וועלכער אַ באָמבע האָט געטראָפֿן די דערמאָנטע קאַפֿע און דערהרגעט אַלע אָנוועזנדיקע, צווישן זיי דעם אוקראַאינישן באַלע־באָס מיט די קעלנערינס.

— בלויז סקלאַדקאָווסקי האָט זיך געראַטעוועט... ער איז אַרויס־געשפּרונגען דורכן פֿענצטער...

די דאָזיקע געשיכטע האָבן מיר פֿיל מאָל געהערט אויך שפּעטער.

— אַז אַלץ ווייסן זיי די דיַיטשן... אַז אַלץ גיט מען זיי צו וויסן...

— אַז אומעטום האָבן זיי זייערע שפּיאָנען..

אויפֿן וועג האָבן מיר זיך אָנגעהערט אַן אַ שיער סטערעאָטיפּישע געשיכטעס וועגן אַרעסטירטע שפּיאָנען מיט מאָדנע שטעקנס, וואָס אין זייער שפּיץ איז געווען אַ סיגנאַל־לעמפּל, וועגן שפּיאָנען מיט געהיימניספֿולע זייגערס אַ. ד. גל. אין אַלע שטעט האָט מען אונדז דערציילט די זעלבע מעשה און אומעטום האָט מען אין איר הייליק געגלייבט. עס האָבן זיך אַפֿילו געפֿונען עדות, וואָס האָבן אַלץ געזען „מיט די אייגענע אויגן"...

וועגן קרעמעניץ האָבן די דאָרטיקע פּליטים דערציילט, אַז עס איז געווען אַרום הונדערט קרבנות פֿון דער באָמבאַרדירונג — פּויערים און אידן (עס איז גראָד געווען אַ מאַרק־טאָג אין שטעטל). וואָס שייך די מיניסטאָרן מיט די דיפּלאָמאַטן, זיינען זיי אַלע באַלד נאָך דער באָמבאַרדירונג אָפּגעפֿאָרן קיין גאַליציע. די פּוילישע זשור־נאַליסטן, וועלכע האָבן אונדז פֿאַרלאָזן אַן אַ „זיי־געזונט", כּדי צו פֿאָרן „צו דער רעגירונג", האָבן שוין, זעט אויס, אין קרעמעניץ קיינעם נישט געטראָפֿן.

באַזונדערס זיינען מיר געווען פֿאַרזאָרגט צוליב דעם, וואָס בער־נאַרד זינגער איז אונדז נישט נאָכגעפֿאָרן. מיר זיינען געווען אי פֿאַרזאָרגט, אי בייז. די זאַך האָט זיך אויפֿגעקלערט ערשט אין אַ 3-2 וואָכן אַרום, ווען מיר האָבן זיך מיט אים ווידער געטראָפֿן.

אַרום מיטאָג־צייט זיינען מיר צוגעקומען צום שטעטעלע פּאָד־קאַמיען. מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט אונטער אַ הויכן באַרג, פֿון וועלכן עס האָבן אַראָפּגעקוקט איינגעבויגענע אידישע מצבות. מיר האָבן געפּרואווט אונטערהאַנדלען מיט די פּויערים, אַז זיי זאָלן אונדז ווייטער פֿירן, אָבער די פּויערים האָבן נישט געוואָלט וועגן דעם הערן.

דערווייל האָבן זיך באַוויזן אַרום אונדזערע וואָגנס עטלעכע יינגלעך פֿון שטעטל. עס האָט נישט געדויערט קיין 5 מינוט און אידענעס האָבן גענומען טראָגן צו אונדז טשייניקעס טיי און פֿרוכטן. גלייכצייטיק האָבן זיך באַוויזן מענטשן פֿון שטעטל, וועלכע האָבן אונדז גענומען איינלאַדן אין שטאָט אַריין:

— איר וועט זיך אַ ווײַלע אָפּרוען, אויסטרינקען אַ גלאָז טיי, אָפּעסן עפּעס...

צווישן עולם האָבן זיך באַוויזן צוויי יונגעלייט, וועלכע האָבן דווקא געוואָלט וויסן, צי דאָ זיינען פֿאַראַן אויך מיטאַרבעטער פֿון דער „פֿאָלקסצייטונג". ווען איך מיט שעפֿנערן האָבן זיך פֿאַרגעשטעלט פֿאַר זיי און אָנגערופֿן אונדזערע נעמען, זיינען זיי געווען אַזוי אי־בעראַשט, אַז זיי זיינען געשטאַנען אַ ווײַלע אומבאַוועגלעך, קיין

וואָרט נישט אַרויסצורעדן. שפּעטער, ווען זיי האָבן זיך אַביסל באַ־הערשט, האָבן זיי מיט גרויס רעספּעקט אויסגעצויגן צו אונדז די הענט און זיך פאָרגעשטעלט:

— מיר זײַנען שטענדיקע לייענער פון דער „פאָלקסצײַטונג"...

איינער פון זיי איז ערגעץ אַוועקגעלאָפן און אין עטלעכע מינוט אַרום צוריקגעקומען מיט עפּעס אַ פּעקל, אײַנגעוויקלט אין אַ צײַ־טונג.

— דאָס איז פאַר די חברים! — האָט ער שעמעוודיק געמורמלט און עס אונדז געשטופּט אין די הענט אַרײַן — זאָלן עס די חברים מיטנעמען אין ווײַטערדיקן וועג אַרײַן!...

אויס דרך־ארץ האָט ער גערעדט צו אונדז אין דער דריטער פּערזאָן. מיר האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו נעמען דעם פּאַקעט — עס איז געווען אַ געבראָטענע הון. עס איז נישט שווער געווען זיך אָנ־צושטויסן, אַז מיר האָבן דאָ צו טון מיט אָרעמע אַרבעטער, וועלכע גיבן אונדז אַוועק דאָס, וואָס זיי האָבן אָנגעגרייט פאַר זיך אויף יום־טוב. די יונגעלײַט זײַנען געווען ממש דערשלאָגן צוליב אונדזער אָפּזאָג. זיי האָבן לסוף אַרײַנגעשטופּט די הון נח פרילוצקין.

דערווײַלע האָט מען אונדז אַוועקגעפירט אין עפּעס אַ שול־לאָ־קאַל אַרײַן. עס האָט זיך אינגאַנצן איבערגעחזרט דאָס נעכטיקע פּאָטשאַיעווער בילד: מען האָט גענומען טראָגן פאַר אונדז שיסלען מיט וואַסער, ברויט, חלה, וואורשט, טיי, עפּל.

מיר זײַנען געווען גערירט פון דער אויפמערקזאַמקייט צו אונדז. דאָס איינציקע, וואָס מיר האָבן נאָך געבעטן, איז געווען: פּערד, זאָל מען אונדז שאַפן פּערד.

עס האָט נישט געדויערט לאַנג און עס האָבן זיך געיאַוועט פור־מאַנעס, וואָס זײַנען גרייט געווען אונדז אָפּצופירן צום שכנותדיקן שטעטל ווישניעוויעץ.

— אָבער אַ דערלויבעניש צו פאָרן האָט איר? — האָבן די פורמאַנעס געפרעגט — ווײַל פון דאַנען אָן און ווײַטער שטייען אויף אַלע שאָסייען וואַכן און מען לאָזט נישט פאָרן. מען זאָגט, אַז אין זאַלעשטשיק, ביי דער רומענישער גרענעץ, האָבן זיך פאַרזאַמלט הונדערט טויזנט מענטשן, וועלכע וואַרטן, אַז די רומענער זאָלן זיי אַריבערלאָזן איבער די גרענעץ...

איך האָב אַרויסגענומען פון טאַש אונדזער נאָטאַריאַלן פּאַפּיר און עס געוויזן איינעם פון די פורמאַנעס. ער האָט געקוקט מיט גרויס דרך־ארץ אויף די קײַלעכדיקע היפּשע שטעמפּלען פון נאָטאַר, מיי־נענדיק, אַז דאָס זײַנען רעגירונגס־שטעמפּלען. דער פורמאַן האָט זיך אָבער פּלוצלונג דערמאָנט, אַז עס וועט אים אויסקומען צו־

ריקצופֿאָרן פֿון ווישניעווויץ בײַנאַכט און ער וועט נישט קענען אַרײַנ־פֿאָרן צו זיך קיין פּאָדקאַמיען, ווײַל דאָ איז צוליב קריג דער נאַכט־פֿאַרקער פֿאַרבאָטן. עס האָט געהאַלטן דערבײַ, אַז די פֿורמאַנעס זאָלן זיך צוריקציִען.

— קומט מיט מיר! — בין איך געפֿאַלן אויף אַ המצאה — פֿירט מיך אָפּ אין דער פּאָליציי־קאָמענדאַנטור, וועל איך דאָרט אַרויסבאַקומען פֿאַר אײַך אַ דערלויבעניש אַהיימצוקומען בײַנאַכט!

ער און נאָך 2 פֿורמאַנעס זײַנען מיט מיר אַוועק אין דער פּאָליציי. ווען איך האָב זיך דאָרט פֿאָרגעשטעלט און דערקלערט וואָסערע פּאַפּירן איך פֿיר מיט זיך, האָט מען מיך דאָרט אויפֿגענומען מיט גרויס רעספּעקט.

— איצט פֿאָרן מיר נאָך נאָך דער רעגירונג — האָב איך געזאָגט אַ האַלבן ליגן — און אַלץ, וואָס איך וויל פֿון אײַך, איז אַ פּאַפּירל, אַז מען זאָל די פֿורמאַנעס נישט פֿאַרהאַלטן אינמיטן וועג, ווײַל די וואַכן אויף די שאָסייען קענען טענהן, אַז די נעמען פֿון די פֿור־מאַנעס זײַנען אין אונדזערע פּאַפּירן נישט דערמאָנט...

די פּאָליציי־לײַט האָבן מיר אַרויסגעגעבן אַ פּאַפּיר, וועלכן איך אַליין האָב דיקטירט בײַם אויסשרײַבן. דער פּאַפּיר איז געווען אַזוי פֿאָרמולירט, אַז ער זאָל אויך אונדז, זשורנאַליסטן, קענען נוצן ברענ־גען. אין פּאַפּיר איז געווען געשריבן, אַז די וואַרשעווער זשורנאַליסטן, וועלכע פֿאָרן קיין זבאַראַזש (אַ ווײַטערדיקער פּונקט אין אונדזער פֿאַרויסגעזעענער רײַזע), ווערט דערלויבט מיטצונעמען מיט זיך די פֿורמאַנעס פֿון פּאָדקאַמיען און אַז די פֿורמאַנס האָבן רעכט צוריק־צוקומען קיין פּאָדקאַמיען אין יעדער שעה פֿון מעת־לעת.

ווען איך בין צוריקגעקומען מיט דער בשורה, אַז איך האָב אַזעלכע פּאַפּירן, וועלכע זײַנען גלײַכצײַטיק אויך אַ רײַזע־דער־לויבעניש פֿאַר אונדז אַליין, האָט די שטימונג פֿון אונדזער עולם זיך באַדײַטנדיק געהויבן. מיר האָבן זיך אויסגעזעצט אויף די וואָגנס, זיך געזעגנט מיט אונדזערע גאַסטגעבער פֿון שטעטל פּאָדקאַמיען און אין אַ שיינעם, וואַרעמען פֿאַרנאַכט זיך געלאָזן ווײַטער — קיין וויש־ניעווויץ.

מיר זײַנען געפֿאָרן אין אַ באַשטימטער אָרדענונג און מיט געוויסע פֿעסט־באַשטימטע אינסטרוקציעס. איך מיט נח פּרילוצקין זײַנען איצט געווען די פֿירער פֿון דער „עקספּעדיציע". מיר ביידע זײַנען געפֿאָרן אין ערשטן וואָגן. איך האָב געהאַט בײַ זיך אַלע פּאַפּירן. עס איז געווען אָפּגעשמועסט, אַז אויב עפּעס אַ וואָגן וועט פֿאַרהאַלטן ווערן, זאָל מען אָפּשיקן די וואַך צום ערשטן וואָגן. מיר, אויפֿן ערשטן וואָגן,

האָבן עס געדאַרפֿט זײַן די שליחי־ציבור אויפֿן פֿאַל טאָמער וועלן אונדזערע דאָקומענטן נישט נושא־חן זײַן בײַ עפּעס אַ וואַך.

דער וועג האָט געפֿירט דורך אַ מאָלערישער געגנט, וועלכע איז פֿיל מאָל באַשריבן געוואָרן אין די גרעסטע ווערק פֿון דער פּוילישער ליטעראַטור. מיר זײַנען געפֿאָרן איבערן פּרעכטיקן ראָמאַנטישן פּאָדאָל, דעם וויגל פֿון די צאָלרײַכע פּויליש־אוקראַאינישע שליאַכטישע טומל־קעפּ פֿון מיטלאַלטער: מענטשן מיט גרויסער אַוואַנטוריסטישקייט, מיט גרייטקייט שטענדיק זיך צו שלאָגן, זיך צו טראָגן איבער סטעפּעס ווי אַ וויכער, צו טרינקען און צו הוליען. פֿאַר אונדזערע אויגן האָט זיך אַנטפּלעקט דער פֿיל־באַזונגענער היסטאָרישער פּאַלאַץ פֿון דער אַלטער שליאַכטישער פֿאַמיליע ווישניאָוויעצקיס (פֿון דאַנען נעמט זיך דער נאָמען פֿון שטעטל,צו וועלכן מיר זײַנען געפֿאָרן) — דאָ האָט מען מיט הונדערטער יאָרן צוריק געפּראַוועט רײַכע בעלער, געשלײַדערט שאַמפּאַניער־פֿלאַשן אין די לאַנגע שפּיגלען, געשריגן „וויוואַט" און געצויגן שווערדן.

איצט איז דער פּאַלאַץ געשטאַנען שטיל און פֿאַרהלומט אין זײַן איינזאַמקייט. די שטראַלן פֿון דער זון האָבן זיך דורכגעבראָכן דורך די געדיכטע אַרומיקע גערטנער, כּדי אַ גלעט צו טון די שויבן פֿון שטיל־פֿאַרטראַכטן פּאַלאַץ — דעם איבערגעבליבענעם עדות פֿון פּוילנס אַמאָליקער גרויסקייט.

שטיל איז געווען אַרום, שטיל און אידיליש. עס האָט זיך גע־וואָלט אַלץ פֿאַרגעסן און זיך צוזאַמענגיסן מיטן שטילן אַרום, מיטן דאָזיקן זוניקן הימל־בלוי, מיט דער גאַנצער אַרומיקער וואונדער־לעכער לאַנדשאַפֿט פֿון דער ראָמאַנטישער וואָלינער־פּאָדאָליער ערד. עס האָט זיך געוואָלט פֿאַרגעסן, וואָס עס האָט אונדז געבראַכט אַהער, און אין וואָסער לאַגע מיר געפֿינען זיך.

מילא, וואָס אַ מענטש ווילט זיך אַלץ!

## 3

## אַ ביטערע נאַכט

אין ווישניאָוויץ האָבן מיר פֿאַרבראַכט נאָר אַזוי לאַנג, וויפֿל עס איז נויטיק געווען אויף אַ קורצן אָפּרו און אויף בײַטן די פֿערד. דאָס מאָל האָט דער עולם מסכּים געווען מיט מיר, אַז אויב מיר ווילן נישט אָנגעיאָגט ווערן דורך היטלערס אָנקומענדיקע מחנות, מוזן מיר פֿאָרן אַ קײַלעכדיקן מעת־לעת אָן אָפּרו, און ערשט נידעריקער צו דרום צו וועט קענען זײַן אַ רייד וועגן אָפּרו.

די קורצע צײַט, וואָס מיר האָבן דאָ פֿאַרבראַכט, האָבן אויך ווישניעוויצער אידן אונדז אַרויסגעוויזן פֿרײַנטשאַפֿט און מיטגעפֿיל. איך וועל קיינמאָל נישט פֿאַרגעסן די פֿרויען, וואָס זײַנען נאָכגעלאָפֿן נאָך אונדזערע וואָגנס און אונדז נאָכגעשריגן, ווישנדיק זיך מיט די פֿאַרטיכער די אויגן:

— איר זאָלט נאָך בשלום צוריקקומען אין אײַערע היימען!

— דער רבונו־של־עולם זאָל זײַן אײַער באַגלייטער!

מען האָט געוואָרפֿן אין אונדזערע וואָגנס אַרײַן פּעקלעך מיט פּאַפּיראָסן, פּעקלעך מיט שפּײַז:

— נעמט מיט, נעמט מיט, איר זאָלט נישט פֿאַרהונגערט ווערן אינמיטן וועג.

אין האַלז האָט עפּעס געשטיקט פֿון דער דאָזיקער האַרציקייט, אָבער אין האַרצן איז געווען וואַרעם דערפֿון. צווישן אַ טומלדיקער ניו־יאָרקער עווניו און נאָך אַ טומלדיקערער סטריט, פֿליט נישט איין מאָל דער געדאַנק־פֿלוצלונג אַוועק צו די ווײַטע פּאָדאָליער שטעטלעך, און דאָס אויג וויל אַדורכדרינגען ווענט און מויערן, כּדי צו זען, ווי עס לעבט זיך זיי דאָרט, די דאָזיקע האַרציקע פֿאָלקס־מענטשן, וועלכע האָבן אין יענע שעהן פֿון אונדזער וואָגלעניש אויף אייביק אײַנגענומען אונדזערע הערצער — ווי עס לעבט זיך זיי דאָרט...

אויף די וועגן האָבן מיר ווירקלעך אָנגעטראָפֿן וואַכן. מײַסטנס זײַנען דאָס געווען פּויערים פֿון די אַרומיקע דערפֿער מיט גראָבע שטעקנס אין די הענט. יעדעסמאָל, ווען אַ וואַך האָט אונדז פֿאַרהאַלטן, האָב איך אַרויסגענומען פֿון טאַש מײַן קאַרטל פֿון אַ סיים־זשור־נאַליסט, און די פּויערים פֿלעגן אונדז מיט דרך־ארץ אַדורכלאָזן.

פֿון ווישניעוויץ האָט דער וועג געפֿירט קיין זבאַראַזש. אַהין זײַנען מיר אָנגעקומען טויט־מידע אַרום 8 אָוונט. אין די ביינער האָט געבראָכן, די אויגן האָבן זיך געקלעפּט און די פֿיס האָבן גע־צויגן צו דער ערד. איך האָב זיך געבעטן בײַ אַלעמען אָפּצוזאָגן זיך פֿון נאַכט־לעגער און — אויב מיר וועלן נאָר קריגן פֿערד — זיך אַדורכשלאָגן איבערנאַכט נאָך עטלעכע צענדליק קילאָמעטער ווײַ־טער קיין דרום, ביז דער שטאָט סקאַלאַט.

איך וואָלט וואַרשײַנלעך נישט אויסגעפֿירט, ווען נישט דער פֿאַקט, וואָס זבאַראַזש איז אין יענעם אָוונט געווען פֿאַרפּאַקט מיט אַ ריזיקער פּוילישער אַרמיי, וועלכע האָט געצויגן, אַזוי ווי מיר, צו דער רומענישער גרענעץ. די שטאָט איז געווען פֿול מיט אַלע מינים מיליטער. צוליב דעם פֿאַרפֿליכטנדיקן „בלעק־אוט", האָט דער טומל פֿון טויזנטער

און טויזנטער מענטשן, פּערד און וועגענער געמאַכט אויף אונדז אין דער פֿינסטערניש אַ זייער דערדריקנדיקן אײַנדרוק.

דאָס בילד פֿון דער דאָזיקער אַרמיי האָט געווירקט אויף אונדזער גרופּע און אַלע האָבן מספּים געווען צו פֿאָרן. גאַנץ באַזונדערס האָט דאָ געווירקט דער פֿאַקט, וואָס אונדזערע פֿורמאַנעס האָבן אונדז אַרײַנגעפֿירט צו זייערע זבאַראַזשער באַקאַנטע, אויך פֿור־מאַנעס, וועלכע האָבן זיך אַרויסגעוויזן צו זײַן זייער פֿאַרדעכטיקע מענטשן.

די פֿון אונדז, וואָס זײַנען אויף אַ ווײַלע אַרויס פֿון הויף, האָבן פֿון דאָרטן געבראַכט באַאומרואיקנדיקע גרוסן:

— עס איז גלײַך, אַז מען זאָל אײַך דאָ בײַנאַכט באַרויבן! — האָבן אונדז געוואָרנט דרויסנדיקע מענטשן, וועלכע האָבן געוואוסט, אַז דאָ וואוינען פֿאַרשוינען, וואָס קוקן אויס אויף אַזעלכע קאָמפּאַניעס, ווי מיר...

די מענטשן — סײַ מענער און סײַ פֿרויען — האָבן טאַקע גע־האַט אין זיך עפּעס אומהיימלעכעס, עפּעס אָפּשרעקנדיקעס. מיר האָבן פֿרײַער אָפּגעאָטעמט, ווען זיי האָבן מספּים געווען נאָך הײַנ־טיקע נאַכט אונדז אָפּצופֿירן ווײַטער, קיין סקאַלאַט.

איך האָב געפּרואווט אַרויסצוגיין אויף אַ ווײַלע אין גאַס. אַ געשטויסענער און געטראָטענער אין דער אימהדיקער פֿינצטערניש, האָב איך געדאַנקט דעם אויבערשטן, ווען איך האָב זיך צוריק אַרויס־געוויקלט פֿון דער דאָזיקער בייזער, אומפֿרײַנטלעכער מענטשן־מאַסע, און צוריק זיך דערשלאָגן צום פֿאַרדעכטיקן שטיבל אין זבאַראַזשער הינטערגעסל, וואו עס האָט כאָטש געברענט אַ לאָמפּ איבערן טיש!

דעם שרעקלעכסטן אײַנדרוק האָבן אויף מיר געמאַכט די עטלעכע „געשפּרעכן", וואָס איך האָב געפּרואווט פֿאַרפֿירן אין גאַס מיט סאָלדאַטן. אויסגעלייגטע אין די רינשטאָקעס, האָבן זיי אַלע האַלב־געדרימלט מיט די לייצעס פֿון די פּערד אין דער האַנט. אויף אונדזערע פֿראַגן האָבן זיי געענטפֿערט מיט גלײַכגילטיקער אַקסל־ציִעניש:

— וואו מיר גייען? ווען מיר וואָלטן וויסן וואו מען קען גיין!...

קוים מיט צרות האָבן מיר ענדלעך זיך אַרײַנגעזעצט אין צוויי וואָגנס און אַ דראָזשקע. עס איז שוין געווען אַרום 10 אָוונט און אפֿשר שפּעטער.

עס איז געווען אַ פּײַנלעכע נאַכט — אַ נאַכט פֿול קאָשמאַרן און שווערע איבערלעבונגען.

צי דאָס איז געווען אַ רעזולטאַט פֿון דעם שווערן אײַנדרוק, וואָס עס האָט געלאָזן אויף אונדז די שטאָט און די וואוינונג פֿון אונדזערע

פֿורמאַנעס, צי דאָ האָט אַ געוויסע ראָל געשפּילט די פֿאַרמאַטערט־קייט אונדזערע — אָבער פֿון דער ערשטער מינוט אָן, ווי מיר האָבן פֿאַרלאָזן די שטאָט, האָבן מיר אַלע געהאַט אַ האַרץ פֿול מיט שלעכטע פֿאַרגעפֿילן און אַנגסטן.

עס האָבן אונדז געשראָקן די פֿורמאַנעס אין דער פֿינצטערער נאַכט; עס האָט אונדז געשראָקן דער משונהדיקער וועג צווישן וועלדער, וואו עס איז געווען אַזוי פֿינצטער, אַז די פּאַסאַזשירן פֿון איין וואָגן האָבן נישט געזען די פּאַסאַזשירן פֿון צווייטן וואָגן; עס האָט אונדז געשווידערט אַ גאַנצע נאַכט, און מיר האָבן נישט געוואוסט, צי דאָס איז די קילקייט פֿון דער האַרבסט־נאַכט, צי גאָר דער שווידער, וואָס האָט זיך געטראָגן פֿון אונדז אַליין...

אָט האָט עמעץ איינגעדרימלט אין אַנגסטן אויפֿן אַקסל פֿון צווייטן. נאָך צוויי מינוט דרימלען, האָט מען זיך יעדעס מאָל אויפֿגע־כאַפּט פֿון עפּעס אַ טרייסל פֿונעם וואָגן אויף די שטיינער. דער קאָפּ איז געווען שווער, דאָס לײַב איז געווען שטײַף און אין מוח האָבן זיך געטראָגן פֿינצטערע געדאַנקען.

— וואו זײַנען מיר איצטער? — האָבן מיר יעדעסמאָל געפֿרעגט די פֿורמאַנעס און זיי האָבן אונדז יעדעסמאָל אָנגערופֿן דעם נאָמען פֿון עפּעס אַ שכנותדיק דערפֿל.

— העי, וואו זענט איר דאָרטן? — האָבן מיר אַלע מאָל גערופֿן צו די הינטערשטע פֿורן, וועלנדיק וויסן, צי מיר האָבן זיי נישט פֿאַרלוירן.

אין אַ געוויסן מאָמענט בין איך אויך אַנדרימלט געוואָרן. אין חלום האָב איך זיך געיאָגט נאָך עפּעס אַ פֿאַנטאַסטישער חיה, וואָס איז פֿון מיר אַנטלאָפֿן אין גרויס פּאַניק. ווען איך האָב זיך אויפֿ־געכאַפּט אין אַ ווײַלע אַרום, האָב איך פֿעסטגעשטעלט, אַז בעתן דרימל האָב איך פֿאַרלוירן פֿון קאָפּ מײַן קאַפּעלוש.

אין אַ ווײַלע אַרום בין איך ווידער אײַנגעשלאָפֿן. איך בין אויפֿ־געקומען דאָס נאָענטסטע מאָל מיט אַ געפֿיל, אַז איך פֿלי אין עפּעס אַן אָפּגרונט. אין דער ווירקלעכקייט בין איך און אַלע פֿאָרער פֿון מײַן וואָגן טאַקע געפֿלויגן, כאָטש נישט אין אַן אָפּגרונט, נאָר בלויז מיט די קעפּ אין אַ קופּע שטיינער. פּשוט: אונדזער וואָגן האָט זיך איבערגעדרייט און אַלע זײַנען מיר אַרויף אויף אַ באַרג שטיינער, פֿילנדיק אויף זיך די גאַנצע לאַסט פֿון איבערגעקערטן וואָגן.

עס זײַנען זיך צוזאַמענגעלאָפֿן די פֿורמאַנעס און מען האָט קודם־כל אַראָפּגעשלעפּט פֿון אונדז דעם איבערגעקערטן וואָגן. אין גרויס טומל האָבן מיר זיך אַרויסגעדראַפּעט פֿון באַרג שטיינער. קיין ספּע־ציעל בייז איז קיינעם נישט געשען. בלויז לאַזאַר קאַהאַן האָט זיך געקלאָגט אויף אַן ערנסטן ווייטאָג אין קאָפּ. מיר אַלע זײַנען אָפּ־

געקומען מיט צעקלאַפּטע זײַטן און נישט מער. אָבער דערפֿאַר האָט דער אינצידענט אונדז אינגאַנצן אויסגעטשוכעט פֿון מאַטערנדיקן שלאָף. ווען מיר האָבן זיך צוריק אויסגעזעצט אויף די וואָגנס ווײַטער צו פֿאָרן, איז געווען אַרום צוויי בײַנאַכט. די פֿורמאַנעס האָבן אונדז געטרייסט, אַז ביז סקאַלאַט איז אונדז סך־הכּל געבליבן בלויז אַ 10 קילאָמעטער.

— אַרום 4 פֿאַרטאָג — האָבן זיי אונדז געטרייסט — וועט איר זײַן אין סקאַלאַט. דאָרטן וועט איר זיך קענען אויסשלאָפֿן!

אָבער עס איז, זעט אויס, נישט געווען באַשערט, אַז די דאָזיקע נאַכט זאָל זיך פֿאַר אונדז ענדיקן גלאַטיק. מיר האָבן נישט באַוויזן אָפּצופֿאָרן קיין 20 מינוט נאָך דעם פֿאָרפֿאַל מיטן וואָגן, ווי עמעץ האָט אונדז פּלוצלונג אַ בלענד־געטאָן מיט אַן עלעקטריש לעמפּל אין די אויגן אַרײַן און אין דער פֿינצטער האָט זיך דערהערט אַ שאַרפֿע שטימע:

— שטיין!

אונדזערע וואָגנס האָבן זיך אָפּגעשטעלט.

פֿון דער געדיכטער פֿינצטערניש האָבן זיך אַרויסגעשניטן צוויי מענטשלעכע סילועטן. יעדער פֿון זיי האָט געהאַלטן אין האַנט אַ דיקן שטעקן. דער פֿאָדערשטער האָט אונדז אַלעמאָל אַ בלעד־געטאָן אין די אויגן אַרײַן מיט אַ לעמפּל. דער הינטערשטער איז געשטאַנען און געשוויגן — גערעדט האָט דער פֿאָדערשטער.

— וואוהין פֿאָרט איר? — איז געפֿאַלן די ערשטע פֿראַגע.

— קיין סקאַלאַט — האָב איך געענטפֿערט דעם פֿרעגער.

— קיין סקאַלאַט איז פֿאַרבאָטן צו פֿאָרן, מיר האָבן אַ באַפֿעל קיינעם נישט דורכצולאָזן...

מיר — הייסט אין דעם פֿאַל די דאָרפֿישע וואַך. מיט עטלעכע טעג צוריק זײַנען מיר געווען די געפֿאַנגענע פֿון עפּעס אַ ווילדן פּראָווינצער סטאַראָסטע און איצט האָבן מיר „אַוואַנסירט" צו דער מדרגה פֿון געפֿאַנגענע פֿון אַ דאָרפֿישער שאָסיי־וואַך...

איך פֿאַל אָבער נישט אַראָפּ בײַ זיך.

— אונדז דאַרפֿט איר אַדורכלאָזן! — פּרוּווו איך „זיך שטעלן אין גרויסן" — מיר זײַנען אַ גרופּע זשורנאַליסטן פֿון וואַרשע.

און כּדי אים צו „פּריטשמעליען", נעם איך אַרויס מײַן זשור־נאַליסטן־קאַרט און איך דערלאַנג זי אים.

ער צינדט אָן דאָס לעמפּל און מישט אויף דאָס סיים־ביכל. ער האַלט דאָס לעמפּל אַראָפּ צום ביכל און אַן אָפּשײַן פֿון לעמפּל פֿאַלט אויך אויף זײַן פּנים. דאָס גיט מיר צום ערשטן מאָל אַ געלעג־נהייט אָנצוקוקן דעם מענטש, וועלכער פֿאַרהאַלט אונדז. איך זע

פֿאַר זיך אַן ענערגיש געזיכט פֿון אַ יונגן פּויערישן אינטעליגענט פֿון דעם מין, וואָס איז אויסגעוואַקסן די לעצטע 20 יאָר אין אומאָפּ־הענגיקן פּוילן. ער לאָזט זיך נישט אָפּשרעקן מיט מײַן ביכל און לייענט אַלץ גענוי איבער.

— פֿאַר דער מלחמה — זאָגט ער קאַלט און קלוג — האָט עס געהאַט עפּעס אַ באַדײַטונג, אָבער הײַנט האָט עס נישט קיין שום באַדײַטונג. אַ „פּשעפּוסטקע" (רײַזע־דערלויבעניש) האָט איר?

— אוודאי האָבן מיר — פּרואוו איך ווײַטער גליק — מיר פֿאָרן מיט אַ פּאַפּיר פֿון דער רעגירונג.

און איך ציִ אַרויס דעם נאָטאַריאַלן אַקט, וועלכער באַשטע־טיקט, אַז דער נאָטאַר האָט געזען דעם בריוו פֿון מיניסטאָרן־ראַט צו אַלע באַאַמטע אונדז אַרויסצוהעלפֿן אין וועג מיט וואָס נאָר איינער וועט קענען.

דער פּאַפּיר איז געווען אַזוי אײַנגעלייגט, אַז פֿון פֿאָרנט האָבן אַראָפּגעשריגן מיט גרויסע אותיות די ערשטע שורות, אין וועלכע עס זײַנען געגאַנגען די טיטולן פֿון די העכסטע רעגירונגס־אַמטן אין פּוילן: פּרעזידיום פֿון מיניסטאָרן־ראַט, אָפּטיילונג פֿאַר ספּעציעלע ענינים, מיניסטעריום פֿון אינפֿאָרמאַציע א. אַ. וו. די צושריפֿט פֿון נאָטאַר, אַז דאָס אַלץ איז בלויז אַ נאָטאַריאַלע קאָפּיע פֿון אָרי־גינעלן דאָקומענט, איז געווען צוגעשריבן צום סאַמע סוף. ווען דער פּאַפּיר איז געלעגן אַזוי פֿאַרקנייטשט, ווי איך האָב אים אַרויסגענומען, האָט ער אויסגעזען, ווי אַן אָריגינעלער וויכטיקער דאָקומענט פֿון די העכסטע רעגירונגס־קאַנצעלאַריעס.

דער יונגער פּויער — צו זײַן כּבוד זאָג איך עס איצטער — האָט זיך נישט דערשראָקן פֿאַר די „הויכע" טיטולן. ער האָט גענומען פֿונאַנדערוויקלען דעם דאָקומענט. עס האָט זיך אים גלײַך געוואָרפֿן אין די אויגן דער נאָטאַריאַלער שטעמפּל. עס האָט אים, מסתּמא, שטאַרק פֿאַראינטערעסירט דער דאָזיקער מאָדנער דאָקומענט, וואָס הייבט זיך אָן מיט דער פֿירמע פֿון מיניסטאָרן־ראַט און ענדיקט זיך מיטן שטעמפּל פֿון אַ גאַליציאַנער נאָטאַריאַלער קאַנצעלאַריע...

ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט לייענען דאָס פּאַפּיר. מיר האָבן געוואַרט. ער האָט לאַנג געלייענט בײַם שײַן פֿון זײַן טאַשן־לעמפּל. צום סוף האָט ער צוריק אײַנגעלייגט דעם דאָקומענט, אַזוי ווי ער איז געווען אײַנגעלייגט פֿריִער.

— יאָ — האָט ער געזאָגט פֿלעגמאַטיש — דאָס איז אַ נאָטאַריאַ־לע קאָפּיע פֿון אַ רעגירונגס־דאָקומענט, אָבער דאָ ווערט גאָרנישט געזאָגט מכּוח אײַער רעכט אַרײַנצופֿאָרן קיין סקאַלאַט!

אויף אַזאַ פּסק האָב איך זיך נישט געריכט.

— אָבער — האָב איך געפּרואווט אים אויסטײַטשן — ווען דער דאָקומענט איז געשריבן געוואָרן מיט 11 טעג צוריק, האָט מען דאָך נישט געקענט פּאָרויסזען יעדע שטאָט אין פּוילן, וואו עס וועט אונדז אויסקומען צו זײַן.

— ליידער — האָט דער יונגער פּויער אָפּגעענטפערט און גע־נומען אַרײַנלייגן מײַן סיים-ביכל און מײַן נאָטאַריאַלן דאָקומענט צו זיך אין טאַש אַרײַן — ליידער קען איך אײַך גאָרנישט העלפן. איך האָב אַ שטרענגן באַפעל קיינעם נישט דורכצולאָזן אָן אַ „פּשע־פּוסטקע" און איך מוז זיך האַלטן בײַם באַפעל...

— אָבער — האָב איך געפּרואווט אַפּעלירן.

— איר וועט דאָ בלײַבן — האָט דער יונגער פּויער מיר איבערגע־האַקט מײַן „אָבער" — מיר וועלן אײַך דאָ באַזעצן אין אַ שכנות־דיקן דאָרף... מיר האָבן שוין הײַנט פונאַנדערגעשיקט איבער די אַרומיקע דערפער עטלעכע צענטליק פּערזאָן...

— אָבער... — האָב איך ווידער אָנגעהויבן מײַן אַפּעלאַציע.

— וואָס וועט אַרויסקומען פון רעדן — האָט מיר דער פּויער געענטפערט שוין אַביסל אומגעדולדיק — קריכט אַראָפּ פון וואָגן און קומט אַרײַן אין דער „כאַלופּע".

ער איז אַוועק צו אונדזערע צוויי אַנדערע וואָגנס און אַלעמען באַפוילן, אַז מען זאָל אַראָפּקלעטערן פון די וואָגנס און אַרײַנגיין מיט אים אין דער „כאַלופּע".

פאַר די 10 מינוט, וואָס עס האָט געדויערט אונדזער געשפּרעך, האָט ראַפּטום, ווי אין עפּעס אַן אײַלעניש, גענומען שאַריען אויף טאָג. די אַרומיקע פינצטערניש איז געוואָרן שיטערער. אַ בלויקייט האָט גענומען זיך דורכשלאָגן דורך דעם געדיכטן נאַכט-געוועב. די נאַכט האָט אָנגעהויבן זיך צעשווימען מינוטנווײַז.

נעבן שאָסיי איז געשטאַנען אַ דאָרפיש הויז מיט אַן אַמטלעך שילדל. אינעווייניק איז בײַ אַ נאָפט-לעמפּל געזעסן עפּעס אַ צווייטער יונגער פּויער און מען האָט גענומען פאַרשרײַבן אונדזערע נעמען. יעדן דאָקומענט, וואָס איז זיי דערלאַנגט געוואָרן — יעדער איינער האָט זיך געדאַרפט פאָרשטעלן מיט אַן אָפיציעלן דאָקומענט — האָבן זיי צוגענומען און פאַרשלאָסן אין שופלאָד.

— און איצטער וועלן מיר אײַך געבן אַ שײַער מיט היי — האָבן די יונגע פּויערים געזאָגט מיט רעספּעקט און מיטגעפיל — וועט איר זיך אַביסל אויסשלאָפן.

מיר האָבן אָבער נישט געטראַכט וועגן שלאָפן. מיר האָבן גע־נומען זיי איבערצײַגן, אַז די שטרענגע פאַראָרדענונג, וואָס זיי האָבן באַקומען, קען נישט האָבן קיין שייכות צו אונדז. די יונגע פּויערים

האָט דער יונגער פויער געזאָגט, אַוועקלייגנדיק דאָס טעלעפאָן־האַנדלען:

— שוין נעכטן פרי האָט מען אונדז טעלעפאָנירט פון סקאַלאַט, אַז דער סטאַראָסטע פאַרבאָט אונדז דורכצולאָזן אַהין מענטשן. אַלע ווײַטערדיקע שטעט אין גאַליציע זײַנען אַזוי איבערגעפּאַקט מיט פּליטים און מיליטער, אַז עס קען דאָרט אַנטשטיין אַ באַשפּײַזונגס־קריזיס. מיר האָבן אָנגעהויבן אַלעמען פאַרהאַלטן, אָבער כּמעט יעדער איינער האָט אונדז באַוויזן איבערצוצײַגן, אַז ער איז פון יענע מענטשן, צו וועלכע דער פאַרבאָט האָט נישט קיין שײַכות. דער סוף איז געווען, אַז מיר האָבן פיל פון זיי אַדורכגעלאָזן, אָבער אין אָוונט האָט מען צו אונדז טעלעפאָנירט, אַז אויב מיר וועלן זיך נישט צופּאַסן צו דער פאַראָרדענונג, וועט מען אונדז באַשטראָפן ווי אַמ־שטרענגסטן. נו, וואָס בלײַבט אונדז איבער צו טון?

און אַזוי ווי זיך צו פאַרענטפערן, האָט איינער פון די יונגע פויערים אונדז גענומען אײַנרעדן:

— עס וועט גאָר בעסער זײַן פאַר אײַך! וואו וועט איר פאָרן? דאָ וועט איר כאָטש האָבן וואָס צו עסן. ווער ווייס וואָס עס קען אײַך נאָך איצטער טרעפן אין די גרויסע שטעט...

אָבער מיר האָבן זיך נישט געלאָזן איבערצײַגן.

— ווען מיר זאָלן אײַך אַפילו אַדורכלאָזן — האָט דער יונגער פויער זיך ווײַטער ווי פאַרענטפערט — וועט מען אײַך פאַרהאַלטן בײַ דעם אַרײַנפאָר קיין סקאַלאַט. אַזוי האָט מען טאַקע פאַרהאַלטן יענע אַלע, וואָס מיר האָבן נעכטן דורכגעלאָזן.

מיר האָבן פאָרגעשלאָגן די פויערים, זיי זאָלן לאָזן צוויי פון אונדז אַרײַנפאָרן קיין סקאַלאַט אַלס דעלעגאַציע צום סטאַראָסטע.

— איר קענט זײַן זיכער — האָבן מיר אים געפּרוואווט איבער־צײַגן — אַז מיטן סטאַראָסטע וועט די זאַך תּיכּף ווערן אויפגעקלערט. אויב אָבער דער סטאַראָסטע וועט אונדז נישט דערלויבן צו פאָרן ווײַטער, וועלן די צוויי צוריקקומען אַהער. איר זעט דאָך, אַז מיר זײַנען איין קאָמפּאַניע.

די פויערים האָבן נישט מסכּים געווען.

— מיר גלויבן אײַך — האָבן זיי געענטפערט — אָבער דערווײַל וועט דער סטאַראָסטע אונדז באַשטראָפן!

דאָס איינציקע אויף וואָס די פויערים האָבן מסכּים געווען, איז געווען דאָס, אַז זיי זאָלן 9 פרי רעדן טעלעפאָניש מיט דער קאַנ־צעלאַריע פון דער סטאַראָסטווע, און — אויב דער סטאַראָסטע וועט מסכּים זײַן אונדז אויפצונעמען — וועלן זיי לאָזן די דעלעגאַציע אַרויספאָרן קיין סקאַלאַט.

אינדרויסן איז שוין געווען כּמעט פֿולער טאָג. ביז 9 פֿרי איז נאָך אָבער געווען זייער ווײַט. מיר זײַנען אַוועק אין אָנגעוויזענעם שײַער, אַרײַנגעקראָכן אין שטויביקע בערג היי און זיך פֿאַרגראָבן הינטער זיי, כּדי זיך אַביסל צו דערוואַרעמען.

— אָטאָ דאָ וועלן מיר שוין, זעט אויס, בלײַבן וואַרטן אויף היטלערן! — האָבן אַלע אַרום גערעדט מיט ביטערניש.

איך האָב געמאַכט פֿאַרוואורפֿן יענע, וועלכע האָבן אונדז צו לאַנג פֿאַרהאַלטן אין בראָד. ווען מיר וואָלטן געקומען אַהער נאָך נעכטן — האָב איך געהאַט טענות — וואָלט מען אונדז געווען דורכגעלאָזן.

אָבער וואָס וועט אַרויסקומען פֿון בײַסן זיך? עס איז דאָך שוין פֿאַרפֿאַלן. דערווײַלע דאַרף מען שלאָפֿן, און אין שמעקעדיקן, כאָטש שטויביקן, היי שלאָפֿט זיך גאַנץ געשמאַק. מיר זײַנען טאַקע אָפּ־געשלאָפֿן עטלעכע שעה „אויף איין זײַט".

## 4

## מיר פֿאָרן ווײַטער

מיט אַ פֿאַרכאַפּטן אָטעם זײַנען מיר געשטאַנען אינדערפֿרי אין דער דאָרפֿישער קאַנצעלאַריע, ווען איינער פֿון די יונגע פּויערים האָט גערעדט אויפֿן טעלעפֿאָן מיט דער קאַנצעלאַריע פֿון סקאַלאַטער סטאַראָסטע.

— דער סטאַראָסטע איז נאָך נישט אין דער קאַנצעלאַריע — האָט דער יונגער פּויער געזאָגט, אַוועקלייגנדיק דאָס טעלעפֿאָן טרײַבל — אָבער דער סעקרעטאַר האָט מיר דערלויבט אַרויסצולאָזן אַ דעלעגאַציע פֿון צוויי פּערזאָן.

אונדזער שמחה איז געווען אין לשער. איינער פֿון אונדזערע פֿור־מאַנעס, וועלכע האָבן נישט אויפֿגעהערט אונדז צו זידלען, אַז מיר האָבן זיי פֿאַרשלעפּט אין אַ בלאָטע, האָט מורמלענדיק אײַנגע־שפּאַנט די פֿערד און אָפּגעפֿאָרן מיט מיר און פּרילוצקין קיין סקאַלאַט.

אַרום 10 פֿרי זײַנען מיר צוגעפֿאָרן צו סקאַלאַט. אָבער ווי נאָר מיר האָבן זיך אויסגעגליכן מיט דער ערשטער רײַע שטאָטישע בנינים — דאָס איז געווען אַ קאַזאַרמע פֿון דער פּוילישער גרענעץ־וואַך (די סאָוויעטישע גרענעץ איז געווען אַ 20 קילאָמעטער צו מזרח) — זײַנען אַרויפֿגעשפּרונגען אויף די שטיגלעך פֿון אונדזער דראָזשקע צוויי יונגע קריסטלעכע סקאוטן און אונדז פֿאַרהאַלטן. שפּעטער איז צוגעקומען אַ וואַכמײַסטער פֿון דער פּוילישער גרענעץ־וואַך, אונדז אויסגעהערט און געוואָרפֿן אַ באַפֿעל:

— אָפּפירן צו דער פּאָליציי...

מען האָט אונדז געפירט איבער דער שטאָט מיט אַזאַ פּאַראַד, אַז מען איז געשטאַנען אויף אַלע טראָטואַרן און געקוקט אויף די „צוויי פויגל”, וועלכע מען פירט אַזוי באַוואַכט צו דער פּאָליציי: אויף יעדן שטיגל איז איבערן גאַנצן וועג געשטאַנען אַ באַוואָפנטער פּאָליציאַנט מיט אויסגעשפרייטע הענט, ווי אָט־אָט וואָלט עמעץ פון אונדז געוואָלט אַרויסשפרינגען אינמיטן פאָרן...

אין דער פּאָליציי גופא האָט מען אונדז באַהאַנדלט נישט אַזוי שטרענג. די שומרים האָט מען אַוועקגעשיקט און מיר האָבן גענומען דערציילן די גאַנצע געשיכטע. דער פּאָליציי־אָפיציר, וועלכער האָט אונדז אויפגענומען, האָט דאַן אַדורכגעפירט אַ טעלעפאָנישן געשפרעך מיטן סטאַראָסטע. פונם גאַנג פון געשפרעך האָבן מיר פאַרשטאַנען, אַז עפּעס גייט עס דערווייַלע נישט אַזוי גלאַטיק.

— אין אַ האַלבער שעה אַרום וועל איך וויסן, צי דער סטאַראָסטע וועט אייַך אויפנעמען — האָט דער פּאָליציי־אָפיציר אונדז געמאָלדן נאָכן אַוועקלייגן דאָס טעלעפאָן־טרייַבל.

— וועלן מיר דערווייַלע אַרויסגיין עפּעס איבערבייַסן — האָב איך „געפרואווט דעם באָדן”, וועלנדיק פעסטשטעלן, צי מען באַטראַכט אונדז אַלס אַרעסטירטע

— נאָר זייַט צוריק נישט שפּעטער ווי אין אַ האַלבער שעה אַרום! — האָט פאַרלאַנגט דער פּאָליציי־אָפיציר.

מיט געהויבענעם מוט זייַנען מיר אַרויס אין גאַס. דאָס שטעטל —אייַנגעטונקען אין גרינע גערטנער — איז געווען שטיל און שבתדיק־אידישלעך. דאָ איז נאָך נישט געווען קיין סימן פון דער נעכטיקער זבאַראַזשער סומאַטאָכע. אָבער אַ געוויסער אומרו האָט זיך פאַרשטענדלעך געפילט צווישן דער באַפעלקערונג. דאָס האָט זיך אַרויסגעפילט פון די ערשטע פּאָר ווערטער מיט צופעליקע פאַרבייַגייער, שבתדיק־געקליידטע אידן.

— וואָס זאָגט איר? — האָט אונדז יעדער געפרעגט — די דייַטשן וועלן אַהערקומען?

אַנדערע האָבן געפרעגט:

— וואו איז ערגעץ דער מאַרשאַל רידז־שמיגלי?

אָדער:

— צי גייט עס אונדז טאַקע אַזוי שלעכט, ווי עס זאָגט דער דייַטשער ראַדיאָ?

ענדלעך, ווען מיר זייַנען, אָפּגעוואַשענע און אָפּראַזירטע, צוריקגעקומען אין דער פּאָליציי־קאַנצעלאַריע, האָט מען אונדז פון דאָרטן גלייַך אַרויפגעשיקט צום סטאַראָסטע:

— ער ווייסט שוין וועגן אײַך! ער וועט אײַך אויפֿנעמען!

מיר האָבן געמוזט איבערוואַרטן עטלעכע אויפֿנאַמעס: עפּעס אַ פּראַוואָסלאַוונעם פּאָפּ, עפּעס אַן אוקראַינישע דעלעגאַציע און נאָך עמעצן דאָרטן, וואָס איז געקומען פֿאַר אונדז.

ווען מען האָט אונדז אַרײַנגעלאָזן אין קאַבינעט פֿון סקאָלאַטער סטאַראָסטע, האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז איך קען פֿון ערגעץ דעם דאָזיקן מענטש. דאָס איז געווען אַן עלעגאַנטער מיטליאָריקער מאַן מיט אַן ענערגיש און ערנסט פּנים. מען האָט געזען, אַז אונטער דער אויסערלעכער רו, וואָס ליגט אויף זײַן פּנים, בוניערט אין אים אַ טי־פֿער, טיפֿער אומרו.

ער האָט אונדז אויסגעהערט — צוליב עפֿעקט האָב איך גערעדט מיטן טאָן פֿון אַ באַליידיקטן פּרינץ:

— אַזאַ מיספֿאַרשטענדעניש... אַזוי פֿאַרדריסלעך... אונדז פֿאַר־האַלטן אינמיטן נאַכט... נישט לאָזן ווײַטער פֿאָרן... אַזאַ פֿאַרדרוס, אַזאַ פֿאַרדרוס!...

דער סטאַראָסטע האָט גערעדט געשעפֿטלעך, אָבער זייער העפֿלעך:

— ביז וואַנען ווילט איר אַ „פּשעפּוסטקע״?

— ביז טשאָרטקאָוו.

— איר האָט אַ צעטל געמען?

— מיר גערעדנקן אַלעמען פֿון אויסנווייניק.

דער סטאַראָסטע האָט אונדז אַרײַנגעפֿירט אין קאַבינעט פֿון זיכערהייטס־אַמט און באַפֿוילן, אַז מען זאָל אונדז אַרויסגעבן אַזאַ דערלויבעניש, ווי מיר וועלן אַליין דיקטירן.

איך האָב זיך מיט פּרילוצקין איבערגעקוקט און טיף אָפּגעאָטעמט. מיר האָבן אויסגעאַרבעט אַ גאַנץ פֿײַנעם טעקסט פֿון אַ רײַזע־דער־לויבעניש. דאָרט האָט זיך געשריבן, אַז די אויסגערעכנטע וואַר־שעווער זשורנאַליסטן זײַנען עוואַקואירט געוואָרן דורך דער רעגי־רונג, און אַז איצט פֿאָרן זיי קיין טשאָרטקאָוו, צוליב וואָס אַלע דאָר־פֿישע אַמטן ווערן געבעטן זיי צו באַזאָרגן מיט פֿערד־און־וואָגן אויף נאָרמאַלע פּרײַזן.

ווען די קאַנצעלאַריע האָט דורכגעפֿירט אונדזער „פּשעפּוסטקע״ דורך די ביכער, האָב איך אַ טראַכט געטון וועגן אונדזערע קאָלעגן אין דאָרף: אונדז ביידן — האָב איך געטראַכט — איז שוין לײַכט אויפֿן געמיט, ווײַל מיר ווייסן שוין, אַז מיר וועלן קענען פֿאָרן ווײַטער, אָבער זיי דאָרט פּלאָגן זיך אין אומרו, און עס וועט דויערן אַ צוויי שעה ביז מיר וועלן קומען צו זיי מיט דער בשורה, אַז נישט נאָר, וואָס

מיר קענען פאָרן ווייַטער, נאָר אַז מיר האָבן בייַ זיך אַפילו אַזאַ גאָלדענע „פשעפּוסטקע".

פּלוצלונג איז מיר איינגעפאַלן, אַז די פשוטסטע זאַך וועט זייַן צו בעטן דעם סטאַראָסטע, ער זאָל אָפיציעל וועגן דעם טעלעפאָנירן אין דאָרף אַרייַן.

דער סטאַראָסטע האָט עס גערן געטאָן. אין מייַן אָנוועזנהייט האָט ער טעלעפאָנירט אין דאָרף אַרייַן, מען זאָל אָפּשיקן אונדזער גאַנצע קאָמפּאַניע קיין סקאַלאַט. מיט אַ שעה־אַנדערהאַלבן שפּעטער האָבן מיר זיי שוין אָפּגעוואַרט בײַם אַרייַנפאָר אין שטאָט אַרייַן.

די פּורמאַנעס האָבן אונדז אַרייַנגעפירט אין עפּעס אַ הויף, וואו עס שטעלן זיך געוויינלעך אָפּ פורן. באַלד האָבן אונדז אַרומגערינגלט פאַרשידענע אידן און גענומען אויספרעגן ווער מיר זייַנען און פון וואַנען מיר קומען און וואוהין מיר פאָרן. אַלץ האָבן זיי געוואָלט וויסן, אָבער אין זייער באַציאונג צו אונדז איז נישט געווען קיין האָר פון יענער האַרציקער גאַסטפרייַנטלעכקייט, מיט וועלכער מיר האָבן זיך באַגעגנט אין די וואָלינער שטעטלעך. נאָכמער: איין איד האָט אַ צי געטון מיט די אַקסלען, ווען מען האָט אים געבעטן, ער זאָל אָנווייַזן אויף עפּעס אַ גאַסטהויז, וואו מען וועט קענען באַקומען אַביסל געקעכץ.

— וואָס וועל איך האָבן פון דעם? — האָט ער אַ פרעג געטון געשעפטלעך.

מיר האָבן זיך אַרומגעדרייט אין הויף און געטראַכט וועגן קריגן פערד. קיינעם פון די אידן, וואָס האָבן אונדז באַלאַגערט, איז נישט איינגעפאַלן אונדז אַרויסצוברענגען אַ שטול אין הויף אַרייַן, אָדער אַרייַנצובעטן צו זיך אין שטוב אַרייַן. גראָד איז אונדזער קאָמפּאַניע געווען היפּש אויסגעמאַטערט פון דער נאַכט־רייַזע און פון דער דע־נערווירנדיקער דערוואַרטונג אין דאָרף.

די אידן, וועלכע האָבן זיך געזאַמלט אַרום אונדז אין הויף, האָבן אַרויסגעוויזן אַ באַזונדערן אינטערעס צו יאָשזאָנען. אָבער גראָד ער איז געווען אַזוי פאַרמאַטערט, אַז ער האָט קוים אויף די פיס זיך געהאַלטן. ער האָט געהלשט זיך אַוועקצוזעצן, אָבער עס איז נישט געווען וואו, דערפאַר איז ער געווען אַרומגעקלעפּט מיט אידן, וועלכע האָבן אים געוואָלט באַקוקן, רעדן מיט אים „כאָטש אַ וואָרט" און הערן זייַן מיינונג וועגן פאַרשידענע פראַגן.

דאָס האָט יאָשזאָנען ענדלעך אַזוי אַרויסגעפירט פון די כלים, אַז ער האָט זיך אויף זיי בייז צעשריגן:

— דולט מיר נישט קיין קאָפּ! — האָט ער זיך צעשריגן, — עס איז דאָך בייַ אייַך ערגער, ווי אין סדום: קיינער פרעגט נישט, צי

מען דאַרף נישט אַ גלאָז טיי אָדער צי מען וויל זיך נישט אַוועקזעצן, נאָר דולן אַ קאָפּ זײַנען זיי גרייט פֿאַר הונדערט...

דער עולם אַרום האָט זיך פֿאַרשעמט און זיך גענומען פֿאַרענט־פֿערן: זיי האָבן נישט געוואוסט, זיי האָבן נישט פֿאַרשטאַנען, זיי זײַנען גרייט צו ברענגען שטולן...

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ שטולן־ברענגעניש, אַן אַרײַנבעטעניש אין שטוב אַרײַן, אַ טראָגן טיי. אָבער כּמעט קיינער פֿון אונדז האָט שוין נישט געפֿונען קיין טעם אין דעם. מיר זײַנען אינגיכן אָפּגעפֿאָרן פֿון דער דאָזיקער אומפֿריינטלעכער שטאָט.

ווען מיר האָבן פֿאַרלאָזן סקאַלאַט איז שוין געווען אַרום 5 פֿאַר־נאַכט. דער טאָג איז שוין געווען אַ פֿאַרלאָרענער. צו דער רומענישער גרענעץ האָבן מיר נאָך געהאַט העכער 100 קילאָמעטער. איך האָב געהאַט חשק, מען זאָל דעמזעלבן אָוונט ביז אין דער נאַכט אַרײַן מאַכן כאָטש אַ העלפֿט פֿון דעם.

ליידער האָט זיך עס נישט געלאָזט מאַכן. ווען אונדזער עקספּע־דיציע איז אַרום 9 אָוונט פֿאַרפֿאָרן אויפֿן פֿינצטערן מאַרק פֿון אַ קליין גאַליציאַנער שטעטל, וואָס איז אונדז „אַנטקעגנגעקומען" אין מיטן וועג, איז דער עולם געווען אַזוי מיד און מאַט, אַז עס איז אַב־סאָלוט געווען אוממעגלעך ווײַטער צו פֿאָרן.

— אָבער וואו קריגט מען דאָ נאַכטלעגערס? — האָבן מיר זיך געבראָכן דעם קאָפּ, זיצנדיק אויף די וואָגנס — אַרום איז פֿינצטער, ווי אין מצרים, און מען זעט נישט קיין לעבעדיקן מענטשן!

ווען די פֿורמאַנעס האָבן אונדז אָנגערופֿן דעם נאָמען פֿון דעם דאָזיקן גאַליציאַנער שטעטל — עס איז געווען כאָראָסטקאָוו — האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז קיינער פֿון אונדז ווייסט נישט אַפֿילו, אַז אַזאַ שטעטל איז פֿאַראַן אויף דער וועלט.

# עס קומען אָן די באָלשעוויקעס

## 1

## 17 סעפּטעמבער 1939

ווען מיר זײַנען דעם 16טן סעפּטעמבער אינאָוונט געבליבן שטיין אויפֿן פֿינצטערן כאַראַסטקאָווער מאַרק, האָט אַ צאָן אין אַ צאָן אונדז געקלאַפּט פֿון קעלט — די נעכט זײַנען שוין געווען היפּש־לעך קעלטלעכע. מיר האָבן אין יענעם מאָמענט געחלומט וועגן אַ הייס גלאָז טיי און וועגן אַ וואַרעמער שטוב. אָבער — אַרום איז אַלץ אַזוי פֿרעמד און אָפּגעשלאָסן!

ערגעץ פֿון הינטער אַ ווײַטן פּלויט האָט אַ הונט יאָמערדיק גע־וואָיעט. קיינער פֿון אונדז האָט זיך נישט געאײַלט אַראָפּצושטעלן אַ פֿוס אין דער שטעטלדיקער פֿינצטערניש אַרײַן. עפּעס האָט אַלץ אַרום אַזוי געשראָקן און געטריבן פֿון זיך.

צום סוף האָבן זיך צוויי פֿון דער קאָמפּאַניע אַרויסגערופֿן אַלס „פֿרײַוויליקע": זיי וועלן אַ זוך־טון. עס איז, דאַכט זיך, געווען שמואל וואָלקאָוויטש און מנחם פֿלאַקסער. אין אַ ווײַלע אַרום זענען זיי אײַנ־געזונקען געוואָרן אין דער אַרומיקער פֿינצטערניש. מיר זײַנען גע־זעסן פֿאַרגליווערטע אויף די וואָגנס און געוואַרט.

מיטאַמאָל: מענטשלעכע טריט. אין דער פֿינצטערניש קלינגען די שטימען פֿון די צוריקגעקומענע צוויי „פֿרײַוויליקע". עס האָט אויס־געזען, ווי זיי רעדן צו עמעצן אַ דריטן.

די שטימען זײַנען געקומען אַלץ נעענטער. נאָך אַ ווײַלע און זיי זײַנען שוין גאָר־גאָר נאָענט.

פּלוצלונג האָט אין דער פֿינצטער אָפּגעקלונגען עפּעס אַ פֿרעמדע שטימע — אַ פֿרעמדע, כאָטש באַלד אין דער ערשטער מינוט האָב איך געוווּסט, אַז איך האָב די שטימע שוין פֿיל מאָל געהערט.

— פֿאַניע שוואַרץ! — האָט באַקאַנט אָפּגעקלונגען אין דער פֿינצ־טער די כאַראַקטעריסטישע דיניטשקע שטימע — פֿאַניע שוואַלבע! פֿאַניע פֿלינקער!

ווער איז עס דער מענטש, וואָס רופט אונדז אַלעמען ביַים נאָמען? און דאָס דאָ, אין אַ שטעטל, וועגן וועלכן מיר האָבן מיט אַ האַלבער שעה צוריק נישט געוואוסט, אַז אַזאַ שטעטל עקזיסטירט אויף דער וועלט?

— ווער איז עס? — האָבן עטלעכע פֿון אונדז מיטאַמאָל אַריַינ־געשריגן אין דער פֿינצטער אַריַין — ווער רופט עס?

— יאַקטאַ? — האָט דאָס דינע שטימעלע אונדז געענטפֿערט אויף פויליש — איר דערקענט מיך נישט, פּאַנאָוויע? איר האָט מיך שוין פֿאַרגעסן? דאָס איז ד"ר טענענבוים פֿון סיים! פֿון אידישן דעפּו־טאַטן־קלוב!

אָך, טאַקע — דאָס איז זיַין שטימע, די שטימע פֿון ד"ר טענענ־בוים! ווי אַזוי האָב איך עס טאַקע באַלד זיך נישט דערמאָנט?

ד"ר טענענבוים איז געווען אַ יונגער ציוניסטישער טוער פֿון גאַ־ליציע, וועלכער איז געווען די לעצטע יאָרן סעקרעטאַר פֿון ציוניס־טישן סיים־קלוב; אַלע אידישע סיים־זשורנאַליסטן זיַינען נאַטירלעך געקומען מיט אים אין אָפֿטער באַרירונג. ווען עס האָט געקענט איַינפֿאַלן, אַז דער סעקרעטאַר פֿון ציוניסטישן סיים־קלוב שטאַמט פֿון עפּעס אַ כאַראָסטקאָוו? ווען זאָל איצט איַינפֿאַלן, אַז אָט אָ גראַד דאָ וועט אויף אונדז וואַרטן ד"ר טענענבוים, דער סעקרעטאַר פֿון ציוניסטישן סיים־קלוב?

מיר האָבן זיך אויף אַן אמת דערפֿרייט מיט דער דאָזיקער באַ־געגעניש. אין 15 מינוט אַרום זיַינען מיר שוין אַלע געזעסן אין דער וואוינונג פֿון ד"ר טענענבוימס עלטערן, געטרונקען טיי און איבער־געשריגן איינער דעם צווייטן מיט אינפֿאָרמאַציעס, פֿראַגן, ענטפֿערס אויף פֿראַגן און פֿראַגן אויף פֿראַגן.

ד"ר טענענבוים איז געקומען אַהער מיט עטלעכע טעג פֿאַר אונדז. ער שטאַמט פֿון דאָזיקן שטעטל, און זיַין פֿרוי שטאַמט פֿונם שכנות־דיקן שטעטל קאָפּיטשיניעץ — אויך דעם דאָזיקן נאָמען האָבן מיר דאַן געהערט צום ערשטן מאָל. זיי זיַינען געקומען אַהער באַלד, ווי אין וואַרשע איז געוואָרן די מהומה און די רעגירונג איז אַנטלאָפֿן. זיי האָבן געלאָזן אויף הפקר אַ פֿריש־איַינגעאָרדנטע דירה מיט מעבל, מיט זאַכן, מיט מלבושים, מיט וועש, און זיי זיַינען געקומען אַהער קוים מיטן לעבן.

— דאָ זיַינען אַלע זיכער — האָט אונדז ד"ר טענענבוים אינ־פֿאָרמירט — אַז די באָלשעוויקעס וועלן אַריַינקומען אַ ליאַדע טאָג!

ענדלעך האָבן מיר אויך געהאַט אַ געלעגנהייט אויסצוהערן אַביסל מאָסגעבנדיקע אינפֿאָרמאַציעס וועגן דער קריגס־לאַגע, וועגן

דער לאַגע אין וואַרשע א. אַ. וו. ד"ר טענענבוים איז געווען אַן אינ־טעליגענטער מענטש און פּאָליטיש געשולט. זײַנע אינפאָרמאַציעס האָט מען געקענט נעמען ערנסט. זינט ער איז געקומען אין שטעטל אַרײַן, איז ער געזעסן בײַם ראַדיאָ און אויפגעכאַפּט אינפאָרמאַציעס פון אַלע עקן וועלט.

די אינפאָרמאַציעס זײַנען געווען טרויעריקע.

וואַרשע לאָזט נישט צו דעם שונא, אָבער זי ווערט יעדן טאָג אַלץ מער און מער באָמבאַרדירט. וועגן רידז־שמיגלין הערט מען קיין וואָרט נישט, וועגן דער רעגירונג קיין וואָרט נישט — פאַר־שוואונדן פון דער אויבערפלאַך פון דער ערד.

— איך מיין — האָט געזאָגט ד"ר טענענבוים — אַז איר וועט שוין נישט באַוויזן צוצוקומען צו דער רומענישער גרענעץ...

מיר האָבן זיך געלייגט אין בעט אַרײַן מיט א שווער געמיט. איך בין געשלאָפן אין דער וואוינונג פון די טענענבוימס. אַלע איבעריקע האָבן געהאַט גוטע געלעגערס בײַ פאַרשידענע באַלעבאַטים פון שטעטל. די עלטערן און די קרובים פון ד"ר טענענבוים האָבן אַלץ שנעל און גוט באַזאָרגט.

די נאַכט איז גיך אַריבער. פאַרמאַטערטע און אויסגעשעפּטע, זײַנען מיר געשלאָפן אויסגעצייכנט.

איך האָב זיך אויפגעכאַפּט זיבן אינדערפרי. אין צימער איז געווען פינצטערלעך, ווײַל די פענצטער זײַנען געווען פאַרשטעלט מיט לאָדנס.

פון צווייטן צימער האָט זיך דערטראָגן ד"ר טענענבוימס שטימע:

— ווער וויים, וואָס עס וועט ווערן פון וואַרשע! נאָך אַזאַ אול־טימאַטום, וועט ער זי אויסגלײַכן מיט דער ערד...

און אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער צוגעגעבן:

— מען דאַרף עס זיי נישט דערציילן... זיי עסן זיך שוין אַזוי אויך אויף לעבעדיקערהייט!...

איך האָב זיך אַ הויב געטון פון בעט אין איין שרעק. „זיי" — האָט ד"ר טענענבוים געמיינט אונדז אַלעמען, וואָס מיר האָבן גע־לאָזן אין וואַרשע אונדזערע נאָענטסטע און טײַערסטע. דאָס האָט ער אַזוי אין צווייטן צימער אָנגעזאָגט טאַטע־מאַמע, אַז זיי זאָלן זיך פאַר אונדז נישט אַרויסכאַפּן מיט קיין וואָרט.

אין אַ מינוט אַרום האָב איך שוין גערעדט מיט אים. ער האָט געזען, אַז ער וועט זיך שוין נישט אַרויסדרייען, ווײַל איך האָב אונ־טערגעהערט דעם גאַנצן געשפּרעך זײַנעם מיט די עלטערן:

— נו, וואָס — האָט ער מיר צום סוף אויסגעזאָגט — היטלער האָט געגעבן וואַרשע אַ טערמין פון 24 שעה זיך אונטערצוגעבן. אין קעגנפאַל דראָט ער אויסצוגלײַכן די שטאָט מיט דער ערד...

ד"ר טענענבוים איז אַרויס. איך בין געבליבן אַליין. אין די אויערן האָט געקלונגען, ווי טויזנט גלעקער: „אויסגלייַכן מיט דער ערד!"... „אויסגלייַכן מיט דער ערד!"...

איך האָב זיך אָנגעהויבן אָנטאָן. אָבער איך בין נאָך נישט געווען אינגאַנצן אָנגעטאָן, ווען ד"ר טענענבוים איז ווידער אַרייַנגעלאָפן אין צימער אַריַין. ער איז געווען ממש צעטרייסלט.

— וואָס איז ווידער? — האָב איך אַ פרעג געטאָן.

— איבער דער שטאָט פליען עראָפּלאַנען... — האָט ער אַרויס־געשטאַמלט אַ דענערווירטער — סאָוויעטישע עראָפּלאַנען... 18 שטיק האָב איך אָנגעציילט...

— פון וואַנען ווייסט איר, אַז דאָס זיינען סאָוויעטישע עראָפּלאַנען?

—ס'טייַטש פון וואַנען? פשוט: קיין אַנדערע קענען עס נישט זיַין!

— דאָס איז שוין אַביסל צו פשוט!

— דייַטשע עראָפּלאַנען וועלן אַהער נישט קומען, ווייַל דאָ איז די סאָוויעטישע גרענעץ. פוילישע עראָפּלאַנען זייַנען עס אויך נישט; וואו וועט איר איצט נעמען צוויי צענטליק פוילישע עראָפּלאַנען איבער אַזאַ ווינקל, ווי עס איז כאַראַסטקאָוו?

ווען מיר זייַנען אַרויס אין גאַס, האָט דאָס שטעטל געברויזט. נעכטן בייַנאַכט איז עס געווען אין אונדזערע אויגן איין גרויסער אומבאַוועגלעכער שוואַרצער פלעק. איצט איז עס אַ שטעטל מיט אַלע גאַליציאַנער שטעטלעך גלייַך: אַ פירקאַנטיקער מאַרק מיט איינ־געבויגענע הייַזלעך, אַ ברונעם אינמיטן מאַרק, קרעמלעך — אַלץ, וואָס עס געהערט צום נאָרמאַלן פנים פון אַ טיפּישן אידיש־פוילישן שטעטל.

אידן און אוקראַינער האָבן זיך געדרייט איבערן מאַרק און הויף. דיסקוטירט וועגן די עראָפּלאַנען, וואָס זייַנען געפלויגן. מיר האָבן זיך באַראַטן, צי מיר זאָלן וויַיטער פאָרן אָדער נישט. די גרויסע מערהייט האָט געהאַלטן, אַז מען דאַרף, נישט געקוקט אויף קיין שום קלאַנגען, וויַיטער פאָרן אונדזער וועג.

צום נאָענטסטן שטעטל קאָפּיטשיניעץ איז געווען סך־הכל אַ 15 קילאָמעטער. מיר האָבן דעריבער גערעדונגען וועגעלעך און זיך אַרויס־געלאָזן הינטער דער שטאָט.

מיר האָבן אָבער נישט באַוויזן אָפּצופאָרן דעם ערשטן קילאָמע־טער, ווי מיר האָבן דערזען אויפן פעלד אַ קליינעם, לייַכטן טאַנק. ער איז געפאָרן אויפן מזרח־זייַט פון אונדזער שאָסיי — איבערן הוילן פעלד.

— איר זעט? — האָט פּרילוצקי צו מיר געזאָגט — עפּעס קומט דאָ פֿונדעסטוועגן פֿאָר! אַנדערש וואָלט דאָך אַ טאַנק נישט אַרומגעפֿאָרן איבער די פֿעלדער, וועלכע ליגן נאָענט צו דער סאָוויעטישער זײַט! דאָס איז אַ פּוילישער אויסשפּיר-טאַנק!

אויך אויפֿן שאָסיי האָט זיך געפֿילט עפּעס אַ נערוועזיטעט. אין דער ריכטונג וואוהין מיר זײַנען געפֿאָרן, איז קיינער אויסער אונדז נישט געפֿאָרן. אָבער אונדז אַנטקעגן איז אָנגעגאַנגען אַ זייער לעבהאַפֿטע און נערוועזע באַוועגונג.

אָט פֿאָרט אַ באַן-אַרבעטער אויף אַ וועליסאָפּעד מיט אַ פּעקל אויף דער פּלייצע און ער קוקט כּסדר הינטער זיך, ווי ער וואָלט מורא געהאַט, אַז עמעצער יאָגט אים. אָט פֿאָרט אַ וואָגן אָנגעפּאַקט מיט קריסטלעכע פּאַסאַזשירן, וועלכע קוקן צעשראָקענע אין אַלע זײַטן. אָט שטייט אַ פּויערים-פֿאַמיליע אויף דער שוועל פֿון איר הײַזקע און אַלע קוקן מיט איבערגעשראָקענע אויגן צו דער זײַט, וואו עס ליגט קאַפּיטשיניעץ.

דער טאַנק, וועלכער איז פֿריער געווען אויפֿן פֿעלד, איז געהאַט ערגעץ-וואו פֿאַרשוואונדן, אָבער אָט איז ער ווידער דאָ. אַ פֿאַרהאַמערטער פֿון אַלע זײַטן, שנײַדט ער אַדורך דעם שאָסיי האַרט פֿאַר אונדזער נאָז און פֿאָרט אַוועק שנעל מיטן שאָסיי אין דערזעלבער ריכטונג, וואָס מיר פֿאָרן — קיין קאַפּיטשיניעץ. די מאַנשאַפֿט פֿון טאַנק איז די גאַנצע צײַט אומזעבאַר — זי באַהאַלט זיך אונטערן פֿעסטן פּאַנצער פֿון אײַזן און שטאָל.

מיטאַמאָל ווערט אויפֿן שאָסיי אַן ערנסטע באַוועגונג. אין אַ כמאַרע שטויב דערנענטערן זיך צו אונדז עטלעכע צענטליק פּוילישע זעלנער אויף וועליסאָפּעדן. זיי פֿאָרן האַסטיק, אומקוקנדיק זיך כּסדר אַרום זיך.

באַלד נאָך די זעלנער קומט אונדז אַנטקעגן אַ וועגעלע מיט אַ קאַטוילישן גלח אין דער צערעמאָניאַלער קליידונג, ווי צו אַ גאָטעס-דינסט. נעבן גלח זיצט אַ משמש, אויך אין אַ ליטורגיש העמדל, ווי צו אַ גאָטעס-דינסט. דער משמש קלינגט אומאויפֿהערלעך מיט אַ גלעקל — אַזוי פֿאָרט געוויינלעך אַ דאָרפֿישער גלח אָפּנעמען ווידוי בײַ אַ שטאַרבנדיקן. ביידע, דער גלח און דער משמש, זיצן אויף דעם וועגעלע, אויפֿן שפּיץ פֿון געזעס, ווי צעמישטע. פֿון וואַנען פֿאָרן זיי? וואוהין פֿאָרן זיי?

מיר ווערן אַלע אומרואיק. איך קריך אַראָפּ פֿון וואָגן און שטעל אָפּ אַ פּאָליציאַנט, וועלכער פֿאָרט פֿאַרבײַ אויף אַ מאָטאָציקל. ער שטעלט מיך אָפּ, הערט אויס מײַן פֿראַגע, קוקט מיך אָן מיט צע-

שראָקענע אויגן, און פּאַרט אָפּ ווײַטער, נישט ענטפּערנדיק מיר קיין וואָרט...

אונדזערע וואָגנס זײַנען דערווײַל ווײַטער געפאָרן. איך בין געבליבן שטיין אַ ווײַלע אַליין אויפן שאָסיי. מיטאַמאָל — צי נאַרן מיך נישט מײַנע אויערן?

פונדערווײַטנס — ווי פון אונטער דער ערד — דערגייט צו מײַן אויער דאָס כאַראַקטעריסטישע געקלעפּער פון אַ קוילנוואַרפער. ווײַט, ערגעץ ווײַט פון דאַנען, אָבער מען הערט דײַטלעך דאָס פּויקן. וואו שיסט מען? ווער שיסט?

איך קוק זיך אַרום. אויסער אונדזערע וואָגנס, וועלכע פאָרן אַ דרײַסיק מעטער פאַר מיר, זעט מען נישט קיינעם. אויך אויף די אַרומיקע פעלדער איז ליידיק. דאָס שיסן קומט פון ערגעץ ווײַטער. אָבער — פון וואַנען?

מיטאַמאָל פאָרט ווידער אָן אַ באַן־אַרבעטער אויף אַ וועליסאָפּעד. איך שטעל אים אָפּ.

— אפשר קענט איר מיר זאָגן — פרעג איך אים — וואָס איז דאָ אַזאַ טומל אויפן שאָסיי? עפּעס הערט זיך אַ שיסערײַ פון ערגעץ...

— יאָ, — ענטפערט מיר דער באַן־אַרבעטער — פון 3 בײַנאַכט אָן... איך אַליין ווייס אויך נישט גענוי... כ׳ווייס נאָר, אַז אין גאַנצן גרענעץ־פּאַס קומט פאָר אַ שיסערײַ... אין קאַפּיטשיניעץ רעדט מען וועגן אַ בונט פון די אוקראַינער פּויערים... זיי שיסן אויף דער גרענעץ־וואַך...

— אפשר איז דערלויבט אײַך צו פרעגן וואוהין איר פאָרט?

— יאָ, קיין כאַראַסטקאָוו... אין קאַפּיטשיניעץ איז זייער אומרואיק...

מיר זײַנען געשטאַנען אַ ווײַלע צוזאַמען און זיך אײַנגעהערט אין אומהיימלעכן פּויקן פון קוילנוואַרפער. דער באַן־אַרבעטער האָט זיך שנעל אויפגעזעצט אויפן וועליסאָפּעד און אָפּגעפאָרן. איך האָב זיך אַוועקגעלאָזן נאָך אונדזערע וואָגנס.

— נו, וואָס? וואָס? — האָט מען מיך געמונטערט פון אַלע וואָגנס.

— וואָס האָט איר אײַך דערוואוסט?

כדי נישט אַרויסצורופן קיין אומנויטיקן טומל, האָב איך באַשלאָסן דערווײַל נישט איבערגעבן די געשיכטע דער גאַנצער גרופּע, נאָר פריער זיך מיישב זײַן מיט פרילוצקין. איך האָב געהייסן אונדזער פורמאַן אַביסל אײַנהאַלטן אונדזער וואָגן און אַדורכלאָזן די אַנדערע וואָגנס. ווען די ערשטע צוויי וואָגנס האָבן זיך אַביסל דערווײַטערט און דער טומל פון די רעדער איז צוליב דעם אַביסל קלענער געוואָרן,

האָט מען ווידער דײַטלעך געקענט הערן דאָס שיסן פֿון דעם קוילנ־וואַרפֿער.

— וואָס זאָל דאָס זײַן? — האָט פּרילוצקי געפֿרעגט אַן אי־בערראַשטער.

איך האָב אים איבערגעגעבן אַלץ, וואָס דער באַן־אַרבעטער האָט מיר דערציילט. מיר זײַנען ביידע געקומען צום אויספֿיר, אַז צוריקפֿאָרן האָט שוין נישט קיין זינען, ווײַל מיר זײַנען שוין זייער נאָענט פֿון קאַפּיטשיניעץ — אַ 5 קילאָמעטער סך־הכּל. לאָמיר פֿאָרן ווײַטער און — מיר וועלן זען, וואָס עס וועט פֿון דעם אַרויסקומען. גלײַכצײַטיק האָבן מיר באַשלאָסן אָפּצושטעלן אונדזערע וואָגנס און דערציילן אַלעמען אַלץ, וואָס מיר ווייסן.

נאָך אַ געוויסער וואַקלניש, האָבן אַלע מסכּים געווען מיט אונדז, אַז מען דאַרף זיך דערשלאָגן ביז קאַפּיטשיניעץ. איצט האָט מען שוין דײַטלעך געהערט די שיסערײַ. אין אַ געוויסן מאָמענט האָבן מיר דערזען אַ באַוועגונג פֿון עטלעכע פּוילישע גרענעץ־וועכטער אין מיטן פֿעלד. זיי זײַנען געלעגן אײַנגעגראָבן אין פֿעלד, אויף מזרח פֿון אונדזער שאָסיי, און די ביקסן זײַנען בײַ זיי געלעגן גרייט צום שיסן.

מיר האָבן זיי אויסגעמיטן און ווײַטער געפֿאָרן. נאָך אַ צען מינוט פֿאָרן, האָבן מיר דערזען פֿאַר זיך אַ ריזיקן ווײַסן בנין אויף אַ נידעריק בערגל, און פֿאַרן בנין — אַן אַ שיעור מיליטערישע אויטאָס און וואָגנס.

מיר זײַנען נאָך געווען ווײַט פֿון דעם בנין. עס האָט געדויערט נאָך אַ צען מינוט ביז מיר האָבן זיך דערנענטערט צו יענעם אָרט. די שיסערײַ האָבן מיר מער נישט שוין געהערט. אַרום די אויטאָס איז געווען אַ זייער גרויסע באַוועגונג. צענטליקער פּוילישע זעלנער האָבן געטראָגן ריזיקע קאַסטנס און זיי אָנגעלאָדנט אויף די אויטאָס. עטלעכע אָפֿיצירן זײַנען געשטאַנען דערנעבן און אַרויסגעגעבן באַפֿעלן.

איך בין ווידער אַראָפּגעקראָכן פֿון וואָגן און זיך אַוועקגעלאָזן צום אָפֿיציר, וועלכער האָט געשײַנט צו זײַן דער עלטסטער פֿון אַלע. איך האָב געהאַלטן אין האַנט מײַנע דאָקומענטן און קורץ אים געזאָגט ווער מיר זײַנען.

—איך וויל אײַך בעטן — האָב איך פֿאַרענדיקט מײַן קורצע רעדע.

—איר זאָלט אונדז אינפֿאָרמירן, וואָס דאָ קומט פֿאָר. וואָס איז דאָס פֿאַר אַ שיסערײַ? פֿאַרוואָס איז אַזוי אומרואיק אין דער געגנט?

דער אָפֿיציר — עס איז געווען אַ פּאָלקאָווניק פֿון דער גרענעץ־וואַך — האָט זיך אַ קראַץ געטון אין קאָפּ און מיר געענטפֿערט מיט אַ טרויעריקן שמייכל:

— און איר מיינט, אַז איך ווייס יאָ?

— דאָך: עפּעס ווייסט איר דאָך! אַט זעט איר, איר לאָדט אָן די זאַכן...

— יאָ, דאָס איז ריכטיק: מיר לאָדן אָן די זאַכן, און אויב מיר וועלן באַוויַיזן, וועלן מיר אָפּפאָרן פון דאַנעץ צו מערב־צו. איך קען איַיך נאָר זאָגן איין זאַך: ס'איז שלעכט! זייער שלעכט!

— אָבער וואָס קומט פאָרט פאָר?

—אויף זיכער קען איך איַיך גאָרנישט זאָגן. ביַי דער באָלשעוויסטישער גרענעץ גייען אַ גאַנצן פאַרטאָג שיסעריַיען און מען טעלעפאָנירט אונדז פון אַ ריי גרענעץ־פונקטן, אַז זיי ווייסן נישט גענוי, ווער עס איז זיי באַפאַלן. פון איין אָרט טעלעפאָנירט מען, אַז אוקראַינישע פּויערים זיַינען אַרויסגעטרעטן קעגן אונדז, און פון אַן אַנדער אָרט — אַז די באָלשעוויקעס זיַינען אַריבער די גרענעץ...

— וואָס־זשע, העט פּאָלקאָווניק, מיינט איר, איז געבליבן צו טאָן?

— איך קען איַיך נישט געבן קיין שום עצה. דאָס איינציקע, וואָס איך וואָלט געקענט ריזיקירן, איז איַיך זאָגן, אַז איר זאָלט פאַרקערעווען קיין מערב — אין דער ריכטונג פון בוטשאַטש.

איך בין אַוועק צו אונדזערע וואָגנס. אַלע האָבן געטענהט, אַז פאָרן קיין בוטשאַטש האָט דאָך אַוודאי נישט קיין זינען, וויַיל דאָס וואָלט דאָך געהייסן זיך דערנענטערן צו היטלערן. מיט איין וואָרט: מיר האָבן זיך אַוועקגעלאָזן וויַיטער אין דער ריכטונג פון קאָפּיטשיניעץ.

נאָך אין אַ צען מינוט אַרום האָבן מיר שוין דערזען פאַר זיך דאָס שטעטל, צו וועלכן מיר זיַינען געפאָרן. דאָ האָבן מיר געפונען די ענדגילטיקע לייזונג פון אַלע רעטענישן. דער גורל האָט געוואָלט, אַז דאָס דאָזיקע באַשיידענע גאַליציאַנער שטעטל זאָל אויף אייביק זיך אַריַינשניַידן אין אונדזער זכרון.

## 2

## מיטן דישל אין דער געשיכטע אַריַין

ווי נאָר מיר האָבן זיך אַביסל דערוויַיטערט פון די קאַזאַרמעס פון דער גרענעץ־וואַך, האָט זיך דערטראָגן צו אונדזערע אויערן אַ טומל פון הונדערטער שטימען, אָפּקלאַנגען פון פאַרשידענע פרייד־אויסרופן און דאָס שאַלן פון טראָמפּייטן. נישט וויַיט פון אונדז, נישט קיין גאַנצער קילאָמעטער פון אָרט, וואו מיר האָבן זיך געפונען אין יענעם מאָמענט, האָבן מיר דערזען די ערשטע היַיזקעס און גערטנדלעך פון שטאָט, און אויפן שאָסיי, נעבן די דאָזיקע היַיזקעס און גערטנדלעך — מענטשן צונויפגעדריקט אין איין יובלענדיקער מחנה.

פֿון צווישן דער מענטשן־מאַסע, האָט זיך אויסגעשיילט פֿאַר אונדזערע אויגן אַ לאַנגע קאָלאָנע ריזיקע טאַנקען. זיי זײַנען געשטאַנען לענג־אויס דעם שאָסיי מיטן „פּנים" צו אונדזער זײַט. מיר האָבן געזען פֿונדערווײַטנס, ווי פֿרויען שטייען אַרום די טאַנקען און באַדעקן זיי מיט גרינס און מיט בלומען. אַגב זײַנען איצט די טאַנקען נישט געווען פֿאַרהאַמערט און קריגס־גרייט, ווי יענער טאַנק, וועלכער האָט זיך עטלעכע מאָל פֿאַר אונדז באַוויזן אויפֿן פֿעלד. די מאַנשאַפֿט פֿון די טאַנקען, אָנגעטאָן אין דיקע פּוטערנע היטלען און אין פֿײַנע לעדערנע קורטקעס, איז געשטאַנען נעבן די מאַשינען אָדער אויף זיי, שמייכלענדיק פֿרײַנטלעך צום אַרומיקן עולם. זיי האָבן שמייכלענדיק צוגענומען די מתּנות, וואָס מען האָט זיי צוגעטראָגן פֿון אַלע זײַטן: בלומען, אויבסט, וואַסער. זייער האַלטונג איז געווען די האַלטונג פֿון אַקטיאָרן, וועלכע דאָס פּובליקום רופֿט אַרויס צו דער ראַמפּע.

— מיר דוכט זיך — האָב איך געזאָגט צו פּרילוצקין — אַז דאָס זײַנען סאָוויעטישע טאַנקען...

פּרילוצקי האָט זיך מיט מיר געשפּאַרט, אַז איך האָב אַ טעות.

—אָט, זעט — האָט ער מיר אָנגעוויזן — מיר זײַנען שוין נישט מער, ווי אַ 30 מעטער פֿון שפּיץ פֿון דער טאַנקען־אָפּטיילונג, און זעט, וויפֿל פּוילישע זעלנער עס דרייען זיך אַרום צווישן די טאַנקען!

פּרילוצקי איז געווען גערעכט: די טאַנקיסטן אַליין איז שווער געווען צו אונטערשיידן, ווײַל זיי האָבן נישט געטראָגן אויף די מלבו־שים קיין שום צייכן, אָבער די פּוילישע זעלנער — מיט ביקסן און אָן ביקסן — האָבן אַרומגעשמײַעט צווישן די טאַנקען און צווישן דער יובלענדיקער באַפֿעלקערונג, ווי צווישן אייגענע. אויב אַזוי — וואָס־זשע קומט דאָ פֿאָר?

אין דער גרעסטער שפּאַנונג זײַנען מיר צוגעפֿאָרן צום שפּיץ פֿון דער טאַנקען־אָפּטיילונג. אַדאַנק אַ צופֿאַל איז די גאַנצע זאַך מיר קלאָר געוואָרן אין איין אויגנבליק: איינער פֿון די טאַנקיסטן האָט גע־האָט אויפֿגעקנעפּלט די לעדערנע קורטקע, און פֿון אונטער דער קורטקע האָט אַפֿערגעקוקט אַ גרויע זעלנערישע „רובאַשקע" מיט פֿינף־קאַנטיקע סאָוויעטישע שטערנס אויף ביידע זײַטן קאָלנער...

— זעט, זעט! — האָב איך גענומען שטויסן פּרילוצקין מיטן עלנבויגן.

אונדזערע וואָגנס האָבן זיך דערווײַלע גענומען אַרײַנשנײַדן אינעם צעשריגענעם און באַרוישטן עולם, וואָס האָט פֿאַרנומען די גאַנצע ברייט פֿון שאָסיי. אידן, אוקראַינער, פּאָליאַקן, אָפֿיצירן, זעלנער, פּאָליציאַנטן און ציווילע — אַלץ איז געווען אויסגעמישט און זיך „געברודערט" מיט די סאָוויעטישע טאַנקיסטן.

פלוצלונג האָט די גאַנצע מאַסע זיך געלאָזן לויפֿן פֿאַרויס, נעענטער צום שטעטל. אַ טריט 20 פֿון אָרט, וואו מיר זיינען געשטאַנען, האָט זיך געשניטן אַ צווייַג פֿון אונדזער שאָסיי — גלייַך אַוועק צו מזרח, צו דער סאָוויעטישער גרענעץ. מיטן דאָזיקן שאָסיי איז איצט געראָד אָנגעריטן אַן אָפּטיילונג סאָוויעטישע קאַוואַלעריע. דער עולם האָט זיך אַ לאָז געטאָן זיי באַגריסן.

דער שאָסיי איז געוואָרן פֿרייַער און אונדזערע פֿורמאַנעס האָבן געוואָלט אַ טרייַב-טון די פֿערד ווייַטער. אָבער אַן עלטערער פוילישער מיליטער-מאַן מיטן פּנים פֿון אַן אַלטן אַקטיאָר האָט אויפֿגעהויבן די האַנט און אונדז פֿאַרהאַלטן:

— האַלאָ! וואו פֿאָרט איר? וואו שטופּט איר זיך? זעט איר ניִשט, אַז דער שאָסיי דאַרף זיין פֿרייַ פֿאַרן מיליטער?

און ער האָט באַפֿעלעריש אויסגערופֿן:

—פֿאַרנעמט זיך אין אַ זייַט און קריכט אַראָפּ פֿון די וואָגנס!

מיר האָבן אויסגעפֿירט דעם באַפֿעל. איצט זייַנען מיר אַליין געוואָרן אַ טייל פֿון דער כוואַליענדיקער מאַסע. איך האָב זיך דורכגעשטויסן צום אָפֿיציר, וועלכער האָט אונדז פֿאַרהאַלטן. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער איז אַ מיליטערישער דאָקטער. ער האָט געאַרבעט אין דערנעבנדיקן מיליטערישן שפּיטאָל, וועלכער איז אייַנגעאָרדנט געוואָרן אויף דער צייַט פֿון קריג אין גרויסן נייַעם בנין פֿון דער אָרטיקער פֿאָלקס-שול נעבן שאָסיי.

ווען איך האָב געמאָלדן דעם דאָזיקן אָפֿיציר, אַז מיר זייַנען עוואַקואירטע וואַרשעווער זשורנאַליסטן, און אים געפֿרעגט וואָס דאָ טוט זיך, האָט ער אונדז געענטפֿערט פּאַטעטיש, אויסציִענדיק פֿייַערלעך יעדעס וואָרט:

— איצטער קענט איר זיין רואיק, פּאַנאָוויע!... עס האָט זיך געענדיקט אייַער וואָגלעניש!... די באָלשעוויקעס זייַנען געקומען אונדז אַרויסצוהעלפֿן אין אונדזער קאַמף און איצטער איז שוין היטלער פֿאַרטיק..

איך האָב נישט געגלייבט מייַנע אייגענע אויערן. אָך, ווי עס האָט זיך געוואָלט, אַז דאָס געהערטע זאָל זייַן אמת! איך האָב זיך אַזוי ווי צוגעקלעפּט צום אָפֿיציר:

— העלפֿן אונדז, זאָגט איר? העלפֿן אונדז? אַ-יאָ?

— ווי איר הערט! אָט זייַנען שוין פֿאַראַן די ערשטע סאָוויעטישע אָפּטיילונגען און באַלד וועט קומען נאָך! אַ גאַנצע אַרמיי גייט אונדז צו הילף...

אָבער בלויז אַ ווייַלע האָט געדויערט בייַ מיר די באַרוישונג. דער מוח האָט געאַרבעט שנעל. אויב אַן אַרמיי פֿון איין לאַנד גייט

העלפֿן דער אַרמיי פֿון אַ צווייטן לאַנד — האָב איך געטראַכט — טוט זי עס אין פֿאַרשטענדיקונג מיט דער מאַכט פֿון יענעם לאַנד, וועלכן מען גייט העלפֿן. צו וואָס די גאַנצע מהומה ביי דער גרענעץ ביינאַכט? פֿאַרוואָס אַזוי נישט נאַטירלעך?

איך האָב אַרויסגעזאָגט די דאָזיקע ספֿקות פֿאַרן פּוילישן אָפֿיציר. יענער האָט מיך אָנגעקוקט מיט אַזאַ צעשמעטערנדיקן בליק, אַז איך האָב נישט געקענט ביי זיך באַשטימען, וואָס דער דאָזיקער בליק דריקט אויס מער: רחמנות אָדער פֿאַראַכטונג...

— דרייט נישט קיין קאָפּ! איך בין געווען דערביי, ווי דער סאָוויעטישער בריגאַדיר האָט זיך געמאָלדן צום שעף פֿון אונדזער שפּיטאָל און אים געמאָלדן, אַז די סאָוויעטישע אַרמיי קומט מיט פֿריינטלעכע כּוונות אונדז צו העלפֿן! דאָס איז גענוג פֿאַר אייך?

איך האָב נישט באַוויזן צו פֿאַרדייען דאָס געהערטע, ווי עס האָט אויפֿגעקראַכט אַ שאָס. ווען מיר האָבן זיך אויסגעדרייט צו יענער זייט פֿון שאָסיי, פֿון וואַנען עס איז געקומען דער שאָס, האָבן מיר דערזען אַ פֿולשטענדיקע נייַע „דעקאָראַציע”: אינמיטן שאָסיי זיינען געשטאַנען עטלעכע סאָוויעטישע מיליטער־לייט מיט אויפֿגעהויבענע רעוואָלווערן און קעגנאיבער זיי זיינען שוין געשטאַנען מיט אויפֿגעהויבענע הענט עטלעכע פּוילישע זעלנער...

מיר האָבן נישט באַוויזן קומען צו זיך פֿונם ערשטן איינדרוק, ווי די באַוואָפֿנטע סאָוויעטישע זעלנער האָבן גענומען שרייען צו אַלע אַרומיקע פּוילישע מיליטער־לייט:

— בראָסאַט אָרוזשיע!... רוקי וו׳וויערך!*)...

צענטליקער פּוילישע זעלנער און אָפֿיצירן האָבן מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ גענומען אויפֿשנאַלן די רימענס מיטן געווער און סאָוויעטישע זעלנער האָבן זיי גענומען איינשטעלן אין אַ רייע מיט אויפֿגעהויבענע הענט. סאָוויעטישע פּאַטרולן צו 3-4 זעלנער מיט באַגנעטן אויף די אויסגעשטרעקטע ביקסן האָבן גענומען נישטערן די דערבייאיקע פֿעלדער און הויפֿן, צוזאַמענברענגענדיק צום שאָסיי נישט נאָר מיליטער־לייט, נאָר אויך פּאָליציי־לייט. אין עטלעכע מינוט אַרום האָב איך דערזען אין דער רייע אויך דעם מיליטערישן דאָקטער, וועלכער האָט אָקאָרשט מיט אַ ווײַלע צוריק געקוקט אויף מיר מיט אַזאַ צעשמעטערנדיקן בליק...

דער שאָסיי איז געווען אָפּגעליידיקט. די אָרטיקע ציווילע באַפֿעלקערונג איז זיך פֿונאַנדערגעלאָפֿן. אויך אונדזערע פֿורמאַנעס

*) וואַרפֿט דאָס געווער!... די הענט אין דער הויך!...

זײַנען ערגעץ וואו פֿאַרשוואונדן. געבליבן בלויז זײַנען די נישטערנ־דיקע סאָוויעטישע פּאַטרולן, סאָוויעטישע טאַנקן און אַנטוואָפֿנטע פּוילישע מיליטער־לײַט.

פּלוצלונג האָט ערגעץ אַ דונער געטון אַן אַרמאַטן־שאָס: שווער, אימהדיק. באַלד האָט זיך צעטראָגן אין דער לופֿטן אַ צווייטער און אַ דריטער שאָס.

מיר האָבן זיך אַ וואָרף געטון צום ערשטן־בעסטן גערטנדל בײַם שאָסיי. מיר האָבן אויפֿגעריסן דאָס טירל און זיך פֿונאַנדער־געלייגט אין גראָז הינטער די אויבסט־ביימער. אין דער ערשטער מינוט זײַנען מיר געלעגן אַלע אין איין קופּע, אָבער שפּעטער האָבן מיר זיך פֿונאַנדערגעשאָטן איבערן גאַנצן גערטעלע: טאָמער ווערט, הייסט עס, טרעפֿן אַ שראַפּנעל, זאָל ער נישט טרעפֿן אַלעמען...

אַרום מיר זײַנען געלעגן דוד פֿלינקער, נאַטאַן שוואַלבע און נח פּרילוצקי.

—אַרויסגיין גאַנץ פֿון דער גאַנצער רײַזע ביז איצט, און דאָ, איצט, כאַפּן אַ קויל, וואָלט געווען נישט יושרדיק! — האָט שוואַלבע זיך געוויצלט „מיט יאַשטשערקעס".

—פֿלינקער — האָב איך געזאָגט צו איינעם פֿון די נאָענט־ליגנדיקע צו מיר — איר זאָלט געדענקן, אַז דאָס גאַנצע געלט ליגט בײַ מיר אין דער־אַ טאַש...

—און מײַן פּערזענלעך געלט — האָט ער מיך פֿאַרשטאַנען און רואיק אָפּגעענטפֿערט, ווי דאָס איז שוין איינמאָל געשען אין אַן ענלעכן מאָמענט אין לוקאָוו — און מײַן פּערזענלעך געלט ליגט אָט אין דער טאַש מײַנער...

די אַרמאַטן־שיסערײַ האָט געדויערט אַ 15 מינוט. דאַן איז געוואָרן שטיל. עס איז אונדז קיינמאָל שפּעטער נישט געלונגען פֿעסטצו־שטעלן וואָס איז דאָס געווען פֿאַר אַ שיסערײַ. מען האָט דאַן אַרומ־גערוקט אין יענעם געגנט 2 סברות: איינע, אַז אויפֿן וועג צווישן קאָפּיטשיניעץ און טאַרנאָפּאָל איז געקומען צו אַ גרויסער פֿאַרמעס־טונג צווישן פּוילישע און סאָוויעטישע אַרמיי־טײַלן; אַ צווייטע, אַז דאָס סאָוויעטישע מיליטער האָט סתּם אַזוי געשאָסן, כּדי אָנ־צוואַרפֿן אַ שרעק אויף דער פּוילישער באַפֿעלקערונג און אויף די רעשטלעך פֿון דער פּוילישער אַרמיי.

ווען די שיסערײַ האָט אויפֿגעהערט זײַנען מיר אויפֿגעשטאַנען און אַרויס צוריק אויפֿן שאָסיי. אַרום איז געווען ליידיק. נאָר פֿונ־דערווײַטנס, מיטן שוין דערמאָנטן ראַהאַטינער שאָסיי, וואָס איז

געגאַנגען דירעקט פֿון דער סאָוויעטישער גרענעץ, האָט אומאויפֿהערלעך מאַרשירט סאָוויעטיש מיליטער.

כּדי אַרײַנצוגיין אין שטעטל אַרײַן, האָט מען געדאַרפֿט איבערשנײַדן יענעם שאָסיי. מיר האָבן געהאַלטן, אַז עס וועט בעסער זײַן איבערצוואַרטן אַ צײַט ביז דאָס מיליטער וועט אויפֿהערן מאַרשירן.

אָבער וואו וואַרט מען איבער?

נאָך אַ שטיקל ישוב־הדעת האָבן מיר זיך אַנטשלאָסן אַרײַנצוגיין אין אַ שכנותדיקן הויף, וועלכער איז געווען אַרומגענומען מיט אַ הויכן פּאַרקן. פֿון הינטערן פּאַרקן האָט זיך אַרויסגעזען אַ געמויערט איינשטאָקיק הויז.

ווען מיר האָבן געעפֿנט דאָס טירל, האָבן מיר דערזען פֿאַר זיך נישט קיין געוויינלעכן הויף, נאָר אַ גרויסן ברעטער־סקלאַד. דאָס הויז איז געווען ליידיק. מיר האָבן געקלאַפּט אין אַלע טירן, אָבער מען האָט אונדז פֿון ערגעץ נישט געענטפֿערט. בלית־ברירה האָבן מיר באַשלאָסן צו בלײַבן זיצן צווישן די ברעטער — אַלץ בעסער, ווי אויפֿן שאָסיי.

אינדרויסן האָבן זיך דערווײַל אָפּגעטון פֿאַרשידענע זאַכן. אָט שפּילט אַן אָרקעסטער און עס מאַרשירט מיליטער פֿון אַלע מינים. אָבער אָט ווערט אינדרויסן אַביסל רואיקער. מיר קוקן אַרויס דורך די שפּאַרעס. אויף דער גאַס גייען אַרום פּאַטרולן, אויפֿגעפּאַנדיק איינצלנע ציווילע, ווי מען האָט פֿריִער געכאַפּט מיליטער־לײַט...

די לאַגע איז געווען ערנסט. יעדע מינוט האָט געקענט אַרײַנקומען אַ סאָוויעטישער פּאַטרול און אונדז פֿאַרהאַלטן אַלס פֿאַרדעכטיקע: עס וואָלט געגנוג געווען צו געפֿינען בײַ עטלעכע פֿון אונדז די סיים־קאַרטלעך מיטן גרויסן פּוילישן מלוכה־אָדלער, כּדי אונדז אָנצונעמען פֿאַר איבערגעטוענע פּוילישע מלוכה־מענער, אָדער מיליטער־לײַט. מיר האָבן פֿאַרשטאַנען, אַז ביז אַזאַ מיספֿאַרשטייעניש וועט זיך אויפֿקלערן, קענען מיר דערווײַל זיך געפֿינען אין אַ סאָוויעטישן קאָנצענטראַציע־לאַגער, און די דאָזיקע פּערספּעקטיוו האָט אונדז זייער ווייניק געשמייכלט. מיר האָבן דעריבער אָנגעהויבן פֿאַרניכטן אַלע אונדזערע סיים־קאַרטלעך און אַלע אונדזערע נאָטאַריאַלע באַשטעטיקונגען וועגן אונדזער באַרימטן פּאַפּיר פֿון פּרעזידיום פֿון מיניסטאָרן־ראָט, אַז מיר ווערן עוואַקוּאירט פֿון וואַרשע אַלס „וויכטיקע מענטשן". מיר זײַנען געבליבן בלויז בײַ די פּערזענלעכע דאָקומענטן און בײַ די ביכלעך פֿון פּוילישן זשורנאַליסטן־סינדיקאַט.

דערוויַיל איז שוין געוואָרן האַלבער טאָג. אינדרויסן האָט זיך גאָרנישט נישט געענדערט. אָרקעסטערס האָבן געשפּילט אומאויפֿהערלעך און אומאויפֿהערלעך זײַנען געפֿאָרן מאַטאָריזירטע אָפּטיילונגען סאָוויעטיש מיליטער, אַרטילעריע און קאַוואַלעריע. ווי אין די אַלטע צאַרישע צײַטן, האָט יעדער אָרקעסטער געפֿירט מיט זיך אַ „ליאַלקע”, וועלכע עס האָט געוויינלעך געהאַלטן דער מיטלסטער זעלנער אין דער ערשטער רײַע פֿון אָרקעסטער אָדער כאָר. בעתן זינגען אָדער שפּילן, ווערט די „ליאַלקע” געהויבן און באַוואויגן אין אַלע זײַטן, די גלעקלעך קלימפּערן און די סטענגעס פֿליִען צעפּלאָשעטע איבער די קעפּ פֿון די זעלנער.

עס האָט אונדז גענומען מאַטערן הונגער און דורשט. עס איז נישט געווען צו ווענדן זיך צו ווענדן וועגן עפּעס, וועמען צו פֿרעגן אַן עצה.

אָבער אָט עפֿנט זיך דאָס טירל פֿון גאַס און עס קומט אַרײַן אין הויף אַ איד, אַ טיפּ פֿון אַ דאָרפֿישן גוטמוטיקן מענטש. ער קוקט אויף אונדז און פֿרעגט צום סוף ווער מיר זײַנען.

מיר דערציילן אים, אַז מיר זײַנען פּליטים פֿון וואַרשע (אַז מיר זײַנען זשורנאַליסטן, האָבן מיר דערוויַילע נישט געהאַלטן פֿאַר באַקוועם פֿונאַנדערצודערציילן) און אַז מיר האָבן נישט וואו זיך אַהינצוטון.

— קומט אַריבער צו מיר — האָט דער איד געזאָגט אַזוי האַרציק־פּשוט — איך וואוין קעגנאיבער, איך האָב דאָרטן אַ ווירטשאַפֿט. קודם וועט איר עפּעס אָפּעסן, איר זענט דאָך זיכער הונגעריק!

מיר האָבן געקוקט אויף דעם איד, ווי אויף אַ מלאך־הגואל. דער ברעטער־סקלאַד, וואו מיר האָבן זיך געפֿונען, איז געווען דאָס אייגנטום פֿון זײַנעם אַ רײַכן קרוב פֿון שטאָט — האָט ער אונדז דערציילט. איצט, אַז דער קרוב איז נישטאָ, האַלט ער אַן אויג אויפֿן געהילץ.

ווען דאָס מיליטער האָט אויפֿגעהערט מאַרשירן אַ ווײַלע, זײַנען מיר צו צוויי און דרײַ אַריבערגעלאָפֿן ביסלעכווײַז איבערן שאָסיי, און אַרײַן אין הײַזקעלע פֿון דעם אידישן דאָרפֿס־מאַן. מיר האָבן אָפּגעלייגט אין אַ זײַטיק שטיבל די זאַכן, זיך אַרומגעוואַשן און גענומען עסן, וואָס נאָר מען האָט אונדז געגעבן: ברויט, מילך, קעז, פֿרוכטן.

ווי אין די פֿריִערדיקע וואָלינער שטעטלעך און ווי אין כאַראַסטקאָוו, האָט דער איד מיט זײַן פֿרוי און טאָכטער זיך געפּאָרעט אַרום אונדז מיט דער האַרציקסטער וואַרעמקייט. ער אַליין מיט זײַן פֿאַמיליע איז אויך געווען אַ קרבן פֿון קריג. ער האָט געזאָלט אַרויס־

קריגן אין אַמעריקאַנער קאָנסולאַט אין וואַרשע אַ וויזע פֿאַר זיך און פֿאַר דער גאַנצער פֿאַמיליע קיין אַמעריקע. פֿאַרשטייט זיך, אַז ער איז שוין נאָך דער וויזע נישט געפֿאָרן.

— מיר האָבן שוין אַפֿילו ליגן — האָט ער זיך געקלאָגט — אָפּגעצאָלטע שיפֿס־קאַרטן פֿון אונדזערע קרובים. איצט וועט אַלץ פֿאַרלוירן גיין!

מיר האָבן אים געזאָגט, אַז זײַנע קרובים אין אַמעריקע וועלן אָפּקריגן דאָס געלט. אָבער וואָס פֿאַר אַ טרייסט איז דאָס געווען פֿאַר אים?

— איצט האָט ער געטענהט — וועט מען דאַרפֿן בלײַבן מיט זיי (דאָ האָט ער אַ וואונק געטון אין דער ריכטונג פֿון שאָסיי, כּדי מיר זאָלן פֿאַרשטיין, אַז ער מיינט די באָלשעוויקעס) — מיט די פּאָ־ליאַקן איז דאָך די לעצטע יאָרן שוין נישט געווען מעגלעך אויסצו־האַלטן. אָבער ווער ווייסט צי עס וועט איצט זײַן בעסער!...

דערווײַל איז געוואָרן פֿאַרנאַכט. וועגן גיין אין שטעטל אַרײַן האָט נאָך אַלץ נישט געקענט זײַן קיין רייד, ווײַל דער שאָסיי, וועלכן מען האָט געדאַרפֿט איבערשנײַדן, איז נאָך אַלץ געווען געפּאַקט מיט כּסדר־אָנקומענדיקן סאָוויעטישן מיליטער.

— מיר זײַנען אַרײַנגעפֿאָרן מיטן דישל אין דער היסטאָריע!
— האָט שעפּנער זיך געוויצלט.

און באמת: דאָס, וואָס איז פֿאָרגעקומען יענעם טאָג פֿאַר אונדזערע אויגן, איז דאָך טאַקע געווען היסטאָריע אין בוכשטעב־לעכסטן זין פֿון וואָרט. די וואָג פֿון די געשיכטלעכע געשעענישן, וועלכע מיר האָבן דעם טאָג בײַגעוואוינט, האָבן מיר געקענט אָפּ־שאַצן אין דער פֿולער מאָס ערשט אינאָוונט, ווען מיר האָבן זיך באַקענט מיטן אינהאַלט פֿון דער באַרימטער רעדע, וואָס מאָלאָטאָוו האָט געהאַלטן יענעם טאָג קעגן די פּוילישע „פּאַנעס": אַז די דאָ־זיקע „פּאַנעס" האָבן אַרײַנגעצויגן פּוילן אין אַן אומגליקלעכן קריג, און אַז די סאָוויעטישע אַרמיי קומט אויסלײַזן די אוקראַינער און ווײַסרוסן, די ברידער לויטן בלוט, פֿון פּוילישן יאָך.....

יאָ, דאָס איז געווען אַ וויכטיק קאַפּיטל געשיכטע — אַ וויכטיקס און אַ טרויעריקס!

# 3

## שוואַלבע, וואַגמאַן און וואָלקאָוויטש ווערן אַרעסטירט

אָפּגעגעסן, אָפּגעטרונקען, אויסגעטעגהט זיך מיט אונדזערע בעלי־בתים, איז אַ טייל פֿון אונדז אַרויס אויפֿן שאָסיי. אונדזערע באַלעבאַטים האָבן זיך געדרייט אַריין און אַרויס, איינצלנע פֿאַרבײַגייער האָט מען אויך געזען פֿון צײַט צו צײַט — מיט וואָס־זשע זײַנען מיר ערגער פֿון אַנדערע? מיט איין וואָרט: מיר האָבן זיך אָנגענומען מיט דרײַסטקייט און אַרויס אויפֿן שאָסיי.

מיר זײַנען געווען אַ מאַן זעקס. אויסער זיך געדענק איך שאול וואַגמאַנען, נאַטאַן שוואַלבען און דוד פֿלינקערן. מיר האָבן געוואָלט צוגיין צו יענעם אָרט אויפֿן שאָסיי, וואו עס קרײַצן זיך 3 וועגן: אומאויפֿהערלעך האָט דאָרט געשטראָמט אַ גאַנצן טאָג סאָוויעטיש מיליטער פֿון דער גרענעץ.

מיר האָבן בלויז באַוויזן אָפּצוגיין אַ צוויי צענטליק טריט, ווי פֿון די פֿעלדער האָט זיך גענומען דערנענטערן צו אונדז אַ פּאַטרול פֿון 3 סאָוויעטישע זעלנער מיט די באַגנעטן אויף די ביקסן.

עטלעכע צווישן אונדז — דערונטער שוואַלבע און וואַגמאַן — האָבן זיך געלאָזן לויפֿן צוריק צו אונדזער הײַזקע. עס האָט נישט געהאָלפֿן מײַן נאָכשרײַען זיי, אַז מיטן אַנטלויפֿן ציִען זיי אויף זיך אַ חשד. זיי האָבן מיך נישט געפֿאָלגט און ווײַטער געלאָפֿן. די אָנקומענדיקע רויט־אַרמייער האָבן גענומען נאָכיאָגן זיי, שרײַענדיק:

— סטאָי! רוקי וו׳ווערך! *)

ערשט דעמאָלט האָבן אונדזערע אַנטלויפֿנדיקע קאָלעגן זיך אָפּגעשטעלט. סײַ זיי און סײַ מיר — די נישט אַנטלויפֿנדיקע — זײַנען איצט געשטאַנען מיט אויפֿגעהויבענע הענט. וואָס וועט דאָ איצט זײַן?

נעבן אונדז, די נישט אַנטלויפֿנדיקע, האָבן די רויט־אַרמייער זיך אַפֿילו נישט אָפּגעשטעלט. זיי זײַנען פֿאַרבײַגעגאַנגען נעבן אונדז, נישט זאָגנדיק קיין וואָרט. מיר האָבן אַראָפּגעלאָזט די הענט. אָבער וואָס וועט איצטער זײַן מיט זיי, מיט די אַנטלויפֿער?

די 3 רויט־אַרמייער האָבן זיך דערנענטערט צו זיי און זיי גענומען אויספֿרעגן. מיר האָבן נישט געהערט דעם געשפּרעך — עס איז געווען ווײַט פֿון אונדז. צום סוף האָבן מיר געזען, ווי אונדזערע

*) — שטייט! הויבט אויף די הענט!

קאָלעגן לאָזן אַראָפּ די הענט, און די רויט-אַרמייער דערוויַיטערן זיך פון זיי. מיר האָבן ליַיכטער אָפּגעאָטעמט!

איך האָב שפּעטער געהאַט גרויסע תרעומות צו די דערמאָנטע זשורנאַליסטן, וועלכע האָבן אַזוי אומבאַרעכנט זיך געלאָזן אַנטלויפן, איַינשטעלנדיק דערמיט זיך און אונדז. אונטערן איַינדרוק פון דאָזיקן אינצידענט, וועלכער האָט אונדז אַלעמען געקאָנט טיַיער קאָסטן, האָבן מיר זיך שנעל אומגעקערט אין דער היַיזקע, פון וועלכער מיר זיַינען אַרויס.

וואָס-זשע טוט מען וויַיטער? דער טאָג שטייט דאָך נישט אויף איין אָרט. אויב מיר וועלן איצט נישט באַזאָרגן פאַר זיך קיין נאַכט-לעגערס, וועלן מיר שפּעטער נישט האָבן וואו צו שלאָפן. עס איז פאַר אונדז געוועזן קלאָר, אַז וועגן וויַיטער פאָרן די נאָענטסטע טעג קען נישט זיַין קיין רייד. אָבער ווי אַזוי קומט מען אין שטעטל אַריַין?

דאָס דורכגיין יענעם פּונקט פון שאָסיי, וואו עס מאַרשירט אַ גאַנצן טאָג מיליטער, איז פאַרבונדן מיט אַ סכנה: מען קען אונדז אָננעמען פאַר פאַרדעכטיקע און פאַרהאַלטן, ווי פיל אַנדערע ציווילע, וועלכע זיַינען שוין דעם טאָג אַרעסטירט געוואָרן כמעט פאַר אונ-דזערע אויגן. ווער עמען ווילט זיך דאָס ריזיקירן מיט זיך אַליין? יעדער פון אונדז האָט פאַרשטאַנען, אַז אַרעסטירט ווערן דאָ, אין סאַמע צענטער פון מיליטערישע אָפּעראַציעס, הייסט אָפּגעשיקט ווערן ערגעץ וויַיט אין אַ שטאָב אַריַין, און אויב אַפילו מען ווערט נאָכדעם באַפריַיט, איז מען שוין אָפּגעריסן פון די חברים און פריַינט. פאָלג מיך אַ גאַנג!

אָבער עס איז נישט געוועזן קיין ברירה. בליַיבן דאָ, אין אָט דעם דאָרפישן היַיזל, האָט מען נישט געקענט. געוויסערמאַסן איז עס אַפילו געוועזן געפערלעך. ווער קען אונדז גאַראַנטירן, אַז מען וועט ביַינאַכט נישט מאַכן קיין אָבלאַווע אין די שטובן? אונדזער פאַר-ברענגען אין דאָזיקן דאָרפישן היַיזקעלע הינטער דער שטאָט וואָלט געקענט אין אַזאַ פאַל ציִען אויף אונדז אַן אומבאַגרינדעטן חשד.

נעמענדיק דאָס אַלץ אין אַכט, האָבן מיר באַשלאָסן, אַז מען דאַרף זיך פאַר יעדן פּריַיז אַריַינקריגן אין שטאָט אַריַין. אָבער אַזוי ווי דאָס אַריַינקומען אין שטאָט איז ביַי די געגעבענע באַדינגונגען געווען פאַרבונדן מיט אַ סכנה, האָבן מיר באַשלאָסן, אַז דערוויַיל גייען בלויז עטלעכע פון אונדז. אויב די עטלעכע וועלן דערגיין, אויפ-זוכן פאַר אַלעמען דירות און בשלום צוריקקומען, וועלן מיר אַלע איינציקוויַיז אַריַינגיין אין שטאָט.

עס האָט זיך קיינעם נישט געגלוסט צו גיין. און זאָגן יענעם: „גיי דו!" איז אין אַזעלכע פֿאַלן נישט פֿון די לײַכטע זאַכן. אויסער־דעם האָב איך זיך געפֿילט פֿאַרפֿליכטעט מער פֿון יעדן אַנדערן צו „זאָרגן פֿאַרן כּלל": איך האָב זיך עס דאָך אונטערגענומען אויף יענער געזעגענונגס־זיצונג פֿון וואַרשעווער זשורנאַליסטן־סינדיקאַט מיט 2 וואָכן צוריק. מיט איין וואָרט: איך האָב זיך אַרויסגערופֿן פֿרײַוויליק. איך האָב בלויז פֿאַרלאַנגט, אַז עס זאָל מיטגיין נאָך עמעצער. ווי עס מאַכט זיך, איז בעסער אַז מען איז נישט אַליין.

אויגנבליקלעך האָבן זיך געמאָלדן נאָך 3 פֿרײַוויליקע און מיר זײַנען זאַלבעפֿערט אַוועק אין שטעטל אַרײַן: י. מ. נײַמאַן, מנחם פֿלאַקסער, דוד פֿלינקער און איך. מיר האָבן דערבײַ פֿעסט אָפּגע־מאַכט בײַ זיך, אַז בײַם אָנקומען פֿון אַ פּאַטרול, וועלן מיר נישט לויפֿן אָדער אַנטלויפֿן, נישט דורכגנבֿהנען זיך זײַטיק און נישט טאָן קיין זאַך, וואָס קען אונדז שטעלן אין פֿאַרלעגנהייט.

און אָט זײַנען מיר טאַקע בײַם וועג, וואָס פֿירט צו דער סאָ־וויעטישער גרענעץ.

צום ערשטן מאָל פֿאַרן גאַנצן טאָג האָבן מיר איצט געהאַט די געלעגנהייט גוט זיך צוצוקוקן צום אַרײַנקומענדיקן סאָוויעטישן מיליטער. קיין פֿוסגייער זעען מיר נישט. עס פֿאָרט ארטילעריע פֿון פֿאַרשידענע מינים, עס רײַט קאַוואַלעריע, עס פֿאָרן גרויסע מעכאַ־ניזירטע אָפּטיילונגען סאַפּערן־מיליטער און עס פֿאָרן אויך „פֿוס־גייער" — אויף גרויסע לאַסט־אויטאָס פֿאָרן זיי — מעכאַניזירט.

אינמיטן שאָסיי, מיטן פּנים צום אָנקומענדיקן מיליטער, איז געשטאַנען אַ סאָוויעטישער בריגאַדיר מיטן אויסזען פֿון אַ פֿאַר־מלחמהדיקן סאָלידן פֿעלדפֿעבל. ער האָט אָנגעפֿירט מיט דער גאַנצער באַוועגונג פֿון מיליטער. דאָס איז געווען אַ מענטש אין די מיטעלע יאָרן, גוט־געקליידעט, מיט אַ גרויסער מיליטערישער מאַפּע און מיט אַ גרויסער פֿעלד־לאָרנעטע בײַ דער זײַט. מיט ענערגישע באַווע־גונגען האָט ער געוויזן יעדער אָנקומענדיקער אָפּטיילונג, ווי זי דאַרף גיין (עס איז, ווי געזאָגט, געווען אַ קרײַצוועג פֿון 3 שאָסייען): צי צו דער רומענישער גרענעץ קיין דרום (טאַקע דורכן שטעטל), צי מיטן צפֿון־מערבֿדיקן שאָסיי טיף אין לאַנד אַרײַן (קיין טאַרנאָ־פּאָל און לעמבערג), צי מיטן דריטן וועג — מיטן כאַראַסטקאָווער, וועלכן מיר האָבן אַדורכגעמאַכט אינדערפֿרי.

נעבן דעם בריגאַדיר, וועלכער האָט, אַגבֿ, געטראָגן גרויסע, דיקע וואָנסעס, ווי מאַרשאַל בודיאָנני, איז געשטאַנען אַ יונגער שוואַרצער אָפֿיציר, וועלכער איז געווען דער פֿולער קעגנזאַץ פֿון בריגאַדיר. דער

ערשטער האָט געהאַט דעם אויסזען פֿון אַ סאָלידן אַרבעטער־טיפּ, וואָס האָט מיט דער צײַט זיך דערדינט צום הויכן מיליטערישן ראַנג, בעת דער צווייטער האָט געמאַכט דעם אײַנדרוק פֿון אַן עלעגאַנטן אינ־טעליגענטל, וואָס איז געקומען צו דער אַרמיי פֿאַכמעניש־קאַסטע־מעסיק — דורך אַ נאָרמאַלער מיליטערישער שול; דער ערשטער איז געווען אַ טיפּ פֿון אַן ענערגישן „פּראָסטן" קאָמאַנדיר אין אַ ברייטער בלוזע, מיט דזשעגעכץ אויף די פּראָסטע לויזע שטיוול און אין ברייטע, איבער די שטיוול אַריבערפֿאַלנדיקע, גרינע מיליטערישע הויזן, בעת דער צווייטער האָט געטראָגן מלבושים, וואָס זײַנען געווען אפֿשר נישט קיין בעסערע פֿון בריגאַדירס מלבושים, אָבער דער שניט זייערער און זייער גאַנצע געפּאַסטקייט האָט אים געמאַכט ענלעכער צום דורכשניטלעכן טיפּ פֿון אַן אָפֿיציר אין די בורזשואַזע לענדער. ער, דער דאָזיקער יונגער אָפֿיציר, אַ ברונעט מיט פּענסנע, וועלכע ער האָט כּסדר צורעכט־געמאַכט אויף דער נאָז, האָט געשפּילט די ראָל פֿון בריגאַדירס אַ געהילף.

מיר האָבן בכּיוון זיך אוועקגעשטעלט אַזוי, אַז דער בריגאַדיר זאָל אונדז באַמערקן. דער פּלאַץ אַרום איז געווען כּמעט אינגאַנצן ליידיק, בלויז עטלעכע דרייסטערע אוקראַיִנישע קינדער און פֿרויען זײַנען געשטאַנען און נײַגיריק געקוקט אויף די מאַרשירנדיקע אָפּ־טיילונגען.

אַ ווײַלע זײַנען מיר אַזוי געשטאַנען צווישן דעם בינטל קינדער און פֿרויען, זײַענדיק אַליין אויך פֿאַרכאַפּט פֿונם בילד פֿון דער אָנ־קומענדיקער רויטער אַרמיי. אָבער דאָס שטיין אַזוי האָט נישט געהאַט קיין זין. איך האָב דעריבער אויסגענוצט אַ מאָמענט, ווען איין מיליטערישע אָפּטיילונג איז גראָד געהאַט פֿאַרבײַגעפֿאָרן, און אַ צווייטע איז נאָך נישט געהאַט אָנגעקומען. איך בין אַראָפּ פֿון טראָטואַר און צוגעגאַנגען צום בריגאַדיר.

— צי קען מען גיין אין שטאָט אַרײַן? — האָב איך אים געפֿרעגט אויף רוסיש.

ער האָט מיך שטרענג און אויפֿמערקזאַם אָנגעקוקט. ער האָט אויסגענוצט דעם מאָמענט אויף אַרומצואווישן דעם שוויים פֿונם געזיכט, און ער האָט געענטפֿערט מיט אַ פֿראַגע:

— ווער זענט איר אַזעלכע?

איך האָב אין קורצע ווערטער אים געזאָגט ווער מיר זײַנען: אידישע זשורנאַליסטן פֿון וואַרשע, אַנטלאָפֿענע פֿון היטלערן, אָקאָרשט־אָנגעקומענע אין דאָזיקן שטעטל — מיר ווילן אַרײַן אין שטאָט, כּדי זיך דאָרט אײַנצוקוואַרטירן.

דער קאָמאַנדיר האָט מיך אויפמעקזאַם געהערט און אַ ווײַלע געשוויגן. אָפּגערופן דער ערשטער האָט זיך דער יונגער אָפיציר נעבן אים. זײַן שטימע האָט געקלונגען אידישלעך. שוין דער טאָן פֿון זײַנע ווערטער האָט מיך אַ ציפּ געטון און מיך געצוואונגען זיך צו פֿאַרשפּיצן. אין זײַן פֿראַגע האָט געקלונגען אַ בײַסיקער חוזק:

— פֿאַר היטלערן אַנטלאָפֿן?

אויף רוסיש — אין אָריגינאַל — האָט עס געקלונגען נאָך חוזק־דיקער, נאָך בײַסיקער: „אָט היטלערא אודראַלי"? ער האָט אונדז דערבײַ אָנגעקוקט מיט אַזאַ גרינגשעצנדיקן בליק, אַז איך האָב מיך גלײַך דערפֿילט ווי אין די הענט פֿון אַ שונא.

— יאָ, מיר זײַנען אַוועק פֿון היטלערן! — האָב איך זיך באַמיט נישט אַרויסצואווײַזן מיט גאָרנישט דעם אײַנדרוק, וואָס זײַן פֿראַגע האָט אויף מיר געמאַכט.

דער בריגאַדיר האָט נישט אַראָפּגענומען פֿון אונדז די אויגן. ער האָט זיך צוגעהערט צו דער פֿראַגע און צום ענטפֿער און צום סוף האָט ער אַ מאַך געטון מיט דער האַנט אין דער ריכטונג פֿון שטעטל:

— גייט, אָבער אין שטאָט דאַרפֿט איר זיך מעלדן צום קאָמענ־דאַנט! ער זיצט אין ראַטהויז!

מיר זײַנען אַריבער דעם שאָסיי און זיך אַרײַנגעשניטן אין די שטאָטישע געסלעך. נישט נאָר איך, נאָר אויך מײַנע דרײַ באַגלייַ־טער זײַנען געווען זייער דערשטוינט פֿון דעם חוזק־טאָן פֿון אָפֿיציר.

— עס האָט געקלונגען ווי אַ מין שאַדן־פֿרייד! — האָט זיך אָפּגערופֿן פֿלינקער.

שוין נאָך די סצענעס מיטן אַנטוואָפֿענען די פּוילישע זעלנער, האָבן מיר אַלע נאָך אַפֿילו נישט געטראַכט, אַז דער סאָוויעטישער אַרײַנמאַרש איז פֿאָרגעקומען אין רעזולטאַט פֿון אַן אָפּמאַך מיט היטלערן. איך פּערזענלעך האָב גיכער געטראַכט, אַז דאָס איז אַ געוואַגטער — און אַפֿשר טאַקע אַ ריכטיקער! — שריט פֿון דער ראַטן־מאַכט, וועלכע וויל נישט דערלאָזן די דײַטשע אַרמיי צו דער סאָוויעטישער גרענעץ. איך האָב אַפֿילו געטראַכט אַ גאַנצן טאָג וועגן דעם, אַז אין יענעם אָרט, וואו די סאָוויעטישע אַרמיי וועט זיך צוזאַמענטרעפֿן מיט דער דײַטשער אַרמיי, וועט קומען צו אַן אומ־פֿאַרמײַדלעכער שלאַכט. ערשט ווען מיר האָבן דערהערט דעם חוזק־טאָן פֿון אָפֿיציר און דערזען אויף זײַן פּנים אַן איראָנישן שמייכל, האָט זיך אין אונדז אַלץ אַ טרייסל־געטון: ס'טײַטש, באָלשעוויקעס זאָלן חוזקן פֿון אידישע שרײַבער, וועלכע מעלדן זיך צו זיי אַלס אַנטלאָפֿענע פֿון היטלערן? ווי שיקט עס זיך? האָט דען היטלער

ביז איצט אומגעבראַכט וויניק קאָמוניסטן? צי איז דאָס מעגלעך, אַז אָנשטאָט מיטגעפֿיל צו קרבנות פֿון היטלערן, זאָל אַ סאָוויעטישער אָפֿיציר אַרויסווײַזן צו זיי ביטול און חוזק?

מיט שלעכטע פֿאַרגעפֿילן זײַנען מיר ענדלעך אַרײַן אין שטעטל־דיקן מאַרק. עס האָט אונדז פֿאַרדראָסן, וואָס אונדזער ערשטע באַגעגעניש מיט סאָוויעטישע אָפֿיצירן איז געווען אַזאַ אומפֿרײַנט־לעכע. אַלס היטלערס קרבנות האָבן מיר געטראַכט אויסצונעמען בײַ סאָוויעטישע מענטשן — זײַנען זיי דאָך אַליין געווען פֿאַרבי־סענע אַנטי־היטלערישע אַגיטאַטאָרן אַלע לעצטע יאָרן! און דאָ, מיטאַמאָל, נאַדיר אַזאַ קבלת־פּנים!

אין שטעטל איז אונדז לײַכט געלונגען צו שאַפֿן פֿאַר אונדזער גרופּע 5-4 דירות. מיר האָבן נישט געריעדט וועגן פּרײַז, פֿאַרשטיי־ענדיק, אַז מען וועט אונדז נישט באַרײַסן. אַגב האָט דער צופֿאַל געוואָלט, אַז מיר זאָלן גלײַך אַרײַנפֿאַלן צו סימפּאַטישע מענטשן, וועלכע האָבן אונדז אויפֿגענומען מיט פֿרײַנטשאַפֿט, מיטגעפֿיל און דינסטגרייטקייט. עטלעכע פֿון די מענטשן, וועלכע האָבן אונדז פֿאַר־געשלאָגן דירות, האָבן — ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן — דאָס געטון נישט צוליב פֿאַרדינסט, נאָר צוליבן ווילן „מיטצו־לײַדן מיט אונדז”.

— אונדז האָט אָפּגעגליקט — האָט שפּעטער פּיל מאָל אַרײַנ־געריעדט אין אונדז מײַן און שעפֿנערס באַלעבאָסטע — דערפֿאַר איז אונדזער פֿליכט אײַך צו פֿאַרלײַכטערן אײַער שווערע פֿאַר־וואָגלטקייט!

זי, די דאָזיקע שפּעטערדיקע באַלעבאָסטע אונדזערע, איז צו־פֿעליק בײַגעווען בײַ אונדזער געשפּרעך מיט אירן אַ שכן, וועלכער האָט געוואוינט מיט אַ שטאָק נידעריקער פֿון איר — ער האָט אונדז פֿאַרדונגען זײַנע אַ ליידיקע קראָם צום וואוינען.

— איך וואָלט אויך געקענט אַרײַננעמען איין מענטש — האָט זי געזאָגט אין עפּעס אַ פֿאַרלעגנהייט — אָבער איך ווייס נישט, צי עס וועט פֿאַר אייך טויגן, ווײַל אַ באַזונדערן צימער האָב איך נישט אָפּצוגעבן...

נישט וואַרטנדיק אויף אונדזער תּשובֿה, איז זי אַרויסגעלאָפֿן ערגעץ־וואו — ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן, איז זי געלאָפֿן אָנפֿרעגן דעם מאַן, צי ער איז בכלל מסכּים אַרײַנצונעמען עמעצן.

— מײַן מאַן איז מסכּים — איז זי אינגיכן צוריקגעקומען מיט אַ תּשובֿה — איך וועל זיך באַמיִען, אַז עס זאָל אײַך זײַן באַקוועם, אָבער קיין באַזונדערן צימער האָב איך לײַדער נישט אָפּצוגעבן...

עס איז שוין געווען פאַרנאַכט, ווען מיר זײַנען אַוועק צוריק צום שאָסיי. דאָס מיליטער האָט נאָך אַלץ מאַרשירט אין צוויי זײַטן — צו דער רומענישער גרענעץ און טיף אין לאַנד אַרײַן. דער בריגאַדיר האָט נאָך אַלץ ענערגיש קאָמאַנדעוועט אויפֿן שאָסיי און דער יונגער געהילף האָט נאָך אַלץ געשמייעט אַרום אים.

מיר האָבן באַשלאָסן אַדורכגיין דאָססמאָל פֿאַרבײַ דעם בריגאַדיר אָן שום פֿראַגע און אָן שום מעלדונג. אַזוי איז טאַקע געשען. איך האָב נישט באַמערקט, צי זיי האָבן אונדז געזען. אומגעשטערט זײַנען מיר אָנגעקומען צו אונדזער קאָמפּאַניע. מיר האָבן זיך גענומען גרייטן אין וועג אַרײַן.

קודם־כּל האָבן מיר זיך אײַנגעטיילט מיט די צימערן. איך און שעפֿנער האָבן באַשלאָסן צו וואוינען צוזאַמען אַזוי ווי מיר האָבן זיך געהאַלטן צוזאַמען דעם גאַנצן וועג. יאַושזאַן און פֿלינקער האָבן אויך באַשלאָסן צו וואוינען צוזאַמען. זאַלבעפֿערט האָבן מיר באַשלאָסן צו נעמען די 2 „דירות" אין מאַרק. איך שטעל דאָס וואָרט „דירות" אין גענזנפֿיסלעך, ווײַל קיין איינע פֿון דיביידע דירות איז ווירקלעך נישט געווען קיין דירה: אין דער נידער איז עס, ווי געזאָגט, געווען אַן אָפֿענע קראָם, וועלכע פֿלעגט געשלאָסן ווערן פֿון פֿראָנט צום שלאָפֿן גיין, און אויפֿן שטאָק איז געווען, ווי די באַלעבאָסטע האָט אונדז געוואָרנט, נישט קיין באַזונדערער צימער, נאָר „אַן אָרט צום שלאָפֿן". פֿאַקטיש איז אין יידע ערטער געווען בלויז פּלאַץ פֿאַר דרײַ מענטשן. גייענדיק אין שטעטל אַרײַן מיט די זאַכן האָבן מיר אָפּגעמאַכט בײַ זיך, אַז אויב מען וועט נישט קענען אַנדערש, וועלן אין דער קראָם בלײַבן וואוינען דרײַ פּערזאָן און דער פֿערטער וועט וואוינען אויפֿן שטאָק.

עס איז געוואָרן אָפּגעשמועסט, אַז מיר גייען אין שטאָט אַרײַן נישט מיטאַמאָל, ווײַל אַזאַ גרויסע גרופּע מענטשן קען נישט געפֿעלן ווערן די מיליטער־לײַט אויפֿן שאָסיי. מיר האָבן זיך אײַנגעטיילט אין דרײַ גרופּן. יעדער איינער האָט באַקומען אין האַנט אַרײַן דעם גענויען אַדרעס פֿון זײַן דירה. באַזונדערס האָבן מיר יעדער גרופּע ווידעראַמאָל אָנגעזאָגט, אַז זי, די גאַנצע גרופּע, זאָל גיין דרייסט, אָפֿן, נישט גנבענען זיך, נישט אַנטלויפֿן בײַם אָנקומען פֿון אַ פּאַטרול, ענטפֿערן אויף פֿראַגן אָן וואַקלעניש א. אַ. וו. — דער בעסטער וועג אויסצומײַדן חשדים.

אין דער ערשטער גרופּע זײַנען אַרויס די מיטאַרבעטער פֿון דער אידיש־פּוילישער וואַרשעווער צײַטונג „נאַש פּשעגלאָנד" נאַטאַן שוואַלבע, שאול וואַגמאַן און שמואל וואָלקאָוויטש. אַלס קאָלעגן פֿון איין רעדאַקציע, האָבן זיי זיך בכלל געהאַלטן צוזאַמען. אויך

אַ צימער האָבן זיי גענומען אַ געמיינזאַמען און אין שטאָט אַרײַן זײַנען זיי אויך אַוועק צוזאַמען.

שפּעטער זײַנען אַרויס נח פּרילוצקי, לאַזאַר קאַהאַן, מנחם פלאַק־סער, משה עלבוים און נאָך עטלעכע. איך, ברוך שעפּנער, יאָושזאָן־יוסטמאַן און דוד פלינקער זײַנען אַוועק די לעצטע.

ווען מיר זײַנען אָנגעקומען אין אונדזער נײַער דירה, איז שוין געווען פֿינצטערלעך. אָבער אין די גאַסן פֿון שטעטל האָבן געברענט לאַמטערנעס. נאָך מער ווי צוויי פֿינצטערע וואָכן, איז דאָס געווען דער ערשטער אָוונט, ווען מיר האָבן דערזעען באַלויכטענע שטאָטישע גאַסן. דאָס האָט די סאָוויעטישע שטאָטישע מאַכט באַפֿוילן אינאָוונט אָנצוצינדן ליכט: מיר האָבן אײַך באַפֿרײַט פֿון שרעק — איז געווען דער אָפֿיציעלער נוסח פֿון די נײַע הערשער — און איר האָט נישט מער וואָס מורא־צו־האָבן פֿאַר באָמבאַרדירונגען!

מיט דער דירה האָט זיך טאַקע אַרויסגעוויזן אַ שוועריקייט: אונדזער באַלעבאָסטע האָט ווירקלעך נישט געהאַט אין אירע צוויי צימערן מער פּלאַץ, ווי פֿאַר איין מענטש — אָן אַלטע האַרבאַטע סאָפֿע אין עס־צימער. אָבער דאָ האָט זיך אַרײַנגעמישט שעפּנערס צוגעלאָזנקייט און זײַן נאַטירלעכער הומאָר.

— איך וועל אים נישט איבערלאָזן אַליין! — האָט ער געזאָגט צו אונדזער באַלעבאָסטע האַלב־ערנסט און האַלב אין שפּאַס — מיר האָבן זיך געהאַלטן 2 וואָכן צוזאַמען אונטער באָמבעס, וועלן מיר זיך הײַנט אויך נישט צעשיידן...

שעפּנער איז געווען זיכער, אַז ער וועט אָנשרעקן די באַלע־באָסטע, וועלכע וויל זיכער פֿאַרדינען די פּאָר גילדן דירה־געלט, און זי וועט אונדז נישט אַרויסלאָזן.

— אָבער וואָס זאָל איך טאָן? — האָט זי געענטפֿערט אין איר זינגעוודיקן מזרח־גאַליציאַנער פּויליש — איך האָב אַפֿילו נישט וואו אַוועקצושטעלן אַ בעטל! און קיין בעטל האָב איך נישט!

מיר האָבן נישט געהאַט קיין קעגן־אַרגומענטן. אָבער שעפּנער האָט זיך נישט אונטערגעגעבן:

— מיר וועלן זיך שוין אַן עצה־געבן! — האָט ער זיך געוויצלט — איר דאַרפֿט נאָר וועלן.

שעפּנער האָט אויסגענומען בײַ אונדזער באַלעבאָסטע פֿון ערשטן אויגנבליק אָן.

— וואָס קען איך אײַך ענטפֿערן? — האָט זי געזאָגט, ווי זי וואָלט זיך געפֿילט שולדיק אין עפּעס — אַז מײַן מאַן וועט קומען, וועלן מיר זען.

מיט איין וואָרט: מיר זײַנען אויבן געבליבן זאַלבעצווייט, יאָוש־זאָן און פֿלינקער האָבן פֿאַרנומען דעם אונטערשטן „אַפּאַרטמענט". מיר האָבן עפּעס אָפּגעגעסן און מיר זײַנען אַרויס אַביסל אין גאַס, כּדי אָנצושיכּורן זיך מיטן ליכט פֿון די אָנגעצונדענע לאַמטערנס.

אינדרויסן איז געווען אַ קילער אָוונט. דער פּירקאַנטיקער מאַרק מיטן גרויסן שיינעם באַזאַר אינדערמיט זײַנען געשטאַנען פֿרעמד און ברוגז אינם לײַכטן נעפּל, וועלכער האָט אײַנגעהילט די אָנגעצונדענע לאַמטערנעס מיט בלאַסע קרוינען אַרום דער עלעקטרישער שײַן. פֿון דער ליידיקייט אין מאַרק איז געוואָרן אומהיימלעך און אַפֿילו שרעקלעך. פֿאַר די אויגן האָט זיך געשטעלט וואַרשע — די באָמבאַרדירטע וואַרשע. אויך דאָרטן מוז איצטער זײַן ליכטיק... העלישע שרפֿות באַלײַכטן דאָרטן די שטאָט פֿון עק ביז עק... וועמען פֿון די נאָענטע האָט דאָרט הײַנט געטראָפֿן היטלערס אַ באָמבע?...

עס האָט צוריקגעטריבן אין שטוב אַרײַן. מיר האָבן זיך אויסגעלייגט אויף אונדזערע געלעגערס אויף ביידע זײַטן פֿון עס־טיש: איך — אויף דער האַרבאַטער, קרעכצנדיקער קושעטקע, און שעפּנער — אויף עפּעס אַן אויסגעבאַרגט סקריפּנדיק בעטל.

אַ גאַנצע נאַכט האָבן אונדז ביידן געפּלאָגט ביטערע קאָשמאַרן: ברענענדיקע הײַזער, מענטשלעכע געשרייען, כאַאָס, שטיקעניש, אומקום...

אינדערפֿרי האָט אונדז אויפֿגעוועקט ד"ר פּינטשעווסקי, אויך אַ מיטאַרבעטער פֿון וואַרשעווער אידיש־פּוילישן „נאַש פּשעגלאָנד". עס איז געווען גענוג אים אָנצוקוקן, כּדי צו פֿאַרשטיין, אַז ער טראָגט אויף זײַנע ליפּן עפּעס אַ שרעקלעכע בשורה.

— וואו איז שוואַלבע? — האָט ער אויסגעשאָסן אַ צעטומלטער — וואו איז וואָלקאָוויטש, וואַגמאַן?

— ס'טײַטש? וואָס הייסט וואו זיי זײַנען?...

מיט האַלבע זאַצן, נישט איבערכאַפּנדיק דעם אָטעם, האָט ד"ר פּינטשעווסקי גענומען דערציילן:

נאָכן אָפּעסן איז ער נעכטן אָוונט אַוועקגעפֿאַלן אַ טויט־מידער און איבערגעשלאָפֿן ביז מיט אַ האַלבער שעה צוריק. ער איז נאָך נישט געווען אינגאַנצן אָנגעטון אַפֿילו, ווי עס איז צו אים אַרײַנגעקומען אַ איד, וועגן וועלכן זײַן באַלעבאָס האָט אים געזאָגט, אַז אויך בײַ יענעם האָט מען גענומען אַ צימער פֿאַר עטלעכע פֿון אונדז. אָט יענער איד האָט אים געפֿרעגט מיט חידוש, פֿאַרוואָס קיינער פֿון אונדז איז נישט געקומען צו אים נעכטיקן. באַהערשט

פֿון אַ שלעכטן געפֿיל, האָט ד"ר פינטשעווסקי גענומען לויפֿן איבער די איבעריקע דירות, וואו עס איז אײַנגעאָרדענט געוואָרן אונדזער קאָמפּאַניע. ער האָט שוין געזען נח פּרילוצקין, לאַזאַר קאַהאַנען, ניימאַנען, פֿלאַקסערן — אַלעמען, דאַכט זיך. איצט זעט ער אונדז פֿיר. טאָ וואו-זשע זײַנען שוואַלבע, וואַגמאַן און וואָלקאָוויטש?...

מיר זײַנען אַוועק נאָכקאָנטראָלירן די זאַך אויפֿן אָרט. דאָרט האָבן מיר פֿעסטגעשטעלט בלויז דאָס, וואָס מיר האָבן שוין געוואוסט פֿון ד"ר פינטשעווסקין: די דרײַ קוואַרטיראַנטן האָבן זיך אַפֿילו נישט באַוויזן...

מיט אַ שעה שפּעטער האָט מען אונדז געבראַכט אַ איד, וועלכער האָט דערציילט, אַז נעכטן פֿאַרנאַכט האָט ער געזען, ווי סאָוויעטישע זעלנער האָבן געפֿירט מיטן וועג צו דער סאָוויעטישער גרענעץ דרײַ מענטשן, וועלכע האָבן אויסגעזען ווי אידן — דרײַ פֿײַן-געקליידעטע פֿרעמדע אידן מיט עלעגאַנטע רוקן-זעק אויף די פּלייצעס...

קלאָר: דאָס זײַנען געווען שוואַלבע, וואָלקאָוויטש און וואַגמאַן. אין מאָמענט, ווען מיר האָבן וועגן דעם זיך דערוואוסט, זײַנען זיי שוין געווען אויף יענער זײַט פֿון דער אַמאָליקער פּויליש-סאָוויעטישער גרענעץ...

עס איז אונדז קיינמאָל ביז איצט נישט געלונגען פֿעסטצושטעלן די איינצלהייטן און די אומשטענדן פֿון זייער אַרעסט. מיט חדשים שפּעטער, ווען מיר זײַנען געווען אין ווילנע, איז אײַנמאָל אָנגעקומען פֿון זיי אַ בריוו אויפֿן אַדרעס פֿון אידישן וויסנשאַפֿטלעכן אינסטיטוט. דער בריוו איז געקומען פֿון סומי, אַ קליינער פּונקט אין מזרח-אוקראַינע נעבן כאַרקאָוו. זיי האָבן אָנגעפֿרעגט אין דאָזיקן בריוו, צי עס איז אין אינסטיטוט נישט באַוואוסט, וואו עס זײַנען ערגעץ די וואַרשעווער אידישע זשורנאַליסטן (דאָ זײַנען געווען אויסגע-רעכנט אונדזערע אַלע נעמען), מיט וועלכע זיי, די דאָזיקע דרײַ, האָבן געוואַנדערט אין סעפּטעמבער 1939 איבער גאַליציע און צום סוף פֿון זיי געוואָרן אָפּגעריסן און פֿאַרוואָרפֿן קיין סומי...

מיר האָבן זיך שנעל מיט זיי פֿאַרבונדן. אָבער עס רעדט זיך נאָר אַזוי — שנעל. יעדער בריוו איז געגאַנגען דרײַ וואָכן צײַט. איןביידע זײַטן מאַכט עס אויס — זעקס, און טיילמאָל זיבן וואָכן. מיר האָבן זיי געקענט שיקן געלט, אָבער זיי האָבן אונדז געשריבן, אַז געלט האָט נישט פֿאַר זיי קיין באַדײַטונג; זיי האָבן געבעטן ווינטער-מלבושים, און מיר האָבן עס זיי שנעל אַרויסגעשיקט — גוטע ווינטער-מלבושים און גוטע וואַרעמע וועש. כּדי זיי צו באַוואָרענען פֿאַר אַ צאָל-אָפּצאָל (ווילנע האָט דאַן געהערט צו ליטע און צווישן אונדז איז במילא געווען אַ גרענעץ), האָבן מיר זיי געשיקט זאַכן, וואָס זײַנען געווען אַביסל

אָפּגענוצט. אָבער אונדזער גאַנצע מי און הוצאות זײַנען געווען אומ־זיסט: די זאַכן זײַנען צוריקגעקומען, ווײַל מען האָט פֿון זיי פֿאַר־לאַנגט עטלעכע טויזנט רובל צאָל־אָפּצאָל...

מיר האָבן מיט זיי די גאַנצע צײַט אונטערגעהאַלטן דעם לעבע־דיקסטן קאָנטאַקט, אָבער קיין פּרטים פֿון זייער אַרעסט האָבן זיי אונדז נישט אָנגעגעבן. זיי האָבן אונדז בלויז געשריבן, אַז זיי זײַנען זייער פֿיל אויסגעשטאַנען — געהונגערט, מאַרשירט ריזיקע שטחים צופֿוס, אויסגעוואַלגערט זיך אין פֿלעררליי לאַגערן. שפּעטער איז זייער ענין אויפֿגעקלערט געוואָרן און מען האָט זיי באַפֿרײַט. דער גאַנצער אַרעסט האָט זיך אַרויסגעוויזן אַלס אַ מיספֿאַרשטייעניש...

זיי זײַנען שוין געבליבן דאָרט, וואו מען האָט זיי באַפֿרײַט. זיי האָבן באַקומען באַשעפֿטיקונג אַלס בוכהאַלטאָרן אין אַ גרויסן האָלץ־לאַגער, פֿאַרנומען זאַלבעדריט אַ געמײַנזאַמען צימער און זיך כּסדר געבעטן מיר זאָלן זיי אַראָפּנעמען קיין ווילנע...

עס איז גאָר שווער אויסצורעכענען די אומצאָליקע באַמיאונגען, וואָס מיר האָבן געמאַכט פֿאַר די דאָזיקע מענטשן. נישט געווען קיין אמת, וועלכן מיר זאָלן נישט אויפֿשטעלן; נישט געווען אין ליטע קיין מאַכט־האָבער, וועלכן מיר זאָלן נישט פֿאַרמאַטערן; נישט געווען אין אַמעריקע אַזאַ אינסטיטוציע, וועלכע מיר זאָלן וועגן דעם נישט פֿאַרוואָרפֿן מיט דעפּעשן. אָבער אַלץ אומזיסט. אויך זייער פֿרײַנט יעקב אַפּענשלאַק, וועלכער איז שוין דאַן געווען אין אַמע־ריקע, האָט דאָ אײַנגעלייגט פֿאַר זיי וועלטן. אָבער אויך — אומזיסט.

אָנהויב יאָר 1942 האָט איינער פֿון די דרײַ זיך אָפּגעזוכט — שמואל וואָלקאָוויטש. ווען די היטלעריסטן האָבן פֿאַרנומען אוק־ראַינע, איז ער אַוועק צוזאַמען מיטן סאָוויעטישן מיליטער. שפּעטער איז ער געווען סאָוויעטישער קאָרעספּאָנדענט פֿון דער ניו־יאָרקער „אידישער טעלעגראַפֿן־אַגענטור". לעצטנס איז ער אָנגעקומען קיין פּאַלעסטינע.

וועגן די איבעריקע 2 זײַנען פֿאַראַן פֿאַרשידענע נישט־באַשטע־טיקטע קלאַנגען. וועגן איינעם פֿון זיי — וועגן נאַטאַן שוואַלבען — גייט אַרום אַ קלאַנג, אַז ער איז געשטאָרבן. דער דאָזיקער קלאַנג האָט, לײַדער, אַלע סימנים פֿון וואַרשײַנלעכקייט.

## 4

## נאָכווייענישן פֿון אַ שלעכטן רעזשים

כּמעט די גאַנצע גרופּע אונדזערע איז געווען צופֿרידן מיט די דירות און מיט די באַלעבאַטים. עס האָט אונדז בלויז געמאַטערט דער

גורל פֿון די פֿאַרבליבענע אין באָמבאַרדירטן וואַרשע. אויך די פֿראַגע פֿון די דרײַ פֿאַרשוואונדענע און פֿון פֿאַרלוירענעם בערנאַרד זינגער האָט אונדז נישט ווייניק געמאַטערט. אָבער מיר זײַנען געווען מאַכט־לאָז עפּעס צו טאָן, כּדי זיי אָפּצוזוכן.

איינציקוויַיז איז אונדזער סוד געוואָרן אויס סוד: דאָס גאַנצע שטעטל איז געגאַנגען אויף רעדלעך מיט די שרײַבער פֿון וואַרשע, וואָס האָבן זיך אָפּגעשטעלט „בײַ אונדז אין קאָפּיטשיניעץ". מיר זײַנען שוין געווען באַקאַנט מיט די פּאָר דאָקטוירים פֿון שטעטל, מיט די פּאָר אַדוואָקאַטן, מיטן ראש־הקהל, מיט אַלע אַנדערע חשובע און אינטערעסאַנטע באַלעבאַטים. מיר האָבן זיך אויך באַקענט מיט אַ צאָל פּליטים, וועלכע האָבן זיך אָפּגעשטעלט אין שטעטל, אַזוי ווי מיר.

צווישן די דאָזיקע פּליטים איז געווען אַ באַקאַנטער אַפּטייקער פֿון לאָדזש, וואָס האָט מיט זײַנע דערפֿינדונגען געמאַכט אַ גרויס פֿאַרמעגן. זונטאָג פֿאַרטאָג, ווען עס איז געווען די שיסערײַ אויפֿן שאָסיי צווישן קאָפּיטשיניעץ און כּאַראַסטקאָוו, האָט אויך ער זיך געפֿונען אויף יענעם שאָסיי. זעענדיק, אַז דער עולם לויפֿט אַראָפּ פֿון שאָסיי אין וואַלד אַרײַן, האָט ער אָפּגעשטעלט דעם אויטאָ, מיט וועלכן ער איז געפֿאָרן, און ער איז צוזאַמען מיט זײַן פֿאַמיליע אַרײַן אין וואַלד. ווען ער איז עטלעכע מינוט שפּעטער צוריק אַרויס פֿון וואַלד, האָט ער נישט געפֿונען אויפֿן שאָסיי נישט דעם אויטאָ און נישט די זאַכן, וואָס ער האָט דאָרט געלאָזן. צווישן אַנדערן האָט ער געהאַט געלאָזן אין אויטאָ אַ האַנט־וואַליזקעלע מיטן געלט, וואָס ער האָט מיטגענומען מיט זיך. ער אַליין האָט געזאָגט, אַז אין וואַ־ליזקעלע איז געווען אַרום 70.000 פּוילישע זלאָטים (אַרום 12.000 דאָלער). ער איז אַפֿילו געבליבן אָן דאָקומענטן, ווײַל ער האָט גע־לאָזן אין אויטאָ אויך זײַן רעקל מיטן פּאָרטפֿעל און פּערזענלעכע דאָקומענטן. ער האָט זיך קוים דערשלעפּט קיין קאָפּיטשיניעץ. דאָ האָט אים דער אָרטיקער אַפּטייקער נישט נאָר אויפֿגענומען ווי דעם שענסטן גאַסט, נאָר אויך געעפֿנט פֿאַר אים אַ פֿרײַען קרעדיט. אין דער אונטערשטער שורה האָט ער זיך ווייניק גענומען צום האַרצן די גאַנצע געשיכטע מיטן פֿאַרלוירענעם געלט און מיט דעם פֿאַר־שוואונדענעם אויטאָ.

— דעם אויטאָ — האָט ער געטענהט — וואָלטן סײַ־ווי די באָל־שעוויקעס מיר צוגענומען. און אפֿשר דאָס געלט אויך...

ער האָט טאַקע געבאָרגט, וויפֿל ער האָט געדאַרפֿט, בײַם אָרטיקן אַפּטייקער, געשפּילט אין קאָרטן גאַנצע טעג און בכלל זיך געפֿילט ווי „אויף דאַטשע"...

אויסער עטלעכע צענדליק אידישע פליטים זײַנען געווען אין קאַפּיטשיניעץ אַ היפּש ביסל פּוילישע פליטים פֿון אַלע עקן פּוילן. הינטער דער שטאָט, אין אַ זײַט פֿון שאָסיי, זײַנען געשטאַנען אָן אַ שיעור ריזיקע אויטאָבוסן, מיט וועלכע מענטשן זײַנען אַהער פֿאַר־פֿאָרן און דאָ געבליבן. אָט שטייט אַ פּרעכטיקער נײַער רויטער אויטאָבוס — איינער פֿון די, וועלכע האָבן קורסירט אויף די וואַרשעווער גאַסן. טרויעריק קוקן אַראָפּ פֿון אים די אויפֿשריפֿטן און דער עמבלעם פֿון דער שטאָט וואַרשע. שפּעטער האָב איך אויסגעפֿונען אין שטאָט די וואַרשעווער טראַמווײַ־אַרבעטער, וואָס זײַנען געקומען אַהער מיטן דאָזיקן אויטאָבוס. פּשוט: גענומען אַן אויטאָבוס פֿון גאַראַזש, אַרײַנגעפּאַקט אַהין אַ פּאָר פֿאַמיליעס מיט אַביסל זאַכן און געפֿאָרן, וואו די אויגן האָבן געטראָגן!...

אָט שטייען 2 (צי גאַנצע 3 — איך געדענק שוין נישט גענוי) לאַנגע פֿײַנע אויטאָבוסן, צוגעפּאַסטע צו ווײַטע רײַזעס, מיטן אויפֿשריפֿט „לאָדזש—לאָוויטש". שפּעטער האָבן מיר זיך באַקענט מיט די אייגנטימער פֿון די אויטאָבוסן, לאָדזשער אידן, וועלכע האָבן געהאַט יאָרנלאַנג גאַנץ פֿײַן פּרנסה פֿון אַרומשיקן די דאָזיקע אויטאָבוסן איבער די שאָסייען צווישן די דערמאָנטע צוויי פּוילישע שטעט. איצט האָבן די אידן זיך געפֿונען אין קאַפּיטשיניעץ צוזאַמען מיט זייערע פֿאַמיליעס און אַפֿילו מיט זייערע שאָפֿערן. זיי האָבן זיך געדרייט אַרום דער סאָוויעטישער שטאָט־קאָמענדאַנטור מיט פֿאַרשידענע פּראָיעקטן וועגן אײַנשטעלן אַן אויטאָ־קאָמוניקאַציע צווישן קאַפּיטשיניעץ און טאַרנאָפּאָל־לעמבערג. זיי האָבן געוואָלט זײַן שטאָטישע אַרבעטער, וואָס באַדינען די אויטאָבוסן (זייערע אייגענע אויטאָבוסן); זיי האָבן בלויז געוואָלט, מען זאָל זיי באַשעפֿטיקן און צאָלן חודש־געהאַלט פֿאַר פֿירן די אויטאָבוסן און אַרומגיין בײַ זיי.

יענע טעג זײַנען אויף די פּוילישע שאָסייען געשטאַנען אָן אַ שיעור אַוועקגעוואָרפֿענע אויטאָס. איך געדענק אַן אויפֿשריפֿט אויף איינעם אַזאַ אַוועקגעוואָרפֿענעם אויטאָ: „דערבאַרעמדיקער דורכגייער — האָסט געקלעפּט אויפֿן אויטאָ אַ פּויליש צעטעלע — דאָ שטייט פֿאַר דיר אַ פֿאַרמאַטערטע און דורשטיקע מאַשין, וועלכע האָט מיר געדינט געטרײַ עטלעכע יאָר און וועלכע איך האָב דאָ געמוזט לאָזן אינמיטן וועג, ווײַל איך האָב נישט געהאַט מיט וואָס זי אָנצוזויפֿן; לאָז אַ טרער איבער איר און איבער מײַן ביטערן גורל. אויב דו וועסט קענען פֿאַרוואַנדלען די טרער אין גאַזאָלין, ווינש איך דיר פֿון גאַנצן האַרצן אַ גליקלעכע רײַזע אין מײַן מאַשין".

נישט אַלע האָבן געהאַט גענוג הומאָר זיך צו געזעגענען מיט זייער אויטאָ אויפֿן זעלבן אופֿן, אָבער געזעגענען זיך מיט די אויטאָס

האָבן כּמעט אַלע געמוזט פֿריִער אָדער שפּעטער. בלויז געציילטע מענטשן האָבן באַוויזן זיך צו באַזאָרגען יעדעס מאָל מיט נײַע פּאַרציעס גאַזאָלין. אין דער אונטערשטער שורה איז אויך אונדזער קאַפּיטשיניעץ געווען אַרומגעשטעלט מיט פֿאַרלאָזענע אויטאָס. די באָלשעוויסטישע מאַכט האָט שפּעטער זיי אָנגעהויבן צוזאַמענצו־ברענגען אין איין שטאָטישן גאַראַזש.

די פּוילישע פּליטים, ווי די גאַנצע אָרטיקע פּוילישע באַפֿעלקע־רונג, וועלכע איז באַשטאַנען הויפּטזעכלעך פֿון באַאַמטע מיט זייערע פֿאַמיליעס, האָבן די ערשטע טעג זיך נישט געוויזן אין די גאַסן. ערשט שפּעטער האָבן זיי זיך אָנגעהויבן ווײַזן אין שטאָט. די טירן און פֿענצ־טער אין די נײַע הײַזלעך בײַם עק שטאָט, וואו עס איז פֿאַר די לעצטע יאָרן געוואָרן אויסגעבויט אַ גאַנצע גאַס מיט נײַע שיינע ווילעס פֿאַר די פּוילישע באַאַמטע, זײַנען געווען פֿאַרהאַמערט, פֿאַרריגלט און פֿאַרשטעלט מיט געדיכטע פֿאַרהאַנגען. טרויער און שרעק האָבן גע־לויערט פֿון יענער זײַט פֿענצטער...

עס זײַנען געשטאַנען פּרעכטיקע טעג פֿון פּוילישן גאָלדענעם האַרבסט — וואונדערבאַרע טעג. מיר האָבן גאַנצע טעג שפּאַצירט הינטער דער שטאָט. דער רוב פֿון אונדז האָט זיך געשפּײַזט בײַ די זעלבע מענטשן, בײַ וועלכע מיר האָבן געוואוינט. איך מיט שעפֿנערן האָבן געגעסן אָנבײַסן און אָוונטברויטן בײַ אונדזערע באַלעבאַטים. מיר האָבן אויך דווקא געוואָלט זיי זאָלן מסכּים זײַן צו קאָכן פֿאַר אונדז מיטאָגן, אָבער אַ פֿאַרשולדיקטע האָט אונדזער באַלעבאָסטע זיך פֿון דעם אָפּגעזאָגט:

— פּשעפּראַשאַם — האָט זי פֿאַרשולדיקט געזונגען אויף איר שיינעם מזרח־גאַליציאַנער פּויליש — איך וואָלט זייער געוואָלט, אָבער איך קען עס זיך נישט אונטערנעמען צוליב דער אַלגעמיינער אומרו־איקער לאַגע. איך מוז צוהיטן דאָס קינד און אַרויסהעלפֿן דעם מאַן.

אונדזער באַלעבאָסטע איז געווען אַ יונגע און זייער סימפּאַטישע פֿרוי פֿון עטלעכע און דרײַסיק יאָר — אַ באַלעבאַטישע דורכשניטלעך־אינטעליגענטע פֿרוי, וועלכע איז זיך שטיל געגאַנגען איר קליינ־שטעטלדיקן לעבנסוועג. אַ באַפֿרידיקונג פֿון אירע גרויס־שטאָטישע אַספּיראַציעס פֿלעגט זי געפֿינען בלויז אינם לייענען אַ בוך אָדער — אַמאָל אין אַ יובל — אין אַ רייזע צו דער יִנגערער לעמבערגער שוועסטער. ווי פֿאַר אַ קליין שטעטל, איז זי געווען זייער אויפֿגע־קלערט און עמאַנציפּירט. דער מאַן אירער, אַ מיטלפֿאַרמעגלעכער שיך־סוחר, האָט זי ליב געהאַט מיט אַלע פֿיבערן פֿון זײַן נשמה. עס איז נישט געווען די זאַך, וואָס ער זאָל נישט זײַן גרייט צו טאָן פֿאַר איר און פֿאַר זייער יִנגעלע.

אין דער סביבה פֿון אַט דער דאָזיקער שטילער און געמיטלעכער פֿאַמיליע האָבן מיר זיך געפֿילט אַביסל ווייניקער דערשלאָגן, ווי געוויינלעך. די גאַסטפֿרײַנטשאַפֿט פֿון די דאָזיקע מענטשן האָט איבערגעשטיגן אַלע אונדזערע דערוואַרטונגען. געווען אַפֿילו אַ מאָמענט — די ערשטע צוויי טעג — ווען מיר האָבן מיט שעפֿנערן זיך אָפּגערעדט, אַז מען דאַרף באַלד אַ פֿרעג טאָן אונדזער באַלעבאָסטע, וואָס דאָס וועט אונדז קאָסטן. מיר האָבן געזען, אַז די באַלעבאָסטע שפּײַזט אונדז מיט זאַכן, וועלכע זי אַליין און איר מאַן האָבן אויפֿגעהערט צו עסן (באַלד די ערשטע טעג האָט אַלץ אָנגעהויבן אויספֿעלן).

— נישט עס געהערט צו די אָנגענעמע זאַכן — האָבן מיר גערעדט צווישן זיך — און צווייטנס, קען דאָס אונדז אַרײַנציִען אין גרויסע הוצאות, בעת מיר האָבן גראָד גאַנץ קאַרגע געלט-מיטלען.

אָבער דינגען זיך מיט די דאָזיקע מענטשן האָט אונדז נישט געפּאַסט. איז בײַ אונדז געבליבן, אַז מיר וועלן שוין אַזוי דורכהאַלטן די ערשטע וואָך. בײַם באַצאָלן, הייסט עס, פֿאַר דער דירה און פֿאַרן עסן, וועלן מיר שוין בעטן אונדז שפּײַזן „אַביסל ביליקער".

אָבער ווי גרויס איז געווען אונדזער שטוינונג, ווען אונדזער באַלעבאָסטע האָט אונדז דערקלערט, אַז זי פֿילט זיך באַליידיקט פֿונם בלויזן געדאַנק וועגן באַצאָלן.

— וואָס האָט איר די גאַנצע וואָך געטראַכט וועגן מיר? — האָט זי נישט געקענט פּשוט קומען צו זיך פֿון אויפֿריכטיקער אויפֿרעגונג און אין אירע אויגן האָבן געפֿינקלט טרערן — איר האָט זיכער געטראַכט, אַז איך נעם אײַך אַרײַן צוליב פֿאַרדינסט? ווען איך וואָלט דאָס געוואוסט פֿריִער, וואָלט גאָרנישט געקומען דערצו, אַז איר זאָלט בײַ אונדז וואוינען! ווי האָט איר גאָר געקענט דערלאָזן אַזאַ געדאַנק? יולעק (דאָס איז דער נאָמען פֿון איר מאַן) וועט זײַן באַליידיקט, ווען ער וועט זיך דערוויסן!

מיר האָבן איר געגעבן צו פֿאַרשטיין, אַז מיר קענען זיך נישט דערלויבן צו געניסן פֿון אַזאַ גאַסטפֿרײַנטשאַפֿט, וועלכע דויערט שוין אַ וואָך צײַט און ווער ווייסט, ווי לאַנג נאָך דאָס וועט זיך דאַרפֿן ציִען.

— אָט — האָבן מיר איר געגעבן צו פֿאַרשטיין — וואוינען אונדזערע קאָלעגן אויך און זיי אַלע צאָלן. איז נישט פֿיל, איז עפּעס! מיר זעען דאָך, אַז איר זענט נישט פֿון די גרויסע נגידים!

אונדזער באַלעבאָסטע האָט פּשוט געהאַלטן בײַם אויסברעכן מיט אַ געוויין — אַזוי האָט איר ווײי-געטאָן דער פֿאַקט, אַז מיר האָבן גאָר געקענט טראַכטן, דאָס זי וועט בײַ אונדז נעמען געלט:

— ווען מיר האָבן אײַך אַרײַנגענומען — האָט זי זיך קוים באַהערשט — האָבן מיר נישט געוואוסט גענוי, וועמען מיר נעמען אַרײַן אין שטוב. אָבער מיר האָבן געזען, אַז דאָס זײַנען אינטעליגענטע מענטשן, וועלכע זײַנען פֿאַרוואָרפֿן געוואָרן אַהער פֿון זייערע פֿאַמיליעס און היימען. עס איז בײַ אונדז שוין דאַן געווען אָפּגעשמועסט, אַז קיין באַצאָלט וועלן מיר נישט נעמען. איצט, ווען מיר ווייסן ווער איר זענט, ווילט איר אונדז דערנידעריקן און אונדז צאָלן, ווען איר געפֿינט זיך אין אַזאַ אומגליק און מיר זײַנען אין אונדזער היים, אין אונדזער שטאָט, מיט אונדזער גאַנצער פֿאַמיליע צוזאַמען? דאָס דאַרפֿן מיר אײַך באַצאָלן! דאָס זײַנען מיר אײַך שולדיק אַ חוב!

אָבער מיר האָבן זיך נישט געוואָלט אונטערגעבן. עס האָט אונדז גערירט די האַרציקייט פֿון די דאָזיקע מענטשן. אָבער — ווי קען מען עס זיך אַוועקזעצן זאַלבעצווייט בײַ יענעמען אויף קעסט?

— אַלע אונדזערע קאָלעגן צאָלן דאָך! — האָבן מיר ווידער געפּרואווט מזל.

— טאַקע זייער מיאוס! — האָט זי אויסגעשאָסן — איך האָב נישט קיין טענה צו אַזעלכע מענטשן, ווי אונדזערע שכנים פֿון דער נידער, וועלכע זײַנען אַבסאָלוט־רואינירטע מענטשן און זיי קענען בײַם בעסטן ווילן זיך נישט דערלויבן אַרײַנצונעמען אומזיסט געסט. איר זעט דאָך: פֿון דער אַרויסגעגעבענער דירה און פֿון די מיטאָגן, וואָס זיי גיבן אַרויס, לעבן זיי איצט. אָבער פֿאַראַן מענטשן אין שטאָט, וואָס דאַרפֿן זיך שעמען, אויב זיי נעמען געלט בײַ אײַערע פֿרײַנט.

שעפֿנער האָט אים אַ צי־געטאָן בײַם אַרבל:

— מיר וועלן נאָך וועגן דעם רעדן! — האָט ער געזאָגט האַלב צו מיר און האַלב צו איר, און מיר זײַנען אַרויס אין גאַס.

— דאָס איינציקע וואָס עס בלײַבט אונדז צו טאָן — האָט שעפֿנער פֿאָרגעשלאָגן — איז צו רעדן מיט איר מאַן. ער וועט עס נישט נעמען אַזוי טראַגיש!

אָבער שעפֿנער האָט געטראָפֿן בלויז אויף 50 פּראָצענט: טראַגיש האָט ער עס טאַקע נישט גענומען, צו טרערן איז עס נישט געקומען, אָבער צו נעמען געלט — אויך נישט.

— עס איז אַ געלעזטע פֿראַגע — האָט דער מאַן געזאָגט „געשעפֿטלעך” און געשמייכלט מיט פֿאָלקסטימלעכער פּשטות — מיר וועלן עס אַמאָל אָפּנעמען בײַ אײַך אין וואַרשע.

און אַזוי איז עס שוין געבליבן: מיר זײַנען אַרײַן אין דער דאָזיקער יונגער משפּחה און געוואָרן דאָרט אייגענע. ווען מיר זײַנען אַוועק־

געפאָרן, האָבן מיר געפילט, אַז מיר פאַרלאָזן אַלטע פריינט, פאַר וועלכע מיר וועלן טראָגן אין הארצן אַן אייביקן געפיל פון דאַנק־באַרקייט און פריינטשאַפט. די דאָזיקע מענטשן — ער איז אין קעגנזאַץ צו איר גרוים־דאַמישקייט, געווען אַ זייער פּשוטער און הארציקער פאָלקסמענטש — האָבן אין יענע טעג זיך געשטעלט אַזוי הויך, אַז אונדזער גאַנצע קאָמפּאַניע האָט נישט געהאַט גענוג לויב־ווערטער פאַר זייער האַלטונג. נישט נאָר שעפנער מיט מיר, נאָר טאַקע אונדזער גאַנצע קאָמפּאַניע האָט געפונען אין דער דאָ־זיקער באַשיידענער שטוב אַ וואַרעמע היים און אַ מיטפילנדיק האַרץ. דער טיש איז דאָ שטענדיק געווען געדעקט נישט נאָר פאַר אונדז ביידן, נאָר פאַר יעדן, וואָס איז צו אונדז אַריינגעקומען. יום־כיפור, צום ביישפּיל, איז אונדזער באַלעבאָסטע אויפגעשטאַנען, אָנגעשטעלט אויפן טיש די יום־טובדיקע מאכלים, וויסנדיק, אַז אונדזער עולם וועט באַלד צו אונדז אַרויפקומען, און אונדז אָנגעזאָגט, מיר זאָלן עסן.

— איך גיי אין שול אַריין — האָט זי זיך פאַרענטפערט, ווי זי וואָלט זיך פאַר אונדז געשעמט — איך ווייס נישט, וועל איך אייך זאָגן דעם אמת, צי מען דאַרף יאָ גיין אין שול אַריין אָדער נישט. אָבער איך וויל נישט ברעכן די טראַדיציע פון מיינע עלטערן. איך גיי אַהין איינמאָל אין יאָר—איך הער דאָרט בלאָזן די „טראָמבקעס".*) איך זאָג נאָך די „מאָדליטווע"**) פאַר דער נשמה פון מיין מאַמען... איך פאַסט אַ גאַנצן טאָג... שאַדט עס דען?..

זי האָט געוואָלט, אַז מיר זאָלן זי נישט האַלטן דערפאַר פאַר אַ „צוריקגעשטאַנענער". גלייכצייטיק האָט זי שטאַרק געוואָלט, אַז מיר זאָלן פון דעם נישט „ליידן"...

— איר האַלט דאָך נישט פון דעם — האָט זי זיך געבעטן — טאָ זאָלט איר זיך גאַרנישט מאַכן פון אונדזער פאַסטן און עסן!

זי האָט נאָך באַוויזן פאַרן אַוועקגיין מכבד צו זיין אונדזערע ערשטע אָנקומענדיקע געסט:

— עסט, עסט! לאָזט זיך נישט בעטן!

דער עולם האָט טאַקע נישט געלאָזן זיך בעטן. אַן אויסנאַם זיינען געווען צוויי־דריי פון צווישן אונדז, וועלכע האָבן אַליין אויך געפאַסט און טאַקע געזעסן אַ גאַנצן טאָג אין שול, דאַוונענדיק מיט התמדה.

אין די טעג פון אַ גאַנצער וואָך האָב איך מיט שעפנערן געגעסן מיטאָג צוזאַמען מיט יאושזאָנען, פלינקערן און ניימאַנען. מיר האָבן

*) אַ פּוילישער אויסדרוק אויף „בלאָזן שופר".

**) אַ פּוילישער אויסדרוק אויף „דאַוונען".

אַלע געגעסן מיטאָג בײַ דער פֿאַמיליע, וואָס האָט אַרײַנגענומען צו זיך אין דער קראָם, אונטער דער וואוינונג פֿון אונדזערע באַלעבאַטים, יאושזאָנען און פֿלינקערן. דאָס איז געווען אַ באַשיידענע באַלעבאַטישע פֿאַמיליע, וועלכע איז שרעקלעך רואינירט געוואָרן, צוליב דער אַנטיסעמיטישער ווירטשאַפֿט־פּאָליטיק פֿון די האַלב־פֿאַשיסטישע פּוילישע רעגירונגען פֿון די לעצטע יאָרן.

— דאָס לעצטע יאָר — האָט דער קאָפּ פֿון דער שטוב אונדז דערציילט מיט ביטערניש — האָט מען מיך באַשטײַערט מיט קנאַפּע טויזנט זלאָטים. איר הערט, טויזנט זלאָטים! דער ווערט פֿון מײַן גאַנץ קרעמל אָט־אָ־דאָ האָט נישט באַטראָפֿן קיין העלפֿט. איך האָב געוואוסט, אַז דאָס אַליץ ווערט געטאָן, כּדי אויסצוראָטן דאָס ביסל אידישע קרעמער. איך האָב דאָך נישט געגלייבט, אַז מען קען עס טאָן אַזש אַזוי ברוטאַל. ווען איך בין געקומען איבערפֿרעגן אין שטײַעראַמט, צי עס איז אַמאָל נישט קיין טעות, האָט מען מיר קאַלטבלוטיק געענטפֿערט: „ווענן דעם האַנדלט עס זיך טאַקע! מיר ווייסן, אַז איר קענט נישט באַצאָלן אַזאַ גרויסן שטײַער! עס גייט טאַקע ווענן דעם, אַז איר זאָלט שליסן דאָס קרעמל!"...

מיר האָבן נישט געפֿונען אין זיך גענוג איבערצײַגנדיקע ווערטער, כּדי צו צוימען די אויפֿרעגונג פֿון דעם דאָזיקן רואינירטן מענטש, וועלכער איז געזעסן פֿאַר אונדז מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ.

— אַזוי האָט מען אונדז געמאַטערט! — האָט ער געזאָגט מיט ביטערניש — קען מען איצטער פֿון אונדז פֿאַרלאַנגען, אַז מיר זאָלן באַדויערן די דאָזיקע מענטשן?

און ער האָט אַ קריץ געטאָן מיט די ציין:

— איז דאָס געהערט געוואָרן, אַז מענטשן, וועלכע האָבן אַזוי לאַנג געליטן פֿון פֿרעמדער אונטערדריקונג, זאָלן אַליין אַזוי גיך זיך פֿאַרוואַנדלען אין אַזעלכע ברוטאַלע אונטערדריקער? און ווענען — ווענען האָבן זיי אונטערדריקט? אונדז, די אידן? הונדערטער יאָרן האָבן מיר געלעבט דאָ צוזאַמען מיט זיי! וויפֿל פֿון אונדזערע גענעראַציאָנער אידן זײַנען געווען אין די לעגיאָנען? צי האָבן מיר דען נישט געלעבט מיט זיי תּמיד בשלום? איז דאָס געווען קלוג פֿון דער פּוילישער מלוכה אונדז אָפּצושטויסן ־פֿון זיך? האָבן זיי דען געדאַרפֿט דערפֿירן דערצו, אַז אונדזערע הערצער זאָלן איצט זײַן פֿול מיט אַזויפֿיל ביטערניש קעגן זיי?

ווען איר זאָלט אָנקוקן דאָס פּנים פֿון דעם דאָזיקן איד מיט דער קליינער קאַנטיקער באָרד אַרום געזיכט און מיט די צעקרומטע ברילן איבער די קורצזיכטיקע אויגן, וואָלט אײַך גאָרנישט אײַנגעפֿאַלן,

אַז דער דאָזיקער דערשלאָגענער מענטש, וועלכן די לעצטע אַנטי־סעמיטישע יאָרן אין פּוילן האָבן באַזונדערס גרינטלעך צעריבן, איז אַ געבילדעטער מענטש, האָט געענדיקט אַ גימנאַזיע, רעדט גוט פּויליש, אוקראַיניש און דײַטש, איז באַהאַוונט אין דער ליטעראַטור פֿון די דאָזיקע פֿעלקער א. אַ. וו.

— מײַנע אייגענע שול־קאָלעגן — האָט ער גערעדט מיט טרויער — האָבן שפּעטער אויסגעפֿירט אַרום אונדז די פֿונקציעס פֿון האַרצלאָזע עקזעקוטאָרן... צוזאַמען אין שול געגאַנגען, צוזאַמען זיך געלערנט מיצקיעוויטשן און סלאָוואַצקין.. איצט, אַז דו קומסט אַרײַן צו אים אין קאַבינעט, איז ער דער „פּאַן ראַדצאַ״ און ער דערקענט דיך גאָרנישט, ער וויל דיך נישט דערקענען.. „פּראָשע פּאַנאַ״, רעדט ער צו דיר, ווי צו אַ פֿרעמדן... „זאָל ער מיר דעם קאָפּ נישט פֿאַרדרייען״, קען ער זיך אויף דיר טרוקן אָפּבייזערן אין דער דריטער פּערזאָן, אויב דו פּרוּווסט ווייך צו מאַכן זײַן האַרץ... און טאָמער פּרוּווסטו אים דערמאָנען די אַמאָליקע חבר־שאַפֿט, דאָס אַמאָליקע אַרויסהעלפֿן זיך אויף דער שול־באַנק מיט אַ בוך צי מיט אונטערזאָגן איינער דעם צווייטן אַ פּאָר ווערטער, ווערט ער שוין אינגאַנצן אויפֿגעקאָכט: „אַזוי זאָגט איר? צוזאַמען אין איין קלאַס געזעסן? איך געדענק דאָס גאָרנישט! יעדנפֿאַלס האָט עס נישט קיין שום שייכות צום ענין! נישטאָ קיין צײַט אויף סתּם־געשפּרעכן!״... און דאָס אַלץ דערפֿאַר, וואָס ער איז איצט אַ ״פּאַן ראַדצאַ״ מיט 500 זלאָטים אַ חודש־געהאַלט, און איך בין אַ „זשידעק״ מיט פּלייצעס, וואָס זײַנען פֿריצײַטיק געבויגן פֿון דאגות — אַן אָפּגעלאָזענער, באַבערדלטער, אָפּגעריסענער „זשידעק״, וואָס האָט נישט מער קיין כּוח צו שלעפּן דעם זאַק צרות.

טעג גאַנצע פֿלעגן אַוועקגיין אין אַזעלכע געשפּרעכן. בײַ וואָס דער שמועס זאָל זיך נישט אָנהייבן, פֿלעגט ער יעדעס מאָל צוקומען צו דער ברענענדיקער וואונד פֿון די אידן־פֿאַרפֿאָלגונגען אין די לעצטע יאָרן.

— איר פֿאַרשטייט — פֿלעגן מיר אים מסביר זײַן — אין דער דאָזיקער וויסטער פּאָליטיק קענען אידן זײַנען נישט שולדיק אַלע פֿאַליאַקן... מען קען דערפֿאַר נישט פֿאַראַנטוואָרטלעך מאַכן דאָס גאַנצע פּוילישע פֿאָלק אָדער גאַנץ פּוילן!... עס איז אונדזער לאַנד, אונדזער פֿאָטערלאַנד. דאָ זײַנען אונדזערע זיידעס געבוירן געוואָרן און דאָ האָבן זיי אַוועקגעלייגט מיט יאָרן שפּעטער זייערע ביינער... אונדזער זאַך איז נישט צו שילטן, נאָר אויסצובעסערן... אונדזער זאַך איז נישט צו פֿאַרברעכן די הענט, נאָר צו קעמפֿן קעגן די שלעכטע גײַסטער, וואָס האָבן פֿאַרפֿירט דאָס לאַנד...

— יאָ, אָבער וואו זײַנען געווען די גוטע גײַסטער? פֿאַרוואָס האָבן זיי אונדז נישט אַרויסגעהאָלפֿן? פֿאַרוואָס האָבן זיי זיך נישט אָנגענומען פֿאַר אונדז?

עס איז שווער געווען דעם דאָזיקן מענטש צו באַרואיקן. אַזוי האָבן גערעדט כּמעט אַלע אידן פֿון שטעטל, מיט וועלכע איך האָט זיך באַגעגענט.

— איך האָס זיי!... איך האָס זיי!... — האָט אַ געוויסן טאָג צו מיר געשריגן אַ יונגער אָרטיקער אידישער סטודענט, וועמענס לעבענס-טראַגעדיע איז באַשטאַנען אין אַ לונגען-קראַנקהייט, וואָס ער האָט אַרויסגעטראָגן פֿון לעמבערגער אוניווערזיטעט — מען האָט אים דאָרט איינמאָל, בעת אַן אַכזריותדיקן אָנפֿאַל פֿון אַנטיסעמיטישע סטודענטן אויף זייערע אידישע קאָלעגן, פּשוט אונטערגעהאַקט די לונגען, און ער האָט גענומען שפּײַען מיט בלוט.

עס איז גאָרנישט מעגלעך געווען אים איבערצוצײַגן, אַז די דאָזיקע אַנטיסעמיטישע אויסוואורפֿן זײַנען נאָך נישט גאַנץ פּוילן.

— רעדט נישט צו מיר! — האָט ער געשריגן העכער, ווי זײַנע לונגען האָבן עס געקענט פֿאַרטראָגן — רעדט נישט צו מיר וועגן זיי... איך האָס זיי!...

— „זיי” — האָט אין דעם פֿאַל געהייסן די פּאָליאַקן, אַלע פּאָליאַקן. אַ שוידער האָט מיך אָנגענומען, ווען איך האָב געטראַכט, ווי טיף דער אַנטיסעמיטישער און פֿאַשיסטישער סם האָט זיך אַלעמען אײַנגעגעסן אין די ביינער — אַזוי ווײַט, אַז ער שרײַט שוין אַרויס פֿון די צעשעדיקטע לונגען פֿון דאָזיקן אומגליקלעכן אידישן סטודענט, וועלכער זעט נישט, אַז ער ענטפֿערט די פֿאַשיסטן און אַנטיסעמיטן מיט זייער אייגענער „אידעאָלאָגיע”: האָס צו אַ גאַנץ פֿאָלק, קאָלעקטיווע פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט פֿון גאַנצן פּוילישן פֿאָלק פֿאַר די מעשׂים תּעתּועים פֿון די אַנטיסעמיטישע און פֿאַשיסטישע אויסוואורפֿן.

אַ פּאָר טעג שפּעטער האָט מיך אויפֿגערודערט אַן אָנגענעמע איבעראַשונג. מען האָט גענומען פֿירן דורך קאָפּיטשיניעץ טויזנטער און טויזנטער געפֿאַנגענע פּוילישע סאָלדאַטן: הונגעריקע, באָרוויסע, מיט פֿאַרוואַקסענע פּנימער און צעקאַליעטשעטע פֿיס, מיטן שטעמפּל פֿון אומגעהויערן פּײַן אויף די געזיכטער — עס איז געווען שרעקלעך צו קוקן, מען האָט געקענט פֿון זינען אַראָפּ!

פּלוצלונג האָב איך באַמערקט דעם קראַנקן סטודענט, וועגן וועלכן מיר האָבן אָקאָרשט גערעדט. ער האָט פֿלינק זיך אַראָפּ-געשאַרט פֿון טראָטואַר און זיך אויסגעמישט מיט דער מאַרשירנ-

דיקער מאַסע געפֿאַנגענע. דאָס רעקל זײַנס האָט ער געטראָגן אין האַנט. ער האָט זיך גיך צוגעשאַרט צו עפּעס אַ יונגן קריסט מיט אַ שיטערער אָקאָרשט־אָנגעוואַקסענער בלאָנדער באָרד. ער האָט אַ ווײַלע מאַרשירט נעבן אים, אַרײַנרעדנדיק עפּעס אין אים מיט פֿאַרזיכטיקע באַוועגונגען און ווינקענישן. אין אַ ווײַלע אַרום האָט דער יונגער קריסט אַרויסגענומען פֿון זײַן האַנט דאָס רעקל און אָנגעטאָן אויף זיך. דאַן האָט ער לאַנגזאַם זיך אַרומגעקוקט, צי עס פֿאַלט נישט גראָד אויף אים דער בליק פֿון איינעם פֿון די סאָוויעטישע זעלנער, וועלכע זײַנען געווען שיטער צעוואָרפֿן אַרום דער פֿאַרמאַטערטער מאַסע געפֿאַנגענע, און מיט צוויי פֿלינקע שריט זיך אַרויסגעשאַרט פֿון דער רײַע און אַרויף אויפֿן טראָטואַר...

דער אידישער סטודענט איז אַרויס פֿון דער רייע באַלד נאָך אים. ער האָט אים אַ צי־געטון פֿאַרן אַרבל און פֿאַרשוואונדן מיט אים אין אַ הויף. אין אַ ווײַלע אַרום איז דער סטודענט אַרויסגעקומען פֿון הויף מיט דעם זעלבן רעקל אין האַנט, און עס האָט זיך צום צווייטן מאָל איבערגעחזרט דאָס פֿריִערדיקע שפּיל. דער סטודענט האָט זיך ווידער אַרײַנגעשאַרט צווישן די געפֿאַנגענע און נאָך איין געפֿאַנגענער איז אַרויס מיט אַ פֿלינקער באַוועגונג פֿון דער מאַסע...

פֿאַרנאַכט האָב איך געטראָפֿן דעם דאָזיקן סטודענט און אים געפֿרעגט, וויפֿל געפֿאַנגענע ער האָט אַזויאַרום אַרויסגעפֿירט פֿון דער מאַסע.

— איר האָט געזען? — האָט ער זיך צעשמייכלט מיט אַ גוטן, מענטשלעכן שמייכל.

— איך האָב געזען און געטראַכט וועגן דעם, וואָס איך האָב פֿון אײַך געהערט מיט עטלעכע טעג צוריק... איר געדענקט, ווי איר האָט געשריגן וועגן אײַער האַס?... איר האָט דאָך נישט גע־לאָזן אַפֿילו רעדן צו זיך...

— יאָ — האָט מיר דער סטודענט געענטפֿערט — וואָס וואָלט איר געוואָלט, מיר זאָלן זיך פֿאַרוואַנדלען אין חיות? אפֿשר האָט מען געדאַרפֿט די דאָזיקע מענטשן נישט העלפֿן? איר האָט געזען זייערע פּנימער פֿול מיט לײַדן? איר האָט געזען זייערע בליקן? ווען זיי זײַנען געגאַנגען דורכן שטעטל האָב איך פּלוצלונג דערפֿילט, ווי עס וואָלטן געגאַנגען מײַנע אייגענע. איך האָב געהערט דעם קלאַנג פֿון דער פּוילישער שפּראַך... עס האָט זיך מיר אַלעמאָל געדאַכט, אַז איך זע באַקאַנטע פּנימער... זיי זײַנען דאָך געווען הונגעריק, צעבלוטיקט, זיי זײַנען געפֿאַלן פֿון די פֿיס... דאָס זײַנען דאָך מענטשן!... האָט מען זיי נישט געדאַרפֿט העלפֿן זיך אַרויסרײַסן פֿון דער שרעקלעכער לאַגע?...

# 5
# ליכט און שאָטן

דאָס אַרײַנקומען פֿון דער סאָוויעטישער אַרמיי קיין גאַליציע האָט כּמעט נישט באַגעגנט קיין ווידערשטאַנד. אין טאַרנאָפּאָל איז יאָ פֿאָרגעקומען, ווי איך ווייס, אַ צוזאַמענשטויס מיט געוויסע פּויליש ע אַרמיי־אָפּטיילונגען. הינטער לעמבערג איז אַפֿילו געקומען צו אַ גרעסערער שלאַכט, מיט וועלכער עס האָט פֿון דער פּוילישער זײַט אָנגעפֿירט דער באַקאַנטער פּוילישער גענעראַל סאָסנקאָווסקי. שפּעטער, ווען די שלאַכט איז געווען פֿאַרשפּילט, איז גענעראַל סאָסנקאָווסקי מיט עטלעכע באַגלייטער אַוועק איבערגעטוועןנערהייט קיין אויסלאַנד. איצט געפֿינט זיך גענעראַל סאָסנקאָווסקי אין לאָנדאָן. ער האָט אַ צײַט געהערט צו דער דאָרטיקער פּוילישער גלות־רעגירונג. ער איז אַ פֿאַרביסענער קעגנער פֿון פּויליש־סאָוויעטישן פּאַקט פֿון יאָר 1941. ער איז צוליבן דאָזיקן פּאַקט אַפֿילו אַרויסגעטראָטן פֿון דער רעגירונג. נאָכן טויט פֿון גענעראַל שיקאָרסקי האָט דער פּוילישער מלוכה־פּרעזידענט ראַטשקעוויטש אים נאָמינירט אַלס שעף פֿון דער פּוילישער גלות־אַרמיי.

ווי איך האָב העכער דערציילט, האָט די סאָוויעטישע אַרמיי־אָנפֿירונג אָנגעווענדעט לגבי די פּאָליאַקן אַ „טריק". דאָס, וואָס דער סאָוויעטישער בריגאַדיר האָט געזאָגט דעם שעף פֿון מיליטערישן שפּיטאָל אין קאָפּיטשיניץ („מיר קומען אײַך העלפֿן"...), האָט יעדער סאָוויעטישער קאָמאַנדיר געזאָגט יענעם פֿרימאָרגן יעדן פּוילישן מאַכט־פֿאָרשטייער, מיליטערישן און ציווילן, בײַ יעדן גרענעץ־פּונקט. מיט עטלעכע וואָכן שפּעטער, דורכמאַכנדיק אַ רײַזע צוריקוועגס פֿון גאַליציע קיין ווילנע, האָב איך אין יעדער שטאָט געהערט דאָס זעלבע: די פּוילישע מאַכט־אָרגאַנען אין די גרענעץ־שטעטלעך זײַנען אומעטום אַרײַנגעפֿירט געוואָרן דורך די באָלשעוויקעס אין אַ טעות און אין צענטראַליקער ערטער זײַנען די באָלשעוויקעס אויפֿגענומען געוואָרן דורך די אָפֿיציעלע מאַכט־פֿאָרשטייער מיט רעדעס און בלומען. אויב עס זײַנען ערגעץ יאָ פֿאָרגעקומען געוויסע צוזאַמענשטויסן, איז עס געווען מײַסטנס אין די שפּעטער־דיקע טעג, ווען די לאַגע איז שוין געווען קלאָר.

אין קאָפּיטשיניץ, צום בײַשפּיל, איז די לאַגע שוין געווען קלאָר — ווי דער לעזער האָט עס געזען — יענעם זונטאָג בײַ טאָג. דאָך איז די באָלשעוויקעס יענעם טאָג נאָך געלונגען אַרײַנצודרינגען עטלעכע צענטליק קילאָמעטער ווײַטער אין לאַנד אַרײַן מיט דער

הילף פֿונם שפּרוך, אַז זיי גייען העלפֿן. נישט נאָר — ווי מען האָט אונדז שפּעטער דערציילט — אין קאָפּיטשיניעץ. אויך אין ווײַטערדיקע שטעטלעך האָט מען אויפֿגענומען די סאָוויעטישע אַרמיי יענעם טאָג מיט רעדעס און בלומען. עטלעכע שעה נאָך די באַגריסונגס־רעדעס זײַנען די באַגריסער אַרעסטירט געוואָרן דורך זייערע געסט...

אַזוי איז טאַקע געשען מיטן וויצע־סטאַראָסטע פֿון קאָפּיטשיניעץ.

פֿאַרטאָג האָט ער — ווי מען האָט דערציילט אין שטעטל — באַקומען אַ געהיימניספֿולע טעלעפֿאָנישע אָנווײַזונג אין פּויליש, אַז ער זאָל מאַכן אַלע צוגרייטונגען צו אַ פֿײַערלעכער אויפֿנאַמע פֿאַר דער סאָוויעטישער אַרמיי, וועלכע „גייט הײַנט אַריבער די פּויליש־סאָוויעטישע גרענעץ, כּדי צו קומען אונדז צו הילף"...

די דאָזיקע טעלעפֿאָנישע אינסטרוקציע איז געגעבן געוואָרן פֿון עפּעס אַ גרענעץ־פּונקט. געמאַכט איז די זאַך געוואָרן אַזוי, אַז דער וויצע־סטאַראָסטע זאָל האָבן דעם פֿולן אײַנדרוק פֿון קאָנספּי־ראַטיווקייט און פֿאַרטרוילעכקייט...

ווער האָט עס געגעבן די דאָזיקע אינסטרוקציע? לויט אַלע וואַרשײַנלעכקייטן — די באָלשעוויקעס אַליין. אין דער פּוילישער סטאַראָסטווע האָט מען גענומען די זאַך גאַנץ ערנסט און מען האָט די ידיעה אַליין געהאַלטן שטאַרק בסוד...

ווי נאָר עס זײַנען יענעם פֿרימאָרגן אָנגעקומען קיין קאָפּיטשי־ניעץ ידיעות, אַז בײַ געוויסע גרענעץ־פּונקטן קומען פֿאָר צוזאַמענ־שטויסן מיטן אָנקומענדיקן סאָוויעטישן מיליטער, האָט דער וויצע־סטאַראָסטע גענומען טעלעפֿאָנירן צו אַלע אַרומיקע מיליטערישע אַמטן, אַז מען זאָל אָננעמען אַלע מיטלען וואָס גיכער אָפּצושטעלן דעם ווידערשטאַנד:

— זיי גייען אונדז העלפֿן און מיר באַגעגענען זיי מיט קוילן...

דאָך האָבן די קליינע צוזאַמענשטויסן געדויערט — ווי דער לעזער האָט עס געזען פֿון די פֿריִערדיקע קאַפּיטלעך — אַ גאַנצן פֿרימאָרגן. דער וויצע־סטאַראָסטע איז אַרומגעלאָפֿן אַ צעמישטער און זיך נישט געקענט שענקען, וואָס „בײַ אונדז הערשט אַזאַ כאַאָס און אַנאַרכיע":

— עס איז דאָך פּשוט אַ בזיון פֿאַר דער וועלט! די רעכטע האַנט ווייסט נישט, וואָס די לינקע האַנט טוט!...

גלויבנדיק, אַז ער טוט די ריכטיקסטע זאַך — דער סטאַראָסטע אַליין איז גראָד נישט געווען אין שטאָט — האָט דער וויצע־סטאַ־ראָסטע גענומען גרייטן אַן אויפֿנאַמע פֿאַר דער סאָוויעטישער אַרמיי. מען האָט צוגעגרייט אַ בוקעט בלומען, און ער אַליין, דער וויצע־סטאַראָסטע, האָט פֿאַרטראַכט אַ רעדע.

ווען די באָלשעוויקעס זײַנען טאַקע פֿאַרפֿאָרן אויפֿן שטעטל־

דיקן מאַרק, האָט דער וויצע־סטאַראָסטע געהאַלטן אַ באַגריסונגס־רעדע פֿון עפּעס אַ באַלקאָן אַראָפּ, אַ מיידעלע אין ווײַסן האָט אונטער־געטראָגן די בלומען און דער וויצע־סטאַראָסטע מיטן סאָוויעטישן קאָמאַנדיר האָבן זיך צעקושט...

דאָס איז געווען אַרום 9 פֿרי, ווען מיר האָבן געהאַלטן אין צו־פֿאָרן צום שטעטל. אויפֿן מאַרק און אין די זײַטיקע געסלעך איז געווען ששון־ושמחה: מענטשן האָבן געוויינט פֿאַר פֿרייד, וואָס די באָל־שעוויקעס זײַנען געקומען באַשיצן די שטאָט קעגן היטלערן.

מיט אַ האַלבער שעה שפּעטער, ווען די מאַסע איז זיך פֿונאַנ־דערגעגאַנגען פֿון מאַרק, האָט מען אַרעסטירט דעם וויצע־סטאַראָסטע אין זײַן קאַבינעט צוזאַמען מיט נאָך עטלעכע באַאַמטע. דאָס איז געווען, זעט אויס, מער־ווייניקער דעמאָלט, ווען מען האָט אויך אויפֿן שאָסיי גענומען פֿאַרהאַלטן פּוילישע מיליטער־לײַט, פּאָליציי־לײַט און פֿאַרדעכטיקע ציווילע.

צו דער באַפֿעלקערונג אַליין האָט זיך די באַציאונג בכלל נישט געביטן. ווייניק צו זאָגן, אַז זי איז געווען קאָרעקט. עס איז געווען פֿיל מער פֿון דעם. דאָס מיליטער, וואָס איז 3 טאָג אָן אויפֿ־הער געפֿאָרן דורך דער שטאָט, האָט געוואָרפֿן פֿון די אויטאָס סיגאַ־רעטן, שוועבעלעך און קופּערנע קאָפּיקעס. אַ גאַנצן טאָג זײַנען די טראָטואַרן אין מאַרק געווען באַלאַגערט מיט אָרטיקע און פּליטים, וועלכע האָבן געקליבן פֿון דער ערד די געוואָרפֿענע פֿאַרעלטערטע פּראָנט־צײַטונגען, שוועבעלעך, פּאַפּיראָסן און קאָפּיקעס. אַ באַזונ־דערס גרויסן טומל האָבן געמאַכט די קינדער, וועלכע פֿלעגן נאָכלויפֿן נאָך די אויטאָס און קלויבן די קאָפּיקעס.

טיילמאָל פֿלעגט אַזאַ יאַט האָבן די זכיה אַרײַנגענומען צו ווערן אין אויטאָ, צו זיצן בײַ אַ פֿרײַנטלעכן רויט־אַרמייער אויף דער קני, צו באַקומען אַ קנופּ אין בעקל און מיטצופֿאָרן אַ 50 מעטער. טיילמאָל פֿלעגט אַזאַ אויטאָ זיך אָפּשטעלן און אַרויסלאָזן פֿון זיך אַ צענדליק יינגערע און מיטל־יאָריקע פֿלאַכע, אָבער גוט־געשולטע אַגיטאַטאָרן, וועלכע פֿלעגן אויגנבליקלעך זיך אַרײַנשנײַדן אין ציווילן עולם אויף די טראָטואַרן און פֿאַרפֿירן געשפּרעכן וועגן דעם אונטערשיד צווישן קאַפּיטאַליסטישן פּוילן און סאָוויעטישן פֿאָטערלאַנד, וועגן שווערן לעבן דאָ און וועגן זאָרגלאָזן לעבן דאָרט, וועגן פֿינצטערניש און אַנאַלפֿאַבעטיזם אין פּוילן און וועגן דעם קולטור־וואוקס אויף יענער זײַט.

איך האָב גאַנצע טעג זיך אַרומגעשלעפּט איבער דער שטאָט, זיך נײַגיריק צוגעקוקט צו די סאָוויעטישע מענטשן אין מיליטערישע מונדירן, זיך צוגעהערט צו די אַרומיקע געשפּרעכן. איך האָב זיך נישט

געקענט אָפּוואונדערן פֿון די גרויסע ענדערונגען, וואָס זײַנען פֿאָר־געקומען פֿאַר די לעצטע 20 יאָר אין דעם רוסישן מענטש. מיר האָבן דאָך אַלע אים געקענט פֿאַר די צאַרישע צײַטן, ווען פוילן איז געווען אַ טייל פֿון דער צאַרישער אימפּעריע. וואָסער ענדערונג! וואָסער ענדערונג!

די ענדערונגען זײַנען געווען אַזוי גרויס, אַז דער רוסישער מענטש איז געווען ממש נישט צום דערקענען: וואו זײַנען די גראָבע רייד, וואָס האָבן אַמאָליקע צײַטן באַגלייט יעדע פֿראַזע אין מויל פֿון אַ רוס? וואו זײַנען די אַמאָליקע טעמפּע פּנימער פֿון די רוסישע פּויערים־זין אין די זעלנערישע מונדירן? וואו איז זייער אַמאָליקע גראָבע באַנעמונג?

איך האָב געזען הונדערטער סאָוויעטישע זעלנער און אָפֿיצירן עסנדיק, אָבער איך האָב נישט געזען קיין איינעם זיך באַגיין אָן אַ גאָפּל; איך האָב געזען צענטליקער זעלנער, וועלכע האָבן געהאַט אַ מעגלעכקייט צו נעמען אומזיסט און קיין שום קרעמער וואָלט נישט געוואַגט אַנטקעגנצוטרעטן, אָבער די אינסטינקטן פֿון רויב און גזילה, וועלכע מען האָט שוין אָנגעהויבן באַטראַכטן אַלס אַ נאַ־טירלעכע זאַך בײַ אָקופּאַציע־מיליטער, האָבן כּמעט נישט געהאַט קיין שליטה איבער די דאָזיקע מענטשן; קולטורעלע האַלטונג, אָנ־שטענדיקע רייד און מענטשלעכע באַנעמונג האָבן פֿולשטענדיק געענדערט די פֿיזיאָנאָמיע פֿון רוסישן זעלנער. ווען מיר וועלן נאָך צו דעם צוגעבן, אַז עס האָט זיך פֿאַר די 20 יאָר נישט געביטן די האַרציקע צוגעלאָזנקייט, וואָס איז אין דער רוסישער נאַטור, וועט זיך באַקומען אַ זייער פּאָזיטיוו בילד פֿון דעם נײַעם רוסישן מענטש. דאָס איז בלי־ספֿק איינע פֿון די גרויסע דערגרייכונגען פֿון די רעװ־וואָלוציע־יאָרן אין רוסלאַנד.

דאָס בילד וואָלט אָבער געווען נישט ערלעך און נישט אָביעקטיוו, ווען איך זאָל זאָגן, אַז דאָס איז אַלץ, וואָס מיר האָבן געזען.

דעם ערשטן טאָג איז דורכן שטעטל אומאויפֿהערלעך געגאַנגען אַ גוט־מאָטאָריזירטע אַרמיי. די אויטאָס האָבן טאַקע מער געסקריפּעט, די בלעך האָט טאַקע מער געגרילצט, ווי בײַ אַן אייראָפּעאישן, אָדער אַמעריקאַנער אויטאָ; די קאָלאָנעס האָבן אַפֿילו צו אָפֿט זיך אָפּ־געשטעלט, ווײַל יעדעס מאָל איז עפּעס ערגעץ קאַליע געוואָרן; אָבער נישט געקוקט אויף די אַלע חסרונות האָבן מיר געזען פֿאַר זיך אַ מאָטאָריזירטע אַרמיי. עס זײַנען געפֿאָרן אַרמאַטן פֿון אַלע קאַליבערס, ריזיקע רעפֿלעקטאָרן אויפֿצווזוכן דעם שונאס עראָ־פּלאַנען, מעכטיקע אויטאָס מיט פּאַרטיקע פּאָנטאָן־בריקן, טויזנטער און טויזנטער טאַנקען פֿון אַלע קאַליבערס, צאָלרײַכע טראַקטאָרס

אַלס שלעפּ־מאַשינען, ריזיקע לאַסט־אויטאָס מיט מעל, פֿלייש, קאָנ־סערוון און ... פּאַפּיר (צו דרוקן פּראָנט־צײַטונגען), סאַניטאַר־אויטאָס, פֿעלד־דרוקערײַען, פֿעלד־קוזשניעס, טעלעפֿאָן־אויטאָס א. ד. גל.

צומאָרגנס האָט זיך אָבער דאָס בילד געענדערט בײַטן. עס זײַנען נאָך אָנגעקומען פֿון צײַט צו צײַט מאָטאָריזירטע אָפּטיילונגען, אָבער דעם אויבנאָן האָבן שוין אָנגעהויבן פֿאַרנעמען פֿערד: הויכע אַמאָליקע צוויי־רעדערדיקע וואָגנס מיט אַ געשפּאַן, וואָס איז אָפֿט געווען אַזוי נאַכלעסיק, אַז דאָס אָרט פֿון לעדערנע רימענס פֿלעגן פֿאַרנעמען שטריק. נישט איינמאָל שפּעטער איז מיר אויסגעקומען צו זען רויט־אַרמייער, וועלכע האָבן געטראָגן די ביקס אויף אַ רימען, וואָס איז באַשטאַנען פֿון צוויי אויסגעריבענע העלפֿטן, פֿאַרבונדן מיט אַ שטריקל.

דער לעבנס־ניוואָ פֿון די מענטשן אין רוסלאַנד האָט זיך אַרויס־געוויזן פֿאַר אַ זייער נידעריקן. די סאָוויעטישע מיליטער־לײַט האָבן זיך אַ וואָרף געטון אויף די גאַליציאַנער קרעמלעך און געקויפֿט נישט דאָס, וואָס מען האָט געזוכט, נאָר אַלץ, וואָס דאָס אויג האָט געזען. מען האָט זיך נישט געדונגען, נאָר געצאָלט, און צומאָרגנס געקומען נאָכאַמאָל. טאָמער האָט דער קרעמער צומאָרגנס געהייסן צאָלן טאָפּלט, האָט מען געציילט די רובלס אָן אַ וואָרט פֿון פּראָ־טעסט...

אונדזער באַלעבאָס, דער שיך־קרעמער, האָט זיך ממש געגעסן לעבעדיקערהייט: וואָס וועט ער טון מיט דער פֿאַמיליע נאָכדעם, ווי „זיי" וועלן אים אויסקויפֿן די פּאָר הונדערט שיך און אים לאָזן מיטן ביסל ווערטלאָזע רובלס?

מיר האָבן אים געטרייסט, אַז וואַרשײַנלעך וועט מען אים אויס־נוצן אַלס אַ „ספּעץ" אין זײַן בראַנזשע, און ער איז צוביסלעך גע־וואָרן רואיקער. ער האָט פֿאַרבראַכט אַ גאַנצן טאָג מיט זײַנע רויט־אַרמייאישע קונים. אינאָווענט האָט ער אין שטוב לײַכט פֿון זיי געחוזקט. נישט געקוקט אויפֿן פֿאַרבאָט צו הייבן די פּרײַזן (די ערשטע סאָוויעטישע פֿאַראָרדענונג איז געווען, אַז דער רובל מיטן זלאָטי ווערן גלײַכגעשטעלט), האָט אונדזער באַלעבאָס יעדן טאָג אַרויפֿגעצויגן אַ 20 רובל אויף אַ פּאָר שיך. דאָס ווײַב האָט צו אים געשריגן, אַז „מען וועט דיך דאָך, יולעק, דערשיסן, און דײַן קינד וועט בלײַבן אַ יתום"; זי האָט נישט איינמאָל אונטערגעשיקט מיך מיט שעפֿנערן, כּדי אים איבערצוצײַגן, אַז ער דאַרף נישט אײַנרײַסן און ער דאַרף לאָיאַל פֿאַרקויפֿן לויטן אַלטן פּרײַז. אָבער אונדזער אַגיטאַציע האָט געהאָלפֿן נישט מער ווי דעם ווײַבס טרערן:

— איך טו עס דאָך פֿאַר איר — האָט ער אונדז יעדעס מאָל געענטפֿערט — אָט גייט ברויט און פוטער אַרויף און מען קען עס שוין נישט קריגן. ווי אַזוי־זשע קען איך פֿאַרקויפֿן אַ פּאָר שיך פֿאַר 15 רובל? וואָס וועל איך האָבן פֿון געלט? אין רוסלאַנד קאָסט דאָך אַ פּאָר שיך עטלעכע הונדערט רובל!

מיר האָבן ווייניק וואָס געוואוסט וועגן די רוסישע פּרײַזן. גע־דאַכט האָט זיך מיר לכתחילה, אַז דאָס, וואָס אונדזער באַלעבאָס זאָגט וועגן די רוסישע פּרײַזן, איז אַן אוממעגלעכע זאַך. מיט חדשים שפּעטער האָב איך געהאַט די טרויעריקע געלעגנהייט זיך איבערצו־צײַגן, אַז מײַן קאַפּיטשינצער באַלעבאָס האָט נאָך ווייניק געוואוסט...

ער האָט געשעפּט זײַנע ידיעות פֿון געשפּרעכן מיט רויט־אַרמייער. ער פֿלעגט רעדן צו זיי אוקראַיניש און זיי פֿלעגן אים ענטפֿערן אין רוסיש. נאָכן פֿאַרקויפֿן זיי אַ פּאָר שיך פֿאַר 50 רובל (שפּעטער פֿלעגט ער שוין נעמען הונדערט), פֿלעגט ער זיי אַזוי דרך־אַגב אַ פֿרעג־טאָן וויפֿל אַ שטייגער די זעלבע שיך קאָסטן אויף יענער זײַט.

— בײַ אונדז? — פֿלעגט איינער זאָגן מיט גאווה — דאָס זעלבע, וואָס בײַ אײַך...

— אַזאַ פּאָר שיך? — פֿלעגט זאָגן אַ צווייטער אַביסל מעסיקער — עס ווענדט זיך אין דעם, וואָסער קוואַליטעט עס זײַנען די שיך... פֿאַראַן פֿאַר הונדערט רובל אויך אַ פּאָר שיך, און אַפֿילו טײַערערע זײַנען אויך פֿאַראַן... בײַ אונדז איז אַלץ פֿאַראַן!...

טייל קרעמער פֿלעגן וועלן וויסן צו וואָס די רויט־אַרמייער קויפֿן די זאַכן דאָ, אויב עס קאָסט בײַ זיי אינדערהיים נישט טײַערער. אַלע פֿלעגן זיי האָבן אויף דעם אַ פֿאַרטיקן ענטפֿער, אַז אַ מתנה פֿון אויסלאַנד איז שטענדיק ליבער, ווי אַ היימיש־געקויפֿטע זאַך...

אונדזער באַלעבאָס האָט „פֿאַרצוקערט" סחורה, וואָס איז 10 יאָר געלעגן אונטערן שימל.

— אַ פּאָר וואַרשעווער שיכלעך? אַדרבא! אַדרבא! פּאָזשאַ־לויסטאַ! (ביטער זייער!).

און ער פֿלעגט אַרויסציִען אַ פּאָר ווײַסע לײַכטע זומער־פּאַנטאָפֿל פֿון פֿאַר 10 יאָר צוריק (עס איז געווען שפּעטער הערבסט!). די קונים האָבן עס צוגענומען אָן דעם מינדעסטן שפּור פֿון מבינות און אָן שום דינגעניש.

— 120 רובל? מסתּמא ציסטו מיך אָן, נאָר נאַדיר דײַנע 240 רובל, און גיב מיר צוויי פּאָר...

פֿיל יונגע זעלנער האָבן געקוקט אויף די קליינשטעטלדיקע קרעמ־לעך מיט אויפֿגעריסענע אויגן. זיי האָבן נישט געוואוסט, אַז דאָ,

אין בורזשואַזן און פּריצישן פּוילן, קען אַ דורכשניט-מענטש לײַכטער קריגן פֿאַרשידענע סחורות, ווי אין ראַטן-פֿאַרבאַנד. אויך האָבן זיי געקוקט מיט חידוש אויף דער קליידונג פֿון דורכשניטלעכן מענטש אין גאַס. ערשט מיט אַ יאָר שפּעטער, זייענדיק אין מאָסקווע, האָב איך ריכטיק פֿאַרשטאַנען זייער פֿאַרחידושטן בליק. דער אונטער־שיד אין דער קליידונג אין ראַטן-פֿאַרבאַנד און אין פּוילן איז געווען אַזאַ שרײַענדיקער לטובת דעם בורזשואַזן פּוילן, אַז דאָס האָט עפּעס ווײַט נישט געשטימט מיט דער לאַנג-יאָריקער איבערצײַגונג פֿון יונגען סאָוויעטישן מענטש, אַז דאָס טאָג-טעגלעכע מאַטעריעלע לעבן אין סאָוויעט-רוסלאַנד איז רײַכער פֿון טאָג-טעגלעכן לעבן פֿון אַ דורכשניטלעכן פֿאָלקס-מענטש אין די בורזשואַזע לענדער.

די קרעמער האָבן שנעל געשלאָסן זייערע געשעפֿטן. אויפֿן דריטן אָדער אויפֿן פֿערטן טאָג פֿון דער סאָוויעטישער הערשאַפֿט האָט שוין געהערשט אַ כאַאָס. אַ נאָכפֿראַגע איז געווען אויף אַלעם, אָבער קיינער האָט גאָרנישט געוואָלט אָנבאָטן צום פֿאַרקויף. די קרעמער האָבן זיך פֿאַרענטפֿערט, אַז די פּויערים קומען נישט אין שטאָט אַרײַן מיט זייערע פּראָדוקטן. אויב — האָבן די קרעמער געטענהט — מען קען נישט באַקומען פֿאַר די רובלס קיין שפּײַז, האָבן נישט די רובלס קיין שום ווערט...

איך האָב נישט איבערגעלעבט אין רוסלאַנד דאָס יאָר 1918—1919. אָבער וויפֿל איך קען דעם ענין פֿון דער צאָלרײַכער באָלשעוויסטישער און נישט-באָלשעוויסטישער ליטעראַטור, האָט דעמאָלט גאַנץ רוס־לאַנד איבערגעלעבט דעם זעלבן קריזיס. איצט, אין יאָר 1939, האָט די געשיכטע זיך אָנגעהויבן איבערחזרן אויף די נײַ-דעראָבערטע סאָוויעטישע טעריטאָריעס אין פּוילן.

# דער נייער מצב

## 1

## קאַפּיטשינצער טעג

דער ראַדיאָ האָט דערוויַיל נישט אויפֿגעהערט יעדן טאָג צו ברענגען אַלץ טרויעריקערע נייַעס וועגן טויזנטער געהרגעטע אין באָמבאַרדירטן וואַרשע, וועגן אומאויפֿהערלעכע שרפֿות אויף אַלע וואַרשעווער גאַסן, וועגן הונדערטער עראָפּלאַנען, וואָס באָמבאַרדירן די שטאָט יעדן טאָג א. אַ. וו.

דער ראַדיאָ־אַפּאַראַט פֿון אונדזערע באַלעבאַטים האָט נישט אַזוי קלאָר אויפֿגעכאַפּט די ראַדיאָ־קאָמוניקאַטן פֿון וואַרשע. זעענדיק, ווי מיר ציטערן איבער יעדן פֿאַרלוירענעם וואָרט, האָט אונדזער באַלעבאָסטע געזאָגט צו אונדז דעם צווייטן צי דעם דריטן טאָג פֿון אונדזער פֿאַרברענגען אין שטעטל, אַז זי וועט אונדז אַרויפֿפֿירן צו אירער אַ חברטע, אַ דענטיסטין, וועלכע האָט אַ גלענצנדיקן ראַדיאָ.

— ביי איר — האָט פֿאַרזיכערט אונדזער באַלעבאָסטע — וועט איר אַלץ הערן! זי וועט זיין צופֿרידן צו האָבן אייַך אַלס אירע געסט. זי איז פֿון אייערע וואַרשעווער געגנטן...

— וואָס הייסט פֿון אונדזערע וואַרשעווער געגנטן? זי איז פֿון וואַרשע?

— ניין! — האָט אונדזער באַלעבאָסטע זיך נישט געקענט דערמאָנען — נישט פֿון וואַרשע אַליין, נאָר פֿון אַ שטאָט, וואָס ליגט עטלעכע שעה רייַזע פֿון וואַרשע...

זי האָט זיך בשום־אופֿן נישט געקענט דערמאָנען דעם נאָמען פֿון דער שטאָט.

— אָט האָב איך זיך דערמאָנט! — האָט דער מאַן איר אַרויסגעהאָלפֿן און אָנגערופֿן דעם נאָמען פֿון מ יַי ן געבורט־שטאָט...

— וואָס? — האָב איך זיך אַזש אונטערגעהויבן — דאָס איז דאָך מייַן געבורטס־שטאָט! איך מוז זי זיכער קענען!

מען האָט מיר אָנגערופֿן איר מיידלשן נאָמען און איך האָב זיך דערמאָנט ווער זי איז. איך האָב געברענט מיט נײַגיר זי צו זען. איך האָב זיך קוים דערוואַרט די אָוונט־שעהן, ווען מען האָט זי געקענט טרעפֿן אין שטוב. אַ גאַנצן טאָג איז זי מיטן מאַן — אַ דענטיסטישער טעכניקער — געווען באַשעפֿטיקט אין איר דענטיס־טישן קאַבינעט. אין דער פֿרעמד, ערגעץ אין אַ פֿאַרוואָרפֿן שטעטל אין אַזאַ טראַגישער צײַט, ווי אין די טעג פֿון חודש סעפּטעמבער 1939 אין פּוילן, וואַקסט אויס אַזאַ עפּיזאָד צו דער מדרגה פֿון ווער־ווייס וואָסער וויכטיקער באַגעגעניש. אָט דאַכט זיך דיר, אַז די דאָזיקע באַגעגעניש וועט דיר צוריקגעבן די וואַרעמקייט פֿון דער פֿאַרלוירענער היים.

— מאָדנע! — האָט די פֿרוי געזאָגט, ווען איך האָב זיך באַוויזן בײַ איר אין שטוב — ווי אומגעריכט מענטשן באַגעגענען זיך! עס וואָלט מיר קיינמאָל נישט אײַנגעפֿאַלן, אַז עס וועט זיך פֿאַר־וואַלגערן אַהער עמעץ פֿון אונדזער היים־שטאָט.

זי איז געווען אויפֿגערודערט פֿון דער דאָזיקער באַגעגעניש, אָבער נישט אַזוי ווי איך. איך האָב זיך געפֿילט אַביסל אַנטוישט.

ב. שעפֿנער און לאַזאַר קאַהאַן, וועלכע זײַנען געווען מיט מיר, האָבן דערווײַלע פֿאַרנומען די בענקלעך בײַ דעם ראַדיאָ־אַפּאַראַט, און זיך אַ לאָז געטון פֿון וועלט־סטאַציע צו וועלט־סטאַציע: פּאַריז, מאָסקווע, לאָנדאָן, בריסל, האַאַג, בודאַפּעשט, בוקאַרעשט, בערלין —

בערלין שיפּעט, חוזקט, טריאומפֿירט, בייזערט זיך און דראָט.

זי שיפּעט קעגן פֿראַנקרײַך און ענגלאַנד, קעגן דער פּוילישער רעגירונג, קעגן דער קעמפֿנדיקער באַפֿעלקערונג פֿון וואַרשע און לעמבערג, קעגן דער „פֿאַרפֿוילטער דעמאָקראַטיע”, קעגן „אידישער וועלט־מאַכט” — קעגן אַלעמען!

זי חוזקט פֿון דער פּוילישער רעגירונג און פֿון פּוילישן אַרמיי־שעף, וועלכער איז אַנטלאָפֿן קיין רומעניע, איבערלאָזנדיק די בירגער אויף גאָטס באַראָט.

זי טריאומפֿירט, אַז זי האָט הײַנט אָפּגעהאַלטן אַ זיג איבער פּוילן בײַם ים און אַ נאָך גרעסערן זיג אין דער געגנט קוטנע־לאָוויטש (עס איז געווען דער אָוונט פֿון 20טן סעפּטעמבער).

— הײַנט איז ענדגילטיק געפֿאַלן דער איינציקער פּוילישער ים־פּאָרט גדיניע! — האָט טריאומפֿירט די דײַטשע ראַדיאָ — אויך אין דער געגנט פֿון קוטנע־לאָוויטש איז הײַנט פֿאַרענדיקט געוואָרן אַן אַכט־טאָגיקע שלאַכט בײַם טײַך בזורע. ביז איצט האָבן מיר אָנ־געציילט אין יענעם געגנט ביז 105 טויזנט געפֿאַנגענע פּוילישע

אָפּיצירן און זעלנער... עס איז געווען אײנע פֿון די בלוטיקסטע שלאַכטן אין דער געשיכטע פֿון מלחמות...

דאָס האָט די דײַטשע ראַדיאָ באַריכטעט וועגן דער היסטאָרישער שלאַכט פֿון אַ טייל פֿון דער פּוילישער אַרמײ, וועלכע האָט בײַ אַ פֿולשטענדיקער אַרומרינגלונג זיך אַדורכגעריסן פֿון פּויזן קיין וואַרשע, כּדי זיך דאָ אָנצושליסן אָן דער פֿאַרטיידיקונג פֿון דער פּוילישער הויפּט־שטאָט. אַכט טעג האָט געדויערט דער דאָזיקער העלדישער מאַרש פֿון דער אַרומגערינגעלטער פּוילישער אַרמײ. זי איז שוין געהאַט צוגעקומען מיט אירע פֿאָדערשטע אָפּטיילונגען צו דער פֿעסטונג מאָדלין (נישט ווײַט פֿון וואַרשע). אָבער דערווייסנדיק זיך וועגן דעם אַרײַנמאַרש פֿון דער סאָוויעטישער אַרמײ קיין פּוילן, האָט דער פֿירער פֿון דער דאָזיקער זיגרײַך־מאַרשירנדיקער אַרמײ געגעבן. קוטזשעבאַ זיך אַנטשלאָסן צו לייגן דאָס געווער. דער טײַך בזוראַ איז רויט געווען פֿון פֿאַרגאָסענעם בלוט פֿון פּוילישע און דײַטשע זעלנער, געפֿאַלענע אין די שלאַכטן, וואָס עס האָט געפֿירט גענ. קוטזשעבאַס אַרמײ בײַ איר דורכרײַסן זיך פֿון פּויזן קיין וואַרשע.

ווען איך האָב געהערט יענעם דײַטשן קאָמוניקאַט דורך דעם ראַדיאָ, האָב איך נישט געוואוסט דאָס אַלץ, וואָס איך ווייס איצטער, וועגן יענער גרויסער שלאַכט בײַם טײַך בזוראַ. דאָס אַלץ האָב איך זיך דערוואוסט מיט חדשים שפּעטער. עס איז בלויז צו באַדויערן, וואָס די אויסלענדישע וועלט ווייסט אַזוי ווייניק וועגן יענער גרויסער שלאַכט אין חודש סעפּטעמבער אין אומגליקלעכן און פֿון דער רעגירונג פֿאַראַטענעם פּוילן. טויזנטער אידישע יונגעלײַט זײַנען געפֿאַלן אין יענע שלאַכטן פֿאַר דער פֿרײַהייט פֿון דער גאַנצער וועלט. איך פֿיל אַ ווייטאָג, ווען איך הער, ווי מען רעדט אָפּטמאָל אין דער ברייטער וועלט מיט אַן אומבאַגרינדעטן ביטול וועגן יענע היסטאָרישע שלאַכטן אין פּוילן אין סעפּטעמבער 1939. די באַרעכטיקטע שנאה צו דער אַמאָליקער אַנטיסעמיטישער סיסטעם אין פּוילן דאַרף פֿאַר קיינעם נישט פֿאַרשטעלן די טראַגישע העלדישקייט פֿון די ברייטסטע פּוילישע און אידישע מאַסן פֿון פּוילן אין קאַמף קעגן היטלערן. איך געדענק נאָך אַזוי ווי הײַנט די לעצטע ווערטער פֿון היטלערס ראַדיאָ־ספּיקער יענעם אָוונט, אַז די דורכשניטלעכע זעלנער פֿון דער פּוילישער אַרמײ האָבן אין יענער בלוטיקער אַכט־טאָגיקער שלאַכט זיך געהאַלטן מיט גרויס מוט, אַרויסגעוויזן פֿעסטן ווידערשטאַנד און פֿאַרדינט די אָנערקענונג פֿון זייער קעגנער...

ווידער זײַנען מיר געזעסן בײַם ראַדיאָ־אַפּאַראַט — ווי מיט אַ וואָך צוריק אין בראָד — און אײנגאַנצן געפֿיבערט. דאָס האַרץ האָט

געוויטאָגט, אָבער עס האָט זיך אויך געפֿילט דערמוטיקט. פּוילן קעמפֿט נאָך! וואַרשע קעמפֿט נאָך! אַרום ברענט אַ העליש פֿײַער. צוויי אַרמייען, די סאָוויעטישע און די היטלערישע, גייען פֿון צוויי זײַטן. אָבער — פּוילן שלאָגט זיך. פֿאַרלאָזן און פֿאַראַטן פֿון דער אייגענער רעגירונג און אַרמיי־שעף, האָט מען זיך נאָך אַלץ געשלאָגן בײַם ווײַטן ים פֿון איין זײַט, און אין וואַרשע, אין אונדזער ליבער וואַרשע, פֿון דער צווייטער זײַט!

אַ הייליקער ציטער איז אַריבער איבערן לײַב, ווען עס האָט זיך דערהערט אין ראַדיאָ די שטימע פֿון באָמבאַרדירטן און אַרומגע־רינגלטן וואַרשע.

דאָס ערשטע געפֿיל איז אַ געפֿיל פֿון פֿרייד: וואַרשע רעדט — דײַן וואַרשע!

אָבער מיט די ערשטע קלאַנגען פֿון דער אויפֿטרייסלענדיקער, אויפֿגערודערטער שטימע פֿון וואַרשעווער ראַדיאָ־ספּיקער, שנײַדט זיך אײַן אין דיר אַזאַ ווייטאָג, אַז נאָך איין מינוט און דו וועסט צעהאַקן מיטן פֿוס דעם ראַדיאָ־קאַסטן אַבי צו אַנטלויפֿן פֿון די דאָזיקע ווערטער, אַבי מער נישט צו הערן דאָס דראַמאַטישע שוואַנען־ליד פֿון דײַן היים־געליבטער שטאָט...

נאָר, ניין! וועסט דעם דאָזיקן קאַסטן נישט צעברעכן! וועסט הערן און הערן! צעפֿיבערט, צעטרייסלט און צעבראָכן וועסטו הערן די וואונדערלעכע סימפֿאָניע פֿון מוט, העלדישקייט און בלוט, וואָס עס זינגט איצט אויס דײַן שטאָט.

"...גענעראַל רומעל, דער נײַער פֿירער פֿון דער פֿאַרטיידיקונג פֿון וואַרשע, האָט נאָמינירט אַ בײַראַט פֿון דער ציווילער באַפֿעלקע־רונג. צום בײַראַט געהערן די פֿירער פֿון דער פּ.פּ.ס. ניעדזשאַלקאָווסקי און זאַרעמבאַ; די פֿירער פֿון די ענדעקעס סטאַנישקים און באַזשענסקי; דער פֿירער פֿון דער פּויערים־פּאַרטיי מאַטשיי ראַטיי; דער אַמאָליקער פּוילישער רעגענט בעת ווילהעלמס אָקופּאַציע פֿון פּוילן פֿירשט לובאָמירסקי און דער געוועזענער פּוילישער פּרעמיער און באַקאַנטער היסטאָריקער שליווינסקי" — — —

אין אַפּאַראַט רוישט. עס דרייען זיך אין אַפּאַראַט לופֿט־כוואַליעס אָן ווערטער. אַן איבעררײַס אין די קאָמוניקאַטן.

איך הייב אויף די אויגן פֿון דער ערד און מײַנע אויגן טרעפֿן זיך צוזאַמען מיט די אויגן פֿון שעפֿנערן און לאַזאַר קאַהאַנען. עס ווילט זיך עפּעס זאָגן, אָבער עס טרוקנט די קעל און עס שטיקט אין האַלדז. דער באַלעבאָס פֿילט גוט אַרויס אונדזער געמיט־צושטאַנד און וויל אונדז צעשטרייען מיט אַ וויץ. ווען ער זעט, אַז דער פּרוואו

געלינגט אים נישט, רוקט ער אונטער אַ פֿלאַש בראָנפֿן, וואָס ער ברענגט אַרויף פֿון קעלער:

— טרינקט, עס וועט אײַך בעסער ווערן! בראָנפֿן און וואורשט האָב איך גענוג אָנגעגרייט אין קעלער אויף יעדן פֿאַל... טרינקט, טרינקט...

איין גלעזל און נאָך אַ גלעזל און....עס איז ווירקלעך געוואָרן „בעסער".

אָבער, שאַ! ווידער רעדט דער וואַרשעווער ראַדיאָ־ספּיקער! ווידער קלינגט דיזעלבע הייסע, אויפֿגערודערטע שטימע:

„...די ענגלישע לייבאָר־פּאַרטיי האָט הײַנט צוגעשיקט צו די היגע אַרבעטער־פֿירער אַ דעפּעשע פֿון באַגײַסטערונג און דערמוטערונג. די לייבאָר־פּאַרטיי פֿאַרזיכערט, אַז זי וועט אָנווענדן אַלע מיטלען צו העלפֿן דעם ליידנדיקן פּוילישן לאַנד. עס וועט אינגיכן אָנקומען ממשותדיקע הילף פֿון די ענגלישע און פֿראַנצויזישע פֿאַרבינדעטע. די פּוילישע סאָציאַליסטישע פּאַרטיי האָט געענטפֿערט דער לייבאָר־פּאַרטיי מיט אַ וואַרעמער דאַנק־דעפּעשע" — — —

ווידער אַן איבעררײַס. ווידער טראָגן זיך פֿון דער מאַשין ברומערייען פֿון די וויברירנדיקע לופֿט־כוואַליעס. אָבער דאָסמאָל דויערט עס קוים אַ האַלבע מינוט און עס רופֿט זיך אָפּ אַ צווייטע שטימע, דאָסמאָל אַ רואיקערע און מונטערע, הגם — אַ נישט־וויניקער אויפֿגערודערטע. עס האָט גערעדט עפּעס אַ וואַרשעווער זשורנאַליסט:

"...איך האָב הײַנט געמאַכט אַ באַזוך אויף די פֿאָדערשטע פּאָזיציעס. אויף וואָליע האָב איך געזען דעם איינציקן דײַטשן טאַנק, וועלכער האָט געוואַגט זיך אַרײַנצורײַסן קיין וואַרשע. די דײַטשע טאַנק־לײַט האָבן זיך איבערצײַגט, אַז עס וואַרטן אויף זיי אין שטאָט גענוג בענזין־פֿלאַשן, וואָס וואָליער אַרבעטער־פֿרויען און אַרבעטער־קינדער האָבן פֿאַר זיי צוגעגרייט... אין די ביעלאַנער וועלדער, לענגאויס דער ווײַסל, האָב איך גערעדט מיט אונדזערע נײַ־פֿאָרמירטע אַרבעטער־באַטאַליאָנען. די יאַטן קלאָגן זיך, אַז היטלער האָט וועגן זיי אינגאַנצן פֿאַרגעסן, ער וויל זיך מיט זיי נישט פֿאַרמעסטן — קלאָגן זיי. ער וויל בעסער וואַרפֿן צינד־באָמבעס און אויפֿרייס־באָמבעס אויף די גאַסן פֿון דער שטאָט גופֿא... גראָכאָוו, אויף דער פּראַגער זײַט, האָט שרעקלעך געליטן פֿון דער באָמבאַרדירונג. אָבער דאָס מיליטער האָט זיך גוט פֿאַרפֿעסטיקט. עס קען נישט זײַן קיין רייד, אַז היטלער זאָל נעמען וואַרשע מיט שטורעם פֿון דער גראָכאָווער זײַט —

ווידער אַ קורצער איבעררײַס און — אַן אַנדערע שטימע:

"...הײַנט איז פֿאָרגעקומען אין דער אַלטער קאַטעדרע פֿון הייליקן יאַן אויף אַלטשטאָט אַ גאָטעס־דינסט לכּבוד דעם פֿאַרשטייענדיקן

פּוילישן נצחון בײַ װאַרשע. דער אָרגל האָט נישט געשפּילט, װײַל ער איז מיט עטלעכע טעג צוריק געטראָפֿן געװאָרן פֿון אַ באָמבע... די קאַטעדרע איז באַשעדיקט" — — —

דאַן איז געקומען אַ סעריע פּערזענלעכע מעלדונגען:

„...די פֿאַמיליע אַזאַ און אַזאַ פֿון דער און דער גאַס אין מאָקאָטאָװ גיט צו װיסן אירע קרובים אין פּראַג, אַז זײ קענען מער נישט טע־לעפֿאָנירן, װײַל אַ באָמבע האָט צעשטערט די טעלעפֿאָן־פֿאַרבינדונ־גען אין זײער הויז. זײַט רואיק װעגן אונדז און היט זיך פֿון באָמבעס"—

„...די קימפּעטאָרין־אַנשטאַלט אויף דער און דער גאַס אַפּעלירט צו פֿרויען־דאָקטוירים, װעלכע זײַנען נישט גענומען געװאָרן אין דער אַרמײ אַרײַן, אַז זײ זאָלן זיך מעלדן צו דער אַרבעט, װײַל דאָס שפּי־טאָל קען נישט באַדינען די גרויסע צאָל געװינערינס" —

"...די דירעקציע פֿון דער ראַדיאָ־סטאַציע אין װאַרשע נעמט אין אַכט, אַז די בירגער קענען הײַנט נישט פֿאַרלאָזן זײערע גאַסן, כּדי אײַנצוצאָלן דעם ראַדיאָ־אָפּצאָל אין אונדזער געבײדע; עס װערן דעריבער פֿאַר דער באַקװעמלעכקײט פֿון די אײַנװאױנער אײַנגע־אָרדנט עטלעכע אָפּטײלונגען אין פֿאַרשידענע געגנטן פֿון שטאָט. אָט זײנען די אַדרעסן, װאו מען װעט קענען אײַנצאָלן דעם ראַדיאָ־אָפּצאָל" —

איך האָב זיך נישט געקענט אײַנהאַלטן פֿון אַ שמײכל. בלוט, העל־דישקײט, שׂרפֿות, עלטערן זוכן דורכן ראַדיאָ זײערע אָװעקגעקומענע קינדער, מענטשן פֿאַלן אין טױזנטער פֿון באָמבעס, װאָסער טראָגט מען פֿון דער װײַסל אין עמערס און — די ראַדיאָ־צענטראַלע עפֿנט אָפּ־טײלונגען אין שטאָט, כּדי „די באַפֿעלקערונג זאָל קענען פּינקטלעך און צו דער צײַט אײַנצאָלן דעם חודש־אָפּצאָל פֿאַר באַנוצן ראַדיאָ...*)

איך האָב זײער גוט פֿאַרשטאַנען, אַז דער קאָמוניקאַט איז נישט פֿאַרעפֿנטלעכט געװאָרן דורך דעם ראַדיאָ צוליבן געלט, נאָר צוליב דער פּסיכאָלאָגישער װירקונג, װאָס ער קען האָבן אויף צו באַרואיקן די נערװן. „זעט, הײסט עס, אַז די װעלט גײט נישט אונטער און דאָס לעבן גײט זיך מיט זײַן נאָרמאַלן גאַנג!"... דאָך האָט זיך דער מענטש עפּעס מאָדנע געפֿילט פֿון דער דאָזיקער קלײניקײט. עפּעס מיסטעריעזעס קומט איצטער פֿאָר הינטער די מויערן פֿון װאַרשע!

דאָס זיצן יעדן טאָג בײַ דעם ראַדיאָ האָט געפּײַניקט און אויסגע־מאַרכט. מיט יעדן טאָג איז עס געװאָרן אַלץ שרעקלעכער. דעם רעקאָרד פֿון שװידער האָבן געשלאָגן די ראַדיאָ־קאָמוניקאַטן פֿון יום־כּיפּורדיקן אָװנט און פֿון צומאָרגנדיקן טאָג, װען בערלין האָט זיך

*) אין פּוילן האָט עקזיסטירט אַ ראַדיאָ־צענטראַלע פֿון דער רעגירונג, און זי האָט גענומען אַ חודש־אָפּצאָל פֿון יעדן אײנעם, װאָס האָט געהאַט אין שטוב אַ ראַדיאָ־אַפּאַראַט.

באַרימט, אַז היטלער האָט מיט זײַן פּערמאַנענטן 12־שעהדיקן אָנגריף אויף וואַרשע, קאָמבינירט פֿון אַן אַ שיעור אַרטילעריע־אָפּטיילונגען און עטלעכע הונדערט עראָפּלאַנען, אָפּגעמעקט גאַנצע קוואַרטאַלן פֿון פּוילנס הויפּט־שטאָט.

## 2

## טאָוואַרישטש יעמיעץ איז נישט אינפֿאָרמירט

שוין אין דעם ערשטן אָוונט פֿון אונדזער פֿאַרברענגען אין קאָפּי־טשיניעץ — זונטאָג, דעם 17טן סעפּטעמבער 1939 — איז פֿאַר אונדז קלאָר געוואָרן, ווי עס האַלט ווירקלעך אין דער וועלט מיט די איצ־טיקע פּויליש־סאָוויעטישע באַציאונגען. די ערשטע ידיעה האָבן מיר באַקומען פֿון די מענטשן, וועלכע האָבן אונדז מכנים־אורח געווען. זיי האָבן דערציילט, אַז אינדערפֿרי, אין דער זעלבער צײַט, וואָס די סאָוויעטישע אַרמיי האָט שוין געהאַט הינטער זיך די ערשטע גרענעץ־צוזאַמענשטויסן מיט פּוילישע גרענעץ־וואַכן, האָט דער סאָוויעטישער אויסערן־קאָמיסאַר מאָלאָטאָוו געהאַלטן אין מאָסקווער ראַדיאָ אַ זייער שאַרפֿע רעדע קעגן פּוילן.

נאָך דעם זעלבן אָוונט איז מיר אויסגעקומען צו הערן דעם ווערט־לעכן טעקסט פֿון דער דאָזיקער רעדע. מיר זײַנען געזעסן בײַם טיש פֿון אונדזערע באַלעבאַטים און געשמועסט וועגן אונדזער ביז־איצטי־קער רײַזע. די ראַדיאָ איז געווען אָנגעשטעלט אויף מאָסקווע, וועלכע האָט אומאויפֿהערלעך אויפֿגעגעבן פֿריידיקע קאָמוניקאַטן וועגן פֿאָר־אויסמאַרש פֿון דער סאָוויעטישער אַרמיי אויפֿן גאַנצן שטח פֿון פֿרײַער־פּוילישן גאַליציע און ווײַסרוסלאַנד, וועגן די פֿרייד־דעמאָנ־סטראַציעס פֿון דער אָרטיקער באַפֿעלקערונג, וועגן ריזיקע מיטינ־גען אין אַלע שטעט פֿון רוסלאַנד א. ד. גל. צווישן איין אַזאַ מעלדונג און אַ צווייטער איז אויפֿגעגעבן געוואָרן אַ רעקאָרד פֿון מאָלאָטאָווס פֿרימאָרגן־רעדע וועגן אַרײַנמאַרש פֿון סאָוויעטישן מיליטער קיין פּוילן.

נישט דאָס האָט מיר ווי געטאָן, וואָס עס האָט געמאָלדן וועגן אַרײַנמאַרש פֿון דער סאָוויעטישער אַרמיי קיין פּוילן. אין געוויסע אומשטענדן וואָלט דאָס געווען אַפֿילו צו באַגריסן. פֿאָרנדיק צו דער רומענישער גרענעץ, האָבן מיר זיך דאָך אַפֿילו גערעכנט מיט דער מעגלעכקייט פֿון אַ סאָוויעטישן אַרײַנמאַרש. מיר האָבן זיך אָבער נישט פֿאָרגעשטעלט, אַז דאָס וועט פֿאָרקומען קעגן פּוילן. מיר האָבן זיך נישט געקענט פֿאָרשטעלן, אַז די סאָוויעטישע רעגירונג וועט אויסנוצן דעם ווידערשטאַנד פֿון פּוילן קעגן היטלערן אויף צו

שליסן אַ שותּפות מיט היטלערן קעגן פּוילן און קעגן די דעמאָ־קראַטישע מלוכות, וועלכע זייַנען שוין דאַן געהאַט אַרייַן אין קריג.

אָקאָרשט, מיט געציילטע וואָכן צוריק, איז געווען אין וואַרשע דער סאָוויעטישער וויצע־קאָמיסאַר פאַר אויסערן־ענינים און אונ־טערהאַנדלט מיט דער פּוילישער רעגירונג וועגן מכלומרשטער הילף, וואָס דער ראַטן־פאַרבאַנד וויל געבן פּוילן אין פאַל פון היטלערס פאַשיסטישער אַגרעסיע. אָקאָרשט, מיט געציילטע וואָכן צוריק, האָט געקלאָגט איינער פון די סאָוויעטישע הויפּט־אָרגאַנען — איך געדענק נישט איצט גענוי, צי דאָס איז געווען די „פּראַוודאַ" אָדער די „איזוועסטיאַ" — אַז פּוילן גרייט זיך פאַראַטן דעם וועלט־קאַמף קעגן פאַשיזם און נאָכגעבן היטלערן זייַנע פאָדערונגען. און איצט, נאָכדעם ווי די פּוילישע רעגירונג איז, אונטערן דרוק פון די מאַסן, געווען געצוואונגען אָפּצוואַרפן היטלערס פאָדערונגען, און די מאַסן פון פּוילן האָבן אָפּפערוויליק אייַנגעשטעלט צוליב דעם קאַמף פאַר פרייַהייט זייער לעבן און עקזיסטענץ, טרעט פּלוצלונג אַרויס דער ראַטן־פאַרבאַנד מיט אַ דערקלערונג, אַז די אומפעאיקע פירער פון פּוילן האָבן „אַרייַנגעטריבן דאָס לאַנד אין אַן אומגליקלעכן קריג"?

איין זאַך איז, אָבער, פון דער דאָזיקער רעדע נישט געוואָרן קלאָר: וואָס וועט געשען אין יענעם מאָמענט, ווען די סאָוויעטישע אַרמיי וועט זיך צוזאַמענשטויסן מיט דער היטלערישער אַרמיי? צי וועט זי זיך דאַן פאַרמעסטן אויך מיט היטלערן?

סייַ אין מאַלאַטאָווס ראַדיאָ־רעדע און סייַ אין די פּובליקאַציעס פון דער סאָוויעטישער פּרעסע אין די ערשטע צוויי־דרייַ טעג איז געווען שטיל אַרום דער דאָזיקער פראַגע. זייער פיל מענטשן — סייַ פון צווישן דער אָרטיקער באַפעלקערונג און סייַ פון צווישן די פּליטים — האָבן זיך געטרייסט מיט דעם געדאַנק, אַז דער ראַטן־פאַרבאַנד וועט זיך באַלד רייַנוואַשן מיט אַ קאַמף־דערקלערונג קעגן היטלערן.

— איר וועט זען — האָט מען געהערט פון אַלע זייַטן — זיי וועלן גיין קיין וואַרשע...

און נישט נאָר די ציוויל־באַפעלקערונג האָט אַזוי געטראַכט. אַזוי האָבן אויך געטראַכט אַלע סאָוויעטישע אָפיצירן און זעלנער. נאָכמער: אַפילו קאָמאַנדירן זייַנען נישט געווען אָריענטירט וועגן דער אייגנטלעכער לאַגע. ערגעץ אין דער דייַטשער שטאָט קעניגס־בערג איז שוין געזעסן אַ געמישטע קאָמיסיע פון דייַטשע און סאָוויעטישע אָפיצירן, שנייַדנדיק בשותּפות די מאַפּע פון פּוילן, כּדי עס זאָל נישט דאַרפן קומען צו קיין צוזאַמענשטויס צווישן דער היטלערישער און סאָוויעטישער אַרמייען, און דאָ, אין קאָפּיטשי־

ניעץ (און נישט נאָר אין קאפיטשיניעץ) האָט נאָך אַלץ הער סאָ־וויעטישער קאָמאַנדיר פֿון גאַנצן קרײַז געהאַלטן אין איין פֿאַר־זיכערן:

גאָלובטשיקי,*) אין 5 טעג אַרום וועלן מיר זײַן אין וואַרשע...

דעם צווייטן טאָג פֿון אונדזער זײַן אין קאָפּיטשיניעץ האָט מען אונדז געזאָגט, אַז עס האָט זיך שוין אײַנגעשטעלט אַ שטענדיקע סאָוויעטישע מאַכט און אַז עס איז „שוין דאָ מיט וועמען צו רעדן". אין אונדזער גרופּע האָט זיך אָנגעהויבן אַ רײַע אַסיפֿות וועגן דעם, וואָס מיר זאָלן ווײַטער טאָן. שעפֿנער מיט מיר האָבן פֿון דער ערשטער מינוט אָן בײַ זיך באַשלאָסן, אַז „דאָס עסק געפֿעלט אונדז נישט". מײַנע קאָלעגן פֿון דער בירגערלעכער פּרעסע האָבן מיטאַמאָל (אמת, נישט אַלע!) גענומען רעדן „באָלשעוויסטיש". איך האָב אָבער נישט געהאַט קיין שום אילוזיעס וועגן די וועגן, מיט וועלכע עס וועט דאָ אַוועק די באָלשעוויסטישע פּאָליטיק. עטלעכע טעג און אפֿשר עטלעכע וואָכן — בין איך געווען זיכער — וועט דויערן די האָניק-צײַט פֿון אַבסאָלוטער פֿרייהייט, אָבער נאָכדעם ווי די סאָוויעטישע מאַכט-אָרגאַנען וועלן זיך נאָר אַביסל פֿאַרפֿעסטיקן, וועט זיך אָנהייבן אַ טעראָר-כוואַליע קעגן אַלע אַנדערש- דענקנ־דיקע מענטשן, אומאָפּהענגיק פֿון דעם, ווי לאָיאַל זיי זאָלן נישט זײַן צו דער נײַער מאַכט. מײַן אויספֿיר איז דעריבער געווען: קיין רומעניע! זאָלן די באָלשעוויקעס אונדז אַרויסלאָזן קיין רומעניע!

אויך שעפֿנער האָט זיך געהאַלטן בײַ דער זעלבער מיינונג. אַ רייע מיטגלידער פֿון אונדזער עקספּעדיציע האָבן אונדז אונטערשטיצט. מיר האָבן באַשטימט אַוועקצושיקן אַ דעלעגאַציע צום קרײַז־שעף, וועלכער האָט אָקאָרשט איבערגענומען דעם דאָזיקן אַמט. אַלס דע־לעגאַטן זײַנען באַשטימט געוואָרן נח פּרילוצקי און איך.

מיטוואָך, דעם 20טן סעפּטעמבער, האָבן מיר זיך אַוועקגעלאָזן צום בנין פֿון דער אַמאָליקער פּוילישער סטאַראָסטווע. דאָרט האָט אַמטירט דער נײַער סאָוויעטישער קרײַז־שעף. בײַם אַרײַנגאַנג זײַנען געשטאַנען וואַכן פֿון אָרטיקע רויטע מיליציאָנערן און פֿון סאָוויעטישע מיליטער־לײַט. מיט גרויס שוועריקייט האָבן מיר זיך דערשלאָגן צום קאַבינעט פֿון סאָוויעטישן קרײַז־שעף אויפֿן צווייטן שטאָק. דער סאָוויעטישער וואַכמאַן מיט אַ ביקס אין האַנט, וועלכער האָט באַזונ־דערס אויפֿמערקזאַם געוואַכט אויפֿן צווייטן שטאָק, האָט אונדז געלאָזן וואַרטן אין קאָרידאָר, און ער איז אַרײַן אונדז אָנמעלדן.

---

*) טײַבעלעך.

— ווער, זאָל איך זאָגן, זײַט איר? — האָט ער געוואָלט וויסן אונדזער יחוס.

— זאָגט —האָבן מיר געענטפֿערט — אַז מיר זײַנען אַ דעלעגאַציע פֿון אידישע שרײַבער פֿון וואַרשע! שרײַבער, „פּיסאַטיעלעם” — פֿאַר־שטאַנען?

—פֿאַרשטאַנען! קאַק-זשע! אָבער שרײַבער איז פֿאַראַן אַ סך! זאָגט וואָסערע שרײַבער איר זײַט...

ענדלעך איז ער מיט אונדז אַדורכגעקומען וועגן דעם וואָסערע „פּיסאַטיעלעם” מיר זיינען און ער איז אַריין מעלדן וועגן אונדז. באַלד איז ער אַרויסגעקומען מיט אַ באַפֿעל אונדז אַרײַנצולאָזן.

אינעווייניק האָבן זיך געדרייט עטלעכע מיליטעריש-געקליידטע מענטשן און עפּעס אַ יונגע אידישע פֿרײַלין. מיר האָבן נישט געוואוסט צו וועמען מיר דאַרפֿן צוגיין. אין יידע צימערן איז קיין איין מענטש נישט געזעסן בײַם טיש. אַלע זײַנען געווען אין כסדרדיקער באַוועגונג — אַ זאַך, וואָס האָט אונדז אין יענעם מאָמענט אויסגעזען ווילד, אָבער שפּעטער האָב איך דאָס נישט איינמאָל געזען אין סאָוויעטישע קאַנצעלאַריעס.

די פֿרײַלין האָט אונדז אַרויסגעפֿירט פֿון פֿאַרלעגנהייט.

— איר האָט זיך געמאָלדן צום טאָווארישטש יעמיעץ? — האָט זי אונדז געפֿרעגט אין דער פּוילישער שפּראַך.

— יאָ! — האָבן מיר געענטפֿערט, פֿאַרשטייענדיק, אַז דאָס איז מסתּמא דער נאָמען פֿון נײַעם סאָוויעטישן קרײַז-שעף.

זי האָט אונדז צוגעפֿירט צו אַ מיטל-יאָריקן סאָוויעטישן אָפֿיציר, וועלכער האָט גערעדט צו עטלעכע מענטשן מיטאַמאָל.

— חבר יעמיעץ — האָט זי געזאָגט צו אים אין אוקראַיניש מיט גרויס דרך־ארץ — אָט איז די דעלעגאַציע פֿון די אידישע שרײַבער.

ער האָט אונדז אָנגעקוקט און אָנגעהויבן מיט אונדז צו רעדן. אַרום איז אָנגעגאַנגען אַ היפּשער טומל און אָט אין דעם דאָזיקן טומל האָט ער מיט אונדז געפֿירט דעם געשפּרעך.

— וואָס איז אײַער פֿאַרלאַנג? — האָט ער אונדז געפֿרעגט.

מיר האָבן דערציילט די געשיכטע פֿון אונדזערע וואַנדערונגען, אונטערשטרײַכנדיק, אַז אונדזער גרופּע באַשטייט פֿון מיטאַרבעטער פֿון אַלע אידישע וואַרשעווער צײַטונגען.

— איצטער — האָבן מיר געזאָגט — ווילן מיר באַקומען אַ דער־לויבעניש אַרויסצופֿאָרן אין עפּעס אַ נייטראַל לאַנד אַרײַן, כּדי פֿון דאָרט זיך צו קענען פֿאַרבינדן מיט אונדזערע פֿאַמיליעס.

טאָוואַרישטש יעמיעץ האָט פֿאַרלייגט אַ האַנט אויף אַ האַנט, ווי אַ פּאַסטאָר בעת אַ פּרעדיק, און ער האָט גענומען רעדן צו אונדז מיט טיפֿער אינערלעכער איבערצײַגונג:

— בירגער — האָט ער אָנגעהויבן זײַן רעדע צו אונדז — פֿאַרוואָס זאָלט איר אַרויספֿאָרן קיין אויסלאַנד? צי געפֿעלט אײַך נישט די אָרדענונג בײַ אונדז? וועט איר דען דאָ האָבן ווייניק אַרבעט? ערשט איצט וועלן זיך עפֿענען פֿאַר אײַך אַזויפֿיל מעגלעכקייטן, וועגן וועלכע איר האָט אפֿשר קיינמאָל נישט געטרוימט! בײַ אונדז, אין ראַטן־פֿאַרבאַנד, זײַנען גײַסטיקע מענטשן זייער געאַכטעט. מיר פֿרעגן קיינעם נישט, וואָס ער איז געווען אַמאָל. אַודאי איז דער רוב פּראָ־פֿעסאָרן און גײַסטיקע מענטשן אַמאָל געווען אין דינסט פֿון די באַ־זיצנדיקע קלאַסן. אָבער אויב זיי זײַנען איצט לאָיאַל צו אונדזער אַר־בעטער־פּויעריש פֿאָטערלאַנד און דינען טרײַ די מאַסן מיט זייער ווויסנשאַפֿט און גײַסט, אַכטן מיר זיי און עס איז זיי בײַ אונדז זייער גוט. אַז עס קומט עפּעס אַ שריפֿטשטעלער אין קיעוו אין אַ פֿאַבריק אַרײַן, וועט איר קיין שפּילקע צו דער ערד נישט וואַרפֿן — אַזוי איז געפּאַקט. מען שטייט קאָפּ אויף קאָפּ, מען שלינגט יעדעס וואָרט. בײַ אונדז איז אַ דורשט צו וויסן. די קולטור־אַרבעטער („קולטורניע ראַבאָטניקי") ווערן בײַ אונדז געשטעלט אין דער ערשטער רייע. אויב עס איז בײַ אונדז אין די ערשטע יאָרן פֿון דער רעוואָלוציע געווען אַנדערש, האָט דאָס זיך שוין לאַנג געביטן. זינט מאַיאַקאָווסקיס זעלבסטמאָרד האָבן מיר זיך אַרומגעזען, ווי שעדלעך עס איז געווען אונדזער צו שטרענגע באַציאונג צו אונדזער אינטעליגענץ, און מיר האָבן זי אינגאַנצן געביטן. סטאַלין האָט דאָס געזאָגט...

טאָוואַרישטש יעמיעץ האָט אין אַלגעמיין געמאַכט אויף מיר אַ זייער גוטן אײַנדרוק. זײַן אַרט־רעדן איז געווען, אַזוי ווי זײַנע צוזאַ־מענגעלייגטע הענט, אַ גלהישער אַרט רעדן. מיט אַן אָנגענעמער שטימע, וואָס האָט געהאַט אין זיך עפּעס אַזאַ געדעמפּטע אינטימקייט, האָט ער אַרויסגעבראַכט פֿון זיך זאַנפֿטע, סאַמעטענע קלאַנגען. ער האָט געזעדט פּאַמעלעך, יעדעס וואָרט באַזונדער, און זײַן שטימע האָט געקלונגען איבערצײַגנדיק. עס האָט זיך געפֿילט, אַז ער רעדט מיט אַן אינערלעכן גלויבן.

— איר דאַרפֿט נישט אַוועקפֿאָרן פֿון אונדז — האָט ער פֿאָרגע־זעצט זײַן מאָנאָלאָג — ווײַל אינערגעץ וועט אײַך נישט זײַן אַזוי גוט, ווי בײַ אונדז. אַהער קענט איר ברענגען אײַערע פֿאַמיליעס. איר זענט קרבנות פֿון פּאָליטישע רדיפֿות און אונדזער לאַנד נעמט אויף מיט אויסגעשפּרייטע אָרעמס יעדן פּאָליטיש־געררודפֿטן. אונדזער קאָנסטיטוציע זאָגט אין אַרטיקל אַזאַ און אַזאַ...

דאָ האָט ער ציטירט דעם וועךטלעכן אינהאַלט פֿון דער סאָוויע־טישער קאָנסטיטוציע, וועלכע זאָגט אין ארטיקל אַזאַ און אַזאַ, אַז אַלע קרבנות פֿון פּאָליטישע פֿאַרפֿאָלגונגען קענען געפֿינען אין ראַטן־פֿאַרבאַנד אַן אַנטרינונג־פּלאַץ פֿאַר זיך...

— פֿאַרוואָס זאָלט איר אַוועקפֿאָרן קיין אויסלאַנד? — האָט ער זיך נישט געקענט באַרואיקן — פֿאַרוואָס זאָלט איר אַנטלויפֿן פֿון אײַערע פֿרויען און קינדער? בלײַבט דאָ, אַרבעט מיט אונדז! מיר פֿרעגן אײַך נישט וועך איר זענט. מיר פֿרעגן נישט בײַ אײַך קיין פּאָליטישן פּאַספּאָרט. איך פֿאַרשטיי, אַז איר זענט געווען בורזשואַזע שרײַבער. אָבער דאָס האָט איצט גאָרנישט צום ענין. אויב איר וועט נאָר לאָיאַל אַרבעטן, וועט איר ווערן אַנדערש...

— אָבער, יאָ — האָט עמעץ פֿון אונדז אַרײַנגעוואָרפֿן אומדרייסט— ווער ווייסט, צי מיר וועלן ווירקלעך געפֿינען פֿאַר זיך אַנטשפּרעכנדיקע אַרבעט...

—אויב די היגע סביבה וועט אײַך נישט אַנטשפּרעכן, וועט איר זיך קענען צוריקפֿאָרן קיין וואַרשע. דאָרט איז דאָך אײַער היים, דאָרט זײַנען דאָך אײַערע פֿאַמיליעס — דאָרט וועט איר זיכער זיך קענען אַרײַנפּאַסן אין די נײַע באַדינגונגען...

מיר האָבן זיך מיט פּרילוצקין איבערגעקוקט אַביסל צעמישט. מיר האָבן נישט פֿאַרשטאַנען וואָס ער רעדט. צוריק קיין וואַרשע? צי ווייסט ער נישט, אַז וואַרשע האַלט זיך מיט די לעצטע כּוחות, אַז אָט־אָט וועט וואַרשע אַרײַנפֿאַלן אין היטלערס הענט? וועגן וואָסערע אַרבעט־מעגלעכקייטן פֿאַר אונדז אין וואַרשע רעדט ער?

— ווי אַזוי וועלן מיר קענען פֿאָרן קיין וואַרשע? — האָבן מיר טאַקע הויך געפֿרעגט — וואַרשע איז דאָך באַלאַגערט דורך די דײַטשן און וועט אַרײַנפֿאַלן אַ ליאַדע טאָג צו זיי אין די הענט!

טאָוואַרישטש יעמיעץ האָט זיך געהיימניספֿול צעשמייכלט.

— אין 5 טעג אַרום באַקומט איר פֿון מיר אַ רײַזע־פּאַפּיר קיין וואַרשע!... אין 5 טעג אַרום וועט וואַרשע זײַן אין אונדזערע הענט!...

נאָך מאָלאָטאָווס לעצטער רעדע, האָט טאָוואַרישטש יעמיעצס מעלדונג מיך אַביסל דערשטוינט. אָבער אין אַ ווינקל פֿון מוח האָט זיך געגומען פּלאָנטערן אַ געדאַנק: „און אפֿשר? און אפֿשר פֿאָרט?"...

—איר זענט זיכער דערין? — האָב איך ריזיקירט אַ פֿראַגע.

— זיכער! — האָט טאָוואַרישטש יעמיעץ געזאָגט זייער ערנסט. — מיר וועלן נאָך זײַן אין בערלין אויך! דער רויטער „פֿלאַג" (פֿאָן) וועט נאָך פֿלאַטערן איבער דער גאַנצער וועלט!

איך בין אַרויס פֿון רעגירונגס־הויז מיט געמישטע געפֿילן. צום טאָוואַרישטש יעמיעץ האָב איך געפֿילט סימפּאַטיע. זײַנע ווערטער וועגן די גוטע באַדינגונגען אין ראַטן־פֿאַרבאַנד, וועגן דער טאָלעראַנץ צו מענטשן, וועגן דער הומאַניטאַרישקייט פֿון דער סאָוויעטישער קאָנסטיטוציע זײַנען געווען אַזוי אויפֿריכטיק־געמיינט, אַז מען האָט געמוזט ליב־באַקומען דעם דאָזיקן מענטש פֿון דער ערשטער מינוט אָן. אָבער גלײַכצײַטיק האָב איך געהאַט מיטגעפֿיל צו אים טאַקע צוליב אָט דעם גלויבן זײַנעם. צי זעט ער דען נישט, אַז דאָס אַלץ אין וואָס ער גלויבט, איז אין דער סאָוויעטישער ווירקלעכקייט נישטאָ? צי זעט ער נישט, אַז דאָס אַלץ איז דערווײַל בלויז אין דער קאָנסטי־טוציע, אָבער עס פֿעלט אין רעאַלן לעבן?

אפֿשר אים פֿרעגן, פֿאַרוואָס מען האָט נישט אַרײַנגעלאָזן קיין סאָוויעט־רוסלאַנד די העלדישע קעמפֿער פֿון שפּאַניע, אויב אַזאַ און אַזאַ פּאַראַגראַף פֿון דער סאָוויעטישער קאָנסטיטוציע רעדט אַזוי וואַרעם וועגן פּאָליטישע פֿאַרפֿאָלגטע? אפֿשר אים פֿרעגן, פֿאַרוואָס מען אַרעסטירט אין ראַטן־פֿאַרבאַנד אַזויפֿיל אומשולדיקע מענטשן — פּאָליטיקער, שרײַבער, געלערנטע — אויב מען האָט דאָרטן רעספּעקט פֿאַר יעדן טוער אויפֿן געביט פֿון קולטור, וויסן און ליטעראַטור? אפֿשר אים אָנרופֿן עטלעכע נעמען פֿון פֿאַרשוואונדענע אידישע און נישט־אידישע סאָוויעטישע שרײַבער, וועגן וועמענס לאָיאַליטעט צום ראַטן־פֿאַרבאַנד עס איז שווער צו צווייפֿלען?

אונדזערע וואַקלענישן און צווייפֿלען האָבן אַזוי געדויערט ביזן 22טן סעפּטעמבער. יענעם טאָג, דעם זעקסטן טאָג פֿון דער באָלשע־וויסטישער הערשאַפֿט אין גאַליציע — עס איז געווען פֿרײַטאָג, און די אידן פֿון שטעטל האָבן זיך געשמאַק געגרייט צום פֿאַרשטייענדיקן יום־כּיפּור — האָט דער סאָוויעטישער ראַדיאָ געגעבן אַ קאָמוניקאַט, אַז די סאָוויעטישע און דײַטשע רעגירונגען זײַנען פֿרײַנטלעך אַדורכ־געקומען צווישן זיך און אײַנגעשטעלט אַ דעמאַרקאַציע־ליניע צווישן דער סאָוויעטישער אַרמיי און היטלערס אַרמיי. עס איז דערבײַ גע־מאָלדן געוואָרן, אַז די ליניע וועט זיך ציען לענג־אויס די טײַכן — פֿון צפֿון צו דרום — נאַרעוו, בוג, ווײַסל און סאַן.

קלאָר, אונדזער טאָוואַרישטש יעמיעץ איז נישט געווען אינ־פֿאָרמירט וועגן דעם, וואָסערע כּוונות עס האָט געהאַט סטאַלין מיט זײַן מאַרש קיין פּוילן! קלאָר, סטאַלין האָט נישט געמיינט אָפּצונאַרן היטלערן, ווען ער האָט דורך זײַן אויסערן־קאָמיסאַר מאָלאָטאָוו גע־שלאָסן מיט היטלערן דעם ערשטן אָפּמאַך, אַז „דײַטשלאַנד און דער ראַטן־פֿאַרבאַנד שטימען אײַן אָפּצוהאַלטן זיך פֿון אָנגרייפֿן איינער דעם צווייטן סײַ אינדיווידועל, סײַ צוזאַמען מיט אַנדערע מלוכות“;

קלאָר, סטאַלין האָט עס געמיינט ערנסט, ווען ער האָט געזאָגט אין יענעם אָפּמאַך, אַז מעגלעכע קאָנפֿליקטן צווישן ראַטן־פֿאַרבאַנד מיט היטלער־דײַטשלאַנד וועלן דערליידיקט ווערן פֿרידלעך, דורך אונטער־האַנדלונגען. וואָלט נאָר היטלער געוואָלט האַלטן דעם אָפּמאַך ביזן סוף...

עס איז שווער געווען צו פֿאַרדײַען דעם געדאַנק, אַז היטלער איז סטאַלינס אַ פֿאַרבינדעטער. אָבער — דאָס איז געווען דער טרויעריקס־טער פֿאַקט פֿון אַלע טרויעריקע פֿאַקטן, פֿאַר וועלכע סטאַלין האָט אין משך פֿון אַלע יאָרן געשטעלט די וועלט. יאָ, היטלער און סטאַלין גייען האַנט בײַ האַנט! יאָ, היטלער און סטאַלין האָבן אָפּגעמאַכט צווישן זיך דעם 21טן אויגוסט, מיט אַ חודש צוריק, ווי אַזוי צו באַפֿאַלן און צעטיילן פּוילן גראָד דאַן, ווען דאָס דאָזיקע אומגליקלעכע לאַנד, געפֿירט יאָרנלאַנג דורך זײַן רעגירונג אויף פֿאַלשע וועגן, האָט אונ־טערן דרוק פֿון די אייגענע מאַסן זיך אַנטשלאָסן אָפּפֿערוויליק און מוטיק צו שטעלן היטלערן אַ ווידערשטאַנד אין די אינטערעסן פֿון אַלע פֿרײַהייט־ליבנדיקע מענטשן.

צומאָרגנס, יום־כּיפּור, האָבן מיר אָפּגעהאַלטן אַן אַסיפֿה און מיר האָבן ווידער באַשלאָסן צו גיין צום טאָוואַרישטש יעמיעץ נאָך אַ דערלויבעניש אַרויסצופֿאָרן קיין אויסלאַנד. וואָס האָט אונדז איצט געקענט האַלטן אונטער דער סאָוויעטישער הערשאַפֿט? וואָס בלײַבט אונדז צו טאָן? אויסער דעם „אָפֿיציעלן" קאָמוניסטישן טעראָר, וועלכן מען האָט געקענט דערוואַרטן די נאָענטסטע וואָכן (ער איז געקומען פֿיל פֿריער), וועט יעדער פֿון אונדז נאָך מוזן זײַן אַן עדות פֿון דער סטאַלינישער שותּפֿות מיט היטלערן און — שווײַגן. קענענ־דיק גוט די סאָוויעטישע פּראַקטיק פֿון די לעצטע 20 יאָר, האָב איך פֿאַרשטאַנען, אַז יעדער איינער פֿון אונדז וועט פֿריער צי שפּעטער געשטעלט ווערן אין דער לאַגע, אַז ער וועט, אָדער דאַרפֿן אָפּגעבן אַ דערקלערונג וועגן דער ריכטיקייט פֿון דער איצטיקער סאָוויעטישער אויסערן־פּאָליטיק אָדער — ער וועט דאַרפֿן אַוועקגיין אין אַ סאָוויע־טישער תּפֿיסה.

פֿאַרשטייט זיך, עס וואָלט געקענט זײַן — און עס האָט געדאַרפֿט זײַן — נאָך אַ דריטער אויסוועג: נישט זײַענדיק מסכּים אויפֿן קורס פֿון דער סאָוויעטישער פּאָליטיק, צו קענען פֿונדעסטוועגן געניסן אין סאָוויעט־רוסלאַנד פֿון אַזיל־רעכט. די ראַטן־רעגירונג וואָלט דאָך גוט געקענט פֿאַרשטיין, אַז די פּליטים פֿון פּוילן, אויב זיי זײַנען אַפֿילו נישט קיין חסידים פֿון סאָוויעטישן אָפּמאַך מיט היטלערן, וועלן אונ־טער דער סאָוויעטישער אָקופּאַציע דאָך נישט וואַגן אַרויסצוטרעטן קעגן דער סאָוויעטישער מאַכט.

יאָ, אַזאַ אויסוועג וואָלט געווען מעגלעך, אָבער — נישט בייַ די באָלשעוויקעס. ריינער הומאַניטאַריזם, רעספּעקט פאַר קרבנות פון היטלערס אַגרעסיע, אַזיל־רעכט פאַר גערודפטע פון פאַשיזם — דאָס אַלץ זייַנען זאַכן, וואָס זייַנען פאַרשריבן אין די פאַראַגראַפן פון דער סאָוויעטישער קאָנסטיטוציע אויף אָפּצונאַרן די יעמיעצעס, אָבער איר וועט דאָס אַלץ אומזיסט זוכן אין דער ביז־איצטיקער סאָוויעטישער ווירקלעכקייט.

## 3

## מען וויל אונדז שיקן קיין קיעוו

די דעלעגאַציע צום טאָוואַרישטש יעמיעץ איז באַשטאַנען פון דיזעלבע צוויי פּערזאָנען, וואָס די ערשטע דעלעגאַציע: פּרילוצקי און איך.

ווידער האָבן מיר אַדורכגעמאַכט די זעלבע פּראָצעדור, וואָס מיט עטלעכע טעג צוריק: אַן אויספאָרשונג פון דער רויטער מיליץ בייַם אַרייַנגאַנג, אַ צווייטע אויספאָרשונג פון אַ סאָוויעטישער וואַך אינעווייניק, אַ דריטער פאַרהער הינטער דער סאַמע טיר, און ענדלעך — די ברונעטע שיינע אידישע פרייַלין, וועלכע האָט דערפילט דעם אַמט פון יעמיעצס סעקרעטאַרין.

דאָסמאָל איז יעמיעץ אַרייַן מיט אונדז אין שכנותדיקן ליידיקן צימער. פון זייַנע ערשטע ווערטער איז געווען קלאָר, אַז ער האָט שוין אויך דערהאַלטן די ידיעה וועגן דער פרידלעך־אייַנגעשטעלטער סאָוויעטיש־היטלערישער דעמאַרקאַציע־ליניע. גלייַכצייַטיק איז אונדז אָבער באַלד פון זייַנע ערשטע ווערטער אויך געוואָרן קלאָר, אַז ער מאַכט אַ געאָגראַפישן טעות. ער האָט, זעט אויס, געזוכט וואַרשע אויף דער מאַפּע, און זעענדיק, אַז וואַרשע ליגט האַרט אויף דער ווייַסל־ליניע, האָט ער געמיינט, אַז די דאָזיקע שטאָט ליגט אויף דער זייַט ווייַסל, וואָס וועט בלייַבן בייַ די סאָוויעטן.

— זעט איר! — האָט ער אָנגעהויבן דעם געשפּרעך אַן אויפגעהייטערטער — איך האָב אייַך געזאָגט, אַז איר וועט אין עטלעכע טעג אַרום קענען פאָרן קיין וואַרשע? הא, האָב איך געהאַט רעכט? איר ווייסט שוין די לעצטע נייַעס?

מיר האָבן אים געענטפערט, אַז טאַקע וועגן דעם זייַנען מיר געקומען. דערבייַ האָבן מיר אים אויפגעקלערט, אַז ער האָט אַ טעות, ווייַל לויט דער געאָגראַפישער לאַגע וועט וואַרשע איבערגיין צו היטלערן און בלויז אַ קליינער טייל פון וואַרשע — די פאָרשטאָט

פראַגע, וואָס ליגט אויפֿן מזרח־ברעג פֿון דער ווייַסל — וועט זיך געפֿינען אונטער דער באַלשעוויסטישער הערשאַפֿט.

קיין ספּעציעלן איינדרוק האָבן אונדזערע ווערטער אויף אים נישט געמאַכט.

— טאָ וואָס־זשע ווילט איר? — האָט ער געזאָגט, ווי קיינמאָל גאָרנישט.

מיר האָבן איבערגעחזרט אונדזער בקשה פֿון פּאָר עטלעכע טעג צוריק.

— מעגלעך — האָבן מיר צוגעגעבן — אַז איר ווילט נישט, אָדער איר קענט עס נישט נעמען אויף זיך, בעטן מיר אייַך, איר זאָלט אַוועק־שיקן וועגן דעם אונדזערע אַ דעפּעשע צו מאָלאָטאָוון...

מיר האָבן אַוועקגעלייגט אויפֿן טיש אַ טעקסט פֿון אַ דעפּעשע, וואָס מיר האָבן מיט זיך מיטגעבראַכט. אין דער דעפּעשע האָט זיך געשריבן, אַז אַ גרופּע שרייַבער, וועלכע זייַנען אַנטלאָפֿן פֿון היטלערן, בעטן אַ דערלויבעניש אַרויסצופֿאָרן קיין אויסלאַנד. אונטער דער דע־פּעשע האָבן מיר אונטערגעשריבן דרייַ נעמען: פֿאָרזיצער פֿון אידישן פּען־קלוב אין פּוילן (נח פּרילוצקי), פֿאָרזיצער פֿון אידישן ליטעראַטן־פֿאַריין אין וואַרשע (ברוך שעפֿנער) און וויצע־פֿאָרזיצער פֿון דער אידישער סעקציע פֿון וואַרשעווער זשורנאַליסטן־סינדיקאַט (פּ. שוואַרץ). סוף־כּל־סוף — האָבן מיר געחשבונט — וועט מען אין קרעמל אַ מאַך־טאָן אויף אונדז מיט די הענט: זיי ווילן אַרויספֿאָרן? זאָלן זיי פֿאָרן!

ליידער האָט אויף אונדז געוואַרט אַן אַנטוישונג. דער סאָוויעטי־שער פֿאָרשטייער האָט אויפֿמערקזאַם איבערגעלייענט די דעפּעשע און אַ זאָג געטאָן:

— נו, גוט, איך וועל אַוועקשיקן די דאָזיקע דעפּעשע, אָבער נאָך נישט איצט. עס מוז נאָך דויערן: סייַ דער טעלעגראַף און סייַ דער טעלעפֿאָן זייַנען דערווייַלע נישט טעטיק.

מיר האָבן זיך שוין געקליבן אַוועקצוגיין, ווי ער האָט זיך ווידער אָפּגערופֿן:

— וואָס הערט זיך בייַ אייַך מיט געלט? מיט שפּייַז? זאָגט מיר, וועל איך אייַך באַזאָרגן...

מיר האָבן געדאַנקט.

— אויף עטלעכע טעג האָבן מיר נאָך אַלץ. מיר קענען וואַרטן!

ווידער האָבן מיר זיך גענומען געזעגענען. אָבער טאָוואַרישטש יעמיעץ האָט אונדז ווידער פֿאַרהאַלטן:

— איך האָב פֿאַר אײַך אַ פֿאָרשלאַג — האָט ער דערקלערט — איך וועל פֿאַר אײַך מאַכן אַן אויסנאַם און אײַך אַרויסגעבן אַ „פּראָ־פּוסק” קיין סאָוויעט־אוקראַינע. פֿאָרט אַלע אַריבער קיין קאַמיעניעץ־פּאָדאָלסק. וואָס וועט איר זיך דאָ וואַלגערן? אין קאַמיעניעץ־פּאָדאָלסק האָט איר טעלעפֿאָן און טעלעגראַף, ס׳וועט אײַך זײַן לײַכט זיך צו פֿאַרבינדן פֿון דאָרטן מיטן קיעווער שרײַבער־פֿאַריין. מען וועט אײַך זיכער אײַנלאַדן קיין קיעוו און פֿון דאָרט וועט איר אויך קענען רעדן מיט מאָלאָטאָוון דורכן טעלעפֿאָן, אָדער אַוועקשיקן אײַער דעפּעשע צו אים. איר וועט זײַן די געסט פֿון די קיעווער שרײַבער און מסתּמא וועט מען אײַך אײַנלאַדן קיין מאָסקווע אויך. איר וועט זיך באַקענען מיט אונדזער לאַנד און מיט אונדזערע שרײַבער.

יעדעס וואָרט, וואָס ער האָט געזאָגט, האָט געקלונגען וואָר און אויפֿריכטיק. דאָך האָט מיך אין איצטיקן צושטאַנד נישט געלאָקט אַזאַ רײַזע.

— מיר קענען זיך נישט דערלויבן אַזאַ ווײַטע רײַזע — האָבן מיר געפּרוּווט אויסמײַדן דעם פּראָיעקט — מיר האָבן נישט גענוג געלט דערויף.

— געלט? צו וואָס דאַרפֿט איר געלט? באַן־בילעטן וועל איך אײַך געבן און אין קיעוו וועט איר נישט דאַרפֿן קיין געלט. איר וועט דאָרטן זײַן די געסט פֿון אונדזער שרײַבער־פֿאַריין!

עס איז ווירקלעך געווען זייער ליבנסווירדיק. נישט געקוקט דערויף האָבן מיר ווײַטער זיך נישט געוואָלט בינדן.

— גוט — האָט געענטפֿערט נח פּרילוצקי — מיר וועלן צוזאַמענ־רופֿן אונדזער גרופּע און זיי פֿאָרשטעלן אײַער פֿאָרשלאַג. די תּשובֿה וועלן מיר אײַך איבערגעבן מאָרגן!

מיר האָבן ווירקלעך גערופֿן אַן אַסיפֿה פֿון אונדזער עולם און מיר האָבן געשטעלט צו דיסקוסיע דעם פֿאָרשלאַג פֿון טאָוואַרישטש יעמיעץ. כּמעט קיינער האָט נישט געהאַט קיין חשק צו פֿאָרן. דער הויפּט־מאָטיוו איז געווען: וואָס ווייסן מיר, וואָס מען קען נאָך מיט אונדז דאָרט מאַכן?...

כּמעט יעדן טאָג זײַנען מיר געווען בײַם קאָמיסאַר יעמיעץ, אָבער פֿון אַלע אונדזערע פּלענער איז גאָרנישט געוואָרן. די אײַנלאַדונגען קיין קיעוו און מאָסקווע האָבן מיר נישט אָנגענומען, אָבער — מיר האָבן זיך אויך געמוזט אָפּזאָגן פֿון אונדזער פּלאַן אַרויסצופֿאָרן קיין אויסלאַנד.

עס איז בײַ אונדז צום סוף באַשלאָסן געוואָרן צו פֿאַרלאַנגען פֿון קרײַז־קאָמיסאַר יעמיעץ, ער זאָל אונדז אָפּשיקן קיין ווילנע. אויב בלײַבן אויף דער טעריטאָריע, וואָס איז איצט אונטער דער הער־

שאַפֿט פֿון דער סאָוויעטישער מאַכט, האָט דאָך יעדנפֿאַלס נישט קיין זין צו בלײַבן אין קאָפּיטשיניעץ. אין ווילנע פּולסירט אַ רײַך אידיש לעבן, דאָרטן איז פֿאַראַן אַ גרויסע אידישע קולטור־באַוועגונג און דאָרט געפֿינט זיך דער אידישער וויסנשאַפֿטלעכער אינסטיטוט.

אונדזער פֿערטער וויזיט בײַם קאָמיסאַר יעמיעץ איז געגאַנגען אונטערן צייכן פֿון זאַכלעכע אונטערהאַנדלונגען. דער קאָמיסאַר האָט גענומען צו קענטיניש אונדזער באַשלוס נישט צו פֿאָרן קיין קיעוו, נאָר קיין ווילנע. ער האָט אָן שום באַוואָרענישן צוגעזאָגט אונדז אָנ־צושרײַבן אַ רײַזע־דערלויבעניש. ער האָט אויך אָנגענומען אָן שום ווידערשטאַנד אונדזער פֿאָרשלאַג, אַז ער זאָל שטעלן אין אונדזער רשות איינעם פֿון די גרויסע אויטאָבוסן, וואָס זײַנען געבליבן שטעקן אין שטעטל. אַ מיינונגס־פֿאַרשידנהייט איז בלויז אַנטשטאַנען איבער דער פֿראַגע, צי מיר באַקומען דעם אויטאָבוס ביז ווילנע, אָדער בלויז ביז טאַרנאָפּאָל.

מיר האָבן פֿאָרגעשלאָגן אַזוי:

מיר ווילן אויסזוכן אין שטאָט אַ שאָפֿער, וועלכער וועט מיטפֿאָרן מיט אונדז ביז ווילנע, און דאָרטן ווילן מיר אָפּגעבן דעם אויטאָבוס דער סאָוויעטישער מאַכט. די באַן־וועגן זײַנען נאָך אינגאַנצן דעזאָרגאַ־ניזירט. אין גאַליציע האָבן נאָך אינגאַנצן נישט קורסירט קיין באַנען. מיר זײַנען געווען זיכער, אַז די זעלבע לאַגע ווילן מיר טרעפֿן אין וואָלין און ווײַסרוסלאַנד. ווען מיר וואָלטן באַקומען איינעם פֿון די דערמאָנטע אויטאָבוסן, וואָלטן מיר אָן קאָפּ־ברעכעניש זיך געקאָנט דערשלאָגן קיין ווילנע. וואָס שייך דעם אויטאָבוס, וואָלט ער סײַ־ווי געבליבן אין סאָוויעטישע הענט. וואָס וואָלטן מיר מיט אים געקענט טאָן? מיר וואָלטן אים דאָך נישט אויפֿגעגעסן! די ווילנער סאָוויעטישע מאַכט וואָלט אים בײַ אונדז אָפּגענומען און פֿאַרטיק!

קאָמיסאַר יעמיעץ האָט נישט מסכּים געווען אויף אונדזער פּראָ־יעקט. ער האָט דערקלערט, אַז די אויטאָבוסן, וואָס זײַנען געבליבן שטיין בעת די קריגס־אָפּעראַציעס בײַ קאָפּיטשיניעץ, געהערן צו דער דאָזיקער שטאָט, און ער קען אונדז דעריבער נישט געבן קיין אוי־טאָבוס אַזש ביז ווילנע. דאַקעגן האָט ער יאָ אויסגעדריקט זײַן גרייט־קייט אונדז צו געבן דעם אויטאָבוס — און גאַזאָלין, פֿאַרשטייט זיך — ביז טאַרנאָפּאָל.

— און וואָס ווילן מיר טאָן מיט אונדזער ווייטערדיקע רײַזע? — האָבן מיר געפֿרעגט.

— איר וועט פֿאַרלאַנגען פֿון אונדזער טאַרנאָפּאָלער קרײַז־קאָמי־סאַר, ער זאָל מיט אײַך טאָן דאָס זעלבע, וואָס איך! ער וועט אײַך וואַר־

שײַנלעך אויך געבן אַן אויטאָ ביז אַ צווייטער שטאָט. אַזוי אַרום וועט איר דערפֿאָרן ביז ווילנע!

מיר האָבן מסכּים געווען. עס איז געבליבן, אַז מיר באַקומען פֿון דער מאַכט אַ שאָפֿער און אַ באַגלייטונג פֿון מיליציאָנערן. אונדז האָט מען געזאָגט, אַז מען גיט אונדז די באַוואָפֿנטע באַגלייטונג, ווײַל אין די וועלדער אָפּערירן אוקראַאינישע פֿאַשיסטישע פּאַרטיזאַנער־גרופּן — דאָס איז געווען אמת! אָבער אַ טייל פֿון אונדז האָט געהאַט דעם אײַנדרוק, אַז נישט צוליב דעם גיט מען אונדז אַ באַוואָפֿנטע באַגלייטונג. מיר האָבן געהאַלטן, אַז קאָמיסאַר יעמיעץ וויל זיך באַוואָרענען, מיר זאָלן, חלילה, נישט פֿאַרכאַפּן דעם אויטאָבוס מיט גוואַלט פֿאַר אונדזער ווײַטערדיקער רײַזע.

באַלד אויפֿן אָרט איז אַרויסגעגעבן געוואָרן אַ באַפֿעל אונדז אויסצושרײַבן אַן אָפֿיציעלע רײַזע־דערלויבעניש. מיר האָבן בשותּפֿות רעדאַגירט דעם טעקסט פֿון דער דערלויבעניש אין דער רוסישער שפּראַך — שפּעטער האָט מען עס איבערזעצט אויף אוקראַאיניש. אין דער דערלויבעניש איז געווען געשריבן, אַז די אויסגערעכנטע וואַרשעווער אידישע שרײַבער פֿאָרן מיט דעם הסכּם פֿון דער קאַפּיטשינצער סאָוויעטישער מאַכט קיין ווילנע. אויפֿן דאָקומענט האָט יעמיעץ שפּעטער אָנגעשריבן אייגנהענטיק, אַז די מאַכט־אָרגאַנען ווערן געבעטן אונדז צו מאַכן פֿאַרשידענע מעגלעכע פֿאַרלײַכטערונגען אין וועג.

איינער פֿון די אוקראַאינישע שטעטלדיקע יוגנטלעכע, וואָס האָט געאַרבעט אין דער קאַנצעלאַריע, האָט דאַן גענומען איבערזעצן דעם דאָקומענט פֿון רוסיש. די מעשׂה איז אָבער געווען, וואָס דער בחור האָט נישט פֿאַרשטאַנען קיין רוסיש, נאָר פּויליש. כּדי ער זאָל קענען איבערזעצן דעם דאָקומענט פֿון רוסיש, האָט מען געדאַרפֿט עס אים אויסטייטשן אויף פּויליש. מיינענדיק, אַז קיינער וועט נישט וויסן וואָס ער שרײַבט אָן אויף אוקראַאיניש, האָט דאַן דאָס אוקראַאינישע בחורל — איינער פֿון די פֿיל אוקראַאינישע אַנטיסעמיטישע פֿאַשיסטן, וואָס האָבן זיך דורך אַלע אָפֿענע טירן אַ שאַר געטון צום סאָוויעטישן מאַכט־אַפּאַראַט — געפּרוּווט פֿאַרערגערן דעם טעקסט פֿון דעם דאָקומענט. ווען דער קאָמיסאַר יעמיעץ האָט אויף אונדזער בקשה אים באַפֿוילן צו מאַכן אַ פּינקטלעכע איבערזעצונג פֿונם דאָקומענט, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז נאָכן איבערשרײַבן אויף דער מאַשין, מוז דער דאָקומענט בלײַבן ביז מאָרגן אין דער קאַנצעלאַריע, ווײַל דער קאָמיסאַר איז דערווײַל געהאַט אַוועק אויף עטלעכע שעה.

עס איז געבליבן, אַז מיר באַקומען דעם דאָקומענט צומאָרגנס, מיטוואָך, דעם 27טן סעפּטעמבער. גלײַכצײַטיק האָט צומאָרגנס פֿרי געזאָלט זײַן פּאַרטיק פֿאַר אונדז אויך דער אויטאָבוס.

מיר זײַנען יענעם פֿאַרנאַכט געווען אין אַ גוטן הומאָר. מיר זײַנען געווען זיכער, אַז צומאָרגנס וועלן מיר שוין זײַן אויפֿן וועג קיין ווילנע. מיר האָבן פֿאַרשטאַנען, אַז מיר וועלן, פֿאַרנדיק קיין ווילנע, טרעפֿן אויפֿן וועג פֿיל וואַרשעווער באַקאַנטע און אפֿשר אַפֿילו גאַנץ נאָענטע מענטשן, פֿון וועלכע מיר וועלן זיך דערוויסן עפּעס נײַעס וועגן אונדזערע פֿאַמיליעס, פֿריינט, קאָלעגן פֿון די רעדאַקציעס, פּאַרטיי־חברים א. אַ. וו.

דער שטן האָט אָבער געוואָלט, אַז מיר זאָלן נאָך האָבן אויסצושטיין אַ היפּש ביסל פֿאַרדרוס אין דאָזיקן שטעטל. דער שטן האָט דאָסמאָל גענומען אויף זיך די געשטאַלט פֿון אַ שיינער אידישער פֿרײַלין, דער סעקרעטאַרין פֿון קאָפּיטשינצער קאָמיסאַר.

עס האָט זיך פֿאַרקאָכט קעגן אונדז אַ גאַנצע אינטריגע. אַ געוויסע ראָל האָבן דאָ געשפּילט קרעמער־שפּעקולאַנטן — יאָ, שטעלט זיך פֿאָר: שפּעקולאַנטן!

איך זע די שטוינענדיקע אויגן פֿון לעזער. די דאָזיקע שורות קלינגען אַזוי געהיימניספֿול ווי אַרויסגענומען פֿון אַ קרימינעלן ראָמאַן. וויל איך טאַקע דעם לעזער פֿאַרזיכערן, אַז ער האָט נישט קיין טעות. עס איז טאַקע געווען אַ קרימינעלע געשיכטע.

## 4

## שפּעקולאַנטן האָבן אונדז באַזיגט

מיטוואָך, דעם 27־טן סעפּטעמבער אינדערפֿרי, בין איך מיט פּרילוצקין אַוועק נאָכן „פּראָפּוסק". אַלע קאָלעגן האָבן זיך גענומען פּאַקן אין וועג אַרײַן. אין פֿיל הײַזער, וואו מיר האָבן געוואוינט די לעצטע 10 טעג, האָט מען פּשוט געטרויערט צוליב אונדזער אָפּפֿאָר.

—בלײַבט כאָטש איבער שבת! — האָט מען זיך בײַ אונדז געבעטן.

מיר האָבן אָבער נישט געוואָלט פֿון גאָרנישט הערן:

—ווי נאָר מען גיט אונדז הײַנט דעם אויטאָבוס, פֿאָרן מיר!

אַרום עלף פֿרי האָבן מיר שוין געהאַט אין האַנט די רײַזע־דערלויבעניש מיט דער אונטערשריפֿט פֿון קאָמיסאַר יעמיעץ. עס איז אונדז אָבער געוואָרן אויפֿפֿאַלנדיק, וואָס מען האָט אונדז דאָסמאָל נישט אַרײַנגעבעטן צום קאָמיסאַר, נאָר מען האָט אונדז אַרויסגעבראַכט די דערלויבעניש אין קאָרידאָר אַרײַן.

— מיר ווילן זיך זען מיטן טאָווארישטש יעמיעץ! — האָבן מיר דערקלערט — אויסערן „פּראָפּוסק״ האָט ער אונדז הײַנט געזאָלט צושטעלן אַן אויטאָבוס פֿאַר אונדזער רײַזע!

אָבער עפּעס האָט מען אונדז נישט געגעבן קיין מעגלעכקייט דאָסמאָל אַרײַנצוקומען צום קאָמיסאַר. ווען עס איז אונדז געלונגען זיך צו דערשלאָגן צו דער טיר אויפֿן צווייטן שטאָק, האָבן מיר דאָרטן געהאַט אַזאַ „ברוך־הבא״, אַז מיר האָבן נישט פֿאַרשטאַנען, וואָס דאָ קומט פֿאָר.

דער רויט־אַרמייער, וועלכער איז געשטאַנען אויף דער וואַך, איז אַרײַן מעלדן וועגן אונדז. איך מיט פּרילוצקין זײַנען געבליבן שטיין אין קאָרידאָר. באַלד איז ער צוריק אַרויסגעקומען און בייזלעך אַ וואָרטשע־געטון:

— ניטאָ! *)

איך און פּרילוצקי האָבן זיך איבערגעקוקט. וואָס זאָל דאָס באַדײַטן? וואָס קען אַזאַ רויט־אַרמייער מיינען מיט אַזאַ לאַקאָנישן „ניעטו״? צי זאָל עס הייסן, אַז דער קאָמיסאַר איז נישטאָ אין דער קאַנצעלאַריע, אָדער גאָר — אַז מען וויל אונדז פּראָסט־פּשוט נישט אויפֿנעמען?

— ווען וועט ער זײַן? — פּרואוון מיר אַרויסקריגן אַ וואָרט.

— ניטשעוואָ ניע בודיעט! **) — ענטפֿערט דער רויט־אַרמייער מיט אַ בייזן מרוקע, ווי מיר וואָלטן געווען זײַנע פּערזענלעכע שונאים.

און באַלד גיט ער צו מיט אַ זייער האַרבן טאָן:

— אַטאַידי! ***)

— ס׳טײַטש? — טענהן מיר — וואָס מיינסטו דו דיר עפּעס? וואָס שרײַסטו צו אונדז „אַטאַידי!״? ווי קענען מיר אַוועקגיין, אַז מיר מוזן וואַרטן אויפֿן קאָמיסאַר יעמיעץ? נעכטן האָט ער אונדז געהייסן הײַנט קומען צו אים!

דער רויט־אַרמייער איז אַרײַן אין אַזאַ רוגזה, אַז ער האָט איבערגעבויגן די ביקס צו אונדז און אונדז גענומען שטויסן מיטן באַגנעט צו די שטיגן:

— אַטאַידי! איך האָב געזאָגט „אַטאַידי!״, דאַרפֿסטו אַוועקגיין, און — פֿאַרטיק!...

---

*) נישטאָ.

**) ס׳וועט גאָרנישט זײַן.

***) אַוועק!

מיר האָבן זיך גענומען שאַרן הינטער זיך און גלײַכצײַטיק פּראָ־טעסטירן קעגן טרײַבן אונדז אויף אַזאַ אופֿן.

זעט אויס, אַז מען איז אינעווייניק געוואָרן אויפֿמערקזאַם אויפֿן אַנטשטאַנענעם טומל, און די טיר האָט זיך געעפֿנט פֿון אינעווייניק. ווען מיר האָבן דערזען אין דער טיר דעם שיינעם קאָפּ פֿון דער אידישער סעקרעטאַרין פֿון טאָוואַרישטש יעמיעץ, האָבן מיר זיך דערפֿרייט, טראַכטנדיק, אַז ענדלעך וועט אַלץ אויפֿגעקלערט ווערן. מיר האָבן זיך אָבער ווידער אַנטוישט.

זי האָט אַרויסגעקוקט, געזען ווי דער רויט־אַרמייער שטופּט אונדז אַראָפּ פֿון די שטיגן מיטן באַגנעט און, לאָזנדיק הענגען אונ־דזערע אָפּגעריסענע ווערטער אינדערלופֿטן, האָט זי צוריקגעצויגן דעם קאָפּ און פֿאַרמאַכט די טיר הינטער זיך...

אויפֿגערעגטע און דעזאָריענטירטע זײַנען מיר אַראָפּ אין גאַס. מיר האָבן נישט געוואוסט בײַ וועמען צו זוכן אַן אויפֿקלערונג פֿון דער פּלוצלונגדיקער ענדערונג אין דער באַציאונג צו אונדז.

עס איז לײַכט זיך פֿאָרצושטעלן די שטימונג פֿון אונדזער גרופּע, ווען זי האָט זיך דערוואוסט, וואָס עס האָט זיך פֿאַרלאָפֿן. איינער פֿון אונדז איז געפֿאַלן אויף דער המצאה אויפֿצוזוכן דעם גאַראַזש, וואו עס שטייען אַלע אויפֿגעקליבענע אויטאָבוסן.

עס איז געווען אַ גוטער אײַנפֿאַל. דער גאַראַזש איז געווען נישט ווײַט. עפּעס אַ פּיפּיקער קראָקעווער יאַט האָט שוין געהאַט פֿון יעמיעצן די נאָמינאַציע אַלס שעף פֿון דאָזיקן גאַראַזש, אַן אַרבעטער פֿון דער גרויסער וואַרשעווער מעטאַל־פֿאַבריק „לילפּאָפּ" האָט גע־אַרבעט אַלס מעכאַניקער. ער האָט מיט נאָך 2-3 געהילפֿן פֿאַרריכט די אויטאָמאָבילן און זיי פֿאַרטיק געמאַכט צום באַנוצן.

ווען מיר זײַנען אַרײַנגעקומען אין גאַראַזש, האָבן זיי טאַקע זיך געפּאָרעט בײַ איינעם פֿון די גרויסע אויטאָבוסן פֿון דער ליניע „לאָדזש־לאָוויטש", וועלכן מיר האָבן געזאָלט קריגן.

— אָט פֿאַרריכט מען טאַקע אונדזער אויטאָבוס! — האָבן מיר זיך דערפֿרייט — ווען, הער אינזשיניער, וועט ער זײַן פֿאַרטיק צום פֿאָרן? מיר שטייען שוין מיט די פּעקלעך גרייט צום פֿאָרן!

דער „פּאַן אינזשינער", עפּעס אַ קראָקעווער לעב־יונג, וואָס איז, מסתּמא געווען אַזאַ אינזשיניער, ווי איך בין געווען אַ פּאָפּ, האָט אונדז קאַלט אָפּגעמאָסטן מיט זײַן פֿאַרזשמורעט אייגל און מער אַרויסגעפֿײַפֿט, ווי אַרויסגעזאָגט:

— פֿאַרטיק וועט עס זײַן אין אַ צוויי שעה אַרום, אָבער נישט איר וועט פֿאָרן, נאָר עמעץ אַנדערש...

— וואָס הייסט, נישט מיר? מיר האָבן דאָך נעכטן באַקומען אַ צוזאָג פֿון קאָמיסאַר יעמיעץ!

— אָבער מיר האָט ער הײַנט אַנדערש באַפֿוילן! אַז איר וועט ברענגען אַ פּאַפּיר פֿון אים, וועל איך אײַך אַרויסגעבען־דעם אויטאָבוס...

— אָט האָבן מיר דאָך אָקאָרשט באַקומען אַ „פּראָפּוסק" מיט אַלע אונדזערע נעמען און מיט אַ ווענדונג צו די מאַכט־אָרגאַנען אין אַלע אַנדערע שטעט אונדז מיטצוהעלפֿן אין אונדזער רײַזע!

— איך וויים נישט... איך האָב באַקומען אַ באַפֿעל אײַך נישט אַרויסצוגעבן דעם אויטאָבוס און פֿאַרטיק!...

— נאָר ווער האָט דען האָט מען אײַך באַפֿוילן אַרויסצוגעבן דעם אויטאָבוס? — איז אונדז אײַנגעפֿאַלן צו פֿרעגן.

דער נײַער „באָלשעוויסטישער" ספּעץ האָט אונדז אָנגעקוקט מעשה־יחסן, מיט גרינגשעצונג און גרויסהאַלטערײַ.

— סוחרים וועלן פֿאָרן קיין לעמבערג אײַנקויפֿן סחורה! — האָט ער געענטפֿערט מיט גדלות, ווי ער אַליין וואָלט עס געווען דער סאָוויעטישער קרײַז־קאָמיסאַר, וואָס האָט פֿאַרקאָכט די גאַנצע קאַשע.

ווען מיר האָבן שוין געהאַלטן בײַם אַוועקגיין, האָט אונדז דער „פּאַן אינזשיניער" געגעבן צו פֿאַרשטיין, אַז מיר האָבן נאָך נישט אַלץ פֿאַרלוירן. די נאָענטסטע טעג וועלן אַלע אויטאָבוסן זײַן פֿאַר־ריכט און דעמאָלט וועלן מיר קענען פֿאָרן, אָבער — פֿאַר געלט...

צוריקגייענדיק פֿון גאַראַזש, האָבן מיר געטראָפֿן נעבן דער גע־בײַדע פֿון דער אַמאָליקער סטאַראָסטווע דעם וויצע־קאָמענדאַנט פֿון דער שטעטלדיקער מיליץ, אַ אידישן קאָפּיטשינצער קאָמוניסט. ער האָט אונדז דערקלערט, אַז „די זאַך איז נאָך נישט קלאָר" — ער האָט געמיינט צו זאָגן, אַז מען ווייסט נאָך נישט ווער עס וועט טאַקע פֿאָרן מיטן ערשטן אויטאָבוס.

אין שטעטל האָט דערווײַל גענומען קאָכן מיט דער מעשה. פֿאַר־שידענע קאָמוניסטישע טוער פֿון שטעטל האָבן אונדז געגעבן צו פֿאַרשטיין, אַז דאָ קאָכט זיך עפּעס אַ מיאוסע אינטריגע און אַז מיר דאַרפֿן נישט אָפּטרעטן. קיינער האָט מיט אונדז נישט גערעדט קיין קלאָרע דיבורים. אַלץ האָט אויסגעזען זייער, זייער מאָדנע. עטלעכע קאָמוניסטן האָבן אונדז אַפֿילו געפּרוּווט איבערצײַגן, אַז די גאַנצע געשיכטע מיט די סוחרים איז אַן אַפֿערע, וואָס ווערט דורכגעפֿירט הינטער די פּלייצעס פֿון קרײַז־קאָמיסאַר יעמיעץ.

— וואָס הייסט אַן אַפֿערע? וועמענס אַפֿערע? — האָבן מיר נישט געקענט פֿאַרשטיין.

אונדזערע קאָמוניסטישע אינפאָרמאַטאָרן האָבן געהיימניספול געשמייכלט, געקוקט איינער אויפן צווייטן און... געשוויגן.

ענדלעך, האָט די רעטעניש זיך אויפגעקלערט. דער וויכטיקסטער קאָמוניסטישער טוער פון שטאָט — אַן אַרבעטס־מענטש, וואָס איז אָקאָרשט אַרויס פון דער טשאָרטקאָווער תּפיסה, וואו ער האָט געהאַלטן אין אָפּזיצן אַ 6־יאָריקן אורטייל פאַר קאָמוניסטישער טעטיקייט — האָט אויפגעזוכט בייַנאַכט פּרילוצקין און אים איבערגעגעבן, אַז ער און נאָך עטלעכע מענטשן האָבן געפּרואווט נישט דערלאָזן אונדז טאָן די עוולה, אָבער — „די אייַנפלוסן פון די שפּעקולאַנטן זייַנען לייַדער געווען שטאַרקער״. דאָס איינציקע, וואָס אים איז געלונגען צו דערגרייכן, איז געווען דאָס, אַז מיר וועלן באַקומען מאָרגן אָדער איבערמאָרגן אַ צווייטן אויטאָבוס. אָבער — יעדער וועט דאַרפן באַצאָלן זיבן רובל פאַר דער רייַזע ביז טאַרנאָפּאָל.

כּדי אויסצוטייַטשן, וואָס ער מיינט מיט די ווערטער וועגן אייַנפלוס פון די שפּעקולאַנטן און כּדי גלייַכצייַטיק אַראָפּצונעמען די פאַראַנטוואָרטלעכקייט פון דער אָרטיקער קאָמוניסטישער באַוועגונג, האָט דער דאָזיקער קאָמוניסט אָפן דערציילט די פּיקאַנטע געשיכטע, וואָס האָט זיך פאַרוויקלט אַרום אונדזער אויטאָבוס:

בייַ דער אָרטיקער נייַער מאַכט איז געשאַפן געוואָרן אַ ווירטשאַפטלעכער ראַט, וועלכער איז באַשטאַנען פון עטלעכע קאָמוניסטישע און קאָמוניזירנדיקע אינטעליגענטן, אַרבעטער און פּויערים. אָבער — דאָס האָבן מיר איבעריקנס געזען מיט אונדזערע אייגענע אויגן — די שטרענגסטע פאַראָרדענונגען פון ווירטשאַפטלעכן ראַט האָבן נישט געהאָלפן. די קרעמער האָבן נישט געוואָלט פאַרקויפן קיין שום זאַך, טענהנדיק, פאַרשטייט זיך, אַז אַלץ איז שוין אויספאַרקויפט.

— גראָד נעכטן — האָט יענער קאָמוניסט דערציילט — ווען דער קאָמיסאַר יעמיעץ האָט שוין געהייסן אויסשרייַבן פאַר אייַך דעם „פּראָפּוסק״, האָט זיך אַרייַנגעמישט זייַן סעקרעטאַרין, און אים גענומען איבערצייַגן, אַז מען דאַרף אייַך נישט געבן דעם אויטאָבוס, ווייַל איר זענט בורזשואַזע שרייַבער און „שונאים פון ראַטן־פאַרבאַנד״. זי האָט זיך פאַררופן אויף די קרעמער פון שטאָט, אַז ווען מען לאָזט זיי פאָרן קיין לעמבערג נאָך סחורה, וואָלטן זיי גלייַך באַזאָרגט די שטאָט מיט אַ גאַנצער רייע פּראָדוקטן. איז פאַרוואָס — האָט זי געזאָגט — זאָלן מיר פּטרן דעם איינציקן אויטאָבוס, וואָס מיר האָבן דערווייַלע? פאַרוואָס זאָלן מיר אים נישט אַוועקגעבן די סוחרים? זיי וועלן דאָך ברענגען סחורה!

אַזוי האָט די שײנע סעקרעטאַרין, די קאָמוניסטישע סטודענטין, אַגיטירט דעם קאָמיסאַר יעמיעץ, און ער, זײַענדיק אונטער איר אײַנפֿלוס, האָט נאָכגעגעבן. די טוער פֿון ווירטשאַפֿטלעכן ראַט זײַנען אַרײַן אין גרויס אויפֿרעגונג צוליב דעם. זיי האָבן געוואוסט, אַז די סוחרים פֿאָרן נישט נאָך סחורות, וואָס פֿעלן, נאָר צוליב שפּעקולאַציע. אָבער עס איז נישט געלונגען צו ענדערן דעם באַשלוס פֿון קאָמיסאַר יעמיעץ. די שײנע סעקרעטאַרין האָט אָפּערירט, ווי אַלע אין שטאָט האָבן געוואוסט, מיט פֿעסטערע אַרגומענטן, ווי לאָגיק און פּרינציפּן...

דאָס אַלץ איז נאָך אָבער גאָרנישט אַנטקעגן דעם סוף פֿון דער מעשה. עס שטעלט זיך דאָך אַ פֿראַגע, פֿאַרוואָס די שײנע קאָמוניסטישע סטודענטין האָט זיך אַזוי געריסן די פּאַלעס פֿאַר די סוחרים? צי איז זי געווען איבערגעקויפֿט? אָ, ניין! אַזוי פֿאַרדאָרבן איז זי נישט געווען. נישט מער, איר ברודער איז געווען דער גרעסטער סוחר פֿון שטאָט און דער איניציאַטאָר פֿון דער גאַנצער רײַזע. איז ווי טוט מען נישט אַ טובה אַן אײגענעם ברודער? בפֿרט, אַז קענען אים שטײען אַזעלכע טריפֿהנע „בורזשואַזע שרײַבער”?...

די דאָזיקע פֿרײַלין איז געווען די אײנציקע קאָמוניסטקע אין שטאָט, וואָס האָט געשטאַמט פֿון סוחרישע קרײַזן. די אינטעליגענטן און אַרבעטער האָט די מעשה אַרויסגעפֿירט פֿון די כּלים. זיי האָבן זיך געשעמט מיט זייער פּאַרטיי־חברטע, וועלכע האָט באַלד אין די ערשטע טעג פֿון מאַכט־דעראָבערונג נישט באַוויזן צו באַזיגן אין זיך דעם קלאַסן־אינסטינקט — דעם אינסטינקט פֿון איר קלאַס. לגבי אונדז האָבן די קאָמוניסטן זיך געפֿילט שולדיק.

— פֿאַר דרײַ פּערזאָן — האָט דער קאָמוניסטישער טוער, דער אינפֿאָרמאַטאָר אונדזערער, געמאָלדן פּרילוצקין — פֿאַר שעפֿנערן, פֿאַר אײַך און פֿאַר שוואַרצן איז מיר דאָך געלונגען אויסצוקעמפֿן אַ קאָנצעסיע. פֿון אײַך דרײַ וועט מען נישט נעמען קיין געלט פֿאַר אײַער רײַזע...

איך האָב מיך שפּעטער געטראָפֿן מיטן דאָזיקן מענטש און אים געדאַנקט פֿאַר זײַן אויפֿמערקזאַמקייט צו די דרײַ דערמאָנטע פּערזאָנען, אָבער איך האָב אין נאָמען פֿון אַלע דרײַ דערקלערט, אַז מיר זאָגן זיך אָפּ פֿון ספּעציעלע פּריווילעגיעס.

— מיר זײַנען דאָ נישט סתּם אַ גרופּע פּרײַנט — האָב איך אים דערקלערט — פֿיל מענטשן פֿון אונדזער גרופּע זײַנען נישט נאָר נישט מײַנע פּרײַנט, נאָר מײַנע אויסגעשפּראָכענע פּאָליטישע קעגנער. אָבער איצט פֿאָרן מיר ווי אַ געשלאָסענע גרופּע פֿון אַ פּראָפֿעסיאָנעלער אָרגאַניזאַציע. עס וואָלט געווען נישט עטיש, ווען אײנער פֿון אונדז

זאָל אָננעמען ספּעציעלע פּריווילעגיעס, וועלכע מען וויל די אַנדערע נישט געבן.

דער מענטש האָט פֿאַרשטאַנען, אַז איך בין גערעכט.

—דאָך — האָט ער געזאָגט — דאַרפֿט איר זיך נישט אָפּזאָגן פֿון דער מעגלעכקייט זיך אײַנצושפּאָרן די פּאָר זלאָטים; די מיטגלידער פֿון אײַער גרופּע וועלן עס זיכער פֿאַרשטיין!

איך האָב אים נאָכאַמאָל געדאַנקט און געבליבן בײַם אָפּזאָג.

—איך וויל איר זאָלט עס פֿאַרשטיין — האָט מיך אויפֿגעקלערט דער קאָמוניסט — אַז דאָס האָב איך געטון נישט צוליב מײַנע פּערזענלעכע סימפּאַטיעס צו אײַך דרײַ. איך האָב נישט פֿאַר אײַך דרײַ קיין שום ספּעציעלע סימפּאַטיעס. איך האָב בלויז געהאַנדלט אַזוי, ווי מײַן געוויסן האָט מיר דיקטירט. אויב איך קען נישט באַזײַטיקן די אַלגעמיינע עוולה, דאַרף איך פּשוט זאָרגן לכל־הפּחות פֿאַר די מיטגלידער פֿון יענע ריכטונגען, וועלכע האָבן די לעצטע יאָרן מיטגעאַרבעט מיט אונדז אויף אַ רייע געביטן: איר, בונדיסטן, האָט געאַרבעט מיט אונדז צוזאַמען אין די פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַריינען; פּרילוצקי איז געווען אַן אָנהענגער פֿון פֿאָלקס־פֿראָנט. דערמיט טײַטשט זיך אויס מײַן באַמיאונג פֿאַר אײַך דרײַ. איך האַלט, אַז דער זיגרײַכער אַרײַנמאַרש פֿון דער רויטער אַרמיי קיין פּוילן דאַרף נישט איבעררײַסן די פֿעדעם פֿון צוזאַמענאַרבעט, וואָס האָבן לעצטנס עקזיסטירט צווישן די פּראָלעטאַרישע ריכטונגען. פֿאַרקערט: איך האַלט, אַז איצט וועט זײַן נאָך נויטיקער ווי פֿריער אַזאַ צוזאַמענאַרבעט. מיר אַלע וועלן איצט דאַרפֿן לאָיאַל אײַנטיילן צווישן זיך די אַרבעט, וואָס וועט איצט זײַן צו טאָן. איך האָב נישט קיין סענטימענטן צום „בונד”. איך געדענק אַלץ, וואָס אײַער „פֿאָלקסצײַטונג” האָט וועגן אונדז געשריבן די לעצטע יאָרן. אָבער איך בין דאָך פֿאַר ווײַטערדיקער צוזאַמענאַרבעט. מײַן האַנדלונג איז געווען אַן אויסדרוק פֿון אָט דער באַציאונג מײַנער צו דעם, ווי אַזוי מיר דאַרפֿן זיך האַלטן אין דער נאָענטסטער צוקונפֿט...

איך ווייס נישט, צי דער דאָזיקער מענטש האָט נישט מיט עטלעכע וואָכן שפּעטער, אונטערן אײַנדרוק פֿון דער טעראָר־כוואַליע קעגן סאָציאַליסטן, געביטן זײַן מיינונג, כּדי זיך צוצופּאַסן צום אײַנגעשטעלטן קורס. אָבער בעת יענעם געשפּרעך האָב איך געפֿילט, אַז ער איז הונדערטפּראָצענטיק אויפֿריכטיק.

— איר האָט צופֿיל ריזיקירט! — האָב איך אים געוואָרנט.

—איך האָב נישט געטאָן קיין שום שלעכטע זאַך — האָט ער מיר געענטפֿערט מיט ווירדע — איך האָב נישט וואָס מורא צו האָבן! פֿאַרקערט: איך בין פֿאַרזיכער אײַך, אַז די דאָזיקע בורזשואַזע פֿרײַלין

װעט אינגיכן אויסגעשפּיגן װערן פֿון אונדזער אַפּאַראַט, װי פֿיל אַזעלכע עלעמענטן זײַנען שױן געװאָרן אויסגעשפּיגן. דערװײַל איז זי שטאַרק. איר װײסט דאָך!... אָבער איך האָב פֿאַר איר נישט קײן מורא... מיר האָבן הײַנט אַ גאַנצן טאָג גערעדט צװישן זיך װעגן דעם סקאַנדאַל מיט אײַער פֿאָרן. לײדער האָט קײנער זיך נישט אונטערגענומען צו זאָגן יעמיעצן אָפֿן, װאָס מיר טראַכטן װעגן דעם. אָבער איך האָב נישט קײן מורא! איך האָב פֿאַרטײדיקט אַ ריכטיקע זאַך!

דער מענטש, װעגן װעלכן איך רעד, האָט דאַן פֿאַרנומען אײנעם פֿון די װיכטיקסטע אָפּיציעלע אַמטן אין נײַעם מאַכט־אַפּאַראַט. אין שטאָט האָט מען פֿון אים געהאַלטן אין אַלע קרײַזן. די קאָמוניסטן האָבן אים געהאַלטן פֿאַר זײער פֿירער און אויטאָריטעט, די בירגערלעכע עלעמענטן האָבן גערעדט װעגן אים, װי װעגן אַן ערלעכן און אידעאַליסטישן מענטשן. פֿון תּפֿיסה איז ער אַרױס אַ פֿאַרמאַטערטער, אַ קראַנקער. ער איז געװען אײנער פֿון די קאָמוניסטן אין שטאָט, װעלכע האָבן געװעקט צו זיך רעספּעקט. ער איז עס באמת װערט געװען.

## 5

## זײַטן־שפּרונג קײן טשאָרטקאָװ

דעם חבר יעמיעץ האָבן מיר שױן נישט געזען ביז אונדזער אָפּפֿאָר. די געשיכטע מיט די סוחרים — מיר האָבן געזען נאָך דעם זעלבן טאָג, װי זײ זײַנען אָפּגעפֿאָרן אין „אונדזער" אויטאָבאָס — האָט שטאַרק אָפּגעקילט אונדזערע סימפּאַטיעס פֿאַר אים. קוים — האָבן מיר געטראַכט — קען ער זיך דערלױבן צו טאָן אַזעלכע זאַכן צוליב די שװאַרצע אױגן פֿון אַ סעקרעטאַרין, איז ער שױן נישט אַזאַ פֿרומער, װי ער האָט אויסגעזען צו זײַן די ערשטע טעג.

דאָסמאָל האָבן מיר שױן אונטערהאַנדלט מיט דער מיליץ — אויפֿן אָפּיציעלסטן װעג. מיר האָבן געװאוסט, אַז עס דאַרף דויערן אַ צװײ טעג ביז עס װעט פֿאַרטיק װערן דער צװײטער אויטאָבוס. בײַ יעדן געשפּרעך האָט מען אונדז דערמאָנט, אַז מיר דאַרפֿן צוגרײטן געלט.

דערװײַל האָבן מיר זיך גאַנץ צופֿעליק דערװאוסט, אַז אין טשאָרטקאָװ טראָגן די אידישיסטן זיך אַרום מיט אַ פּלאַן צו עפֿענען נישט נאָר אידישע שולן, נאָר אויך אַ אידישע גימנאַזיע, פֿאַר װעלכער זײ װילן אַנגאַזשירן אַלס לערער פּרילוצקין, שעפֿנער'ן און מיך.

די דאָזיקע ידיעה האָט אונדז געבראַכט אײנער פֿון די קאַפּיטשינ־צער אידן, װעלכן עס איז געלונגען זיך מיטצוכאַפּן מיט אַ באַלשע־װיסטישן אויטאָ צו זײַנע קרובים קײן טשאַרטקאָװ.

דער קאַפּיטשינצער איד האָט אָנגעװיזן די אָרגאַניזאַטאָרן פֿון דער גימנאַזיע, און אין אונדזער גרופּע געפֿינען זיך נאָך מענטשן, װעלכע װאָלטן געקענט נוצן ברענגען דער גימנאַזיע. אָבער די קאָמו־ניסטישע טוער, װעלכע זײַנען געװען די דעה־זאָגער, האָבן דערקלערט, אַז ציוניסטן און אָרטאָדאָקסן װילן זײ נישט אַנגאַזשירן (אין אַ רײַע שטעט איז שפּעטער געװען פֿאַרקערט: אַלע ציוניסטן זײַנען געװאָרן באַשעפֿטיקט און אַפֿילו מלמדים פֿון חדרים זײַנען אַנגאַזשירט געװאָרן אַלס „לערער", אָבער בונדיסטן האָט מען באַזײַטיקט, מאַכנדיק בלויז אײנצלנע אויסנאַמען).

מיר האָבן, פֿאַרשטײט זיך, נישט גענומען ערנסט די ידיעה װעגן דער גימנאַזיע אין טשאַרטקאָװ, װײַל מיר האָבן זיך שױן געגרײט צו פֿאָרן קײן װילנע. װאָסער זין װאָלט עס געהאַט פֿאַר אונדז צו בלײַבן שטעקן אין אַזאַ טשאַרטקאָװ?

גלײַכצײַטיק איז צו אונדז דערגאַנגען אַ ידיעה, אַז אין דערמאָנטן טשאַרטקאָװ געפֿינט זיך דער דירעקטאָר פֿון דער װאַרשעװער אידישער טעלעגראַפֿן־אַגענטור („איטאַ") מיט עטלעכע מיטאַרבעטער זײַנע.

די ידיעה איז צו אונדז דערגאַנגען צופֿעליק. עטלעכע מענטשן פֿון אונדזער גרופּע זײַנען געזעסן אינמיטן טאָג אין עפּעס אַ קאַפּיטשינ־צער טײ־האַלע אין מאַרק, װען עס איז פֿאַרפֿאָרן אַהין אַ פֿור מיט פּליטים. די פֿור איז אָקאָרשט געהאַט געקומען פֿון טשאַרטקאָװ. דאָס זײַנען אַלץ געװען מענטשן מיט אַמעריקאַנער און פּאַלעסטינער װיזעס אין טאַש. איצט זײַנען זײ מיט דער דערלױבעניש פֿון דער טשאַרטקאָװער סאָװיעטישער מאַכט געפֿאָרן קײן לעמבערג, כּדי אַרױסצובאַקומען פֿון דער דאָרטיקער סאָװיעטישער מאַכט אַ דער־לױבעניש אַרױסצופֿאָרן קײן רומעניע, װאו זײ װאָלטן געקענט באַ־קומען שיפֿן קײן אַמעריקע און פּאַלעסטינע.

— איר זענט זשורנאַליסטן פֿון װאַרשע? — האָט אײנער פֿון דער דאָזיקער קאָמפּאַניע זיך פּלוצלונג עפּעס דערמאָנט, װען עס האָט זיך פֿאַרפֿירט אין דער טײ־האַלע אַ געשפּרעך צװישן דער דאָזיקער קאָמ־פּאַניע און אונדזערע קאָלעגן — אין טשאַרטקאָװ האָב איך באַ־געגנט אַ װאַרשעװער זשורנאַליסט... װי הײסט ער?... עטלעכע אַפֿילו!...

ער האָט זיך קוים דערמאָנט, אַז דאָס איז מענדל מאָזעס פֿון דער „איטאַ".

מיר האָבן גלײַך באַשלאָסן אַראָפּצופֿאָרן קיין טשאַרטקאָוו און אַרײַננעמען מאָזעסן אין אונדזער קאָמפּאַניע.

אָבער ווי אַזוי רעאַליזירט מען די זאַך? קיין קאָמוניקאַציע איז נישטאָ, אין די וועלדער ווילדעווען פּאַרטיזאַנען! עס האָט שוין גע־האַלטן בײַם אָפּזאָגן זיך פֿון גאַנצן פּלאַן. אָבער דאָס געוויסן האָט אונדז נישט געלאָזט רוען. ענדלעך איז געבליבן, אַז צוויי פֿון אונדז זאָלן אַרויסגיין צום שאָסיי און זיך מיטכאַפּן מיט פֿאַרבײַפֿאָרנדיקע סאָוויעטישע מיליטער־לײַט.

לאַזאַר קאַהאַן און איך האָבן זיך אַרויסגערופֿן אַלס פֿרײַוויליקע. מיר זײַנען אַוועק אין גאָס און גענומען טשאַטעווען אויף פֿאַרבײַ־פֿאָרנדיקע אויטאָס. דער טאָג איז גראָד געווען אויסנאַמווײַז אַ קאַל־טער, אַ ווינטיקער. אונדזערע מלבושים האָבן זיך שוין נישט געפּאַסט פֿאַר אַזעלכע בײַסיקע קעלטן. דאָך האָבן מיר אויסגעהאַלטן און טאַקע אויסגעפֿירט. צוויי מיליטער־לײַט מיט עפּעס אַ קרעכצנדיק צעבראָכן מאַשינדל האָבן באַוויליקט אונדז מיטצונעמען.

— קאַק־זשע? — האָט געזאָגט איינער פֿון זיי מיט אַ פּנים פֿון אַ יונגן גוטמוטיקן רוסישן פּויער — אַז איר האָט נישט קיין אַנדערע מעגלעכקייט צו פֿאָרן, וועל איך אײַך מיטנעמען; אויפֿזוכן אַ גוטן פֿרײַנט איז אַ וויכטיקע זאַך!

בײַם סאַמע אָפּפֿאָרן האָבן זיך אָבער די מיליטער־לײַט פֿאַרעקשנט, אַז זיי וועלן מיטנעמען נאָר איינעם פֿון אונדז.

— אויב עס גייט אײַך — האָבן זיי אַרויסגערוקט אַ לאָגישן אַר־גומענט — וועגן אָפּזוכן אַ גוטן פֿרײַנט, איז דאָך גענוג איין מענטש זאָל פֿאָרן!

איז געבליבן צווישן אונדז ביידן, אַז איך פֿאָר איינער אַליין.

פֿון קאָפּיטשיניעץ קיין טשאַרטקאָוו איז בערך 16 קילאָמעטער, און די רײַזע מיט אַן אויטאָ דאַרף דויערן נישט מער ווי אַ האַלבע שעה. געפֿאָרן זײַנען מיר אָבער אַנדערהאַלבן שעה. ווי נאָר מיר זײַנען אַרויסגעפֿאָרן אויפֿן שאָסיי, זײַנען מיר געבליבן שטיין, ווײַל דער שאָסיי איז געווען פֿאַרנומען מיט אַ לאַנגער רייע מיליטערישע לאַסט־וואָגנס און טראַקטאָרן, וואָס זײַנען געפֿאָרן אין דער זעלבער ריכטונג. איינער פֿון מײַנע צוויי סאָוויעטישע נײַע באַקאַנטע איז אַרויס אַ קוק טאָן, פֿאַרוואָס דער קאַראַוואַן רירט זיך נישט פֿון אָרט. ער איז צוריקגעקומען אַ דערמונטערטער:

— אַ קלייניקייט, מען מאַכט דאָרטן עפּעס צורעכט אין אַ מאַשין!

און ווירקלעך: עס האָט נישט געדויערט קיין 10 מינוט, ווי די אויטאָס פֿאַר אונדז האָבן זיך אַ ריר־געטון און אויך מיר זײַנען אַוועק

פֿאָרוים. מיר זײַנען אָבער נישט אָפּגעפֿאָרן קיין צוויי קילאָמעטער, ווי אַלץ האָט זיך ווידער אָפּגעשטעלט.

ווידער איז איינער פֿון מײַנע צוויי מיליטער־לײַט אַרוים פֿון דער מאַשין און ער איז ווידער צוריקגעקומען מיט דער זעלבער פֿראַזע, וואָס פֿריער:

— סקאָראָ פּאַיעדיעם (מיר וועלן באַלד פֿאָרן), מען מאַכט דאָרטן עפּעס צורעכט...

אָט די דאָזיקע פּראָצעדור האָט זיך איבערגעחזרט יעדע 2־3 קי־לאָמעטער. יעדעס מאָל האָט מען זיך אָפּגעשטעלט צורעכטמאַכן אַן אַנדערע מאַשין. אין סך־הכּל האָט דאָס צוגענומען אַן איבעריקע שעה צײַט. לויט דער האַלטונג פֿון מײַנע צוויי מיליטער־לײַט, איז אויסגע־קומען, אַז זיי זײַנען צו אַזעלכע איבעררײַסן צוגעוואוינט.

איין מעלה האָט געהאַט דאָס לאַנגע פֿאָרן: עס איז געווען גענוג צײַט צו שמועסן. און גראָד איז עס געווען אַן אינטערעסאַנטער שמועס.

איך האָב אין ערשטן מאָמענט געהאַלטן ביידע מיליטער־לײַט פֿאַר געוויינלעכע רויט־אַרמייער. די קליידונג פֿון ביידע איז געווען אַ זייער באַשיידענע און איינע האָט זיך נישט אונטערשיידט פֿון דער צווייטער. אויך לויט דער האַלטונג האָבן זיי ביידע געמאַכט דעם איינדרוק פֿון פּראָסטע פֿאָלקס־מענטשן. ערשט ווען מיר האָבן זיך פֿאַנאַנדערגערעדט האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז איינער פֿון זיי — דער גוטמוטיקער פּויערים־זון — איז אַן אָפֿיציר.

ער האָט אַוועקגעשאַרט דעם שינעל און מיר אָנגעוויזן אויף די שטערנדלעך אויפֿן קאָלנער פֿון דער גרינער מיליטערישער „רובאַשקע":

— אָט דאָס איז אַלץ — האָט ער געזאָגט צו מיר מיט אַ טאָן פֿון העכערקייט — אונדזערער אַן אָפֿיציר פּוצט זיך נישט און לייגט נישט אַרײַן דעם גאַנצן חוש אין דעם אויסערלעכן גלאַנץ, וואָס זאָל אים אָפּטיילן פֿון אַ געוויינלעכן זעלנער. מיר זײַנען אין דער אַרמיי אַלע גלײַך — זעלנער און אָפֿיצירן. נישטמער, ווי אָט די שטערנדלעך טיילן אונדז אויס. אָט דערפֿאַר האָט איר, פּוילישע, טאָקע אַזוי לײַכט פֿאַר־שפּילט, וואָס בײַ אײַך איז דער אָפֿיציר געווען פֿאַרנומען מיט פּוסטן פּוצן זיך, מיט בלאָזן פֿון זיך און מיט שכּורן.

דאָ האָט ער עפּעס געזאָגט אַ פֿערז אין גראַמען — איך געדענק נישט גענוי נישט דעם טעקסט און נישט דעם אינהאַלט. איך געדענק בלויז, אַז אין אַ פֿאַרקריפּלטן פּויליש, איז עס געווען אַ וויציקע פֿאַר־שטעלונג פֿון דער פּוילישער אַרמיי און דער רוסישער: די ערשטע האָט זיך פֿאַרנומען מיט דברים בטלים און האָט דערפֿאַר פֿאַרשפּילט, און די צווייטע האָט געוואונען צוליב איר ערנסטקייט און גוטע אָרגאַניזאַציע.

אָבער נישט דאָס איז געווען דאָס אינטערעסאַנטע אין אונדזער געשפּרעך. אינטערעסאַנט איז געווען דאָס, אַז ביידע סאָוויעטישע מי־ליטער־לײַט האָבן איצט, סוף סעפּטעמבער, נאָך אַלע ידיעות וועגן פֿרידלעכע אונטערהאַנדלונגען און דעמאַרקאַציע־ליניעס צווישן דער דײַטשער און סאָוויעטישער אַרמיי, נאָך אַלץ געגלויבט, אַז דאָס זײַנען פּוסטע פּראַזן.

— ווי האַלט עס מיט לעמבערג? — פֿרעג איך זיי.

— לעמבערג? שוין אין אונדזערע הענט!

— און וואַרשע וועט איר אײַננעמען?

— זיכער!

— ווי אַזוי? אין וואַרשע איז דאָך היטלער?!

— דאָס איז גאָרנישט! ער וועט זיך צוריקציִען!

— און אויב נישט? אויב ער וועט נישט וועלן?

— נישקשה, ער וועט שוין וועלן!... מיר וועלן אים אַ שטופּ טון...

— וועט דאָך זײַן אַן אמתע מלחמה!

— איז וואָס? זאָל זײַן! מיר שרעקן זיך נישט! איר האָט געזען אונדזער אַרמיי?

— אוודאי האָב איך געזען!

— נו, וואָס? שטאַרק, אַ?

— יאָ, שטאַרק! אָבער היטלערס אַרמיי איז אויך שטאַרק.

— נישט אַזוי גרויס און נישט אַזוי שטאַרק, ווי אונדזערע! ער וועט זיך נישט וועלן מיט אונדז פֿאַרטשעפּען און ער וועט פֿרײַוויליק אָפּטרעטן...

איך האָב זיי אויפֿגעקלערט, אַז איך האָב שוין געזען אין אַ סאָוויעטישער צײַטונג אַ דעמאַרקאַציע־ליניע, לויט וועלכער וואַרשע וועט געהערן צו היטלערן.

— דאָס שאַדט נישט! — האָט דער אָפֿיציר גלייך געביטן דעם טאָן — זעט אויס, אַז אַזוי דאַרף זײַן!...

— טאָ וועט איר דאָך נישט אײַננעמען וואַרשע!

— אַזוי שטאַרק ווילט איר מיר זאָלן זיך שלאָגן מיט די דײַטשן?

איך האָב זיך אַ וואַקל־געטאָן און דאָך ריזיקירט:

— די קאָמוניסטישע פּאַרטיי אין פּוילן האָט תּמיד פֿאַרשפּרייט אויפֿרופֿן, אַז איר זענט די גרעסטע שונאים פֿון פֿאַשיזם...

— וואָט, וואָט, טאַקע אַזוי!...

— פֿאַרוואָס־זשע — בין איך געוואָרן נאָך דרייסטער — שרײַבן איצטער די צײַטונגען וועגן אַ פֿרײַנטשאַפֿט צווישן אײַך און דײַטש־לאַנד?

— ווייַל — האָט דער אָפּיציר לאַנג געצויגן דאָס וואָרט „ווייַל", ווי ער וואָלט געטראַכט וואָס דאָ צו זאָגן — ווייַל אַזוי דאַרף זייַן!...

— אָבער מיר, אין פּוילן — האָב איך אונטערגעהאַלטן — וואָלטן זייער געוואָלט, איר זאָלט זיך שלאָגן מיט היטלערן!...

דער אָפּיציר האָט ווידער געהיימניספול גענומען שמייכלען, ווי ער וואָלט געהאַלטן אין זיך ווער־ווייס וואָסער סוד. דער צווייטער — יענער, וואָס האָט געפירט די מאַשין — האָט אָפּגעווענדט זייַן פּנים פון מאָטאָר־רעדל און מיך אויפמערקזאַם אָנגעקוקט.

— אַז מען וועט דאַרפן — האָט ער זיך אָפּגערופן — וועט מען זיך מיט אים שלאָגן אויך...

איך האָב צום סוף זיך נישט אײַנגעהאַלטן און געפרעגט נאָך איין פראַגע:

— און איר ווילט זיך טאַקע שלאָגן מיט היטלערן?

דער אָפּיציר האָט נישט אויפגעהערט שמייכלען — דאָס איז געווען אַ ביטול־שמייכל פון אַ זיגער, וועלכער קוקט אויפן באַזיגטן „פון אויבן אַראָפּ"...

— דאָס איז — האָט ער געזאָגט זייער ערנסט און זייַן פּנים האָט אויפגעהערט שמייכלען — דאָס איז די זאַך פון אונדזער „וולאַסט"*) וואָס זיצט אין מאָסקווע. זי טראַכט שוין פאַר אונדז!... אַז עס וועט קומען אַ „פּריקאַז",**) מען זאָל זיך שלאָגן, וועט מען גיין...

איך האָב שוין מער נישט געשטעלט קיין פראַגן. עס איז געווען אַ ווייַלע שטיל. נאָכדעם האָט דער אָפּיציר זיך אָפּגערופן, ווי ער וואָלט מיר פאַרטרויט אַ סוד:

— איר פאַרשטייט עס נישט! — האָט ער אַ זאָג געטון — דאָס, וואָס קומט איצטער פאָר, איז אַ דיפּלאָמאַטישער ענין... (ער האָט זיך אויסגעדריקט אויף רוסיש: „טיעפּיער אידיאָט דיעלאָ דיפּלאָמאַטי־טשעסקאָיע!").

דאָ האָט דער געשפּרעך זיך אָפּגעשטעלט און מיר זייַנען גע־פאָרן עטלעכע מינוט שווייַגנדיק. דער, וואָס האָט געטריבן די מאַ־שין, האָט אַלע ווייַלע אָפּגעקערט דעם קאָפּ אין מייַן זייַט און מיך אָנגעקוקט מיט אַ פאַרשנדיקן בליק. דאָס האָט זיך אַזויפיל מאָל אײַ־בערגעחזרט, אַז איך האָב שוין דערפילט אין זיך אַן אומרו. כ'ווייס, אפשר האָב איך צופיל גערעדט? אפשר האָב איך געזאָגט מער, ווי מען דאַרף?

*) מאַכט.

**) באַפעל

פלוצלונג האָט יענער ווידעראַמאָל אָפּגעקערט דעם קאָפּ אין מײַן זײַט. דאָסמאָל האָט זײַן טונקל-ברוין — כּמעט ערדיש-שוואַרץ — לענגלעך געזיכט זיך צעשמייכלט, און ער האָט אַ פֿרעג געטון מיט אַ האַרטן אידיש פֿון אַ גר, וואָס איז נישט געוואוינט צו דער אידישער שפּראַך:

— פֿאָטערל, איר זײַט אַ איד?

די דאָזיקע ווענדונג פֿון געשפּרעך איז געווען פֿאַר מיר גענוג אומדערוואַרטעט. די גאַנצע צײַט פֿון פֿאָרן, האָב איך, קוקנדיק אויף אים, זיך נישט געקענט אַנטשליסן, צי איך האָב פֿאַר זיך אַ טאָטער, אָדער עפּעס אַ גרוזין. אַז ער איז אַ איד, איז מיר גראָד נישט אײַנגעפֿאַלן.

— און איר זענט אויך אַ איד? — האָב איך אים אָפּגעענטפֿערט עכט-אידישלעך מיט אַ פֿראַגע אויף אַ פֿראַגע.

— אויך איד! — האָט יענער איצט געשמייכלט מיטן פֿולן מויל און געוויזן צוויי רייען שוואַרצע ציין — אידיש שווער רעדן... נישט געדענק... זעלטן רייד אידיש... אָבער טאָטע-מאָמע גערעדט אידיש, אמת אידיש... ווי איר אידיש...

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דאָס איז אַן אומאַניער אידישער בחור, וועלכער וואוינט די לעצטע יאָרן אין קיעוו. איצט איז ער מאָביליזירט געוואָרן צוליבן קריג. אין פּריוואַטן לעבן איז ער אַ מעכאַניקער. מיט אידן טרעפֿט ער זיך, אָבער ער רעדט כּמעט קיינמאָל נישט קיין אידיש. דאָס הייסט אָבער נישט, אַז ער האַלט זיך נישט פֿאַר קיין איד. וואָס הייסט?

איך האָב אים געפֿרעגט, צי עס וועט נישט זײַן בעסער, מיר זאָלן צוריק איבערגיין אויף רוסיש: אי עס וועט אים זײַן לײַכטער צו רעדן, אי דער אָפֿיציר וועט אויך פֿאַרשטיין. אָבער מײַן אומאַניער פֿאַרשווין האָט אָפֿילו נישט געוואָלט הערן וועגן דעם.

— רעדט אידיש, פֿאָטערל! — האָט ער זיך געעקשנט — איך וויל זיך אַביסל דערמאָנען אידיש... ער (דאָ האָט ער לײַכט געטאָן אַ מאַך מיטן קאָפּ אין דער זײַט פֿון אָפֿיציר) ער וועט שוין פֿאַרשטיין... איך וועל אים אַלץ אויסטײַטשן...

איך האָב באַטראַכט דעם אָפֿיציר אין דער צײַט פֿון געשפּרעך מיטן אידישן רויט-אַרמייער. איך האָב נישט געקענט געפֿינען אויף זײַן געזיכט קיין סימן פֿון אויפֿרעגונג צוליב דעם, וואָס מען רעדט אין זײַן אָנוועזנהייט אידיש. פֿאַרקערט: איך האָב אים אין גאַנג פֿון געשפּרעך איבערגעפֿרעגט, צי ער וויל אפֿשר מיר זאָלן אַריבערגיין צוריק אויף רוסיש, האָט ער מיט אַ טאָן פֿון זעלבסטפֿאַרשטענדלעכקייט אַ זאָג-געטאָן, אַ שאָקל-טוענדיק מיטן קאָפּ אין דער זײַט פֿון רויט-אַרמייער:

— טוט אים צוליב און רעדט מיט אים אין זײַן מוטער־שפּראַך...
(אויף רוסיש האָט ער זיך אויסגעדריקט „וו׳יעווא ראָדנאָם יאַזיקע״.)

די באַציאונגען פֿון זיי ביידע האָבן, אַגב, נישט געהאַט אין זיך קיין שום סימן פֿון העכערקייט פֿון איינעם איבערן צווייטן (מיט עטלעכע חדשים שפּעטער האָט מען אײַנגעפֿירט אין ראַטן־פֿאַרבאַנד נײַע און שטרענגערע באַציאונגען צווישן פּראָסטע רויט־אַרמייער און אָפֿיצירן). ביידע האָבן זיך געהאַלטן ווי צוויי גוטע באַקאַנטע, ווי צוויי פֿרײַנט.

וואָס שייך אידישקייט בכלל, האָב איך ביי מיין אוקראַינער אידישן בחור געהאַט אַ שרעקלעכן דורכפֿאַל: ער האָט זיך אַרויס־געוויזן פֿאַר אַ... ליגנער!

עס איז געווען אַזוי:

וועלנדיק אויספּרובירן אים, וואָס ער ווייסט וועגן אידישקייט, האָב איך אים געפֿרעגט, צי ער איז אַמאָל געגאַנגען אין אַ חדר און צי ער האָט אַמאָל געקענט מער אידיש, ווי ער קען איצט. ווען איך האָב באַקומען אויף ביידע פֿראַגן פּאָזיטיווע תּשובות, האָב איך אים אָנגעהויבן פֿרעגן, צי עס זײַנען פֿאַראַן אין ראַטן־פֿאַרבאַנד אידישע צײַטונגען, ביכער, אידישע שרײַבער, אַ אידיש טעאַטער א. אַ. וו.

— קאַק־זשע — האָט ער יעדעס מאָל געענטפֿערט — אַלץ פֿאַראַן! קאַק־זשע!

— איר אַליין — האָב איך אים געפֿרעגט — גייט אַמאָל אין אַ אידישן טעאַטער? איר קוקט אַמאָל אָן אַ אידיש בוך?

— איך — האָט ער געענטפֿערט אַביסל פֿאַרשעמט — נישט, אָבער עלטערע לײַט גייען אין אידישן טעאַטער, קאַק־זשע! זיי גייען, פֿאָטערל, זיי גייען! פֿאַראַן גוטע אידישע אַקטיאָרן און „פּיסאַטיע־ליעם״ אויך!

— איך האָב אַמאָל געלייענט — האָב איך אונטערגעכאַפּט — אַז ביי אײַך איז פֿאַראַן איינער פּרץ מאַרקיש. איר האָט געהערט וועגן אים?

— קאַק־זשע נישט געהערט? געהערט, געהערט! דאָס איז אַ זייער גרויסער אַקטיאָר ביי אונדז, אַ זייער גרויסער אַקטיאָר!

איך האָב אים, פֿאַרשטייט זיך, נישט געזאָגט, אַז ער האָט אַ טעות. איך האָב פֿאַרשטאַנען, אַז דער דאָזיקער ליגן איז פֿון יענעם מין ליגנס, וועלכע מען זאָגט „מיט די בעסטע כּוונות״. אָבער ווײַטער רעדן מיט אים וועגן אידישע ענינים האָט נישט געהאַט קיין שום זין.

איבעריקנס — אָט פֿאָרט שוין אונדזער אויטאָ איבער די גאַסן פֿון טשאָרטקאָוו.

# 6

# אַ מאָדנע מעשה מיט אַ מאָדנעם ראַדיאָ־קאָמוניקאַט

עס איז געווען אַ כמורנער ווינטיקער נאָכמיטאָג, ווען אונדזער אויטאָ האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף איינער פֿון די טשאָרטקאָווער גאַסן. באַלד זײַנען מיר אַרומגערינגלט געוואָרן דורך אַ גרופּע נײַ־גיריקע אידן. ווען דאָס טירל האָט זיך געעפֿנט, כּדי מיך אַרויסצו־לאָזן פֿון אינעווייניק, האָבן די אידן זיך אָפּגערוקט — זיי האָבן מיך אָנגענומען פֿאַר אַ באָלשעוויק, אָט ווי יענע אין די מיליטערישע מלבושים. זעענדיק אָבער, ווי מיר געזעגענען זיך, האָבן די אידן פֿאַר־שטאַנען, אַז עס איז נישט אַזוי, ווי זיי האָבן זיך עס פֿאָרגעשטעלט אין דער ערשטער מינוט.

— ווער זענט איר? — זײַנען זיי נײַגיריק געווען צו וויסן.

איך קלער זיי אויף, אַז איך בין געקומען פֿון קאָפּיטשינינעץ זוכן מײַנעם אַ וואָרשעווער פֿרײַנט, וואָס געפֿינט זיך אין טשאָרטקאָוו.

— די רויט־אַרמייער האָבן מיך פּשוט מיטגענומען, ווײַל עס איז נישטאָ קיין נאָרמאַלע קאָמוניקאַציע!

די אידן האָבן מיט פֿרײַנטשאַפֿט נאָכגעקוקט דעם אָפּפֿאָרנדיקן מיליטערישן אויטאָ און איינער פֿון זיי האָט זיך אָפּגערופֿן מיט אַ היימישלעכן אידישן קרעכץ:

— אײַ, אײַ, אײַ, וואָס־וואָס, אָבער דער איד פֿילט זיך נישט בײַ זיי, ווי אַ געטראָטענער וואָרעם! איר שטעלט זיך פֿאָר, וואָס אַ פּוילישער אָפֿיציר וואָלט אײַך געזאָגט, ווען איר זאָלט זיך וועלן מיטכאַפּן מיט אים גוטפֿרײַנטלעך צווישן מנחה און מעריב פֿון קאָ־פּיטשינעץ קיין טשאָרטקאָוו? איר שטעלט זיך עס פֿאָר?

איך האָב געפּרוּווט אויפֿגעבן די אידן סימנים פֿון די מענטשן, וועלכע איך זוך, אָבער קיינער האָט מיר גאָרנישט נישט געקענט ענטפֿערן.

— עס פֿעלן דען הײַנט פֿליכטלינגע אין אונדזערע שטעט? — האָט מיר געזאָגט איינער פֿון דער קופּקע — אין טשאָרטקאָוו זײַנען פֿאַראַן הונדערטער און הונדערטער!

נישט האָבנדיק קיין אַנדער ברירה, האָב איך זיך געלאָזן גיין איבער די גאַסן פֿון שטעטל אָן אַ שום ציל. אפֿשר וועל איך זיך דערפֿרעגן!

איך האָב זיך אַרומגעדרייט אַ מינוט 15 און נישט געטראָפֿן קיין שום באַקאַנט געזיכט. איך האָב געפּרוּווט אויף יעדער גאַס אָפּ־

שטעלן עמעצן און אַ פֿרעג־טון, צי ער ווייסט נישט וועגן וואַרשעווער פּליטים, וואָס דאַרפֿן דאָ ערגעץ וואוינען. אָבער עס איז פֿון דעם אַלעם גאָרנישט נישט אַרויסגעקומען. איך האָב שוין געהאַלטן בײַ אָפּזאָגן זיך פֿון ווײַטערדיקן זוכן, ווי איך האָב פּלוצלונג דערזען פֿאַר זיך מאָזעסן מיט זײַן גאַנצער פֿאַמיליע.

פֿון וואַרשע האָבן מיר זיך געקענט נאָר אויף אַזיפּיל, אויף וויפּל מיר פּלעגן זיך טרעפֿן פֿון צײַט צו צײַט אויף פֿאַרשידענע זיצונגען פֿון זשורנאַליסטן־סינדיקאַט. אָבער דאָ האָבן מיר זיך אַזוי דערפֿרייט מיט זיך, ווי די נאָענטסטע פֿרײַנט. איך בין אַוועק מיט זיי צו די מענטשן, בײַ וועלכע זיי האָבן געוואוינט (אָרטיקע טוער פֿון פּועלי־ציון), שוין דאָרט געגעסן מיטאָג און מיר האָבן זיך דערציילט קעגנזײַטיק די געשיכטע פֿון אונדזערע וואַנדערונגען.

זיי זײַנען געווען אַ קאָמפּאַניע פֿון 6 פּערזאָן: מאָזעס, זײַן פֿרוי, זייערע 2 קינדער און זײַנע 2 מיטאַרבעטער: מאַנדעלברויט און בערמאַן.

בײַם מיטאָג האָט מאָזעס מיר דערציילט, ווי אַזוי זיי האָבן זאַלבעזעקסט זיך אַרײַנגעכאַפּט, דעם טרויעריקן אָוונט פֿון 5 סעפּ־טעמבער, אין צוג פֿון די אויסלענדישע זשורנאַליסטן. זיי זײַנען דער־פֿאָרן מיטן דאָזיקן צוג ביז קרעמעניץ. זיי זײַנען געווען כּמעט די איינציקע אידן, וואָס זײַנען געפֿאָרן מיט יענעם צוג. אַלס קאָרעס־פּאָנדענט פֿון דער „איטאַ", האָט ער זיך דערוואוסט פֿון אויסלענ־דישע זשורנאַליסטן וועגן דאָזיקן צוג, און ער איז גלײַך אַוועק צו דער באַן. זיצנדיק אין קרעמעניץ האָט ער נישט געוואוסט, אַז מיר גע־פֿינען זיך אין נאָענטן בראָד. נאָך יענער שרעקלעכער באָמבאַרדירונג פֿון קרעמעניץ, וועלכע איך האָב באַשריבן אין די פֿריערדיקע קאַ־פּיטלען, איז ער מיט נאָך עטלעכע זשורנאַליסטן אַוועק אין אַ פֿור צו דער רומענישער גרענעץ. אין גאַליציע האָט ער דורכגעמאַכט כּמעט די זעלבע רײַזע, וואָס מיר. דעם 17־טן סעפּטעמבער האָט ער הינטער טשאָרטקאָוו זיך אָנגעשטויסן אויף די אַרײַנקומענדיקע באָל־שעוויקעס. זינט דעמאָלט זיצן זיי אַלע אין טשאָרטקאָוו, עסן פֿון גרייטן ביסל געלט, וואָס זיי האָבן מיטגענומען, און ווייסן נישט וואָס עס וועט זײַן.

ווען איך האָב זיי דערציילט, אַז איך בין געקומען ספּעציעל נאָך זיי, ווײַל מיר זײַנען אַ גרויסע קאָמפּאַניע מיט אַביסל געלט, און מיר קלייבן זיך קיין ווילנע, האָבן זיי זיך שטאַרק דערפֿרייט.

בלויז איין מענטש צווישן זיי האָט אַרויסגעוויזן גרויס אויפֿמערק־זאַמקייט צו מײַן פֿאָרשלאַג — דאָס איז געווען דער דערמאָנטער בער־מאַן, וועלכער איז געווען אַ באַקאַנטער קאָמוניסטישער טוער אין פּוילן.

— מיר דאַרפֿן זיך נאָך גוט באַרעכענען, צי מיר ווען מיטמאַכן די דאָזיקע רײַזע! — האָט בערמאַן אָפּגעקילט אונדזער אַלעמענס ענטוזיאַזם.

ער האָט אָפּגערופֿן פּרוי מאָזעס אין אַ זײַט און געהיימניס־פֿול עפּעס אין איר אַרײַנגעשושקעט. מיר האָט ער שפּעטער געזאָגט, אַז פּערזענלעך וואָלט ער געגרן זיך נישט גערירט פֿון אָרט, ווײַל ער מוז וואַרטן אויף אַ ידיעה פֿון מאָסקווע.

— וואָסער ידיעה?

— באַלד ווי די באָלשעוויקעס זײַנען נאָר אַרײַן אַהער האָב איך דורך דער פֿאַרמיטלונג פֿון די סאָוויעטישע מאַכט־אָרגאַנען אַוועק־געשיקט אַ דעפּעשע צום קאָמינטערן, אַז איך געפֿין זיך דאָ און איך וואַרט אויף באַפֿעלן.

— ווען האָט איר עס געשיקט די דאָזיקע דעפּעשע?

— מיט אַ 10 טעג צוריק...

— נו...

— נו, איך וואַרט טאַקע אויף אַ תּשובה..

איך האָב אויסגעדרוקט מײַן צווײַפֿל, צי ער וועט בכלל באַקומען אַ וואָסער נישט איז תּשובה.

— איך שטעל מיר פֿאָר — האָב איך אים געזאָגט — אַז דווקא דערפֿאַר, וואָס איר זענט פֿון די אָנגעזעענערע טוער פֿון דער פּוילי־שער קאָמפּאַרטײ, וועט מען אײַך דערווײַלע נישט צוציען צו קיין שום פֿאַראַנטוואָרטלעכער אַרבעט. צי האָט איר פֿאַרגעסן, אַז דער קאָמינטערן האָט מיט אַ צײַט צוריק געשטעמפּלט די פּוילישע קאָמפּאַרטײ אַלס אַ נעסט פֿון פּראָוואָקאַטאָרן, און — זי אינגאַנצן פֿונאַנדערגעלאָזן?...

— יאָ! — האָט ער מודה־געווען מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ — עס איז נישט אויסגעשלאָסן, אָבער איך מוז וואַרטן...

— איך ראָט אײַך מיטצופֿאָרן מיט אונדז אַלעמען — האָב איך אים געעצהט קאָלעגיאַל — ווײַל אויב מען וואָלט אין מאָסקווע זיך געקליבן אײַך צו ענטפֿערן, וואָלט איר שוין לאַנג געהאַט די תּשובה.

בערמאַן האָט געשוויגן. ער האָט נישט געקענט באַשליסן.

— איבעריקנס — האָב איך אים צוגעגעבן נאָך אַן אַרגומענט — פֿאַרשטיי איך נישט, פֿאַרוואָס איר ווילט דווקא בלײַבן דאָ, בעת אין יענע געגנטן, צו וועלכע מיר קלייבן זיך, וועט איר גיכער געפֿינען פֿאַר זיך אַרבעט. מיט יענע געגנטן זענט איר דאָך מער באַקאַנט. פֿאַרגעסט אויך נישט, אַז דאָ וועט איר זײַן אַליין. מיר האָבן מיט זיך אַביסל געלט און אַלס מיטגליד פֿון זשורנאַליסטן־סינדיקאַט האָט איר רעכט פֿון דעם צו געניסן צוגלײַך מיט אונדז!

בערמאַן האָט לאַנג געטראַכט און צום שלום מיר געענטפֿערט:
— אַליין דאָ בלײַבן וועל איך נישט. וואָס די מאָזעסעס וועלן טאָן, וועל איך טאָן. וואָס שייך די מאָזעסעס, וועל איך זיי עצהנען דאָ צו בלײַבן. אויב אָבער זיי וועלן פֿאָרן, וועל איך פֿאָרן צוזאַמען מיט זיי.

איך האָב געהאַט אַ גענוגענדיקן גרונט אַהיימצופֿאָרן קיין קאַפּיטשיניעץ אַ צופֿרידענער. אָט איז דאָך מיר געלונגען אויפֿצווזוכן די מאָזעסעס און מיר וועלן נישט דאַרפֿן אַוועקפֿאָרן פֿון קאַפּיטשיניעץ מיט געוויסנס-ביסן, אַז מיר האָבן געוואוסט וועגן פֿרײַנט, וואָס געפֿינען זיך הינטער אונדזער נאָז, און מיר האָבן זיי אַפֿילו נישט צו וויסן געטון וועגן זיך.

אָבער גראָד האָט זיך אַזוי געמאַכט, אַז איך בין אַוועק פֿון טשאָרטקאָוו אַ צעמישטער און דערשלאָגענער. די מאָזעסעס האָבן געהאַט פֿון דעם זייער פֿיל עגמת-נפֿש, באַשולדיקנדיק זיך אין מײַן דערשלאָגנקייט, אָבער איך האָב צו זיי קיין שום טענה נישט געהאַט. ווי שרעקלעך עס האָט אויף מיר געווירקט דאָס, וואָס איך האָב פֿון זיי געהערט, האָב איך נישט געהאַלטן, אַז זיי האָבן עס געדאַרפֿט פֿון מיר אויסבאַהאַלטן.

ווען איך רעד וועגן דעם, וואָס איך האָב געהערט פֿון די מאָזעסעס, מיין איך נישט דאָס אַלץ, וואָס איך האָב דערציילט ביז איצט — אין דעם אַלעם איז נישט געווען גאָרנישט, וואָס זאָל מיר געבן אַ גרונט זיך צו דערפֿילן ספּעציעל דערשלאָגן און צעמישט. עס האַנדלט זיך וועגן גאָר עפּעס אַנדערש, וואָס איך האָב געהערט פֿון די מאָזעסעס באַלד עטלעכע מינוט נאָך אונדזער אומגעריכטער באַגעגעניש אין גאַס.

— אָ, שוואַרץ — האָט אויסגערופֿן פֿרוי מאָזעס עטלעכע מינוט נאָך דעם ווי מיר זײַנען געקומען צו זיך פֿון דעם ערשטן אײַנדרוק פֿון אונדזער באַגעגעניש — איך דריק אײַך אויס מײַן מיטגעפֿיל! אַזעלכע קרבנות, אַזעלכע קרבנות!...

איך האָב נישט געוואוסט וועגן וואָס זי רעדט. מאָזעס אַליין האָט זיך געכאַפּט, אַז זײַן פֿרוי האָט באַרירט אַ פֿאַקט, וועלכער איז מיר נאָך נישט באַקאַנט. ער האָט גענומען ווינקען צו איר, אַז זי זאָל זיך צוריקציִען. אָבער איך האָב אויפֿגעכאַפּט דאָס ווינקען און זיי געבעטן, זיי זאָלן מיר אויסזאָגן וועגן וואָס עס האַנדלט זיך.

— אײַער חבר אַלטער איז געהרגעט געוואָרן אין די שלאַכטן אין וואַרשע — האָבן זיי מיך צום סוף אינפֿאָרמירט — די דײַטשן האָבן אים געפֿונען אַ דערהרגעטן אויף די באַריקאַדן אין וואָליע... אים, דעם פּעפּעסאָוויעץ דיבוק, און נאָך עפּעס אַ בונדישן פֿירער...

איך בין געשטאַנען אַ צעטומלטער פֿון דער ידיעה. עס איז מיר, אַגב, געוואָרן אויפֿפֿאַלנדיק די פֿראַזע „נאָך עפּעס אַ בונדישער טוער". ווער איז דאָס? — האָב איך געטראַכט אַ דערשלאָגענער — פֿאַרוואָס גיבן זיי מיר נישט אוים דעם נאָמען?

— דעם נאָמען פֿון צווייטן — האָבן זיי מיר געענטפֿערט, ווען איך האָב זיי איבערגעפֿרעגט וועגן דעם — קענען מיר אײַך נישט אויפֿגעבן, ווײַל מיר אַליין ווייסן נישט ווער דאָס איז...

— וואָס הייסט איר ווייסט נישט? פֿונוואַנען ווייסט איר דען די גאַנצע געשיכטע?

— מיר האָבן עס געהערט אין דעם ראַדיאָ, אָבער דעם נאָמען פֿון צווייטן האָט דער ראַדיאָ-ספּיקער אַרויסגעזאָגט אַזוי נישט-דײַטלעך, אַז מיר האָבן נישט דערהערט דעם פֿולן נאָמען. עס דאַכט זיך מיר, אַז עס איז געווען אַ נאָמען, וואָס האָט זיך געענדיקט מיט אַ „סקי"...

אין דעם מאָמענט האָב איך זיך דערמאָנט, אַז בוכשטעבלעך דאָס זעלבע האָט מיר דערציילט מיט העכער 2 וואָכן פֿריִער בער-נאַרד זינגער אין בראָד. אַפֿילו די געשיכטע מיטן צווייטן נאָמען האָט בײַ אים געקלונגען פּונקט אַזוי, ווי בײַ די מאָזעסעס: „דער ספּיקער האָט גערעדט נישט דײַטלעך און פֿון צווייטן נאָמען האָט מען בלויז געהערט די ענדונג „סקי"...

הייסט עס, אַז עס איז ריכטיק — איך האָב זיך געפֿילט דערשלאָגן פֿון דער ידיעה.

איך בין געווען צוריק אין קאָפּיטשיניעץ גראָד צום אָונט-ברויט. איך בין געזעסן בײַם טיש, געהערט ווי מען רעדט צו מיר, אָבער מײַנע געדאַנקען זײַנען נאָך אַלץ געווען אַנדערשוואו. דאָרטן אויף וואָליע, אויף דער וואַרשעווער פֿאַרשטאָט.

— וואָס איז מיט אײַך? — האָט זיך מיט מיר פֿאַראינטערע-סירט אונדזער גוטע, אויפֿמערקזאַמע באַלעבאָסטע — עפּעס זענט איר נישט מיט אַלעמען! אפֿשר זיך צוגעקילט אין אײַער לײַכטן מאַנטל?

— ס'איז גאָרנישט! — האָב איך געפּרוווט זיך אַרויסדרייען — דער קאָפּ טוט מיר אַביסל וויי...

אָבער אונדזער באַלעבאָסטע האָט זיך נישט געלאָזן אָפּנאַרן.

— עפּעס דריקט אײַך! — האָט זי נאָכן אָונטברויט מיך גענומען אין אַ צווייטן צימער אַרײַן — מיר מעגט איר זאָגן... רעדט זיך אַראָפּ פֿון האַרצן... פֿון דעם ווערט לײַכטער!...

ווען איך האָב איר דערציילט די געשיכטע מיט דער מאָדנער ראַדיאָ-ידיעה, וועגן וועלכער איך האָב איינמאָל געהערט אין בראָד מיט הע-

כער צוויי וואָכן צוריק, און איצט — אַ צווייט מאָל אין טשאַרטקאָוו, האָט זי געזאָגט מיט מיטגעפֿיל:

— יאָ, איך פֿאַרשטיי: אַ מענטש, אַ נאָענטער, אַ פֿריינט, מיט וועלכן מען האָט זיך באַגעגנט פֿיל יאָרן, אָבער וואָס קען מען זיך העלפֿן?

דאַן האָט זי זיך גענומען בײַ מיר בעטן:

— דערציילט עס נישט שעפֿנערן... מען דאַרף נישט!... איר וואָלט עס אויך נישט געדאַרפֿט וויסן, אָבער איר ווייסט עס שוין... פֿאַרשפּאַרט כאָטש אים עגמת־נפֿש...

איך האָב איר צוגעזאָגט און געהאַלטן וואָרט. דערציילט שעפֿנערן האָב איך עס ערשט דעמאָלט, ווען איך האָב שוין געהאַט זיכערע ידיעות, אַז כאָטש די מעשה איז טאַקע געווען אין דעם ראַדיאָ, איז זי אָבער געווען אויסגעטראַכט פֿון אָנהויב ביזן סוף. אין יענע טעג, ווען דער ראַדיאָ האָט דערציילט די דאָזיקע מעשה, איז וויקטאָר אַלטער געווען פֿאַרנומען אין לובלין מיט אַרויסגעבן אַן איינמאָליקע צײַטונג, וועלכע האָט געמונטערט די באַפֿעלקערונג צום קאַמף קעגן היטלערס באַנדעס.

# 7

## אַ באַגעגעניש מיט צוויי סאָוועטישע אידישע מיליטער־לײַט

עס איז געווען אַן אינדערפֿרי פֿאַרן בנין פֿון דער געוועזענער פּוילישער סטאַראָסטווע, וואו עס האָט זיך איצט געפֿונען דער סאָוועטישער קרײַז־קאָמיסאַריאַט. איך האָב געוואַרט אויף עפּעס אַ פּאַפּירל, וואָס מען האָט אונדז געזאָלט דאָרט דערליידיקן. צוזאַמען מיט מיר האָט געוואַרט דער דערמאָנטער בערמאַן, וועלכער איז שוין גע־האַט געקומען קיין קאָפּיטשיניעץ צוזאַמען מיט דער פֿאַמיליע מאָזעס.

פּלוצלונג איז פֿאַרפֿאָרן אויפֿן פּלאַץ פֿאַרן רעגירונגס־בנין אַ לאַסט־אויטאָ מיט שטעכיקער דראָט. לויט דער אײַנגעשטעלטער „טראַ־דיציע", האָבן מיר זיך ביידע אַ לאָז־געטאָן צום אויטאָ, כּדי צו בעטן בײַ די סאָוועטישע זעלנער אַ צײַטונג. דאָס איז אין יענע טעג געווען דער איינציקער אופֿן צו באַקומען עפּעס אַ שטיקל צײַטונג פֿון פֿאַר 4־5 טעג צוריק.

ווען מיר זײַנען געווען אין האַלבן וועג צום אויטאָ, איז אויס־געשטיגן פֿון אינעווייניק אַ הויכער ברייטביינעקער מאַן אין אַ שיין־צוגעשניטענעם מיליטערישן שינעל. ער האָט גענומען גיין צום אַרײַנ־גאַנג אין רעגירונגס־בנין. פֿונדערווײַטנס האָבן מיר געזען, אַז אין

אויטאָ איז געבליבן אַ צווייטער רויט־אַרמייער. ער איז געזעסן נישט בײַם רעדל, נאָר אויפֿן באַרג דראָט. צו אים זײַנען מיר צוגעגאַנגען בעטן אַ צײַטונג.

—איך האָב נישט! — האָט דער רויט־אַרמייער געענטפֿערט אין רוסיש.

אָבער באַלד האָט ער צוגעגעבן אויף אידיש:

— אידן, דאַכט זיך, אַ?

— יאָ, אידן.

— פֿון וואַנען זענט איר? היגע?

— ניין, נישט היגע, פֿון וואַרשע!

— "בעזשענצעס"? *) אַנטלאָפֿן פֿון היטלערן?

— יאָ, מיר זײַנען אַוועק פֿון וואַרשע איידער היטלער איז אַהין אַרײַן.

דער רויט־אַרמייער, וואָס איז געלעגן אויפֿן באַרג דראָט, איז געווען אַ קליין מאָגער אידיש זעלנערל. זײַנע אויגן האָבן פֿרײַנטלעך געשמייכלט. ער האָט זיך גוט אײַנגעקוקט אין אונדזערע פּנימער און צום סוף גענומען שטעלן ווײַטערדיקע פֿראַגן:

— ווי לאַנג זענט איר שוין אַוועק פֿון וואַרשע?

— פֿיר וואָכן צײַט...

— געלאָזן דאָרט די פֿאַמיליעס?

— יאָ, אַלעמען...

— נו, און איצט? וואָס וועט איר איצט טאָן?

— מיר ווייסן נאָך אַליין נישט...

דאָס קליינע מאָגערע זעלנערל האָט, באַדויערנדיק, געשאָקלט מיטן קאָפּ. אַ טרויער, אַ מעלאַנכאָליע איז געלעגן אין זײַנע אידיש־לעכע אויגן — אַזאַ טיפֿער טרויער, אַז עס האָט אַזש מיך אַ קלעם־געטאָן פֿאַרן האַרץ.

— דאָס טויג נישט! — האָט ער געזאָגט שטיל, מיט מיטגעפֿיל.

בערמאַן, וועלכער איז געשטאַנען נעבן מיר, האָט כּמעט ווי זיך נישט באַטייליקט אין געשפּרעך. ער האָט מיך געלאָזט ענטפֿערן אויף אַלע פֿראַגן. עס האָט אויף מיר געמאַכט דעם אומהיימלעכן אײַנדרוק, ווי ער וואָלט וועלן זען, צי איך האָב נישט בדעה „אָפּצונאַרן". ער אַליין האָט אַרײַנגעוואָרפֿן אין געשפּרעך בלויז געציילטע ווערטער.

---

*) פֿליכטלינגע.

— וואָס איז אײַער באַשעפֿטיקונג? — האָט דער רויט־אַרמייער אין אַ געוויסן מאָמענט געפֿרעגט אַלץ נאָך מיטן זעלבן מיטגעפֿיל, וואָס פֿריער.

— זשורנאַליסטן — האָב איך געענטפֿערט און גוט זיך צוגעקוקט צו זײַן געזיכט, וואָסער אײַנדרוק עס וועט מאַכן אויף אים אַ באַגעגעניש מיט אידישע זשורנאַליסטן „פֿון יענער זײַט"...

עס האָט ווירקלעך געמאַכט אויף אים אַן אײַנדרוק.

— אַזוי? זשורנאַליסטן? — האָט ער אויסגעצויגן דאָס וואָרט און דער פֿריִערדיקער אויסדרוק פֿון מיטגעפֿיל אויף זײַן געזיכט האָט זיך געביטן אויף אַן אויסדרוק פֿון נײַגיר — אין אידישע צײַטונגען האָט איר געאַרבעט?

— אין אידישע! — האָב איך געענטפֿערט.

אין דער מינוט האָט דער געשפּרעך זיך איבערגעריסן, ווײַל דער מיליטער־מאַן, וועלכער איז פֿריִער אויסגעשטיגן פֿון אויטאָ, האָט מיט שנעלע און ענערגישע טריט זיך גענומען דערנענטערן צום אויטאָ.

דאָס איז געווען אַ מיטליאָריקער געדיכטער ברונעט מיט גרויסעברילן אין שוואַרצער ראַם. אין דער ערשטער מינוט האָט ער מיר אויסגעזען אַזוי ענלעך צו זלמן רײַזענען פֿון ווילנע, אַז עס איז ממש מיר געלעגן אויפֿן שפּיץ צונג דער אויסרוף: „אָ, רײַזין, ווי אַזוי קומט איר אַהער?", אָבער אויגנבליקלעך האָב איך זיך געכאַפּט, אַז דאָס איז אוממעגלעך, ווײַל זלמן רײַזין איז דאָך נישט קיין סאָוויעטישער בירגער, און ער געפֿינט זיך מסתמא איצט גאָר אין ווילנע.

דער מיליטער־מאַן איז דערווײַל צוגעקומען צום אויטאָ. פֿאַררוקנדיק עפּעס אַ פּאַפּיר אין גרויסן מאַנקעט פֿון אַרבעל, האָט ער געעפֿנט דאָס טירל פֿון לאַסט־אויטאָ, און גלײַכצײַטיק געקוקט אויף אונדז מיט אַ פֿאַרשנדיקן בליק, ווי איינער זאָגט: „ווער זײַט איר דאָס אַזוינע?"

— זיי האָבן געוואָלט אַ צײַטונג! — האָט דאָס מאָגערע זעלנערל אונדז „פֿאָרגעשטעלט" אויף אידיש.

— אַ צײַטונג? צו וואָס דאַרפֿט איר אַ צײַטונג? — האָט דער צוגעקומענער אונדז געשטעלט אַ קלאָץ־קשיה, וואָס האָט אַביסל געשמעקט מיט ביטול.

גערעדט האָט ער, פּונקט אַזוי ווי דאָס זעלנערל אויפֿן באַרג דראָט, אַ ריינעם אוקראַינישן אידיש.

— מיר ווילן זיך עפּעס דערוויסן וועגן קריג — האָב איך אים געענטפֿערט.

— וואָסער קריג? נישטאָ קיין שום קריג! — האָט יענער נאָך אַלץ גערעדט מיטן פֿריִערדיקן הוזק־טאָן.

— דאָס זײַנען ליטעראַטן, שרײַבער פֿון וואַרשע! — האָט אַרײַנגעוואָרפֿן אַ וואָרט דאָס מאָגערע זעלנערל אויפֿן באַרג דראָט — זשורנאַליסטן פֿון וואַרשעווער צײַטונגען!

ער האָט אַראָפּגעקוקט פֿון אויטאָ צו אונדז מיט אַ מילדן, האַלבפֿאַרשעמטן שמייכל, ווי ער וואָלט זיך געפֿילט שולדיק צוליב דעם צו־ביליקן טאָן פֿון יענעם אויסגעפּוצטן מיליטער־מאַן, וואָס איז געשטאַנען מיט איין פֿוס אויף די שטיגלעך פֿון אויטאָ.

— זשורנאַליסטן? — האָט דער לעצטער זיך פּלוצלונג פֿאַראינטערעסירט און אַראָפּגענומען דעם פֿוס פֿון אויטאָ־שטיגל — אין וועלכע צײַטונגען האָט איר געאַרבעט?

— אין אידישע...

— אַ סך אידישע צײַטונגען געווען בײַ אײַך אין וואַרשע?

— אַ היפּש ביסל...

— און וואָס: די פּוילישע רעגירונג האָט נישט געשטערט?

— איינע האָט זי געשטערט, די אַנדערע נישט...

דער ענטפֿער האָטביידן פֿאַראינטריגירט. דער שיין־אויסגעפּוצטער מיליטער־מאַן האָט שוין גערעדט אָן חוזק אין זײַן טאָן.

— און וואו האָט איר געאַרבעט? — האָט ער געפֿרעגט.

איך בין נישט זיכער, צי ווען איך וואָלט געווען אַליין, וואָלט איך געזאָגט דעם אמת. איך האָב צו גוט געוואוסט פֿון דער ערשטער מינוט אָן, וואָס מען קען פֿון די באָלשעוויקעס דערוואַרטן אַלס בונדיסט. אָבער איך בין געווען אין אַ געצוואונגענער לאַגע, ווײַל איך בין נישט געווען אַליין. בערמאַן איז געשטאַנען נעבן מיר און אַ צופֿרידענער געשמייכלט...

— דער דאָזיקער איד — האָב איך אָנגעוויזן מיט דער האַנט אויף בערמאַנען — האָט געאַרבעט אין דער „אידישער טעלעגראַפֿן־אַגענטור" און איך האָב געאַרבעט אין דער „פֿאָלקסצײַטונג"...

— „פֿאָלקסצײַטונג"?... „פֿאָלקסצײַטונג"?... — האָט דער שיין־געקליידעטער מיליטער־מאַן זיך גענומען אומגעדולדיק רײַבן דעם שטערן — געווען אַמאָל בײַ אונדז אין קיִעוו אַזאַ צײַטונג!... דאַכט זיך, אַז בעת דער רעוואָלוציע האָט דער „בונד" אַרויסגעגעבן בײַ אונדז אין קיִעוו אַזאַ צײַטונג?...

— מײַן צײַטונג אין וואַרשע איז אויך געווען אַ בונדישע — האָב איך בלית־ברירה געשטעלט דעם פּינטל אונטערן איד.

דער שיין־געקליידעטער מיליטער־מאַן האָט זיך פֿרײַ צעלאַכט:

— אָ! — האָט ער אויסגערופֿן — איצט וועט איר מוזן איבערדרייען דעם פּעלץ! ווײַטער וועט דאָס נישט גיין!

לאַכנדיק מיט עפּעס אַ פֿאַרשײַטן, בײַסיקן געלעכטער, האָט ער ווידער געעפֿנט דאָס טירל פֿון אויטאָ און זיך אַרײַנגעזעצט אינעווייניק.

— איצט וועט דאָס מער נישט גיין! — האָט ער אַ צופֿרידענער אַרויסגערעדט פֿון אויטאָ דורכן פֿענצטערל — איצט, פֿעטערל, וועט איר מוזן איבערדרייען דעם פּעלץ וואָס-שנעלער!...

בערמאַן איז געשטאַנען נעבן מיר און געשמייכלט אין אַ געוויסער פֿאַרלעגנהייט.

— ווײַל?... — האָב איך זיך נישט געקענט אײַנהאַלטן — אויב נישט?...

— אויב נישט — האָט יענער זיך ווידער הילכיק צעלאַכט — אויב נישט וועט זײַן אַזוי..

און ער האָט אָנגעוויזן מיט דער האַנט אויפֿן האַלז, ווי מען פֿירט אַ מעסער אַהין און צוריק:

— אַז נישט, פֿעטערל, וועט זײַן כי־כי...

ער האָט, זעט אויס, אַליין דערפֿילט די גראָבקייט פֿון זײַן האַלטונג און ער האָט פּלוצלונג גענומען רעדן מיט געמאַכטער וואַרעמקייט אין דער שטימע:

— נו, נו, לאָמיר זיך נישט קריגן! אויף דעם וועלן מיר נאָך האָבן אַ היפּש ביסל צײַט. איצט בלײַבט איר דאָך מיט אונדז?

— יאָ, מיר פֿאָרן קיין ווילנע!

— וואָס־זשע וועט איר דאָרטן טאָן?

— דאָרטן איז פֿאַראַן אַ אידישער וויסנשאַפֿטלעכער אינסטיטוט, וועלן מיר דאָרטן אַרבעטן.

— כ'ווייס, כ'ווייס... „איוואָ", דאַכט זיך, אַ?

— יאָ, „איוואָ"!

— און ווי געפֿעלט אײַך בכלל בײַ אונדז?

— גאַנץ גוט! באַזונדערס געפֿעלט מיר דער דעמאָקראַטישער גײַסט אין דער אַרמיי!

— אָ, זעט איר...

— מיר געפֿעלט באַזונדערס די הברשאַפֿט צווישן אָפֿיציר און זעלנער!

— אָט, זעט איר! נעמט אונדז ביידן — האָט ער אָנגעוויזן מיט דער האַנט אַרויף צום מאָגערן זעלנערל — איר מיינט דאָך מסתּמא, אַז ער האָט דעם מינדעסטן דרך־ארץ? אין דינסט איז נאָך צו דער־לײַדן. אָבער אויסערן דינסט האָט ער נישט דעם מינדעסטן דרך־ארץ! טרעפֿט, אָקאָרשט, וועגן וואָס ער האָט נעכטן אַ גאַנצן טאָג זיך געשפּאַרט מיט מיר אין פֿעלד? ער האָט אַ גאַנצן טאָג נישט אויפֿגעהערט צו שרײַען, אַז שלום-עליכם האָט אַ שענערע און רײַ־

בערע אידישע שפּראַך, ווי מענדעלע? ער האָט מיר בשום־אופן נישט געוואָלט נאָכגעבן, אַז מענדעלעס שפּראַך איז רײַכער און אַז זײַן סטיל איז שענער...

אויף אַזאַ ווענדונג פֿון אונדזער געשפּרעך האָב איך מיט אַ מינוט צוריק אַמוויניקסטן זיך געריכט.

—נו, זאָגט איר! — האָט זיך דאָס זעלנערל אויפֿן באַרג דראָט אינגאַנצן אַ הויב געטון און זיך אַראָפּגערוקט האַרט צו מײַן געזיכט — זאָגט איר, אַדרבא: צי בין איך נישט געווען גערעכט? ווער פֿון זיי ביידן האָט אַ רײַכערע שפּראַך און אַ שענערן סטיל?

עס האָט זיך אַנטוויקלט צווישן אונדז דרײַ אַ וויכּוח, אין וועלכן דער סימפּאַטישער זעלנער איז לײַדער געבליבן איזאָלירט.

—נו — האָט טריאומפֿירנדיק זיך אָפּגערופֿן דער אָפֿיציר — איצט, אַז אַ בונדאָוויעץ האָט מיר שוין געגעבן גערעכט, וועט איר שוין נאָכגעבן?

—איך בין נישט מסכּים! איך בין נישט מסכּים! — האָט דאָס זעלנערל זיך געהיצט.

—נו, פֿאַרפֿאַלן! — האָט זיך אָפּגערופֿן דער אָפֿיציר — וועט מען עס אָפּלייגן אויף אַן אַנדערש מאָל. מען דאַרף פֿאָרן!

דער אָפֿיציר האָט גענומען אָנציִען די הענטשקעס אויף די הענט. נעבן אים איז געזעסן נאָך אַ רויט־אַרמייער, נישט קיין איד. ער האָט געדולדיק איבערגעוואַרט אונדזער גאַנצן געשפּרעך. ערשט ווען דער אָפֿיציר האָט אים געגעבן אַ צײַכן, האָט ער געלאָזן אין גאַנג דעם מאָטאָר.

— נו, זײַט געזונט! — האָט דער אָפֿיציר געזאָגט אויף געזעגענונג.

און ווי ער וואָלט זיך פּלוצלונג עפּעס דערמאָנט, האָט ער זיך געווענדעט דירעקט צו מיר מיט אַ פֿראַגע:

—היטלער שלאָגט עפּעס שטאַרק אידן?

—לויט די ידיעות, וואָס קומען אָן, מאַכט ער שרעקלעכע פּאָג־ראָמען... עס איז טאַקע אַן עוולה, וואָס איר נעמט זיך נישט צו אים...

איך האָב קוים אַרויסגעזאָגט דאָס דאָזיקע וואָרט, ווי דער אָפֿיציר האָט זיך גענומען וואַרפֿן און זיך בײַזערן, אַז איך האָב געמיינט ווער־ווײַס מיט וואָס דאָס וועט זיך ענדיקן.

—אָט דאָס איז עס! — האָט ער גענומען זיך בייזערן — די אַלטע בונדישע טאַקטיק פֿון זוכן חטאים... וואָס געפֿעלט אײַך נישט, וואָס? פֿאַר אײַך זאָלן מיר זיך אפֿשר שלאָגן? פֿאַר אײַערע פּאָליאַקן?

—איר דאַרפֿט שלאָגן היטלערן, ווײַל היטלער איז דער גרעסטער שונא פֿון ראַטן־פֿאַרבאַנד...

— מיר מוזן פֿירן רעאַל־פּאָליטיק! מיר מוזן זײַן פּראַקטיש!...
איר וועט שוין שטענדיק געפֿינען אַ גרונט צו באַרעדן דעם ראַטן־
פֿאַרבאַנד!... אָבער איצט וועט דאָס מער נישט גיין!... איצט
וועט איר מוזן איבערדרייען דעם פּעלץ!..

— און אויב נישט? — האָב איך געענטפֿערט שוין אָן אויפֿ־
געראָגטער; איך בין געווען געריצט און איך האָב שוין קוים גע־
הערשט איבער זיך.

— אויב נישט? — האָט זײַן צאָרן זיך פּלוצלונג צעשוואומען
אין אַ הילכיק געלעכטער — אויב נישט וועט זײַן כי־כי...

און ער האָט ווידער אויסגעפֿירט מיט דער האַנט אַ באַוועגונג,
ווי מען שנײַדט איבער עמעצנס האַלז.

— איך געדענק נאָך גוט — האָט ער געזאָגט שוין צוריק רויק
— די בונדישע מאַנעוורעס נאָך דער רעוואָלוציע!

— איר זענט דאָן געווען אַ קאָמוניסט? — האָב איך אים אַ
פֿרעג־געטון.

— ניין! — האָט ער מיר געענטפֿערט — קיין קאָמוניסט בין איך
נישט געווען, אָבער איך געדענק גוט אַלץ... אַלץ...

און אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער צוגעגעבן:

— הײַנט בין איך אויך נישט קיין באָלשעוויק... איך בין נישט
קיין פּאַרטיי־מיטגליד... איך בין אַן „אומפּאַרטייאישער"...

— און דעם „בונד" האָט איר טאַקע אַזוי פֿײַנט?

— פֿאַרוואָס זאָל מען אים נישט פֿײַנט האָבן? פֿאַרוואָס זענט
איר נישט צוגעטרעטן צום דריטן אינטערנאַציאָנאַל?

— ווײַל די דעמאָלטיקע פֿירער פֿון אינטערנאַציאָנאַל, וועלכע
איר האָט שפּעטער דערשאָסן פֿאַר סאַבאָטאַזש, האָבן אונדז נישט
געוואָלט צולאָזן צום אינטערנאַציאָנאַל! — האָב איך אים געענטפֿערט
מיט אַ וויץ

— וואָס, וואָס? — האָט ער מיך נישט פֿאַרשטאַנען.

— זינאָוויעוו — האָב איך אים אויסגעטײַטשט — האָט דעמאָלט
אָנגעפֿירט פֿון קאָמינטערן און ער האָט געפֿאָדערט, אַז מיר זאָלן
פֿאַרן אַרײַנטרעטן נאָכגעבן זאַכן, וועלכע מיר האָבן נישט געקענט
נאָכגעבן. מיר זײַנען דעריבער געבליבן אינדרויסן. אָבער איצט ווייסט
איר דאָך, אַז זינאָוויעוו איז געווען אַ סאַבאָטאַזשניק...

ענדלעך האָט ער פֿאַרשטאַנען און זיך צעלאַכט. ער איז ווידער
אַרײַן אין אַ גוטער שטימונג. דאָס זעלנערל אויבן האָט אויך גע־
שמייכלט צו אונדז מיט אַ ליבן שמייכל, ווי ער וואָלט געוואָלט זאָגן:
„מיט מיר וואָלט איר זיך נישט געדאַרפֿט קריגן און זידלען". דער
אָפֿיציר האָט אויך נישט געוואָלט אַוועקפֿאָרן אַ צעקריגטער.

— אײַ, אײַ, בונדיסטן! — האָט ער געמאַכט אַ „וויץ" — קלוגע חברה זענט איר, דאָס מוז מען מודה זײַן!

— איר האָט אַ טעות! — האָב איך אים געמאַכט אַ סיורפּריז — איינער פֿון אונדז איז גראָד אַ קאָמוניסט!

דער אָפֿיציר האָט אַ קוק געטון מיט אומצוטרוי אויף בערמאַנען:

— איר?

— יאָ, ער איז אַ קאָמוניסט, און דווקא אַ פּאַרטייאישער קאָמוניסט, און דווקא אַ קאָמוניסטישער טוער...

דער אָפֿיציר האָט זיך מיט אונדז צעשיידט אין דער איבערצײַגונג, אַז וואָס שייך בערמאַנס קאָמוניזם האָבן מיר אים געזאָגט אַ ליגן, כּדי זיך אויסצופֿײַנערן אין זײַנע אויגן. דאָס איז יעדנפֿאַלס געווען מײַן אײַנדרוק. ער האָט געקוקט אויף בערמאַנען מיט שווײַגנדיקן סקעפּטיציזם.

מיר האָבן מיט שעפֿנערן דעם טאָג לאַנג גערעדט וועגן דאָזיקן מאָדנעם אָבער כאַראַקטעריסטישן צוזאַמענטרעף. מיר זײַנען נישט געווען איבערראַשט פֿון דעם טאָן פֿון אָפֿיצירס רעדן צו מיר. מיר האָבן שוין זינט אַ צען טעג געהאַט אָפּגעשמועסט צווישן זיך, אַז אין פֿאַל פֿון אַן אַרעסט וועלן מיר זיך האַלטן אַזוי, ווי עס פּאַסט פֿאַר ווירדיקע סאָציאַליסטן. מיר האָבן זיך נישט געלאָזן פֿאַרשיכּורן פֿון דער צײַטווײַליקער פֿרײַהײַט. קענענדיק די נקמה־דורשטיקייט און אומטאָלעראַנץ פֿון קאָמוניזם, האָבן מיר כּמעט נישט געצווייפֿלט, אַז אַרעסטן וועלן קומען. עס איז נאָר געווען אַ פֿראַגע פֿון צײַט!

## 8

## כּאַאָס

עס זײַנען געווען די לעצטע טעג פֿון אונדזער פֿאַרברענגען אין שטעטל: מיר האָבן געוואַרט אויף אַ מעלדונג, אַז עס איז פֿאַר אונדז פֿאַראַן אַ פֿרײַער אויטאָבוס. יעדן אָוונט זײַנען מיר געזעסן בײַ אונדזערע דענטיסטן און געהערט דעם ראַדיאָ. די טעג האָבן מיר פֿאַרברענגט אין גאַס צווישן די אידן פֿון שטעטל, מיט דער אָרטיקער אינטעליגענץ און אַרבעטער. עס האָט זיך געוואָלט וואָס מער זען און הערן. און עס איז ווירקלעך געווען וואָס צו זען און וואָס צו הערן. עס האָבן זיך געענדערט די לעבנס־באַדינגונגען, עס האָט זיך גענומען ענדערן די אַטמאָספֿער און עס האָט ראַש זיך גענומען בײַטן די פּסיכאָלאָגיע פֿון די מענטשן.

דורך דער שטאָט זײַנען נאָך אַלץ געפֿאָרן גרויסע און קליינע מיליטערישע טראַנספּאָרטן. אמת, קיין שוועבעלעך און פּאַפּיראָסן

האָט מען שוין פֿון די אויטאָס נישט געוואָרפֿן, קיין קאָפּיקעס אויך נישט, אָבער די באַציאונג צו דער אָרומיקער באַפֿעלקערונג איז נאָך געווען די זעלבע, וואָס אין די ערשטע טעג. אויך די פּאָליטישע אַגיטאַציע איז אָנגעגאַנגען, ווי אין אָנהייב. זי האָט איצט אָנגענומען מער אָרגאַניזירטע פֿאָרמען.

נישט געווען קיין איין באָלשעוויסטישער גאַסן-אַגיטאַטאָר, וואָס זאָל פֿאַרגעסן אויסצוטײַטשן די מענטשן אַרום אים, אַז איצט וועט דאָס פֿאָלק אַליין רעגירן.

— מיר זײַנען געקומען אײַך באַפֿרײַען פֿון אײַער ביז-איצטיקער קנעכטשאַפֿט! — איז געווען די פֿראַזע פֿון יעדן סאָוויעטישן אַגיטאַטאָר — איצט וועט איר אַליין אײַנאָרדענען אײַער לעבן, ווי איר וועט וועלן.

אָבער די נײַע מאַכט-אָרגאַנען זײַנען אויסגעבויט געוואָרן אין אַבסאָלוטער סתירה צו דעם דאָזיקן צוזאָג.

דער פֿאַקטישער פּאָליטישער און אַדמיניסטראַטיווער באַלעבאָס איז געווען אַ מיליטער-מאַן. אויסער אים האָט פֿונקציאָנירט אַ קרײַז-קאָמיסיע און אַ שטאָטישע מאַכט צו פֿאַרוואַלטן מיטן שטעטל. די דאָזיקע קערפּערשאַפֿטן זײַנען נישט געווען קיין געוויילטע נאָר באַשטימטע. דערבײַ האָט מען בפּירוש געזאָרגט דערפֿאַר, אַז נישט די בעסטע מענטשן פֿון געגנט זאָלן נאָמינירט ווערן, נאָר מען האָט אײַנגעשטעלט אַ פּרינציפּ, אַז די „ערשטע אַמטן" מוזן פֿאַרנעמען אוקראַינער. עס איז דערגאַנגען צו שרעקלעכע קוריאָזן. נישט אומעטום זײַנען געווען אוקראַינער קאָמוניסטן, וועלכע זאָלן זײַן צוגעפּאַסט צו אַזעלכע אַמטן. מען האָט דעריבער אָפֿט נאָמינירט אַזוי-גערופֿענע „אומפּאַרטייאישע" אוקראַינער. וואָס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן? גראָד די פֿירער פֿון די אוקראַינער פֿאַשיסטיש-נאַציאָנאַליסטישע קרײַזן זײַנען נאָמינירט געוואָרן אין פֿיל ערטער אויף וויכטיקע אַמטן. עס פֿלעגט אין מײַסטן פֿאַלן וויניק העלפֿן, וואָס מען פֿלעגט מעלדן דער סאָוויעטישער מאַכט, אַז דער דאָזיקער פּאַרשוין איז נאָך מיט געציילטע וואָכן צוריק געווען אַ באַקאַנטער טוער פֿון דער „אָ. או. נ." (אוקראַינער פֿאַשיסטישע אָרגאַניזאַציע). פֿאַרן סאָוויעטישן קאָמיסאַר פֿלעגט אָפֿט זײַן אַ יחוס אַזאַ פּאַרשוין, ווײַל די אָרטיקע אוקראַינער פֿלעגן אויפֿנעמען אַזאַ נאָמינאַציע זייער גוט. די „אָ. או. נ." איז געווען אין פּוילן אַ פֿאַרבאָטענע אָרגאַניזאַציע, ווײַל זי האָט געפֿירט אַ פֿאַרביסענע טעראָר-אַרבעט (צווישן אַנדערן האָט זי אָרגאַניזירט דעם אַטענטאַט אויף דעם פּוילישן אינערן-מיניסטער פּיעראַצקי), אָבער בײַ די אוקראַינישע פּויערים האָט זי די לעצטע יאָרן, לײַדער, געהאַט גרויס אָנזען. איך געדענק, ווי איך האָב —

בעת איינעם פֿון אונדזערע געשפּרעכן מיטן קאַפּיטשינצער קאָמיסאַר יעמיעץ — אים געזאָגט, אַז די גאַנצע שטאָט וואונדערט זיך, וואָס מען האָט אַרײַנגעלאָזן אין דער רויטער מיליץ די ערגסטע פֿאַשיסטישע און אַנטיסעמיטישע אויסוואורפֿן פֿון שטעטל. דער קאָמיסאַר האָט עס לײַכט אָוועקגעמאַכט מיט דער האַנט:

— נישקשה — האָט ער געענטפֿערט גרינגשעצנדיק — מיר האָבן אויף זיי אַן אויג!

— יאָ, אָבער דערווײַל קריגן זיי דאָך וואָפֿן אין האַנט אַרײַן!

— דאָס איז גאָרנישט! איצט וועלן זיי ווערן אַנדערע מענטשן!...

עס האָבן אָנגעהויבן אָנקומען ידיעות וועגן אָרגאַניזירטע פּאַר־טיזאַנישע אָנפֿאַלן אויף סאָוויעטישע מענטשן. אין גאַנצן אומגעגנט האָט מען נישט אויפֿגעהערט דערציילן וועגן נאַכט־שיסערײַען. ווער האָט אויסגעפֿירט די דאָזיקע אָנפֿאַלן? פֿון וואַנען האָבן די אָנפֿאַלער געהאַט געווער? דאָ האָט זיכער געשפּילט נישט קיין קליינע ראָל דאָס, וואָס די לײַט פֿון „אָ. או. נ." איז אַזוי לײַכט אָנגעקומען דאָס אַרײַנשטופּן זיך אין די וויכטיקסטע אַמטן.

אין דער נאַכט פֿון 22־טן אויפֿן 23־טן סעפּטעמבער איז נעבן איינעם פֿון די קאַפּיטשינצער רעגירונגס־בנינים דערשאָסן געוואָרן עפּעס אַ פּאַרדעכטיקער פּאַרשוין. ווען די באַפֿעלקערונג איז אײַנ־דערפֿרי אַרויס אין גאַס, האָט זי דערזען, אַז די רויט־אַרמייער דרייען זיך אַרום אין אַלע געסלעך מיט געלאָדענט געווער. אין געוויסע ערטער האָט מען זייער שטרענג געטריבן די מענטשן פֿון די טראָ־טואַרן. אין דער ערשטער מינוט איז אידן אײַנגעפֿאַלן, אַז דאָס רעכע־נען זיך די באָלשעוויקעס אָפּ מיט די אידן צוליב זייער פֿרומקייט (עס איז גראָד געווען יום־כּיפּור). אָבער אינגיכן האָבן זיי זיך דער־וואוסט, אַז די פּאַקטישע סיבה איז אַן אַנדערע: עפּעס אַ פּאַר־דעכטיקע נאַכט־שיסערײַ. קיין שום קאָנסעקווענצן זײַנען פֿון דעם אין שטאָט נישט געווען. אַלע פּאַרדעכטיקע נאַציאָנאַליסטישע עלע־מענטן זײַנען ווײַטער פֿאַרבליבן אויף זייערע אַמטן. עס האָט בלויז געהערשט עטלעכע טעג אַ זייער אומהיימלעכע אַטמאָספֿער אין די גאַסן. די באַפֿעלקערונג איז נישט געוואוינט געווען צו זען אַזעלכע שטרענגע סאָוויעטישע פּנימער.

אין איינעם אַ מאַרק־טאָג האָבן אוקראַאינישע מיליציאָנערן גענומען אַגיטירן די פּויערים נישט צו פֿאַרקויפֿן גאָרנישט צו די „זשידעס". עס איז געוואָרן זייער „היים". די אַטמאָספֿער אין מאַרק האָט שטאַרק דערמאָנט אָן די צײַטן, ווען די ענדעקישע פֿאַשיסטן פֿלעגן אַרומ־רינגלען די פּוילישע מערק און העצן די פּויערים קעגן אידן...

צום גליק האָבן עטלעכע דרייסטערע פּרויען זיך געוואָרפן אויף די מיליציאָנערן און זיי גענומען דראָען, אַז זיי וועלן אַוועק מיט אַן אָנקלאַגע צום קאָמיסאַר. די אוקראַאינישע מיליציאָנערן האָבן זיך געכאַפּט, אַז זיי טוען זייער פּאָגראָם־אַרבעט שוין צו אָפן, און זיי האָבן זיך גענומען צוריקציִען:

—וואָס? — האָט איינער פון זיי זיך געוואָרפן אויף אַ פּיפּיק שפּיצל — איך האָב גערעדט וועגן „זשידעס"? נישט אמת! נישט אמת! איך אַגיטיר בלויז, אַז מען זאָל גאָרנישט נישט פאַרקויפן די בורזשויעס!...

און ער האָט כיטרע גענומען אונטערווינקען צו זײַנע קאָלעגן מיטן אייגל:

—די בורזשויעס — האָט ער גענומען שרײַען — ווילן אַלץ אויסקויפן! מען דאַרף זיי גאָרנישט נישט פאַרקויפן!...

זײַנע לײַט, די פאַשיסטישע כוליגאַנעס פון דער „אָ. או. נ.", האָבן פאַרשטאַנען דעם וואונק און זיי האָבן פאַרביטן דאָס וואָרט „זשיד" אויפן וואָרט „בורזשוי", פירנדיק ווײַטער די זעלבע אַגיטאַציע, וואָס פריִער.

עס האָט זיך געשאַפן אַזאַ לאַגע, אַז עס איז שיעור נישט געקומען צו אַ געשלעג צווישן די אידישע מיליציאָנערן, וועלכע זײַנען געקומען צולויפן אין מאַרק אַרײַן, מיט די אוקראַאינישע קאָלעגן זייערע, די נעכטיקע פּאָגראָמשטשיקעס פון דער „אָ. או. נ."...

די באַוואוסטזיניקע קאָמוניסטן פון שטעטל זײַנען געווען זייער אומצופרידן מיט דער געשאַפענער לאַגע. זיי האָבן שטאַרק גע־מורמעלט. מען האָט זיי אַלע פונאַנדערגעזעצט אויף צווייט־ראַנגיקע פּאָסטנס, בעת די וויכטיקסטע אמטן האָבן פאַרנומען מענטשן, וואָס האָבן זיך צו דעם נישט געטויגט, אָבער וועלכע האָבן געהאַט איין מעלה: זיי זײַנען געווען אוקראַאינער...

דאָס איז נישט געווען עפּעס אַן אײַנפאַל פון אונדזער קרײַז־קאָמיסאַר. איך האָב זיך באַגעגנט שפּעטער מיט די זעלבע פאַקטן — אָפטמאָל אין אַ נאָך שרײַענדיקערער פאָרם! — אין פיל אַנדערע ערטער אין גאַליציע. דאָס איז געווען אַ שטרענגער קורס, וואָס איז אָנגעווענדעט געוואָרן איבעראַל, אַזוי פון דער צענטראַלער מאַכט, ווי פון די לאָקאַלע סאָוויעטישע פאַרשטייער.

באַזונדערס האָט פאַרדראָסן די אידישע באַפעלקערונג, וואָס די פּובליקאַציעס פון דער צענטראַלער מאַכט האָבן שטענדיק גערעדט נאָר וועגן דער שווערער לאַגע פון די אוקראַאינישע און ווײַסרוסישע „בלוט־ברודער", פאַרשווײַגנדיק אינגאַנצן די מיליאָניקע אידישע

באַפֿעלקערונג. די אַרטיקע מאַכט־אָרגאַנען האָבן געדרוקט זייערע פֿאַראָרדענונגען אין אוקראַיניש און פּויליש, אָבער נישט אין אידיש.

— ווען מיר איצט אויך זײַן מענטשן פֿון דער צווייטער קאַטעגאָריע? — האָט מען גענומען ציִען מיט די אַקסלען, קאָמענטירנדיק צווישן זיך די אַלע זאַכן.

גראָד אין דער הינזיכט האָט דער קאָמוניזירנדיקער טייל פֿון דער אידישער אינטעליגענץ שטאַרק גענומען פֿאַרטיידיקן די האַנדלונג פֿון די מאַכט־אָרגאַנען. איינצלנע אידישע קאָמוניסטן, וועלכע זײַנען שוין געווען באַלעבאַטים איבער געוויסע רעסאָרטן פֿון פּראַקטישער שטאָטישער ווירטשאַפֿט, האָבן אַליין אויך געלאָזן דרוקן זייערע קאָמוניקאַטן אין אוקראַיניש און פּויליש:

— ווער דאַרף אידיש? — האָבן זיי גענומען ליאַרמען מיט אַסימילאַטאָרישער אומווירדע — אַלע דאַרפֿן הײַנט רעדן פּויליש אָדער אוקראַיניש...

איך האָב געהערט מיט מײַנע אויערן, ווי אַ אידישער קאָמוניסט האָט אַזוי פֿאַרטיידיקט דאָס דרוקן קאָמוניקאַטן בלויז אין אוקראַיניש און פּויליש:

— הײַנט — האָט ער געטענהט — הערשט גלײַכהײַט, דאַרפֿן די אידן רעדן מיט אַלעמען גלײַך!...

ווען מען האָט גענומען אָרגאַניזירן די שולן, האָט די שול־מאַכט בײַם אַדורכפֿירן די רעגיסטראַציע פֿון די קינדער, אָנגעפֿרעגט די עלטערן, אין וואָסער שפּראַך זיי ווילן דערציִען זייערע קינדער. אונדזער באַלעבאָס האָט געוואָלט אָנגעבן, אַז ער וויל אַ אידישע שול. אָבער די פֿאַרשרײַבער האָבן אים געענטפֿערט, אַז קיין אידישע שול וועט נישט פֿאָרויסגעזען. אין דער אַלגעמיינער אוקראַאינישער שול — האָבן זיי אים געזאָגט — וועט מען אײַנפֿירן פֿאַר אידישע קינדער אידיש אַלס קענגשטאַנד...

דערפֿאַר האָט די גאַנצע באַפֿעלקערונג שטאַרק אָנגעקוואָלן פֿון די רעדעס, וועלכע עס האָט יעדן אָוונט געהאַלטן דער קאָמיסאַר יעמיעץ. יעדן אָוונט האָט מען גערופֿן אַן אַנדער פֿאַרזאַמלונג און אויף יעדער פֿון זיי איז אַרויסגעטרעטן דער קאָמיסאַר. ער האָט גערעדט אויף אַ פֿאַרזאַמלונג פֿון קרעמער, אויף אַ פֿאַרזאַמלונג פֿון באַלמעלאָכעס א. אַ. וו. יעדעסמאָל האָט ער דערציילט די פֿאַרזאַמלטע, ווי אַזוי אַלץ איז אײַנגעאָרדנט אין ראַטן־פֿאַרבאַנד. ער פֿלעגט מאָלן פֿאַר זײַנע צוהערער אַזעלכע בילדער, אַז אַלע פֿלעגן זיצן ווי באַרוישטע.

ערגער איז געווען מיט די קרעמער. די דרייסטערע האָבן גענומען שטעלן פֿראַגן: וואָס וועט פֿון אונדז ווערן? איצטער זײַנען מיר

דאָך קרעמער און איר דאַרפֿט קיין קרעמער נישט האָבן? וואָס וועט איר מיט אונדז מאַכן?

אָבער קאָמיסאַר יעמיעץ איז געווען אַ מילדער און גערולדיקער מענטש. ער פֿלעגט רואיק אויסהערן אַלע פֿראַגן און אויף אַלע ענטפֿערן.

— נישטקשה, איר וועט נישט פֿאַרלוירן גיין! מיר וועלן פֿאַר אײַך אַלעמען געפֿינען אַרבעט! איר וועט בעסער לעבן, ווי איר האָט געלעבט אין פּוילן! דערווײַלע עפֿנט די קראָמען און פֿאַרקויפֿט אַלץ לויט די אַלטע פּרײַזן...

אַמהאָפֿערדיקסטן האָבן זיך געפֿילט אין שטעטל די באַלעמעלאָכעס. זיי האָבן זיך די לעצטע טעג פֿיל אָנגעהערט וועגן אַרטעלן אין ראַטן־פֿאַרבאַנד. זייערע אויגן האָבן געגלאַנצט, ווען זיי האָבן געהערט, אַז דורך די אַרטעלן קענען די באַלעמעלאָכעס ווײַטער בלײַבן באַלעבאַטים איבער זייער געצײַג...

אַ געוויסן טאָג האָב איך זיך צוגעהערט פֿון אַ זײַט צו אַ געשפּרעך צווישן 2 באַלעמעלאָכעס. איינער האָט געטראָגן אַ שווערע ניי־מאַשין און דער צווייטער האָט אים אָפּגעשטעלט, כּדי זיך בײַ אים צו דער־וויסן, וואו ער שלעפּט ערגעץ די מאַשין.

— איר ווייסט נישט? — האָט יענער אַראָפּגעלאָזט די מאַשין און אָפּגעסאַפּעט — מיר גייען דאָך גרינדן אַן אַרטעל! מען זאָגט, אַז עס וועט איצט זײַן בעסער...

דאָס פֿאַרשוויצטע פּנים האָט ברייט געשמייכלט און אין די אויגן האָט געפֿלאַמט אַ האָפֿענונג.

דאָס שטעטל האָט געהאַט אַרום אַ צענטליק יוריסטן און אויך זיי זײַנען אַוועק צום קאָמיסאַר יעמיעץ:

— וואָס וועט איצט זײַן מיט אונדז? — האָבן זיי געפֿרעגט.

יעמיעץ האָט זיי לאַנג דערציילט וועגן דער אָרגאַניזאַציע פֿון דער יוסטיץ אין ראַטן־פֿאַרבאַנד. ער האָט זיי פֿאַרזיכערט, אַז ווי נאָר אַלץ וועט זיך אײַנשטעלן, וועט מען אײַנאָרדענען פֿאַר זיי אַ קורס און זיי וועלן שפּעטער ווערן סאָוויעטישע געריכטס־לײַט.

דאָס שטעטלדיקע בירגערטום האָט גענומען חנפֿענען דעם „פּראָסטן נאַראָד" און זיך מיט אים חברן. איר האָט געקענט זען, ווי אַ „שיינער באַלעבאָס", וועלכער האָט נעכטן קוים געענטפֿערט אַ דורכשניטלעכן פֿאָלקס־מענטש מיט אַ „גוט מאָרגן!", האָט הײַנט געהאַט פֿאַר יענעם דעם ליבלעכסטן שמייכל. פֿאַרוואָס? ווײַל יענער טראָגט איצט אַ רויטן אָרעם־באַנד. אָבער קוים פֿלעגט יענער מיטן אָרעם־באַנד אָפּגיין עטלעכע טריט ווײַטער, האָט איר געקענט הערן, ווי דער „שיינער באַלעבאָס" זיפֿצט אָפּ:

— צייַטן, צייַטן אויפֿגעקומען! וואָס איז דאָס? אַ גאָרנישט, אַ „באַטיאַר", *) און מיטאַמאָל מוזטו זיך צו אים בוקן און בייגן...

אונדזער באַלעבאָס האָט די אַלע זאַכן אויפֿגענומען מיט גרויס זאָרג, אָבער אָן פּאַניק. זייַן פֿרוי האָט נישט געהאַט קיין רואיקע מינוט אין טאָג:

— פאַניע שעפֿנער, פאַניע שוואַרץ — האָט זי גאַנצע טעג צו אונדז אַפּעלירט, ווי אַלץ וואָלט געווען אָפּהענגיק פֿון אונדז — וואָס וועט איצטער זייַן מיט אונדז? מיר וועלן טאַקע אונטערגיין? טאַקע אונטערגיין?

— פֿאַרוואָס אונטערגיין? וואָס פֿאַלט אייַך איין?

— מען זאָגט דאָך... מען זאָגט דאָך, אַז...

— אַז וואָס?...

— אַז דאָרטן, בייַ זיי, איז גאָרנישט נישטאָ! אַז דאָס לעבן איז דאָרטן קיין לעבן נישט!

זי איז געווען אַן אימפּולסיווער מענטש און זי האָט זיך גיך געלאָזן טרייסטן:

— אַזוי זאָגט איר? מיר אַלע וועלן באַקומען אַרבעט? דאַרף מען דאָך גיין אין מאַגיסטראַט אַרייַן זיך פֿאַרשרייַבן? מען פֿאַרשרייַבט דאָך דאָרטן אַלע, וואָס זוכן אַרבעט!

— אַוודאי דאַרפֿט איר גיין זיך פֿאַרשרייַבן.

— און מייַן מאַן אויך?

— אייַער מאַן אויך, אַוודאי!

— וואָסער אַרבעט קענען זיי דען געבן מייַן מאַן?

— ס'טייַטש, וואָסער אַרבעט? אין זייַן פֿאַך! ער קען זיך דאָך אויף לעדער, אויף שיך!

— אַזוי מיינט איר? איז דאָך גאָרנישט אַזוי שלעכט!...

— אַוודאי איז נישט אַזוי שלעכט...

— וועל איך דאָך אויך באַקומען אַרבעט?!

— איר וועט זיך עפּעס אויסלערנען טאָן און איר וועט פֿאַרדינען געלט...

— אוי, טאַקע — האָט זי זיך יעדן טאָג אויפֿסנייַ דערמאָנט — איך קען דאָך מאַכן קאַפּעלושן!

ווען זי איז ענדלעך אַוועק אין מאַגיסטראַט זיך פֿאַרשרייַבן, האָט זי זיך אַזוי ווי באַרואיקט, זי האָט אַפֿילו אָנגעהויבן רעדן אָפּטימיסטיש:

---

*) אַ פּוילישער אויסדרוק, באַנוצט אין גאַליציע, אויף צו באַצייכענען אַ מינדערווערטיקן מענטשן.

— הערסט, יולעק? — האָט זי אַלץ אָפּטער גענומען איבערצײַגן דעם מאַן — עס וועט שוין ווי נישט איז זײַן!... מיר וועלן נישט אומקומען!... דאַרפֿסט נישט האָבן קיין עגמת־נפֿש!...

— ווער? איך האָב עגמת־נפֿש? דאָס טומלסטו דאָך גאַנצע טעג, אַז מיר וועלן אומקומען!

ער האָט ווירקלעך נישט געטומלט און נישט גערעדט וועגן דער צוקונפֿט. אָבער געגלייבט אין דער נײַער אָרדענונג האָט ער זייער ווייניק. דאָס איז געווען צו דערקענען פֿון די גוטמוטיקע, אָבער בײַסיקע וויצן, וואָס ער פֿלעגט אַהיימברענגען פֿון שטאָט...

סײַ אירע נערוון און סײַ זיין רואיקייט, סײַ איר ווינטיק וואַרפֿן זיך פֿון פֿאַרצווייפֿלונג צו האָפֿענונג און סײַ זײַן פֿאַרביסן צוגרייטן וואָס מער געלט אויף אַ שוואַרצער שעה — דאָס אַלץ איז געווען בלויז אַן אויסדרוק פֿון דער פֿאָרקומענדיקער אויפֿטרייסלונג אין אײַנגעפֿונדעוועטן לעבן. ביז דעמאָלט האָב איך געלייענט אַזעלכע שילדערונגען וועגן דעם ערשטן פעריאָד פֿון דער סאָוויעטישער מאַכט אין סאָוויעטישע ראָמאַנען. איצט האָב איך עס געזען מיט מײַנע אייגענע אויגן. איך האָב מיך געפֿונען אין סאַמע צענטער פֿון אַ גרויסער מאַסן־טראַנספֿאָרמאַציע. דאָס שטעטל האָט פֿון מינוט צו מינוט געביטן דאָס פּנים...

# 9

## אַ מעשה מיט אַ רעוויזיאָניסט

אין די לעצטע טעג פֿון אונדזער פֿאַרברענגען אין קאָפּיטשיניעץ האָט זיך באַוויזן אין שטעטל אַ גאַסט: אונדזער אַלטער באַקאַנטער ד״ר טענענבוים פֿון כאָראָסטקאָוו, דער אַמאָליקער סעקרעטאַר פֿון ציוניסטישן דעפּוטאַטן־קלוב אין פּוילישן סיים.

ווען ער איז אַרײַנגעקומען צו אונדז אין צימער, האָב איך דעם מענטש נישט דערקענט. ער האָט געטראָגן עפּעס אַן אַלטע קורטקע, אַן אויסגעריבן היטל און אַ העמד אָן אַ קראַוואַט.

— וואָס טוט זיך מיט אײַך, ד״ר טענענבוים? ווי גייט איר עפּעס אָנגעטאָן?

— מען פּראָלעטאַריזירט זיך! — האָט ער שעלמיש געשמייכלט צו אונדז — מען דאַרף פֿאַרגעסן וואָס מען איז געווען... די קאָמוניסטן פֿון מײַן שטעטל האָבן מיר שוין פֿאָרגעשלאָגן, איך זאָל ווערן זייער פֿירער, אָבער איך האָב זיי דערווײַל אָפּגעזאָגט...
„לאָזט מיך אָפּוואַרטן — האָב איך זיי געזאָגט — אַביסל צײַט, כּדי איך זאָל זײַן ראוי צו ווערן אַ קאָמוניסט״...

ד״ר טענענבוים מיט זיַין דין שטימעלע און קליינער פיגור איז געווען זיכער, אַז מיטן אויסטאָן דעם קראַוואַט און מיטן אָנטאָן דאָס אויסגעקראָכענע קאַשקעטל אויפן קאָפּ באַוואָרענט ער זיך פאַר אַ „בייז אויג״.

— איצט וועט מען גיך דאַרפן זיך אַרומזען וועגן עפּעס אַן אַרבעט! — האָט ער געוועבט פלענער — ווי מיינט איר? מען וועט מיר גיבן עפּעס אַן אַרבעט?

— פאַרוואָס נישט? אויב איר וועט נאָר נישט טאָן אַזעלכע נאַרישקייטן, ווי דער פירער פון די היגע רעוויזיאָניסטן, וועט איר זיכער קריגן אַרבעט. די באָלשעוויקעס וועלן איצטער דאַרפן האָבן מענטשן.

די מעשה מיטן פירער פון די אָרטיקע רעוויזיאָניסטן איז געווען אַ קלאַסישער מוסטער פון דער נעבעכדיקייט, אין וועלכער עס איז אַרײַנגעפאַלן די גרעסטע טייל פון דער בירגערלעכער אינטעליגענץ אין די סאָוויעטיש־אָקופּירטע שטעט און שטעטלעך.

דער פירער פון די רעוויזיאָניסטן אין קאָפּיטשיניעץ איז געווען אַ איד, אַן אַדוואָקאַט, מיט אַ צעטומלטן קאָפּ — אַ מענטש אָן אַן אידעאישן רוקנביין. גרויזלשאַפטלעכע טעטיקייט האָט ביַי אים לחלוטין זיך נישט געפּאָרט מיט אינערלעכער איבערצייַגונג. מיט יאָרן צוריק איז ער געווען אַ קאָמוניסטישער סימפּאַטיקער — די קאָמוניסטן אין שטעטל האָבן אים יעדנפאַלס געהאַלטן פאַר זייערן אַ מענטש. שפּעטער איז ער געוואָרן דער פּרעזעס פון די קאָפּי־טשינצער רעוויזיאָניסטן פון זשאַבאָטינסקים חדר. נישט געקוקט דערויף איז ער געווען דער ערשטער נישט־קאָמוניסט פון שטעטל, וואָס איז געקומען באַלייגן דער סאָוויעטישער מאַכט אַ דעקלאַ־ראַציע, אַז ער וויל מיטאַרבעטן...

אין שטאָט האָט מען מיר דערציילט, אַז אַ שעה נאָכדעם, ווי די באָלשעוויקעס זיַינען אַריַין דעם 17־טן סעפּטעמבער קיין קאָ־פּיטשיניעץ, איז שוין געלעגן אויפן טיש פון סאָוויעטישן קאָמאַנדיר אַ דעקלאַראַציע פון רעוויזיאָניסטישן פירער ד״ר קאַץ, אַז ער איז גרייט אָנצונעמען יעדן אַמט און טריַי צו דינען מיט אַלע כּוחות דער סאָוויעטישער מאַכט...

איינער פון די אָרטיקע קאָמוניסטן האָט דערזען ביַים קאָמאַנדיר די דערמאָנטע דעקלאַראַציע, האָט ער אים דערציילט, אַז דאָס איז דער פירער פון די רעוויזיאָניסטן. ווען ד״ר קאַץ איז צומאָרגנס געקומען „איבערנעמען אַן אַמט״, האָט מען אים אויפגענומען זייער קאַלט און אַוועקגעשיקט מיט גאָרנישט. דער דאָזיקער איד האָט

אָבער נישט אויפֿגעגעבן. ער איז מיט עטלעכע טעג שפּעטער ווידער געקומען. ווען מען האָט אים אַ צווייט מאָל אָפּגעזאָגט, איז ער אַרייַנגעפֿאַלן אין אַן אמתער היסטעריע. די שטאָט איז געגאַנגען אויף רעדלעך מיטן ד"ר קאַץ און מיט זייַנע ווילדע שטיק: ער איז אַרומגעלאָפֿן צו אַלע קאָמוניסטן, אַלעמאָל אויפֿסנייַ געגאַנגען צו די סאָוויעטישע קאָמאַנדירן, זיך געבעטן, געוויינט און זיך דערנידעריקט. עס איז געווען שוין איינמאָל אַ ספּעקטאַקל!

מייַן באַגעגעניש מיט דער דאָזיקער טראַגי-קאָמישער פֿיגור איז פֿאָרגעקומען אויף אַ זייער אייגנאַרטיקן אופֿן.

איך בין אַ געוויסן טאָג געשטאַנען מיט עטלעכע שטאָטישע אינטעליגענטן און געשמועסט וועגן די נייַעס אין שטעטל. טייל פֿון די מענטשן, וועלכע זייַנען געשטאַנען אַרום, האָב איך נישט געקענט. דאָס זייַנען געווען מענטשן, וואָס זייַנען צוגעקומען אינמיטן געשפּרעך.

אין אַ געוויסן מאָמענט האָט מען גענומען רעדן וועגן דער אויסזיכט צו באַשעפֿטיקן די שטאָטישע אינטעליגענטן. עפּעס אַן אומרואיק נידעריק מענטשל מיט אַ בינטל געקרייַזלטע געלע האָר אַרום אַ פּליך אויפֿן שאַרבן האָט זיך נערוועז געריסן איבערצוצייַגן אַלעמען, אַז עס איז די פֿליכט פֿון יעדן איינעם זיך צו מעלדן בייַ דער נייַער מאַכט און איר אַרויסהעלפֿן אין איר אַרבעט.

— ווער דען — האָט ער אונטערגעזונגען אויף זייַן גאַליציאַנער פּויליש — איז ראוי אָנצופֿירן מיט די אַמטן, אויב נישט מיר, די אינטעליגענץ? אַז די אַמטן וועלן שפּעטער באַזעצט ווערן מיט אַנדערע אומפּאַסיקע מענטשן, וועלן מיר נישט האָבן קיין שום רעכט צו קריטיקירן...

איך האָב געזען, ווי די אַרומיקע האָבן חוזקדיק אונטערגעשמייכלט, קוקנדיק אויפֿן דאָזיקן דענערווירטן מענטשל, וועלכער וויל אַלעמען אַזוי הייס איבערצייַגן, אַז „מען דאַרף העלפֿן דער סאָוויעטישער מאַכט". נעבן מיר איז געשטאַנען אַ יונגער אַדוואָקאַט, וועלכער איז געווען דער גייַסטיקער פֿירער פֿון די אָרטיקע קאָמוניסטן. דאָס איז געווען דער געבילדעטסטער און סאָלידסטער פֿון אַלע קאָמוניסטן אין שטאָט. אָט דער דאָזיקער קאָמוניסט האָט בעתן רעדן פֿון דעם אומרואיקן, געלן איד כּסדר צו מיר געוואונקען און געשמייכלט. אָבער איך האָב נישט גענוי פֿאַרשטאַנען, וואָס זייַנע וואונקען באַטייַטן.

— נישטאָ הייַנט מער קיין שום אַנדערע פּאַרטייען! — האָט דאָס געלע פֿאַרשווינדל זיך געריסן, צוקנדיק נערוועז מיט די באַקן, ווי עמעץ וואָלט זיי געצויגן מיט שטריקלעך — אַלע פּאַרטייען זייַנען אונטערגעגאַנגען!... די מענטשן פֿון אַלע פּאַרטייען דאַרפֿן איצט

אונטערשטיצן די ראַטן־מאַכט!... די אינטעליגענץ דאַרף איבער־נעמען אַלע אַמטן!...

פֿון פֿאַרשידענע זײַטן האָט מען אים צוגעוואָרפֿן בײַסיקע צווישנ־רופֿן, אָבער איך האָב זיך נישט געננוי אָריענטירט אין דער גאַנצער סיטואַציע. נאָר אָט ווענדעט זיך יענער דירעקט צו מיר:

— אַדרבא — מאַכט ער — לאָמיר הערן, וואָס איר מיינט וועגן דעם?

— איך האַלט — האָב איך געענטפֿערט זייער געלאַסן — איך האַלט, אַז די פֿירער פֿון די נישט־קאָמוניסטישע גרופּירונגען דאַרפֿן זיך נישט שטויסן צום אויבנאָן, ווײַל דאָס וועט מאַכן דעם ערגסטן אײַנדרוק אויף דער באָלשעוויסטישער מאַכט. עס קען אַרויס־רופֿן אומצוטרוי צו די געגעבענע פּערזאָנען. וועגן אַזעלכע פּערזאָנען, וועלכע בײַטן אַזוי שנעל זייערע איבערצײַגונגען, האָט מען קיינמאָל נישט קיין צו גוטע מײַנונג...

אַלע אַרום האָבן זיך הילכיק צעלאַכט. איך האָב נאָך אַלץ נישט פֿאַרשטאַנען גענוי די סיטואַציע, אָבער איינס האָב איך יאָ פֿאַר־שטאַנען, אַז איך האָב מיט מײַנע ווערטער גראָד ריכטיק אַרײַנ־געטראָפֿן. בלויז דער געלער איד מיטן פּליך איז געווען אומצופֿרידן. ער איז געוואָרן צודרינגלעך:

— וואָס? איר האַלט, אַז מען דאַרף נישט מיטאַרבעטן מיט דער סאָוויעטן־מאַכט?

— איך האַלט בלויז, אַז די נעכטיקע פֿירער פֿון די נישט־קאָמו־ניסטישע ריכטונגען וואָלטן זיך אויסגעשטעלט אַ שלעכטע מאָראַ־לישקייט־צײַגניש אַפֿילו בײַ דער ראַטן־מאַכט, ווען זיי וואָלטן געקומען פֿאַר זיך פֿאַרלאַנגען אָנפֿירנדיקע אַמטן. יעדער באָלשעוויסטישער קאָמיסאַר וואָלט געמוזט טראַכטן, אַז אַזאַ מענטש מיינט נישט די מיטאַרבעט, נאָר מיינט בלויז זיך פּערזענלעך גוט אײַנצוּאָרדענען. דער עפֿעקט קען זײַן אַזאַ, אַז אַזעלכע פּערזאָנען וועלן אַפֿילו צו געוויינלעכע אַמטן אויך נישט צוגעלאָזן ווערן...

אַלע אַרום האָבן פֿילבאַדייטנדיק געשמייכלט. עטלעכע האָבן הויך געלאַכט. דאָס געלע נערוועזע מענטשל האָט אויפֿגערעגט אַ צי־געטאָן די הויזן, ווי זיי וואָלטן געהאַלטן בײַם אַראָפּפֿאַלן, און ער האָט זיך פֿאַרכליניעט:

— וואָס? אפֿשר דאַרפֿן די נישט־קאָמוניסטן שטאַרבן פֿון הונגער? אַן אייביקע נקמה ווילט איר נעמען?... אַפֿילו, ווען אַ מענטש באַזינט זיך און ווערט אַ קאָמוניסט, דאַרף ער שוין איצט לויט אײַך אייביק לײַדן פֿאַר זײַנע אַמאָליקע פּאָליטישע איבערצײַגונגען?...

עטלעכע מענטשן האָבן זיך אָפּגערופֿן מיט חוזק, אַז ער זאָל מיך לאָזן צורו, ווײַל ערשטנס בין איך נישט דער באַלעבאָס, און צווייטנס האָב איך נישט געזאָגט דאָס אַלץ, וואָס ער שרײַבט מיר צו אין זײַנע היסטערישע געשרייען.

דאָס געלע מענטשל האָט פֿינטלענדיק מיט די אויגן און צוקנדיק מיט די באַקן זיך אַרויסגעצויגן פֿון קרענצל. איך האָב זיך אויך געזעגנט און בין אַוועק. איך האָב אָבער באַוויזן אָפּצוגיין קוים אַ 20 טריט, ווי עמעץ האָט מיך אָנגעכאַפּט בײַם אַרבל.

— כ'בעט אײַך — האָב איך דערהערט נעבן זיך די שטימע פֿון יענעם געלן אידל — איך וויל מיט אײַך עפּעס רעדן... איך וויל אַן עצה פֿון אײַך... איך בין אין אַ שלעכטער לאַגע, און איר זענט אַ מענטש, וואָס ווייסט אַ סך — אפֿשר וועט איר מיר קענען העלפֿן...

איצט איז אויפֿן דאָזיקן פּנים געלעגן אויסגעגאָסן אַזאַ אומבאַהאָלפֿנקייט, אַז עס האָט אָנגעכאַפּט אַ רחמנות.

—איר האָט נישט איצט קיין צײַט? — האָט יענער זיך געבעטן גערוועז — אויב נישט איצט, טאָ לאָמיר אָפּשמועסן זיך צו טרעפֿן אַ צווייט מאָל... איך דאַרף האָבן אײַער עצה...

איך בין אַוועק מיט אים אין אַ זײַטיק געסל און גרייט געווען אויסצוהערן וועגן וואָס עס האַנדלט זיך. ער האָט זיך מיר פֿאָרגעשטעלט: זײַן נאָמען איז ד"ר קאַץ, ער איז אַן אַדוואָקאַט.

— מען האָט אַ גאַנץ לעבן זיך געמאַטערט און נישט געהאַט קיין פּרנסה — איז ער מיטאַמאָל ווידער אַרײַנגעפֿאַלן אין אַן אויפֿגערעגטן טאָן — ווען איר האָט דאָרטן גערעדט און זיי אַרום האָבן געלאַכט, האָט איר נישט געוואוסט וועגן וואָס עס האַנדלט זיך. ווען איר וואָלט געוואוסט, וואָלט איר אַנדערש גערעדט... זיי דאָרטן מעגן זיך דערלויבן צו לאַכן... זיי ווייסן, אַז זיי וועט גאָרנישט געשען... אָבער וואָס וועט זײַן מיט מיר? פֿאַרוואָס וויל מען מיך נישט צולאָזן?... מיט וואָס בין איך ערגער פֿון זיי?... אַלע ווייסן, אַז איך האָב פֿאַרטיידיקט קאָמוניסטן. וואָסער פּרעזעס בין איך דאָרט געווען? פֿאַרוואָס לאָזט מען מיך איצטער נישט צו?... אָט, מען איז צו מיר געקומען אַ געוויסן טאָג און געבעטן איך זאָל אַרײַנקומען אַהין, צו די רעוויזיאָניסטן. אַז כ'בין שוין דאָרט געווען, האָט מען מיך צוגערופֿן צום טיש און געזאָגט, אַז איך וועל זײַן פּרעזעס. זיי האָבן מיך אַזוי לאַנג גערופֿן „פּאַן פּרעזעס" און „פּאַן פּרעזעס", ביז כ'בין עס געוואָרן, אָבער וואָס פֿאַר אַ פּרעזעס בין איך זיי דאָרט געווען?... אַלע ווייסן דאָך, אַז נאָך מיט עטלעכע יאָר צוריק בין איז געווען אינגאַנצן אַ „זייעריקער", אַ לינקער...

דער איד האָט מיך פֿאַרשיט מיט נײַן מאָס רייד. איך האָב נישט פֿאַרשטאַנען קיין וואָרט, וואָס ער רעדט צו מיר. ערשט אַדאַנק אַ רײַע פֿראַגן, איז מיר קלאָר געוואָרן, אַז דאָס האָט ער מיר געוואָלט בולט פֿאָרשטעלן, ווי אַזוי ער איז פֿאַרשלייערט געוואָרן בײַ די רעוויזיאָניסטן אַלס זייער פּרעזעס, כאָטש ער איז פֿריִער געווען אַ קאָמוניסט — אַ האַלבער, צי אַ גאַנצער...

— איר וועט מיר אַנטשולדיקן — האָב איך זיך אָפּגערופֿן — אָבער די געשיכטע וואָס איר דערציילט, איז אַזוי ווײַט אומגלויבלעך, אַז איר דאַרפֿט זי מער נישט איבערחזרן. לויט איר קומט אויס, אַז עפּעס האָט איר אַפֿילו געווי נישט געוואוסט וואו איר זענט געווען פּרעזעס...

— ניין, איך קען נישט זאָגן, אַז איך האָב נישט געוואוסט, אָבער ווער האָט עס געגומען ערנסט?... איר ווייסט נישט, ווי עס איז אין אַ שטעטל? יענער אַדוואָקאַט איז אַ פּרעזעס, ווילט זיך מיר אויך זײַן!... אַז אַן אַדוואָקאַט איז נישט ערגעץ קיין פּרעזעס, האָט ער נישט קיין קליִענטן...

— יאָ, אָבער דאָס איז דאָך נישט דער עיקר, וואָס איר האָט מיר געוואָלט דערציילן! וואָס איז די שווערע לאַגע אײַערע? וועגן וואָס האָט איר זיך געוואָלט מיט מיר אַן עצה האַלטן?

דאָ האָט מיר ד״ר קאַץ דערציילט די געשיכטע פֿון זײַן לויפֿן מיט דעקלאַראַציעס צום קאָמיסאַר, און די אַלע אָפּזאָגן, וואָס ער האָט ביז איצט געקריגן.

— האָב איך טאַקע נישט געדאַרפֿט גיין? אַזוי ווי איר האָט עס פֿריִער געזאָגט דאָרטן אויפֿן מאַרק?

איך האָב אים געזאָגט:

— שטעלט אײַך פֿאָר, אַז איך בין קאָמיסאַר, און איר קומט צו מיר מיט אײַער דעקלאַראַציע אַ שעה נאָך מײַן אָנקומען אין שטאָט אַרײַן — וואָס וואָלט איך וועגן אײַך געטראַכט? איך וואָלט אײַך פּשוט חושד-געווען אין אומריינע כּוונות! ווײַל עס איז דאָך טאַקע עפּעס נישט קלאָר, וואָס איר קומט באַלד זיך אַרײַנשטופּן אין מאַכט-אַפּאַראַט. ווען אַ מענטש בײַט זײַנע איבערצײַגונגען און שטייט צו צו דער נײַער מאַכט, דאַרף ער זײַן אַביסל באַשיידענער, אויב ער מיינט דאָס אויפֿריכטיק.

דער איד איז געשטאַנען מיט אַן אַראָפּגעלאָזענעם קאָפּ:

— האָב איך טאַקע שלעכט געטאָן?... אפֿשר טאַקע געדאַרפֿט זיך נישט שטופּן?... איצט קען זײַן מיט מיר נאָך ערגער?...

און נאָך אַ ווײַלע שווײַגן האָט ער גענומען רעדן היסטעריש:

— אין עטלעכע טעג אַרום, ווען בײַ מיר איז שטוב שוין נישט זײַן וואָס צו עסן... איך בין גרייט צו אַרבעטן בלויז פֿאַר קאַרטאָפֿל... איך וויל נישט פֿיל... אָבער עפּעס דאַרף מען דאָך האָבן?... ווי זאָגט איר?...

שפּעטער האָט ער זיך בײַ מיר גענומען בעטן, אַז כ'זאָל אים באַרואיקן וואָס שייך זײַן פּערזענלעכער זיכערקייט.

— איך האָב דאָך ערנסט קיינמאָל עס נישט געמיינט!... וואָסער פּרעזעס בין איך דאָרט בײַ זיי געווען...

ער האָט מיך געהאַלטן בײַם אַרבל און מיך נישט געלאָזן אַוועקגיין:

— וואָס זאָגט איר: איך האָב זיך טאַקע ערגער געמאַכט? מען קען מיך נאָך אַרעסטירן אויך?...

איך בין אַוועק אַהיים מיט אַ שווער געמיט. די שטימע פֿון דעם דאָזיקן צעטומלטן, כאַראַקטערלאָזן מענטש האָט מיך פֿאַרפֿאָלגט.

ערשט אין טאָג פֿון מײַן אַוועקפֿאָרן פֿון קאָפּיטשיניעץ האָב איך זיך באַגעגנט מיטן ד"ר קאַץ, וועלכער האָט, שטעלט אײַך פֿאָר, גאָרנישט אַזוי שלעכט אָפּגעשניטן מיט זײַן שטופּן זיך...

— נאַ — האָט ער גערעדט צו מיר מיט אַ פּלוצלונגדיקער גדלות פֿון אַ מענטש, וואָס טריאומפֿירט איבער יענעמס אומדערפֿאַרנקייט און אומפּראַקטישקייט — ווער פֿון אונדז איז געווען גערעכט? איך בין געווען גערעכט! אָט, זעט איר, האָט איר מיך אומזיסט געשראָקן! איך האָב שוין אַ פּאָסטן! נישט קיין הויכער פּאָסטן, אָבער איך בין שוין רואיק מיטן שטיקל ברויט. ווען איך וואָלט נישט געגאַנגען און זיך נישט דעקלאַרירט, וואָלט איך טאַקע נישט געהאַט.

ער האָט געשײַנט אינגאַנצן.

— אָט, איר זעט: דאָס איז מײַן אַרבעט — האָט ער אָנגעוויזן אויף דער פּאַפּירענער טעקע אונטערן אָרעם — איך בין נאָמינירט געוואָרן אַלס אַדמיניסטראַטאָר פֿון אַלע שטאָטישע הײַזער. נישט אַזאַ וואַזשנער פּאָסטן, אָבער אַלץ בעסער ווי גאָרנישט...

און ער איז אַוועק פֿון מיר אַ שײַנענדיקער, אַן אויפֿגעלייגטער און אַ טריאומפֿירנדיקער...

אין משך פֿון די שפּעטערדיקע חדשים האָב איך זיך באַגעגנט מיט פֿיל פֿאַלן, ווען מענטשן האָבן אַ שפּײַ-געטאָן אויף זייערע פֿריִערדיקע פּאָליטישע איבערצײַגונגען, כּדי זיך אײַנצוקויפֿן בײַ דער סאָוויעטישער מאַכט. מיט אַ געפֿיל פֿון שטאָלץ קען איך פֿעסטשטעלן, אַז צווישן מײַנע פּאַרטיי-חברים איז די צאָל מענטשן פֿון דעם שניט געווען אַזוי קליין, אַז מען האָט זיי כּמעט נישט אָנגעזען.

# 10
## עפּיזאָדן

וואָס נעענטער עס איז געקומען די לעצטע שעה פֿאַר אונדזער אָפּפֿאָר, אַלץ רירנדיקער איז געוואָרן די אויפֿמערקזאַמקייט פֿון די אָרטיקע מענטשן צו אונדז. אָט האָט אונדזער באַלעבאָסטע זיך געכאַפּט, אַז ב. שעפֿנער און איך האָבן נישט באַוויזן מיטצונעמען מיט זיך קיין וואַרעמע זאַכן. זי האָט אויסגעגראָבן פֿאַר אונדז פֿון אונטער דער ערד אַ פּאָר מעטער וואַרעמען פֿלאַנעל אויף פּיזשאַמעס צום שלאָפֿן:

— ווער ווייסט, ווי איר וועט זיך איצטער אָנהייבן וואַלגערן! איר וועט דאָך געפֿרוירן ווערן!

זי האָט געהאַלטן אין איין צערעווען אונדזערע זאַכן, אין איין נייען קנעפּלעך און זיפּצן אויף אונדזער גורל. גאַנצע שעהן וואָלט זי אַזוי געזעסן און געטון פֿאַר אונדז וואָס נאָר עס האָט זיך געלאָזט, אַבי צו פֿילן, אַז זי פֿאַרלײַכטערט אונדז מיט עפּעס אונדזער געמיט.

פֿון אונדז האָט זי פֿאַרלאַנגט נאָר איין זאַך: אַ טרייסטנדיק וואָרט, אַז זי וועט נישט אונטערגיין אין דער דאָזיקער נײַער אָרדע־נונג, וואָס רוקט זיך אָן אַזוי האַסטיק...

ווי איך האָב עס שוין באַשריבן אין אויבערשטן קאַפּיטל, האָבן מיר זי געטרייסט, ווי נאָר מיר האָבן געקענט. זי האָט געהערט אַלע אונדזערע דערציילונגען וועגן די פּאָזיטיווע זײַטן פֿון סאָוויעטישן לעבן און אירע באַקן האָבן געפֿלאַמט:

— יאָ, יאָ!... די דערציאונג פֿון קינד איז ווירקלעך אַ גרויסע זאַך!... מעגלעכקייטן פֿאַר די קינדער אַלץ צו דערגרייכן — דאָס איז ווירקלעך פֿיל... צוליב קינדער לוינט זיך צו לײַדן...

זי פֿלעגט גלעטן דאָס קעפּל פֿון איר יִינגעלע און כּסדר איבערחזרן:

— יאָ, יאָ!... דאָס, וואָס די מלוכה זאָרגט פֿאַר די קינדער, איז זווירקלעך שיין... אין אַמעריקע איז אויך אַזוי...

אַז זי האָט אָנגעהויבן רעדן וועגן אַמעריקע, האָבן די אויגן גענומען בײַ איר פֿינקלען אינגאַנצן: אין אַמעריקע האָט געוואוינט איר מוטער, אָבער נישט מיר און נישט איר האָט דעמאָלט געקענט אײַנפֿאַלן, אַז אין אַ יאָר אַרום וועט אַ שיף מיך פֿירן צו די ברעגעס פֿון לאַנד, וואו עס געפֿינט זיך איר היים־געליבטע מוטער!

מיט פֿאַרטרערטע אויגן פֿלעגט זי דערציילן אויף איר זינגעוו־דיקן גאַליציאַנער פּויליש די געשיכטע פֿון איר פֿאַמיליע, וועגן זייערע שווערע איבערלעבונגען אין ערשטן וועלט־קריג און וועגן די לעבנס־

זיגזאַגן פֿון איר מוטער. עס איז געווען אַ זייער אינטערעסאַנטע געשיכטע פֿון אַ מאַן, וועלכער האָט זיך געליבט אין איר מוטער יונגערהייט, און ווען ער האָט אויף דער עלטער זיך דערוואוסט, אַז די דאָזיקע פֿרוי איז געוואָרן אַן אַלמנה, איז ער געקומען צופֿאָרן נאָך איר פֿון אַמעריקע, חתונה־געהאַט מיט איר און זי אַראָפּגענומען אין „גאָלדענעם לאַנד".

— וויפֿל מאָל די מאַמע האָט געבעטן אין אירע בריוו, מיר זאָלן פֿאָרן קיין אַמעריקע! ליידער, איצטער איז שוין צו שפּעט...

אונטער דער ווירקונג פֿון אונדזערע דערציילונגען וועגן די פּאָזיטיווע זײַטן פֿונם סאָוויעטישן לעבן, פֿלעגט זי — ווי געזאָגט — ווערן אַביסל מונטערער:

— און אפֿשר איז גוט אַזוי — פֿלעגט זי רעדן אין אַזעלכע מאָמענטן — איר וועט זען: איך וועל אַרבעטן, איך קען פֿלײַסיק אַרבעטן!... מען וועט נישט אונטערגיין!...

און אין מונטערקייט פֿלעגט זי דערציילן — לויטן בײַשפּיל פֿון איר מאַן — קאָמישע געשיכטעס פֿון שטאָט: סצענקעס, בילדער, וויצן וועגן דער פֿאָרקומענדיקער סאָוויעטיזאַציע פֿון אַרומיקן לעבן.

איינע אַזאַ קאָמישע פּאַסירונג וויל איך דאָ איבערגעבן. ס'איז געווען כאַראַקטעריסטיש פֿאַר דער האַלטונג פֿון דער אינטעליגענץ אין יענע ערשטע טעג פֿון דער סאָוויעטישער הערשאַפֿט אין די שטעט און שטעטלעך פֿון די פּוילישע מזרח־געביטן.

אין שטעטל איז געווען אַ באַשיידן אָרעם שנײַדער־יִנגל, וואָס האָט אַמאָל געהאַט אַ פּראָצעס פֿאַר קאָמוניזם. קיין געלט פֿאַר אַן אַדוואָקאַט האָט ער נישט געהאַט און דער „מאָפּר"*) האָט זיך אויך נישט געאײַלט אים אַרויסצוהעלפֿן. ענדלעך האָט מען אויסגעפּועלט בײַ איינעם פֿון די אָרטיקע אַדוואָקאַטן, אַז ער זאָל אים פֿאַרטיידיקן אומזיסט. דער דאָזיקער אַדוואָקאַט האָט אין די שפּעטערדיקע יאָרן שטאָלצירט דערמיט, וואָס ער האָט אַרויסגעוויזן אַ גוט האַרץ צו דעם דאָזיקן אָרעמען „באַטיאַר". דאָס יִנגל ווידער, אין אויפֿריכטיקער דאַנקבאַרקייט און אין גרויס דרך־ארץ, פֿלעגט ציִען דאָס היטל פֿאַרן „פּאַן מעצענאַט"**) אַ מײַל פֿונדערווײַטנס. דער „פּאַן מעצענאַס" פֿלעגט זײַן צופֿרידן פֿון דעם יִנגלס דאַנקבאַרקייט, אָבער אין קיין גרויסע מחזקות פֿלעגט ער זיך מיט אים נישט אַרײַנלאָזן. פֿאָרט נישט זײַנסגלײַכן! אַז דער אַדוואָקאַט, למשל, זאָל זיך אַמאָל אָפּשטעלן און זאָגן דעם יִנגל אָדער אים פֿרעגן עפּעס אַ וואָרט —

*) קאָמוניסטישע וועלט־אָרגאַניזאַציע צו העלפֿן פּאָליטישע אַרעסטירטע.

**) אַזוי פֿלעגט מען רופֿן אין פּוילן אַן אַדוואָקאַט.

אַזאַ זאַך האָט נישט געקענט געשען. און נאָך װײניקער האָט געקענט געשען, אַז דאָס יִנגל זאָל אַמאָל אָפּשטעלן אין גאַס דעם „פּאַן מעצענאַס". ער װאָלט נישט געװאַגט...

אָבער אָט זײַנען אָנגעקומען די באָלשעװיקעס. נאָך עטלעכע טעג באָלשעװיסטישער הערשאַפֿט, האָט דאָס יִנגל זיך דערפֿילט אַזױ דערהױבן, אַז װען ער האָט געטראָפֿן דאָס נאָענטסטע מאָל אין גאַס דעם „פּאַן מעצענאַס", האָט ער נישט נאָר אַ צי־געטון מיט דרך־ארץ דעם הוט, נאָר אױך געװאַגט אױסצורופֿן מיט פֿרײנטלעכער גוטברודערשאַפֿט:

— נו, װאָס הערט זיך, פּאַניע מעצענאַשע? װי גײט עס?

דער „פּאַן מעצענאַס", אַן איבערגעשראָקענער און צעטומלטער, האָט זיך נישט געריכט אױף אַזאַ גוטפֿרײַנטשאַפֿט מצד אַ מענטש, װעלכער — װי ער איז געװען זיכער — „שטײט הײַנט בײַ דער מאַכט".

— װאָס פֿאַר אַ „פּאַן מעצענאַס" בין איך דיר — האָט ער גענומען שרײַען צום יִנגל, אַרומכאַפּנדיק אים בײַם האַלז — זאָלסט מיר מער נישט װאַגן צו רופֿן „פּאַן מעצענאַס"!... רוף מיך פֿון הײַנט אָן „דו" און אױס... „דו" און אױס, פֿאַרשטאַנען?...

און נאָך אַן אַנדערער עפּיזאָד:

אין אַ געװיסן טאָג איז צום װאַרשטאַט צו פֿאַרריכטן אױטאָס, װאָס איז געעפֿנט געװאָרן אין קאָפּיטשיניעץ (װי איך האָב שױן פֿריִער דערצײלט, איז דער הױפּט־באַלעמעלאָכע דאָרט געװען אַ װאַרשעװער מעטאַל־אַרבעטער פֿון דער פֿאַבריק „לילפּאָפּ") פֿאַרפֿאָרן אַ מאַשין, װעלכע מען האָט געדאַרפֿט פֿאַרריכטן. אין אױטאָ איז געזעסן אַ העכערער סאָװיעטישער אָפֿיציר. דער אױטאָ איז קאַליע געװאָרן אינמיטן װעג און עפּעס אַ סאָװיעטישער זעלנער האָט געװיזן דעם אָפֿיציר, אַז ער זאָל פֿאַרפֿאָרן אַהער.

אַלס שאָפֿער איז געזעסן אַ פּױלישער זעלנער, װעלכער איז מיט אַ 10 טעג צוריק אַרײַנגעפֿאַלן אין סאָװיעטישער געפֿאַנגענשאַפֿט. עס האָט אים דעמאָלט אָפּגעגליקט. עפּעס אַ סאָװיעטישער אָפֿיציר איז דעמאָלט צוגעקומען צו דער מאַסע געפֿאַנגענע און אױסגערופֿן, אַז מען דאַרף תּיכּף האָבן אַן אױטאָ־מעכאַניקער — אױב ס'איז פֿאַראַן אַזאַ מעכאַניקער זאָל ער זיך אָפּרופֿן. פֿון די עטלעכע מענטשן, װאָס האָבן זיך אָפּגערופֿן, איז אױסגעקליבן געװאָרן ער — דער זעלבער, װאָס האָט איצט געפֿירט דעם אױטאָ.

אָבער װי נאָר דער שאָפֿער האָט דערזען דעם מעכאַניקער פֿון קאָפּיטשינצער אױטאָ־װאַרשטאַט, איז ער אַרױפֿגעפֿאַלן אױף יענעם, װי אױף אַ ברודער. בײדע האָבן זיך געקושט און געהאַלזט. עס האָט

זיך אַרויסגעוויזן, אַז בײדע האָבן נאָך מיט 6 וואָכן צוריק געאַרבעט אין דער וואַרשעווער מעטאַל־פֿאַבריק „לילפּאָפּ" בײַ איין וואַרשטאַט.

— און וואָס וועט איצטער זײַן מיט דיר? — האָט געפֿרעגט מיט זאָרג דער קאָפּיטשינצער מעכאַניקער.

— זעסט דאָך — האָט געענטפֿערט דער צווייטער — איך בין אַ שאָפֿער. אָבער זיי זאָגן כּסדר, אַז זיי וועלן מיך אָפּשיקן אין לאַגער אַרײַן, ווײַל זיי דאַרפֿן מיך נאָר האָבן צײַטווײַליק...

בײדע זײַנען געזעסן און געטראַכט אַ ווײַלע. דאַן האָט זיך אָפּגערופֿן דער קאָפּיטשינצער מעכאַניקער:

— דו וועסט דאָ בלײַבן מיט מיר... דו וועסט שוין מער נישט פֿאָרן מיט דעם אויטאָ...

דער געפֿאַנגענער האָט אָנגעקוקט זײַן חבר, ווי אַ משוגענעם:

— וואָס מיינסטו, וואָס? — האָט ער נישט געקענט פֿאַרשטיין — איך זאָל זיך דאָ אויסבאַהאַלטן? אָ, ניין, איך וועל דאָס נישט טון! מען וועט מיך געפֿינען און דערשיסן!

דער מעכאַניקער האָט געלאַכט:

— ציטער נישט אַזוי! קיינער וועט דיך נישט שיסן און דו דאַרפֿסט זיך נישט אויסבאַהאַלטן... קוק צו דאָס גרייטע...

ווען דער אָפֿיציר, וועלכער איז דערווײַל געהאַט אַוועק אויף אַ ווײַלע, איז צוריקגעקומען, האָט דער קאָפּיטשינצער מעכאַניקער זיך אָפּגערופֿן:

— איר ווייסט, טאָוואַרישטש, ער וועט שוין מער מיט אײַך נישט פֿאָרן!

דער אָפֿיציר האָט אָנגעקוקט דעם מעכאַניקער ווי חסר־דעה:

— איך פֿאַרשטיי נישט, וואָס דו רעדסט! וואָס הייסט, ער וועט שוין מער נישט פֿאָרן?

דער מעכאַניקער, אַ פּיפּיקער וואַרשעווער אַרבעטער, וועלכער האָט פֿאַר דער קורצער צײַט פֿון זײַן פֿאַרברענגען דאָ מיט די באָלשעוויקעס שנעל אײַנגעזאַפּט אין זיך די „לײַכטע" סאָוויעטישע מעטאָדן פֿון אַנגאַזשירן מענטשן, האָט אָפּגעענטפֿערט קאַלט און געלאַסן:

— איך דאַרף אים האָבן... אָן אים וועל איך מוזן שליסן דעם וואַרשטאַט... איך האָב רעכט צו אַנגאַזשירן, וועמען איך וויל און דאַרף...

— יאָ, אָבער — —

דער אָפֿיציר איז נישט אָפּגעטרעטן. עס איז געבליבן, אַז מ'וועט גיין צום קאָמיסאַר יעמיעץ אויף אַ דין־תּורה: ווי יענער וועט פּסקענען, אַזוי וועט זײַן...

— שוין 4-5 טעג קוק איך מיר אויס די אויגן נאָך אזא באַלע־מעלאָכע — האָט דער מעכאַניקער געמאַכט אַ טרויעריקע מינע פֿאַרן קאָמיסאַר — אויב ער וועט דאָ נישט בלײַבן, וועט זיך אָפּשטעלן די אַרבעט פֿאַרן גאַנצן אַרומיקן ראַיאָן...

קאָמיסאַר יעמיעץ האָט אַרויסגעטראָגן דעם פּסק, אַז דער שאָפֿער דאַרף בלײַבן אין וואַרשטאַט, און דער פֿאַרבײַפֿאָרנדיקער גאַסט, דער סאָוויעטישער אָפֿיציר, דאַרף אַרויסגיין אין גאַס אַרײַן זיך זוכן אַ נײַעם שאָפֿער...

— די מיליץ וועט עס אײַך באַזאָרגן — האָט דערקלערט קאָמיסאַר יעמיעץ — איר דאַרפֿט דאָך בלויז אַ שאָפֿער, און דער איז אַ מעכאַ־ניקער... נו, זאָגט אַליין!...

דער אָפֿיציר האָט אָן טענות אָנגענומען דעם פּסק־דין. אָבער רירנדיק איז געווען דער פֿינאַל: ווען עס איז געקומען צו דער געזע־גענונג, האָט דער אָפֿיציר אַרומגענומען דעם פּאָליאַק און זיך מיט אים צעקושט:

— זײַ געזונט — האָט ער זיך מיט אים געזעגענט — נעם צו פֿון מיר אַ מתּנה פֿאַר זיך: דו ביסט דאָך אינגאַנצן אָן געלט...

צו דער שטוינונג פֿון אַלע אַרומיקע האָט דער סאָוויעטישער אָפֿיציר געהאַלטן אין האַנט 200 רובל:

— נאַ, נעם, דו ביסט דאָך אינגאַנצן אָן געלט...

דער פּאָליאַק האָט גענומען די 200 רובל און זיי האָבן זיך געזע־גענט, ווי די בעסטע פֿרײַנט. דאָס גאַנצע שטעטל האָט עטלעכע טעג געקאָכט מיט דער דאָזיקער מערקווירדיקער אוןווירקלעך נישט־דורכשניטלעכער געשיכטע. זי איז אָן איבעריקער באַווײַז, אַז דאָס סאָוויעטישע לעבן און די סאָוויעטישע מענטשן זײַנען פֿול מיט די פֿאַרשידנאַרטיקסטע און משונהדיקסטע קאָנטראַסטן...

# צוריקוועגס פון גאַליציע

## 1

### קאָמיסאַר יעמיעץ פילט זיך שולדיק

ענדלעך איז געקומען דער טאָג פון אונדזער אָפּפאָר.

שבת פאַרנאַכט איז עס געווען — דער דריטער טאָג סוכות. העכער 20 פערזאָן זײַנען מיר געשטאַנען בײַ אַ גרויסן לאַנגן אויטאָבוס אינמיטן מארק. דער אַמאָליקער אייגנטימער פון אויטאָבוס האָט אויסגעפּועלט, אַז ער זאָל זײַן אַן אָנגעשטעלטער פון דער ראָטן־מאַכט. ער שטייט בײַם אַרײַנגאַנג אין אויטאָבוס און נעמט אָפּ בײַ אונדז געלט פאַר דער רײַזע. מיט אונדזער הײַנטיקער עקספּעדיציע עפנט זיך אייגנטלעך דער אויטאָבוסן־פאַרקער צווישן קאָפּיטשיניעץ און טאַרנאָפּאָל.

דאָס גאַנצע שטעטל שטייט אַרום אונדזער אויטאָבוס: פון ראש־הקהל ביז סתם־אידן און אידענעס פון שטאָט. וועגן דער גרויסער צאָל אונדזערע באַקאַנטע אין שטעטל איז דאָך אָפּגערעדט. דאָס גאַנצע שטעטל איז געקומען אין מארק אַרײַן זיך געזעגענען מיט אונדז.

אויפן הארצן איז אונדז אַלעמען געווען גענוג קאַלעמוטנע. דער ראַדיאָ פון דער גאַנצער וועלט איז ווידער יענעם טאָג פול געווען מיט ידיעות פון װאַרשע — װאַרשע האָט אָקאָרשט געהאַט ענד־גילטיק זיך אונטערגעגעבן דעם שונא. איין ראַדיאָ־קאָמוניקאַט איז געווען טרויעריקער פון צווייטן: װאַרשע איז אויסגעמאָרדעט, קיין איין גאַס איז נישט געבליבן גאַנץ, מענטשן עסן פלייש פון הינט און פערד, קינדער בלאָנקען זיך אָן עלטערן, גאַנצע פלעצער פון שטאָט זײַנען פאַרוואַנדלט געוואָרן אין בית־עלמינס א. אַ. וו.

אונדזערע באַלעבאַטים — שעפנערס און מײַנע — האָבן זיך מיט אונדז פאָטאָגראַפירט פאַרן אָפּפאָר. איצטער שטייען זיי אַלע, די גאַנצע פאַמיליע, בײַם אויטאָבוס. דער בליק פון אונדזער באַלע־באָסטע איז פאַרטרערט.

— פאָלגט מיך — זאָגט זי דורך טרערן — פאָרט נאָך הײַנט נישט, לייגט אָפּ די רײַזע ביז מאָרגן. עס איז פאַרנאַכט, אין אומגעגנט

איז אומרואיק... וואָס דאַרפֿט איר פֿאָרן אינאָוונט? איר וועט פֿאָרן מאָרגן!...

פֿאַרשטייט זיך, אַז פֿון אונדזער זײַט האָט שוין נישט געקענט זײַן קיין רייד וועגן אָפּלייגן. עס האָט זיך טאַקע געוואָלט פֿאַרציִען דעם מאָמענט פֿון געזעגענונג מיטן דאָזיקן האַרציקן שטעטל, אָבער גלײַכצײַטיק האָט זיך שוין געוואָלט זײַן אין טאַרנאָפּאָל. ענדלעך: דער אויטאָ האָט גענומען רוישן און עס האָט זיך אָנגעהויבן די ענדגילטיקע געזעגענונג.

אָבער אָט איז געשען עפּעס, וואָס האָט אויפֿגעהאַלטן אונדזער רײַזע אויף אַ 10 מינוט. אין עק מאַרק האָט זיך באַוויזן קאָמיסאַר יעמיעץ אין באַגלייטונג פֿון נאָך 2 סאָוויעטישע מיליטער־לײַט. צי איז ער געקומען אַ קוק־טאָן, ווי מיר פֿאָרן אָפּ?

עס האָט מיך עפּעס אַ ברען־געטאָן. זינט יענעם טאָג, ווען ער האָט אונדז נישט אויפֿגענומען, האָבן מיר אים נישט געזען.

— אָט איז יעמיעץ — האָב איך געזאָגט צו נח פּרילוצקין — לאָמיר אַריבערגיין צו אים „זיך געזעגענען"...

פּרילוצקי האָט מסכּים געווען. מיר האָבן געלאָזט אַלעמען שטיין בײַם אויטאָבוס און מיר זײַנען אַריבער דעם מאַרק ביזן אָרט, וואו די 3 סאָוויעטישע מיליטער־לײַט האָבן זיך אָפּגעשטעלט.

— מיר זײַנען געקומען זיך מיט אײַך געזעגענען! — האָב איך אָנגעהויבן דעם געשפּרעך, ווען מיר זײַנען צוגעקומען נעענטער צום קאָמיסאַר יעמיעץ.

— ... און אַ שמועס־טאָן וועגן די בלבולים אויף אונדז! — האָט פֿאַרענדיקט נח פּרילוצקי.

— וועגן וואָסערע בלבולים? — האָט קאָמיסאַר יעמיעץ אויסגעשטרעקט צו אונדז זײַנע הענט — פֿאָרט געזונטערהייט!... פֿאָרט געזונט!...

מיר האָבן אים געזאָגט וועגן וועלכע בלבולים מיר רעדן.

— 20 יאָר צײַט האָב איך געשריבן אין אַ בורזשואַזער וואַרשעווער אידישער צײַטונג — האָט פּרילוצקי געזאָגט צו אים — אָבער איר וועט צווישן מײַנע אַרטיקלען נישט געפֿינען קיין אײן אַרטיקל קעגן ראַטן־פֿאַרבאַנד. פֿאַרוואָס האָט איר אַזוי לײַכטגלויביק גענומען יעדן בלבול, וואָס אומריינע צינגער האָבן אײַך אונטערגעטראָגן וועגן אונדז?

די צעמישונג פֿון קאָמיסאַר איז געוואָרן אַזוי גרויס, אַז ער האָט עס בשום־אופֿן נישט געקענט פֿאַרדעקן. ער איז געשטאַנען אַ צעטומלטער און נישט געוואוסט וואָס צו ענטפֿערן.

— און איך האָב זיך פֿאַר אײַך קיינמאָל נישט באַרימט — האָב איך צוגעגעבן — אַז כאָטש איך האָב געהערט צו דער אידישער אַרבעטער־פּאַרטיי „בונד", וועלכע איז נישט געווען קאָמוניסטיש, בין איך אין משך פֿון עטלעכע יאָר צײַט עטלעכע מאָל געווען אַרעסטירט און געזעסן אין תּפֿיסה אַלס קאָמוניסט! אָבער עס איז געווען גענוג, אַז שפּעקולאַנטישע אַגענטן זאָלן אײַך אויפֿהעצן קעגן אונדז, כּדי איר זאָלט אײַנגאַנצן בײַטן אײַער באַציאונג צו אונדז און נישט וועלן אַפֿילו אונדז אויסהערן!...

— ווען אַפֿילו — האָט פּרילוצקי צוגעגעבן — עס וואָלט געווען אמת אַלץ, וואָס מען האָט אײַך אָנדערציילט וועגן אונדזער פֿאַר־גאַנגענהייט, וואָלט איר דאָך אויך, אין הסכּם מיט אײַערע אייגענע רייד, געדאַרפֿט האָבן צו אונדז אַן אַנדערע באַציאונג. דאָס האָט איר דאָך אונדז כּסדר געזאָגט, אַז די ראַטן־מאַכט איז זיך נישט נוקם פֿאַר דער פֿאַרגאַנגענהייט!...

קאָמיסאַר יעמיעץ האָט ענדלעך זיך אַביסל באַהערשט און אַרויס־געשטאַמלט:

— יאָ, אָבער וואָסער באַדײַטונג האָט עס איצטער?... אָט פֿאַרט איר דאָך אַזוי ווי איר האָט געוואָלט...

ער האָט אָנגעהויבן טרייסלען אונדזערע הענט, ווינטשנדיק אונדז אַלדאָס גוטס צו אונדזער אָפּפֿאָר. מיר זײַנען אַוועק צוריק צום אויטאָ־בוס מיט אַ געפֿיל פֿון דערלײַכטערונג. עס איז געווען קלאָר, אַז דער באָלשעוויסטישער קאָמיסאַר האָט פֿאַרשטאַנען, ווי שלעכט ער האָט געהאַנדלט.

דער אויטאָבוס האָט געוואַרט. אַלע האָבן פֿאַרשטאַנען וועגן וואָס מיר רעדן מיטן קאָמיסאַר און אַלע זײַנען געווען צופֿרידן וואָס מיר האָבן אויסגענוצט די געלעגנהייט צו פּראָטעסטירן קעגן אַן אומרעכט.

עס איז מיר שווער געווען זיך צו געזעגענען מיט מײַנע באַלע־באַטים, וועלכע האָבן מיר אַרויסגעוויזן אַזויפֿיל וואַרעמקייט פֿאַר די קנאַפּע 2 וואָכן צײַט. אויך זיי איז נישט לײַכט אָנגעקומען זיך צו געזעגענען מיט אונדז. מיר האָבן זיך האַרציק צעקושט און איך בין שנעל אַרײַן אין אויטאָבוס. אינדרויסן האָבן פֿיל מענטשן, באַ־זונדערס פֿרויען, געוויינט. שוין אונדזער אויסזען אַליין האָט אַרויס־גערופֿן מיטלײַד און טרערן. עטלעכע פֿון אונדז — יענע, וועלכע זײַנען אַרויס פֿון וואַרשע אָן וואַרעמע מאַנטלען — האָבן געטראָגן אויף זיך האַלבע פּעלצלעך פֿון שעפּסענע פֿעל, אײַליק־צונויפֿגע־נייטע, אָן אַרבל און אָן קנעפּ. מיר האָבן געטראָגן די פּעלצלעך אַרומ־

געבונדן מיט אַ לעדערנעם רימען און אַ שלעכטער ריח האָט פֿון זיי געשלאָגן אַ מײַל פֿונדערווײַטנס. עס איז אונדז געווען וואַרעם אין די דאָזיקע פּעלצלעך — שעפּנער און לאַזאַר קאַהאַן האָבן אין זייער חברישער זאָרגעוודיקייט עס געלאָזן אויפֿנייען פֿאַר עטלעכע פֿון אונדז. אָבער אויסגעזען האָבן מיר אין די דאָזיקע שעפּסענע פּעלצלעך ווי אמתע נע־ונדניקעס. אין וועלכער שטאָט מיר זײַנען שפּעטער געקומען, האָט מען אונדז נאָכגעקוקט מיט חידוש און מיט באַדויערונג:

— נעבעך, פּליטים...

ווי נאָר דער אויטאָ האָט געצירט פֿון אָרט, האָבן מיר דערפֿילט, אַז עפּעס גייט ער נישט, ווי ס׳געהער צו זײַן. יעדע פֿאָר טריט האָט ער זיך אָפּגעשטעלט. בײַם עק פֿון שטעטל האָט דער שאָפֿער דערקלערט מיט אַ געבייזער, אַז ער זאָגט זיך אָפּ צו פֿאָרן, ווײַל מיר וועלן בלײַבן שטיין אינמיטן וועג — דער מאָטאָר מוז נאָך פֿאַרריכט ווערן.

צו דער שטוינונג פֿון אונדזערע באַלעבאַטים, זײַנען מיר צוריקגעקומען אין שטוב אַרײַן מיט די פּעקלעך נאָך איידער זיי אַליין האָבן באַוויזן אַראָפּצונעמען די מאַנטלען. אַוועקגעפֿאָרן פֿון קאָפּיטשינצעס ענדגילטיק זײַנען מיר ערשט צומאָרגנס פֿרי, זונטאָג דעם ערשטן אָקטאָבער. אַרום 12 בײַטאָג זײַנען מיר שוין געווען אין טאַרנאָפּאָל.

די שטאָט טאַרנאָפּאָל האָט געהאַט גאָר אַן אַנדער פּנים, ווי דאָס קליינע קאָפּיטשינצעס. ערשט דאָ, אין טאַרנאָפּאָל, האָט מען געקענט זען אויף אַן אמת די גרויסע ענדערונגען, וואָס קומען פֿאָר אין לעבן פֿון גאַליציע אין צוזאַמענהאַנג מיטן אַרײַנקומען פֿון דער ראַטןאַרמיי. אַלס די דריט־גרעסטע שטאָט פֿון מזרח־גאַליציע און אַלס אַ צענטער פֿון קאָמפּאַקטע אוקראַאינישע מאַסן, האָט טאַרנאָפּאָל געשפּילט אין יענע טעג די ראָל פֿון אַ מעטראָפּאָליע. איבער די גאַסן זײַנען געווען פֿונאַנדערגעהאַנגען ריזיקע לײַוונטער מיט פֿיל רעוואָלוציאָנערע אויפֿשריפֿטן (בלויז אין אוקראַאיניש און אין פּויליש). אַלע וויכטיקסטע בנינים און אויסשטעל־פֿענצטער זײַנען געווען דעקאָרירט מיט ריזיקע פּאָרטרעטן פֿון לענינען, סטאַלינען, וואָראָשילאָוון, מאָלאָטאָוון, קאַלינינען און קאַגאַנאָוויטשן. ראַדיאָ־הילכערס האָבן פֿונאַנדערגעטראָגן איבער אַלע פּלעצער די קלאַנגען פֿון „אינטערנאַציאָנאַל" און פֿון פֿאַרשידענע סאָוויעטישע מיליטערישע לידער. יינגלעך האָבן געטיילט אין די גאַסן אַגיטאַציע־בראָשורן אין אוקראַאיניש, פּויליש, רוסיש און אידיש. עס איז געווען „חי־געלעבט"!

ווען דער אויטאָבוס איז אַרײַן אין די טאַרנאָפּאָלער גאַסן, האָט ער זיך געמוזט באַוועגן זייער פּאַמעלעך, ווײַל די גאַסן זײַנען געווען

געפּאַקט מיט טויזנטער און טויזנטער מענטשן: אַרטיקע, פּויערישע אויסגעפֿלוגן פֿון דאָרף, פּליטים און מיליטער — אָן אַ שיעור מיליטער. דערבײַ האָב איך צום ערשטן מאָל פֿעסטגעשטעלט, אַז דער סאָוויעטישער אָפֿיציר, וועלכער האָט מיך געפֿירט פֿון קאַפּיטשיניעץ קיין טשאַרטקאָוו, איז ווײַט נישט געווען גערעכט, ווען ער האָט זיך באַרימט, אַז סאָוויעטישע אָפֿיצירן זײַנען נישט אַזוי אויסגעפּוצט ווי די פּוילישע אָפֿיצירן. איך האָב יענעם טאָג געזען אין טאַרנאָפּאָל סאָוויעטישע אָפֿיצירן, וועלכע זײַנען געווען אויסגעפּוצט לויטן בעסטן מוסטער און לויט דער בעסטער מיליטערישער טראַדיציע...

ווען אונדזער אויטאָבוס האָט זיך אָפּגעשטעלט אויפֿן הויפּט-פּלאַץ פֿון שטאָט, האָב איך דערזען, ווי עס לויפֿט צו אונדז, דורכשנײַדנדיק די גאַס, בערנאַרד זינגער, וועלכן מיר האָבן געהאַט פֿאַרלוירן מיט צוויי וואָכן צוריק אין בראָד. ער האָט אונדז באַמערקט, ווען דער אויטאָבוס איז נאָך געווען אין גאַנג. מיר האָבן זיך מיט אים דערפֿרייט, ווי ער וואָלט אָקאָרשט אויפֿגעשטאַנען תּחית-המתים.

— פֿאַרוואָס זענט איר אַרויסגעפֿאָרן פֿון קאַפּיטשיניעץ? — האָט ער אונדז גענומען פֿאַרשיטן מיט טענות — דאָ וועט מען אײַך נישט אויסצאָלן די 10 רובל טעגלעך! דאָ וועט מען זיך בכלל אויף אײַך נישט אומקוקן! אַז מען האָט אַזעלכע גוטע באַדינגונגען, פֿאָרט מען נישט אַוועק! איר זעט נישט: דאָ איז דאָך אַ גיהנום!...

קיינער פֿון אונדז האָט נישט פֿאַרשטאַנען זײַנע רייד:

— ווער ריכט זיך דען, אַז מען זאָל אונדז צאָלן 10 רובל טעגלעך? אײַך צאָלט מען דען?

— מיר? — האָט זינגער געענטפֿערט מיט פֿאַרוואונדערונג — מיר צאָלט קיינער נישט, אָבער איר האָט דאָך ביז איצט באַקומען 10 רובל טעגלעך...

מיר האָבן געעפֿנט מויל און אויערן. מיר האָבן בכלל נישט פֿאַרשטאַנען פֿונוואַנען ער האָט געוואוסט, אַז מיר זײַנען געווען אין קאַפּיטשיניעץ. און וועגן וואָסערע 10 רובל רעדט ער? און בכלל: וואו האָט ער זיך אַרומגעבלאָנקעט ביז איצט?

איינציקווײַז האָט זיך אַלץ אויפֿגעקלערט. ער אַליין געפֿינט זיך שוין דאָ אַ היפּש שטיקל צײַט. דעמאָלט, אין טאָג פֿון אונדזער פֿאַרלאָזן בראָד, האָט ער אונדז נאָכגעיאָגט, אָבער מיט אַ גרויסער פֿאַרשפּעטיקונג — דערפֿאַר האָבן מיר זיך אויסגעמיטן. וועגן אונדזער פֿאַרברענגען אין קאַפּיטשיניעץ האָט ער געהאַט ידיעות פֿון דעם לאָדזשער פֿאַרמאַצעווט, וועגן וועלכן איך האָב דערציילט אין איינעם פֿון די פֿריערדיקע קאַפּיטלעך. איצט איז דער דאָזיקער פֿאַרמאַצעווט

אין טאַרנאָפּאָל. ער האָט עס דערציילט, אַז מיר האָבן זיך געווענדט טעלעגראַפֿיש צו סטאַלינען וועגן שטיצע און אַז מען האָט יעדן פֿון אונדז אויסגעצאָלט 10 רובל טעגלעך...

פֿאַר מיר און שעפֿנערן האָט בערנאַרד זינגער געהאַט אַ ספּעציעלן גרוס פֿון אונדזערע נאָענטע פּאַרטיי־חברים ש. גילינסקי, דירעקטאָר פֿון דער מעדעם־סאַנאַטאָריע הינטער וואַרשע, נ. בוימגאַרטן, פֿאָרזיצער פֿון צענטראַל־ראַט פֿון די פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַריינען אין וואַרשע, אַבראַם קאַסטעלאַנסקי, געשעפֿט־פֿירער פֿון דער „פֿאָלקסצייטונג" אין וואַרשע, און פֿון ח ש. קאַזשדאַן, פֿאָרזיצער פֿון דער צענטראַלער אידישער שול־אָרגאַניזאַציע אין פּוילן.

— זיי זײַנען דאָ געווען ביז נעכטן — האָט זינגער אונדז דערציילט — נעכטן זײַנען זיי אַוועק קיין לעמבערג. ווען זיי וואָלטן געוואוסט, אַז איר קומט הײַנט!

דאָס איז געווען דער ערשטער גרוס פֿון אונדזערע פּאַרטיי־חברים פֿאַר דער גאַנצער צײַט. דער דאָזיקער גרוס איז פֿאַר אונדז געווען אַ סימן, אַז עס איז דאָך געלונגען די וויכטיקסטע טוער פֿון דער פּאַרטיי צו פֿאַרלאָזן וואַרשע.

מיר האָבן לײַכטער אָפּגעאָטעמט. שוין צוליב דער ידיעה אַליין האָט זיך געלוינט צו פֿאַרלאָזן דאָס זײַטיק־ליגנדיקע קאָפּיטשיניעץ. גלײַכצײַטיק איז דאָס געווען פֿאַר אונדז אַ באַווײַז, אַז וואָס טיפֿער מיר וועלן פֿאָרן צוריק אין לאַנד אַרײַן, אַלץ מער אַזעלכע גרוסן וועלן מיר באַקומען.

— שטעלט אײַך פֿאָר — האָט אונדז בערנאַרד זינגער דערציילט — אַז פֿון די דאָזיקע חברים אײַערע האָב איך זיך דערוואוסט אַ רייע פּרטים וועגן אײַער רײַזע קיין רומעניע מיט צוויי וואָכן צוריק.

— ווי אַזוי איז דאָס מעגלעך? פֿון וואַנען האָבן זיי עס געוואוסט?

— אָט וועט איר זען, אַז איך ווייס: אין סקאַלאַט זענט איר געווען?

— געווען!

— און אין זבאַראַזש?

— געווען!

— דאָס אַלץ ווייס איך פֿון זיי. גאָר פּשוט: זיי האָבן אַדורכגעמאַכט דעם זעלבן וועג, וואָס איר, נאָר זיי האָבן אײַך נישט געקענט אָניאָגן. אין יעדער שטאָט האָט מען זיי אָפּגעגעבן גרוסן, אַז איר זענט דאָרט געווען מיט אַ טאָג פֿריער.

מיר האָבן געהאַט עגמת־נפֿש, וואָס מיר האָבן זיך מיט זיי נישט געטראָפֿן. ערשטנס — די באַגעגעניש אַליין! און צווייטנס, וואָלטן מיר

דאָך זיכער זיך פֿון זיי דערוואוסט זייער פֿיל נײַעס וועגן וואַרשע, וועגן אונדזערע פֿריינט און פֿאַמיליעס, וועגן אַנדערע פּאַרטיי־־חברים.

אָבער די שטאָט טאַרנאָפּאָל האָט אונדז שנעל פֿאַרשיכּורט מיט איר רויש. מיר האָבן דאָרט פֿאַרבראַכט דעם ערשטן טאָג מיט גרויס אינטערעס. מיר האָבן אַלץ געשלונגען מיט די אויגן, אַזוי ווי מיר האָבן אַלץ געשלונגען מיט די אויגן די ערשטע טעג פֿון אונדזער באַגעגעניש מיט דער סאָוויעטישער אַרמיי אין קאָפּיטשיניעץ.

## 2

## טאַרנאָפּאָלער באַגעגענישן

ב. זינגער, וועלכער איז שוין געווען באַקאַנט אין שטאָט, האָט גלײַך געשטעלט אויף די פֿיס עטלעכע אָרטיקע מענטשן, און אין פֿאַרלויף פֿון אַ שעה צײַט האָט מען אונדז באַזאָרגט מיט נאַכטלעגער בײַ עטלעכע באַקאַנטע פֿאַמיליעס אין דער שטאָט. איך האָב באַקומען מײַן נאַכטלעגער בײַ אַ גרויסן אָרטיקן סוחר.

אַלע מענטשן, בײַ וועלכע מען האָט אונדז באַזעצט, זײַנען געווען צו אונדז זייער פֿרײַנטלעך. אַן אָרטאָדאָקסישער טוער, בײַ וועלכן עס איז געווען אײַנגעאָרדנט דוד פֿלינקער, האָט אים אַרײַנגערופֿן אין אַ חדר־מיוחד און אים פֿאָרגעשלאָגן אַ גרויסע סומע געלט.

— איר זעט דאָך — האָט ער אים געזאָגט — מיר פֿאַרקויפֿן אויס אונדזערע גרויסע לאַגערן סײַ צוליב דעם, וואָס אַזאַ איז דער באַפֿעל, און סײַ צוליב דעם, וואָס מען וועט עס אונדז שפּעטער אינגאַנצן קאָנ־פֿיסקירן. געלט האָבן מיר גאַנצע בערג, אָבער אויך די דאָזיקע פּאַ־פּירלעך וועט מען דאָך אונדז שפּעטער קאָנפֿיסקירן. לאָמיך כאָטש וויסן, אַז איר האָט עפּעס מיטגענומען פֿון דעם אין וועג אַרײַן!

אַן ענלעכע געשיכטע איז געשען מיט מיר אַליין.

פֿינף פֿאַרטאָג האָט מען שוין געקלונגען אין דער טיר פֿון מײַנע נײַע באַלעבאַטים.

— שרעקט אײַך נישט! — האָט דער באַלעבאָס מיך באַרואיקט — דאָס קלינגען מײַנע פֿריינט. הײַנט האָט מען נישט קיין טאָג און נישט קיין נאַכט. איר וועט אַראָפּגיין איצט צו מײַן געשעפֿט, וועט איר זען אַ רייע פֿון עטלעכע צענדליק מענטשן פֿאַר דער טיר. ווען איך וועל עפֿענען 9 פֿרי דאָס געשעפֿט, וועט די רייע שוין ציילן הונדערטער מענטשן. ווער עס וועט קומען צו דער רייע אַרום 8 פֿרי, וועט שוין נישט האָבן קיין שום שאַנס זיך צו דערשלאָגן. עס קומען צו מיר דער־

ריבער נאָענטע און ווײַטע באַקאַנטע מיט באַשטעלונגען אין שטוב אַרײַן, כּדי זיי זאָלן נישט דאַרפֿן שטיין אין דער רייע. בײַנאַכט, ווען איך שליס דאָס געשעפֿט, נעם איך אַרויף אין שטוב אַרײַן זייער באַשטעלונג, און פֿאַרטאָג קומען זיי עס אָפּנעמען.

און ווירקלעך: צווישן 6 און 8 פֿרי האָט די טיר זיך נישט צוגעמאַכט אין דער וואוינונג פֿון מײַנע באַלעבאַטים. מען איז געגאַנגען אומאויפֿהערלעך נאָך פּעקלעך וועש, לײַוונט, האַנטיכער א. ד. גל. מען האָט געצאָלט מיט גאַנצע קופּעס רובלס און זיך פֿאַרזאָרגט אויף ווי לאַנג עס האָט זיך נאָר געלאָזן...

איך האָב געוואָלט אויסנוצן אַ טובה אויך פֿאַר זיך און פֿאַר שעפֿנערן. פֿאַקטיש זײַנען מיר געווען כּמעט אָן וועש און אָן וואַרעמע וועש יעדנפֿאַלס. איך האָב אונטערגעשטראָכן, אַז געלט האָבן מיר און מיר זײַנען גרייט צו באַצאָלן וויפֿל אַלע צאָלן. איך האָב באַשטעלט בלויז צו איין אָדער צוויי זאַכן פֿאַר יעדן פֿון אונדז. די נײַע באַלעבאַסטע מײַנע האָט אַפֿילו געהאַט טענות, פֿאַרוואָס מיר באַשטעלן אַזוי ווייניק. אָבער איך האָב איר נישט געוואָלט זאָגן, אַז מיר האָבן בײַ זיך ווייניק געלט. אין דער אונטערשטער שורה האָט דער באַלעבאָס מיך צומאָרגנס אַרײַנגערופֿן צו זיך אין קאַבינעט און מיר דערלאַנגט מײַן באַשטעלונג מיט אַ פּאָר באַנקנאָטן אַלס צולאָג:

— איך בעט אײַך, איר זאָלט דאָס נעמען בײַ מיר ווי אַ הלוואָה... איך בין גליקלעכער פֿון אײַך — איך בין דאָך געבליבן אין מײַן שטוב, אין מײַן היים... הײַנט קען קיינער נישט וויסן, וואָס מיט אים וועט ווערן מאָרגן.. איר קלײַבט זיך אין אַ וועג אַרײַן און ווער ווייס, ווי לאַנג איר וועט אַזוי מוזן וואַנדערן... נעמט, איך בעט אײַך!... איך וועל עס אַמאָל בײַ אײַך אָפּנעמען...

ווען איך האָב זיך אָפּגעזאָגט צו נעמען דאָס געלט, האָט דער איד געפּרואווט ווירקן אויף מיר מיט אַלערליי אַרגומענטן. איך האָב אים אָבער געגעבן צו פֿאַרשטיין, אַז איך וועל די באַשטעלונגען אויך נישט נעמען, אויב ער וועט נישט נעמען בײַ מיר קיין געלט.

דאָ איז דער איד שוין אַרײַנגעפֿאַלן אין גרימצאָרן. ער האָט זיך באַליידיקט און אַראָפּגעלאָפֿן דערציילן די געשיכטע דער ווײַב. איך האָב געהאַט אַ שווער לייענען. די פֿרוי האָט מיר דערקלערט, אַז אויב איך וועל בלויז רעדן וועגן געלט, וועט זי זיך פּשוט באַליידיקן. עס איז נישט געווען קיין ברירה. איך האָב צוגענומען די זאַכן. זיי זײַנען אונדז גאַנץ גוט צונוץ־געקומען. איבריקנס האָט מען אַ טייל פֿון דעם בײַ שעפֿנערן צוגענבעט אין אונדזער ווײַטערדיקן וועג.

אין טאַרנאָפּאָל זײַנען מיר געווען צוויי טעג. דעם 3טן אָקטאָ־בער אינדערפֿרי זײַנען מיר אַוועקגעפֿאָרן ווײַטער. בערנאַרד זינגער איז מיט אונדז נישט מיטגעפֿאָרן. ער האָט דערוויַיל זיך נישט געוואָלט באַווײַזן אין קיין גרויסע שטעט, וואו מען האָט אים געקענט. זײַן פֿאַרזיכטיקייט איז געווען אַ באַרעכטיקטע. מיט חדשים שפּעטער, ווען מיר זײַנען געווען צוזאַמען אין דער ליטע, האָבן די באָלשעוויקעס אַרעסטירט מענטשן אויף לינקס און רעכטס. אין אַ געוויסן מאָמענט איז בערנאַרד זינגער אַרעסטירט געוואָרן אין ריגע (לעטלאַנד). מיט אַ יאָר שפּעטער, ווען היטלער איז באַפֿאַלן סאָוויעט־רוסלאַנד, האָבן די באָלשעוויקעס אים צוריק באַפֿרײַט. עס איז אים געלונגען אָנצוקומען קיין פּאַלעסטינע, אָבער נאָך איידער ער איז אָנגעקומען אַהין, איז באַ־וואוסט געוואָרן, אַז זײַן זון, אַ גאָר יונגער בחור, איז אומגעקומען אלס פּוילישער סאָלדאַט בײַם פֿאַרטיידיקן טאַברוק קעגן די היטלעריסטן.

פֿאַר די צוויי טעג, וואָס מיר האָבן פֿאַרבראַכט אין טאַרנאָפּאָל, האָבן מיר זיך אומאויפֿהערלעך אַרומגעשלעפּט איבער די גאַסן און זיך צוגעקוקט צו דער סאָוויעטיזאַציע פֿון דער דאָזיקער גרויסער פּראָווינץ־שטאָט. דער הו־האַ איז אין די גאַסן געווען אַזאַ גרויסער, אַז ער האָט פֿאַרוואַנדלט יעדן מענטשן אין עפּעס אַ טיילכעל פֿון אַ גרויסן, שטורמישן און צעצאַפּלטן קאָלעקטיוו.

אין אַ געוויסן מאָמענט האָב איך געטראָפֿן אין גאַס אַן אָנגע־שטעלטן פֿון דער וואַרשעווער לוויה־געזעלשאַפֿט „חסד של אמת״ אין אַ מונדיר פֿון אַ פּוילישן זעלנער. ער איז אַרײַנגעפֿאַלן אין סאָוויעטי־שער געפֿאַנגענשאַפֿט. אָבער ער איז באַלד באַפֿרײַט געוואָרן צוזאַמען מיטן רוב אוקראַינישע און אידישע זעלנער. איצט קלײַבט ער זיך צו גיין קיין וואַרשע.

— ס'טײַטש קיין וואַרשע? וואַרשע איז דאָך אין די הענט פֿון די דײַטשן!

— איך וועל פּרובירן גיין דורך דער גרינער גרענעץ! מיר וועט היטלער גאָרנישט טאָן. איך בין מיר אַ איד פֿון אַ גאַנץ יאָר!

איך האָב נישט געהאַט קיין אמונה, אַז ער וועט טאַקע בלײַבן בײַ זײַן באַשלוס. נאָך ווייניקער האָב איך געגלויבט, אַז אויב ער וועט טאַקע בלײַבן בײַ זײַן באַשלוס, וועט אים געלינגען צו דערגיין ביז וואַרשע. אָבער אַרויסלאָזן די געלעגנהייט האָב איך נישט געוואָלט. איך האָב מיט מײַן האַנט אים אָנגעשריבן אין זײַן נאָטיץ־ביכל דעם אַדרעס פֿון מײַן וואוינונג און ער האָט מיר צוגעזאָגט אָפּצוגעבן פֿון מיר אַ גרוס. צי ער איז טאַקע דערגאַנגען קיין וואַרשע ווייס איך נישט. צו מײַן פֿאַמיליע האָט ער זיך נישט געמאָלדן.

אַ צווייטן גרוס האָב איך איבערגעשיקט קיין וואַרשע מיט אַ באַ־קאַנטן אידישן דאָקטער, וועלכן איך האָב נאָך געקענט פון מײַנע קינדער־יאָרן. ער האָט געשטאַמט פון מײַן שטאָט; אַלס אַ יִינגל האָט ער זיך געחברט מיט מײַן עלטערן ברודער.

מײַן באַגעגעניש מיט אים איז אויך געווען כאַראַקטעריסטיש פאַר די דעמאָלטיקע אומשטענדן:

איך בין געזעסן מיט מײַנע באַלעבאַטים בײַם אָונטבערויט, ווען עס האָט זיך געעפנט די טיר און עס איז אַרײַנגעקומען אַ מענטש מיט אַ פּנים, וואָס האָט מיר אויסגעזען צו זײַן באַקאַנט. אָנגעטאָן איז ער געווען מאָדנע. מען האָט בפירוש געזען, אַז ער טראָגט נישט זײַנע מלבושים: די קנעפּלעך פון ראָק זײַנען נישט צוגעגאַנגען, די הויזן זײַנען געווען מיט אַ גוטער דלאָניע קירצער, ווי זיי האָבן געדאַרפט זײַן א. אַ. וו. איך האָב זיך נישט געקענט דערמאָנען ווער דאָס איז. אָבער פאַר דער צײַט, וואָס ער האָט זיך שטיל אַדורכגעשלײַכט אין צווייטן צימער אַרײַן, וואו די באַלעבאָסטע האָט אים גענומען שטופּן אין האַנט אַרײַן פאַרשידענע פּעקלעך שפּײַז, האָב איך זיך דער־מאָנט ווער דאָס איז. ווען איך האָב אים שפּעטער אַ רוף־געטאָן בײַם נאָמען, האָט ער מיך אַ ווײַלע אָנגעקוקט און דערקענט: אין וואַרשע פלעגן מיר זיך אינגאַנצן נישט באַגעגענען. אָבער ער האָט מיך גע־דענקט פון מײַנע קינדער־יאָרן.

— יאָ, יאָ — האָט ער זיך נישט געקענט אָפּוואונדערן — אָט אין וואָסערע אומשטענדן מיר טרעפן זיך...

בעת דער מאָביליזאַציע מיט 6 וואָכן צוריק איז ער אַוועק אין דער אַרמיי. ווען די באָלשעוויקעס זײַנען אַרײַן קיין טאַרנאָפּאָל, האָט ער דאָרט געאַרבעט אין פּוילישן אַרמיי־שפּיטאָל אַלס דאָקטער. די באָלשעוויקעס האָבן אים געלאָזן בײַ דער אַרבעט אין שפּיטאָל, אָבער אָן דעם רעכט אַרויסצוגיין אין שטאָט. שפּעטער האָבן די באָלשע־וויקעס איינציקווײַז גענומען אַרויספירן די דאָקטוירים אין געפאַנגען־לאַגערס. ער האָט דעריבער זיך פּשוט אַרויסגעגנבעט פון שפּיטאָל און די אָרטיקע אידישע כּלל־טוער האָבן אים באַזאָרגט מיט אַביסל געלט און מלבושים.

— אָט די פרוי — האָט ער מיר געזאָגט וועגן מײַן באַלעבאָסטע — איז אַ מלאך אין אַ מענטשלעכער געשטאַלט. זי האַלט אונטער מיך און נאָך עטלעכע וואַרשעווער דאָקטוירים בײַם לעבן. זי געפינט שטענ־דיק עפּעס אויס פאַר אונדז. אַז פאַר געלט קען מען גאָרנישט קריגן!

אויך ער האָט מיר דערקלערט, אַז ער פּלאַנט זיך אַריבערצוקריגן קיין וואַרשע. ער האָט גענומען בײַ מיר מײַן וואַרשעווער אַדרעס,

אָבער צו מײַן פֿאַמיליע האָט ער זיך נישט געמאָלדן. מסתּמא איז ער געבליבן אויף דער סאָוויעטישער זײַט.

דעם ערשטן אָוונט פֿון אונדזער פֿאַרברענגען אין טאַרנאָפּאָל זײַנען מיר אַוועק אין איינעם פֿון די אָרטיקע קינאָס, ווײַל מיר האָבן זיך דער־וואוסט, אַז מען גיט דאָרטן דעם באַרימטן סאָוויעטישן פֿילם „פּיאָטר דער ערשטער".

דער קינאָ איז געווען געפּאַקט מיט אוקראַינישע פּויערים. מען האָט זיי געבראַכט פֿון די דערפֿער, כּדי זיי צו ווײַזן דעם דאָזיקן פֿילם. עס האָט אונדז זייער געחידושט, וואָס גראָד דעם דאָזיקן נאַציאָנאַליס־טישן פֿילם האָט מען אויסגעקליבן אַלס אַגיטאַציע־שטאָף פֿאַרן אָפּ־געשטאַנענעם אוקראַינישן פּויער. פֿיל פֿון די פּויערים האָבן יענעם טאָג צום ערשטן מאָל געזען אַ פֿילם. אין קינאָ האָט בעתן שפּילן זיך אַזוי גערודערט, אַז צוליב די שטורמישע „דיאַלאָגן" צווישן עולם אין זאַל האָט דאָס אויער נישט באַוויזן אויפֿצוכאַפּן קיין איין דיאַ־לאָג פֿון די אַקטיאָרן אויפֿן לײַוונט.

די טאַרנאָפּאָלער סאָוויעטישע מאַכט־אָרגאַנען האָבן אונדז גע־געבן אַן אויטאָ, וואָס זאָל אונדז פֿירן ביז בראָד. די גאַנצע אַקציע אַרויסצובאַקומען דעם אויטאָ האָט דאָ אַדורכגעפֿירט נח פּרילוצקי. איך האָב בלויז געשפּילט די ראָל פֿון אַ פֿיגוראַנט. איך בין מיט אים עטלעכע מאָל מיטגעגאַנגען, געשטאַנען אין אַ זײַט, אַרויסגעהאָלפֿן מיט אַ קלייניקייט.

ווען מיר האָבן איינמאָל געוואַרט אין דער קאַנצעלאַריע פֿון אָר־טיקן טאַרנאָפּאָלער קאָמיסאַר, איז זיך פֿאַרלאָפֿן פֿאָלגנדיקער קאָ־מישער עפּיזאָד:

אין צימער, אין וועלכן מיר האָבן געוואַרט, זײַנען סאָרטירונג גע־וואָרן די פֿאַרשידנסטע סאָוויעטישע צײַטונגען, וועלכע מען האָט זעט אויס, באַלד געדאַרפֿט אַרויסטראָגן אין גאַס צום פֿאַרקויפֿן. איך האָב מיך געווענדעט צו עפּעס אַ יונג אידיש קאָמוניסטל, וואָס האָט צוזאַמען מיט עפּעס אַן אוקראַיניש בחורל געהאָוועט בײַ די צײַטונגען, אַז ער זאָל מיר געבן אַ אידישע צײַטונג. אַזוי ווי איך האָב גערעדט צו אים פּויליש, האָב איך אים געבעטן, ער זאָל מיר געבן אַ „זשידאָווסקע צײַטונג".

דאָס אידישע בחורל האָט מיך שטרענג אָנגעקוקט, ווי איך וואָלט באַגאַנגען ווער־ווייס וואָסער פֿאַרברעכן. ער האָט בייז אַ זאָג־געטאָן:

— מען טאָר נישט באַנוצן דאָס וואָרט „זשידאָווסקע", נאָר מען דאַרף זאָגן „יעווריסקע"...

— איר האָט אַ טעות — האָב איך געפּרואווט אים געבן אַ לעקציע פֿון דער פּוילישער שפּראַך — אויף פּויליש איז דאָס וואָרט „זשיד"

נישט קיין באַליידיקונגס־וואָרט, ווי אין דער רוסישער אָדער אוקראַי־נישער שפּראַך. דאַקעגן דאָס אָנגענומענע רוסישע וואָרט „יעווּרעי״ ווערט אויף פּויליש נישט באַנוצט. ווערט עס יאָ אַמאָל באַנוצט אין פּויליש, איז עס גראָד אַ באַליידיקונגס־וואָרט. דאָס וואָרט „זשיד״ איז אין פּויליש די נאָרמאַלע באַצייכענונג פֿאַר אַ איד, און דאָס וואָרט „יעווּרעי״ וואָלט געווען אויף פּויליש אַ באַליידיקונגס־אויסדרוק.

מײַן לעקציע האָט אָבער גאָרנישט געהאָלפֿן. דאָס בחורל האָט זיך ווידער אויף מיר אָנגעבייזערט:

— איך זאָג אײַך, אַז דאָס וואָרט „זשידאָווסקע״ טאָר מען נישט באַנוצן און אָפּגערעדט! . . .

שפּעטער האָב איך זיך איבערצײַגט, אַז ער איז געווען „גערעכט״: די פּוילישע קאָמוניסטישע צײַטונג, וואָס האָט אָנגעהויבן דערשײַנען אין לעמבערג, האָט יעדעסמאָל, ווען מען האָט געדאַרפֿט באַנוצן דעם נאָרמאַלן פּוילישן אויסדרוק „זשידאָווסקי״ — באַנוצט דעם רוסישן אויסדרוק „יעווּרעיסקי״. גיי און טו זיי עפּעס: איגנאָראַנטן האָבן גע־מיינט, אַז מיט דער דאָזיקער רעפֿאָרם קוילענען זיי אָפּ דעם אַנטיסע־מיטיזם. אָבער — געקוילעט האָבן זיי בלויז די פּוילישע שפּראַך.

בעת אונדזער זײַן אין טאַרנאָפּאָל האָבן מיר געזען סימנים פֿון דער דראַמאַטישער שלאַכט צווישן עטלעכע צענדליק פּוילישע מילי־טער־לײַט און די באָלשעוויקעס אין טאָג פֿון 17טן סעפּטעמבער. די פּוילישע מיליטער־לײַט האָבן זיך פֿאַרבאַריקאַדירט אין איינער פֿון די אָרטיקע קאַטוילישע קירכעס און פֿאַרביסן זיך דאָרט פֿאַרטיידיקט. די באָלשעוויקעס האָבן צום סוף אַטאַקירט די קירכע מיט אַרמאַטן. ווען מיר האָבן זי געזען, איז דער גאַנצער טורעם געווען אַראָפּגע־טראָגן, און זי איז געווען צעלעכערט אין פֿיל ערטער.

## 3

## צווישן די בראָדער חורבות

עס איז געווען אַ קאַלטער, ווינטיקער טאָג, ווען מיר זײַנען געפֿאָרן פֿון טאַרנאָפּאָל קיין בראָד.

מיר זײַנען געפֿאָרן אין אַן אָפֿענעם לאַסט־אויטאָ פֿון דער טאַרנאָ־פּאָלער שטאָט־פֿאַרוואַלטונג. דעם אויטאָ האָט מען אונדז געגעבן אויף עטלעכע שעה. דער שאָפֿער האָט געהאַט אַן אָנזאָג צו פֿאָרן וואָס שנעלער, כּדי צו זײַן צוריק נאָך דעם זעלבן טאָג. אין אויטאָ האָט מען אַרײַנגעשטעלט עטלעכע בענק, כּדי מיר זאָלן קענען זיצן. אָבער איין

מעלה האָט דער אויטאָ געהאַט: די נײַע טאַרנאָפּאָלער שטאָט־באַלע־באַטים האָבן אינגאַנצן פֿון אונדז נישט גענומען קיין געלט.

אָנגעפּאַקטע, ווי אין אַ פּאַס הערינג, זײַנען מיר דעם 3טן אָקטאָ־בער אינדערפֿרי אַרויס מיטן אויטאָ פֿון טאַרנאָפּאָל. די קעלט האָט אונדז אַרומגענומען פֿון אַלע זײַטן און אַ צאָן האָט גענומען קלאַפּן אין אַ צאָן. צום אומגליק האָט נאָך גענומען רעגענען און דער רעגן האָט אונדז נישט אָפּגעלאָזן ביז סאַמע בראָד.

קיין בראָד זײַנען מיר אָנגעקומען אין די שפּעטע נאָכמיטאָג־שעהן. די הויפּט־גאַס פֿון דער שטאָט און פֿיל זײַטיקע געסלעך זײַנען גע־ווען היפּש רואינירט פֿון דײַטשע באָמבעס. די באַפֿעלקערונג פֿון דער שטאָט איז נאָך נישט געהאַט געקומען צו זיך פֿון די איבערלעבונגען.

יענע באָמבאַרדירונג, וועלכע מיר האָבן געזען בײַם אַרויספֿאָרן פֿון שטאָט מיט צוויי וואָכן צוריק, איז בלויז געווען אַ קליינער פֿאָר־שפּיל צו דעם, וואָס עס איז דאָרטן פֿאָרגעקומען צומאָרגנס. מען האָט אונדז איבערגעגעבן, אַז בערך 100 פּערזאָן זײַנען געהרגעט און פֿאַר־וואונדעט געוואָרן פֿון דער באָמבאַרדירונג. כאַראַקטעריסטיש, אַז די רעגירונגס־בנינים זײַנען נישט געטראָפֿן געוואָרן. הײַזער רעכטס און הײַזער לינקס זײַנען געווען רואינירט, אָבער די רעגירונגס־בנינים אַליין זײַנען געבליבן גאַנץ.

צווישן אַנדערן איז אומגעקומען אַ יונגער דאָקטער, וועלכן מיר האָבן געטראָפֿן עטלעכע מאָל אין בראָדער מוזיק־קלוב בעת מיר זײַנען געווען צום ערשטן מאָל אין בראָד. דער דאָזיקער יונגער מענטש האָט געענדיקט מעדיצין אין אויסלאַנד. ווען ער איז עטלעכע יאָר פֿאַרן קריג געקומען קיין פּוילן, האָט ער זיך נישט געקענט אַדורכ־שלאָגן דורך דער אַנטיסעמיטישער מויער. ווי פֿיל אַנדערע אידישע דאָקטוירים, האָט מען אים נישט געלאָזן זיך נאָסטריפֿיצירן. ערשט דער קריג האָט אים „באַגליקט". מען האָט אים גערופֿן און אָוועקגעשטעלט אין אָרטיקן שפּיטאָל בײַ דער אַרבעט. דאָס „גליק" האָט אָבער גע־דויערט זייער קורץ. בעת דער באָמבאַרדירונג איז ער געטראָפֿן גע־וואָרן פֿון אַ באָמבע. ווי מען האָט מיר דאָן איבערגעגעבן, זאָל ער האָבן אומגעקומען אין שפּיטאָל צוזאַמען מיט עטלעכע קראַנקע, קראַנקען־שוועסטערס און דאָקטוירים.

די פֿאַמיליע, בײַ וועלכער איך מיט שפּענערן זײַנען אײַנגעשטאַ־נען מיט צוויי וואָכן צוריק, איז בעת דער באָמבאַרדירונג אַנטלאָפֿן פֿון שטוב. זיי זײַנען אַוועק צו פֿרײַנט, וועלכע האָבן געוואוינט אויסער דער שטאָט. אָבער דאָ איז נישט געווען זיכערער, ווי אין שטאָט. זיי האָבן איבערגעלעבט משוגענע שעהן: מען איז געלאָפֿן פֿון איין

הויז צום צווייטן, פֿון איין פֿעלד צום צווייטן, פֿון איין בוים צו אַן אַנדערן: לויפֿנדיק אַזוי פֿון איין אָרט צום צווייטן, האָט דער גאַסט פֿון פּאַלעסטינע, דער דאָקטער, וועגן וועלכן איך האָב דערציילט אויספֿירלעך אין די פֿריערדיקע קאַפּיטלעך, פֿאַרלוירן אַ גרויסע סומע געלט, וואָס ער האָט געבראַכט מיט זיך פֿון פּאַלעסטינע — דאָס גאַנצע געלט, וואָס ער האָט אָפּגעשפּאָרט פֿאַר אַלע יאָרן.

דער דאָזיקער דאָקטער האָט זיך גיך אַנטשלאָסן צו ווערן אַן אַנגעשטעלטער בײַ דער סאָוויעטישער מאַכט. אויסרעכענענדיק, אַז ער האָט נישט דערווײַל קיין אויסזיכט צו פֿאָרן צוריק קיין פּאַלעסטינע, האָט ער דערווײַל באַשלאָסן זיך צו שטעלן אַרבעטן דאָ. ווען מיר זײַנען אָנגעקומען קיין בראָד, איז ער געווען דער פֿאַרטרעטער פֿון מעדיצינישן קרײַז־שעף.

אייגנטלעך איז ער עטלעכע טעג געווען נישט דער פֿאַרטרעטער, נאָר דער שעף אַליין. אָבער אין עטלעכע טעג אַרום האָט מען אים אַרויסגערופֿן און אים אויסגעטײַטשט, אַז צוליב פּאָליטישע טעמים מוז דער קרײַז־שעף זײַן אַן אוקראַאינער...

— פּראַקטיש — האָט מען אים געמאָלדן — וועט איר ווײַטער אָנפֿירן מיט דער גאַנצער געזונדהייטס־אַרבעט אין געגנט, אָבער נאָמינעל מוז אַן אוקראַאינער זײַן דער שעף...

דאָס האָט, פֿאַרשטייט זיך, שטאַרק פֿאַרדראָסן נישט נאָר אים אַליין, נאָר די גאַנצע אידישע באַפֿעלקערונג פֿון שטעטל. אָבער וועגן פּראָטעסטירן האָט נישט געקענט זײַן קיין רייד. ער האָט זיך אָפּגעווישט די ליפּן און זיך גענומען צו דער אַרבעט. ער האָט מיר אימפּאָנירט מיט זײַן ענערגיע און מיט זײַן אײַנגעבוירענעם געזונטן נאַציאָנאַלן זעלבסטגעפֿיל. אויף דער מויער פֿון הויז האָט ער אויפֿגעהאָנגען אַ שיין שילדל מיט זײַן נאָמען, אָנגעשריבן אין די שפּראַכן פֿון אַלע דרײַ נאַציעס, וואָס וואוינען אין גאַליציע — אוקראַאיניש, פּויליש און אידיש. דער אידישער טעקסט איז געווען דער ערשטער.

— איך בין אַ איד, דער גרעסטער טייל פֿון דער באַפֿעלקערונג אין שטאָט איז אַ אידישע — האָט ער געזאָגט מיט פּשטות — דאַרף דער אידישער טעקסט זײַן דער ערשטער!

זײַן האַלטונג איז אין דער הינזיכט געווען אַ מוסטער פֿאַר אַנדערע.

אַ טייל פֿון דער אידישער אַסימילירטער אינטעליגענץ פֿון דער שטאָט — דער יינגערער טייל גראָד — האָט נישט געוואָלט אָננעמען קיין סאָוויעטישע פּאָסטנס. זיי האָבן זיך געהאַלטן ווי טרײַע פּוילישע פּאַטריאָטן.

— איך פֿיל — האָט איינער פֿון זיי מיר געזאָגט — אַז איך טאָר נישט פֿאַראַטן מײַן פֿאָטערלאַנד אין מאָמענט פֿון זײַן גרויסן

אומגליק. נו, זאָגט אַליין, דאַרף איך אָננעמען אַ פּאָסטן ביי יענע, וועלכע האָבן זיך צעטיילט מיט היטלערן, אַנשטאָט אונדז צו העלפֿן קעמפֿן קעגן היטלערן?

די פֿאַמיליע פֿון דאָזיקן מענטש — שעפֿנער און איך פֿלעגן אַריינגעקומען אין דעם הויז — האָט אונדז ביידן געבעטן, מיר זאָלן ווירקן אויף אים, ער זאָל כאָטש זיך אַביסל רעכענען מיט די אומשטענדן און זיין איינגעהאַלטענער מיט אַרויסזאָגן זיינע מיינונגען צווישן מענטשן.

— מיך — האָט דער דאָזיקער בחור זיך נישט אָריענטירט אין די אומשטענדן — מיך וועלן די באָלשעוויקעס מער שאַנעווען פֿון יענע, וועלכע לעקן ביי זיי די שטיוול...

אַ גרויל האָט אָנגעכאַפּט, ווען מען האָט שפּאַצירט צווישן די חורבות פֿון דער שטאָט. אָט־דאָ, וואו מיר זיינען געשטאַנען מיט אונדזערע וועגעלעך האָרט פֿאַרן אַרויספֿאָר פֿון שטאָט, גלאָצן איצט נאַקעטע ווענט פֿון אַן אויפֿגעריסן איינשטאָקיג הויז.

צווישן די איינגעפֿאַלענע ציגל באַרעט זיך עפּעס אַ מענטש ער קלויבט צונויף דעם שטויב, לייגט גלייך די ציגל, זוכט עפּעס אין מיסט.

— עס האָט דאָ עמעץ געליטן? — פֿרעג איך אים.

דער מענטש שטעלט אַוועק דעם רידל און שמייכלט טרויעריק:

— דאָ אין דעם טייל פֿון הויז, איז צום גליק נישט געווען קיין לעבעדיקער נפֿש... אַלע זיינען מיר גראָד געווען אין קעגנאיבער־דיקן טייל פֿון הויז... עלף פּערזאָן און — עס האָט קיינעם נישט גע־שאַדט... באַשערט געווען צו בלייבן לעבן!...

דער שמייכל פֿון דאָזיקן מענטשן — פֿול מיט טרויער און מע־לאַנכאָליע — ליגט אויסגעגאָסן אויפֿן גאַנצן שטעטל

— אָט־דאָ האָט איר פֿיל מאָל געטרונקען טיי, ווען איר זענט דאָ געווען דאָס ערשטע מאָל! — האָט אונדז טרויעריק דערמאָנט איינער פֿון אונדזערע בראָדער פֿריינט, ווען מיר זיינען פֿאַרביי־געגאַנגען נעבן דער הורבה פֿון דער אַמאָליקער אוקראַינישער קאַפֿע „רוסאַלקאַ".

די גאַנצע שטאָט האָט נישט אויפֿגעהערט צו רעדן וועגן דעם, אַז די גאַנצע באָמבאַרדירונג איז געווען אַ רעזולטאַט פֿון גענעראַל סקלאַדקאָווסקים פֿאַרבייפֿאָרן דורך בראָד.

— אָט־דאָ, אין דער „רוסאַלקאַ", איז געווען באַשטעלט פֿאַר סקלאַדקאָווסקין אַ מיטאָג אויף צוויי בייטאָג — האָט מען דערציילט

אונדז די געשיכטע, וועלכע די גאַנצע שטאָט האָט געהאַלטן פֿאַר אַן אמתן פֿאַקט — און טאַקע פּינקטלעך צוויי בײַטאָג האָט מען צום ערשטן מאָל באָמבאַרדירט די שטאָט, דערונטער טאַקע די „רוסאַלקאַ"...

דערבײַ האָט מען נישט אויפֿגעהערט איבערצוחזרן, אַז אַרום איינס אַ זייגער זאָל האָבן אַרײַנגעקומען אין „רוסאַלקאַ" אַ פֿרעמדער מאַן, עפּעס אַן אוקראַינער, און ער זאָל האָבן זיך נאָכגעפֿרעגט אויף סקלאַדקאָווסקין. ער זאָל האָבן געפֿרעגט, וויפֿל אַזייגער סקלאַד־קאָווסקי וועט דאָרטן עסן מיטאָג...

אויסער דער געשיכטע מיט סקלאַדקאָווסקין, האָט מען נאָך דערציילט אַ צווייטע געשיכטע, מיט אַן אָרטיקן קאַטוילישן גלח.

— אָנגעקומען איז ער צו אונדז — האָט מען דערציילט וועגן דעם גלח — אַן אַנדערהאַלבן יאָר פֿאַרן קריג. געוואוסט האָט מען וועגן אים נאָר דאָס, אַז ער שטאַמט פֿון קאַטאָוויץ. איצט איז דער גלח פֿאַרשוואונדן. קיינער ווייסט נישט וואו ער איז אַוועקגע־קומען. ער איז אַוועק פֿון שטאָט נישט געזעגענענדיק זיך מיט קיינעם. אין טאָג פֿון דער ערשטער באָמבאַרדירונג זאָל ער האָבן זיך אַרומ־געדרייט אין שטאָט מיט עפּעס אַ מאָדנע־בלישטשענדיקן קרייץ... שפּעטער, ווען ער איז אַוועק, זאָלן די פּאָליאַקן האָבן אַנטדעקט אין זײַן וואוינונג אַ געהיימע ראַדיאָ־סטאַציע...

אַנטקעגן דעם שרעקלעכן טומל פֿון פֿאַר דרײַ וואָכן צוריק, האָט איצט געהערשט אין שטאָט אַן אידעאַלע שטילקייט. קיין פּליטים זיינען אין שטאָט כּמעט נישט געווען. דאָס ביסל, וואָס עס איז געווען, האָט זיך גענומען אַריבערפּעקלען קיין לעמבערג. פֿיל מענטשן האָט איצט געצויגן קיין לעמבערג. סוחרים און סתּם קאַנדידאַטן אויף לײַכ־טע פֿאַרדינסטלעך האָט געצויגן אַהין צוליב די גרויסע מעגלעכקייטן פֿון שפּעקולאַציע. יונגוואַרג איז געלאָפֿן קיין לעמבערג נאָך פּאָסטנס. אַנדערע זײַנען געפֿאָרן סתּם אַזוי: אין דער גרויסער שטאָט זײַנען גרעסער די מעגלעכקייטן אַרויסצופֿאָרן קיין אויסלאַנד א. ד. גל.

שפּעקולאַציע האָט אָנגעהויבן וואַקסן אין אַלע ווינקעלעך. אין קאָפּיטשיניעץ האָבן מיר דערשפּירט די חוצפּה פֿון די שפּעקולאַנטן אויף די אייגענע פּלייצעס. אָבער דאָס איז געווען אַ געשיכטע מיט גרויסע שפּעקולאַנטן און קריגס־פּראָפֿיטירער. אַ גאָר גרויסע פּלאָג איז געווען די מגפֿה פֿון דער גאַסן־שפּעקולאַציע. אין קאָפּיטשיניעץ האָט זי נאָך כּמעט נישט עקזיסטירט. אָבער אין טאַרנאָפּאָל און אין בראָד האָט זי שוין געריסן די אויגן. וועגן לעמבערג האָט מען דער־ציילט אין בראָד די קאָמישסטע און אומגלויבלעכסטע געשיכטעס.

אַלס מוסטער פֿון דעם, וואָס עס קומט פֿאָר, האָט מען דערציילט, אַז מענטשן קויפֿן טיילמאָל פֿאַרנאַכט דיזעלבע סחורות, וואָס זיי אַליין האָבן אינדערפֿרי פֿאַרקויפֿט. זיי צאָלן אַ טײַערערן פּרײַז, ווײַל זיי ווייסן, אַז מאָרגן וועלן זיי באַקומען נאָך אַ העכערן פּרײַז...

ווי ווײַט עס האָט געבליט די גאַסן־שפּעקולאַציע אַפֿילו אין אַזאַ קליינעם שטעטל בראָד, קען מען זען פֿון פֿאָלגנדיקן פֿאַקט:

אין גאַס האָט זיך צו מיר צוגעשאַרט אַן אָרטיקער איד און מיר פֿאָרגעשלאָגן אַ פּעקל טאַבאַק, פֿאַר וועלכן איך פֿלעג צאָלן אין קאַפּיטשיניעץ 90 גראָשן.

— וויפֿל ווילט איר פֿאַר דעם? — האָב איך אים געפֿרעגט.

— 4 זלאָטים! — האָט ער געענטפֿערט, נישט טוענדיק קיין פּינטל מיטן אויג.

זעענדיק מײַן בייזן בליק, האָט ער מיר קאַלטבלוטיק געראָטן:

— קויפֿט עס הײַנט פֿאַר 4 זלאָטים, ווײַל מאָרגן וועט איר באַצאָלן 6...

זעענדיק, אַז איך קען זיך נישט אַנטשליסן אויסצוגעבן אַזוי־פֿיל געלט, האָט ער מיר פֿאָרגעשלאָגן פּאַפּיראָסן.

— דאָס קענט איר דאָך קויפֿן צו איינצלנע שטיק...

ער האָט געהאַט מאַכאָרקע־פּאַפּיראָסן, וועלכע קיינער האָט פֿאַרן קריג נישט גענומען אין מויל אַרײַן. איך פּערזענלעך האָב אַפֿילו נישט געוואוסט קיינמאָל וועגן דער עקזיסטענץ פֿון אַזעלכע פּאַפּיראָסן. צום ערשטן מאָל האָב איך זיי געזען אין קאַפּיטשיניעץ. די גאַנצע שטאָט איז געווען פֿאַרפֿלייצט מיט די דאָזיקע פּאַפּיראָסן. מען האָט זיי דאָרט געקענט קריגן צו 3 גראָשן אַ שטיק.

אויך דאָ, אין בראָד, האָט מען געהאַנדלט אויף אַלע ראָגעס מיט די זעלבע פּאַפּיראָסן.

— וויפֿל דאַרף קאָסטן אַ פּאַפּיראָס? — האָט איך געפֿרעגט ביים אידל.

— 15 גראָשן! — האָט ער מיר געענטפֿערט און איך האָב געזען, אַז ער האָט בעלנים אויך.

די פּרײַזן אויף לעבנס־מיטל זײַנען אויך שטאַרק אַרויפֿגעשפּרונגען. די מאַכט־אָרגאַנען האָבן דערווײַל נישט אינטערווענירט. בלויז פֿאַר מעל איז אײַנגעשטעלט געוואָרן אַ מאַקסימאַלער פּרײַז. וועגן לעמבערג האָט מען מיר דערציילט, אַז די מאַכט־אָרגאַנען האָבן אַרויפֿגעלייגט אַ האַנט אויף די מאַנופֿאַקטור־מאַגאַזינען, און אַז קריגן מאַנופֿאַקטור קען נאָר יענער, וואָס ברענגט אַ צעטעלע פֿון אַ פּראָפֿעסיאָנעלן פֿאַריין.

די אָרדענונג איז אין בראַד געווען אַ פֿיל בעסערע, ווי אין קאַ־פּיטשיניעץ. די סאָוויעטישע קרײַז־פֿאַרוואַלטונג איז באַשטאַנען פֿון 3 אוקראַינער, 1 פּאָליאַק און איין איד. ווי אומעטום אין גאַליציע אין יענע טעג, זײַנען די 3 אוקראַינער באַשטימט געוואָרן דעמאָנס־טראַטיוו: זאָלן די אוקראַינער זען, אַז עס איז פֿאַראַן אַן אוקראַינישע מערהייט!

דער פּאָליאַק און דער איד זײַנען געווען פּאַרטייאישע קאָמו־ניסטן און זיי האָבן זיך באַמיט צו האָבן אַלץ אונטער זייער קאָנטראָל. די 3 אוקראַינער זײַנען געווען אוקראַינישע נאַציאָנאַליסטן. איינער פֿון די 2 קאָמוניסטן איז געווען אַ מענטש, וואָס איז אָקאָרשט אַרויס פֿון דער תּפֿיסה, וואו ער איז אָפּגעזעסן אַן אורטייל פֿון 12 יאָר. אין שטאָט האָט מען גערעדט וועגן אים, ווי וועגן אַ זייער אָנשטענדיקן יונגען מענטש, וועלכער האָט אויסגענוצט די פּאָר תּפֿיסה־יאָרן אויף זעלבסטבילדונג. ער האָט טאַקע געמאַכט דעם אײַנדרוק פֿון אַן ערנסטן און באַוואוסטזיניקן מענטש. ער האָט אַדורכגעזעצט, אַז די מאַכט האָט אונדז געגעבן אינגאַנצן אומזיסט אַ גרויסן פּאַסאַזשיר־אויטאָבוס פֿאַר אונדזער ווײַטערדיקער רײַזע.

## 4

## אַ קאָמוניסט, וואָס האָט אַ „שוואַכקייט" צו שרײַבער

אין טאַרנאָפּאָל האָט פּרילוצקי געזאָרגט פֿאַר אונדזער ווײַטער־דיקער רײַזע און אין בראָד האָב איך זיך פֿאַרנומען מיט דערלייזדיקן די פֿאָרמאַליטעטן.

עס רעדט זיך נאָר אַזוי: פֿאָרמאַליטעטן.

ווי אין קאַפּיטשיניעץ און אין טאַרנאָפּאָל, איז נישט נאָר געגאַנ־גען וועגן באַקומען אַ דערלויבעניש צו פֿאָרן, נאָר אויך וועגן באַקו־מען אַן אויטאָ, וואָס זאָל אונדז פֿירן ווײַטער. די באַנען זײַנען גע־שטאַנען. קיינער האָט נישט געוואוסט, ווען זיי וועלן אָנהייבן צו גיין.

וואַרטנדיק אויף פֿאַרשידענע פּאַפּירלעך, איז מיר אויסגעקומען אָפּצוזיצן לאַנגע שעהן אין פֿאַרצימער פֿון דער בראָדער סטאַראָס־טווע, וועלכע איז בײַ מיר אין זכּרון געווען פֿאַרבונדן מיט די ערגסטע דערינערונגען פֿון פֿאַר דרײַ וואָכן צוריק — איך מיין דעם בייזן סטאַראָסטע, וועלכער האָט אונדז געהאַלטן אין בראָד, ווי זײַנע אַרעסטאַנטן.

די נײַע מאַכט — די סאָוויעטישע — האָט לכתּחילה אויך נישט אַרויסגעוויזן צו אונדז קיין שום פֿרײַנטלעכקייט. מען האָט מיך גע־לאָזן לאַנג וואַרטן. צום סוף האָט מען מיר געהייסן קומען מאָרגן.

בלית ברירה בין איך צומאַרגנס געקומען נאָכאַמאָל. מען האָט מיך ווידער געלאָזן לאַנג וואַרטן. איך האָב שוין אָנגעהויבן צו טראַכטן, אַז מען וועט מיך אָפּפּטרן מיט גאָרנישט.

אין אַ געוויסן מאָמענט איז אַרײַנגעקומען אין פֿאָרצימער עפּעס אַ מיטל־יאָריקער בלאָנדער מאַן, וועלכער האָט זיך אַנידערגעזעצט קעגנאיבער מיר אויף אַ שטול און נישט אויפֿגעהערט אויף מיר צו קוקן. פֿון צײַט צו צײַט האָבן אונדזערע אויגן זיך געטראָפֿן. דער בלאָנדער מיטל־יאָריקער מאַן האָט פֿרײַנטלעך צו מיר געשמייכלט, ווי ער וואָלט געוואָלט מיט מיר פֿאַרבינדן אַ געשפּרעך.

אייגנטלעך וואָלט איך געדאַרפֿט זיך אָפּרופֿן צו אים מיט אַ וואָרט — פֿרעגן אים, צי ער קען מיך פֿון ערגעץ, אָדער עפּעס ענלעכעס. אָבער איך האָב פֿונדעסטוועגן בײַ זיך באַשלאָסן איבערצולאָזן אים די איניציאַטיוו. די אומשטענדן זײַנען געווען אַזעלכע, אַז עס איז פֿאַר מיר געווען לכל־הדעות געזונטער זיך נישט צו אײַלן מיט שליסן נײַע באַקאַנטשאַפֿטן. גיי ווייס, מיט וועמען דו האָסט צו טון!...

ענדלעך האָט טאַקע יענער גענומען די איניציאַטיוו:

— איר זענט, דאַכט זיך, שוואַרץ? — האָט ער זיך געווענדט צו מיר אין אַ שיינעם מזרח־גאַליציאַנער אידיש.

— יאָ! — האָב איך אָפּגעענטפֿערט — און ווער זײַט איר?

— איך הייס... — האָט ער מיר אָנגערופֿן זײַן נאָמען.

זעענדיק, אַז דער נאָמען זאָגט מיר גאָרנישט, האָט ער מיר גע־פּרוּווט דערמאָנען, אַז איך האָב געקענט אָפּט זען זײַן נאָמען אין ראַדיקאַלע אינלענדישע אידישע אויסגאַבעס, אין דער נישט־אָפֿיציעל־קאָמוניסטישער פּרעסע, און אין דער ניו־יאָרקער „מאָרגן־פֿרײַהייט".

— וואַרשײַנלעך האָב איך געזען אײַער נאָמען, נאָר איך קען זיך איצטער נישט דערמאָנען! — האָב איך אים געענטפֿערט, נישט וועלנדיק אים באַליידיקן.

— אויב איר הייסט אַזוי ווי איר הייסט, זענט איר אפֿשר אַ ברודער פֿון דעם באַקאַנטן ציוניסטישן טוער און אידישן היסטאָרי־קער, וואָס טראָגט דעמזעלבן נאָמען? — האָב איך אים געפֿרעגט.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז זיי זײַנען בלויז קרובים. זיך האָט ער פֿאָרגעשטעלט אַלס אַ מיטגליד פֿון רעוואָלוציאָנערן קאָמיטעט („רעווקאָם"), וואָס רעגירט איצט אין לעמבערג.

— אַהער בין איך אַראָפּגעקומען — האָט ער מיך אויפֿגעקלערט — בלויז אויף צוויי טעג וועגן פֿאַמיליע־אָנגעלעגנהייטן. איך פֿאָר באַלד צוריק. אין שטאָט האָט מען מיר געזאָגט, אַז דאָ איז איצט פֿאַראַן

אַ גרויסע גרופּע וואַרשעווער ליטעראַטן, און איך האָב געטראַכט
אײַך אַלעמען אויפֿצוזוכן און אײַך מיטהעלפֿן מיט וואָס איך וועל
קענען. אײַך קען איך פֿון דער „פֿאָלקסצײַטונג”. אין שטאָט האָט
מען מיר געזאָגט, אַז דאָס זיצט איר טאַקע דאָ, וואַרטנדיק אויפֿן דער־
לײדיקן אַ רײַע פֿאָרמאַליטעטן. ווען איך האָב אײַך דאָ דערזען, האָב
איך זיך באַלד אָנגעשטויסן, אַז דאָס זענט איר.

וועלנדיק ווײַזן, ווי ערנסט ער מיינט מיט דער פֿראַזע, אַז ער
האָט אונדז געזוכט אין שטאָט, כּדי אונדז אַרויסצוהעלפֿן, איז ער
גלײַך צוגעטרעטן צום אויספֿרעגן מיך וועגן אונדזערע עסקים.

— בײַ די היגע מאַכט־אָרגאַנען וועל איך פֿאַר אײַך אַלץ דערלײ־
דיקן — האָט ער מיר געזאָגט — איך וועל עס מאַכן, ווי אַ שרײַבער
פֿאַר שרײַבער...

ער האָט טאַקע שטאַרק צוגעאײַלט דאָס דערלײדיקן אונדזער
ענין. מען האָט אונדז געגעבן אַן ערשטקלאַסיקן פּאַסאַזשיר־אויטאָבוס
און אַ שאָפֿער ביז ראָוונע. ער האָט זיך באַטייליקט אין אַלע געשפּרעכן
מיט די אָרטיקע מאַכט־פֿאָרשטייער. יעדעס מאָל האָט ער אונטער־
געשטראָכן מיט דרך־ארץ, אַז מען דאַרף אונדז — לויט זײַן מיינונג —
באַהאַנדלען מיט באַזונדערער אויפֿמערקזאַמקייט.

יענעם טאָג און צומאָרגנס האָט ער פֿאַרבראַכט מיט מיר פֿיל
שעהן. ער האָט מיך אויך געבעטן, איך זאָל אים באַקענען מיט אַלע
אַנדערע שרײַבער.

— איר ווייסט נישט: שרײַבערס... ס'ווילט זיך אויסנוצן די גע־
לעגנהייט און זיך מיט זיי באַקענען!...

אייגנטלעך האָב איך דעם מענטש נישט חושד געווען אין קיין
שום זײַטיקע כּוונות. אָבער אינסטינקטיוו האָב איך זיך נישט גע־
אײַלט, כּדי אים צוזאַמענצופֿירן מיט די איבעריקע מיטגלידער פֿון
אונדזער קאָמפּאַניע. באַזונדערס פֿאָרזיכטיק האָב איך זיך געהאַלטן
נאָכדעם, ווי ער האָט מיר גענומען דערציילן וועגן דעם, וואָס עס
קומט פֿאָר „אין צענטער”...

וועגן לעמבערג — דאָס איז געמיינט געוואָרן „צענטער” — האָט
ער גערעדט מיט אַנטציקונג, אָבער אויך מיט אַ מין טאָן פֿון אַנט־
שולדיקונג. ער האָט דערציילט מיט באַגייסטערונג וועגן די טויזנט־
קעפּיקע אַרבעטער־מיטינגען אין שטאָט, וועגן דער אָנגעהויבענער
סאָציאַליזאַציע, וועגן דעם רעוואָלוציאָנערן פֿיבער, וואָס האָט אַרומ־
געכאַפּט די שטאָט, און וועגן דער גרויסער אידישער קולטור־אַרבעט,
וואָס הייבט זיך דאָרט אָן.

— יאָ — האָט ער גלײַכצײַטיק אָביעקטיוו פֿעסטגעשטעלט —
עס הערשט דערווײַל אַ גרויסער כאַאָס אין דערווירטשאַפֿט און עס

גייט אַ שרעקלעכע שפּעקולאַציע אויף לעבנס־מיטלען. אָבער דאָס וועט אינגיכן באַהערשט ווערן. די שטאָט איז געפּאַקט מיט 100.000 פּליטים פון גאַנץ פּוילן. מען שלאָפט אין די גאַסן. אָבער דאָס וועט לאַנג נישט דויערן. זאָל נאָר די מאַכט אויסרוימען די אוקראַאינישע נאַציאָנאַליסטישע סאַבאָטאַזשניקעס און די בורזשואַזע שפּעקולאַנטן, וועט אַלץ איבעריקע לייכט זיך איינאָרדענען...

און ווי ער וואָלט געפילט זיך אין עפּעס שולדיק, האָט ער באַלד צוגעגעבן:

— יאָ, איר ווייסט דאָך, אַז מען האַקט האָלץ פאַלן שפּענער... עס ווערן אַרעסטירט אומשולדיקע מענטשן אויך... אָבער די דאָזיקע זאַכן וועלן זיך לייכט אויפקלערן... זאָל נאָר אַריבער די ערשטע מהומה...

עפּעס אַ שלעכטער פאָרגעפיל האָט מיך באַהערשט ביי זיינע לעצטע ווערטער

— פיל מענטשן זיינען אַרעסטירט געוואָרן ביז איצט? — האָב איך געשטעלט אַ פראַגע.

— אַוודאי!... איר ווייסט דאָך!... עס איז אַ מהומה!... שפּעטער וועט זיך אַלץ איינשטעלן!...

ער האָט איבערגעכאַפּט דעם אָטעם. אין זיינע אָפּגעריסענע פראַזן האָב איך בפירוש דערפילט, אַז עפּעס קומט אים אָן שווער אַרויסצו־רעדן דאָס, וואָס ער וויל זאָגן.

— אָט האָט מען אַרעסטירט — האָט ער ענדלעך אַרויסגעוואָרפן פון זיך — אייער איינאַויגלערן... אָבער איך בין זיכער... מען וועט אים נישט האַלטן... איר ווייסט דאָך...

ער האָט זיך געשעמט מיר צו קוקן אין די אויגן אַריין. ער האָט זיך באַמיט צו פאַרקערעוון אויף אַן אַנדער טעמע. אָבער איך האָב גענומען אים באַשיטן מיט פראַגן: ווען האָט מען אַרעסטירט איינ־אויגלערן? ווער האָט אים אַרעסטירט? צי האָט מען געשריבן וועגן דעם אין די בלעטער? וואָסער מאָטיוו האָט מען אָנגעגעבן ביים אַרעסט? צי האָט מען אַרעסטירט נאָך בונדיסטן אויסער אים?

מיין אינפאָרמאַטאָר האָט מיר קיין סך מער נישט געהאַט צו דערציילן. דער אַרעסט — האָט ער געזאָגט — איז פאָרגעקומען אַקאָרשט. די אַרעסטן פירט דורך די סאָוויעטישע פּאָליטישע פּאָליציי (נ. ק. וו. ד.), וועלכע האַלט אַלץ בסוד אַפילו פאַר די קאָמוניסטישע מאַכט־אָרגאַנען פון שטאָט. אין שטאָט ווייסט מען בלויז, אַז מען האָט אַרעסטירט.

— עפּעס האָב איך געהערט וועגן אַ קאָנפֿליקט מיט אײַער שע־רערן אויך... עפּעס האָט ער געשאַפֿן אַ בונדישע מיליץ, וועלכע ער וויל איצט פֿאַראייניקן מיט דער אַלגעמיינער מיליץ...

„אײַער איינאַויגלער", „אײַער שערער" *) — ווי מיט אַ האַמער האָבן די דאָזיקע אינפֿאָרמאַציעס אַ קלאַפּ־געטון אין די שלייפֿן. כאָטש איך בין שוין זינט וואָכן געווען צוגעגרייט צום געדאַנק, אַז פֿרײַער אָדער שפּעטער וועט עס זיך אָנהייבן, האָב איך דאָך אויפֿגענומען די דאָזיקע ידיעה מיט אַזאַ געפֿיל פֿון אינערלעכן פּראָטעסט, אַז עס איז מיר פּשוט געווען שווער זיך צו באַהערשן.

— עס איז אוממעגלעך — האָט זיך אַרויסגעריסן פֿון מיר — אַז די אָרטיקע קאָמוניסטן זאָלן נישט האָבן געוואוסט!... אויב זיי האָבן ווירקלעך נישט געוואוסט, פֿאַרוואָס דערלאָזן זיי צו דעם?... קעגן זייער ווילן, וואָלט מען נישט אַרעסטירט קיין אָרטיקע סאָ־ציאַליסטישע טוער!...

— איך וויל זײַן זייער פּינקטלעך און זייער פֿאָרזיכטיק — האָט דער קאָמוניסט שטיל געענטפֿערט — אפֿשר זײַנען געווען אַזעלכע, וואָס האָבן יאָ געוואוסט... איך האָב נישט געוואוסט... איך בין זיכער, אַז עס איז אַ מיספֿאַרשטענדניש...

איז דאָס מעגלעך? — האָב איך געטראַכט. וועלן די באָלשע־וויקעס וואַגן צו אַרעסטירן דעם איבערגעגעבענעם סאָציאַליסטישן פּיאָנער ד"ר קאַרל איינאַויגלער, וועלכער האָט נאָך אַלס סטודענט געהאַלפֿן לייגן דעם גרונטשטיין פֿון אַן אַרבעטער־באַוועגונג אין גאַ־ליציע מיט קנאַפּע 40 יאָר צוריק? איז דאָס מעגלעך, אַז די קאָ־מוניסטן זאָלן אַרעסטירן אַ מענטש, וועלכער איז געווען פֿון יענע גע־ציילטע אַדוואָקאַטן, וואָס האָבן זיך נישט געשראָקן פֿאַר קיין שום טעראָר און זיי האָבן מוטיק פֿאַרטיידיקט יאָרנלאַנג אין די פּוילישע געריכט־זאַלן אַלערליי פּאָליטישע אַרעסטירטע, אַרויסרײַסנדיק אַזוי אָרום פֿון די תּפֿיסות און פּײַניקונגס־קאַמערן אויך אָן אַ שיעור קאָמו־ניסטישע טוער?

עס האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז דאָס איז אַ קאָשמאַר. איך האָב געטראַכט וועגן דעם, ווי וועגן אַ זאַך, וואָס וועט נאָך ווערן אַנדערש.

— יאָ, יאָ — האָב איך געטראַכט — די קאָמוניסטן זײַנען טאַקע באַקאַנט מיט זייער יעזואיטישער מאָראַל, אָבער ווי אַזוי וועלן זיי

*) עמאַנועל שערער — אַן אָנגעזעענער לעמבערגער בונדישער טוער (ד"ר עמאַנועל שערער, וועלכער איז געווען די לעצטע צוויי יאָר אין ניו־יאָרק, שטאַמט אויך פֿון גאַליציע — פֿון קראָקע — אָבער נישט וועגן אים רעדט זיך דאָ).

האַלטן אין אַרעסט מענטשן, וואָס זיינען בירגער פֿון אַנדערע לענדער און קעגן וועלכן מע וועט נישט קענען אַרויסרוקן קיין שום קאָנקרעטע באַשולדיקונג ?...

יאָ, עס האָט זיך מיר געוואָלט גלייבן אין די פֿאַרזיכערונגען פֿון פֿון מיַין נײַעם קאָמוניסטישן באַקאַנטן, אַז „אַלץ וועט אויפֿגעקלערט ווערן". אָבער פֿון דער צווייטער זײַט האָט גענומען עגבערן אין מוח אַלץ צודרינגלעכער און צודרינגלעכער די שטים פֿון דער טרויעריקער ווירקלעכקייט פֿון די לעצטע פּאָר יאָר:

„דו האָסט פֿאַרגעסן, וואָסערע בריות זיי זײַנען אויף פֿאַבריצירן פּראָצעסן ? — האָט געשריגן די שטים פֿון דער רעאַלער ווירקלעכקייט — האָסט פֿאַרגעסן, אַז זיי האָבן זייערע אייגענע „פֿאַרזינדיקטע" פֿירער באַהאַנדלט ווי אַ סטאַדע הינט, צווינגנדיק זיי זיך „מודה צו זײַן" אין פֿאַרברעכנס, וועלכע דער רוב פֿון זיי האָט נישט געקענט באַגיין? האָסט אינגאַנצן פֿאַרגעסן, אַז אייגנטלעך ריכטסטו זיך פֿון טאָג צו טאָג אויף דער דאָזיקער ווענדונג, וועלכע איז אַזוי „נאַטירלעך" בײַ זייער מאָראַל און כאַראַקטער ? זיי וואָלטן אויפֿגעהערט צו זײַן דאָס, וואָס זיי זײַנען, ווען זיי וואָלטן געהאַנדלט אַנדערש !"

ווען איך האָב דאָס שפּעטער דערציילט ב. שעפֿנערן, האָט ער מיך געוואָרנט, איך זאָל מיך האַלטן ווײַט פֿון מײַן נײַעם קאָמו־ניסטישן באַקאַנטן. אָבער גיי האַלט זיך ווײַט פֿון אַ מענטש, וועלכער האָט דיך אויפֿגעזוכט אין אַ שטאָט, וואָס איז גרויס ווי אַ גענעץ, און וועלכער דערקלערט דיר, אַז דאָס איינציקע, וואָס ער וויל, איז אַרויס־העלפֿן דיר און דײַנע קאָלעגן.

צומאָרגנס איז ער טאַקע ווידער אַרויפֿגעקומען צו מיר אין רע־גירונגס־בנין און מיר פֿיל אַרויסגעהאָלפֿן בײַם דערליידיקן אונדזערע ענינים. אין די פּאָר שעה, וואָס מיר זײַנען געזעסן און געוואַרט אויף די פּאַפּירן, האָט ער מיר ווידער געגומען דערציילן געשיכטעס וועגן די ענדערונגען, וואָס קומען פֿאָר אין לעמבערג.

— וואָס הערט זיך מיט אַ פּרעסע ? — האָב איך אים געפֿרעגט.

— עס גייען אַרויס אַ פּוילישע און אַן אוקראַאינישע צײַטונג — האָט ער מיר געענטפֿערט — די פּוילישע טראָגט דעם טראַדיציאָנעלן נאָמען פֿון דעם פֿיל־יאָריקן אומלעגאַלן קאָמוניסטישן זשורנאַל „טשער־וואָני שטאַנדאַר" (די רויטע פֿאָן) און די אוקראַאינישע צײַטונג איז נאָך דערווײַל נישט רעגולירט...

— וואָס הייסט נישט רעגולירט ?

— מיט דער אוקראַאינישער צײַטונג — האָט ער מיר געענטפֿערט אַביסל אין פֿאַרלעגנהייט — איז די זאַך נאָך נישט דערליידיקט. דער־

ווײַל דערשײַנט אין לעמבערג די צײַטונג פֿון „אָ.או.נ.״ (די אוקראַינישע נאַציאָנאַליסטישע טעראָריסטן), אָבער דער צענזאָר פֿון דער נ. ק.וו.ד. שרײַבט יעדע נאַכט צו אַ באָלשעוויסטישן סוף צו דעם רעדאַקציאָנעלן אַרטיקל...

איך האָב נישט קלאָר פֿאַרשטאַנען, וואָס דאָ קומט פֿאָר: אַ פֿאַשיסטישע צײַטונג, אַ סאָוועטישער צענזאָר — פֿאַשיסטישע לײַט־אַרטיקלען, סאָוועטיש־פֿאַרענדיקט???

—רעכענענדיק זיך מיט די שטאַרקע נאַציאָנאַליסטישע שטימונגען צווישן די אוקראַינער — האָט מיר דער קאָמוניסט אויסגעטײַטשט — רוימט מען אויס דאָס דאָזיקע מיסט גאַנץ דיפּלאָמאַטיש. אָט, למשל, די צײַטונג: די סאָוועטישע מאַכט וויל זי דערפֿירן צו אַזאַ קאָמפּראָמיטאַציע אין די אויגן פֿון אירע אייגענע לעזער, אַז ווען מען וועט זי שליסן, זאָל זי קיינער נישט באַדויערן. שטעלט אײַך פֿאָר: וואָס טראַכטן די לייענער פֿון דער צײַטונג, ווען זיי קריגן אינדערפֿרי אַ נומער, אין וועלכן דער לײַט־אַרטיקל באַשטייט פֿון אַן אָנהייב, וועלכער איז נאַטירלעך אין אַזאַ צײַטונג, און אַ סוף, וועלכער איז באָלשעוויסטיש. מסתּמא טעלעפֿאָנירן זיי, די לעזער, אין דער רעדאַקציע אַרײַן, און מסתּמא פֿאַרענטפֿערט זיך דער רעדאַקטאָר, אַז דאָס שרײַבן אים צו די באָלשעוויקעס יעדן טאָג אַ באָלשעוויסטישן סוף. נו, טאָ שטעלט אײַך פֿאָר, וואָס פֿאַר אַ פּנים וועט אַזאַ רעדאַקטאָר האָבן בײַ זײַנע לעזער? איידער אַזאַ צײַטונג, וועלן זיי זיך זאָגן, איז בעסער גאָרנישט נישט! ווער־זשע וועט זיך אײַנשטעלן פֿאַר איר, ווען מען וועט זי שפּעטער אינגאַנצן שליסן?...

עס האָט זיך מיר געמישט אין קאָפּ פֿון דער גאַנצער כיטרער מעכאַניק, וועלכע איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פֿאַר די מעטאָדן פֿון די באָלשעוויקעס אין קאַמף מיט זייערע קעגנער. איך האָב אָפּגעאָטעמט, ווען איך האָב שוין געהאַלטן בײַם געזעגענען זיך מיטן דאָזיקן אַרויסהעלפֿער מײַנעם. פּערזענלעך האָט ער געלאָזן אויף מיר דעם אײַנדרוק פֿון אַ מענטש, וועלכער האָטווירקלעך געהאַט לגבי אונדז די בעסטע כּוונות, אָבער — עפּעס אומדערטערגלעכעס איז געווען אין די געשפּרעכן אונדזערע. כ׳האָב געוואָלט וואָס גיכער פּטור־ווערן פֿון דעם.

—איר וואוינט, דאַכט זיך, בײַ די קוזינס? — האָט ער זיך אַ פֿרעג־געטאָן בײַם געזעגענען — איך וועל אַרײַנקומען אינאָוונט זיך געזעגענען מיט אײַך און זיך באַקענען מיט שעפֿנערן...

—מיר וועלן לײַדער נישט זײַן אין שטוב — האָב איך געוואָלט אויסמײַדן דעם דאָזיקן וויזיט — מיר זײַנען אײַנגעלאַדן צו באַקאַנטע...

— אַ שאָד! — האָט ער געענטפֿערט מיט אויפֿריכטיקער באַדויערונג — איך האָב געוואָלט זיך באַקענען מיט שעפֿנערן.

עס איז מיר געווען פריקרע, וואָס איך האָב דעם מענטש אָפּגעפּטרט מיט אַ ליגן, אָבער אין דער אונטערשטער שורה בין איך געווען צופֿרידן. איך האָב זיך מיט אים וואַרעם געזעגנט, האַרציק אים געדאַנקט פֿאַר זײַן אויפֿמערקזאַמקייט און — אַוועק אַהיים.

דער אויטאָבוס האָט געזאָלט וואַרטן אויף אונדז פֿאַרטאָג. עס איז געווען אָפּגעשמועסט, אַז אַלע לייגן זיך פֿרי שלאָפֿן, כּדי צו קענען אויפֿשטיין באַצײַטנס. איבעריקנס האָט מען 9 אָוונט שוין געמוזט זײַן אין הויז, ווײַל נאָך נײַן איז געווען פֿאַרבאָטן זיך צו באַווײַזן אין גאַס.

עס האָט געמוזט זײַן אַרום 10 אָוונט, ווען אין הויז פֿון אונזערע באַלעבאַטים האָט זיך דערהערט אַ קלונג.

— דאָס קלינגט מען צו אונדז! — האָט געזאָגט עמעצער פֿון די באַלעבאַטים אַ בלאַסער.

איך מיט שעפֿנערן האָבן זיך איבערגעקוקט און — זיך פֿאַרשטאַנען...

דער יונגער קוטין איז אַרויס עפֿענען. אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער זיך באַוויזן אין טיר צוזאַמען מיט מײַן לעמבערגער קאָמוניסט.

— אַנטשולדיקט — האָט דער גאַסט געזאָגט אין אַ פֿאַרלעגנהייט — איך האָב זיך אַרײַנגעריסן צו אײַך נישט אין דער ריכטיקער צײַט. אָבער איך האָב געוואוסט, אַז ביז נײַן וועט איר נישט זײַן אין שטוב...

און ווענדנדיק זיך צו שעפֿנערן, האָט ער ווידעראַמאָל זיך גענומען אַנטשולדיקן:

— אייגנטלעך בין איך געקומען צוליב אײַך... מיר האָט זיך שטאַרק געוואָלט זיך באַקענען מיט אײַך... איך וואָלט געקומען פֿאַרטאָג צום אויטאָבוס, אָבער איך האָב מורא-געהאַט, אַז איך וועל פֿאַרשלאָפֿן... אַגב האָב איך אײַך געבראַכט אַ מתּנה...

און ער האָט אונדז דערלאַנגט אַ פּאַקעט מיט הונדערט פּאַפּיראָסן:

— דאָס איז דאָך פֿון די זאַכן, וואָס מען קריגט נישט הײַנט.. מיר איז לײַכטער צו קריגן, האָב איך עס אײַך געבראַכט...

ווענדנדיק זיך ווידעראַמאָל צו שעפֿנערן, האָט ער אַזוי ווי אויפֿגעקלערט:

— אַ גליק, וואָס איך האָב רעכט צו גיין איבערן שטאָט נאָך 9 אָוונט. אַדאַנק דעם האָב איך איצט די געלעגנהייט זיך מיט אײַך צו באַקענען....

מיר האָבן אים שוין פֿאַרהאַלטן, געזעסן אַביסל, געשמועסט, דיס־קוטירט און צום סוף זיך געזעגנט, דאַנקנדיק האַרציק פֿאַר די פּאַפּי־ראָסן און פֿאַר דער אַלגעמיינער באַציאונג.

ווי גרויס איז געווען אונדזער פֿאַרוואונדערונג, ווען מיר האָבן צו־מאָרגנס, קומענדיק צום אויטאָבוס, אים דאָרטן ווידער געטראָפֿן.

— איר זעט — האָט ער אויסגערופֿן אַ צופֿרידענער — איך בין נישט פֿאַרשלאָפֿן!

מיר האָבן אים געזאָגט, אַז ער ווײַזט אַרויס צו אונדז אַ צו גרויסע אויפֿמערקזאַמקייט.

— פֿאַרקערט! — האָט ער אויסגערופֿן — עס איז אַן עוולה, וואָס אַזוי ווייניק מענטשן זײַנען אײַך געקומען באַגלייטן! ווי איז דער דרך־ארץ פֿאַר אידישע שרײַבער?

ער האָט געבעטן, איך זאָל אים פֿאָרשטעלן יעדן באַזונדער, ווײַל ער וויל נישט אַדורכלאָזן די געלעגנהייט, וואָס ער האָט געטראָפֿן אַזויפֿיל שרײַבער צוזאַמען.

— פּאַרטיי־זאַכן איז איינס — האָט ער אונדז דערקלערט זײַן שטאַנדפּונקט — און באַציאונג צו שרײַבער איז אַ צווייטע זאַך...

אין אויטאָ איז שוין געשטאַנען אַ טאָרבע מיט עפּל, וואָס ער האָט געבראַכט. ער האָט נישט אויפֿגעהערט זיך צו פֿאַרענטפֿערן, וואָס ער האָט געבראַכט אַזוי ווייניק:

— עס וועט דאָך נישט קלעקן פֿאַר אַזויפֿיל מענטשן! — האָט ער נישט אויפֿגעהערט צו באַדויערן, וואָס ער האָט נישט געבראַכט מער.

מיר האָבן זיך געזעגנט מיט אים, ווי מיט אַ פֿרײַנט.

— אַ מאָדנער מענטש! — האָב איך געטראַכט וועגן אים, ווען דער אויטאָ האָט גענומען פֿאָרן...

און ווירקלעך — עפּעס האָט אין דעם דאָזיקן מענטש נישט האַרמאָ־נירט: צי וואָלטן די קאָמוניסטישע דיינים נישט געהאַלטן, אַז ער איז באַגאַנגען אַ פֿאַרברעכן, אַרויסווײַזנדיק אַזאַ וואַרעמע באַציאונג צו אונדז?

## 5

## נישט באַפֿרײַער, נאָר הענקער

אונדזער ציל איז געווען ראָוונע, אָבער מיר האָבן זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ האַלבע שעה אין דובנע. עס האָט געברענט אין אונדז אַ שרעקלעכער דורשט נאָך נײַעס, נאָך באַקאַנטע. אפֿשר — האָבן מיר געטראַכט — וועלן מיר אויפֿזוכן עמעצן אין דובנע?

די רײַזע איז געווען זייער אַ באַקוועמע. דער אויטאָבוס איז לײַכט געלאָפֿן איבער די שאָסייען, וועלכע זײַנען נאָך אַלץ געווען באַלייגט מיט צעבראָכענע טאַנקען און פֿאַריתומטע אויטאָס.

ווי נאָר מיר זײַנען אָנגעקומען קיין דובנע, האָבן מיר זיך צעטיילט אין גרופּן און זיך אַרויסגעלאָזן אויף אַ שפּאַציר איבער די גאַסן פֿון שטאָט.

מיר האָבן נישט געהאַט קיין טעות. די שטאָט איז פֿול געווען מיט פּליטים פֿון אַלע עקן פּוילן. באַזונדערס גרויס איז געווען די צאָל פּליטים פֿון וואַרשע. מײַסטנס זײַנען דאָס געווען מענער אין עלטער פֿון 18 ביז 50 יאָר.

אין אַלגעמיין האָבן מיר נישט געטראָפֿן אַזעלכע באַקאַנטע, וואָס זאָלן אונדז זאָגן עפּעס פּינקטלעכעס וועגן אונדזערע וואַרשעווער רעדאַקציעס, וועגן אונדזערע פֿאַמיליעס, וועגן דעם גורל פֿון אונדזערע חברים, קאָלעגן און פֿרײַנט. אָבער דאָך האָבן מיר געטראָפֿן אַביסל מענטשן, וואָס האָבן יעדנפֿאַלס געוואוסט מער פֿון אונדז. זיי האָבן אונדז אינפֿאָרמירט, אַז אין ראָוונע וועלן מיר טרעפֿן „גאַנץ וואַרשע" און במילא וועלן מיר דאָרטן האָבן ידיעות וועגן אַלע אונדזערע פֿרײַנט.

אַן אַנדערע זאַך איז, אַז יעדער האָט אונדז געראָטן צו בלײַבן אין דובנע, ווײַל „ראָוונע איז אַ גיהנום". מען האָט אונדז בכלל אָנגעקוקט, ווי משוגענע, וואָס מיר האָבן פֿאַרלאָזן גאַליציע און געקומען אַהער, וואו עס איז געפּאַקט מיט פּליטים און וואו עס איז שווער צו קריגן שפּײַז.

— אין דובנע — האָט מען אונדז געוואָרענט — איז שלעכט, אָבער אַנטקעגן ראָוונע איז דאָ אַ גן־עדן.

— אין ראָוונע קען מען נישט קריגן קיין שפּײַז פֿאַר קיין געלט...

— אין ראָוונע קען מען נישט קריגן קיין נאַכט־לעגער...

— אין ראָוונע מוז זײַן אפֿשר 100.000 פּליטים...

פֿריילעכע בשורות זײַנען דאָס נישט געווען, אָבער די רײַזע האָבן מיר פֿונדעסטוועגן נישט איבערגעריסן. פֿאַרקערט, עס האָט אונדז געברענט דער נײַגיר צו זען „גאַנץ וואַרשע", מיט וועלכער דובנע האָט אונדז געסטראַשעט.

איך ווייס נישט ביז הײַנט וויפֿל פּליטים עס זײַנען ווירקלעך געווען אין יענע טעג אין ראָוונע. אָבער איך מוז מודה־זײַן, אַז די גאַסן פֿון דער שטאָט זײַנען געווען אַזוי געפּאַקט מיט מענטשן, ווען מיר זײַנען אָנגעקומען אינמיטן טאָג אין שטאָט אַרײַן, אַז מען האָט געקענט האָבן דעם אײַנדרוק, ווי עס וואָלטן געווען צענטליקער טויזנטער. דער

אויטאָבוס איז געפֿאָרן צווישן די מענגעס מענטשן, ווי אַ טשערעפּאַכע — נישט געפֿאָרן, נאָר געקראָכן.

נערוועזע, נײַגיריקע האָבן מיר געקוקט דורך די שויבן פֿון אוי־טאָבוס אין גאַס אַרויס, כּדי צו דערזען עפּעס אַ באַקאַנט פּנים. טויזנ־טער מענטשן האָבן זיך געשטופּט און געשטויסן איבער די טראָטוארן און איבערן מיטן גאַס. די מאָדנע הלבשה פֿון די דאָזיקע טויזנטער מענטשן האָט צוגעגעבן דער גאַנצער מאַסע אַ באַזונדערס־משונהדיקן אויסזען. נעבן געפּאַסטע וואויל־יונגערישע ספּאָרט־קאָסטיומען, שרײַ־ענדיקע דאַמען־מאַנטלען, טײַערע פֿוטערס (כאָטש קיין פֿרעסט איז נאָך נישט געווען) און עלעגאַנטע רײַזע־מלבושים, האָט מען געזען טויזנטער צעקנייטשטע קאָסטיומען, צעריסענע שיך, נישט־ראַזירטע פּנימער, משונהדיקע מאַנטלען פֿון מלך סאָביעסקים צײַטן, היטלען, וואָס פֿאַלן אַראָפּ איבער די אויגן, א. אַ. וו.

אַממייסטן האָבן זיך געוואָרפֿן אין די אויגן שטיוול — די פֿאַר־שידנסטע מינים שטיוול. פֿון אַ פּאָר זעלנערישע, צעכליאַפּעטע שטיוול, וואָס מאַכן קאָמיש יענעם, וועלכער טראָגט זיי, ביז די עלעגאַנטסטע רײַטער־שטיוול, וועלכע עס פֿלעגן טראָגן אין פּוילן פּריצישע עקאָנאָ־מען און יונגע עלעגאַנטע אָפֿיצירן. שפּעטער האָב איך זיך דער־וואוסט, אַז די דאָזיקע שטיוול־טרעגער באַשטייען פֿון 2 קאַטעגאָריעס מענטשן. פֿון איין זײַט זײַנען דאָס יונגע מענער, וועלכע האָבן געדינט אין דער פּוילישער אַרמיי, און האָבן איצט, ווען די באָלשעוויקעס זײַנען אַרײַנגעקומען, געכאַפּט בײַ גוטע אָרטיקע מענטשן ציווילע מלבושים און שנעל זיך איבערגעטון, כּדי נישט אַרײַנצופֿאַלן אין געפֿאַנגענשאַפֿט. די צווייטע קאַטעגאָריע באַשטיוולטע מענער איז באַשטאַנען פֿון מענטשן, וועלכע האָבן זיך אײַנגעקויפֿט די דאָזיקע שטיוול די לעצטע טעג, ווײַל שטיוול זײַנען געוואָרן אין יענע טעג אַ מין עלעגאַנץ, אַ מין מאָדע. אַ געוויסע ראָל האָט דאָ אויך געשפּילט דער ווילן „עפּעס צו טאָן מיטן געלט", וואָס האָט פֿון טאָג צו טאָג אַלץ מער פֿאַרלוירן דעם ווערט. מענטשן האָבן געקויפֿט אין יענע טעג , וואָס עס האָט זיך געלאָזן. דער רוב מענער האָט געקויפֿט שטיוול. די אויסרעכענונג איז געווען אַזאַ: לעדער וועט אינגיכן אויספֿעלן, שיך וועלן שטענדיק זײַן נוצלעך און אין די איצטיקע באָלשעוויסטישע אומשטענדן קענען שטיוול טיילמאָל האָבן אַ זייער גרויסן מאַטעריעלן און פּראַקטישן ווערט. ווי די דאָזיקע מענטשן וואָלטן שוין דעמאָלט פֿאָרגעפֿילט, אַז סטאַלינען וועט אײַנפֿאַלן מיט עטלעכע חדשים שפּע־טער זיי אַלעמען צו פֿאַרשיקן אין אַזעלכע געגנטן פֿון רוסלאַנד, וואו שטיוול קענען ממש דערהאַלטן בײַם לעבן! . . .

דער אויטאָבוס אונדזוערער איז שוין געפֿאָרן איבער דער הויפּט־גאַס פֿון ראָוונע, ווען איך האָב דערזען דורך די שויבן מײַנעם אַ נאָענטן פּאַרטיי־חבר — דעם באַקאַנטן בונדישן טוער קלעטשעווסקי (די לעצטע יאָרן האָט ער געאַרבעט אין וואַרשעווער שנײַדער־פֿאַריין).

איך האָב אַ קלינג־געטאָן צום שאָפֿער און דער אויטאָבוס האָט זיך אָפּגעשטעלט. איך האָב אַ כאַפּ־געטאָן קלעטשעווסקין אין די אָרעמס.

— וואָס מאַכט מען? וואָס הערט זיך? וואָס ווייסט איר וועגן וואַרשע? וואו זײַנען אַלע אונדזערע חברים?

איך האָב אים פֿאַרשיט מיט פֿראַגן. ער האָט נישט באַוויזן צו ענטפֿערן אַפֿילו אויף אַ העלפֿט. איך בין געווען אַזוי צערודערט, אַז אַ העלפֿט פֿון די ענטפֿערס, וואָס ער האָט מיר יאָ געגעבן, האָב איך נישט באַוויזן אויפֿצוכאַפּן.

דערווײַל זײַנען אַרויס פֿון אויטאָבוס נאָך אַנדערע קאָלעגן און דער אָרעמער קלעטשעווסקי האָט נישט געוואוסט וועמען פֿריִער צו ענטפֿערן. ער האָט געדרייט מיטן קאָפּ, ווי אַ צעטומלטער פֿויגל, און געפּרוּווט ענטפֿערן יעדן איינעם עפּעס. מיך האָט געפּײַניקט דאָס, וואָס איך האָב געהערט אין בראָד און שפּעטער אין טשאָרטקאָוו וועגן וויקטאָר אַלטערן.

— וואָס מאַכט וויקטאָר אַלטער? — האָב איך אויסגעזוכט אַ פֿאָרזיכטיקע פֿאָרם פֿאַר מײַן פֿראַגע.

— ער איז געזונט... איך האָב געהערט, אַז מען האָט אים שוין צוריק באַפֿרײַט... — האָט געענטפֿערט קלעטשעווסקי — קיין גענויע פּרטים ווייסן מיר נישט...

— צוריק באַפֿרײַט?...

כאָטש איך האָב נישט פֿאַרשטאַנען וועגן וואָסער צוריקבאַפֿרײַאונג קלעטשעווסקי רעדט דאָ, האָב איך פֿונדעסטוועגן לײַכטער אָפּגעאָטעמט. אַבי ער לעבט! אַבי די געשיכטע פֿון ראַדיאָ איז נישט מער ווי פֿאַנטאַזיע!

אָבער באַלד האָט מיך גענומען מאַטערן די פֿראַגע וועגן וואָסער אַרעסט קלעטשעווסקי רעדט דאָ. זאָל מיט אַלטערן האָבן געשען דאָסזעלבע, וואָס מיטן ד"ר איינאַויגלער אין לעמבערג?...

— ווי אַזוי איז אַלטער אַרעסטירט געוואָרן? — האָב איך גע־פֿרעגט קלעטשעווסקין.

— כ'וועל אײַך שפּעטער דערציילן! — האָט קלעטשעווסקי צוגעגעבן און אַ קוק־געטאָן אויף מיר מיט אַ בליק, וועלכער האָט געהייסן: „הער אויף איצט צו רעדן וועגן דעם"...

מאָמענטאַל האָב איך דערפֿילט, אַז דאָ קומט פֿאַר עפּעס נישט גוטעס. איך האָב איבערגעוואַרט, ביז קלעטשעווסקי האָט געענטפֿערט אויף אַלע געשטעלטע פֿראַגן, און ער איז ענדלעך געבליבן אויסשליסלעך „צו מיַין דיספּאָזיציע".

פֿון זיַינע ערשטע ענטפֿערס האָבן מיר זיך דערוואוסט, אַז אין ראָוונע געפֿינט זיך דער דיכטער ז. סעגאַלאָוויטש, וועלכן מיר האָבן איבערגעלאָזן מיט קנאַפּע 4 וואָכן צוריק אין זדאָלבונאָוו. ער האָט אויך אויסגערעכנט די נעמען פֿון אַ פּאָר צענדליק וואַרשעווער זשורנאַליסטן און ליטעראַטן, וועלכע האָבן נאָך אונדזער אַרויספֿאָרן פֿון וואַרשע, אויך זיך געלאָזן אין וועג אַריַין און געפֿינען זיך איצט אין ביאַליסטאָק, לעמבערג, גראָדנע, ווילנע, לוצק און ראָוונע. אין ראָוונע אַליין איז געווען אַ צענדליק מיטגלידער פֿון אונדזער וואַרשעווער זשורנאַליסטן-סינדיקאַט און ליטעראַטן-פֿאַריין.

— און וואו איז דער צ. ק. פֿון דער פּאַרטיי? — האָב איך געפֿרעגט.

— דער צ. ק. איז אין פּינסק... מען זאָגט, אַז ער גייט זיך איצט אַריבערטראָגן קיין ווילנע...

עס האָט נישט געדויערט קיין שעה און איך האָב זיך געזען מיט אַ צענדליק פֿריַינט און חברים, וועלכע קלעטשעווסקי האָט געבראַכט צו פֿירן. צווישן אַנדערע האָב איך געטראָפֿן דעם באַקאַנטן בונדישן טוער פֿון קראָקע ד"ר לעאָן פֿיַינער, מיַין רעדאַקציע-קאָלעגע שלום הערץ, די פֿירער פֿון דער בונדישער יוגנט-אָרגאַניזאַציע „צוקונפֿט" יוסף ליפּשיץ און לוציאַן בליט, דעם וויצע-פּאָרזיצער פֿון דעם פֿאַריין פֿון די האַנדלס-אָנגעשטעלטע אין וואַרשע הירש גוטגעשטאַלט, ד"ר יעזשי גליקסמאַן, אַ בונדישער טוער צווישן דער פּויליש-רעדנדיקער אידישער אינטעליגענץ (אַ ברודער פֿון וויקטאָר אַלטער) א. א.

דאָס, וואָס זיי האָבן דערציילט וועגן וואַרשע און וועגן היימישע ענינים, איז געווען אַזוי שווידערלעך, אַז יעדעס וואָרט האָט געמאַכט גליווערן דאָס בלוט אין די אָדערן.

שלום הערץ האָט פֿאַרלאָזן וואַרשע אַ טאָג נאָך מיר. ער האָט נישט געהאַט די מינדעסטע אויסזיכט צו באַקומען אַ וואָסערן נישט איז קאָמוניקאַציע-מיטל. צום אומגליק — ווי עס האָט מיט אַ יאָר שפּעטער זיך אויסגעוויקלט איז עס געווען צום גליק! — האָט ער געהאַט מיט זיך די גאַנצע פֿאַמיליע: די פֿרוי און 2 קינדער. אונטער באָמבעס און צווישן ברענענדיקע שטעט האָבן זיי אַזוי געוואַנדערט צופֿוס עטלעכע הונדערט קילאָמעטער. דאָס קלענערע קינד האָט מען געמוזט טראָגן אויף די הענט...

— עס זיַינען געווען אַזעלכע מאָמענטן פֿון פֿאַרצווייַפֿלונג — האָט מיר דערציילט דער פֿאָטער פֿון די 2 קינדער — אַז איך בין געווען

נאָענט פֿון פֿארלירן די גלײַכגעוויכט. דאָס לאָזט זיך נישט באַשרײַבן — דער דאָזיקער מאַרש צווישן ברענענדיקע דערפֿער און שטעטלעך, אינעם טומל פֿון אויפֿרײַסן, אַרײַנגעפֿלאָכטן אין אַ היסטערישן קנויל פֿון טויזנטער וואַנדערנדיקע פֿוסגייער, אויטאָס, וואָגנס. שוין בײַם אַרויסגיין פֿון וואַרשע, האָט מען געהאַט דעם אײַנדרוק, אַז מען געפֿינט זיך אויפֿן שוועל פֿון גיהנום. נאַכט-בײַ-נאַכט האָבן אונדז אַרומגערינגלט ברענענדיקע שטעט און דערפֿער. בײַטאָג זײַנען די באָמבאַרדירונגען געווען פֿאַר די האַרצלאָזע היטלערישע פֿליִער אַ מין ספּאָרט: זיי פֿלעגן פֿליִען נידעריק-נידעריק איבער די קעפּ פֿון דער מאַרשירנדיקער אומגליקלעכער פּליטים-מאַסע און שיסן אויף די מענטשן פֿון קוילנוואַרפֿערס, פֿאַרשנײַדנדיק יעדעס מאָל צענדליקער לעבנס פֿון פֿרויען און קינדער. די דערהרגעטע פֿלעגן בלײַבן אויפֿן שאָסיי. די לעבן-געבליבענע — אָפּטמאָל נאָענטע פֿאַמיליע-מענטשן פֿון די געפֿאַלענע אַרײַנגערעכנט — פֿלעגן לויפֿן ווײַטער, ווײַטער, ווײַטער... אָן אַ ציל, אָן אַן עק, אָן אַן אויסזיכט צו געפֿינען אַ רואיקן ווינקל... מען איז אַרוים פֿון וואַרשע, כּדי נישט אַרײַנצופֿאַלן צו היטלערן, און מען איז אַרײַנגעפֿאַלן אין אַזאַ בלוטיקןווירבל, אַז מען האָט טויזנט מאָל פֿאַרשאָלטן די מינוט, ווען מען האָט פֿאַרלאָזן וואַרשע...

דאָ, אין ראָוונע, זײַנען זיי אָנגעקומען כּמעט צוזאַמען מיט די באָלשעוויקעס. עס האָט אויפֿגעהערט די באָמבאַרדירונג, די שיסערײַ, דער פּחד. אָבער עס האָט זיך אָנגעהויבן אַזאַ אומגליקלעכער כאַאָס אויף אַלע געביטן פֿון לעבן, אַז יעדער איינער איז שוין אויס מענטש. קיינער ווייסט נישט מיט וואָס דאָס וועט זיך ענדיקן.

און ווירקלעך: די מענטשן זײַנען געווען אַזוי געביטן, אַז זיי זײַנען אינגאַנצן נישט ענלעך געווען צו זיך. באַזונדערס שרעקלעך האָט אויף אַלעמען געווירקט דער פֿאַקט, וואָס מען האָט נישט באַקומען קיין שפּײַז אַפֿילו פֿאַר געלט. כּדי צו קריגן אַ ברויט האָט מען געדאַרפֿט אויפֿשטיין פֿאַרטאָג און שטיין שעהלאַנג אין אַ רייע. שפּעטער, ווען מען איז שוין געווען נאָענט פֿון דער טיר, פֿלעגט מען פֿאַרהאַמערן די טיר פֿאַר דער נאָז:

— אויספֿאַרקויפֿט!... פֿונאַנדערגיין זיך!...

איך האָב געהאַט פֿאַר זיך אַנטמוטיקטע מענטשן, וועלכע זײַנען געווען אַזוי מיד פֿון שטיין אין די רייען, אַז עס איז שווער געווען זיי צו באַוועגן צו טראַכטן וועגן עפּעס אַנדערש, אַחוץ וועגן אַרויסקריגן ערגעץ אַביסל שפּײַז.

מיך און אונדזער גאַנצע עקספּעדיציע האָבן אַלע באַדויערט:

— נאָך וואָס זענט איר אַהערגעקומען? — האָט יעדער איינער אונדז געמאַכט ביטערע פֿאָרוואורפֿן.

געוואוינט האָבן זיי אַלע אין הילצערנע קעמערלעך, אין האַלב־איַינגעפֿאַלענע חורבות, אין שמוציקע ווינקלען — ווי נאָר עס האָט זיך געלאָזן. זעלטן־ווען עס האָט אָפּגעגליקט זיך אַריַינצושטופּן אין עפּעס אַן אָנשטענדיקער דירה און צו האָבן אַ מענטשלעך געלעגער. אָבער דאָס וואוינען אין די הילצערנע קעמערלעך און אין איַינגעפֿאַלענע חורבות האָט נאָך נישט געהערט צו די ערגסטע זאַכן. טויזנטער מענטשן האָבן זיך געוואַלגערט אין בתּי־מדרשים, אין חברות, אויף בערג מיסט. ווער עס האָט זיך געמיאוסט צו לעבן אַזאַ מיסטיק קופּע־לעבן האָט געהאַט אַ ברירה: די גאַס. הונדערטער מענטשן האָבן טאַקע אויסגעקליבן דעם דאָזיקן אויסוועג און „דורכשפּאַצירט" די נאַכט, אָדער דורכגעזעסן זי אויף עפּעס אַ שוועל אינדרויסן.

ז. סעגאַלאָוויטש האָט זיך מיט אונדז דערפֿרייט, ווי אַ קליין קינד. מיר זיַינען אויך געווען צופֿרידן, וואָס ער האָט זיך צוריק אָפּגעזוכט. ער האָט שלעכט אויסגעזען, כאָטש עס האָט אים אָפּגעגליקט, וויַיל ער איז געקומען קיין ראָוונע באַציַיטנס — דעמאָלט, ווען ער האָט זיך אָפּגעטיילט פֿון אונדז אין זדאָלבונאָוו. אינטעליגענטע מענטשן האָבן אים באַקוועם איַינגעאָרדענט. עפּעס אַ פֿאַמיליע האָט אים צוגעזען, ווי אַן אייגענעם. ווער ווייסט, וואָס עס וואָלט מיט אים געווען, ווען נישט די דאָזיקע מענטשן. ער האָט פֿאַר דער ציַיט גע־קרענקט, און דאָס ערגסטע איז געווען — זיַין דערשלאָגנקייט.

צו דער שווידערלעכער באַשפּיַיזונגס־לאַגע איז צוגעקומען דער מבול פֿון פּאָליטישע אַרעסטן. פֿון מיר האָבן מיַינע חברים זיך דערוואוסט וועגן די אַרעסטן אין לעמבערג און איך האָב זיך דערוואוסט, אַז די לעמבערגער אַרעסטן זיַינען נישט קיין איינצלנע דערשיַינונג. ווי אַ דונער פֿון הימל איז אין טאָג פֿון מיַין אָנקומען קיין ראָוונע אַראָפּ־געפֿאַלן אויף די דאָרטיקע חברים די ידיעה, אַז אין בריסק איז אַרעס־טירט געוואָרן הענריק ערליך. אַלטער איז אַרעסטירט געוואָרן אין קאָוועל מיט עטלעכע טעג פֿריִער. צוזאַמען מיט אַלטערן זיַינען אַרעס־טירט געוואָרן וויכטיקע טוער פֿון דער פּוילישער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי: די געוועזענע סיים־דעפּוטאַטן קורילאָוויטש און גרילאָווסקי.

וועגן אַלטערס אַרעסט זיַינען שוין דאַן געווען אין ראָוונע גענויע ידיעות, אָבער וועגן ערליכס אַרעסט זיַינען בלויז אַרומגעגאַנגען אומבאַשטעטיקטע קלאַנגען. איינע האָבן דערציילט, אַז מען האָט אים אַרעסטירט אויפֿן בריסקער באַנהויף (ווי עס איז ווירקלעך געווען), און אַנדערע האָבן אויפֿגעגעבן פֿאַרשידענע אַנדערע וואַריאַנטן פֿון דאָזיקן אַרעסט. איינע האָבן געוואוסט צו דערציילן, אַז ערליך איז באַלד צוריק באַפֿריַיט געוואָרן (דאָס זעלבע האָט מען אויך דערציילט וועגן אַלטערן).

עס איז מיר פּשוט שווער איבערצוגעבן מיט ווערטער די געפֿילן, וואָס האָבן אונדז באַהערשט אין יענע טעג צוליב דער אַרעסטן־כוואַליע, וועלכע האָט זיך אַ שאָט־געטאָן פֿון אַלע זײַטן. אָבער עס וועט פֿאַרבלײַבן מײַן אייביקער שטאָלץ, וואָס דער טעראָר האָט בײַ אונדז בונדיסטן אַרויסגערופֿן נישט נאָר אַ געדריקטע שטימונג, נאָר אויך — אַ כוואַליע פֿון אָפּגעפֿרישטע געפֿילן פֿון טרײַהייט צו די אידייען און צו דער באַוועגונג, וועלכע האָט אויסגעפֿילט אין די פֿאַרגאַנגענע שווערע יאָרן אין פּוילן אונדזער טאָג־טעגלעך לעבן.

די באָלשעוויקעס פֿאַרטראָגן נישט אַזעלכע זאַכן, ווי טרײַשאַפֿט צו די אייגענע איבערצײַגונגען. זיי האַלטן, אַז אייגענע איבערצײַגונגען און ערלעכקייט לגבי זיך אַליין זײַנען זייער געפֿערלעכע באַצילן. וואָס מער עמעץ איז אָנגעשטעקט מיט די דאָזיקע געפֿערלעכע באַצילן — האַלטן זיי — אַלץ געפֿערלעכער איז אַזאַ איינער פֿאַר דער באָלשעוויסטישער דיקטאַטור. וועגן ריטערלעכקייט און צוטרוי צו אַן אידייאישן קעגנער איז דאָך אָפּגערעדט. זיי האַלטן דאָס פֿאַר איינער פֿון די ערגסטע „בורזשואַזע פֿאָראורטיילן". איך שטעל מיר פֿאָר, ווי די דאָזיקע מענטשן האָבן געלאַכט אין די פֿויסטן, ווען אַזאַ מענטש ווי וויקטאָר אַלטער איז צו זיי געקומען אין קאָוועל און זיי געמאָלדן אויף אַ ריטערלעכן אופֿן, אַז ער געפֿינט זיך אויף דעם און דעם אַדרעס אַלס פּאָליטישער פֿליכטלינג.

די באָלשעוויקעס האָבן זיך אויסגעלאַכט, מסתּמא, פֿון זײַן „נאַאיווּיטעט", און — האַנדליק פֿון אים אַליין זײַן אַדרעס — האָבן זיי אים צומאָרגנס אַרעסטירט. פּונקט אַזוי האָבן זיי מיט עטלעכע טעג שפּעטער געהאַנדלט מיט דער פּיאָנערין פֿון דער סאָציאַליסטישער באַוועגונג, דער 70־יאָריקער בונדישער טוערין פֿון ווילנע, אַננע ראָזענטאַל — די העלדין פֿון רעוואָלוציאָנערע היסטאָרישע שלאַכטן קעגן צאַריזם. אויך זי איז אַליין צו זיי געקומען. זי איז געקומען צו זיי מיט אַ דעלעגאַציע פֿון ווילנער קאָמיטעט פֿון „בונד" אויפֿצוגעבן דער מאַכט איר אַדרעס און די אַדרעסן פֿון אירע חברים.

די באָלשעוויקעס האָבן געדאַנקט דער ווילנער דעלעגאַציע פֿאַרן קומען, פֿאַרשריבן די אַדרעסן און אַלעמען אַהיימגעשיקט. צומאָרגנס בײַנאַכט האָט מען די מיטגלידער פֿון דער דעלעגאַציע אַרעסטירט. שפּעטער האָט מען אַרעסטירט צענדליקער אַנדערע בונדיסטן. וויפֿל פֿון זיי האָבן די באָלשעוויקעס אומגעבראַכט? שווער הײַנט צו מאַכן דעם לעצטן חשבון. פֿון צענדליקער בונדישע טוער איז נישטאָ קיין שום ידיעה. אויף גענוי ווייסט מען, אַז זיי האָבן אומגעבראַכט די בונדישע פֿירער הענריק ערליך, וויקטאָר אַלטער, אַננע ראָזענטאַל, זשעלעזניקאָוו. אויף זיכער ווייסט מען וועגן טויט פֿון די בונדישע פֿירער

פֿון קראָקע און טאַרנאָוו ד"ר הענריק שרײַבער און דוד באַטיסט (געשטאָרבן נאָך דעם, ווי מען האָט זיי באַפֿרײַט). קלאַנגען גייען וועגן נאָך אַ רייע גרויזאַמע דערשיסונגען פֿון וויכטיקע בונדישע טוער פֿון ביאַליסטאָק און ווילנע, לאָמזשע און גראָדנע.

נישטאָ אַזאַ שטאָף, וואָס וועט זײַן מסוגל אָפּצוּוואַשן פֿון די באָל־שעוויקעס די שאַנד פֿון די ברודער־מאָרדן. דאָס פֿאַרגאָסענע בלוט שרײַט פֿון דער ערד: קין, פֿאַרוואָס האָסטו דערמאָרדעט דײַנע ברידער?

עס איז בלויז אַ ווייטאָג צו טראַכטן, אַז אַ שאָטן פֿון די דאָזיקע מערדערײַען פֿאַלט אויך אויפֿן פֿאָלק און אויף דער אַרמיי. אָבער זײַנען זיי דען עפּעס שולדיק? מען פֿרעגט זיי דען אַ דעה? זיי ווייסן דאָך אַפֿילו מײַסטנס נישט, אַז אַזעלכע מערדערײַען קומען פֿאָר!

שולדיק זײַנען בלויז די פֿירער און נישט דאָס פֿאָלק אָדער די אַרמיי־מאַסע. שולדיק איז אַ הייפֿל מענטשן, וואָס רעגירט אַליינ־הערשעריש. שולדיק איז קין.

# מיט די באָלשעוויקעס אין וואָלין

## 1

## ראָוונער שטימונגען

אין ראָוונע זײַנען מיר פֿאַרבליבן אַ קנאַפּע וואָך.

ערשטנס האָבן מיר געוואָלט אויסגעפֿינען וואָס מער ידיעות וועגן אונדזערע פֿאַמיליעס אין וואַרשע. צווייטנס האָבן מיר באַשלאָסן צו־זאַמענצונעמען דאָ און אַרײַנצונעמען אין אונדזער גרופּע אַלע אָנוועזנ־דיקע אין ראָוונע און אין שכנותדיקן לוצק מיטגלידער פֿון וואַרשעווער זשורנאַליסטן־סינדיקאַט און פֿון וואַרשעווער ליטעראַטן־פֿאַריין. דריי־טנס האָט דאָ זייער לאַנג געדויערט דאָס אַרויסבאַקומען די נויטיקע פּאַפּירן פֿאַר דער ווײַטערדיקער רײַזע.

מיטן אויסנאַם פֿון איין אָרטיקן איד, וועלכער האָט אין נאָרמאַלע צײַטן דאָ אַרויסגעגעבן אַ וואָכנבלאַט און גלײַכצײַטיק געווען דער וואָ־לינער קאָרעספּאָנדענט פֿון די וואַרשעווער אידישע צײַטונגען, האָט זיך קיינער אויף אונדז נישט אומגעקוקט. ווען נישט אַ רײַע וואַרשע־ווער פּליטים, אונדזערע פֿרײַנד, וועלכע זײַנען דאָ שוין געווען זינט עטלעכע וואָכן, וואָלטן מיר ממש געגעכטיקט אין גאַס.

די ערשטע נאַכט בין איך געשלאָפֿן אין עפּעס אַ קעמערל אויף הינערשע פּיסלעך, וואו עס האָט געוואוינט זינט עטלעכע טעג דער דערמאָנטער לוציאַן בליט מיט זײַן פֿרוי און מיט זײַן ברודער ראָמאַן בליט. דאָס איז געווען איינע פֿון יענע נעכט, וועלכע קריכן אַזוי טיף אַרײַן אין די ביינער, אַז עס איז יאָרן שפּעטער נישט אַזוי לײַכט זיי צו פֿאַרגעסן. אונטערן אײַנדרוק פֿון די ידיעות וועגן אַרעסט פֿון ערליכן און אַלטערן, האָב איך נישט צוגעמאַכט קיין אויג. אַ קעלט האָט געבלאָזן אין קעמערל, ווי עס וואָלטן גאָר קיין ווענט נישט געווען. איך האָב זיך געדרייט אונטער די טיכער, מיט וועלכע איך בין געווען צוגעדעקט, און געוואַרט אויפֿן פֿרימאָרגן, ווי אויף אַ ישועה.

צומאָרגנס האָט מײַן פֿרײַנט יוסף ליפּשיץ, אַ באַקאַנטער בונדישער טוער (איצט איז ער, אַלס אָפֿיציר פֿון דער פּוילישער אַרמיי, אין מצרים),

מיך אײַנגעאָרדענט בײַ זײַנע באַקאַנטע. ליפשיץ אַליין, אַן אָנגעזעענער וואַרשעווער דענטיסט, האָט באַקומען אין שטאָט אַרבעט. די נײַע מאַכט האָט אַפילו אָרגאַניזירט דענטיסטישע קורסן מיט אים אַלס לעקטאָר. די באַקאַנטע זײַנע, בײַ וועלכע ער האָט מיך אײַנגעאָרדענט, זײַנען אויך געווען דענטיסטן. די פּאָר טעג, וואָס איך בין דאָרט געשלאָפן, האָב איך גאַנצע אָוונטן געהאָט איין־איינציקע אויפגאַבע: צו טרייסטן מײַנע באַלעבאַטים, אַז מען קומט בײַ די באָלשעוויקעס נישט אום...

— וואָס רעדט איר עפּעס? — האָט די באַלעבאָסטע, אַן אינטעליגענטע אָבער קליינבירגערלעכע פרוי, נישט אויפגעהערט מיר צו דערציילן און איבערדערציילן יעדן אָוונט די זעלבע געשיכטע — אַז „זיי אַליין" רעדן וועגן זייער לעבן מיט שוידער און פאַרצווייפלונג...

די געשיכטע, וואָס די דאָזיקע פרוי האָט מיר דערבײַ עטלעכע מאָל איבערדערציילט, איז באמת געווען זייער מערקווירדיק:

מיט עטלעכע טעג צוריק האָט זיך באַוויזן אין איר קאַבינעט אַ יונגער סאָוויעטישער אָפיציר, אַ איד, און איר דערקלערט, אַז ער איז אירער אַ קרוב. ווירקלעך: ווען ער האָט אָנגעהויבן אויסרעכענען זײַן יחוס־בריוו, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז עס איז ווירקלעך אַזוי. די עלטערן זײַנע האָבן אים אָנגעזאָגט, אַז אויב ער וועט זײַן אין ראָוונע, זאָל ער נישט פאַרגעסן אויפצוזוכן די און די קרובים, און זיי אָפּגעבן אַ גרוס. איצט, זײַענדיק אין ראָוונע, דערפילט ער טאַקע דעם וואונטש פון זײַנע עלטערן, און ער האָט אויפגעזוכט די קרובים.

— וואָס־זשע? — האָט אים געזאָגט די ראָוונער פרוי, מײַן באַלעבאָסטע — איצטער וועלן מיר געהערן צו איין לאַנד, וועט מען זיך קענען טרעפן אָפטער און קומען צו זיך צופאָרן.

— הלוואי וואָלט איר אויסגעמיטן דאָס דאָזיקע גליק! — האָט איר אָפנהאַרציק געענטפערט דער יונגער סאָוויעטישער פלימעניק.

וויפיל צוטרוי די ראָוונער פרוי האָט נישט געהאַט צו איר פּלימעניק — עס איז דאָך פליש פון איר פליש און בלוט פון איר בלוט — האָט זי פונדעסטוועגן זיך דערשראָקן פאַר זײַנע רייד. זי האָט גענומען רעדן מיט באַגײַסטערונג וועגן דער סאָוויעטישער מדינה:

— וואָס רעדט איר עפּעס? מיר האָבן קוים די אויגן זיך אויסגעקוקט, אַז איר זאָלט אַהערקומען!...

— אַ שאָד געווען די אויגן! — האָט דער יונגער אָפיציר נישט געוואָלט אָפּטרעטן — אונדזערע גליקן זײַנען פון דעם מין, אַז עס לוינט זיך זיי צו פאַרשפּעטיקן...

די איבערגעשראָקענע דענטיסטין האָט געדאַנקט אַלע הימלען, ווען דער פּלימעניק איז אַוועקגעפאָרן.

— אָבער היינט קענט איר זיך שוין מאָלן ווי עס זעט „דאָרטן" אויס!... — האָט זי נישט געלאָזט זיך טרייסטן — מיין פלימעניק ווייסט בעסער פון איך!...

מענטשן האָבן זיך פשוט געשראָקן פאַר דעם נייעם רעזשים, וואָס די באָלשעוויקעס ברענגען מיט זיך. געוויסע מענטשן האָבן אַרויס־געוויזן אַ פּאַנישע שרעק, אַנדערע אָבער — אַ קעלבערנע התפעלות.

איך מוז אָנערקענען, אַז אַזוי לייכט איז דאָן נישט אָנגעקומען צו זיין „אָביעקטיוו". הייסע קאָמוניסטן, וואָס האָבן אין פּוילן גע־ליטן יאָרנלאַנג פאַר זייער קאָמוניזם, האָבן געוואָלט אַלץ זען אַזוי, ווי זיי האָבן עס יאָרנלאַנג געזען אין זייער פאַנטאַזיע. זיי האָבן „נישט געוואָלט אָנערקענען" די רעאַלע ווירקלעכקייט, ווייל זי איז געווען אין אַ צו שרייענדיקער סתירה צו זייערע טרוימען. דער, וואָס האָט זיך באַצויגן צו די באָלשעוויקעס מיט סימפּאַטיע, אָדער געהאָפט זיך ביי זיי איינצואָרדענען, האָט אויף שוואַרץ געזאָגט ווייס.

כאָטש איך האָב געטרייסט אַנדערע, אַז זיי וועלן ביי די באָלשע־וויקעס נישט אומקומען, בין איך אַליין פול געווען מיט די ביטערסטע שטימונגען. שוין אין די ערשטע טעג פון דער באָלשעוויסטישער אָקו־פּאַציע אין פּוילן האָט זיך עפּעס אָפּגעריסן ביי מיר אין האַרץ צו די הערשער פון ראַטן־פאַרבאַנד. אין פעריאָד פון די בלוטיקע פּראָצעסן, עטלעכע יאָר פריער, האָבן מיר, בונדיסטן, שאַרף זיך אָפּגעגרע־נעצט פון יענעם רעזשים, וועלכער האָט געקענט דערגיין צום דאַזיקן שרעקלעכן צושטאַנד פון מאַסנהאַפטן ברודער־מאָרד. איצט, ווען סטאַלין איז אַריין קיין פּוילן אַלס פאַרבינדעטער — זאָל זיין אַפילו בלויז אַ צייטווייליקער! — פון היטלערן, האָב איך דערפילט, אַז עס איז אויסגערונען מיין לעצטע ביסל סימפּאַטיע און מחילה־געפיל פאַר די מענטשן, וואָס קאָמפּראָמיטירן שוין צענדליקער יאָרן די גרויסע אידעע פון סאָציאַליזם און פרייהייטס־קאַמף. עס איז געווען דערביי אויך אַ געפיל פון משפחה־האַס. דער געפיל פאַרלאָזט מיך נישט ביז היינט. איך האָב נישט געקענט מוחל־זיין די באָלשעוויקעס, וואָס זיי האָבן נאָך זייער טרויעריקן אָפּמאַך מיט היטלערן, נאָך געוואַגט צו אַרעסטירן אין פּוילן יענע אַלע סאָציאַליסטישע טוער — און קודם־כל די בונדיסטן — וועלכע האָבן אין די שווערע פּוילישע באַדינ־גונגען אומאויפהערלעך מוטיק געפאָדערט אַ פּאָליטיק פון פריינט־שאַפט מיטן ראַטן־פאַרבאַנד. אַלס אַ מענטש, וואָס האָט געזען פון דער נאָענט די טאָג־טעגלעכע מסירת־נפש פון העגריק ערליכן אין זיין קאַמף פאַר אַ פּויליש־סאָוויעטישער פריינטשאַפט קעגן היטלערן, האָב איך נישט געקענט קומען צו זיך, ווען איך האָב דערהערט, אַז דווקא אים, ערליכן, האָבן זיי, די באָלשעוויקעס, אַרעסטירט.

וויפיל מאָל זײַנען קאָנפיסקירט געוואָרן אין פּוילן אַרטיקלען פון העבריק ערליכן פאַר פאָדערן אַ פּאָליטיק פון פרײַנטשאַפט פון פּוילן לגבי דעם ראַטן-פאַרבאַנד?

אָבער אין די טעג פון מײַנע ביטערסטע געפילן צו די באָל־שעוויסטישע מאַכט-האָבער — דעמאָלט, שפּעטער און איצט — האָב איך נישט אויפגעהערט צו אונטערשיידן צווישן די מאַכט-האָבער און דעם סאָוועטישן פאָלק. איך האָב זיך נישט געלאָזן באַהערשן פון שאָדנפרייד צוליב דעם אָדער יענעם מיסדערפאָלג פון דער ראַטן־מלוכה אַלס אַזעלכע. אויב איך האָב דערזען פאַר זיך עפּעס, וואָס האָט געקענט אַרויסרופן אין מיר פרייד און צושטימונג, האָב איך בשום-אופן נישט דערשטיקט אין זיך די דאָזיקע געפילן. איבעריקנס, האָב איך אַלס סאָציאַליסט זיך געפילט, אין אַ געוויסער מאָס, מיט־פאַראַנטוואָרטלעך פאַר דעם, וואָס עס קומט פאָר אין ראַטן-פאַרבאַנד.

אַזוי טאַקע האָב איך אין ראָוונער אָוונטן זיך געפילט בעת מײַנע געשפּרעכן מיט די דערמאָנטע באַלעבאַטים מײַנע. זיי האָבן גע־וואוסט, אַז איך בין אַ בונדיסט און אַז איך בין זייער אומצופרידן מיט דעם, וואָס עס קומט פאָר אַרום. דאָך האָבן אויך זיי געקוקט אויף מיר, ווי אויף אַ „מיטשולדיקן".

— דאָס זײַנען געווען אײַערע חברים — פלעגן די באַלעבאַטים מיר ענטפערן אויף יעדן פּרואוו מײַנעם זיי צו באַרואיקן — איר מוזט דאָך זיי פאַרענטפערן!

שטאָט-קאָמענדאַנט איז דאָן געווען אין ראָוונע אַ אידיש-סאָוויע־טישער מיליטער-מאַן מיטן נאָמען פּאָלקאָווניק שנײַדערמאַן. מיט אים האָבן מיר געהאַט צו טאָן אין די ענינים פון אונדזער ווײַטערדיקער רײַזע. אונדזער בקשה צו געבן אונדז אַן אויטאָבוס פאַר אונדזער ווײַטערדיקער רײַזע קיין ווילנע, האָט ער אָפּגעזאָגט. מיר האָבן סוף־כּל-סוף אַרויסבאַקומען פון אים אַ בריוו צום סאָוועטישן באַן-נאַ־טשאַלניק, אַז ער זאָל אונדז אָפּשיקן מיט דער באַן קיין ווילנע.

די באַנען האָבן אין יענעם געגנט שוין געהאַט אָנגעהויבן צו גיין. דער באַן-פאַרקער איז געווען אַ זייער נישט-נאָרמאַלער, אָבער דאָך זײַנען באַנען שוין געגאַנגען. קיינער האָט נישט געוואוסט, ווען אַ באַן וועט קומען און ווען אַ באַן וועט גיין ווײַטער — מען האָט געדאַרפט וואַרטן אויפן באַנהויף אַזוי לאַנג ביז מען האָט זיך אַרײַנ־געכאַפּט אין עפּעס אַ פאַרבײַפאָרנדיקן צוג.

מײַסטנס זײַנען פאַרבײַגעפאָרן פראַכט-צוגן. אָבער מען האָט געדאַנקט דעם גורל, אַז מען האָט זיך אַרײַנגעכאַפּט אין אַ ליידיקן פראַכט-וואַגאָן. אַבי פאָרן!

## 2

## מיט רויט־אַרמייער פֿון ראָוונע קיין לוצק

ווי נאָר איך בין אָנגעקומען קיין ראָוונע, האָב איך באַקומען צווישן אַנדערן אויך אַ גרוס פֿון מײַן ברודער.

זינט איך האָב זיך מיט אים געזעגנט דעם 5-טן סעפּטעמבער איינס בײַנאַכט אויף קראָקעווער פֿאָרשטאָט אין וואַרשע, האָב איך נישט געוואוסט, וואו ער געפֿינט זיך. ערשט צום חודש, דעם 5-טן אָקטאָבער, האָב איך באַקומען פֿון אים דעם ערשטן גרוס.

אָפּגעגעבן דעם דאָזיקן גרוס האָט מיר דער שוין־דערמאָנטער קלעטשעווסקי. דערציילנדיק מיר וועגן פֿאַרשידענע מענטשן, וועלכע געפֿינען זיך איצט אין ראָוונע, האָט ער זיך פּלוצלונג דערמאָנט:

— יאָ, איך האָב פֿאַר אײַך אַ גרוס פֿון אײַער ברודער!

— וואָס, איר האָט אים געזען? ער איז דאָ פֿאַראַן?

— נײַן, איך האָב אים געזען מיט אַ פֿיר וואָכן צוריק...

דער ענטפֿער האָט מיך, פֿאַרשטייט זיך, אַנטוישט. אָבער — זאָל זײַן מיט פֿיר וואָכן צוריק! עפּעס האָט עס דאָך פֿונדעסטוועגן אַ באַדײַטונג!

— עס איז געווען — האָט קלעטשעווסקי גענומען דערציילן — צווישן די שטעטלעך גאַרוואָלין און ריקי. צווישן טויזנטער פֿאָרנדיקע און גייענדיקע איבער די שאָסייען, האָב איך מיטאַמאָל באַמערקט אײַער ברודער אויף אַ גרויסן וואָגן. ער איז דאָרט געזעסן מיט נאָך עטלעכע יונגע מענער. צווישן אַנדערע איז דאָרט געווען אויך ב. י. ראָזען פֿון זשורנאַליסטן־סינדיקאַט. אײַער ברודער האָט געהאַלטן די לייצעס און געטריבן דאָס פֿערדל, אָבער דאָס פֿערד האָט זיך עפּעס פֿאַרעקשנט און נישט געוואָלט גיין. נעבן זייער וואָגן איז געפֿאָרן נאָך עפּעס אַ וואָגן מיט מענער און פֿרויען. זיי האָבן כּסדר געשמועסט צווישן זיך פֿון וואָגן צו וואָגן. עס האָט געמוזט זײַן זייערע באַקאַנטע. פֿון דעמאָלט אָן האָב איך אײַער ברודער נישט געזען.

עפּעס אַ פֿאַרגעפֿיל האָט מיר אונטערגעזאָגט, אַז דער ברודער מײַנער געפֿינט זיך אין די זעלבע מקומות, וואו איך בין איצט. יעדן באַקאַנטן, וואָס איך האָב אָנגעטראָפֿן, האָב איך גענומען אויספֿרעגן, צי ער האָט נישט געזען ערגעץ מײַן ברודער. שוין צומאָרגנס האָט מען מיר געבראַכט די ידיעה, אַז מען האָט אים געזען מיט עטלעכע טעג צוריק אין שכנותדיקן לוצק. ער זאָל דעמאָלט האָבן געזאָגט, אַז ער קלייבט זיך קיין לעמבערג, כּדי אויפֿצוזוכן מיך, ווײַל עמעץ האָט אים פֿאַרזיכערט, אַז מען האָט מיך געזען אין גאַליציע.

נאָך דעם זעלבן טאָג בין איך אָפּגעפֿאָרן קיין לוצק. איך בין נישט געווען זיכער, צי איך וועל אים נאָך טרעפֿן אין לוצק, אָבער פֿאָרן האָב איך סײַ־ווי געדאַרפֿט. אונדזער גרופּע האָט געוואָלט אַראָפּברענגען פֿון לוצק צו זיך קיין ראָוונע נישט נאָר אים, נאָר נאָך עטלעכע אונדזערע קאָלעגן־שרײַבער: דוד נײַמאַרק („אריה”) און ב. י. ראָזען.

צווישן לוצק און ראָוונע איז שוין געגאַנגען אַ נאָרמאַלע אויטאָבוסן־קאָמוניקאַציע. אָבער ווען איך בין געקומען צו דער סטאַציע פֿון די אויטאָבוסן, איז דער אויטאָבוס שוין געהאַט אַוועק — ער איז שוין דאַן געווען אויפֿן וועג קיין לוצק.

נישט וועלנדיק פֿאַרלירן קיין צײַט, האָב איך זיך אַנטשלאָסן צו טאָן דאָס זעלבע, וואָס איך האָב איינמאָל געטאָן אין בראָד: זיך אַוועקשטעלן אויפֿן שאָסיי און בעטן סאָוויעטישע פֿאַרבײַפֿאָרער, אַז זיי זאָלן מיך מיטנעמען.

דוד פֿלינקער האָט זיך אַרויסגערופֿן מיך צו באַגלייטן. מיר זײַנען אַרויס זאַלבעצווייט אויפֿן שאָסיי. דאָס וועטער איז געווען אַזאַ, אַז אַפֿילו אַ הונט וואָלט געווען אַ רחמנות אַרויסצוטרײַבן אין גאַס. אַ קאַלטער ווינט האָט שטײַף געמאַכט די גלידער און אַ רעגן האָט געשטאָכן דאָס פּנים, ווי מיט נאָדלען.

גראָד האָבן מיר נישט געהאַט קיין מזל. אויטאָס זײַנען פֿאַרבײַגעפֿאָרן זייער ווייניק און זעלטן־ווען וועלכער אויטאָ האָט זיך אָפּגעשטעלט, כּדי אויסצוהערן, וואָס מיר פֿאַרלאַנגען. האָט שוין עפּעס אַן אויטאָ זיך יאָ אָפּגעשטעלט, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער פֿאָרט נישט קיין לוצק. עפּעס אַ לאַסט־אויטאָ האָט אונדז שוין יאָ געוואָלט מיטנעמען. האָט זיך דער שטן אַרײַנגעלייגט אינדערמיט, און דער אויטאָ איז קאַליע געוואָרן אינמיטן שאָסיי:

— איך בין מסופּק, צי איך וועל שוין הײַנט פֿאָרן! — האָט דער רויט־אַרמייער פֿון לאַסט־אויטאָ זיך פֿאַר אונדז אַנטשולדיקט און זיך אַוועקגעלייגט אונטערן אויטאָ צורעכט מאַכן דאָס, וואָס איז דאָרטן קאַליע געוואָרן.

מיר זײַנען צוריק אַוועק אין שטאָט אַרײַן. מיר האָבן גענומען זוכן אין שטאָט גופֿא מיליטערישע עשאַלאָנען און מיר האָבן טאַקע אָנגעטראָפֿן אין אַ זײַטיקער גאַס אויף אַ רײַע מיליטערישע לאַסט־אויטאָס, וועלכע האָבן לויט אַלע סמנים זיך געגרייט ערגעץ צו פֿאָרן.

מיר זײַנען צו צו די רויט־אַרמייער, וואָס האָבן זיך געפּאָרעט אַרום די אויטאָס, און זיי געבעטן אונדז מיטצונעמען מיט זיך, אויב נאָר זיי פֿאָרן אין דער ריכטונג פֿון לוצק.

די רויט־אַרמייער האָבן אונדז אָפּגעשיקט צו אַ קאָמאַנדיר, און דער לעצטער האָט מיט דער געוויינלעכער פּשטות, וועלכע איז אַזוי כאַראַקטעריסטיש פאַרן רוסישן מענטש, אונדז אָנגעוויזן אַן אָפּענעם לאַסט־אויטאָ:

— קלייַבט אייַך אַרייַן אַהין! באַלד וועלן מיר פאָרן!

אין לאַסט־אויטאָ איז גאָרנישט געלעגן אויסער אַביסעלע היי. מיר האָבן זיך צוגעזעצט אויפן היי און געוואַרט.

אין אַ צען מינוט אַרום האָבן זיך אַרייַנגעקליבן אין אויטאָ אַרייַן דרייַ יונגע רויט־אַרמייער און דער אויטאָ האָט גענומען רוישן. דער קאָמאַנדיר האָט זיך אַרייַנגעזעצט אין אַ פּאַסאַזשיר־אויטאָ, וועלכער האָט געזאָלט פאָרן פאָרויס. אויסער אונדזער לאַסט־אויטאָ, האָבן נאָך עטלעכע אַזעלכע אויטאָס זיך געקליבן אין וועג אַרייַן.

ווי נאָר מיר זייַנען אַרויס פון שטאָט, האָט איינער פון די דרייַ יונגע רויט־אַרמייער אַ זאָג־געטאָן:

— געווער האָט איר?

איך האָב אַרויסגענומען מייַן אייביקע פעדער און זי אים געוויזן:

— אָט איז מייַן געווער!

די רויט־אַרמייער האָבן זיך צעלאַכט.

— פונדעסטוועגן — האָב איך געזאָגט — וועט זייַן בעסער, אויב איר וועט אונדז שוין באַזוכן... קוים פרעגט איר וועגן געווער, ווייל איך נישט איר זאָלט אונדז גלויבן אויפן וואָרט...

די רויט־אַרמייער האָבן פאַרוואַנדלט די גאַנצע זאַך אין אַ וויץ און מיר זייַנען אינגיכן געוואָרן גוטע חברים. די קעלט האָט טאַקע דורכ־גענומען די ביינער און ווינט האָט שיעור נישט אַראָפּגענומען דעם קאָפּ, אָבער מיר האָבן זיך נישט אונטערגעגעבן דער קעלט. עס האָט אונדז אויך נישט געאַרט, וואָס דער אויטאָ וואַרפט אונדז אונטער, אַז די ביינער קנאַקן. מיר זייַנען געווען צופרידן, וואָס מיר פאָרן.

— וואָס זענט איר אַזוי אומעטיק? — האָט אין אַ געוויסן מאָמענט זיך אָפּגערופן דער זעלבער רויט־אַרמייער, וועלכער האָט אונדז פריִער געפרעגט וועגן געווער.

— וואָס איז דאָ פאַראַן אַ גרונט צו זייַן צופרידן? — האָבן מיר אים געענטפערט.

— עס בענקט זיך אַהיים? — האָט ער האַלב־געפרעגט, האַלב־פעסטגעשטעלט (אַז מיר זייַנען פליטים פון וואַרשע האָט ער זיך פון אונדז דערוואוסט נאָך פריִער).

— יאָ, עס בענקט זיך...

— געלאָזן אינדערהיים אַ ווײַב?

— יאָ, געלאָזן אַ ווײַב...

— אפשר לעבט זי נישט, אַ?... זי האָט דאָך געקענט פאַלן פון אַ באָמבע?...

— אוודאי האָט זי געקענט...

א ווײַלע איז געווען שטיל. אָבער אָט האָט זיך אָפּגערופן אַ צווייטער רויט־אַרמייער:

— ניטשעוואָ, נעם זיך נישט איבער! וועסט קריגן אַ צווייטע... עס פעלט נישט בײַ אונדז קיין ווײַבער...

דער רויט־אַרמייער, וועלכער האָט אָנגעהויבן דעם געשפּרעך, האָט אַ קוק־געטאָן אויפן צווייטן מיט אַ שטילן פאָרוואורף, און מיך אַ פרעג־געטאָן:

— קינדער האָסטו אויך?

— יאָ, אַ יינגעלע...

— אָ, האָסט אַ פאַמיליע? — האָט זיך ווידער אַרײַנגעריסן אין אונדזער געשפּרעך דער צווייטער — אָט דאָס איז שוין גאָר עפּעס אַנדערש!...

דאָס האָט געדאַרפט הייסן, אַז ווען מען האָט געלאָזן „דאָרט" דאָס, וואָס ער האָט גערופן „פאַמיליע" — נישט נאָר אַ פרוי, נאָר אויך אַ קינד! — איז די בענקשאַפט „אַהין" אַ באַרעכטיקטע. אין דער דאָזיקער פראַזע פון דעם — ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן — זייער רויען רויט־אַרמייער, איז געקומען צום אויסדרוק דער לעצטער קורס, וואָס פאַרפליכטעט זינט עטלעכע יאָר אין ראַטן־פאַרבאַנד בנוגע פאַמיליע־פראַגן: מען דערציט דעם עולם אין גרויס רעספּעקט פאַר אַזאַ פאַמיליע־לעבן, אין וועלכן די קינדער זײַנען אַ רינג, וואָס פאַרבינדט טאַטע־מאַמע. דער סאָוויעטישער מענטש ווערט אין די לעצטע יאָרן דערצויגן צו שטעלן אויפן ערשטן פּלאַץ די רעכט פון קינד.

די רויט־אַרמייער האָבן דערציילט וועגן זייער לעבן און זיי האָבן געבעטן מיר זאָלן דערציילן וועגן אונדזער לעבן, וועגן לעבן אין פּוילן בכלל. דער, וועלכער האָט דער ערשטער פאַרפירט מיט אונדז דעם געשפּרעך, איז געווען אַ מיטגליד פון דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי און ער איז געווען פיל אינטעליגענטער פון די איבעריקע צוויי. דער צווייטער, וועלכער איז צוויי מאָל אַרײַנגעפאַלן אין געשפּרעך מיט זײַנע וואולגאַרע באַמערקונגען, האָט זיך שפּעטער אַרויסגעוויזן פאַר אַ זייער טעמפּן יאַט — דעם טעמפּסטן פון אַלע רויט־אַרמייער, וועלכע איך האָב געזען אין משך פון די 12 חדשים, וואָס איך האָב געהאַט די

מעגלעכקייט צו טרעפֿן און צו אָבסערווירן סאָוויעטישע מענטשן. ער האָט שטאַרק דערמאָנט אַ טעמפּן סאָלדאַטסקען „איוואַן” פֿון דער אַמאָליקער צאַרישער אַרמיי.

דער דורכשניטלעכער רויט־אַרמייער איז ווײַט נישט אַזוי אינטעליגענט, ווי אַ דורכשניטלעכער אייראָפּעיִשער בחור פֿון זעלבן עלטער. אָבער — ער פֿאַרמאָגט אַ געוויסן סכום אַלגעמיינע, הגם זייער אויבערפֿלעכלעכע, בילדונג, אינטעליגענץ און פּאָליטישן באַוואוסטזײַן. די צרה איז בלויז, וואָס דאָס איז אַ באַוואוסטזײַן פֿון אַ זייער אײַנגנאַרטיקען כאַראַקטער — אַ סטאַנדאַריזירטער פּאָליטישער באַוואוסטזײַן. אַלע אָפּערירן נישט נאָר מיט די זעלבע אײַנשטודירטע געדאַנקען, נאָר זיי באַנוצן זיך אַפֿילו מיט דער זעלבער פֿראַזעאָלאָגיע. נישטמער — ווי באַגרעניצט און סטאַנדאַריזירט עס איז זייער וויסן, שטייען זיי פֿונדעסטוועגן מיט הונדערט קעפּ העכער פֿון דעם, וואָס די דורכשניטלעכע רוסישע יוגנט־מאַסע פֿון דאָרף און טיילווײַז אַפֿילו פֿון שטאָט האָט מיט זיך פֿאָרגעשטעלט מיט 25 יאָר צוריק. דאָס, וואָס עס וואַרפֿט זיך אומגעהייער אין די אויגן בײַ דער איצטיקער סאָוויעטישער יוגנט, איז די טעכנישע פֿאַראינטערעסירונגען, וועלכע זײַנען זייער פֿאַרשפּרייט. די הײַנטיקע סאָוויעטישע יוגנט איז אין די ביידע הינזיכטן זייער ענלעך צו דער הײַנטיקער דורכשניטלעכער אַמעריקאַנער יוגנט: אַלגעמיינע נישט־פֿאַרטיפֿטע בילדונג און אומגעהייערע טעכנישע פֿאַראינטערעסירונג. דער רויט־אַרמייער, וועגן וועלכן איך דערצייל איצט, איז געווען אַ טרויעריקער אויסנאַם.

אַ גלענצנדיקן מוסטער פֿון טעכנישער פֿאַראינטערעסירונג האָט אונדז געגעבן מיט זיך יענער יונגער רויט־אַרמייער, דער מיטגליד פֿון דער באָלשעוויסטישער פּאַרטיי, וועלכער האָט דער ערשטער פֿאַרפֿירט מיט אונדז דעם געשפּרעך. דאָס איז געווען סך־הכּל אַ בחור פֿון אַ יאָר עטלעכע און צוואַנציק, אָבער אין ציווילן לעבן האָט ער אין קיעוו שוין געהאַט אָנגעפֿירט מיט אַ גרויסן אויטאָ־וואַרשטאַט, פֿאַרדינענדיק אַרום 600 רובל אַ חודש, אַ נישטקשהדיקער געהאַלט אין סאָוויעט־רוסלאַנד. אַלס גוטער טעכניקער און צײַכענער פֿלעגט ער אָבער נאָך נעמען אהיים פֿאַרשידענע אַרבעטן — צייכענונגען, קאָנסטרוקציע־פּלענער — פֿאַר וואָס מען פֿלעגט אים צאָלן באַזונדער. צוזאַמען פֿלעגן זײַנע פֿאַרדינסטן דערגרייכן ביז 900 רובל אַ חודש.

— און איצט האָט דער קריג אײַך געשטערט אין אײַער אַרבעט?
— האָב איך אים געפֿרעגט.

— ניין, איר האָט אַ טעות — האָט ער געענטפֿערט — אין דער אַרמיי פֿאַרנעם איך זיך אויך מיט מײַן אַרבעט!

— אָבער עס איז זיכער אַ שאָד די פּאַרדינסטן? — האָב איך גע־וואָלט דערגיין וואָס ער טראַכט וועגן דעם.

— וואָס קען דאָ זײַן אַ שאָד? — האָט ער געענטפערט מיט פּשטות — נאָכן קריג וועל איך צוריקגיין צו מײַן אַרבעט און צו מײַנע פאַרדינסטן.

גאָר אַן אַנדער טיפּ איז געווען דער צווייטער. פּונקט ווי דער ערשטער, איז ער געווען אַ פּויערן־זון, אָבער בעת יענער האָט אײַנ־געזאַפּט אין זיך אַ היפּש ביסל טעכנישע, פּאָליטישע און אַלגעמיינע בילדונג, איז דער צווייטער געבליבן טעמפּ און אומוויסנדיק.

— ווער איז דאָרטן געווען קייסער בײַ אײַך אין פּוילן? — האָט ער אין אַ געוויסן מאָמענט אַ פֿרעג־געטון.

— נישט געווען בײַ אונדז קיין קייסער! — האָב איך אים גע־ענטפֿערט — בײַ אונדז האָט רעגירט אַ מיליטערישער דיקטאַטאָר!

— וואָס אַזוינס? — האָט ער נישט פֿאַרשטאַנען דעם זין פֿון אויס־דרוק „מיליטערישער דיקטאַטאָר”.

ענדלעך, ווען מען האָט עס אים אויסגעטײַטשט, האָט ער אַ מאַך־געטאָן מיט דער האַנט:

— איינס און דאָס זעלבע!...

און אין אַ ווײַלע אַרום האָט ער פּלוצלונג אַרויסגעשאָסן מיט אַ פֿראַגע:

— וויפֿל יאָר איז שוין ווי מען האָט אים דאָרטן דערשאָסן?

איך האָב געפּרוּווט אים אויסטײַטשן, אַז ער האָט אַ טעות:

— קיינער האָט אים נישט דערשאָסן! ער איז געשטאָרבן מיט אַ נאַטירלעכן טויט!

דער טעמפּער בחור האָט אַ מאַך־געטאָן מיט דער האַנט אין מײַן זײַט:

— דו ווייסט נישט! — האָט ער אַ זאָג געטאָן מיט אויטאָרי־טעט — איך זאָג דיר, אַז מען האָט אים דערשאָסן...

איך האָב זיך איבערגעקוקט מיט דוד פֿלינקערן. אַז ער ווייסט בעסער איז דאָך נישטאָ וואָס צו רעדן!

דער באַוואוסטזיניקערער פֿון אים, דער פּאַרטיי־מיטגליד, האָט אונדז געבעטן מיר זאָלן זינגען עפּעס אַרבעטער־לידער פֿון פּוילן. איך ווייס נישט וואָס עס וואָלט וועגן דעם געזאָגט אַ פֿאַרשטייער פֿון דער סאָוויעטישער געהיים־פּאָליציי, ווען ער וואָלט געשטאַנען דערבײַ, אָבער די רויט־אַרמייער איז זייער געפֿעלן געוואָרן די בונדישע „שבו־עה,” וועלכע איך האָב זיי אָפּגעזונגען זייער פֿײַערלעך.

— דאָס איז — האָב איך זיי אויסגעטײַטשט — דער הימן פֿון די אידישע אַרבעטער אין פּוילן...

— זייער שיין! — האָבן אַלע דרײַ געמאַכט אַ קאָמפּלימענט — זינג עס נאָכאַמאָל!

און איך האָב עס געזונגען נאָכאַמאָל. איך האָב זיך אַליין איבערגענומען מיט מײַן זינגען. עפּעס האָב איך געזען אַ סימבאָל אין דעם, וואָס איך, אַ בונדיסט, פֿאַר צוזאַמען מיט סאָוויעטישע זעלנער אין איין אויטאָ און איך זינג פֿראַנק און פֿרײַ די בונדישע „שבועה" פֿון „טרײַהייט אָן גרענעצן", וועלכע איז אַזוי פֿאַרהאַסט בײַ די סאָוויעטישע גרויס-אינקוויזיטאָרן...

— און איצט זינגט אונדז עפּעס אויף פּויליש! — האָבן די רויט-אַרמייער געבעטן.

איך האָב זיי געוון צוליב געטאָן און געזונגען פֿאַר זיי דאָס אַלטע באַקאַנטע ליד „טשערוואָני שטאַנדאַר" (די רויטע פֿאָן). שפּעטער האָב איך זיי געזונגען דאָס צווייטע רעוואָלוציאָנערע פּוילישע ליד „וואַרשאַוויאַנקאַ", דאָס מעכטיקע ליד „גדי נאַרוד דאָ באָיו"... (ווען דאָס פֿאָלק איז אַרויס צום קאַמף...) און נאָך עטלעכע.

— איצט זינגט איר סאָוויעטישע לידער! — האָבן מיר פֿאַרלאַנגט פֿון זיי אַ רעוואַנזש.

דער אויטאָ האָט געלאָפֿירט איבערן שאָסיי און דער קאַלטער, שנײַדנדיקער ווינט האָט געפּײַפֿט אַרום אונדז. אָבער דאָס געזאַנג פֿון די דרײַ יונגע רויט-אַרמייער האָט פֿאַרהילכט דעם שאָסיי. ריטמיש, ווי עס זינגען די רוסן, האָבן זיי האַרמאָניש באַגלייט איינער דעם צווייטן, זינגנדיק אַ פּרעכטיק, טיפּיש-רוסיש ליד וועגן מאָסקווע. געשאַפֿן לעצטנס פֿאַר די צוועקן פֿון סאָוויעטישן פּאַטריאָטיזם, איז עס אָבער אַזוי טיפּיש-רוסיש אין יעדן אויסדרוק, אַז ווען איך האָב עס געהערט זינגען, האָט זיך מיר אויסגעוויזן אַ ווײַלע, אַז דאָס זיץ איך אַלס אַ קליין יינגעל אויף דער באַנק אין דער רוסישער שול און דער קלאַס אַרום מיר זינגט עפּעס אַן אַלט-רוסיש העלדן-מעשהלע וועגן קרעמל, וועגן אַלט-מאָסקווע און וועגן ליבע צו דער מאַטושקע-רוסלאַנד.

אָט זײַנען אַ צוויי פֿערזן פֿון דאָזיקן אײַנדרוקספֿולן ליד:

Утро красит нежным светом
Стены древнего Кремля,
Просыпается с рассветом
Вся советская земля.
Холодок бежит за ворот,
Шум на улицах сильней;

«С добрым утром, милый город,
Сердце родины моей!»
Кипучая,
Могучая,
Никем непобедимая;
Страна моя,
Москва моя,
Ты самая любимая. *)

שפּעטער האָבן זיי געזונגען אַ צווייט ליד, וואָס איז זייער פּאָפּולער אין סאָוויעט־רוסלאַנד „דאָס ליד וועגן פאָטערלאַנד״. אָט זיינען צוויי פּערזן פון דאָזיקן ליד:

От Москвы до самых до окраин,
С южных гор до северных морей,
Человек проходит как хозяин
Необ'ятной родины своей.

...Над страной весенний ветер веет,
С каждым днем все радостнее жить,
И никто на свете не умеет
Лучше нас смеяться и любить.

Но сурово брови мы насупим
Если враг захочет нас сломать.

*) אין אַ פרייער איבערזעצונג לייענען זיך די דאָזיקע פּערזן אַזוי:
איבער ווענט פון קרעמל דעם אַלטן
זון גייט אויף אין העלן בראַנד,
ס'וועקט אין מאָרגנרויט זיך פרידלעך
ווייט און ברייט דאָס ראַטן־לאַנד.

ס'בלאָזט אַ ווינטל איבער גאַסן,
ס'האָט צערוישט זיך שטאָט און לאַנד:
אַ גוט מאָרגן, ליבע שטאָט, דיר,
האַרץ פון אונדזער פאָטערלאַנד!
רוישיקע,
מעכטיקע,
פון קיינעם נישט באַזיגטע!
איינציק לאַנד,
מאָסקווע מיין,
האַרציקסטע געליבטע!

Как невесту родину мы любим,
Бережем как ласковую мать. *)

וויפּל מאָל איך האָב אין די שפּעטערדיקע חדשים געהערט זינגען דאָס דאָזיקע איינדרוקספולע רוסישע ליד, פלעגט מיך יעדעסמאָל פאַר־קלעמען אין האַרץ — אַזוי ווייט איז געווען דער טעקסט פון דאָזיקן ליד פון דער סאָוויעטישער ווירקלעכקייט. בלויז די גרויסע ליבע צום רוסישן פאָטערלאַנד — דאָס האָט געשטימט, בלויז מיט דעם איז די ווירקלעכקייט געווען ריכטיק אָפּגעשפּיגלט אינם ליד. ווי זעלטן אָבער זעט מען ביי מענטשן פון דער סאָוויעטישער מדינה די דאָזיקע, אין אַלע פּראָפּאַגאַנדע־לידער באַזונגענע, געפילן פון פרייד, אויסברוכן פון פריידיקע געלעכטער, שטימונגען פון זאָרגלאָזיקייט א. ד. גל.

אַמשטאַרקסטן אָבער האָט אויף מיר געווירקט יענעם טאָג — און אויך אַלע שפּעטערדיקע טעג — דאָס קריגס־ליד „יעסלי זאַווטרא וואָינאַ" („אויב ס'וועט מאָרגן זיין קריג"). איך האָב דאָס דאָזיקע ליד געהערט שוין אין די פריערדיקע טעג, אָבער ערשט אויפן אויטאָ צווישן ראָוונע און לוצק האָבן די סאָוויעטישע סאָלדאַטן עס אַזויפיל מאָל געזונגען און איבערגעזונגען, ביז איך האָב עס זיך אויסגעלערנט פון אויסנווייניק. עס איז אַ ליד פון גרויסן פאַרנעם. עס טראָגט פונם ליד אַ שטאַרקע קראַפט און גרויסע אַנטשלאָסנקייט. די ווערטער און דער ניגון פון דאָזיקן ליד האָבן אין זיך אַזאַ קראַפט, אַז ווען עס זינגען עס 5 מענטשן, דאַכט זיך דיר, אַז דו הערסט די טריט פון טויזנ־טער מאַרשירנדיקע. אָט איז אַ טייל פונם ליד:

Если завтра война,
Всколыхнется страна —
От Кронштадта до Владивостока,

*) אין אַ פרייער אידישער איבערזעצונג זעען די פערזן אויס אַזוי:

פון מאָסקווע־שטאָט ביז ווייטע ווייטן,
פון ים צו ים, פון באַרג צו באַרג,
דאָס פאָטערלאַנד דאָס גאַנצע דיין איז —
אָפּגעפרישט און יונג און שטאַרק.

ס'בלאָזט איבער אונדז אַ פרילינג־ווינטל,
אַ פריידיק לעבן אונדז באַגלייט.
ווער קען זיך דען מיט אונדז פאַרגלייכן
אין לאַכן, ליבע און אין פרייד?

נאָר ווי וועט זיין צו יענעם שונא,
וואָס וועט אויף אונדזער לעבן גיין.
ווי אַ געליבטע, ווי אַ מאַמע
אין האַרצן האַלטן מיר דיך איין.

Всколыхнется страна,
Велика и сильна —
И врага разобьем мы жестоко.

На земле, в небесах и на море
Наш напев и могуч и суров.
Если завтра война, если завтра в поход,
Будь сегодня к походу готов. *)

אַזוי האָבן מיר געזונגען און פֿאַרבראַכט אין געשפּרעכן ביז דער אויטאָ האָט אין טיפֿער דעמערונג זיך געגומען אַרײַנשאַרן אין די לוצקער גאַסן. יאָ, אַ קוריאָז: איך, דער בונדיסט פֿון פּוילן, האָב אויסגעלערנט זיי, די דרײַ „לעניניש-סטאַלינישע" זעלנער, אַ סאָוויעטיש ליד, וואָס איז פֿאַרפֿאַסט געוואָרן נאָך לענינס טויט. אַליין האָב איך עס זיך אויסגעלערנט אין אַ וואַרשעווער תּפֿיסה — קאָמוניסטן, וועלכע זײַנען געזעסן מיט מיר אין איין קאַמער, האָבן עס מיך אויסגעלערנט. איצט, פֿאָרנדיק מיט די סאָוויעטישע זעלנער, האָב איך זיך דערמאָנט דאָס דאָזיקע ליד, און — זײַענדיק זיכער, אַז יעדער סאָוויעטישער מענטש קען עס זינגען — האָב איך געבעטן די רויט-אַרמייער, זיי זאָלן מיך אויסלערנען אַלע ווערטער פֿון דאָזיקן טרויער-ליד. אָבער עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז קיין איינער פֿון זיי דרײַ קען עס נישט (דאָס ליד הייסט „נאַ סמיערט לעניגאַ" — „אויף לענינס טויט"). איך האָב נישט געהאַט קיין אַנדער ברירה און עס זיי געמוזט אויסלערנען. זיי האָבן אונדז דערפֿאַר אָפּגעצאָלט מיט אַ נײַער סעריע סאָוויעטישע לידער: דאָס געזאַנג פֿון די פֿליִער, דאָס ליד פֿון בודיאָננים קאַוואַלעריע א. אַ. וו.

פֿאַר דער מענטאַליטעט פֿון דעם דורכשניטלעכן סאָוויעטישן מענטש, איז זייער כאַראַקטעריסטיש אַ פֿראַגמענט פֿון אונדזער גע-

*) אין אַ פֿרײַער איבערזעצונג לייענען זיך פֿערזן אַזוי:
אויב מאָרגן קומט קריג —
דאָס לאַנד זיך צעוויגט
פֿון צפֿון ביז דרום דעם הייסן;
דאָס לאַנד זיך צעוויגט
מעכטיק צום קריג —
די שונאים אויף שטיקער צערייסן!

אויף דער ערד, אין די הימלען, אויף ימען
איז מעכטיק און האַרט אונדזער גאַנג.
אויב מאָרגן קומט קריג, שוין הײַנט גרייט צום זיג
זײַן דאַרפֿסטו אין טאַט און געדאַנק.

שפּרעך וועגן די... טראַצקיסטן. ווי אַזוי קומען מיר צו דער דאָזיקער טעמע? איך וואָלט אַזאַ געפּערלעכע טעמע זיכער נישט פאַרטשעפּעט. אָבער דער קיִעווער טעכניקער מיט דעם פּאַרטיי־ביכל אין טאַש (איי־גנטלעך איז עס אַ גאַנץ בוך פון אַפשר הונדערט זייטן!) האָט אַליין גענומען וועגן דעם רעדן. ער איז דערביי געווען איבערצייגט, אַז די צוויי פּאַסאַזשירן, וואָס ער פירט מיט זיך אין אויטאָ, הערן צום ערשטן מאָל וועגן דעם אַלעם, וואָס ער דערציילט.

עס איז געווען נאָכן אָפּזינגען די „פּיעסן ליאָטטשיקאָוו" („דאָס געזאַנג פון די פליִער"). ווען מיר ביידע, די געסט זיינע, האָבן זיך אויסגעדריקט מיט לויב וועגן די סאָוויעטישע פליִער, האָט דער יונגער באָלשעוויק אונדז געענטפערט:

— יאָ, דערפאַר טאַקע לויערן אויף זיי אַזוי אונדזערע שונאים!

— נו, פאַרשטייט זיך — האָט עמעץ פון אונדז ביידע זיך אָפּ־גערופן — אין אַ מלחמה וויל מען צעברעכן די קראַפט פון קעגנער.

— איך רעד נישט איצט וועגן קריג! — האָט דער רויט־אַרמייער דערווידערט — און ווייניק איז פאַראַן ביי אונדז אינערלעכע שונאים? אונדזערע אויסערלעכע שונאים צאָלן זיי דערפאַר גאַנץ גוט און זיי קריגן זיך אַריין אַפילו אין די פאַרבאָרגענסטע ווינקעלעך, אָנטוענדיק אונדז שאָדן. אָט איז מיט אַ צייט צוריק אומגעקומען אונזער וועלט־באַרימטער פליִער לעוואָניעווסקי, וועלכער איז געפאַלן אַ קרבן פון ווילדן סאַבאָטאַזש. איינער אַ וועטער־אָבסערוואַטאָר האָט אים נישט געגעבן די נויטיקע סיגנאַלן וועגן וועטער, כּדי אים אומצוברענגען... דער אָבסערוואַטאָר איז געווען אַ טראָצקיסט — פאַראַן אַזעלכע שעדיקער ביי אונדז, טראָצקיסטן... אַגענטן, וואָס אַרבעטן פאַרן געלט פון אויסלענדישע קאַפּיטאַליסטישע מלוכות...

ווען איך האָב אַמאָל געלייענט אין די צייטונגען דעם סאָוויעטישן קאָמוניקאַט וועגן טויט פון וועלט־באַרימטן פליִער לעוואָניעוו־סקי, איז אין יענעם קאָמוניקאַט טאַקע געווען געשריבן, אַז ער איז אומגעקומען ווי אַ רעזולטאַט פון אַ טראָצקיסטישן סאַבאָטאַזש־אַקט. איך געדענק, ווי מיר האָבן דעמאָלט, לייענענדיק עס אין אונדזער וואַר־שעווער רעדאַקציע פון דער „פאָלקסצייטונג", נישט געקענט פאַר־שטיין, ווי אַזוי די סאָוויעטישע מאַכטהאָבער גיבן אַרויס אַזעלכע טראַגי־קאָמישע קאָמוניקאַטן, אין וועלכע קיינער גלויבט נישט. איצט, קוקנדיק אויפן אָפענעם פּנים פון דעם דאָזיקן יונגען רויט־אַרמייער, וועלכער האָט מיר איבערגעחזרט די פאַנטאַסטישע געשיכטע מיטן טראָצקיסטישן סאַבאָטאַזשניק אין דער וועטער־סטאַציע ערגעץ אין די אַרקטישע שנייען, האָב איך פאַרשטאַנען פאַר וועמען אַזעלכע

קאָמוניקאַטן וועלן פֿאַרפֿאַסט: אַ פֿאַר דעם און פֿאַר ענלעכע רויט-אַרמייער און סתּם-בירגער!

פֿאַר די 20 יאָר פֿון באָלשעוויסטישן מאָנאָפּאָל אויף פּרעסע, פּראָפּאַגאַנדע און אינפֿאָרמאַציע, זײַנען די סאָוועטישע בירגער פֿאַרוואַנדלט געוואָרן אין פּאָליטישע זויג-קינדער, וועמען מען קען אײַנרעדן יעטוועדע בבא-מעשה, וואָס האָט דעם צוועק צו אַנטוויקלען אין אים אַן אומגלויבן און אַ פֿאַרדאַכט צו יעדן איינעם, וואָס דענקט נישט-באָלשעוויסטיש.

# 3

## לוצקער באַגעגענישן

ד. פֿלינקער און איך האָבן זיך אָפּגעזעגנט מיט די רויט-אַרמייער און זיך אַוועקגעלאָזן איבער די גאַסן פֿון לוצק.

מיר האָבן באַשלאָסן אַזוי לאַנג זיך צו דרייען אויף די הויפּט-גאַסן, ביז מיר וועלן דערזען עפּעס אַ באַקאַנט פּנים. עס האָט טאַקע נישט געדויערט לאַנג און מיר האָבן געטראָפֿן אַ באַקאַנטן, וועלכער האָט זיך אונטערגענומען מיך אַוועקצופֿירן צו מײַן ברודער.

— דאָס הייסט — האָט יענער באַקאַנטער געזאָגט — דירעקט צו אײַער ברודער וועל איך אײַך נישט קענען אַוועקפֿירן, אָבער איך ווייס אַן אָרט, וואו ער און עטלעכע זײַנע פֿרײַנט עסן מיטאָג. דאָרט וועט מען אײַך שוין ווײַטער פֿירן.

איך בין אַוועק מיט קרומע, צעדרייטע שטיגלעך צו אַן אײַנפֿאַלנדיקער הײַזקע. שוין דורכן נידעריקן פֿענצטער נעבן אַרײַנגאַנג האָב איך באַמערקט עטלעכע באַקאַנטע פּנימער פֿון ווארשעווער פֿרײַנט.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז מײַן ברודער איז געפֿאָרן מיט דער דאָזיקער קאָמפּאַניע צוויי וואָכן צײַט איבער גאַנץ פּוילן, אויסגעשטאַנען צוזאַמען מיט זיי באָמבאַרדירונגען און אַלע אַנדערע צרות. איצטער האָט ער זיך אָפּגעטיילט פֿון זיי, ווײַל ער האָט נישט געקענט מיטהאַלטן מיט זיי דאָס טײַערע לעבן, וואָס זיי האָבן דאָ געפֿירט. אויף זייער חשבון פֿירן אַ לײַכט לעבן האָט ער נישט געוואָלט, איז ער „אַוועק פֿאַר זיך". ער האָט געוואוינט צוזאַמען מיט אונדזער פֿרײַנט ב. י. ראָזען, זיך געשפּײַזט מיט שוואַרץ ברויט און טיי, געהאַט ליידיקע טאַשן און — ווי עס האָט זיך שפּעטער אַרויסגעשטעלט — שוין געהאַט הינטער זיך עטלעכע אַזעלכע טרויעריקע טעג, ווען זיי האָבן ביידע זיך געלייגט שלאָפֿן אויפֿן ניכטערן מאָגן. איינמאָל איז נישט

געווען פֿאַר וואָס צו קויפֿן, און אַ צווייט מאָל — האָט מען פֿאַר קיין שום געלט נישט געקענט גאָרנישט קריגן. ווען נישט ב. י. ראָזען, וועלכער איז אַביסל ענערגישער און שטײַפֿער, וואָלט דער ברודער מײַנער פּשוט פֿאַרפֿאַלן געוואָרן. דאָס האָט ראָזען געכאַפּט אַ צוויי מאָל הלוואות בײַ באַקאַנטע און דאָס האָט ראָזען עטלעכע מאָל זיך נישט געשעמט צו עפֿענען פֿרעמדע טירן און צו בעטן אַ שטיקל ברויט פֿאַר זיך און פֿאַר מײַן ברודער — זײַן פֿרײַנט...

עמעץ פֿון מײַנע וואַרשעווער פֿרײַנט, בײַ וועלכע איך האָב זיך איצטער געפֿונען, איז געלאָפֿן אויפֿזוכן מײַן ברודער און ב. י. ראָזענען. ער האָט זיי טאַקע געבראַכט.

אַ שטיק צײַט איז מײַן ברודער געזעסן אין אַ ווינקל און שווײַגנדיק געקוקט אויף מיר, נישט קענענדיק אַרויסברענגען קיין וואָרט פֿון זײַן מויל. שפּעטער האָט מען זיך פֿונאַנדערגערעדט, געגומען דערציילן איינער דעם צווייטן פֿאַרשידענע פּאַסירונגען פֿון די לעצטע טרויעריקע וואָכן, איבערוואַרפֿן זיך מיט פֿראַגן און אינפֿאָרמאַציע — פֿון פֿיל זאַכן, וועלכע איך האָב געהערט יענעם אָוונט, איז געווען צו וויינען און צו לאַכן, פֿון פֿיל געשיכטעס האָבן די האָר זיך געשטעלט אויפֿן קאָפּ!

זיי אַלע, די גאַנצע קאָמפּאַניע פֿרײַנט מײַנע און מײַן ברודער, זײַנען אַרויס פֿון וואַרשע אַ טאָג נאָך מיר — דעמאָלט, ווען די רעגירונג האָט באַפֿוילן אַלע געווער-פֿליכטיקע מענער צו פֿאַרלאָזן די שטאָט, כּדי מען זאָל זיי שפּעטער קענען מאָביליזירן צו די ווײַטערדיקע פֿאַרשטייענדיקע שלאַכטן „אויף יענער זײַט בוג"...

איינער פֿון מײַנע פֿרײַנט איז דאַן אָוועק צו אַ באַקאַנטן קוילנהענדלער און באַקומען פֿון אים אַ שמוציקן קוילן-וואָגן און אַ פּאָר פֿערד — אָט אין דאָזיקן קוילן-וואָגן האָט מײַן דערמאָנטער פּאַרטייחבר קלעטשעווסקי געזען די גאַנצע קאָמפּאַניע צווישן די ברענענדיקע שטעטלעך גאַרוואָלין און ריקי. זיי האָבן אָנגעפּאַקט דעם וואָגן מיט היי און אַזוי האָבן זיי זיך געשלעפּט איבער וועגן און אומוועגן צווישן באָמבאַרדירטע ברענענדיקע שטעט, שטעטלעך און דערפֿער.

— איך וועל קיינמאָל נישט פֿאַרגעסן — האָט מיר מײַן ברודער דערציילט — אַ שבתדיקן טאָג אין קאָצק, ווען הײַזלעך האָבן זיך געבויגן ווי גומע אונטערן לופֿט-דרוק פֿון די פֿליִענדיקע באָמבעס. ווען מיר זײַנען געקומען, איז אין שטעטל געווען שטיל, שבתדיק. זיי האָבן נאָך נישט געהאַט געוואוסט פֿון קיין באָמבאַרדירונגען. מיר זײַנען אָקאָרשט אַראָפּגעקראָכן פֿון וואָגן אין דער האָפֿענונג, אַז דאָ, אין דאָזיקן שבתדיקן שטעטל, וועלן מיר קענען זיך אויסרוען אונדזערע צעבראָכענע, מידע ביינער. אָבער צוזאַמען מיט אונדז

זײַנען געקומען היטלערס באָמבערס. די שטעטלדיקע מענטשן, וועלכע האָבן אָקאָרשט אַזוי מיטלײַדנדיק געקוקט אויף אונדז, זײַנען אַליין אין איין אויגנבליק אַרײַנגעוואָרפֿן געוואָרן אין אונדזער צושטאַנד. עס איז שרעקלעך געווען צו קוקן, ווי אידן זײַנען געלאָפֿן אין די טליתים פֿון בית־מדרש אַהיים און מיט 5 מינוט שפּעטער — נישט באַווײַזנדיק אויסצוטאָן אין דער מהומה דעם טלית — מיט אַן אָרעם פּעקל בעט־געוואַנט — אַרויס פֿון שטאָט.

— איך וועל קיינמאָל נישט פֿאַרגעסן דאָס לײדיקע קאָצקער בית־מדרש — האָט ער ווײַטער געצויגן זײַן טרויעריקע דערציילונג — פֿון וועלכן די אידן זײַנען זיך פֿונאַנדערגעלאָפֿן אינמיטן שמונה־עשרה, איבערלאָזנדיק אינעווייניק איינאיינציקן מענטש, וועלכער האָט נישט געוואָלט איבעררײַסן דאָס דאַווענען — דעם רב פֿון שטעטל. מאָנומענטאַל־טראַגיש האָט אויסגעזען דער דאָזיקער רב אין זײַן אײַנזאַמען דאַווענען בײַ דער מזרח־וואַנט אונטערן אַקאָמפּאַניאַמענט פֿון אויפֿרײַסנדיקע באָמבעס.

— און פּונקט אַזוי — האָט ער נישט אויפֿגעהערט דערציילן — וועל איך דאָס גאַנצע לעבן האָבן פֿאַר מײַנע אויגן דאָס בילד פֿון דעם פּאַטריאַרכאַלן שטעטלדיקן קריסטלעכן דאָקטער, וועלכער האָט זיך אַרומגעדרייט צווישן די אויפֿרײַסנדיקע באָמבעס און ברענענדיקע הײַזער — אַרומגעדרייט זיך מיט אַ קעסטל מעדיקאַמענטן, פֿאַרהאַנגען אויף זיך, און באַנדאַזשירט מענטשן אינמיטן גאַס, געמונטערט, געטרייסט, געהאָלפֿן אַרויסטראָגן די זאַכן פֿון די ברענענדיקע הײַזקעס און געהאָלפֿן קינדער און פֿרויען זיך אײַנזעצן אויף די וואָגנס צום אַנטלויפֿן פֿון שטעטל. „איך מוז דאָ בלײַבן — האָט ער געענטפֿערט די אַנטלויפֿנדיקע אידן און אידענעס, וועלכע האָבן אים געבעטן, ער זאָל אויך זיך ראַטעווען — איך בין אַ דאָקטער און איך מוז דאָ בלײַבן, איך האָב נאָך צו טראָגן הילף פֿאַרוואונדעטע און הילפֿלאָזע... איך דאַרף זײַן דער לעצטער"... זײַן גרויע טשופּרינע האָט געפֿלאַטערט אויפֿן ווינט און ער האָט אויסגעזען, ווי אַ נביא, וואָס האָט זיך אַראָפּגעלאָזן צווישן די מענטשן, כּדי זיי צו ברענגען טרייסט און נחמה...

צומאָרגנס בין איך אַוועק אין שטאָטישן שפּיטאָל. דאָרטן האָב איך געדאַרפֿט אויפֿזוכן דעם בונדישן זשורנאַליסט, מײַן רעדאַקציע־חבר דוד נײַמאַרק („אריה"). די פּאָר הונדערט קילאָמעטערס, וואָס ער האָט אַדורכגעמאַכט צופֿוס פֿון וואַרשע ביז לוצק, האָבן אים אַזוי דערשעפּט און אויסגעמאַטערט, אַז מען האָט אַפֿילו מורא־געהאַט פֿאַר ערנסטע קאָמפּליקאַציעס אין זײַן געזונט. זײַענדיק אין ראָוונע, האָב איך דאָס אַלץ נישט געוווּסט. ערשט ראָזען און מײַן ברודער האָבן מיר דערציילט וועגן דעם אין לוצק.

ווען מען האָט אַרויסגערופֿן צו מיר נײַמאַרקן — עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז גראַד דעמאָלט האָט אים שוין אָנגעהויבן בעסער ווערן און ער האָט שוין געקענט אַרומגיין — האָב איך אים אין דער ערשטער מינוט נישט דערקענט. ער איז געווען שרעקלעך פֿאַרענ־דערט. דאָס פּנים זײַנס איז געווען אַן אָפּן בוך פֿון דורכגעלעבטע לײַדן.

ווען ער האָט זיך ענדלעך צו מיר דערנענטערט און איך האָב אים דערקענט, האָט מיך גענומען קלעמען, אַז איך בין געבליבן שטיין אַן ווערטער. מיר זײַנען זיך געפֿאַלן אין די אָרעמס אַרײַן און אַזוי געבליבן שטיין, צענומענע פֿון דער באַגעגעניש, וועלכע איז דאָך פֿאַר אים געווען נאָך אומגעריכטער, ווי פֿאַר מיר.

זײַן, נײַמאַרקס פֿאָרן, האָט מען געמוזט מאַכן אָפּהענגיק פֿון דאָקטער. איך בין דעריבער אַוועק זיך אַדורכרעדן מיטן דאָקטער, וועלכער האָט נײַמאַרקן געהיילט. דער דאָקטער האָט זיך אַביסל גע־קווענקלט, אָבער צום סוף האָט ער געגעבן זײַן הסכּם. ער האָט בלויז געהייסן וואַרטן מיט דער רײַזע עטלעכע טעג. ער האָט אויך באַפֿוילן, אַז אין ווילנע זאָל נײַמאַרק זיך גלײַך לייגן אין בעט אַרײַן, כּדי ענד־גילטיק זיך אויסצורוען און געזונט־ווערן.

עס איז געבליבן, אַז איך פֿאָר צוריק קיין ראָוונע, און דאָרטן וועל איך אויפֿהאַלטן די גאַנצע קאָמפּאַניע ביז ער, נײַמאַרק, וועט נישט אַהינקומען. איך האָב מיטגענומען מיט זיך ב. י. ראָזענען און מײַן ברודער. איך האָב געראַטן אויך די איבעריקע פֿרײַנט מײַנע צו פֿאָרן קיין ווילנע, אָבער זיי האָבן געהאַט גאָר אַנדערע פּלענער און זיי זײַנען געבליבן. שפּעטער, ווען מיר זײַנען אָפּגעגרענעצט געוואָרן פֿון זיך, זײַנען צו מיר דערגאַנגען ווענן זיי טרויעריקע גרוסן. איצט זײַנען זיי אַלע צעזייט און צעשפּרייט איבער זיבן וועלטן: איינער איז געווען פֿאַרשיקט אין טיף־סיביר צוזאַמען מיט זײַן פֿערצן־יעריק יינגל, אַ צווייטער איז צוריק אַוועק קיין וואַרשע, אַ דריטער, אויב ער לעבט נאָך, פּײַניקט זיך ערגעץ אין לעמבערגער געטאָ.

נײַמאַרק איז טאַקע נאָכגעקומען קיין ראָוונע, אָבער דאָרט האָט זיך זײַן געזונט־צושטאַנד ווידער פֿאַרערגערט.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער האָט פֿונדעסטוועגן נישט גע־טאָרט אַרויסגיין אַזוי פֿרי פֿון שפּיטאָל. ראָוונער דאָקטוירים האָבן געהאַלטן, אַז אין זײַן איצטיקן צושטאַנד טאָר ער ווײַטער נישט פֿאָרן. מיר האָבן אים געמוזט לאָזן אין ראָוונע. שפּעטער אַביסל האָבן די דאָקטוירים אים דערלויבט פֿאָרן ווײַטער. ער איז דאַן געקומען קיין ווילנע און מיטגעמאַכט מיט אונדז דאָס אַלץ, וואָס מיר האָבן דאָרטן איבערגעלעבט.

איצט איז ער אין קאַנאַדע. ב. י. ראָזען איז אין שאַנכאַי — גע־בליבן שטעקן אינמיטן וועג קיין אַמעריקע. מײַן ברודער איז אויף יענע טעריטאָריעס, וואו היטלער פֿירט איצט אַדורך זײַן מערדערלעכן פּלאַן אויסצוראָטן די אידן...

## 4

## אַ קלײנער אויסשניט פֿון אַ גרויסער טראַגעדיע

פֿאָרנדיק צוריק מיטן אויטאָבוס פֿון לוצק קיין ראָוונע, האָב איך געהאַט די מעגלעכקייט זיך געניו פֿונאַנדערצושמועסן מיט ב. י. ראָזענען און מיט מײַן ברודער וועגן זייערע איבערלעבונגען אין פֿארלויף פֿון די לעצטע 4 וואָכן.

אַלץ, וואָס איך האָב דערציילט ביז איצטער, איז געווען די גע־שיכטע פֿון עטלעכע צענטליק אויסדערוויילטע, וועלכע האָבן פֿאַרלאָזן וואַרשע אין פּריווילעגירטע אומשטענדן: געפֿאָרן מיט באַן, געהאַט אין טאַש רעגירונגס־פּאַפּירן, מען זאָל זיי מיטהעלפֿן א. אַ. וו. עס איז שוין במילא לײַכט זיך פֿאָרצושטעלן וואָס עס זײַנען אַדורכגעגאַנגען יענע הונדערטער טויזנטער פּליטים פֿון וואַרשע, וועלכע זײַנען אַרויס פֿון דאָרט נאָך אונדז און — אָן שום קאָמוניקאַציע־מיטלען. עס האָט זיך אַנטפּלעקט פֿאַר מיר די געשיכטע פֿון דורכשניטלעכן אַנאָנימען פֿליכט־לינג פֿון יענע טעג — אַ געשיכטע פֿון קאַמף מיטן מלאך־המוות, אַ געשיכטע פֿון קאַמף מיטן הונגער, אַ געשיכטע פֿון מאָדנע צופֿאַלן, גרוילן און קוריאָזן.

ב. י. ראָזען, מײַן ברודער און נאָך עטלעכע אונדזערע פֿרײַנט זײַנען אַרויס פֿון וואַרשע אַ 12־15 שעה נאָך מיר. יעדער פֿון זיי האָט איבערגעלאָזן אַ פֿאַמיליע: פֿרויען און קינדער, אַלטע עלטערן, שוועס־טער. אָבער די שעה פֿון איבערברוך איז געקומען און מען האָט געגנו־מען אין האַנט אַרײַן דעם וואַנדערשטעקן. אַפֿילו ווען די רעגירונג וואָלט נישט געהייסן די מענער פֿאַרלאָזן די שטאָט, וואָלטן פֿיל פֿון זיי פֿרײַוויליק אַוועק, נישט וועלנדיק אַרײַנפֿאַלן ווי אַ לעבעדיקער משכון אין היטלערס הענט.

קיין שום אָנווײַזונגען וואו צו פֿאָרן האָט די רעגירונג נישט געגעבן. זי האָט אויך נישט גענומען אויף זיך קיין שום פֿאַרפֿליכטונגען לגבי די דאָזיקע מענטשן. אויף די שאָסייען האָט זיך געצויגן אַ געדיכטע מענטשן־מחנה, אַרײַנגעפּלאָנטערט צווישן הונדערטער און טויזנטער לאַסט־אויטאָס, לוקסוס־אויטאָס און טעקסים, וואָגנס, בריטשקעס, מאָ־טאָציקלען, בײַסיקלעך און האַנט־וועגעלעך.

די שאָסייען האָבן אין יענע טעג אויסגעזען אַזוי ווי די באַלעבאָטסטע שפּאַציר־בולוואַרן פֿון די גרויסע שטעט אין אַ זונטאָג נאָכמיטאָג — קיין שפּילקע צו דער ערד נישט צו וואַרפֿן. קיין שפּילקעס האָט דאָ טאַקע קיינער נישט געוואָרפֿן, אָבער באָמבעס — באָמבעס האָט מען דאָ יאָ געוואָרפֿן. און די באָמבעס האָבן געזייט טויט און פֿאַרוויסטונג צווישן פֿרויען און קינדער, אויפֿגעריסן וואָגנס און פֿערדישע בײַכער, צעלעכערט די טראַכט פֿון דער מוטער־ערד.

אָט דערציילט מיר ב. י. ראָזען:

— קענסט דיר פֿאָרשטעלן אַזאַ בילד? די זון שײַנט. דער שאָסיי איז געפּאַקט מיט אויטאָס און וואָגנס, מיט טויזנטער פֿוסגייער און פֿאָרערס. בײַ די זײַטן פֿון שאָסיי זיצן הונדערטער און הונדערטער אויף פּעק בעטגעוואַנט, אויף וואַליזעס און שטיינער. צוויי פֿורן פֿאָרן נעבן זיך און מענטשן ווערטלען זיך איבער פֿון איין וואָגן צום צווייטן, מען לאַכט און מען וויצלט זיך מיט יאַשטשערקעס, מען איז זיך מכבד מיט פּאַפּיראָסן א. אַ. וו. אין מאָמענט, ווען עמעץ פֿון ערשטן וואָגן בעט בײַ זײַן שכן פֿון צווייטן וואָגן אַ שוועבעלע אָנצוצינדן אַ פּאַפּיראָס, ווערט פּלוצלונג אַ שרעקלעכער טומל. עס דערהערט זיך דאָס פֿאַרשאָל־טענע רוישן פֿון פֿײַנטלעכע באָמבערס. „גיט מיר אָפּ מײַנע שוועבע־לעך!” — שרײַט דער געבער פֿון די שוועבעלעך צום נעמער — אין אַ מינוט אַרום וועט פֿאַלן אַ באָמבע”. דער מענטש אויפֿן צווייטן וואָגן צינדט טאַקע שנעל אָן דעם פּאַפּיראָס און ער רופֿט אויס: „נאָט אײַך אײַערע שוועבעלעך, האָט נישט קיין מורא, אַז איך וועל זיי צונעמען”. אָבער אָפּגעבן די שוועבעלעך באַווײַזט ער שוין נישט. אין מאָמענט, ווען צוויי מענטשן אויף צוויי וואָגנס שטרעקן אויס צו זיך די הענט צוליב די שוועבעלעך, רײַסט אויף אַ באָמבע איבער זייערע קעפּ, און די פּאַסאַזשירן פֿון ביידע וואָגנס ווערן אײַנגעהילט אין אַ דיקן רויך־וואָלקן.אַרום שרײַט מען און מען וויינט. ווען דער רויך גייט זיך פּאַ־מעלעך פֿונאַנדער, הייבן איינצלנע מענטשן אָן זיך אויפֿצושטעלן, זיך אַרומטאַפּן, צי עס פֿעלט זיי נישט עפּעס, אָדער צי עס רינט נישט ער־געץ קיין בלוט. די וואָגנס ליגן איבערגעקערט און צעבראָקלט, עטלע־כע פֿערדישע לײַבער ליגן אין איין קופּע מיט מענטשלעכע קערפּערס, וואָס צאַפּלען זיך נאָך אין ווייען. צווישן די אומגעקומענע ליגט דער מענטש, וועלכער האָט אָקאָרשט געבעטן בײַ דיר אַ שוועבעלע, און צו וועמען דו האָסט מיט אַ מינוט צוריק געזאָגט, ער זאָל דיר שנעלער אָפּגעבן די שוועבעלעך, ווײַל עס קען פֿאַלן אַ באָמבע. זײַן האַנט ליגט אַוועקגעשלײַדערט אין אַ זײַט — אָפּגעריסן פֿון די איבעריקע טיילן פֿון קערפּער. און אין דער פֿאַרמאַכטער פֿויסט ליגט דאָס שאַכטעלע שווע־

בעלעך!... קענסט דיר פאָרשטעלן אַזאַ איבערלעבונג?? ... מען האָט געקאָנט משוגע ווערן!...

מײַן ברודער פאַלט אַרײַן ב. י. ראָזענען אין די רייד:

— און ווער זאָגט דאָס, אַז מען איז טאַקע נישט משוגע געוואָרן? אָט מאָל דיר אַ שטילן פאַרכישופטן פאַרנאַכט ערגעץ צווישן פעלדער אין לובלינער געגנט. מאָל דיר אויס די אַזויפיל מאָל באַזונגענע זון, וואָס פאַרגייט אין פלאַמען, און פרעסט אונדזערע אַלעמענס הערצער, אַז ווען דער מענטש וואָלט זיך נישט געשעמט, וואָלט ער זיך אויסגעצויגן אויף אָט דער היימישער, אין הארצן אײַנגעבאַקענער ערד, און זיך צעוויינט, ווי אַ קינד. שטיל איז דאָ, ווײַל די פעלדער ליגן בײַ אַ זײַטיקן וועג. דער גרויסער שטראָם פליטים גייט דאָ נישט פאַרבײַ. דו פילסט אין זיך אַ גרויסע דערלײַכטערונג פון געדאַנק, אַז עס זײַנען נאָך פאַראַן אין לאַנד אַזעלכע ווינקלען, וואו עס איז אידיליש־שטיל אין די פאַרבענקטע פאַרנאַכטן און וואו די באַמבערס פון שונא האָבן נאָך נישט דערגרייכט. אָבער דײַנע אויערן כאַפּן מיטאַמאָל אויף עפּעס ווײַטע טענער פון אַ ליד, וואָס דערמאָנט אָן אַ קאַטוילישן קלויסטער־געזאַנג. הייבסט אויף די אויגן און נעמסט זוכן אַרום זיך דעם מענטש, וואָס זינגט. יאָ, עפּעס אַ משונהדיק בילד דערשײַנט פאַר דײַנע אויגן. ווײַט, איבערן ליידיקן פעלד, גייט אַ פויער מיט אַן אַנטבלויזטן קאָפּ און מיט אַ קלויסטער־פאָן איןביידע הענט. זײַן גאַנג איז אומנאַרמאַל, ער הייבט די פיס נישט ווי אַ נאָרמאַלער מענטש, נאָר מאַשינאַל, ווינקל־אַרטיק. זײַן געזאַנג, וואָס דערנענטערט זיך אַלץ מער, קלינגט אומ־היימלעך און משונהדיק. דאָס גאַנצע בילד איז עפּעס אַזוי אומהיימלעך, אַזוי נישט נאַטירלעך! מיר שטעלן אָפּ דעם וואָגן און מיר דערזעען אין אַ זײַט פון וועג אַן אָפּגעברענט פויערים־הײַזל און גריבער אין דער ערד — סימנים פון אַ באָמבע־אויפרײַס. דער זינגענדיקער פויער קומט דערווײַל נעענטער און נעענטער. אָט איז ער שוין גאָר נאָענט. אָבער מיטאַמאָל דרייט ער זיך קאַנטיק אויס מיטן רוקן צום אָפּגעברענטן הײַזל און מאַרשירט אַוועק, ווי אויף שטאָלצן, צוריק אין פעלד אַרײַן: —מאַרשירט און זינגט, זינגט און מאַרשירט שטאָלצן־מעסיק, עפּעס אַזוי אומהיימלעך. אַלץ אַרום אָטעמט מיט עפּעס געהיימניספולעס, מיט עפּעס שרעקנדיקעס. נאָר פלוצלונג דערזעען מיר אַ צווייטן לעבעדיקן מענטש. קעגנאיבער דעם אָפּגעברענטן הײַזל, נעבן עפּעס אַ גאַנץ־געבליבענעם שײַער, זיצט אויף אַ בענקל אַן אומבאַוועגלעכע פרוי, אַ זקנה — אויך פון איר געשטאַלט בלאָזט מיט שרעק און אומהיימלעכקייט... ווען מיר דערנענטערן זיך צו איר, דערזעען מיר, אַז די זקנה איז בלינד — זי זיצט אומבאַוועגלעך און זעט אונדז נישט, כאָטש דערפילט האָט זי אונדז. „ווער איז דאָס?" — פרעגט זי מיט אַ ציטער־

דיקער שטימע. „פֿרעמדע — ענטפֿערן מיר — פּליטים פֿון וואַרשע...
אפֿשר קען מען קריגן אביסל וואַסער?" דאָס איינגעשרומפּענע פּנים
פֿון דער זקנה ווערט נאָך מער איינגעשרומפּן. „פֿונוואַנען זאָל איך
אייך נעמען וואַסער? — ענטפֿערט זי אַ פֿאַרצווייפֿלטע — נישטאָ קיין
וואַסער און נישטאָ קיין קאַרטאָפֿל און נישטאָ וואו דעם קאָפּ אַוועק־
צולייגן... אַלץ איז אַוועק מיטן רויך: די כאַלופּע, דאָס גאַנצע ביסל
אָרעמקייט, די טאָכטער מיט 3 אייניקלעך, אַפֿילו דער ברונעם...
געבליבן איז בלויז ער דאָרט און איך... ער איז אַראָפּ פֿון זינען — אָט
דאָרט גייט ער אַרום פֿון נעכטן אָן מיטן בילד פֿון דער הייליקער מוטער
און זינגט קלויסטער־לידער... און איך?... וואָס בין איך? אַ לעבע־
דיקער מת!..." שטעלסט דיר פֿאָר דאָס גרויל־בילד?... שטעל דיר
פֿאָר צענדליקער אַזעלכע בילדער... איינמאָל האָבן מיר דערזען אונ־
טער אַ בוים אומבאַוועגלעך אַ פֿרוי מיט אַ זויג־קינד אויף דער האַנט,
צוגעטוליעט צו דער ברוסט, ווי זי וואָלט איינגעוויגט דאָס קינד צום
שלאָף... ביידע האָבן נישט געלעבט און דאָס קינדערישע קער־
פּערל האָט נאָך דערצו נישט געהאַט קיין קאָפּ — מסתּמא האָט די
מוטער נאָך געלעבט, ווען אַ באָמבע האָט אַראָפּגעריסן דאָס קינדע־
רישע קעפּל... זי האָט עס געמוזט כאַפּן אין פֿאַרצווייפֿלונג שוין
אַ געהרגעטעס און אומקומען צוזאַמען מיט אים פֿון קוילנוואַרפֿערס.

אָט אַזוי וואַנדערנדיק האָבן זיי געלאָזן הינטער זיך די ברענענדיקע
וואַרשע, די ברענענדיקע גאַרוואָלין, קאָצק א. אַ. ערגעץ ווייט אויפֿן
לובלינער שאָסיי האָט מיליטער זיי פֿאַרשטעלט דעם וועג און גענומען
טרייבן צוריק. וואָס איז? די פּליטים מאַכן אומגליקלעך דאָס מילי־
טער! די שאָסייען זיינען פֿאַרפּאַקט מיט פּליטים און אַלע מיליטערישע
פּלענער ווערן צונישט, ווייל דאָס מיליטער האָט נישט קיין באַווע־
גונגס־פֿרייהייט! דאָס איז געווען ריכטיק, אָבער פֿאַרוואָס האָט מען
דאָס נישט געדענקט מיט 3־4 טעג צוריק, ווען מען האָט די אַלע
מענטשן באַפֿוילן צו פֿאַרלאָזן די שטאָט? איצט טרייבט מען זיי צוריק?
וואוהין? אין די ברענענדיקע שטעטלעך אַריין? אין היטלערס לאַפּעס
אַריין?

פֿאַרשטייט זיך, אַז זעלטן ווער עס האָט געפֿאָלגט דעם מיליטע־
רישן באַפֿעל צוריקצוגיין. מען האָט זיך געלאָזן מיט אומוועגן, דורך
פֿעלדער, כּדי אויסצומיידן מיליטערישע וואַכן. די קאָמפּאַניע וועגן
וועלכער איך דערצייל דאָ, האָט געלאָזן פֿערד־און־וואָגן אויף הפֿקר,
און מיט אומוועגן צופֿוס זיך דערשלעפּט צו איין ישוב און צו אַ
צווייטן. אין יעדן אָרט האָט מען געטראַכט: אָט באַלד וועלן מיר
אַרויס פֿון דער קריגס־זאָנע און מיר וועלן ענדלעך זיך קענען אָפּרוען.
אָבער אין יעדן נייעם אָרט זיינען געפֿאַלן באָמבעס און מען האָט

כסדר געדאַרפֿט ווײַטער לויפֿן אָן אָפּרו. שרעקלעך זײַנען געווען די נעכט, באַלויכטענע מיט ריזיקע פֿײַערן פֿון אַלע זײַטן: דאָס האָבן אומעטום זיך געצויגן צו די הימלען פֿײַערדיקע ווענט פֿון ברענענדיקע שטעטלעך און דערפֿער! עס האָט זיך יעדעס מאָל געדאַכט, אַז די דאָזיקע פֿאַנטאַסטישע פֿײַערן וועלן דיך אײַנשלינגען — אַז דו וועסט שוין נישט אַרויס פֿון דאָזיקן פֿײַערדיקן כּישוף־רינג...

אָט דערציילן מיר ביידע:

— אין כּעלם האָבן מיר געהאַט באַשלאָסן, אַז מיר וועלן זיך ענדלעך אָפּרוען אַביסל — זאָל זײַן וואָס עס וועט זײַן! זאָלן פֿאַלן באָמבעס, זאָלן הילכן אויפֿרײַסן — מיר האָבן מער נישט קיין כּוח צו טראָגן שיך אויף די געשוואָלענע פֿיס! אַראָפּציִען די שיך פֿון די צעווייטאָגטע פֿיס, אויסווייקן די פֿיס אין אַביסל וואַסער, אָנשפּאַרן זיך אויף דער פֿויסט און שלאָפֿן — דאָס איז געווען אונדזער העכסטער פֿאַרלאַנג אין יענעם מאָמענט. אַפֿילו דער שטרענגסטער באַפֿעל וואָלט אונדז אין יענעם מאָמענט נישט געקענט באַוועגן צו ענדערן אונדזער באַשלוס. מיר האָבן זיך פֿאַרקליבן אין עפּעס אַ פּוסט הויז, וואָס איז פֿאַרלאָזן געוואָרן דורך די באַלעבאַטים — עמעצער פֿון אונדזער חבֿרה האָט אויסגענישטערט די דאָזיקע ליידיקע דירה. מיר האָבן אַהין זיך אַרײַנגעקליבן און עמעץ פֿון אונדז האָט זיך אַפֿילו אונטערגענומען צו קאָכן מיטאָג. אויסגעהונגערטע נאָך אַ לעפֿל וואַרעמס, האָבן מיר אַלע אויפֿגענומען מיט באַגייסטערונג דעם דאָזיקן פּלאַן. דער עולם איז געזעסן שוין האַלב־אויסגעטאָן — עס איז געווען מיטן טאָג. איינער פֿון אונדז איז אַראָפּ זען, צי מען וועט קענען עפּעס אײַנקויפֿן צו קאָכן מיטאָג. אָבער עס איז נישט אַריבער קיין דרײַ מינוט, ווי ער איז צוריק אַרײַנגעלאָפֿן צו אונדז אַ בלאַסער און געגנומען שרײַען ווערטער, וועלכע מיר האָבן לכתּחילה אינגאַנצן נישט פֿאַרשטאַנען. ער האָט אָנגערופֿן כּסדר דעם נאָמען „אַלבערט”. קיינעם איז אַפֿילו נישט אײַנגעפֿאַלן, אַז דאָס מיינט ער אונדזער פּריינט אַלבערט, וועלכן מיר האָבן געזען מיט עטלעכע וואָכן צוריק צום לעצטן מאָל, ווען ער איז אַוועק אַלס מאָביליזירטער אָפֿיציר אין דער אַרמיי אַרײַן...

אָבער — טאַקע יענעם אַלבערט האָט ער געמיינט. אין דער קאָמפּאַניע, וועגן וועלכער עס ווערט דאָ דערציילט, האָט זיך געפֿונען יענעם אַלבערטס יִנגערער ברודער. די גאַנצע צײַט פֿון זייער וואַנדערונג האָט דער יִנגערער ברודער נישט אויפֿגעהערט צו דערמאָנען דעם עלטערן ברודער: ווער ווייסט, וואו ער איז איצטער! ווער ווייסט צי ער לעבט נאָך! ווער ווייסט, צי מיר וועלן זיך נאָך ווען עס איז זען! אָבער אָט איז ער דאָ! — אָט שטייט ער בײַם טויער און

וואָרט, דער ברודער זאָל אַראָפּקומען! אַרויפגיין האָט ער נישט געוואָלט — אַ זייער פליכטמעסיקער אָפיציר! ער האָט געהאַלטן אין דורכמאַרשירן די שטאָט מיט זײַן מיליטערישער אָפּטיילונג.

— קענסט דיר פאָרשטעלן אונדזער באַגעגעניש מיט אַלבערטן — האָבן מיר דערציילט מײַנע צוויי מיטפאָרער אין איין אָטעם — קענסט דיר פאָרשטעלן די באַגעגעניש פון די צוויי ברידער! פרעמדע מענטשן אין גאַס אַרום, די זעלנער פון אַלבערטס אָפּטיילונג, מיר אַלע און אַלבערט צוזאַמען מיט אונדז זײַנען געווען אינגאַנצן צענומען. דער ערשטער האָט אַלבערט זיך באַהערשט. ער האָט אונדז פאַרטרוילעך דערקלערט, ווי די לאַגע זעט אויס אויף אַן אמת — אַז אַלץ איז כּמעט פאַרלוירן. דאָס איינציקע, וואָס בלײַבט איבער צו טאָן — האָט ער געזאָגט — איז אַוועקצולאָזן זיך טיף קיין מזרח־פּוילן. אַלע מי־ליטערישע אינפאָרמאַציע־פּונקטן שיקן אים טאַקע אַהין — אים און זײַן אָפּטיילונג, וועלכע איז געבליבן צעפּערטלט און צעדרויבט אינ־מיטן פון שרעקלעכן ריקצוג, אָפּגעריסן פון פאָלק, דעזאָריענטירט, אָן אָן אָנפירונג, אָן אַ רעגירונג. „איצט מאַך איך אַ פּרוואו — האָט ער אונדז געזאָגט — דעם לעצטן פּרוואו זיך צו דערשלאָגן צו עפּעס אַ שטאַב. איך ראָט אײַך, איר זאָלט אַלע זיך אָנשליסן פרײַוויליק אין מײַן אָפּטיילונג, איך וועל אײַך מיטנעמען מיט זיך”...

די פאַנטאַזיע ווענן אַ געקאָכטן מיטאָג איז געבליבן הענגען צווישן די פּוסטע ווענט פון דער פרעמדער וואוינונג. דערוואַרעמטע און אויפגעהייטערטע פון דער וואונדערלעכער באַגעגעניש, האָבן זיי באַלד זיך אָנגעשלאָסן אין דער מיליטערישער אָפּטיילונג. איצט זײַנען אַלע געווען זעלנער און דער אָפיציר האָט פאַר אַלעמען געהאַט נאָר איין שפּראַך — די שפּראַך פון שטרענגע מיליטערישע באַפעלן. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אַלע זעלנער פון דער אָפּטיילונג — לויטער פאָליאַקן, פאָלקס־מענטשן פון דאָרף און שטאָט — האָבן זייער ליב געהאַט דעם אידישן אָפיציר; כאָטש ער איז געווען שטרענג, ווי אַן אָפיציר דאַרף זײַן אין קריג, איז ער אָבער גלײַכצײַטיק געווען זייער מענטשלעך, און אין אַ פרײַער מינוט — זייער פרײַנטלעך.

מאָדנע האָט געמוזט אויסזען די דאָזיקע מיליטערישע אָפּטיילונג, ווען זי האָט זיך גענומען לאַדעווען אויפן כעלעמער וואָקזאַל אין אַ וואַגאָן אַרײַן: אַביסל מיליטעריש־געקליידטע, אַביסל ציווילע — אַלע אויסגעהונגערטע, איינצלנע פון זיי שוין היפּש אָפּגעריסן, נישט ראַזירט...

ענדלעך האָבן זיי זיך אײַנגעאָרדנט אין דאָזיקן וואַגאָן, זיך צו־געטוליעט צו די האַרטע ברעטער און גענומען דרימלען — עס איז שוין געווען אָוונט. די באַן איז געפאָרן קיין קאָוועל. דאָרטן האָט דער

אידישער אָפיציר געהאַפּט אַנצוטרעפן אויף עפּעס אַ מיליטערישן שטאַב, וועלכער וועט זיי ווידער פאַרבינדן מיט אַ רעגולערער מיליטערישער פאַרמאַציע

— אינמיטן נאַכט — דערציילט מיר מײַן ברודער — איז געשען עפּעס אַזוינס, וואָס האָט אונדז דערשיטערט. עמעץ האָט זיך געריסן צו אונדזער וואַגאָן, אָבער מיר האָבן נישט געוואָלט קיינעם אַרײַנלאָזן. דער עמעץ האָט זיך אָבער אַרײַנגעריסן. עס איז געווען שטאָקפינצטער. דער אַרײַנקומענדיקער האָט געשאָלטן און זיך געזידלט: „אָט איז דער גורל פון אַ זעלנער — אַפילו אַרײַנלאָזן אין אַ וואַגאָן וויל מען אים שוין נישט!”. ער האָט פאַררייכערט אַ פּאַפּיראָס און בײַם שײַן פון אָנגעצונדענעם שוועבעלע האָט מען דערזען, אַז מען האָט ווירקלעך צו טאָן מיט אַ זעלנער. ער האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף דער ערד און ליידנשאַפטלעך געצויגן דעם פּאַפּיראָס. ער האָט דערבײַ נישט אויפגעהערט צו זידלען זיך און צו שילטן. פריער האָט ער געריידט סתם אין דער וועלט אַרײַן, געזידלט עמעצן אָן אומבאַקאַנטן, די רעגירונג. שפּעטער איז ער געוואָרן דרייסטער. ווען די זעלנער האָבן אים געגעבן עפּעס עסן און אים גענומען צורעדן, ער זאָל זיך אָנשליסן אין זייער אָפּטיילונג, האָט ער אָנגעהויבן חוזקן פון זיי, זידלען די אָפיצירן און צורעדן זיי נישט צו פאָלגן די עלטסטע. „זיי וועלן אײַך פאַרקויפן — האָט געשיפּעט דער דעמאָראַליזירטער זעלנער — זיי נעמען געלט בײַ היטלערן! אין דר'ערד מיט אַזאַ פּוילן!” עס איז געוואָרן שטיל אין וואַגאָן. קיינער האָט זיך נישט אָפּגערופן. אין די טעג פון אַלגעמיינער צעשרויפטקייט האָט נישט פיל געפעלט, אַז אַזעלכע ווערטער זאָלן ווירקן אויף די פאַרמאַטערטע געמיטער, ווי אייל אויפן פײַער. „וואָס מיר פּוילן? — האָט יענער ווײַטער געהעצט אין דער אַרומיקער שטילקייט — מײַן לעבן איז מיר טײַערער און איר זענט אידיאָטן”. דאָס געפּערלעכסטע אין יענעם מאָמענט איז געווען דאָס שווײַגן פון אָנוועזנדיקן אָפיציר. דער פרעמדער זעלנער האָט אפשר נישט געוואוסט, אַז ערגעץ אין אַ צווייטן ווינקל פון וואַגאָן זיצט אַן אָפיציר. אָבער די איבעריקע זעלנער האָבן עס דאָך יאָ געוואוסט. וואָס האָבן זיי געדאַרפט טראַכטן וועגן אַן אָפיציר, וועלכער הערט דאָס אַלץ אוים שווײַגנדיק? פון מינוט צו מינוט איז געוואָרן וואַרשײַנלעכער, אַז די וואַנזיניקע אַגיטאַציע פון אַרײַנגעקומענעם זעלנער קען אָנהויבן ווירקן. אָבער אָט איז עפּעס געשען. אַלבערט — דער אידישער אָפיציר — איז שווער אויפגעשטאַנען פון זײַן פּלאַץ, געעפנט די טיר פון לויפנדיקן וואַגאָן און דערלאַנגט דעם דעמאָראַליזירטן זעלנער אַ פעסטן פּאַטש איבערן פּנים: „נאַדיר, לאָבוז איינער — האָט ער אָנגעכאַפּט דעם זעלנער

און אים אַ שלעפּ־געטאָן צו דער טיר — דאָס האָסטו פֿאַר שפּײַען אויפֿן פֿאָטערלאַנד!" דער פֿרעמדער האָט נישט באַוויזן זיך צו אָריענטירן, וואָס דאָ קומט פֿאָר, ווי ער איז שוין געפֿלויגן דורך דער אָפֿענער טיר אינדרויסן אַרויס. „עפּעס אַ דײַטשער שפּיאָן! — האָט אַלבערט געסאָפּעט שווער אין דער פֿינצטער — זאָל ער גיין צו אַלדי רוחות!" דער הויכער, ברייטביייניקער אַלבערט האָט זיך באַוואויגן אין דער פֿינצטער, ווי עפּעס אַ קאָלאָס. זײַן ברוטאַלע האַנדלונג האָט אין איין אויגנבליק געענדערט די פֿאַרפּעסטעטע אַט־מאָספֿער. די דיסציפּלין פֿון דער אָפּטיילונג איז געראַטעוועט געוואָרן. עס האָט זי געראַטעוועט דער אידישער אָפֿיציר, וועלכער האָט קיין־מאָל אין זײַן לעבן זיך נישט פֿאַרגעשטעלט, אַז ער וועט אַמאָל דאַרפֿן לערנען אַ פּאָליאַק אַכטונג צו זײַן געשלאָגענעם פֿאָטערלאַנד. די לעקציע איז געווען אַ האַרבע. מיר אַלע זײַנען געזעסן פֿאַרטאַיעט, ווען יענער איז געפֿלויגן פֿון לויפֿנדיקן וואַגאָן. „אַנדערש האָב איך נישט געטאָרט האַנדלען!" — האָט דער אָפֿיציר זיך שפּעטער פֿאַר־ענטפֿערט פֿאַר די זעלנער, כאָטש קיינער פֿון זיי האָט מיט קיין פּיפּס נישט געלאָזן וויסן, אַז ער האָט טענות צום אָפֿיצירס האַנד־לונג. אַ גאַנצע נאַכט איז דער עולם געווען אונטערן אײַנדרוק פֿון דער געשעעניש. עפּעס אַ ביטער שווײַגן האָט געהערשט אַ גאַנצע נאַכט. עפּעס אומהיימלעכעס און אומפֿרײַנטלעכעס האָט זיך געטראָגן אינ־דערלופֿטן. קיינער האָט נישט געקענט זאָגן, צי דאָס איז געווען אָן אומפֿרײַנטלעכקייט פֿון די שווײַגנדיקע זעלנער צום אָפֿיציר, אָדער עפּעס אַנדערש. ערשט צומאָרגנס, אונטער דער ווירקונג פֿון מענטש־לעכן הו־האַ און אין דער וואַרעמקייט פֿון דער שײַנענדיקער זון, האָבן אַלע ווידער ווי אויפֿגעלעבט... צווישן די מענטשן האָט זיך צוריק אײַנגעשטעלט די פֿריערדיקע פֿרײַנטשאַפֿט...

אין אַ געוויסן מאָמענט, אינמיטן נאַכט, איז די קאָמפּאַניע אָנ־געקומען קיין קאָוועל. טויט־מידע, האָבן זיי נישט געהאַט וואו דעם קאָפּ אָנצושפּאַרן. דער „בלעק־אַוט" איז געווען אַן אַלגעמיינער. מען האָט נישט געזען אַ טריט אַרום זיך. זיי זײַנען אַרײַן אין שטאָט אויף דעם אופֿן, אַז זיי האָבן זיך געהאַלטן איינער בײַם צווייטנס פּאָלעס, כּדי זיך נישט צו פֿאַרלירן. שפּעטער האָט אַ פּאָליציאַנט זיי אָפּגעשטעלט פֿול אומצוטרוי און אומגלויבן, אַז דאָס זײַנען ווירקלעך מיליטער־לײַט. טויט־מידע, האָבן די פֿיס זיי גענומען ציִען צו דער ערד. זיי האָבן געעפֿנט די ערשטע־בעסטע טיר פֿון אַ הויז און זיך אויסגעזעצט אויף די שטיינערנע שטיגן צום שלאָפֿן. אין עפּעס אַ וואוינונג האָט מען דערהערט, אַז אין קאָרידאָר קומט פֿאָר אַ באַוועגונג. אַ מיטל־יאָריקע פֿרוי האָט אַרויסגעקוקט אין קאָרידאָר

אַרײַן. „ווער פּלאָנטערט זיך דאָרטן אינמיטן נאַכט?״ — האָט זי בייז געוואָרטשעט. ווען די געסט האָבן איר געזאָגט, ווער זיי זײַנען, האָט זי זיך אָפּגערופן: „מײַן מאַן איז אויך אין מיליטער, מעגלעך, אַז אויך ער זיצט ערגעץ אַזוי הינטער אַ טיר, ווי איר זיצט דאָ — יעדער פון אײַך האָט דאָך אָקאָרשט אַליין געהאַט אַן אייגן הויז, אַן אייגן געלעגער, אַ ווירטשאַפט, אַ פֿאַמיליע...״ זי האָט זיי אײַנגעלאַדן צו זיך אין הויז...

שפּעטער זײַנען אַרײַנגעקומען די באָלשעוויקעס. עטלעכע שעה פֿאַר דעם, ווי די אַרײַנמאַרשירנדיקע באָלשעוויקעס זײַנען געקומען, האָט די אָפּטיילונג, וועגן וועלכער עס ווערט דאָ דערציילט, זיך צו־זאַמענגעטראָפֿן אויף אַ שאָסיי מיט עטלעכע מיליטערישע וואָגנס. סאָלדאַטן און אָפֿיצירן זײַנען געשטאַנען אויף די וואָגנס און געטיילט די פֿאַרבײַגייענדיקע מיליטער־לײַט און ציווילע פּליטים וועש, שיך, מיליטערישע קורטקעס. „סײַ־ווי איז אַלץ פֿאַרלוירן! — האָט געשריגן איינער פֿון די אָפֿיצירן — זאָל עס כאָטש אָנקומען צו פּוילישע בירגער!״...

דאַן איז די מיליטערישע אָפּטיילונג זיך צעקראָכן. דער אָפֿיציר אַלבערט איז געבליבן אין לוצק מיט זײַן ברודער. אָבער דעם צווייטן, צי דעם דריטן טאָג האָבן די באָלשעוויקעס אים גענומען געפֿאַנגען אַלס אָפֿיציר — אַזוי פֿון גאַס אַראָפּ. ער האָט זיך אָבער אַרויסגע־דרייט פֿון דער רייע, ווען מען האָט אים צוזאַמען מיט הונדערטער אַנדערע פּוילישע געפֿאַנגענע געפֿירט פֿון איין פּלאַץ אין אַ צווייטן. בײַם אַרײַנפֿירן אַלע געפֿאַנגענע אין טויער אַרײַן, האָט ער פּשוט געמאַכט אַ טריט אַרויס פֿון דער רייע, און געבליבן שטיין צווישן די ציווילע, וועלכע זײַנען געשטאַנען אויפֿן טראָטואַר און זיך צוגעקוקט צום מאַרש פֿון די פּוילישע געפֿאַנגענע. דאָס איז אים געלונגען אויך דערפֿאַר, ווײַל ער האָט מיט עטלעכע שעה פֿריער באַוויזן צו וויסן צו געבן זײַן ברודער, אַז מען האָט אים פֿאַרהאַלטן, און דער ברודער זײַנער האָט באַוויזן אים צו דערלאַנגען ציווילע קליידער, וועלכע אַלבערט האָט טאַקע אַרויפֿגעצויגן אויף זיך אינמיטן מאַרש.

איצט וואַלגערט ער זיך ערגעץ אין טיף רוסלאַנד אַ קראַנקער, אַ צעווייטאָגטער.

# 5
# מענטשלעכע גורלות

שבת, דעם 7טן אָקטאָבער, האָבן מיר, ווי אַלע פֿריִערדיקע טעג, לאַנג געזוכט אַ מאָלצײַט און נישט געקענט געפֿינען. אַלע ראָוונער רעס־טאָראַנען זײַנען געווען געשלאָסן. עמעץ פֿון אונדזער קאָמפּאַניע — מענדל מאָזעס, דאַכט זיך — האָט אַנטדעקט דעם אַדרעס פֿון עפּעס אַן אָרט, וואו אַ אידישע חברה גיט אַרויס מיטאָגן.

— פֿאַרפֿאַלן, אַז מען קען נישט קריגן פֿאַר קיין געלט, מוז מען עסן אַ צדקה־מיטאָג.

מיר זײַנען אַוועק אַ מאָן צען אויפֿן הויף פֿון דער צדקה־חברה.

אין האַרצן האָט עפּעס אַ גריבל־געטאָן, ווען איך האָב דערזען די צעטומלטע לאַנגע רייע פּליטים, וואָס שטופּן זיך צו דער טיר אונטער דער אויפֿזיכט פֿון פֿאַרהאַוועטע אָרטיקע אידן, וועלכע האָבן צונויפֿ־געזאַמלט אין שטאָט אַ ביסל פּראָדוקטן, כּדי צו באַשפּײַזן שבת און יום־טוב די „אָרעמע פּליטים, נעבעך”...

איך האָב זיך געמאַכט קוראַזש און איך בין אַרײַן אין הויף. ווי נאָר מיר האָבן זיך אַרײַנגעשטעלט אין דער רייע, האָט זיך אָנגע־הויבן אַרום אונדז אַ שושקעניש: מען האָט אונדז דערקענט. אויך איינער פֿון די אָרטיקע כּלל־טוער האָט זיך דערוואוסט, אַז עס שטייט אין דער רייע אַ גרופּע אידישע זשורנאַליסטן, און ער האָט אונדז גענומען אַרויספֿירן פֿון דער רייע, כּדי אונדז אַרײַנצופֿירן מיט אַ הינטער־טיר אין עס־צימער אַרײַן. איינצלנע מענטשן אין דער רייע האָבן גענומען בורטשען, אַז „הײַנט זײַנען נישטאָ קיין מיוחסים”.

איך האָב זיך אַ פֿאַרשעמטער געלאָזן לויפֿן אין דער גאַס אַרויס — דער אומצופֿרידענער עולם איז דאָך גערעכט געווען. צוזאַמען מיט מיר זײַנען עטלעכע פֿון אונדז געבליבן אין גאַס. אָבער דער איד, וועלכער האָט אונדז אַרויסגעפֿירט פֿון דער רייע, האָט אונדז אויפֿגעזוכט און אַרײַנגעשלעפּט אינעווייניק. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער איז אַ קרוב פֿון אַמעריקאַנער אידישן זשורנאַליסט באָרים סמאָליאַר, און ער האָט בײַ זיך בשום־אופֿן נישט געקענט פּועלן, אַז אידישע זשור־נאַליסטן זאָלן שטיין אין רייע נאָך אַ צדקה־זופּ.

ווען מען האָט יעדן פֿון אונדז דערלאַנגט אַ דיק שטיק ברויט און אַ הייסן טעלער זופּ, האָט עפּעס ווידער גענומען סקראָבען אין האַרצן, אָבער — נישטאָ קיין צײַט אויף אַזעלכע סענטימענטן: דער הויף איז געפּאַקט מיט הונגעריקע און מען דאַרף פֿרײַ מאַכן די טישן פֿאַר אַנדערע. מיר האָבן שנעל געשלונגען די לעפֿל זופּ און נאָך גע־

פּרואווט זיך מאַכן האַרץ מיט פֿאַרשידענע וויצן. בלויז איינער פֿון אונדז האָט נישט אויסגעהאַלטן און זיך צעהעשעט איבערן טעלער...

דעם זעלבן טאָג האָב איך געזען אַ רייע פֿאַר אַ גרויסער קראָם, וואו מען האָט עפּעס געקענט קריגן צו קויפֿן. אין דער רייע האָב איך באַמערקט דעם קעניג פֿון די פּוילישע קאָמיקערס און פֿילם־אַקטיאָרן דימשאַ. צווישן דעם טאָרבעלע, וואָס ער האָט געהאַלטן אין האַנט, כּדי צו האָבן אין וואָס אַוועקצוטראָגן די געקויפֿטע פּראָדוקטן, און זײַן עלעגאַנטן ספּאָרט־קאָסטיום, איז געווען אַזאַ קאָנטראַסט, ווי צווישן דעם עלעגאַנטן דימשאַ פֿון פֿאַר פֿיר וואָכן צוריק און דעם נישט־ראַזירטן דערשלאָגענעם דימשאַ, וואָס שטייט איצט אין דער רייע נאָך אַ ברויט. צו אַלע צרות איז נאָך געווען אַזאַ געדראַנג, אַז יעדע מינוט האָט דימשאַן געדראָט אַרויסגעשטויסן צו ווערן פֿון דער רייע. ער האָט געשאָלטן און זיך געזידלט. דער עולם אַרום האָט אויך נישט געשוויגן. חיהשע אינסטינקטן האָבן זיך אַרויסגעריסן און גע־לאָזן וואוילגיין. יעדער האָט אָנגעווענדט אַלע מיטלען, כּדי זיך אײַנ־צוהאַלטן אין דער רייע. אויב עמעץ דאַרף שוין אַרויסגעשטויסן ווערן, טאָ זאָל עס שוין זײַן דער צווייטער — נישט איך...

איך האָב שפּעטער געזען דימשאַן גיין אַ גליקלעכן מיט אַ ברויט אין האַנט — אַ שאָד, וואָס איך האָב דעם דאָזיקן גאַנג נישט פֿאַר־אייביקט מיט אַ פֿאָטאָגראַפֿישן אַפּאַראַט. אונטער דער פֿאָטאָגראַפֿיע וואָלט מען געדאַרפֿט אונטערשרײַבן נאָר איין וואָרט: גליק!... און ווירקלעך: דער שמייכל אויף דימשאַס פּנים האָט אויסגעדריקט דאָס העכסטע גליק — ער האָט געטראָגן מיט זיך אַ ברויט!...

— דאָס שטיין אין דער רייע — האָט מיר אויסגעטײַטשט מײַן חבר לוציאַן בליט — נעמט צו עטלעכע שעה פֿאַרטאָג און עטלעכע שעה נאָכמיטאָג. דו הערסט אויף צו טראַכטן וועגן וואָס־נישט־איז. טראַכטסט בלויז וועגן אַ ברויט און וועגן מיטלען, ווי לײַכטער צוצו־קומען דערצו. איצט פֿאַרשטייט, פֿאַרוואָס די רוסישע מענטשן זײַנען אַזוי אַפּאַטיש און אָפּגעלאָזן אין זייערע פּערזענלעכע פּאָליטישע אַמביציעס: זיי זײַנען מיד פֿון שטיין אין דער רייע...

צומאָרגנס האָב איך געזען דעם ראָוונער „טאָלטשאָק", וועלכער האָט מיר אינגאַנצן דערמאָנט דאָס אַלץ, וואָס איך האָב מיט 20 יאָר פֿריִער געלייענט וועגן דעם „טאָלטשאָק" אין די רוסישע שטעט באַלד נאָך דער זיגרײַכער רעוואָלוציע. טאַקע אין יענע יאָרן פֿון הונגער אין רוסלאַנד איז אַנטשטאַנען דער נאָמען „טאָלטשאָק". עס איז די באַצייכענונג פֿאַר אַ פּלאַץ פֿון אומלעגאַלן האַנדל, וואו אַלץ קומט פֿאָר פֿראַנק און פֿרײַ, כאָטש טראַנזאַקציעס פֿון דעם מין זײַנען אָפֿיציעל פֿאַרבאָטן.

הונדערטער מענטשן האָבן זיך געטאָפּטשעט אויפן פּלעצל, קויפנ־דיק און פאַרקויפנדיק פאַרשידענע אָפּגענוצטע זאַכן. וואָס האָב איך דאָרטן נישט געזען? וואָסערע טיפּן האָב איך דאָרטן נישט געזען? איין פאַרשוין האָט זיך אַרומגעדרייט איינגעהילט אין אַ קאָלדרע, ווייל ער האָט, זעט אויס, נישט געהאַט קיין מאַנטל. ער האָט געזוכט אַ קונה אויף אַן אַלטן וואַנט־זייגער. מענער, פרויען, קינדער — אַלץ האָט זיך געשטויסן און געהאַנדלט. צווישן עולם האָבן אויך נישט געפעלט קיין פּיפּיקע אויפקויפערס־שפּעקולאַנטן, וואַרשעווער און לאָדזשער פּליטים. די גרעסטע צאָל קונים איז באַשטאַנען פון רויט־אַרמייער. דאָס, וואָס זיי האָבן אַממייסטן געזוכט, איז געווען — איי־ביקע פעדערס און זייגערלעך. זיי האָבן אין יעדן קופּקעלע אַרייַנגע־שטעקט דעם קאָפּ און איבערגעפרעגט:

— טשאַסי? אַ זייגערל?

100 רובל, 200 און 300 רובל — וויפל מען האָט געפאָדערט האָבן זיי געצאָלט פאַר אַ זייגערל. ווי עס האָט זיך שפּעטער אויפגעקלערט, האָבן זיי נאָך אַלץ געכאַפּט גרויסע מציאות. דעם מין קליינע האַנט־זייגערלעך האָבן טויזנטער און טויזנטער רויט־אַרמייער איצט געזען צום ערשטן מאָל אין זייער לעבן — דאָ אויף די טעריטאָריעס פון אָקופּירטן פּוילן. אויב עמעץ פון זיי האָט געהאַט בייַ זיך אַ זייגער, איז עס געווען אַ גרויסע קייַלעכדיקע „ציבעלע" — אַ פונט אין וואָג אָדער נאָך מער. נישט קיין וואונדער, אַז אַ רויט־אַרמייער פלעגט גרייט זייַן איבערצוקערן אַלע טאַשן אַבי צו קריגן אַ זייגערל. לײדער, האָבן עס אויסגענוצט אַפעריסטן, וועלכע האָבן אָנגעהויבן נעמען בייַ די רויט־אַרמייער הונדערטער רובלס פאַר בלעכערנע זייגערלעך מיט אַזעלכע מעכאַניזמען, וואָס האָבן אויפגעהערט צו פונקציאָנירן צומאָרגנס נאָך דעם קנין...

אַלע האָבן געוואוסט, אַז דער „טאָלטשאָק" איז אַן אומלעגאַלער מאַרק, אָבער דער אַדמיניסטראַטיווער כאַאָס איז דאַן אין ראָוונע נאָך געווען אַזוי גרויס, אַז קיינער האָט נישט באַאומרואיקט נישט די הענדלער און נישט די קונים. דער „טאָלטשאָק" האָט פאַרנומען אַ גרויסן פּלאַץ אינמיטן שטאָט.

איבעריקנס איז נישט נאָר דער אַדמיניסטראַטיווער כאַאָס געווען אין יענע טעג גענוג גרויס. אין די טעג, ווען מיר האָבן געפונען אין ראָוונע, האָבן די באָלשעוויסטישע מאַכט־אָרגאַנען געלאָזן אויס־קלעפּן אין שטאָט קאַריקאַטורן, וועלכע האָבן געחוזקט פון היטלער־דייַטשלאַנד כאָטש אין דער פּרעסע און אין דער סאָוויעטישער ראַדיאָ האָט מען זיך געקושט אין די פּיסקלעך מיט דער היטלער־רעגירונג. מען האָט, זעט אויס, אין דער מאָסקווער אָדער מינסקער פּראָפּאַ־

גאַנדע־צענטראַלע על־פּי־טעות אײַנגעפּאַקט פֿאַר ראָוונע אַ פּאַקעט פּראָפּאַגאַנדע־קאַריקאַטורן, וועלכע האָבן נאָך געשטאַמט פֿון יענע זומער־חדשים 1939, ווען דער אָפּיציעלער סאָוויעטישער קורס איז נאָך געווען אײַנגעשטעלט שאַרף אַנטי־היטלעריסטיש. די דאָזיקע אַנטי־היטלעריסטישע קאַריקאַטורן זײַנען געהאָנגען עטלעכע טעג אין שטאָט. שפּעטער האָט מען זיך געכאַפּט, און שנעל גענומען אָפּקראַצן פֿון די ווענט די דאָזיקע פֿאַרשפּעטיקטע קאַריקאַטורן...

ווען איך טראַכט איצטער וועגן מײַנע טעג אין ראָוונע, שטייט מיר פֿאַר די אויגן די געשטאַלט פֿון מײַן פֿרײַנד און פּאַרטיי־חבר, דעם יונגען וואַרשעווער אַדוואָקאַט און בונדישן מיטגליד פֿון וואַר־שעווער שטאָט־ראַט, ד״ר יעזשי גליקסמאַן, וויקטאָר אַלטערס אַ שטיף־ברודער. זײַן בילד טרעט מיר נישט אָפּ פֿון די אויגן אפֿשר דערפֿאַר, וואָס אין זײַנע טראַגישע איבערלעבונגען זע איך דעם פֿאַטאַלן שפּיל פֿון צופֿאַלן, וועלכע באַשטימען אין צײַטן פֿון גרויסע קאַטאַסטראָפֿעס די יאָרן פֿון לייד און פּײַן.

ער האָט פֿאַרלאָזן וואַרשע צוזאַמען מיט זײַן פֿרוי און אַ קליין קינד. איך האָב זיך מיט אים געטראָפֿן אין ראָוונע. איך האָב אים צוגערעדט צו פֿאָרן מיט אונדז קיין ווילנע, אָבער ער האָט עס דערווײַל נישט געוואָלט טאָן צוליב צוויי טעמים: ערשטנס האָט ער גערעכנט צו קענען עפּעס אויפֿטאָן פֿאַר זײַן אַרעסטירטן ברודער וויקטאָר אַלטער אין שכנותדיקן קאָוועל; צווייטנס האָט אים שרעקלעך גע־שראָקן די רײַזע מיטן קליינעם קינד קיין ווילנע. ער האָט געזען ווי שווער עס קומט אונדז אָן די מעגלעכקייט צו קריגן אַ פּלאַץ אין דער באַן און ער האָט כּסדר זיך געשראָקן:

— ווי וועל איך איצטער פֿאָרן? דאָס קינד וועט עס נישט איבער־האַלטן! מען וועט דאַרפֿן פֿאָרן אין פֿראַכט־וואַגאָנעס, און ווער ווייסט ווי די קעלט קען ווירקן אויפֿן קינד! איך וועל דאָ נאָך בלײַבן אַ שטיקל צײַט — אפֿשר וועל איך עפּעס אויפֿטאָן אין קאָוועל. איר וועט דערווײַלע מיר דינגען אַ דירה אין ווילנע, כּדי איך זאָל האָבן וואו אַרײַנצוגיין מיטן קינד. דאַן וועט איר מיר דעפּעשירן און איך וועל קומען קיין ווילנע. פֿאַר דער צײַט וועט אויך אַביסל פֿרײַער ווערן אין די באַנען.

דעם זעלבן אָוונט, ווען אונדזער גרופּע איז געפֿאָרן קיין ווילנע, איז ער געפֿאָרן קיין קאָוועל — אין תּפֿיסה אַרײַן צום ברודער. איך זאָג אין תּפֿיסה אַרײַן, און אין דעם פֿאַל ווערט עס געמיינט אין בוכ־שטעבלעכן זין פֿון וואָרט. ווען ער איז געקומען אַרײַנגעבן דעם ברו־דער אַ פּעקל עסן, האָבן די באָלשעוויקעס אים אַרעסטירט און אים אײַנגעזעצט אין דער זעלבער תּפֿיסה, וואו עס איז געזעסן זײַן ברודער,

דער באַקאַנטער פּירער פֿון „בונד" וויקטאָר אַלטער. אָבער — ווי לאַנג קען מען האַלטן אין תּפֿיסה פֿאַר אַזאַ פֿאַרברעכן, ווי נאָכפֿרעגן זיך אויף אַ ברודער? מיט איין וואָרט: מען האָט אים אין עטלעכע וואָכן אַרום באַפֿרײַט. דאַן האָט ער זיך גענומען קלײַבן קיין ווילנע, אָבער צווישן ווילנע און ראָוונע איז שוין דאַן געווען די סאָוויעטיש־ליטווישע גרענעץ, ווײַל די באָלשעוויקעס האָבן צײַטווײַליק אָפּגעגעבן ווילנע דער ליטווישער מלוכה. ער איז געזעסן לאַנגע וואָכן אין אַ דאָרף נעבן דער גרענעץ און געוואַרט אויף אַ געלעגנהייט, כּדי זיך מיט אונדז צו פֿאַרבינדן. אין זעלבן דאָרף איז אויך געווען מײַן פֿרוי און מײַן צען־יאָריק ייִנגעלע, וועלכע זײַנען געקומען אַהין פֿון וואַרשע, וואו זיי האָבן איבערגעהאַלטן די שרעקלעכע טעג פֿון דער באָמבאַרדירונג און די נישט־ווייניקער שרעקלעכע טעג פֿון אָנהייב פֿון היטלערס הערשאַפֿט אין וואַרשע. אין טיפֿע שנייען, באַרויבט פֿון אַלעם, וואָס זיי האָבן געהאַט בײַ זיך, איז מײַן פֿרוי און קינד צוזאַמען מיט מײַן ברודערס פֿרוי אַדורך מיט סכּנות־נפֿשות די דײַטש־סאָוויעטישע גרענעץ בײַ ביאַליסטאָק און געקומען אין יענעם דאָרף אַרײַן הינטער ווילנע. אין אַ שרעקלעכער מערץ־נאַכט פֿון 1940 זײַנען זיי אַלע צוזאַמען — מײַן פֿרוי, מײַן קינד, מײַן שוועגערין, ד"ר יעזשי גליקסמאַן און נאָך עפּעס אַ פּליט — צוגעקומען מיט אַ פּויער צו דער ליטוויש־סאָוויעטישער גרענעץ, וועלנדיק זי אַריבערגיין. אָבער די באָלשעוויקעס האָבן זיי אַלע פֿאַרהאַלטן. מײַן פֿרוי האָט מען צומאָרגנס אַרויסגעלאָזט, דערקלערנדיק איר, אַז אייגנטלעך קומט איר צוויי יאָר תּפֿיסה, אָבער — מען לאָזט זי פֿרײַ, ווײַל זיי ווילן נישט רואינירן דאָס לעבן פֿון קינד. מײַן שוועגערין און ד"ר יעזשי גליקסמאַן זײַנען געבליבן אין תּפֿיסה. ביז זומער 1941 זײַנען זיי געווען אין שרעקלעכע סאָוויעטישע פֿאַרשיקונגס־פּלעצער, טוענדיק די שווערסטע שוואַרצע אַרבעט און נישט האָבנדיק קיין שפּײַז. נאָכן אויסברוך פֿון סאָוויעטיש־דײַטשן קריג האָט מען זיי באַפֿרײַט אַלס פּוילישע בירגער, וועלכע זײַנען מיטאַמאָל געוואָרן אויס „שונאים" און „פֿאַרברעכער". איצט איז שוין ד"ר יעזשי גליקסמאַן אין פּאַלעסטינע. זײַן פֿרוי און קינד זײַנען אָפּגעריסן פֿון אים און געפֿינען זיך אונטער היטלערס ממשלה. יענע שרעקלעכע נאַכט בײַ דער סאָוויעטיש־ליטווישער גרענעץ האָט די דאָזיקע מענטשן אַזוי אומוּמענטשלעך באַעוולהט און זיי אַזוי שרעקלעך צעריסן — טויזנטער מײַל ליגן איצט צווישן פֿאָטער און קינד...

אַגב: דאָס זעלבע לאָזט זיך זאָגן וועגן מײַן ברודערס פֿרוי, וועלכע איז אין יענער נאַכט אַרעסטירט געוואָרן. איר מאַן, מײַן ברודער, איז הײַנט אָפּגעטיילט פֿון איר מיט טויזנטער מײַלן — ער געפֿינט זיך

אויף די טעריטאָריעס, וועלכע זײַנען פֿאַרנומען דורך היטלערן. זי?
פֿריער פֿלעגט זי שרײַבן פֿון איר פֿאַרשיקונגס־אָרט, אַז די ציין פֿאַלן
איר אַרויס צוליב דער אַלטער קרענק פֿון אַלע רוסישע תּפֿיסות —
„צינגאַ”. שפּעטער איז זי אינגאַנצן אַנטשוויגן געוואָרן און זי האָט
זיך נישט אָפּגעזוכט ביז איצט...

דאָס, וואָס איך דערצייל דאָ וועגן די דאָזיקע צוויי פֿאַמיליעס —
מײַן ברודער און מײַן פֿרײַנט — באַציט זיך נישט בלויז צו זיי אַליין.
די געשיכטע פֿון די דאָזיקע פֿאַמיליעס — די שרעקלעכע טראַגעדיע
פֿון זייער צעריסנקייט — איז די געשיכטע פֿון טויזנטער און טויזנטער
פֿאַמיליעס. דער צעשטורעמטער ים האָט אונדז אַלעמען אַ כאַפּ־געטאָן
אין זײַנע ווילדע אָרעמס און זיך מיט אונדז אַ שפּיל־געטאָן, ווי מיט
שפּענער פֿון אַ צעבראָכענער שיף: איינע זײַנען גליקלעכערווײַזע
אַרויסגעוואָרפֿן געוואָרן אויף עפּעס אַ ברעג, און די אַנדערע זײַנען
ביז הײַנט אַ טראַגיש שפּילצײַג אין די הענט פֿון שרעקלעכן גורל...

# פּאָרויס, צום אומבאַשטימטן...

## 1

### אַן עפּאָפּייע מיט וואַגאָנעס

שווער איז אונדז אָנגעקומען צו פֿאַרלאָזן ראָוונע.

מיט דער אָרטיקער סאָוויעטישער מאַכט איז שווער געווען צו דערגיין אַ טאָלק. דאָס איינציקע, וואָס נח פּרילוצקי האָט אויפֿגעטאָן בײַם סאָוויעטישן שטאָט־קאָמענדאַנט פּאָלקאָווניק שנײַדערמאַן, איז געווען דאָס, אַז מען האָט צוגעשריבן צו אונדזער „פּראָפּוסק" די נעמען פֿון אַלע קאָלעגן, וועלכע האָבן אין ראָוונע פֿאַרגרעסערט אונדזער גרופּע ביז צו 30 מענטשן. יאָ, מיר האָבן פֿון אים נאָך באַקומען אַ רעקאָמענדאַציע־פּאַפּירל צו דער באַן־פֿאַרוואַלטונג, אַז מען זאָל אונדז פֿאַרלײַכטערן דאָס פֿאָרן.

ענדלעך זײַנען מיר אַוועק צו דער באַן זיך אַדורכרעדן וועגן אונדזער רײַזע.

דאָס, וואָס אונדזערע אויגן האָבן דערזען אין די וואַרט־זאַלן פֿון וואָקזאַל, איז געווען שרעקלעך. אויב דער לעזער געדענקט די באַשריבענע סצענע פֿון וואָקזאַל אין פּראַגע (פֿאָרשטאָט פֿון וואַרשע) אין דער נאַכט פֿון אונדזער פֿאַרלאָזן די פּוילישע הויפּט־שטאָט, קען ער עס פֿאַרגלײַכן מיטן בילד, וואָס מיר האָבן איצט געזען פֿאַר זיך אין ראָוונע — בוכשטעבלעך דאָס זעלבע!

ענדלעך האָבן מיר זיך דערפֿרעגט צו דער קאַנצעלאַריע. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די באַן־סטאַציע אין ראָוונע האָט איצט נישט איינעם, נאָר טאַקע צוויי פֿאַרוואַלטערס. איינער פֿון זיי איז געווען אַ סאָוויעטישער באַן־באַאַמטער פֿון רוסלאַנד, און דער צווייטער — אַ פּוילישער באַן־אַרבעטער, וועלכער האָט אַראָפּגענומען פֿון זײַן מונדיר דאָס פּוילישע אָדלערל און געוואָרן אַ „טאָוואַרישטש". פֿאַקטישער באַלעבאָס איז געווען דער פּוילישער באַן־אַרבעטער. דער סאָוויעטישער באַן־באַאַמטער האָט זיך אַרומגעדרייט מיט אַ פֿאַרדרייטן דאַשעק און נישט געגעוג זיך אָריענטירט אין די פּוילישע באַן־פֿאַר־

העלטענישן. אויף אַלעס, וואָס דער פּוילישער באַן־אַרבעטער האָט געזאָגט, האָט דער סאָוויעטישער צוגעבאָמקעט.

ווען מיר האָבן באַוויזן אונדזערע פּאַפּירן, האָט דער פּוילישער באַן־אַרבעטער גענומען דרייען מיט דער צונג זייער אומפֿריַינטלעך: עס זיַינען נישטאָ קיין שום וואַגאָנעס, ער קען גאָרנישט צוזאָגן, ער ווייסט בכלל נישט, ווען מיר וועלן קענען פֿאָרן.

דער ענטפֿער האָט אונדז אויפֿגערעגט. אָבער מער אויפֿגערעגט האָט אונדז זיַין וואוילערישער טאָן, זיַין האַלטונג לגבי אונדז. לויט אַלע סימנים איז דאָס געווען איינער פֿון יענע כוליגאַנישע טיפּן, וואָס האָט אין אַנטיסעמיטישן פּוילן גערעדט מיט דער שפּראַך פֿון אַלע אַנטיסעמיטן, און דאָ, אונטער דער סאָוויעטישער הערשאַפֿט, באַהאַלט ער זיַין אַנטיסעמיטיזם אונטער אַ מאַנטל פֿון צונטער־רויטער פֿראַזעאָלאָגיע, בלײַבנדיק אין ביידע פֿאַלן דאָס, וואָס ער איז ווירקלעך: אַ כוליגאַן, וואָס פּאַסט זיך צו צו יעדן רעזשים, כּדי אַרויסצוציען פֿון אים וואָס מער נוצן פֿאַר זיך.

עס איז דערגאַנגען אַזוי וויַיט, אַז מיר האָבן אים געזאָגט, וואָס מיר טראַכטן וועגן אים. מיר זיַינען אַוועק צום סאָוויעטישן פֿאַרוואַלטער. יענער איז אָבער געווען אַזוי צעשרויפֿט פֿונם אַרומיקן טומל, אַז ער האָט זיך נישט געקענט קיין עצה־געבן מיט זיך אַליין.

— יאָ — האָט ער אונדז געענטפֿערט — איך וואָלט אַלץ פֿאַר איַיך געטאָן, אָבער עס זעט אויס, אַז מען קען נישט...

מיר האָבן אָבער דורכאויס פֿאַרלאַנגט, אַז מען זאָל אונדז הײַנט געבן אַ וואַגאָן. מיר האָבן אים פֿאָרגעלייגט אַ גאַנצן פּלאַן. אָט — האָבן מיר געזאָגט — שטייען דאָ פֿיל ליידיקע וואַגאָנעס. קענסט דאָך אונדז אָפּגעבן איין וואַגאָן און מיר וועלן זיך אַריַינפּאַקן אַהין איצטער, און דאָרט וואַרטן ביז עס וועט אָנקומען אונדזער באַן (זי האָט געדאַרפֿט אָנקומען צווישן 10 אָוונט און... 2 בײַנאַכט). דעמאָלט וועסטו אונדז צוטשעפּען צו דער באַן און דאָס גאַנצע פּראָבלעם וועט זיַין געלייזט. דאַכט זיך, אַ גוטער פּלאַן, און לײַכט צו רעאַליזירן?

דער סאָוויעטישער באַן־באַאַמטער האָט געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף יאָ, אָבער זיַין שותּף אין פּוילישן באַן־מונדיר האָט אין אים אַזוי לאַנג אַריַינגערעדט, ביז ער האָט אונדז צום סוף אָפּגעזאָגט:

— ניעלזיאַ! נישט מעגלעך!

— פֿאַרוואָס איז נישט מעגלעך?

— וויַיל עס איז נישט מעגלעך! מיר האָבן אונדזערע אויסרעכענונגען!

— וואָסערע אויסרעכענונגען קענען דאָ זיַין? אָט שטייען דאָך ליידיקע וואַגאָנעס!

מיר האָבן זיך מיט אים אויך צעווערטלט. ווען ער איז אַרײַנגעפֿאַלן אין גרויס גרימצאָרן, האָט ער זיך צעשריגן אויף זײַן פּוילישן געהילף:

— אויב זיי ווילן נישט פֿאָלגן און מאָרגן פֿאָרן באַקוועם, טאָ זאָלן זיי האָבן דערפֿאַר אַ שטראָף: גיט זיי הײַנט אַ פּראַכט־וואַגאָן און זאָלן זיי וויסן, אַז זיי האָבן אונדז געדאַרפֿט פֿאָלגן!

צו פֿאָרן מיט אַ פּראַכט־וואַגאָן אין קאַלטע, ווינטיקע הערבסט־נעכט געהערט נישט צו די אָנגענעמע זאַכן. אָבער מיר האָבן פֿונדעסט־וועגן אויפֿגענומען די „שטראָף", וואָס ער האָט פֿאַר אונדז באַשטימט, מיט גרויס צופֿרידנקייט. מיט עטלעכע שעה שפּעטער האָט זיך גע־צויגן אַ לאַנגע און משונהדיקע פּראָצעסיע פֿון אַ 30 מענער, פֿרויען און קינדער צו דער באַן. מיר זײַנען בכּיוון געגאַנגען אַהין פֿאַרנאַכט, ווײַל מיר האָבן נישט געוואָלט גיין איבער די גאַסן אין די פֿאַרבאַ־טענע שעהן. מיר האָבן באַשלאָסן בעסער איבערצוזיצן די 6-5 שעה אויפֿן וואָקזאַל. אין שטאָט זײַנען געבליבן ד. נײַמאַרק, וועגן וועלכן כ'האָב שוין געשריבן פֿריער, און דער מיטאַרבעטער פֿון „איטאַ", בערמאַן, וועלכער האָט באַשלאָסן זיך אָפּצוטיילן פֿון אונדז.

אָבער עס רעדט זיך נאָר אַזוי — איבערזיצן. וואו זעצט מען זיך דאָ אַוועק? דער וואָקזאַל איז איצט געווען מער געפּאַקט, ווי מיט אַ פּאָר שעה צוריק. מען איז געזעסן און געלעגן אין צוויי און דרײַ שיכטן: אַ פּאָר קאַסטנס אָדער וואַליזעס גאָר פֿון אונטן, אויף דעם — עטלעכע מענטשן, און נעבן זיי — ווידער עטלעכע וואַליזעס, פּעק בעטגעוואַנט אָדער סתּם־פּעקלעך, דאַן ווידער עמעץ אויף די פּעק. מענטשן זײַנען געזעסן און געלעגן אויף די טישן און אונטער די טישן. די לופֿט איז געווען אַזאַ געדיכטע און דומפּיקע, אַז לענגער ווי עט־לעכע מינוט איז געווען אוממעגלעך צו בלײַבן אינעווייניק.

מיר האָבן געפּרוּווט אויפֿזוכן עפּעס אַ שטילערן און רײנערן ווינקל פֿאַר די פֿרויען און עטלעכע קינדער, וועלכע מיר האָבן געהאַט אין אונדזער גרופּע. אַלע איבעריקע זײַנען אַרוים אויף דער פֿרײַער לופֿט.

אינדרויסן איז אָבער געווען אַזאַ בייזער ווינט, אַז די הענט זײַנען גיך פֿאַרשטײַפֿט געוואָרן און עס האָט ממש דעם קאָפּ אָפּגעריסן. עס איז געווען שרעקלעך צו טראַכטן, אַז דאָ וועט מען דאַרפֿן אַזוי אָפּ־שטיין ביז ווײַט נאָך האַלבער נאַכט. שוין נאָך צען מינוט שטיין אינ־דרויסן, האָט מען געמוזט באַזיגן אין זיך דעם איבל און אַרײַנגיין — פּאַקטיש: זיך אַרײַנשטויסן — אינעווייניק, אין וואָקזאַל אַרײַן, כּדי זיך אַביסל אָנצוּוואַרעמען. אַזוי האָבן מיר שעהן־לאַנג עמיגרירט אַרײַן

און אַרויס. די קעלט האָט אַרײַנגעטריבן; דער עיפּוש האָט אַרויס־געטריבן. עס איז געווען אַ ביטערע נאַכט.

אינמיטן נאַכט האָבן מיר אויפגעזוכט דעם פּוילישן באַן־אַרבע־טער, וועלכער האָט בײַטאָג אַרויסגעוויזן צו אונדז אַזויפיל אָפּענעם אומווילן. איצט איז זײַן אומווילן צו אונדז געווען נאָך אָפּענער. ווען מיר האָבן דערוווּשט דעם פאַרשוין ערגעץ אינדרויסן צווישן פינצ־טערע רייען וואַגאָנעס אויף זײַטיקע פעראָנען, האָט ער כמעט מיט אונדז נישט געוואָלט רעדן. ווען מיר האָבן ענדלעך אים געמאַכט אַ הויכן „מי־שבירך" און ער האָט זיך דערשראָקן פאַר אַ סקאַנדאַל, האָט ער אונדז אַוועקגעפירט צו די פינצטערע פראַכט־וואַגאָנעס ערגעץ טיף אין הינטערגרונט פון וואָקזאַל. דאָרט האָט מען אָפּגע־טשעפּעט איינעם פון די וואַגאָנעס און מען האָט אונדז געהייסן זיך אַרײַנלאַדעווען אַהין.

פון וואָקזאַל אַהער האָט מען געדאַרפט גיין אפשר אַ האַלבן קי־לאָמעטער אין דער פינצטער — צווישן אָנגעוואָרפענע בערג אײַזן, צווישן איבערגעקערטע וואַגאָנעס. דערבײַ האָבן מיר געדאַרפט פירן אונדזער גרופּע אַזוי שטיל, אַז דער זײַטיקער עולם זאָל עס נישט באַמערקן.

דאָס אַרײַנקריגן זיך אין וואַגאָן אַרײַן איז געווען אַ ווײַטערדיקע שוועריקייט, וועלכע מיר האָבן געדאַרפט באַזיגן. די טירן פון פראַכט־וואַגאָנעס זײַנען זייער הויך. ווער קען באַווײַזן אַזוי הויך זיך אַרויפ־צוכאַפּן מיט אייגענע כוחות?

מען האָט געדאַרפט פאַרלייגן אַ גאַנצע מענטשלעכע מאַשינעריע פון אונטערהייבערס, אַרײַנציערס און צוטראָגערס, כדי אַלע זאָלן קענען אַרײַנקומען אין וואַגאָן. וואָלט כאָטש אינעווייניק געווען אַביסל שטרוי אָדער היי! אָבער — וואו דאָרט! מיסט, שטויב און נאַכאַמאָל מיסט. די דרייסטערע פון צווישן אונדז האָבן זיך אַרויסגעלאָזן זוכן אַביסל שטרוי. אָבער — זיי האָבן גאָרנישט נישט געפונען. מען האָט ענדלעך גענומען פאַרריגלען די טירן און זיך אויסלייגן אויף דער האַרטער ערד — מען האָט בלויז אָפּגערייניקט אַביסל די פאַרמיס־טיקטע ברעטער. וויפל מיר האָבן זיך נישט אײַנגעטוליעט אין אונ־דזערע מלבושים, וויפל מיר האָבן זיך נישט צוזאַמענגעדריקט צוליב וואַרעמקייט ווענן, וויפל מיר האָבן נישט אַרײַנגערוקט דעם קאָפּ אונטערן קאָלנער פון מאַנטל — האָט דער ווינט נאָך אַלץ אַזוי גע־ריסן אין וואַגאָן, אַז עס איז ווירקלעך געווען שווער אײַנצוזיצן אָדער אײַנצוליגן.

די שעהן האָבן זיך געצויגן אַזוי פאַמעלעך, אַז מאָמענטנווײַז האָט עס אויסגעזען, ווי דער זייגער וואָלט בכלל זיך אָפּגעשטעלט.

די אומגעדולדיקערע פֿון צווישן אונדז האָבן איינציקווײַז זיך אַרויס־געשאַרט פֿון וואַגאָן און זיך צוריק אַוועקגעלאָזן צום וואָקזאַל. איינע זײַנען געקומען און אַנדערע זײַנען אַוועק. אויפֿן וואָקזאַל האָט מען באַמערקט די דאָזיקע „פֿאַרדעכטיקע" מאַנעווורעס און מען האָט אויס־שפּיאָנירט אונדזער וואַגאָן. מען האָט זיך אָנגעהויבן אַרײַנרײַסן צו אונדז. דאָס האָט זיך געענדיקט דערמיט, אַז עטלעכע כוליגאַנישע פֿאַרשוינען האָבן נאָכן אַרײַנרײַסן זיך, גענומען שטיל אָפּשמועסן צווישן זיך, ווי אַזוי זיי וועלן אַרויסרופֿן אין דער פֿינצטער אַ מהומה, כּדי צו קענען אונדז אַרויסשטויסן פֿון אונדזערע „פּריווילעגירטע" ליג־פּלעצער אויף דער פּאָדלאָגע (פֿאַר זיי איז שוין בלויז געהאַט געבליבן פּלאַץ צו זיצן אינמיטן וואַגאָן). מיר האָבן צום גליק געהערט, ווי זיי שמועסן זיך אָפּ וועגן דעם, און מיר האָבן „העלדיש" צונישט געמאַכט דעם גאַנצן סטראַטעגישן פּלאַן: עס האָט זיך שיעור נישט פֿאַרוויקלט אַ געשלעג.

ענדלעך האָט מען אונדז אָנגעהויבן איבעררוקן נעענטער צום סאַמע וואָקזאַל־בנין. עס איז געווען מיטן נאַכט. דער צוג איז אָנגע־קומען אַ געפּאַקטער. אַ פּאָר טויזנט מענטשן האָבן גענומען שטו־רעמען די וואַגאָנעס. די געוואַלדן האָבן זיך געטראָגן ווער־ווייס ווי ווײַט. עס האָט געדויערט זייער לאַנג ביז די באַן איז אָפּגעפֿאָרן. אונ־דזער וואַגאָן האָט מען פֿיל מאָל גֿעשלעפּט אַהין און צוריק. עטלעכע מאָל האָט מען אים צוגעטשעפּעט און אָפּגעטשעפּעט — מיר האָבן שוין פֿולשטענדיק געהאַט פֿאַרלאָרן די אָריענטאַציע, וואָס מען טוט דאָרט מיט אונדז אינדרויסן. ענדלעך האָט די באַן גערירט פֿון אָרט.

נאָך היינט ליגט מיר אין די ביינער די קעלט פֿון יענער שרעק־לעכער נאַכט. די באַן האָט זיך געשלעפּט אויסערגעוויינלעך פּאַמע־לעך. שעהן־לאַנג איז זי געשטאַנען אויף פּוסטע פֿעלדער. דער ווינט האָט אימהדיק געפֿײַפֿט, אַרײַנרײַסנדיק זיך אין אונדזער וואַגאָן מיט אַזאַ רוגזה, ווי ער וואָלט אונדז געוואָלט אָפּמעקן אינגאַנצן.

צומאָרגנס אינדערפֿרי איז די באַן נאָך אַלץ געפֿאָרן, אינמיטן טאָג — אויך. ערשט פֿאַרנאַכט האָט די באַן זיך אָפּגעשטעלט אין לונינינעץ — נאָך אַלץ אַ ווײַטער מהלך פֿון ווילנע. די באַן־מאַנשאַפֿט האָט אונדז דערבײַ געמאָלדן, אַז די באַן פֿאָרט נישט ווײַטער — אַז פֿאַרטאָג וועט זײַן אַן אַנדער באַן, וואָס וועט שוין גיין דירעקט דורך באַראַנאָוויטש קיין ווילנע.

נאָך אַ קליינעם ישוב־הדעת איז געבליבן, אַז מיר גייען אַוועק אין שטאָט אַרײַן. מײַן ברודער — פֿון פֿאַך אַ ביבליאָטעקאַר — האָט אין

געציילטע מינוטן זיך דערשלאָגן צו די פירער פון דער אָרטיקער אידישער פאָלקס־ביבליאָטעק, וועלכע האָבן אונדז אַרײַנגעפירט אין ענגען צימערל פון דער ביבליאָטעק און צוזאַמען מיט אונדז גענומען טראַכטן, וואָס ווײַטער צו טאָן.

די יונגעלײַט זײַנען זיך פונאַנדערגעלאָפן איבער דער שטאָט מודיע זײַן דעם רב, דעם דאָקטער און דעם אַפּטייקער, וואָסערע געסט עס זײַנען געקומען אין שטאָט אַרײַן. דער רב האָט אײַנגעלאַדן צו זיך עטלעכע מענטשן. אײנציקווײַז האָט מען אײַנגעאָרדנט אַלעמען אָן אויסנאַם. נאָר צום שלימזל האָט זיך געמאַכט, אַז ווען עס איז געקו־מען צו מיר אַליין און צו מײַן ברודער, וועלכער איז צוזאַמען מיט מיר געבליבן דער לעצטער, זײַנען מיר געבליבן זיצן אין דער קאַלטער ביבליאָטעק איינע אַליין. די יונגעלײַט האָבן, זעט אויס, זיך נישט גע־כאַפּט, אַז איך אַליין האָב נישט קיין שטוב וואו אַרײַנצוגיין. זיי האָבן געזען, ווי איך האָב געהאָוועט אַרום דער אײַנאָרדענונג פון דער גרופּע, זײַנען זיי מסתּמא געווען זיכער, אַז פאַר מיר דאַרפן זיי נישט זאָרגן.

וואַרשײַנלעך וואָלטן מיר אַזוי אָפּגעזעסן די גאַנצע נאַכט אין דער ביבליאָטעק, ווען נישט אַ צופאַל. זיצנדיק ערגעץ אין אַ הויז, וואו מען האָט אים אײַנגעאָרדנט, האָט ב. שעפּנער, מחיה־זײַענדיק זיך מיט אַ הייס גלאָז טיי, פלוצלונג דערפילט אַן אומרו, צי אַלע זײַנען ווי געהעריק אײַנגעאָרדנט געוואָרן. ער האָט געכאַפּט אויף זיך דעם מאַנטל און אַוועקגעלאָפן אין דער ביבליאָטעק. יאָ, זײַן אומרו איז נישט געווען קיין אומזיסטער: אין דער ביבליאָטעק זײַנען מיר גע־זעסן — איך און מײַן ברודער — פאַרשטיינערטע פון קעלט, און נישט געוואוסט וואָס מיט זיך צו טאָן.

ערשט דורך ב. שעפּנערס איניציאַטיוו האָט מען אונדז ביידן אײַנגעאָרדנט ערגעץ בײַ אַן אָרטיקן דאָקטער. אָבער איך קען נישט זאָגן, אַז איך זאָל האָבן גוט געטראָפן. דער דאָקטער, צו וועלכן מען האָט אונדז געבראַכט, איז נישט געווען אַנטציקט מיט אונדזער קומען. מען האָט אונדז אַרײַנגעפירט אין אַ צימער, וואו די קעלט איז געווען גרעסער, ווי אין פעלד. מיר האָבן זיך צוגעלייגט אין די מלבושים און אויפן ניכטערן מאָגן, ווײַל מען האָט אונדז אַפילו קיין גלאָז טיי נישט פאָרגעשלאָגן. עס האָט אונדז זייער שטאַרק פאַרדראָסן די דאָזיקע מער ווי קאַלטע אויפנאַמע. אין צווייטן צימער זײַנען גע־ווען געסט. מען האָט גערעדט און געלאַכט, מען האָט געשפּילט אין קאָרטן, אָבער צו אונדז איז קיינער נישט אַרײַנגעקומען. מילא, עס מאַכן זיך אַזעלכע מענטשן אויך!

פֿיר פֿאַרטאָג האָבן מיר זיך אָנגעטאָן און אַרויס אין גאַס. מיר האָבן ממש געדאַנקט גאָט, וואָס די צײַט איז אַריבער, און מען קען שוין גיין צום באַן. קיין אויג צוגעטאָן האָבן מיר סײַ־ווי נישט אַ גאַנצע נאַכט!

אין דער גאַס האָבן מיר זיך געטראָפֿן מיט אַנדערע גרופּן פֿון אונדזער קאָמפּאַניע און מיר זײַנען אַלע צוזאַמען אַוועק צום וואָקזאַל.

דאָסמאָל האָבן מיר נישט לאַנג געדאַרפֿט וואַרטן. מיר האָבן דערזען פֿאַר זיך מענטשלעכע וואַגאָנעס און מיר זײַנען אַרײַן אינעווייניק, ווי עס וואָלטן זיך פֿאַר אונדז געעפֿנט די טירן פֿון אַ פּרעכטיקן סאַלאָן.

## 2

## דער סוף פֿון אַ וואַנדערונג, דער אָנהויב פֿון אַ גלות

אונדזער פֿײַנלעכע וואַנדערונג האָט זיך גענומען דערנענטערן צום סוף. מיר האָבן נישט געוואוסט, וואָס עס דערוואַרט אונדז אין ווילנע. אָבער מיר האָבן אַלע געפֿילט, אַז ווילנע וועט זײַן אַ לענגערער אָפּ־שטעל אין לאַנגן גלות, וועלכער שטייט אונדז איצטער פֿאָר.

ווען די באַן איז געווען נישט ווײַט פֿון באַראַנאָוויטש, האָט זיך אונדזער קאָמפּאַניע געזעצט עסן. מען האָט אַרויסגעצויגן פֿון די פּעק־לעך אַלץ, וואָס איינער האָט געהאַט, און מען האָט איבערגעכאַפּט. איך מיט עטלעכע מענטשן אויף מײַן באַנק האָבן געהאַט צווישן אַנדערן עפּל. ווער פֿון די שכנותדיקע בענק עס האָט נאָר דערזען די עפּל, האָט פֿאַרלאַנגט, מען זאָל אים נישט פֿאַרטיילן. איינער פֿון די, וועל־כע האָבן געשריען, אַז ער וויל אַן עפּל, איז געווען נח פּרילוצקי:

— שוואַרץ, שוואַרץ! — האָב איך געהערט, ווי ער שרײַט צו מיר פֿון צווייטן עק וואַגאָן — איך וועל בײַ אײַך נישט באַקומען קיין עפּל?

איך האָב אים אַוועקגעטראָגן אַן עפּל. ער איז געזעסן מיט עפּעס אַ יונגן קריסט און אײַנגעטענהט מיט אים — איך האָב נישט גע־וואוסט וועגן וואָס זיי רעדן.

אין באַראַנאָוויטש איז די באַן געשטאַנען זייער קורץ. ווען דער צוג איז אָפּגעפֿאָרן פֿון באַראַנאָוויטשער וואָקזאַל, האָט מיר פּרי־לוצקי געזאָגט:

— איר האָט געזען דעם יונגען קריסט, מיט וועלכן איך האָב גע־רעדט? ער האָט מיר פֿאַרזיכערט, אַז ער גייט גנבענען די גרענעץ קיין וואַרשע. איך האָב אים פֿאַרשריבן דעם אַדרעס פֿון מײַן פֿרוי.

ער האָט מיר פֿײַערלעך פֿאַרזיכערט אָפּצוגעבן אַ גרוס. איך בין זיכער, אַז ער וועט עס טון. ער האָט געמאַכט אַ זייער גוטן אײַנדרוק.

איך האָב געהאַט צו פּרילוצקין גרויסע תּרעומות, וואָס ער האָט מיטגעגעבן בלויז זײַן אייגענעם אַדרעס:

— ווען איר וואָלט אים כאָטש פֿאַרשריבן אונדזערע נעמען און געבעטן זיי איבערגעבן אײַער פֿרוי!... זי וואָלט דאָך שוין זיכער דערציילט אונדזערע פֿרויען, אַז מען איז געווען בײַ איר מיט אַזאַ וויכטיקן גרוס!... ווי פֿאַרשטייט איר עס נישט אַליין?...

פּרילוצקי האָט מסכּים געווען, אַז ער האָט שלעכט געהאַנדלט, אָבער עס איז שוין געווען צו שפּעט. ער האָט מיך דעריבער „געטרייסט", אַז ווער־ווייסט צי דער קריסטלעכער יונגערמאַן וועט בכלל דערגיין ביז וואַרשע.

אָבער — דער קריסטלעכער יונגערמאַן איז יאָ דערגאַנגען. געקומען אַהין איז ער גראָד אין יענע טעג, ווען עס האָט זיך פֿאַרשפּרייט אין וואַרשע דער קלאַנג, אַז ב. שעפֿנער און איך זײַנען דערהרגעט געוואָרן אין לובלין.

אַ געוויסן טאָג קומט צו דער שרײַפֿטשטעלערין פּאַולאַ ר., נח פּרילוצקיס פֿרוי, אַ יונגער קריסט און דערקלערט איר, אַז ער האָט אַ גרוס פֿון איר מאַן.

זינט מיר האָבן פֿאַרלאָזן אונדזערע היימען איז דאָס געווען דער ערשטער גרוס, וואָס איז פֿון עמעצן פֿון אונדז דערגאַנגען קיין וואַרשע. פֿרוי פּרילוצקאַ האָט נישט געהאַט קיין צוטרוי צו דעם פֿרעמדן יונגענמאַן און ער האָט געמוזט איר אָנגעבן אַ רייע סימנים: ווי פּרילוצקי זעט אויס, ווי ער רעדט, ווי ער איז אָנגעטאָן אאַז"וו ווען זי האָט שוין ענדלעך באַקומען צוטרוי צו זײַנע רייד, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער קען קוים ענטפֿערן אויף צוויי־דרײַ פֿון די הונדערט פֿראַגן, וואָס זי האָט געהאַט בדעה אים צו שטעלן. ער האָט בלויז געוואוסט איר צו זאָגן, אַז ער האָט געטראָפֿן פּרילוצקין אין אַ באַן נעבן באַראַנאָוויטש און אַז ער איז געפֿאָרן פֿון גאַליציע קיין ווילנע צוזאַמען מיט פֿיל קאָלעגן זײַנע.

— אפֿשר ווייסט איר די נעמען פֿון די דאָזיקע קאָלעגן? — האָט פּאַולאַ ר. געפּרואווט אַרויסקריגן פֿון אים.

— ליידער, איך האָב זיך מיט קיינעם פֿון זיי נישט באַקענט!

— אפֿשר געדענקט איר, ווי זיי זעען אויס?

דער יונגערמאַן האָט גענומען קנייטשן דעם שטערן, זיך דערמאָנען, אָפּפֿרישן אין זכּרון דאָס בילד פֿון וואַגאָן, און ער האָט פּלוצלונג אַרויסגעשאָסן:

— וואַרט, וואַרט! איין נאָמען דערמאָן איך זיך!... אַ ווײַלע, אַ ווײַלע!... ווי האָט ער דאָס געזאָגט אויף אידיש? ..

עס איז געווען קענטיק, אַז ער דערמאָנט זיך עפּעס. ענדלעך האָט ער אויסגערעדט:

— אָ, יאָ, איך האָב זיך דערמאָנט... אינמיטן פון אונדזער פּאָרן האָט ער זיך אויפגעשטעלט און אַריבערגעשריגן צו די ווײַטערדיקע בענק: „שוואַרץ, שוואַרץ, גיט מיר אַן עפּל"...

די ווערטער „שוואַרץ, שוואַרץ, גיט מיר אַן עפּל" האָט דער יונגער קריסט אַרויסגעזאָגט אין אַ געבראָכענעם אידיש, וועלכן ער האָט, זעט אויס, אַביסל געקענט. ער האָט עס געזאָגט אין אידיש, וועלנדיק, ווײַזט אויס, איבערגעבן די סצענע וואָס־רעאַלער.

פּאַולאַ ר. האָט געהאַט געהערט די קלאַנגען, וואָס זײַנען אַרומגעגאַנגען אין שטאָט וועגן מײַן טויט, און זי האָט פֿאַרשטאַנען, ווי וויכטיק עס איז דער דאָזיקער גרוס. ווי דערגרייכט מען אָבער צו מײַן פֿרוי? די היטלעריסטן האָבן געהוליעט אין די וואַרשעווער אידישע גאַסן. עס איז געווען געפֿערלעך דעם קאָפּ אַרויסצושטעקן!

פֿרוי פּאַולאַ ר. האָט זיך אָבער נישט אָפּגעשטעלט פֿאַר קיין שום זאַך. זי האָט אַרויסגערופֿן אירן אַן אייניקל, אַ דאָקטער, און אים געשיקט נאָך מײַן פֿרוי. אַלס דאָקטער איז דעם אייניקל אירן געווען לײַכטער זיך צו געפֿינען אין דער גאַס — ער האָט געטראָגן אַן אָרעמבאַנד מיט אַ צייכן, אַז ער איז אַ דאָקטער.

דורך פֿרוי פּאַולאַ ר. האָט טאַקע מײַן פֿרוי באַקומען די ערשטע ידיעה, אַז איך לעב. דער חשבון איז געווען אַ פּראָסטער: אויב מען האָט מיך געזען אין אָקטאָבער, אין די טעג פֿון דער סאָוויעטישער אָקופּאַציע, פֿאַרנדיק קיין ווילנע, קען דאָך נישט זײַן אמת, אַז איך בין געהרגעט געוואָרן מיט אַ חודש פֿריער אין לובלין!

דאָס, וואָס איז געווען גילטיק פֿאַר מיר, איז אין דעם פֿאַל געווען גילטיק אויך פֿאַר שעפֿנערן. מיט איין וואָרט: אונדזערע פֿאַמיליעס און אונדזערע פֿרײַנט אין וואַרשע האָבן פֿון דעם קלאָר אַרויסגעדרונגען, אַז די געשיכטע מיט אונדזער טויט אין לובלין איז — „אַביסל איבערגעטריבן"...

די דאָזיקע געשיכטע האָט מײַן פֿרוי מיר דערציילט מיט חדשים שפּעטער, ווען זי איז שוין געהאַט געקומען צו מיר קיין ווילנע. נאָך שפּעטער איז געקומען קיין ווילנע פֿרוי פּאַולאַ ר. אַליין. זי האָט מיר דערציילט די געשיכטע מיט דעם וויזיט פֿון יענעם קריסטלעכן יונגענמאַן מיט אַלע איינצלהייטן — ווי איך האָב זי דאָ באַשריבן. ווען פּרילוצקין וואָלט זיך אין יענעם מאָמענט נישט פֿאַרוואָלט אַן עפּל, וואָלט עס צום גאַנצן גרוס נישט דערגאַנגען...

אָט די דאָזיקע באַן, וועגן וועלכער איך דערצייל איצט, האָט אונדז אָבער נאָך נישט געבראַכט קיין ווילנע. די באַן האָט זיך ווידער אָפּגעשטעלט אין עפּעס אַ שטעטל און מיר זײַנען ווידער געווען גע־צוואונגען צו זוכן נאַכט־לעגערס.

דאָ האָט מיך ווידער געוואַרט אַ סיורפּריז — איינער פון יענע צאָלרײַכע סיורפּריזן, מיט וועלכע עס איז פול געווען אונדזער גאַנצער וואַנדער־וועג.

איך האָב געזאָלט נעכטיקן בײַם אָרטיקן פאַרמאַצעווט. אָבער ערשט ווען איך בין אַרײַנגעקומען אין צימער אַרײַן, וואו מײַן ברודער און איך האָבן געזאָלט נעכטיקן, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז אין דאָזיקן צימער געפינט זיך מײַנער אַ וואַרשעווער באַקאַנטער — אַ מענטש, וועלכן איך פלעג אָפט באַגעגענען אין דער געזעלשאַפט פון אונדזערע געמיינזאַמע פרײַנט.

איך האָב אים אין דער ערשטער מינוט נישט באַמערקט — אין צימער איז געווען פינצטערלעך. ערשט איך הער, ווי עמעץ רופט אָן מײַן נאָמען. סײַ ער און סײַ איך זײַנען געווען דערשטוינט פון דער צופעליקער באַגעגעניש. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דער מענטש, צו וועלכן מען האָט מיך געבראַכט נעכטיקן, איז מײַן וואַרשעווער באַקאַנטנס אַ פעטער. ער, דער דאָזיקער באַקאַנטער מײַנער, האָט אַרויסגעייענדיק פון וואַרשע באַלד גענומען ציִען אַהער — צום פעטער. איצט זיצט ער דאָ אָפּגעריסן פון דער פאַמיליע, וועלכע געפינט זיך אין וואַרשע, און ווייסט נישט וואָס עס וועט ווײַטער זײַן. זײַן פעטער, דער אָרטיקער פאַרמאַצעווט, באַהאַנדלט אים טאַקע זייער פײַן, און ער וויל אַפילו אים מאַכן פאַר אַ פאַרמאַצעווט, אָבער ווי ליגט דער קאָפּ אין אײַנאָרדענען זיך דאָ בײַ פאַרמאַצעווטיק, אַז מען האָט די פאַמיליע בײַ היטלערן?

ביז שפּעט אינאָוונט זײַנען מיר געזעסן — מײַן ברודער, איך, אונדזער וואַרשעווער באַקאַנטער און זײַנער אַ פרײַנט — טרינקענדיק טיי און שמועסנדיק, בײַם שײַן פון אַ ראָזן אַבאַזשור, וועגן וואַרשע, וועגן אונדזערע געמיינזאַמע פרײַנט, וואָס זײַנען געבליבן אין ראָוונע, און וועגן דער פינצטערער צוקונפט, וואָס גרייט פאַר אונדז נישט איין איבערראַשנדיקן סיורפּריז. עס איז געווען אַ פאַרווייטאָגטער אָוונט. אָבער איך דערמאָן אים איצט מיט אַ גרויסן סענטימענט. איך האָב מיך געפילט יענעם אָוונט היימיש אין אָט דער פרעמדער קליינשטעטלדיקער שטוב, וואו איך האָב זיך געריכט צו טרעפן בלויז פרעמדע מענטשן. דער אָוונט איז געווען אַ פאַרגיטיקונג פאַר דער פאַטאַלער אויפנאַמע מיט אַ טאָג צוריק בײַם לונינעצער דאָקטער.

צומאָרגנס האָט די באַן אונדז געבראַכט קיין ווילנע.

אין דער באַן, מיט וועלכער מיר זײַנען געפֿאָרן, זײַנען אַרומגעגאַנגען ווענן ווילנע די משונהדיקסטע קלאַנגען. טייל האָבן דערציילט, אַז די שטאָט איז אָפּגעשלאָסן פֿון אַלע זײַטן, און מען לאָזט שוין מער קיינעם נישט אַרײַן. אַנדערע האָבן דערציילט, אַז די באָלשעוויקעס גרייטן זיך אַרײַנצומאַרשירן דורך ליטע קיין מזרח־פּרײַסן. גלײַכצײַטיק האָבן אַלע גערעדט וועגן דעם, אַז ווילנע און די אומגעגנט וועלן די באָלשעוויקעס אָפּגעבן די נאָענטסטע טעג צו די ליטווינער אַלס אַ מתּנה אויף אַ שטיקל צײַט...

אין באַן זײַנען געפֿאָרן פֿיל ווילנער אידן, וועלכע האָבן זיך געהאָט אַרויסגעכאַפּט מיט עטלעכע טעג צוריק צו זייערע קרובים קיין באַראַנאָוויטש, סלאָנים, בריסק אָדער ביאַליסטאָק.

אין אַ געוויסן מאָמענט האָט פּרילוצקי מיך אַרויסגערופֿן אין קאָרידאָר פֿון וואַגאָן און מיר אײַנגערוימט אַ סוד:

— אין מײַן קופּע — האָט ער מיר דערציילט — פֿאָרן ווילנער אידן, וועלכע זײַנען נעכטן אַרויסגעפֿאָרן פֿון ווילנע און איצט פֿאָרן זיי צוריק. זיי דערציילן וועגן גרויסע פּאָליטישע אַרעסטן, וואָס די באָלשעוויקעס האָבן אַדורכגעפֿירט מיט עטלעכע טעג צוריק אין שטאָט מען האָט אַרעסטירט פֿיל מענטשן פֿון אַלע פּאַרטייען. אַפֿילו זלמן רייזינען האָט מען אַרעסטירט...

ער האָט איבערגעריסן. איך האָב פֿאַרשטאַנען, פֿאַרוואָס ער האָט זיך אָפּגעשטעלט. ער האָט מיך נישט געוואָלט מצער־זײַן מיט דער ידיעה וועגן אַרעסט פֿון בונדיסטן אויך.

— וועמען האָט מען אַרעסטירט פֿון מײַנע חברים? — האָב איך אים פֿאַרלײַכטערט די נישט־אָנגענעמע אויפֿגאַבע.

— פֿון וואַנען ווייסט איר? — האָט ער זיך געחידושט — אַז מען האָט אַרעסטירט אויך בונדיסטן.

— איך פֿאַרשטיי... עס זײַנען שוין געווען ענלעכע פֿאַלן אין אַנדערע שטעט.

— יאָ — האָט פּרילוצקי מיך אינפֿאָרמירט — זיי האָבן אַרעסטירט אַננע ראָזענטאַל, זשעלעזניקאָוו, אַראַנאָוויטשן, דעם אַדוואָקאַט טייטעל און נאָך אַנדערע... איך געדענק נישט איצט די נעמען...

פֿון נישט־בונדיסטן האָט פּרילוצקי געדענקט דעם נאָמען פֿון זלמן רייזינען, דעם נאָמען פֿון ציוניסטישן זשורנאַליסט צינצינאַטוס און פֿון אַדוואָקאַט טשערניכאָוו.

מיר האָבן זיך אָפּגעשמועסט, אַז מיר וועלן עס דערציילן נאָר עטלעכע מענטשן פֿון די העכער 30, וואָס זײַנען מיט אונדז געפֿאָרן, כּדי

נישט אַרויסצורופֿן אין באַן קיין אומרו צווישן אונדזער עולם. גלײַכ־צײַטיק האָבן מיר זיך אײַנגעטײלט אין עטלעכע גרופּן צו 6-5 מענטשן און צו יעדער גרופּע איז צוגעטײלט געוואָרן איין מענטש פֿון די, וואָס האָבן פּערזענלעכע פֿאַרבינדונגען אין ווילנע, כּדי אײַנצוואָרדענען אַלע־מען אויף די ערשטע טעג.

דער צוג איז דערווײַל אַרײַנגעפֿאָרן אין די פֿאָרשטעט פֿון ווילנע. אונדזער עולם, אַפֿילו יענע, וועמען מיר האָבן נישט דערציילט די גאַנצע געשיכטע אויף דער הייסער מינוט, האָט פֿאַרשטאַנען לויט די אַלע צוגרייטונגען, אַז מיר קומען קיין ווילנע אין נישט קיין גוטער שעה. אָבער אַלע זײַנען געווען באַהערשט. קיינער האָט נישט געשטעלט קיין איבעריקע פֿראַגן. יעדער האָט זיך באַמיט צו פֿאַרנעמען וואָס ווייניקער אויפֿמערקזאַמקייט מיט זיך.

שווער איז אונדז אַלעמען געווען אויפֿן געמיט, ווען די באַן איז צוגעפֿאָרן צום באַקאַנטן ווילנער וואָקזאַל. הינטער אונדז איז געלעגן אַ שווערער וואַנדער־וועג, אַ פֿאַרשפּילטער קריג און דער אייגענער פֿאַרברענטער נעכטן. פֿאַר אונדז איז געווען אַ פֿינסטערע צוקונפֿט, אַ ביטערע גלות־פּערספּעקטיוו, אַן אומבאַשטימטער מאָרגן. דאָס איינ־ציקע, וואָס האָט געוואַרעמט אונדזערע הערצער, איז געווען די גרויסע האָפֿענונג אויף אַ צוקונפֿטיקן זיג פֿון די ווײַטע פֿאַרבינדעטע איבער די שוואַרצע כּוחות פֿון היטלערן.

מיר האָבן געוואוסט, אַז דער קריג הייבט זיך ערשט אָן און אַז אונדזער לאַנד איז געווען בלויז דער ערשטער קרבן אין פֿאַרשטייענ־דיקן בלוטיקן געראַנגל. מיר האָבן פֿאַרשטאַנען, אַז דער דאָזיקער קריג וועט דויערן זייער לאַנג. נאָכמער: מיר האָבן אַפֿילו פֿאַרשטאַנען, אַז מיר דאַרפֿן לייגן אונדזערע האָפֿענונגען אויף אַ לאַנגן קריג (ווײַל אַ שנעלער סוף פֿון קריג וואָלט אין יענע אומשטענדן פֿון סוף 1939 גע־קענט קומען נאָר אין רעזולטאַט פֿון אַ קאָמפּראָמיס מיט היטלערן). אַ וואונד אין אונדזער האַרצן — אַ טיפֿע און ווייטאָגלעכע וואונד אין האַרצן פֿון די בונדיסטן, וואָס האָבן זיך דאַן געפֿונען צוזאַמען מיט מיר, און פֿון אַלע בונדיסטן, מיט וועלכע מיר האָבן זיך באַגעגנט שפּעטער — איז געווען די האַלטונג פֿון ראַטן־פֿאַרבאַנד. נישט נאָר ער האָט זיך געשטעלט אין אַ זײַט, נאָר אויף די שפּאַלטן פֿון דער סאָוויעטישער פּרעסע און אין די ראַדיאָ־רעדעס האָבן מיר אַלץ אָפֿטער דערהערט ווערטער, וועלכע האָבן באַליידיקט און פֿאַרביטערט — ווערטער וועגן דער אומשולד פֿון היטלערן אין דאָזיקן קריג, וועגן דער שולד פֿון ענגלישן אימפּעריאַליזם, וועגן אידעאָלאָגישן כאַראַקטער פֿון היטלערס מערדער־באַוועגונג און וועגן דעם, אַז אידעאָלאָגיעס באַקעמפֿט מען נישט מיט פֿײַער און שווערד...

יאָ, אָבער דאָס אַלץ געהערט שוין צו דעם צווייטן עטאַפּ פֿון אונדזער טרויעריקער קריגס-עפּאָפּייע. ווילנע איז פֿאַר די וואַרשעווער אידישע ליטעראַטן, זשורנאַליסטן און געזעלשאַפֿטלעכע טוער — ווי פֿאַר צענדליקער טויזנטער אידיש-פּוילישע פליטים בכלל — געוואָרן דער אָנהייב פֿון אַ נײַעם שווערן קאַפּיטל אין זייער בלוטיקן לך-לך.

# אינהאַלט

